


אַרויסגעגעבן פון פולאַווער יזכור בוך קאָמיטעט
צום 25טן יאָרצייט פון חורבן פולאַוו 1939—1964

תשכ״ה ניו־יאָרק 1964

# IN MEMORIAM — THE CITY OF PULAWY

●

Published by:

PULAWER YISKOR BOOK COMMITTEE

Address:
S. WEISS
3995 Hillman Ave.
Bronx 63, N. Y.
U. S. A.

NEW YORK 1964




●

Printed in the United States
by
Knight Printing Corp., 382 Lafayette St., New York


96

# קאָמיטעט פון פּולאַווער יזכור־בוך

רעדאַקטאָר:

מרדכי וו. בערנשטיין

רעדאַקציע־קאָלעגיע:

שמואל ווייס — פּאָרזיצער
טשאַרנע לאַם־בורשטין — סעקרעטאַרין
דוד אייזנמאַן
שיע טענענבוים
שלומה ראָזנבערג

עקזעקוטיוו:

עטל בריפמאַן־שאַבאַסאָן
גימפּל גרינבערג
ברוך האָכמאַן
אַברהם טאַרטשיין
גיטל לעווין
אַברהם מעסינגער
ר. מאַניקאָוו
דוד פרידמאַן
ישראל־איסר שיידענפיש
שמעון שוואַרצבערג

בײַ דער אַקטיוויער מיטאַרבעט פון די פּולאַווער לאַנדסלייט־אָרגאַני־
זאַציעס אין מדינת ישראל און פראַנקרייך

שער־בלאַט געצייכנט פון קינסטלער **יחזקאל שלאָס** און שטעלט מיט זיך פאָר דעם
טויער פון פּולאַווער טשאַרטאָריסקי־פּאַרק.

אַלע אַרטיקלען, זכרונות און גבית־עדות
אין יזכור־בוך זענען אויף דער אחריות
פֿון די מחברים.

# אַ ר י י נ פ י ר

עס פירט זיך, אַז אַ הקדמה צו אַ בוך ווערט געשריבן איידער מען הייבט אָן גרייטן דעם ספר; דער מחבר ברענגט אַרויס פאַר די לייענער וואָס ער וויל געבן אין זיין חיבור. ביי אונדז איז עס אַנדערש — מיר שרייבן די שורות פון אַריינפיר שוין נאָך דעם ווי דער מאַטעריאַל פון אונדזער פנקס איז פאַרטיק, אויסגעזעצט און גרייט צום דרוק.

אונדזער אַריינפיר איז אייגענטלעך אַ סך־הכל פון עטלעכע יאָר אָנגעשטרענגטע און סיסטעמאַטישע זאַמלונגען פון מאַטעריאַלן, גרייטן זיי צו דרוקן און איצט דאָס אַרויסברענגען זיי צו דער עפענטלעכקייט.

אונדזער יזכור־בוך איז ניט קיין ווערק פון אַ יחיד, וועלכער וואָלט פון פאָרויס געוואוסט, וואָס ער נעמט אַריין אין זיין בוך. אונדזער ספר זכרון איז אַ ק אָ ל ע ק ט י ו ו ע שאַפונג פון צענדליקער אונדזערע צעזייטע און צעשפּרייטע לאַנדסלייט. היינט זעען מיר שוין וואָס אונדזער געמיינזאַמע מי און טעטיקייט האָט באַוויזן אויפצוטאָן.

ווילן מיר דאָ גאָר קורץ אַרויסברענגען די צילן און אויפגאַבן וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט און טאַקע אונטערפירן דעם סך־הכל, וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן.

געוואָלט האָבן מיר שטעלן אַ מצבה, אַ סימבאָלישע מצבה, נאָך אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט, נאָך די פאַרטיליקטע יידן פון אונדזער הייסגעליבטער פולאַוו. מיר על־פי־נס און על־פי־צופאַל אָפּגעראַטעוועטע האָבן געפילט פאַר אונדזער הייליקער פליכט, אַז אויף אונדז האָט די געשיכטע אַרויפגעלייגט דעם חוב צו טאָן אַלץ, אַז דער זכר פון דער פולאַווער קהילה און אירע יידן זאָל ניט אויסגעמעקט ווערן פון דער פאָלקס־געשיכטע. מיר האָבן געוואָלט, אַז אין דעם גרויסן צונויפשטעל פון דעם באַשולדיקונג־אַקט קעגן די נאַצישע מערדער און זייערע אַרויסהעלפער זאָלן אויך ניט פעלן די פיינען פון אונדזערע נאָענסטע, זאָלן אויך זיין פאַרצייכנט די פאַרברעכנס, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן צו אונדזערע פולאַווער.

מיר האָבן געשטרעבט דערצו, אַז אין דער געשיכטע פון אונדזער יידישן פולאַוו זאָל אַריינגענומען ווערן אַלע פרטים, אַלע פאַקטן, אַלע מעגלעכע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן דערציילן דעם יידישן יחוס פון אונדזער פולאַוו. מיר קאָנען איצט פעסטשטעלן, אַז עס איז אונדז כמעט ווי געלונגען דערגרייכן צו די היסטאָרישע וואָרצלען פון אונדזער היימשטאָט, צו דעם בראשית פון יידישן פולאַוו.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קלאָרע, ניט געפעלשטע בילד פון אונדזער היימשטאָט וועט געגעבן ווערן נאָר דאַן ווען עס וועלן אין בוך אָפּגעשפּיגלט ווערן אַלע ציַיטן, אַלע קרייזן און גרופּן — געזעלשאַפטלעך־אידעאישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע — וועלכע האָבן געווירקט און באַווירקט אונדזער יידיש לעבן אין שטעטל. מיר האָבן געזוכט, און טאַקע טיילווייז געפונען, מאַטעריאַלן צו די דאָזיקע קאַפּיטלען און אויך דאָ, מיינען מיר, איז אונדז געלונגען אונטער איין סימבאָלישן זכרון־דאַך אַריינברענגען אַלעמען פון אונדזער פולאַוו, וואָס דער נאַצי־רוצח האָט זיי פאַרטיליקט.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז אין אַ ספר, וואָס דאַרף פאַראייביקן אונדזער פאַרשניטענע שטאָט מוזן היינט באַקומען זייער היסטאָרישן קדושה־תיקון אַלע יידישע גרופּן, הגם בעת זייער לעבן האָבן זיי צווישן זיך געפירט דיסקוסיעס, וויכוחים און טאַקע אַמאָל אויך מלחמות. אונדזער סימבאָלישע מצבה דאַרף דאָך טאַקע אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון שטעטל און די אַלע קאַמפן צווישן גרופּן, קרייזן, אידעען וואָס איז געווען דאָס לעבן פון פולאַוו און אירע יידן.

כדי דאָס צו דערגרייכן האָבן מיר דורך אונדזערע עפנטלעכע ווענדונגען צום כלל און באַזונדער צו יעדן יחיד, צו וועמען מיר האָבן נאָר געקענט דערגרייכן, געפּרואווט באַווירקן, אַז זיי זאָלן צושיקן מאַטעריאַל, דאָקומענטן, זכרונות און דאָס גלייכן, כדי דאָס גייסטיק־סאָציאַלע פּנים פון אונדזער שטעטל זאָל וואָס בולטער אַרויסקומען.

אויך אין דעם פאַל האָבן מיר דערגרייכט דעם מאַקסימום וואָס מען האָט געקענט. מעגלעך, אַז עס פעלן דאָ אָדער דאָרטן געוויסע פּרטים; אַז עס זענען אויסגעלאָזן די אָדער אַנדערע עפּיזאָדן. אָבער איינס קאָנען מיר פעסשטעלן; אַלע מאַטעריאַלן וואָס מיר האָבן באַקומען זענען דורך אונדז אויסגענוצט געוואָרן.

מיר זענען געווען דאַנקבאַר פאַר יעדע צוגעשיקטע מיטבאַטייליקונג. צוזאַמען מיט אונדזערע ברידער און שוועסטער, צוזאַמען מיט אונדזערע טאַטעס און מאַמעס זענען אויך חרוב געוואָרן די אַרכיוון, די אַלע מקורים פאַר דאָקומענטאַציע און דעריבער האָבן מיר גערן אויפגענומען יעדן צוגעשיקטן קאַפּיטל זכרונות אָדער אַנדערע מאַטעריאַלן.

דערפאַר טאַקע וועט זיך אין טייל מאַטעריאַלן פילן אַ געוויסער פּערזענלעכער טאָן, ווייל יעדער האָט דאָך געשריבן פריער פאַר אַלץ וועגן זיין סביבה, וועגן זיין קרייז, וועגן זיין אינסטיטוציע, זיינע מלמדים און זיין פאַריין. דאָס איז געווען ניט אויסצומיידן. אָבער פון אַלע זכרונות־קאַפּיטלען, פון אַלע פּערזענלעך־משפּחהדיקע שילדע־

רונגען וואַקסט אַרויס דער כלל, דאָס אַלגעמיינע בילד פון אונדזער פאַרשניטענער היים.

מיר האָבן געמוזט טייל אַרבעטן קירצן, ווייל די וואָס האָבן געשריבן די זיכרונות זענען דאָ כמעט אַלע פון זעלביקן דור און זיי האָבן זיך נאַטירלעך איבערגעחזרט. די דאָזיקע איבערחזרונגען האָבן מיר טאַקע געדאַרפט עלימינירן.

דערפון איז פאַרשטענדלעך, אַז די מחברים פון די באַזונדערע אַרבעטן טראָגן די אחריות פאַר זייערע אַרויסגעבראַכטע פאַקטן. טרעפן זיך ערגעץ סתירות צווישן צוויי שילדערונגען האָבן מיר זיי ניט געוואָלט „אויסגלייכן".

דאָס האָט אַ שייכות, פריער פאַר אַלץ, צו די שילדערונגען פון חורבן, וואו עס איז מעגלעך, אַז איינער האָט געוויסע פּרטים געזען אַנדערש ווי דער צווייטער. סיי אין היסטאָרישן טייל פון פּנקס — ביזן חורבן — סיי אין דעם חורבן טייל זענען די אַרבעטן אויטענטיש אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיי ווערן איבערגעגעבן דורך די באַטייליקטע אין זיי.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויב אונדזער יזכור־בוך דאַרף זיין אַ קאָלעקטיווע מצבה פאַר אונדזער פאַרשניטענער היימשטעטל דאַרף די דאָזיקע מצבה געשטעלט ווערן פון אַלע אירע געראַטעוועטע קינדער. מיר האָבן אַלץ געטאָן אַז די צעזייט־און צעשפּרייטע פּולאַווער שארית־הפּליטה איבער דער וועלט זאָלן אַריינגעפלאָכטן ווערן אין דער דאָזיקער אַרבעט. מיט צו־פרידנקייט שטעלן מיר פעסט, אַז (אויסער איין אויסנאַם) זענען אין אונדזער פּנקס טאַקע פאַרטראָטן דער רוב פון אונדזערע בני־עיר.

די איניציאַטיוו, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון אַמעריקע, איז תיכף אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון די פּולאַווער אין ישראל און עס זענען צו דעם צוגעשטאַנען פראַנקרייך, בעלגיע, קאָלאָמביע, פון אומעטום זענען אָנגעקומען מאַטעריאַלן — סיי פאַר דעם היסטאָרישן טייל פון בוך, סיי פאַר דעם יזכור־טייל.

קלאָר, אַז מיר האָבן געהאַט גאָר שווערע מאַטעריעלע פּראָבלעמען. דאָס געהערט אָבער ניט צו דעם טייל פון אונדזער באַריכט. מיר ווילן אָבער מיט צופרידנקייט פעסטשטעלן, אַז אַ דאַנק דער אָפּפערווויליקייט פון אונדזערע פּולאַווער איז אונדז געלונגען די דאָזיקע שוועריקייטן בייקומען.

ליגט איצט שוין פאַר אונדז דער יזכור־בוך אַ פאַרטיקער. מיר האָבן תחילת אויסגערעכנט, אַז ער וועט האָבן בסך־הכל ביי 320 זייטן, ער איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן און דערגרייכט, ווי מיר זעען, העכער 400 זייטן.

ער באַשטייט פון 4 גרונט־אָפּטיילונגען: היסטאָרישער טייל;

זכרונות ביז דעם חורבן; דער חורבן, אומקום און ווידערשטאַנד; יזכור־אָפּטיילונג — קדושים־רשימה און נעקראָלאָגן. חוץ דעם איז אין בוך אויך פאַראַן אַ טייל, וואו עס ווערט גערעדט וועגן דער טעטיקייט פון אונדזערע פולאַווער אין דער וועלט. דער דאָזיקער טייל איז אויך גאָר סימבאָליש, ווייל דאָס באַווייזט, אַז ניט געקוקט וואָס אונדזערע שונאים האָבן אונדז געוואָלט פאַרטיליקן, לעבן און שאַפן אין גאָר דער וועלט די קינדער פון אונדזערע פאַרשניטענער היימשטאָט און דער עיקר, אַז זיי פילן זיך פאַרבונדן מיט זייער נעכטן, אַז זיי איז טייער די ירושה פון זייער היימשטאָט און האָבן אַלץ געטאָן עס צו פאַראייביקן.

אייגנטלעך איז דאָך דאָס טאַקע געווען אונדזער הויפּטציל און הויפּט־שטרעבונג. מיר האָבן געוואָלט אויפלעבן דעם זכר פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה. מיר האָבן געוואָלט, אַז אויפן ריזיקן „פאַפּירענעם" בית־עולם, צווישן דעם וואַלד מצבות אין דער פאָרם פון יזכור־פּנקסים נאָך די פאַרשניטענע שטעט און שטעטלעך דורך די נאַצים און זייערע משרתים, זאָל ניט פעלן אונדזער פ ו ל אַ ו ו

וועט דער דאָזיקער ספר זיך געפינען ביי אַלע אונדזערע פולאַ־ווער. וועלן זיי און זייערע קינדער און קינדס־קינדער קוקן אויפן בוך, בלעטערן אים פון צייט צו צייט און זיי וועלן זיך שטענדיק דערמאָנען וועגן שטעטל פון וואַנען זיי שטאַמען. וועלן יידישע געלערנטע געפינען דעם בוך אין ביבליאָטעקן און וועלן אין זייערע שטודיעס וועגן יידישן יחוס פון פוילן אויך אַריינוועבן די קהילה פולאַוו; וועלן פאָרשערס, וועלכע וועלן מאַכן סך־הכלען פון די נאַצישע פאַרברעכנס אויך אַריינגעבן אין זייערע באַשולדיקונג־אַקטן אַ פאַראַגראַף וועגן די אַכזריותן לגבי די פולאַווער יידן, זייערע פּיינען און אומקום; וועלן די יעניקע, וואָס קלויבן די פאַקטן פון יידישן ווידערשטאַנד צווישן די העלדישקייטן אויך דערמאָנען דעם אָנטייל פון די פולאַווער אין דעם דאָזיקן העראָאישן קאַפּיטל.

דער ספר וועט זיך געפינען אין יעדן הויז. אומעטום וועט ער זיכער פאַרנעמען אַ כבודיקן אָרט, אַרומגערינגלט מיט קדושה ווי אַ היילִיקע רעליקוויע. יעדער פון אונדז וועט מקיים זיין דעם אָנזאָג, די צוואה, פון אונדזערע קדושים:

נ י ש ט פ אַ ר ג ע ס ן ! נ י ש ט פ אַ ר ג ע ב ן !

נישט פאַרגעסן אונדזערע קדושים און גיבורים;

נישט פאַרגעבן זייערע מערדער!

רעדאַקציע־קאָמיטעט

מרדכי וו. בערנשטיין

# די געשיכטע פון יידן אין פולאַוו



פולאַוו, צווישן אָרטיקן יידישן עולם אָנגערופן פילעוו אָדער אויך פילעווע, אין פויליש Puławy האָט אין דער צייט פון דער רוסישער צאַרישער ממשלה, אָנהייבנדיק פון יאָר 1846 געהייסן נאָוואָ אַלעקסאַנדריאַ. אין אַלט יידישע ספרים, וואו עס ווערן דערמאָנט די מחברים פון דער דאָזיקער שטאָט ווערט דער נאָמען געשריבן פולאב. די שטאָט איז געווען אַ קרייז־פונקט, אַ פאָוויאַט (אָדער אויעזד בעת דער רוסישער הערשאַפט (אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט (פריער גובערניע).

איידער מיר קומען צו דער פראַגע ווען עס האָבן זיך די יידן באַזעצט אין דאָזיקן יישוב וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ ריי אַלגעמיינע פּרטים און די כאַראַקטעריסטיק פון פונקט.

## 1. געאָגראַפישע לאַגע

מיר וועלן דאָ אויסלאָזן די שילדערונגען פון דער נאַטור־רייכקייט און די שיינקייט פון דעם פולאַווער פייזאזש. אין אַ ריי קאַפּיטלען פון אונדזער יזכור־בוך, אין די זיכרונות און שילדערונגען פון די פולאַווער לאַנדסלייט, ווערן דאָ און דאָרטן אַריינגעפלאָכטן פראַגמענטן פון דער פראַכט פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. מיר וועלן זיך דאָ באַגרענעצן נאָר צו דער פאַקטישער טאָפּאָגראַפישער לאַגע פון פולאַוו. ווי דאָס ווערט אָנגעגעבן אין דעם פוילישן געאָגראַפישן ווערטערבוך [1].

פולאַוו ליגט ביים רעכטן ברעג פון דער ווייסל — 4 וויאָרסט פון דער

1 Słownik Geograficzny Królewstwa Polskiego, Warszawa 1888, Tom IX, pp. 287 etc.

באַן־סטאַנציע נאָווא אַלעקסאַנדריאַ. 46 וויאָרסט פון לובלין און 125 וויאָרסט פון וואַרשע. ביים שאָסיי־וועג וואָס פירט פון לובלין קיין ראַדאָם.

די שטאָט האָט זיך אויסגעבויט אין אַ טאָליקן פליין, דורך וועלכן עס פליסן די טייכלעך: קוראָווקאַ, אָדעל און באַכאָטניצאַ. עס איז ביים פונקט, וואו עס שניידט דורך די ווייסל דעם אַלטן לובלינער־ראַדאָמער טראַקט, וואו עס איז פאַראַן אַ פּאַראָם איבערן טייך (דאַן איז נאָך דאָרטן קיין בריק ניט געווען).

דער נאָמען פולאוו איז אַ גאָר אַלטער און שטאַמט פון דעם זעלביקן אַלט־סלאַווישן וואָרצל ווי די אַנדערע פּוילישע נעמען פון די ביי־ברעגישע שטחים ווי ביעלאַווי, זשולאַווי וכדומה. דאָ מיינט עס משמעות פּאַרשוואַר־מענע ביי־ברעגישע לאַנקעס.

די גאַנצע געגנט איז סיי מאַלעריש סיי פרוכטבאַר און צוגעפּאַסט פאַר




מאַפּע פון דער פולאַווער סביבה, אַרומיקע שטעטלעך און דערפער.

לאַנדווירשטאַפטלעכער פראָדוקציע. אין משך פון העכער הונדערט יאָר (דאָס איז געשריבן געוואָרן מיט העכער אַכציק יאָר צוריק) איז דאָ גאָר אַנטוויקלט דאָס אויבס־צוכט. די געגנט איז פול מיט סעדער.

דער פולאַווער פּאָוויאַט איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1867 פון טיילן פון די פריערדיקע לובלינער און יאַנאָווער פּאָוויאַטן. צום פולאַווער פּאָוויאַט האָבן דאַן געהערט די ווייטערדיקע שטאָטישע יישובים: פולאַוו, קאָנסקע־וואָליע, קוזמיר, קאָרעוו, באַראַנאָוו, אָפּאָלע, וואָנוואָלניץ, יוזעפאָוו־ביים־ווייסל און דעמבלין־אירענאַ (שפּעטער איוואַנגאָראָד, וואָס איז אויך מאָדזשיץ).

אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע איז פולאַוו געווען אַ „קרייז־האופטמאַנשאַפט" אין לובלינער דיסטריקט, צו וועלכן עס האָבן געהערט די ווייטערדיקע שטאָטישע פונקטן: באַראַנאָוו, דעמבלין,־אירענאַ, יוזעפאָוו־ביים־ווייסל, קאָרעוו, קוזמיר, קאָנסקע־וואָליע, ליסאָביק, מאַרקושעוו, מיכעוו, נאַלענטשאָוו, אָפּאָלע, פולאַוו, ריקי און וואָנוואָלניץ [2]).

## 2. די געשיכטע פון פולאַוו

דער שוין פריער דערמאָנטער פוילישער געאָגראַפישער ווערטערבוך (זייטן 287 און ווייטער) דערציילט גאָר פּרטימדיק וועגן דעם בראשית פון פולאַוו. עס קומט אויס, אַז ווען דער פוילישער קעניג האָט אין 14טן יאָר־הונדערט געגרינדעט די שטאָט קוזמיר (קאַזימיעזש), ווי אַ צענטראַלן האַנדלס־פונקט און אַ פּאָרט ביי דער ווייסל פאַר דעם תבואה־מיסחר, איז נאָך ניט געווען קיין שפּור פון פולאַוו. אין דער צייט ווען אין געוויסע כראָניקעס פון 15טן יאָרהונדערט ווערן שוין באַשריבן אַ רייע שטעט און יישובים ווי וואָנוואָלניץ, קאָרעוו, קוזמיר (וועלכע זענען שוין דאַן שטעט), און די דערפער: וולאָסטאָוויץ, פּאַרכאָוואַטקע, איז נאָך פולאַוו דאָרטן ניט דערמאָנט געוואָרן. מען דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז פולאַוו איז אויפגעקומען אויפן שוועל פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט.

דער יישוב גייט אַריבער פון איין פּריצישן שטאַם צום צווייטן. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט ווערט אין פולאַוו פּאַרלייגט די רעזידענץ פון דעם פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי, דער גענעראַל פון פּאָדאָליע, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט דער פירשטין איזאַבעלאַ פלעמינג. פון דאַן אָן ווערט פולאַוו אַ יישוב, וואָס שפּילט אַ ראָלע אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט פון פוילן. אין משך פון די ווייטערדיקע יאָרהונדערטער

2. בלעטער פאַר געשיכטע, אַרויסגעגעבן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, וואַרשע באַנד 3, העפט 1־2, יאַנואַר—יוני 1950. אַרבעט: ט. ברוסטין־בערנשטיין „גירושים ווי אַן עטאַפּ פון דער דייטשישער פאַרניכטונגס־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג", זייטן 61—77, טאַבעלע 9.

זענען זייער פיל געשעענישן אין פוילישן־שלאַכטע־לעבן פאַרבונדן מיטן פולאַווער „פּאַלאַץ״. וואָס ווערט פון יאָר 1784 אַ מין צענטער פון דעם פוילישן אַדל.

### 3. דער אַדעליקער ייחוס פון פולאַוו

ווי געזאָגט האָט פולאַוו, זיין טשאַרטאָריסקי־פּאַלאַץ און דער פּאַרק, פאַר־נומען אַ צענטראַלן אָרט אין די פויליש־געזעלשאַפטלעכע קרייזן. מיר ווען אַרויסנעמען אַ פּאָר פראַגמענטן, אַ פּאָר געשעענישן, מיט וועלכע פולאַוו האָט זיך טאַקע געייחוסט.

אין יאָר 1784 איז אין פולאַווער פּאַלאַץ פאָרגעקומען די חתונה פון דער פירשטין מאַריע טשאַרטאָריסקי מיט דעם פירשט לודוויק פון וויר־טעמבערג (דייטשלאַנד). דאָס איז דאַן געווען אַ גרויס פּאָליטיש געשעעניש.



אַריינגאַנג אין היסטאָרישן טשאַרטאָריסקי־פּאַרק אין פו־לאַוו.

ווייל עס האָט געמיינט, אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע „בלוט־געמיינ־שאַפט״ צווישן פּאָלאַקן און דייטשן. נאָך עטלעכע יאָר פון ניט גליקלעכן משפחה־לעבן האָט זיך די פירשטין צוריקגעקערט אין איר היימשטאָט פולאַוו. ווערט טאַקע, אין פריצישן פּאַרק, ביי דער ליאַכע, אויסגעבויט פאַר אירטוועגן אַ ספּעציעלער פּאַלאַצל, וואָס איז אָנגערופן אויף איר נאָמען „מאַרינקאַ״.

אין יאָר 1805 האָט אין פולאַווער פּאַלאַץ פאַרבראַכט דער רוסישער צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער, וועלכער האָט פון דאַנען געפירט די אונטער־האַנדלונגען מיט עסטרייך און פּרייסן וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע קעגן נאַפּאָלעאָנען.

אין יאָר 1810 פאַרברענגען אין פולאַווער פּאַלאַץ די זאַקסישע פּרינצן, ווען זיי האָבן איבערגענומען דעם טראָן פון וואַרשעווער פירשטנטום.

מיר האָבן אַרויסגענומען נאָר דריי פון די פיל צענדליקער הויכע וויזיטן און געשעענישן פון פולאַווער פּאַלאַץ.

פולאַוו ווערט אויך אַ וויכטיקער פּוילישער קולטור־צענטער. דאָ ווערן געגרינדעט, דורך דעם אַדל, אַ ריי קולטור־און דערציאונג־אַנשטאַלטן; אַ גרויסע ביבליאָטעק וואָס איז געוואָרן וועלט־באַרימט; אַ רייכע קאָלעקציע פון קונסט־בילדער; עס עפענען זיך פאַרשידענע קורסן און לערן־אַנשטאַלטן.

## 4. די עלטערע יידישע יישובים אין דער געגנט

לובלין געהערט צו די עלטערע יידישע יישובים אין פּוילן. שוין אין דער ערשטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט ווערט דערמאָנט די יידישע קהילה פון לובלין. די ערשטע רעכטס־פּריווילעגיע האָבן די לובלינער יידן באַקו־מען דעם 27טן פעברואר 1523 [3])

לובלין איז איינער פון די וויכטיקסטע האַנדלס־צענטערן אין יענער צייט. ווערן דעריבער די לובלינער יאַרידן אַ צוזאַמענטרעף־אָרט פון יידן, וועלכע פאַרנעמען אַ פירנדיקע ראָלע אין פּוילישן אינלענדישן און אויס־לענדישן מיסחר. ווערט דעריבער לובלין דער צענטער פון דער יידישער אַליין־פאַרוואַלטונג, פון יידישן סיים אין פּוילן, וואָס איז אין דער יידישער געשיכטע באַקאַנט ווי דער „וועד אַרבע אַרצות.״ די סעסיעס פון דאָזיקן יידישן אַלפּוילישן פּאַרלאַמענט זענען דאָ פאַרגעקומען פון יאָר 1580 ביז 1680. זיי פלעגן פאָרגעקומען אין לובלין ווען עס זענען דאָרטן געווען די

---

3. פּראָפ. ד״ר מאיר באַלאַבאַן — „די יידן־שטאָט לובלין״, בוענאָס־איירעס 1947, זייט 20 און ווייטער.

גרויסע יערלעכע יאַרידן פון דער פוילישער קריסטלעכער חגא „מאַריאַ גראָמניצאַ". טייל סעסיעס זענען אַפילו פאָרגעקומען אין קלענערע שטעט פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. עס זענען באַקאַנט די וויטערדיקע סע־סיעס פון דעם „וועד אַרבע אַרצות", וואָס זענען אָפגעהאַלטן געוואָרן אין די שטעט פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט.

טישעוויצע, אין די יאָרן: שמ"ג, חול־המועד פסח, 1583, אגב זענען די אָנגענומענע תקנות אויף דער דאָזיקער סעסיע פּראָטאָקאָלירט אין יידיש. אין יאָר תק"ב, זעקס טעג אין חודש אלול, 1742 און אין יאָר תק"ד, פופצן טעג אין אלול, 23טן אויגוסט 1744 [4])

בעלזשיץ, אין יאָר שצ"ה, תמוז — 1635. [5])

אָפּאָלע, אַרום יאָר ת"ט, עס הייסט בערך אין יאָר 1649. [6])

חוץ די דאָזיקע שטעט האָבן מיר ידיעות וועגן יידן אין די וויטערדיקע יישובים בשכנות מיט פולאַוו:

קוזמיר (קאַזימיעזש), וואָס מיר האָבן שוין פריער געבראַכט. די דאָרטיקע יידן ווערן גאָר פרי דערמאָנט. אין יאָר 1677 האָבן שוין די קוזמירער יידן באַקומען פון קעניג יאַן סאָביעסקי דעם דריטן דאָס רעכט צו בויען הייזער אין קוזמיר.

קוראָוו, וואָס איז שוין אין 15טן יאָרהונדערט געוועזן אַ שטאָט, ווערט ביי אַ אויסלענדישן רייזנדער, פון 1690, דערציילט, אַז דאָס איז אַ גרויסער דאָרף מיט אַ יידישער סינאַגאָגע.

קאָנסקע־וואָליע, וואָס ווערט שוין אין יאָר 1442 דערמאָנט ווי אַ שטאָט, האָבן די דאָרטיקע יידן באַקומען אין יאָר 1712 אַ פּריווילעגיע פון דער פירשטין עליזאַבעטע לובאָמירסקי, מיט דאָס רעכט זיך דאָרטן צו באַזעצן. [7])

וועגן דאָרף וואָלאָסטאַוויץ וועט אונדז אויסקומען שפּעטער באַזונדער זיך אָפּשטעלן.

עס מיינט דעריבער, אַז אין לובלינער געגנט בכלל, און אין דער סביבה פון פולאַוו בפרט, זענען געוועזן יידישע יישובים אָנהייבנדיק פון 15טן יאָרהונדערט אָן. קומען מיר טאַקע צו דער פראַגע ווען איז אויפגעקומען דער יידישער קיבוץ אין פולאַוו?

4. פנקס ועד ארבע ארצות — לקוטי תקנות כתבים ורשומות סדורים ומבוארים בידי ישראל היילפרין, ירשלים תש"ה, זייטן 2—4, 333—337.

5. דאָרטן, זייט 59.

6. דאָרטן, זייט 77.

7. וועגן די דאָזיקע דריי ערטער זענען די מאַטעריאַלן פון דעם מקור אין דער הערה 1, אין די שייכותדיקע בענד, וואו די שטעט ווערן דערמאָנט.

## 5. דער בראשית פון יידישן פולאַוו

ווען מיר נעמען די מאַפּע פון די יידישע יישובים אין דער צייט פון דעם ווער אַרבע אַרצות, בעיקר פון די יעניקע שטעט, וועלכע זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג צוליב פאַרשידענע טעמים מיטן „יידישן סיים" אין די יאָרן 1687—1764, [8] געפינען מיר דאָרטן, ווי מיר זעען פון דער געבראַכטער קאַפּיע, אַז בשכנות פון פולאַוו זענען דאָ די קהילות: קוזמיר, קאָרעוו, אָפּאָלע, יוזעפאָוו ביים וויסל און אַנדערע — פולאַוו איז נישטאָ.

מיר געפינען אויך נישט דעם נאָמען פון פולאַוו אין דער כראָניק פון נתן־נטע האַנאָווער וועגן די כמעלניצקי־שחיטות אין יאָר 1648, די גזירות ת"ח און ת"ט. עס ווערן דאָרטן אויסגערעכנט די שטעטלעך (מיר גיבן אין סדר פון אַלף־בית) פון לובלינער געגנט: בילגאָריי, גאָריי, הרוביעשאָוו, זאַמאָשטש, טאָמאַשאָוו־לובלינער, טוראָבין, כעלם, לובלין, לעווערטאָוו, קראַשניק, שעבערשין. [9]




מאַפּע פון דער פולאַווער סביבה אין דער צייט פון וועד אַרבע־ארצות — די שטעט, וואו עס זענען דאַן געווען קהילות.

דאָס זעלבע זעען מיר אויך פון אַ רשימה פון שטייער־צאָלערס פון די קהילות אין לובלינער קרייז פון יאָר 1729.

אין אָפּאָלע איז דעם 26טן אדר תפ"ט (1729) פאָרגעקומען אַן אַסיפה פון די פאָרשטייער פון די קהילות פון לובלינער גליל (קרייז), וואו עס איז

---

8. מאַפּע־ביילאַגע פון ועד ארבע ארצות.

9. גזירות ת"ח — ד"ר יעקב שאַצקי — היסטאָריש־קריטישער אַריינפיר צום „יון מצולה" פון ר' נתן־נטע האַנאָווער געאָגראַפישע פונקטן, זייטן 128—159.

פעסטגעשטעלט געוואָרן די גרויס פון די שטייערן פון די באַזונדערע קהילות. פון די שטעט וואָס פולאַוו איז מיט זיי אין שכנות פיגורירן דאָן: קוזמיר, קאָרעוו, אָפּאָלע, בעלזשיץ, לענטשנע. פולאַוו פיגורירט ניט אין דער רשימה.

אַגב איז דאָס גאָר שכנותדיקע קאָרעוו דאַן געווען פון די גרעסערע קהילות אין קרייז. דאָס איז צו זען פון דער הויך פון דעם שטייער וואָס איז אויף יעדער קהילה אַרויפגעלייגט געוואָרן. אַזוי איז קוזמיר באַשטייערט געוואָרן מיט 60 גילדן; אָפּאָלע — מיט 45; בעלזשיץ — מיט 100; לענטשנע — מיט 90; און קוראָוו — מיט 220 גילדן.

אויף דעם דאָזיקן דאָקומענט זענען פאַראַן די אונטערשריפטן פון די פאָרשטייער פון די באַזונדערע קהילות. פון קאָרעוו איז אונטערגעשריבן יוסף בהררא׳ געץ, פון קוזמיר — יוסף בהרב מוהר״ר אלעזר.[9א]

אויך איז באַקאַנט אַן אויפן בית־עולם פון קאָרעוו האָבן זיך געפונען מצבות פון די אַנטלאָפענע פון די כמעלניצקי־שחיטות.[10]

דאַרף מען דעריבער אָננעמען, אַז דער יידישער יישוב אין פולאַוו האָט זיך אָנגעהייבן אויף דער שוועל פון 18טן און 19 יאָרהונדערט. לײדער פעלן אונדז די געהעריקע דאָקומענטן וואָס זאָלן קאָנען, אפילו לפי־ערך, באַשטימען די נאָענטסטע דאַטע פון דעם פולאַווער יידישן בראשית. מיר מוזן דעריבער אָנקומען צו אַ ריי השערות.

אין דעם פריער שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנטן געאָגראַפישן ווערטערבוך ווערט אין דער באַשרייבונג פון פולאַוו, צווישן אַנדערע, אויך דערציילט וועגן די דאָרטיקע יידן. ווערט דאָרטן איבערגעגעבן, אַז עס האָט דאַן (אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט) עקזיסטירט אין פולאַוו: אַ סי־נאַגאָגע, צען געבעט־הייזער און אַכט חדרים. אין יאָר 1878 זענען דאָרטן געווען 3342 איינוואוינער, פון וועלכע 2505 זענען געווען יידן.

דאָ האָבן מיר צום ערשטן מאָל אַן אָפיציעלן מקור וועגן יידן בכלל און זייערע אַנשטאַלטן בפרט. ווען מיר זאָלן טאַקע אָננעמען, אַז דער יישוב איז אויפגעקומען אין משך פון סוף 18טן יאָרהונדערט מיינט עס אויך, אַז דער יידישער קיבוץ האָט זיך זייער ראַשיק אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן אין אַ פאַרהעלטענישמעסיק קורצער צייט.

---

9א. היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, צווייטער באַנד, ווילנע 1937 — ז״ז 644־645.

10. פּראָפ. מ. באַלאַבאַן, דצ״ו, זייט 78.

## 6. פון וואַנען זענען געקומען די יידן קיין פולאַוו?

קלאָר, אַז קיין פולאַוו האָבן זיך אָנגעהויבן ציען די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואו עס זענען שוין, ווי מיר האָבן עס פריער געזען, פון פריער געווען גרעסערע קהילות. מיטן אויפקומען פון דעם אָרטיקן יישוב, אַדאַנק די פאַרשידענע אינוועסטיציעס פון די טשאַרטאָריסקיס, איז פולאַוו געוואָרן אַ צוציאונג־פונקט פאַר דער „איבערבאַפעלקערונג” פון די אַנדערע יידישע שטעטלעך.

מיר האָבן אָבער אַ גאַר כאַראַקטעריסטישן ביישפיל פון אַ שכנותדיקן דאָרף, וואָס איז אפשר געווען דער עמבריאָן, דער בראשית־פונקט פון יידישן פולאַוו. מיר מיינען דאָ דאָס דאָרף וולאָסטאָוויץ.

אין אַ ריי זיכרונות, וואָס מיר האָבן אין אונדזער יזכור־בוך, ווערט דערמאָנט דער אַלטער וולאָסטאָוויצער בית־עולם. מיינט עס, אַז דער ערשטער יידישער קיבוץ איז געווען אין וולאָסטאָוויץ, אַ דאָרף, וואָס ליגט איבער וועג פון פולאַוו קיין קוזמיר.

דאָס דאָרף וולאָסטאָוויץ האָט שוין עקזיסטירט אין 15טן יאָרהונדערט. דאַן האָט עס געהערט צו דער קאַטוילישער פּאַראַפיע אין יאַראָשין, וואָס האָט שפּעטער געהייסן גוראַ פולאַווסקאַ. אין דער באַשרייבונג פון וולאָסטאָוויץ לייענען מיר, אַז אין יאָר 1676 איז עס געווען אַ קלויסטער־דאָרף (צו וועלכן עס האָט אַגב אויך געהערט פולאַוו), אַז אין דאָזיקן יאָר האָט מען פון דעם דאָרף געצאָלט קאָפּ־שטייער פון 245 אונטערטעניקע אין צוועלף יידן.[11]

דאָרף מען דעריבער אָננעמען, אַז דער ערשטער יידישער קיבוץ אין פולאַוו האָט זיך פאָרמירט פון די וולאָסטאָוויצער יידן. ביז די לעצטע טעג פון דער עקזיסטענץ פון יידישן פולאַוו זענען צווישן די אָרטיקע תושבים געווען אַזעלכע וואָס מען האָט גערופן וולאָסטאָוויצער און אויך אַזעלכע וואָס זייערע פאַמיליען־נעמען זענען געווען וולאָסטאָוויצער.

## 7. פולאַוו האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם

די פולאַווער נפטרים פלעגן טאַקע קומען צו קבר־ישראל איבער וולאָס־טאָוויוויצער בית־עולם, וועלכער האָט שוין שפעטער געהייסן דער אַלטער בית־עולם. איז דאָ כדאי צו ברענגען אַ היסטאָרישע געשעעניש, וואָס באַ־שטעטיקט טאַקע דעם דאָזיקן פאַקט.

---

11. Słownik Geograficzny... Warszawa 1895, tom XIII, p. 720.

אין שכנותדיקן קאָרעוו איז געווען רב ר׳ נח קאָרעווער, וועלכער איז אויך געווען פאַררעכנט פאַר אַ גוטן־ייד. ער איז געפאָרן צו רב מענדעלע קאָצקער און איז אויך באַטראַכט געוואָרן פון אַ ריי חסידים ווי אַ מנהיג, צו וועלכן מען איז געפאָרן. וועגן דאָזיקן רב נח ווערן דערציילט אַ ריי מופתים. צווישן אַנדערע ווערט איבערגעגעבן, אַז אין יאָר 1855־תרט״ו, ווען

ונח מצא חן בעיני השם : נח איש

ספר

# קב הן

והוא דרושים יקרים על התורה ולקוטים על מועדי ד׳ ופסוקים ואגדות תמוהות אשר דרש כבוד אא״ז אדמו״ר הרב הגדול הצדיק המפורסם פאר הדור התריף ובקי בנגלה ובנסתר חסידא ופרישא החכם הכולל והשלם יראתו קודמת לחכמתו שמו נודע בישראל לשם ולתהלה כקש״ת מוהר״ר נח זצללה״ה אשר הי׳ איתן מושבו בק״ק קארוב. ומנוחתו כבוד בק״ק פילאוו׳

ותהות הספר וכל אשר נמלא בו תוכו רצוף אהבה יבואר הכל בהקדמה נכד המחבר אשר לכבוד זקינו מדבר ותיפל על כל אדם טרם קריאתו בזה הספר לקרות תחלה ההקדמות מראש ועד סוף ויראה תענוג לנפשו.

הובא לבית הדפוס במצות והוצאות וטרחות ויגיעות והשתדלות נכד הרב המחבר ז״ל ה״ה הרב המופלא המפורסם החסיד שלשלת היוחסין סו״ה חיים משה זאב נ״י המעורר כעת בק״ק ווארשא ברחוב נאוויליפע

מונח הספר הנ״ל נע״ פ״י נכד המחבר הנ״ל

כל החפץ לקנות הספר הזה יוכל להשיגו אצל נכדו הנ״ל נחאדרעסע ברחוב נאוויליפע

ברעסלויא

בשנת תרכ״ו לפ״ק

שער־בלאַט פון דעם ספר פון קאָרעווער רב ר׳ נ ח, וועלכער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין יאָר 1855 אויפן וולאָסטאָוויצער בית־עולם ביי פולאַוו.

ער איז קראַנק געוואָרן האָבן אים די חסידים אַריבערגעפירט קיין פולאַוו, וואו עס זענען געווען גוטע דאָקטוירים. ער איז טאַקע דאָרטן געשטאָרבן.

דערציילט אַ חסידישע מעשה, אַז ווען די חסידים האָבן זיך מיט אים געזעגנט, האָט ער צו זיי געזאָגט: — איך הייס שוין ניט נח קאָריווער, נאָר נח וולאָסטאָוויצער... אַן אָנדייטונג, אַז ער וועט קומען צו קבורה אין פולאַוו, וועמענס בית־עולם עס איז געווען אין וולאָסטאָוויץ.[12]

אויף דעם שער־בלאַט פון זיין ספר, וועלכער הייסט „קב חן", אַרויס־געגעבן דורך זיין אייניקל חיים־משה־זאב, געדרוקט אין ברעסלע, אין יאָר תרכ"ו־1866, ווערט אָנגעגעבן, אַז דער מחבר, זיין זיידע ר. נח, איז געווען איתן מושבו בקהילה קדושה קאָרוב ומנוחתו כבוד בק"ק פילאַב (אַ תושב אין קאָרעוו און געקומען צו קבורה אין פולאַוו).

ווי מיר זעען, איז טאַקע דער פולאַווער בית־עולם געווען אין וולאָס־טאָוויץ, וואָס איז געווען די פאַקטישע התחלה פון דער פולאַווער שפּעטער־דיקער אויסגעוואַקסענער קהילה.

## 8. אַ יידישער אַנטי־פּאָווסטאַניע פון 1861 פון פולאַוו

אַ ווייטערדיקער כאַראַקטעריסטישער פאַל פון יידישער איינגעזעסנקייט אין פולאַוו שוין אין די זעכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז די געשיכטע מיט אַ יידישן אָנטיילנעמער אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1861.

אין אַן אַרבעט וועגן דעם אָנטייל פון די יידן פון לובלינער געגנט אין דעם אויפשטאַנד אין יאָר 1861־1862 ווערן געבראַכט אַ ריי פאַקטן פון יידן פון אַ גאַנץ היפשער צאָל שטעט אין דער דאָזיקער פויליש־פּאַטריאָ־טישער אַרויסטרעטונג קעגן דער רוסישער הערשאַפט. חוץ לובלין ווערן דאָרטן אָנגעגעבן אויך יידן פון: קראַסניסטאַוו, זשולקעווקע, האָראָדלע, הרוביעשאָוו, ביאַלע־פּאָדלאַסק, וואו די יידן האָבן געהאָלפן די אויפשטענד־לער. עס זענען אָבער געווען, ווי עס גיט איבער די שטודיע, איינצלנע פאַלן פון באַדינען דער רוסישער אַדמיניסטראַציע מצד די יידן, וואָס זענען געווען אַן אויסנאַם אין דער אַלגעמיינער פּאָזיטיווער באַציאונג פון די יידן. אַזאַ אויסנאַם איז טאַקע געווען אין פולאַוו. מיר לייענען אין דער דאָזיקער אַרבעט אָט וואָס:

..."פון די וויכטיקסטע אַרויסטרעטונגען (קעגן אויפשטאַנד) זענען געווען די מסירות פון אַ יידן פון פולאַוו, זיידשניידער. ער האָט די וואַרשעווער מאַכט־אָרגאַנען (די רוסישע) אינפאָרמירט וועגן דעם, אַז איינער פון די לובלינער סוחרים (משמעות אַ ייד) האָט

12. יזכור־בוך קאָריץ, תל־אביב 1955, עמודים 997־998.

אַריינגעשמוגלט געווער (פאַר די אויפשטענדלער) פון אויס־
לאַנד...".[13]

גייען מיר דאָ איצט ניט פאַרוואַרפן אָדער פאַרטיידיקן די דאָזיקע טאַט, אונדז גייט אין דעם פאַקט, וועגן דעם ווי אַזוי אַ פולאַווער האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אין יענער שטורעמדיקער צייט אין דער דעמאָלטיקער פאָליטישער אַקציע.

## 9. פון די ערשטע רבנים אין פולאַוו

### א. רבי צבי מנחם מייזליש

צי איז עס טאַקע געווען דער ערשטער פולאַווער רב איז שווער פעסט־צושטעלן פון די ערשטע איז ער זיכער געווען.

מיר האָבן פאַר אונדז אַ ספר „זכרון צבי מנחם", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1873 אין פשעמישל, אויפן שער־בלאַט פון ספר ווערט אָנגעגעבן, אַז דער מחבר איז הרב אא"ו צבי מנחם מייזליש... „שהיה אב"ד ור"מ בשלשה קהילות בק' פולאַב, ובק' פאַרצאווי ובפה"ק עיר חדש בגליל קראָקאָ, אשר שם חלקת מחוקק ספון זי"ע ועכ"י". עס הייסט, אַז ער איז געווען רב און ראש־ישיבה אין דריי קהילות: פולאַוו, פאַרטשעוו און עיר־חדש (ניי־שטאָט) ביי קראָקע, וואו ער איז געקומען צו קבורה.

ווען איז דער דערמאָנטער צ. מ. מייזליש געווען רב אין פולאַוו?

דעם ספר האָט אַרויסגעגעבן יששכר מייזליש, דער זון פון מחבר, נאָכן טויט פון זיין פאָטער. אין דער הקדמה דערציילט דער זון וועגן גרויסן ייחוס פון פאָטער, וואָס פירט ביז צום רמ"א צום ב"ח, צום מהר"ם פון לובלין און רש"י. דערביי גיט ער אָן וועגן פאָטער די וויכטיקע פרטים:

> דער פאָטער צבי־מנחם מייזליש האָט זיך פאַרנומען מיט רבנות פופציק יאָר. אין דער קהילה פון פולאַוו, אין דער קהילה פון פאַרטשעוו און נאָכדעם איז ער אויפגענומען געוואָרן ווי אַ רב אין דעם היימשטעטל עיר־חדש, כדי צו פאַרנעמען דעם רבנות שטול נאָך זיין פאָטער רבי יצחק מייזלעש, וואָס איז דאָרטן געווען רב. אין זעלביקן עיר־חדש איז אויך געווען רב רבי יצחקס פאָטער עוזיאל מייזלעש...

> מיין פאָטער איז באַקאַנט מיט זיין לומדות נאָך פון זיינע יונגע צייטן ווען ער איז געזעסן און געלערנט אין פולאַוו — געלערנט האָט ער דאָרטן טאָג און נאַכט און אַרויסגעגעבן פיל תלמידים...

13. Ryszard Bender — Ludność Żydowska na Lubelszczyźnie w Akcji Przedpowstaniowej 1861-1862, Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego, Nr. 35. Warszawa 1960, pp. 45-46

ספר

# זכרון צבי מנחם

והוא

## מציב לו יד

בשו"ת וחידושים על הש"ס וחי' אגדה. אשר דלה במים אדירים והעלה מרגליות דלית בה טימא. והשיב לשואליו דבר ה' זו הלכה למעשה ה"ה כבוד אדוני אבי מ"ו הרב הגאון האמיתי כו' ישראל ע"ה פה"ח הצדיק המפורסם שלשלת היוחסין. ידיו רב לו בנגלה ובנסתר. העמיד תלמידים יקרים. והרביץ תורה לעדרים חמשים שנה כקש"ת מוה' **צבי מנחם מייזלש** זצוקללה"ה. שהי' אב"ד ור"מ בשלשה קהלות בק' **פולאב**. ובק' **פארצאווי**. ובפה"ק **עיר חדש** בגליל **קראקא** אשר שם חלקת מחוקק ספון זי"ע ועכי"א :

הובא על מזבח הדפוס בהשתדלות ובהוצאת הרב המופלג שלשלת היוחסין בנש"ק כקש"ת מו"ה **ישכר מייזלש** נ"י בן הרב הגאון הצדיק בעהמ"ה זצ"ל מק' ע"ה :

**נגמר** ביום ו' עש"ק חמשה עשר לחדש מנחם אב :

**בשנת** כבוד אדמו"ר ה' הגאון מ' צבי מנהם זל"ל תרל"ג לפ"ק :

**בק"ק פרעמישלא**

בדפוס של הרבני הנגיד מוה' **חיים אהרן זאפניק** ושותפיו נ"י :

Druck. der gr. kat. Domkap. n. p. A. Żupnik & Knoller. in Przemyśl 1873.

שער־בלאַט פון ספר „זכרון צבי מנחם" פון פולאַווער רב צבי מנחם מייזליש, געדרוקט אין פשעמישל אין יאָר 1873.

ווען דער ליסער רב רבי יעקב איז געפאָרן נעמען די לובלינער רבנות איז ער פאַרבייגעפאָרן פולאַוו און זיך דערוואוסט וועגן דער גרויסקייט פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן און ער האָט אים געשיקט רופן צו זיך. ער האָט זיך מיט אים דערפרייט און צוזאַמען מיט אים געפאָרן קיין לובלין און אויפן וועג די גאַנצע צייט גערעדט אין לערנען... דאַן האָט אים דער ליסער רב געגעבן סמיכה אויף רבנות און ער איז געוואָרן אב־בית־דין אין פולאַוו און אויך דער דאָרטיקער ראש־ישיבה. שפּעטער איז ער אויפגענומען געוואָרן ווי רב און ראש־ישיבה אין פאַרטשעוו און צום סוף אין נײַשטאָט ביי קראָקע".

דער ליסער רב, רב יעקב בן יעקב־משה לאָרבערבאום, איז געווען רב אין קאַליש (אַרום 1801), אין ליסע (פון 1809) און געשטאָרבן איז ער אין סטרי דעם 25טן מאַי 1823. אין לובלין איז ער געווען אַרום יאָר 1820. עס איז דעריבער גאַנץ זיכער, אַז ווען דער דערמאָנטער צבי־מנחם מייזליש האָט דאָרטן געלערנט און דאַן באַקומען די סמיכה אויף רבנות פון ר׳ יעקב ליסער, איז שוין אין פולאַוו געווען אַן איינגעפונדעוועטער יידישער יישוב.

די דאָזיקע דאַטע שטימט אויך מיט אַ צווייטן פּרט. געשטאָרבן איז דער רב צבי־מנחם מייזליש פאַר דאָס יאָר 1873 אין אויב ער האָט, ווי עס זאָגט זיך אין זיין ספר, פאַרנומען מיט רבנות העכער 50 יאָר און זיין ערשטע רבנות איז געווען אין פולאַוו, ווערט קלאָר, אַז אין פולאַוו איז ער שיין געווען רב אין די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט.

פון דער הקדמה פון מחברס זון ווערט אויך אויפגעקלערט, ווי אַזוי איז דער דאָזיקער מייזליש געקומען קיין פולאַוו פון גאַליציע. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט חתונה געהאַט קיין לעווערטאָוו אין דאָס האָט אים געבראַכט אין דער געגנט.

גאָר אינטערעסאַנט פאַר אונדזער פולאַווער געשיכטע זענען אַ ריי שאלות־ותשובות פון דעם ספר „זכרון צבי מנחם".

אין דער שאלה ב. (ליידער ווערט ניט אָנגעגעבן די דאַטע) ווערט דערציילט פון דעם רב אַזאַ געשיכטע:

„איינער פון די איינוואוינער פון אונדזער קהילה (פולאַוו) איז צו מיר געקומען און פאַרגעלייגט די ווייטערדיקע שאלה:

ער און זיינע עלטערן זענען פון שטענדיק געווען איינוואוינער פון דער קהילה־קדושה וואָסטאָוויץ, וואָס איז נאָענט פון אונדז, וועלכער מען זעט פון דאַנען. אין משך פון דער צייט ווען ער האָט געזען, אַז עס גייט אים ניט גאָר גוט דאָרטן האָט ער זיך פון דאָרטן אַרויסגעצויגן און וואוינט אין אונדזער קהילה.

דער דאָזיקער מאַן האָט געהאַט אַ ספר־תורה, אַ דורכגעקוקטע און אַ כשרע אין וועלכער מען פלעגט לייענען. זענען געקומען די

איינוואוינער פון דער דערמאָנטער קהילה (וואָלאָסטאָוויץ) און אים געבעטן ער זאָל זיי אויסבאָרגן די דאָזיקע ספר־תורה צום לייענען, ווייל זיי האָבן ניט געהאט קיין כשרע ספר־תורה. נאָכדעם האָט ער באַוויליקט אָוועקצושענקען די ספר־תורה פאַר דער שול פון דער דאָרטיקער קהילה־קדושה. איז די ספר־תורה טאַקע געווען עטלעכע יאָר אין דער דאָרטיקער שול.

בעוונותינו הרבים איז אָבער געקומען דער מושל און האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון דער דאָרטיקער קהילה און די דאָרטיקע יידן האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין אונדזער קהילה (פולאַוו). עס וואוינען שוין דאָ ביז ניין יידן און אויך די איבעריקע. וועלכע זענען נאָך דערוויילן געבליבן דאָרטן, אין וואָלאָסטאָוויץ, קומען יעדן שבת אַהער קיין פולאַוו דאַוונען. דער דאָרטיקער בית־אלקים איז צו אונדזער־ע זינד געבליבן פּאַרוויסט, ווייל עס איז שוין ניטאָ אפילו אַ מנין אין די ימים־נוראים.

איצט האָט חרטה דער מאַן, וואָס האָט מקדיש געווען די ספר־תורה פאַר דער שול אין וואָלאָסטאָוויץ, ער טענהט, אַז ער האָט געשאָנקען פאַר אַ שול אָבער איצט איז דאָך דאָרטן אַזאַ ניטאָ, עס וואוינען דאָרטן ניט קיין יידן — טאָ ווי זאָל ער האַנדלען".

מיר האָבן דאָ אַ שטיק אָריגינעלע געשיכטע סיי פון פולאַוו סיי פון דעם דאָרף וואָלאָסטאָוויץ. דאָס באַווייזט, אַז דאַן, אין די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן י"ה, איז נאָך וואָלאָסטאָוויץ געווען אַ יידישער יישוב מיט אַ קהילה און האָט געהאַט אַ מקום־תפילה, אַן אָרט צום דאַוונען. מיר האָבן דאָ די געשיכטע פון אַרויסשיקן די יידן פון וואָלאָסטאָוויץ. איצט איז ניט וויכטיק פאַר אונדז, ווי אַזוי דער רב האָט געפסקנט וועגן דער ספר־תורה. די דאָזיקער שאלה־ותשובה איז אָבער פאַקטיש אַ היסטאָרישער דאָקומענט צו דער געשיכטע פון פולאַוו אין דער סביבה.

## ב. רבי אליהו פולאַווער־לערמאַן

אין דער ביאָגראַפיע פון רב נח קוראָווער (דער „קב חן") וועלכן מיר האָבן פריער דערמאָנט, ווערט צווישן אַנדערע געזאָגט, אַז נאָך זיין טויט האָט אַ טייל פון זיינע חסידים אָנגעהויבן צו פאָרן צום רב מענדעלען קיין קאָצק און אַ טייל האָבן באַטראַכט פאַר זייער רבין רב אליהו לערמאַן פון פולאַוו, וועלכער איז געווען רב נחס אַ תלמיד. אָט טאַקע וועגן דאָזיקן רב אליהו לערמאַן וועלן מיר דאָ ווייטער זיך אָפּשטעלן.

מיר ברענגען דאָ טאַקע ווייטער די שער־בלעטער פון צוויי פון זיינע ספרים, וועלכע ער האָט מחבר געווען. פון די שער־בלעטער און די הקדמות

צו די ספרים איז צו זען, אַז צווישן אַנדערע איז ער געווען רב אין פולאַוו, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער עיקר פון זיינע רבנות־שטעט.

דער ערשטער ספר זיינער איז געווען „דבר אליהו“, געדרוקט אין וואַרשע, אין 1884. אויף דעם לשון־קודשדיקן טייל פון שער־בלאַט ווערט

ספר

# דבר אליהו

והוא

## שאלות ותשובות

אשר חברתי בעזהשי״ת ובחמלתו על הצעיר והדל מדעת ולא בינת אדם לי
אליהו בן להאי בוצינא קדישא חסידא ופרישא מו״ה אברהם יהושע זללה״ה.
מעיר פולאב האבד״ק וואנוואלין יקק מרלא.

והנני נודר אשר שאל יסמך שום אדם על בתשובתי זה להוראה כי לא הגעתי
למדה זו. רק להעיר לב המעיין בעתי. ואני תפלה יזכני השי״ת ללמוד בתורה
לשמור ולעשות ולקיים. ויתקיים בי מה שכתוב לא ימושו מפיך ומפי זרעך ומפי
זרע זרעך וגו׳ מעתה ועד עולם. אמן.

ווארשא

בדפוס ר׳ חיים קעלטער נ״י ברחוב נאוואליפע נומר 9

שנת תרמד לפ״ק

СЕФЕРЪ ДВАРЪ ЭЛІОУ
т. е. Вопросы и Отвѣты о религіи
сочиненіе раввина
Элиша Лермана въ Ново-Александріи.

ВАРШАВА
въ Типографіи и Литографіи Х. Кельтера, на улицѣ Новолипки № 9.

1884.

שער־בלאַט פון ספר „דבר אליהו“ פון רב אליהו לערמאַן, רב פון פולאַוו, געדרוקט אין יאָר 1884.

אָנגעגעבן, אַז ער איז רב אין פולאַוו און אין רוסישן טייל זאָגט זיך, אַז ער איז רב אין נאָוואָ־אַלעקסאַנדריאַ.

דער צווייטער ספר איז אויך געדרוקט אין וואַרשע, שוין אַ יאָר שפּע־טער, אין יאָר 1885. דער דאָזיקער ספר איז שוין אַרויסגעגעבן דורך די זין פון מחבר און ער ווערט באַטיטלט ווי אליהו שליט״א מהעיר פולאַב האב״ד ווייסקיט. עס הייסט, אַז אַ יאָר שפּעטער איז ער שוין געווען ווייסקיטער רב.

אַזוי ווי ער איז פון די ערשטע רבנים אין פולאַוו וועגן וועלכן מיר האָבן אַ ריי מאַטעריאַלן, וועלן מיר זיך טאַקע וועגן אים אַ ביסל פאַרהאַלטן.

ווי געזאָגט, זעען מיר פון די שער־בלעטער, אַז ער איז געווען רב אין וואָנוואָלניץ, טאַרלע, פולאַוו און לסוף אין ווייסקיט, וואו ער איז גע־שטאָרבן כ״ה סיוון, תרמ״ח (1888).

ווערט קלאָר, אַז אין ווייסקיט איז ער געווען רב גאָר קורץ, עטלעכע יאָר, ווייל אין יאָר 1884, ווען עס איז דערשינען זיין ערשטער ספר „דבר אליהו״, איז ער נאָך געווען, ווי עס זאָגט דאָס שער־בלאַט, אין פולאַוו.

אויף זיין ספר „דבר אליהו״ געפינען זיך הסכמות פון די דעמאָלטיקע גדולי־הדור, וועלכע טיילן אים צו גאָר גרויסע לויב־געזאַנגען און מעלות. עס זענען צווישן די הסכמה־געבערס פאַראַן:

ר׳ ישראל־יהושע פון קוטנע, מחבר פון ספר „ישועות ישראל״, באַקאַנט ווי ר׳ ישיעלע פון קוטנע;

ר׳ יצחק־אלחנן, דער באַרימטער רב פון קאָוונע און ראש־ישיבה פון סלאָבאָדקער ישיבה;

ר׳ חיים־אליעזר וואַקס, פון קאַליש, בעל־מחבר פון ספר „נפש־חיה״;

ר׳ יוסף־בער הלוי פון בריסק, באַרימט ווי רב יאָשע־בער סאָלאָווייטשיק, דער מחבר פון ספר „בית הלוי״;

ר׳ ברוך־מרדכי ליבשיץ פון שעדלעץ, פריערדיקער רב פון וואָלקאָוויסק און נאווארעדאָק, דער־ מחבר פון די ספרים „ברית יעקב״ און „בית מרדכי״.

ר׳ שמואל מאָהליווער פון ביאַליסטאָק, איינער פון די שפּעטערדיקע גרינדער פון דער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער באַוועגונג „מזרחי״;

ר׳ אליהו־חיים מייזל, דער לאָדזשער רב;

ר׳ ישראל־איסר שפּירא, דער מעזריטשער רב.

פון דער הקדמה פון מחברס זין, וואָס איז פאַראַן אין דאָזיקן ספר, דערוויסן מיר זיך, אַז דער מחבר גופא האָט גאָרנישט געטראַכט אַרויסצוגעבן דעם ספר און אַז דאָס האָבן די קינדער אים דערצו באַוואויגן. אין דער הקדמה זאָגט זיך דאָרט אַזוי:

„...זאָלן זיך פרייען די חכמים ווען זיי וועלן זען די ערשטע פרוכט פון מיין פאָטער דעם גאון... אַזוי ווי עס איז באַוואוסט צו אַלע זיינע באַקאַנטע, אַז ווען ער איז נאָך אין זיינע יונגע יאָרן

ספר

# אזור אליהו

על התורה ועל זמנים ומועדים ולקוטים על פסוקי נך ומאמרז"ל.

מאת הרב הגאון המפורסם בתורה ובחסידות. בנגלה ובנסתר לו עטר יהודה. בנן של קדושים. כקשת מהרר אליהו שליטא כ"ר פולאב האבדק וויסקים. בעהמיח ש"ת דבר אליהו. ועוד חבורים אשר עודם כעת בכתובים. הה ספר מנחת אליהו על הש"ב. וספר משנת אליהו על הרמבם. ועוד חדושים וש"ת. יזכהו ה' להוציאם לאור עולם.

הובא לבית הדפוס בהשתדלות בני המחבר השואלים יחד.

## ווארשא

בדפוס ר' חיים קעלטער רחוב נאוואליפקע נומר 9

שנת תרמה לפ"ק

## СЕФЕРЪ АЙЗОРЪ ЭЛIОУ

т. е. КОМЕНТАРЪ БИБЛIИ

Сочиненiе Равина Элiаша Лермана.

Типо Литографiя Х. Кельтера, улица Новолипiе № 9 (новый 11).

въ Варшавѣ.

1866.

שער־בלאַט פון ספר „אזור אליהו“, פון רב אליהו לערמאַן פון פולאַווי, געדריקט אין יאָר 1885, ווען ער איז שוין געווען רב אין ווייסקיט.

געווען אויף דער שטול פון רבנות אין פולאַוו און שפעטער אין וואָנוואָלניץ פלעגט ער כסדר פאַרשרייבן חידושים... שפעטער, אַז ער איז געוואָרן רב אין טאַרלאָוו, האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל זיינע חידושים און פילפולים אַרויסברענגען אין אַ ספר, כדי זיי זאָלן בלייבן אויף אייביק, און איך האָב מיך דערמאָנט די מאמרים, וואו עס זאָגט זיך, אַז דער וועמען מען האָט מגלה געווען חידושים פון הימל איז מחוייב זיי צו פאַרשרייבן... האָבן מיר אים איבערגערעדט (דאָ רעדט שוין דער אַריינפירער אין לשון־רבים, ווייל געווען זענען עס דריי ברידער) און מיר האָבן צוגעגרייט דעם ערשטן ספר, שאלות־ותשובות, און די ווייטערדיקע וועלן מיר ווידער אם־ירצה־השם אַרויסגעבן...״

די דאָזיקע הקדמה שרייבט דעם מחברס זון, וועלכער הייסט אַברהם־יוזפאָ. ער דערמאָנט דערביי אויך די מיטאַרבעט פון זיין ברודער, חיים, דעם חריף און בקי, דעם מופלג בתורה, ווייל ער — אַברהם־יוזפאָ — איז באַלאָדן מיט אַ שטעלע פון רבנות. עס ווערט אויך דערמאָנט צום גוטן אַ דריטער זון פון ר׳ אליהון — ר׳ ישראל.

פון דער אונטערשריפט פון דעם מחברס זון דערוויסן מיר זיך געוויסע פרטים פון ר׳ אליהוס ייחוס־בוים.

דער מחבר, ר׳ אליהו, איז געווען אַ זון פון ר׳ אַברהם־יוזפאָ, וועלכער איז געווען רב אין קאָנסקע־וואָליע, וואו ער איז געשטאָרבן. דער דאָזיקער אַברהם־יוזפאָ איז געווען אַ זון פון הרב הגאון אאַ״וו ר׳ בנימין, אַ בן־דור פון ווילנער גאון און אַ געבוירענער אין ליטע, וועלכער איז געווען רב אין פולאַוו, וולאָדעווע, שעלישטש. ווען ער איז געפאָרן קיין אויסלאַנד אין די וואַרעם־בעדער, איז ער געשטאָרבן אין בערלין, וואו ער איז געקומען צו קבורה. ווייטער ציט זיך דער ייחוס, פון אַנדערע אָפּצווייגן, צום לובלינער רבין, רבי יעקב־יצחק און צום של״ה הקדוש.

דאָ האָבן מיר ווידער אַ נייעס — אַז ר׳ אליהוס פאָטער (אָדער זיידע, ווייל פון דעם טעקסט קאָן מען פאַרשידן אויסטייטשן), איז אויך געווען רב אין פולאַוו.

ר׳ אליהו פולאַווער האָט מחבר געווען, ווי עס ווערט אָנגעגעבן אויפן שער־בלאַט פון צווייטן ספר „אזור אליהו״, די ווייטערדיקע ספרים: „מנחת אליהו״, „משנת אליהו״, וועלכע זענען נאָך דאַן געווען אין כתב־יד.

חוץ אַ גדול בישראל איז דער דאָזיקער פולאַווער רב געווען גאָר אָנגענומען אין די חסידישע קרייזן. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז אַ טייל חסידים פון רבי נח קאָרעווער האָבן אים געקרוינט פאַרן רבין. אין דעם חסידישן ספר „שיח שרפי קודש״, וואו עס זענען פאַראַן זייער פיל חידושים און סיפורים פון דעם גערער, קאָצקער, וואָרקער, פּזשיסכער און אַנדערע

פוילישע חסידישע רבים, ווערט רבי אליהו פולאַווער, אָדער וויסקיטער, גאָר אָפט דערמאָנט מיט זיינע מופתים און ווערטלעך.

פון אַ צווייטן מקור דערוויסן מיר זיך די וויכטיקסטע פּרטים וועגן דעם דאָזיקן פולאַווער רב, רב אליהו פולאַווער אָדער וויסקיטער. ער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון די גדולים: רבי יואל סירקיש (באַקאַנט ווי דער ב״ח, נאָך די ראשי־תיבות פון זיין ספר „בית־חדש״); רבי דוד בר שמואל הלוי (דער אידעם פון ב״ח, וועלכער איז געווען באַקאַנט ווי דער ט״ז, נאָך די ראשי־תיבות פון זיין ספר „טורי־זהב״) און רבי ישעיה ב״ר אברם הורוויץ (דער של״ה, נאָך די ראשי־תיבות פון זיין ספר „שני לוחות הברית״). ער איז אויך געווען אַ קרוב פון דעם ליבלינער רבי יעקב־יצחק האָראָוויץ, גערופן דער לובלינער „חוזה״.

זיין פאָטער — רבי אַברהם־יוזפאָ — איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען דער קאָנסקע־וואָליער „שרף״. ער איז געווען דער חבר פון רבי ישכר־בער ראַדאָשיצער און רב יחזקאל קוזמירער. עס ווערט וועגן אים דערציילט, אַז ער האָט געפאַסט תעניתים אין משך פון 35 יאָר נאָכאַנאַנד. ער האָט מחבר געווען דעם ספר „תורת אברהם״.

ווען דער איזשביצער רבי, רבי מרדכי־יוסף, האָט אין יאָר ת״ר (1840) אָנגעהויבן פראַווען רביסטוואָ, איז ר׳ אליהו געפאָרן צו אים. שפּעטער איז ער געפאָרן צו רב יצחק ניסכיזשער.

נאָכן טויט פון זיין רבין, רבי נח קאָריווער, אין יאָר 1855 (תרט״ו), איז ער פון די חסידים אויסגעוויילט געוואָרן פאַר רבי, הגם ער אַליין איז נאָך געפאָרן קיין קאָצק. דאַן איז ער געוואָרן רב פון וואָנוואָלניץ. פון דאָרט איז ער אין יאָר תרכ״ט (1869) אַריבער קיין טאַרלע און פון דאָרטן קיין פולאַוו און לסוף קיין וויסקיט.

פון זעלביקן מקור קומט אויך אויס, אַז דער דאָזיקער, גאָר אָנגעזעענער, פולאַווער רב האָט אויסער די פריער שוין דערמאָנטע ספרים נאָך מחבר געווען די וויכטיקסטע ספרים: „זכרון אליהו״, „מערכות אליהו״, „תורת אליהו״, „נפש אליהו״, „נפשות צדיקים״, וואָס זענען, ווי עס ווייזט אויס, געבליבן אין כתב־יד.

אין וויסקיט איז נאָך זיין טויט געוואָרן רב זיין זון, רב אַברהם־יוזפאָ, וועלכער האָט מחבר געווען דאָס ספר „חיי איברא״. אַ צווייטער זון זיינער, חיים לערמאַן, איז געוואָרן רב אין קראָשניעוויץ.[14]

מיר האָבן פריער באַרירט די קרובהשאַפט פון דערמאָנטן רב מיט

14. היכל קאָצק, הרבי מקאָצק וששים גיבורים סביב לו. תל־אביב 1959, ערשטער באַנד, זייטן רע״ג־רע״ד.

קאָצק. אפשר איז דאָס אַ שליסל צו דער פראַגע ווי אַזוי האָט עס האָט זיך אַריבערגעטראָגן דער קאָצקער „הויף״ קיין פולאַוו.

מיר וועלן ווייטער, אין דעם קאַפּיטל וועגן די פולאַווער חסידים, טאַקע זען, אַז דער יורש־עצר פון רב דודל קאָצקער, רב ישראל־חיים, האָט זיך אין יאָר תרמ״ח (1888) אַריבערגעצויגן קיין פולאַוו. דאָס פאַלט זיך טאַקע בערך צונויף מיט דער צייט ווען רב אליהו איז אַוועק פון פולאַוו. עס קאָן גריילעך זיין, אַז דאָס איז ר׳ אליהו אַוועק פון פולאַוו, כדי צו לאָזן אָרט פאַר׳ן קאָצקערס זון . . .

קאָנען מיר דעריבער, כמעט ווי מיט זיכערקייט, זאָגן, אַז דער רבנות־המשך פון ר׳ אליהון, איינער פון די ערשטע רבנים אין פולאַוו, איז געווען די איבערגעפלאַנצטע קיין פולאַוו קאָצקער דינאַסטיע. דער ווייטערדיקער טייל איז טאַקע אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן „הויף״ אין זיין אַנטוויקלונג.

## 10. דער פולאַווער חסידישער „הויף״ *

### (ייחוס און אַנטוויקלונג)

אין אַ ריי זיכרונות־אַרטיקלען פון אונדזער יזכור־בוך ווערט ווייטער דערמאָנט דער פולאַווער חסידישער הויף, דאָס שטיבל, דער רבי, זיין משפחה, זיינע חסידים, זייערע פירונגען און אַזוי ווייטער. דאָס ווילן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער ייחוס־קייט פון דער פולאַווער גזע בכלל. „פולאַווער״ חסידות איז שוין צווישן ביידע וועלט־מלחמות געווען ניט שטאַרק פאָפולער. אין פולאַוו זענען דאַן געבליבן נאָר שפורן פון דער געוועזענער תקופה, ווען דער דאָזיקער כולל האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע צווישן פוילישע חסידים. די ווייטערדיקע שורות וועלן טאַקע דערציילן וועגן דער פריערדיקער גלאַנץ־צייט פון פולאַווער „הויף״ און דערפירן די געשיכטע ביזן סוף, ווען דער דאָזיקער חסידישער שטאַם האָט געטיילט דעם גורל פון די פאַרשניטענע מיליאָנען פון פוילישן יידנטום.

פולאַווער חסידות האָט זיך אָנגעהויבן מיטן רבין חיים־ישראל מאָרגנשטערן, וועלכער איז אָנגעקומען קיין פולאַוו אין יאָר תרמ״ח (1888). דאָס איז אָבער ניט דער בראשית פון דער דאָזיקער חסידישער די־

---

* די געבראַכטע מאַטעריאַלן — נעמען, פאַקטן און דאַטעס — אין דאָזיקן קאַפּיטל זענען באַזירט אויף די דריי בענד „היכל קאָצק״ (העבראיש), וואָס זענען דערשינען אין תל־אביב—1959, אונטער דער רעדאַקציע פון יחזקאל רוטנברג און משה שיינפלד. אין די דריי בענד ווערט געבראַכט די פולע געשיכטע פון קאָצקער חסידות: פון רבי מענדעלען ביז דעם לעצטן דור; וועגן דרך פון קאָצק אין דער חסידישער וועלט און אויך וועגן די זעכציק חסידישע מנהיגים, וואָס זענען געווען געקניפּט און געבונדן מיט קאָצק.

נאַסטיע. פּאַקטיש איז פּולאַוו געווען אַ דירעקטער המשך און יורש פון נוסח — קאָצק, וואָס איז געווען שטאַרק באַרימט אין פּוילן און מחוץ פּוילן און פון וועלכן עס שטאַמען אָפּ צענדליקער חסידישע „הייף". פּולאַוו האָט צוריקגעבראַכט דעם רבישן טראָן קיין קאָצק, ווי מיר וועלן עס באַלד זען.

וויל מען זיך באַקענען מיט פּולאַווער „הויף" דאַרף מען זען פון וואַנען שטאַמט פּולאַוו אָפּ.

דער פּולאַווער רבי ר' חיים־ישראל איז געווען אַן אייניקל פון דעם ערשטן קאָצקער רבי ר' מענדעלע קאָצקער. פּאַקטיש שטאַמט דער גרונטלייגער פון קאָצקער חסידות, ר' מענדעלע, פון פּולאַווער געגנט. ער גופא איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקמ"ז (1787) אין שטעטל גאָריי (לובלינער געגנט), אָבער זיין פאָטער ר' יהודה־לייב מאָרגנשטערן, אַ ייד אַ תלמיד־חכם און חשובער באַלעבאָס, איז געווען אַ געבוירענער אין קאַריוו, ביי פּולאַוו. יהודה־לייב'ס פאָטער, געהייסן האָט ער מנחם־מענדל (נאָך וועמען ר' מענדעלע קאָצקער איז אַ נאָמען) איז אין קאַריוו געווען פון די גאָר אָנגעזעענע באַלעבאַטים, באַרימט מיט זיין צדקה און מעשים־טובים. דער קאַריווער ר' מנחם־מענדל איז געווען אַן איידעם פון באַרימטן גאון ר' דוד האַלפּערין, דער רב פון אָסטרע אין וואָלין. אין קאָצקער „הויף" האָט זיך אויפגעהיט אַ ייחוס־בריוו, וואָס באַווייזט, אַז דער ערשטער קאָצקער, רב מענדעלע, שטאַמט אָפּ — סיי פון פאָטערס צד, סיי פון דער מוטערס זייט — פון גאָר גרויסן ייחוס אין משך פון לאַנגע־לאַנגע דורות.

מיר וועלן זיך גאָר קורץ אָפּשטעלן אויף דעם ייחוס־וועג ביז פּולאַוו.

רב מענדעלע, דער שפּעטערדיקער באַגרינדער פון קאָצק, איז צו 20 יאָר געוואָרן אַן איידעם אין טאָמאַשאָוו־לובלינער. ער ווערט באַקאַנט ווי מענדל טאָמאַשאָווער, אַ שאַרפער חסיד, וועלכער איז געפאָרן צום פּזשיסכער רבי ר' בונם. ער איז אין פּזשיסכע פון די גאָר באַקאַנטע חסידים און מקורבים פון רבי ר' בונם.

ווען דער פּזשיסכער רבי איז געשטאָרבן (י"ב אלול תקפ"ז — 1827) האָט אַ גאָר גרויסער טייל חסידים אָנערקענט רב מענדל טאָמאַשאָווער ווי דעם פאַסיקסטן, וואָס זאָל איבערנעמען די רביאישע פּירערשאַפט און האָבן אים טאַקע באַשטימט פאַרן רבין. ר' מענדעלע איז אָבער געווען רבי אין טאָמאַשאָוו נאָר איין יאָר. עס איז אין שטאָט אויפגעהויבן געוואָרן אַ מחלוקת און מען האָט אָנגעהויבן שטאַרק רודפן ר' מענדעלען און זיינע אָנהענגער.

אין דער זעלביקער צייט איז אין קאָצק אויפגעקומען געוואָרן ווי אַ רב ר' מתתיהו קאָרנער. פריערדיקער רב פון קאָסעוו־לאַצקי, וועלכער איז געווען ר' מענדעלס אַן אָנהענגער. דערוויסנדיק זיך וועגן די רדיפות, וואָס ר' מענדעלע האָט אויסצושטיין אין טאָמאַשאָוו, האָט ער אים פאַרבעטן זיך

צו באַזועצן אין קאָצק. אַזוי האָט זיך געשאַפן די קאָצקער חסידישע דינאַס־טיע.

ר׳ מענדעלעס ערשטע פרוי איז געשטאָרבן. מיט איר האָט ער געהאַט איין זון — ד ו ד. פון דער צווייטער פרוי האָט ר׳ מענדעלע געהאַט צוויי זין; בנימין און משה־ירוחם. זיי זענען געשטאָרבן גאָר יונג, נאָך פאַר זיין לעבן.

כתב־יד פון דעם פולאַווער רבי ר׳ ישראל־חיים מאָרגנשטערן. געשריבן אין פולאַוו אין יאָר תרנ״ח וואָס מיינט — 1898. ער שרייבט זיך אונטער נאום ישראל מקאָצק.

ווען ר׳ מענדעלע איז געשטאָרבן (כ״ב שבט תרי״ט — 1859) ווערט זיין זון דוד געקרוינט ווי דער ממלא־מקום אויפן רביאישן שטול פון קאָצק. ער ווערט גערופן דער „מיטעלער רבי״.

ר׳ דוד איז געבוירן געוואָרן אין טאָמאַשאָוו לובלינער אין יאָר תקס״ט (1809). צו 18 יאָר האָט ער חתונה געהאַט אין פּזשיסכע. נאָך דער חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין קאָצק, וואו זיין פאָטער ר׳ מענדעלע, איז געווען רבי. אין קאָצק האָט ר׳ דוד געהאַט אַ געשעפט פון שניט־סחורה. פּאַקטיש האָט דאָס געשעפט געפירט זיין פרוי חיה־טויבע.

ר׳ דוד, דער „מיטעלער רבי״ פון קאָצק, האָט ניט געהאַט אַזויפיל חסי־דים ווי זיין פאָטער. אַ געוויסער טייל פון זיין פאָטערס חסידים זענען אַוועק קיין גער.

ר׳ דוד האָט געפירט דעם קאָצקער „הויף״ בערך 14 יאָר. תרל״ג (1873) שטאַרבט ער אין עלטער פון 64 יאָר.

נאָך ר׳ דודן זענען געבליבן 4 זין און 7 טעכטער. פון זיינע זין האָבן צוויי ממשיך געווען די רביסטווע. ר׳ ח י י ם ־ י ש ר א ל, וועלכער איז דורך דעם רוב פון די קאָצקער חסידים געקרוינט געוואָרן פאַרן יורש פון קאָצקער שטול; און דער יינגערער ברודער, ר׳ ה י ר ש ל, וועלכן אַ טייל חסידים האָבן אויסגעקליבן פאַר אַ רבין. ר׳ הירשל איז בסך־הכל געווען אַלט 21 יאָר ווען מען האָט אים געקרוינט פאַר אַ רבי.

דער עלטערער, ר׳ חיים־ישראל, איז געבליבן אין קאָצק. ר׳ הירשל האָט תחילת זיך אַריבערגעצויגן קיין ר אַ ד ז י מ י ן, וואו עס האָט געוואוינט זיין שווער, רב יאַנקעלע ראַדזימינער, און שפּעטער ציט ער זיך אַריבער קיין ל אָ מ אַ ז, וואו ער האָט געשאַפן דעם כולל פון „לאָמאַזער״ חסידים. ער האָט זיך נאָכדעם אַריבערגעצויגן קיין פּראַגע (וואַרשע), וואו ער האָט נאָך אַלץ געהייסן דער „לאָמאַזער״ רבי.

ווי מיר זעען, איז דער פּאַקטישער יורש־עצר פון קאָצק געוואָרן ר׳ חיים־ישראל, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר ת״ר (1840). ער איז דערצויגן געוואָרן ביי זיין זיידן רב מענדעלען. צו 16 יאָר איז ער געוואָרן אַ חתן אין זגיערזש, ביים חסידישן גביר און אינדוסטריעלער זעליג הלוי פּרענקל.

ר׳ חיים־ישראל האָט געפירט דעם קאָצקער „הויף״ בערך 15 יאָר און אין יאָר תרמ״ח (1888) איז ער אַריבער קיין פּ ו ל אַ ו ו, וואו ער האָט אויפגעשטעלט דעם פּ ו ל אַ ו ו ע ר חסידישן „הויף״, וועלכן ער האָט געפירט ביז זיין שטאַרבן, י״ב סיוון תרס״ו (1906).

פאַר די דאָזיקע יאָרן האָט זיך טאַקע איינגעפעסטיקט דאָס פּולאַווער חסידות, וואָס האָט באַקומען אַ שטאַרקן אָנזען. עס איז געווען אַ המשך פון קאָצק. אָבער דער פּולאַווער האָט עפּעס מחדש געווען, וואָס האָט אין טייל

חסידישע קרייזן אַרויסגערופן וויכוחים. דאָס איז געווען זיין באַציאונג צו ישוב ארץ־ישראל, זיין רוף צו שאַפן פרומע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. ער איז געווען פאַר אַ פּאָזיטיווער טעטיקייט זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. ער האָט אַפילו אַרויסגעשיקט אַ ריי בריוו צו די דעמאָלטיקע גדולים פון חסידות און אויך מתנגדישע רבינישע אויטאָריטעטן וועגן דאָזיקן ענין. טייל רבנים און רביים, וועלכע האָבן געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צום פּאָליטישן ציוניזם, ווי עס האָט אים געפּריידיקט ד״ר הערצל, האָבן ניט גאָר גלייך געקוקט אויף דעם. זיינע בריוו זענען נאָכדעם אַרויס אין אַ ספּעציעלער פּובליקאַציע „שלום ירושלים״. (אַרויסגעגעבן דורך זיין זון, דעם סקאָלאָווער רבין.)

פולאַווער חסידות איז טאַקע צוליב דעם געוואָרן אַ שם־דבר ניט נאָר אין פוילן.

רבי חיים־ישראל פלעגט זיך אונטערשרייבן, אַפילו בעת זיין וואוינען אין פולאַוו, „ישראל מקוצק״.

אין יאָר 1896 איז ביים פולאַווער רבין געשטאָרבן זיין פרוי, יוכבד, ער האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיט זיינער אַ פּלימעניצע, די טאָכטער פון נחמה, זיין פרויס שוועסטער, די אַלמנה פון אַברהם גאָרפינקל. דאָס מיידל איז, ווי אַ יתומה, דערצויגן געוואָרן אין רבינס הויף. מען האָט זי גערופן דישקע דער רביצינס.

דער פולאַווער רבי האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך 7 קינדער פון דער ערשטער פרוי און דריי פון דער צווייטער.

פון דער ערשטער פרוי:

1) ר׳ הערשעלע לוקאָווער — ער איז נאָכן טויט פון דעם פולאַווער דורך אַ געוויסן טייל פון פולאַווער „עולם״ געקרוינט געוואָרן ווי דער לוקאָווער רבי. ער איז געשטאָרבן 29 טעג אין שבט תר״פ (1920). זיין עלטערער זון ר׳ משה־ברוך איז געווען רב אין גראַבאָוו, נאָכדעם אַרי־בער קיין לוקאָוו און שפּעטער קיין וולאָדאַווע, וואו ער האָט געפירט רביסטווע. אַ צווייטער זון זיינער, יוסף, האָט געפראַוועט רביסטווע אין וואַרשע.

2) ר׳ משה־מרדכי, באַקאַנט צווישן דעם פולאַווער חסידישן עולם און אין שטאָט בכלל ווי ר׳ משהלע געבוירן 1859 אין קאָצק. האָט פאַרנומען דעם רביאישן שטול נאָך זיין פאָטער אין פולאַוו. ער איז געווען דער פערטער דור פון אַלטן קאָצקער, ר׳ מענדעלע. ער האָט געפירט די רביסטסווא אין פולאַוו ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1915. בעת דעם גירוש פון פולאַוו, וואָס עס האָט דורכגעפירט די רוסיש־צאַרישע אַרמיי, איז ער אַריבער קיין וואַרשע. זיין פעטער, ר׳ רפאל טוכמאַן, דער איידעם פון ר׳ דוד קאָצקער, האָט אים געגעבן אַ דירה אין זיין גרויסן הויף אויף נאַ־

לעווקי. דאָרטן האָט ער איינגעאָרדנט דאָס גרויסע פולאַווער שטיבל. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט ער זיך ניט אומגעקערט קיין פולאַוו. ער איז געשטאָרבן אין וואַרשע אָדר תרפ״ט (1929). ער האָט נאָך זיך ניט געלאָזן קיין קינדער.

3) ר׳ יצחק־זעליג, דער באַרימטער סאָקאָלאָווער רבי. ער איז געוואָרן רב און רבי אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1899 נאָך פאַרן לעבן פון זיין פאָטער. עס ווערט איבערגעגעבן, אַז דאַן זענען געקומען שליחים פון סאָ־קאָלאָוו צום פולאַווער רבין, ר׳ חיים־ישראל, אַז ער זאָל איבערנעמען די



רב יצחק־זעליג מאָרגנשטערן, זון פון פולאַווער רבין, רבי ישראל־חיים, באַ־רימט ווי דער סאָקאָלאָווער רבי.

רבנות אין סאָקאָלאָוו. דער פולאַווער האָט זיי רעקאָמענדירט זיין זון, יצחק־זעליגן. ער איז דאַמאָלס בסך־הכל געווען אַלט בערך 30 יאָר. סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ שטאָט, וואו עס האַלטן זיך ניט קיין רבנים. מען זאָגט, אַז אויפן סאָקאָלאָווער בית־עולם זענען ניט געווען קיין קברים פון רבנים, ווייל נאָכן אָפזיין אַ גאָר קורצע צייט פלעגן זיי פון דאָרטן אַוועק. ר׳ יצחק־זעליג האָט זיך דאָרטן אָבער געהאַלטן ביז זיין טויט, אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער געווען אין אָטוואַצק וואו ער איז געשטאָרבן אין 1940.

נאָכן טויט פֿון ר׳ חיים־ישראל, זיין פאָטער, איז אַ גרויסער טייל פֿון די פּולאַווער חסידים אַריבער צו אים.

ר׳ יצחק־זעליגס זון, ר׳ מענדל, איז געווען ווענגראָווער רב. ער איז דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן, זיי האָבן אים דערשטאָכן אום יום־כיפור 1939, גלייך נאָכן זייער פאַרנעמען די שטאָט.

4) ר׳ יוסף, באַקאַנט צווישן פּולאַווער עולם ווי ר׳ יאָסעלע. נאָכן טויט פֿון זיין פאָטער האָט ער אָנערקענט די פירערשאַפט פון זיין ברודער ר׳ משהלע. אין יאָר 1924 ווערט ער רב אין קאָצק אויפן אָרט פֿון זיין קרוב ר׳ משה הכהן ראַפּאָפּאָרט. אין יאָר 1929, ווען עס איז געשטאָרבן זיין ברודער, ר׳ משהלע, האָבן אים די חסידים געקרוינט פאַר זייער רבין, ווי דער ממשיך פון דעם כולל קאָצק־פּולאַוו. אין יאָר 1939 איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ רויז, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויף זיין פוס. ער קומט קיין וואַרשע צו אַ דאָקטער. ער שטאַרבט דאָ 14 טעג אין טבת תרצ״ט (1939).

די ווייטערדיקע קינדער פֿון דער ערשטער פרוי זענען געווען טעכטער:

5) גליקע, וועלכע האָט התונה געהאַט מיט אברהם שחור פֿון ביאַלע, שפּעטער ווען זי איז געוואָרן אַן אַלמנה, איז זי געוואָרן די פרוי פון כּענטשינער רב ר׳ נחום מאיר הלוי פּיש. איר זון ר׳ יוסף־אשר־זעליג פיש איז געווען רב אין גראַבאָוו און נאָכדעם אין סטריקאָוו. ווען ר׳ יאָסעלע איז געשטאָרבן, איז ער דורך אַ טייל חסידים דערקלערט געוואָרן פאַר רבי.

6) נחמה־צינע, האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ הענאָך בלאַס, אַ חסיד אַ גביר.

7) ביילע־רחמה, וועלכע איז געווען די פרוי פון פאַרטשעווער רב ר׳ אליעזר־שלום הלוי עפּשטיין.

פֿון דער צווייטער פרוי האָט ער געהאַט איין זון:

8) יעקב מאָרגנשטערן, באַקאַנט ווי יאַנקעלע דעם רבינס.

און צוויי טעכטער:

9 חיה־טויבע, די פרוי פון אַהרן גאַלאַנט פון וואַרשע.

10) רבקה, די פרוי פון בנימין ערנסט פון בענדין.

---

מיר האָבן דאָ געבראַכט נאָר די גענעאַלאָגישע ידיעות פון דער פּולאַווער חסידישער דינאַסטיע, פון איר אָנהייב ביז איר סוף, זיך ניט אָפּגעשטעלט אויפן דרך פון פולאַווער חסידות, וואָס דאָס געהערט צו אַן אַנדער אָרט. דאָ און דאָרטן געפינען זיך זיכער יחידים געבליבענע פון דער דאָזיקער פאַרצווייגטער משפחה, וואָס האָט איר מקור אין פּולאַוו.

זאָלן די דאָזיקע שורות זיין דער יזכור פאַר דער דאָזיקער משפחה.

וואָס פון איר איז צווישן די גערעטעטע פון אונדזער שטאָט כמעט קיין איין שריד ניט געבליבן.

## 11. דער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פולאַוו אין אָנהייב פון 20טן יאָרהונדערט

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז די ערשטע ידיעות וועגן דער צאָל יידן אין פולאַוו שטאַמט פון יאָר 1878, אַז אין דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער וואָס עס זענען דעמאָלט געווען — 3342, זענען געווען 2,505 יידן. מיר האָבן ווייטערדיקע ידיעות וועגן דעם צושטאַנד און וואוקס פון דעם יידישן קיבוץ אין פולאַוו אין ערשטן צענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט. אָט איז די סטאַטיסטיק פון די ווייטערדיקע יאָרן:

ווי מיר זעען איז די יידישע באַפעלקערונג כסדר געווען אַ מערהייט אין פולאַוו און טאַקע דערגאַנגען ביז אומגעפער צוויי־דריטל פון דער שטאָטישער איינוואוינערשאַפט.[15]

| יאָר | אַלגעמיינע צאָל איינוואוינער | אין דעם יידן | פּראָצענט יידן |
|---|---|---|---|
| 1907 | 6.752 | 4.831 | 71.4 |
| 1909 | 8.934 | 5.531 | 61.9 |
| 1910 | 10.031 | 6.111 | 60.9 |

## 12. פולאַווער פרענומעראַנטן פון ספרים

ביי יידן איז געווען פון לאַנגע צייט איינגעפירט, אַז מחברים פון ספרים פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט כדי פון פאַרויס פאַרשפרייטן זייער ספר, נאָך איידער ער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן. די נעמען פון די יעניקע וועלכע פלעגן פון פאַרויס באַצאָלן פאַרן ספר, דאָס מיינט פון די פרענומעראַנטן, האָבן די מחברים ביים אָפּדרוקן דעם ספר פאַרעפנטלעכט צום סוף פון דעם חיבור. די דאָזיקע רשימות פלעגן גיין אונטערן אָנגענומענעם נאָמען „שמות הפרענומעראַנטן".

די דאָזיקע „שמות הפרענומעראַנטן" ווערן היינט אויסגעניצט פון פאַרשידענע פאָרשערס און שטעלן צו גאָר וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר די וואָס פאָרשן דעם נעכטן פון יידישן לעבן. גראָד היינט, ווען דאָס יידישע לעבן איז אין מזרח־אייראָפּע פאַרטיליקט געוואָרן זענען די דאָזיקע פרענומעראַנטן־

15. *Bohdan Wasiutyński* — Ludność Żydowska w Królewstwie Polskim, Warszawa 1911, p. 53.

רשימות אַ וויכטיקער מקור צו געוויסע געשיכטע־אַספּעקטן פון די פאַר־שניטענע שטעטלעך.

אַזוי איז עס אויך געשען ביים אויסגעפינען מקורים צו דער געשיכטע פון יידישן יישוב אין פולאַוו. נאָכזוכנדיק די פּרענומעראַנטן־רשימות פון פאַרשידענע שטעט האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף צען ספרים, וואו עס זענען פאַראַן פּרענומעראַנטן פון פולאַוו.[16] איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף די ווייטערדיקע פינף ספרים:

1) משניות טהרות, געדרוקט אין וואַרשע, תקצ״ח — 1838, מיט 5 פולאַווער פּרענומעראַנטן;

2) נודע בשערים, געדרוקט אין וואַרשע אין יאָר תרכ״ד—1864, מיט 3 פולאַווער פּרענומעראַנטן.

3) תפארת צבי, געדרוקט אין יוזעפאָוו, תרכ״ז—1867, מיט 4 פּו־לאַווער פּרענ־מעראַנטן.

4) אלה המצוות, געדרוקט אין וואַרשע, תרמ״ז—1887, מיט 5 פולאַ־ווער פּרענומעראַנטן.

5 פרי צדיק, געדרוקט אין לובלין, תרס״א—1911, מיט 37 פולאַווער פּרענומעראַנטן.

ווי מיר זעען איז שוין אין יאָר 1838 אין פולאַוו געווען אַ יידישער קיבוץ, ביי וועלכן אַ מחבר האָט באַקומען 5 פּרענומעראַנטן אויף זיין חיבור. דאָס באַשטעטיקט טאַקע וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן ביים קאַפּיטל וועגן די ערשטע רבנים אין פולאַוו.

די פּרענומעראַנטן־רשימות זענען ניט נאָר אַ מקור צו דער געשיכטע פון דער שטאָט נאָר אויך אַ געוויסער גענעאַלאָגישער שליסל צו דער געשיכטע פון אַ ריי משפחות. וועלן מיר דאָ טאַקע זיך אָפּשטעלן אויף אַ פּאָר פולאַווער פּרענומעראַנטן רשימות. צווישן די דאָזיקע וועלן אונדזער היינטיקע פּו־לאַווער געפינען זייער פיל באַקאַנטע נעמען, טייל אַפילו זייערע נאָענטע קרובים.

איפן ספר „אלה המצוות״, וואַ־שע 1887, האָבן מיר די ווייטערדיקע פּרענומעראַנטן:

1) הגביר ר׳ שמואל־ליב נאַכטיגאַל;

2) פּנחס צוקער (דער זיידע פון צעשע לאַם־בורשטיין);

3) ר׳ מרדכי זעליג גאַרפינקל;

4) חיים יעקב עב״ה זאַמד (דאָס מיינט פאַרן בית־המדרש אויפן זאַמד);

16. זיך באַנוצט מיטן כתב־יד „פּרענומעראַנטן־בוך״ פון בערל קאַהאַן, וואָס ער גרייט צו צום דרוק.

5) ר׳ שלום שפייזער מקאָזמיר.

אייפן ספר „פרי צדיק״, וואָס דער מחבר איז דער באַקאַנטער לובלינער רב און רבי צדוק ב״ר יעקב הכהן זענען שוין פאַראַן די ווייטערדיקע עטלעכע צענדליקער פולאַווער פרענומעראַנטן:

הרה״ג הצה״ק ר׳ ישראל שליט״א; בנו ר׳ משה מאָרגענשטערין; בנו ר׳ יוסף מאָרגענשטערין; הרה״ג ר׳ מענדל ניי; ר׳ מנחם־מענדל בייער; ר׳ משה־אלימלך שטערנליכט; מרדכי פינקעלשטיין; ר׳ יוחנן בראַטפיין; ר׳ פישל בערגרין; ר׳ בן־ציון דיאַמענט; ר׳ חיים־יונה; ר׳ יהודא־דוב בייגעלמאַן; ר׳ פנחס־שלמה ווישניק; ר׳ מנחם־מענדל שו״ב; ר״ שמואל טענענבוים; אליעזר אַלטמאַן; ר׳ אַלטער פינקעלשטיין; ר׳ צבי קליינבוים; ר׳ יואל מנחם הלוי עטינגער; ר׳ יעקב־יוסף פישמאַן; ר׳ זאב־דוב גראָסמאַן; ר׳ יעקב סופר; ר׳ יעקב־צבי הייכמאַן; ר׳ משה־שמשון אייזענמאַן; ר׳ שלמה־מרדכי שאָטערשפיגל; ר׳ יצחק־אהרן שערמאַן; ר׳ ישראל־יצחק אייזנער; משה־זאב סאַמעלזאָהן; ר׳ אברהם־יעקב ליבפעלד; ר׳ יעקב־קאָפּיל רויזענבערג; יחזקאל גאָרפינקל; ר״ משה זילבערמאַן; ר׳ שמעון־בער במוהרש״א ז״ל משעדליץ.

די רשימה הייבט זיך אָן מיט דעם פולאַווער רבי, רב ישראל, זיינע זין, רב משהלע און רב יאָסעלע, דער פולאַווער רב ר׳ מענדל ניי, און ווייטער גייען די חשובע שטאָט־באַלעבאַטים. פון דער רשימה קאָנען שוין די איצטיקע בני־דור כמעט אַלעמען. אַ טייל פון זיי געפינען זיך אויך אין די רשימות פון די קדושים, די קרבנות פון דער היטלערישער פאַרטיליקונג.

## 13. פולאַוו אַ רעוואָלוציאָנערער צענטער

אין טייל זכרונות פון די לאַנדסלייט אין אינדזער פנקס ווערט שפעטער גאָר אָפט דערמאָנט דער שטורמישער „פינפטער״ יאָר און זיין אָפּקלאַנג אין פולאַוו מיט אַ ריי רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטן. עס ווערט דערביי אינטערגעשטראָכן די ראָלע פון דעם פולאַווער אַגראָנאָמישן אינסטיטוט אין דעם אויפקום פון דער אָרטיקער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט אויך משפיע געווען אויף דער יידישער יוגנט.

מיר האָבן איצט אַ ריי גאָר אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן אין דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שייכות צו דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פולאַוו נאָך ווייט פאַרן „פינפטן״ יאָר. עס ווייזט זיך אַרויס אַז שוין אין די אַכציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט איז פולאַוו, ריכטיקער דער פולאַווער לאַנדווירטשאַפטלעכער אינסטיטוט, געווען אַ צענטער פון רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער טעטיקייט, וואָס האָט געשפילט אַ גאָר וויכטיקע ראָליע אין דעם אויפקום פון דער באַוועגונג אין גאַנץ פוילן.

די מאַטעריאַלן נעמען מיר אַרויס פון אַ ווערק פון 2 בענד צו דער געשיכטע פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין פוילן. מיר וועלן דאָ נאָר פאַרצייכענען פון די דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שייכות צו פולאַוו.[17])

1) דאָקומענט נומער 354. דעם 2טן אָקטאָבער 1871 האָט דער נאַטשאַלניק פון פולאַווער פאַוויאַט, מאַיאָר בעלאָזערסקי, צוגעשיקט צום גובערניאַלן אַמט אין לובלין אַ ראַפּאָרט וועגן דער לאַגע פון דער אייזן־פאַבריק אין הויף מאַזאַנאָוו, וואָס האָט געהערט צום סוחר יאַנקל צוקער, וואו מ'פלעגט פּראָדוצירן טשוועקעס. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט 60 מאַן. ווערט אויסגעאַרבעט ביז 40.000 פוד אייזן.

2) דאָקומענט נומער 368. פון אַ נאָמענטלעכע רשימה פון די סטודענטן אין דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט אין פולאַוו, דאַטירט דעם 1טן יאַנואַר 1878, איז צו זען, אַז אין דאָרטיקן אינסטיטוט האָט זיך אין די יאָרן 1877—1878 געלערנט לודוויק וואַרינסקער, איינער פון די פּיאָנערן פון דער פוילישער אַרבעטער באַוועגונג, גרינדער פון דער ערשטער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט".

3) דאָקומענט נומער 376. געהיימער באַריכט פון לובלינער גובערנאַטאָר ל. סטאַמיעראָוו צום וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר פ. אַלבעדענסקי, דאַטירט דעצעמבער 1881, וועגן דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט אין פולאַוו. פון באַריכט דערווייסן מיר זיך, אַז אין אינסטיטוט האָבן זיך דאַן געלערנט 235 סטודענטן. לויט זייער רעליגיעזער אָנגעהעריקייט זענען עס געווען: 64—פּראַוואָסלאַווע; 144—קאַטאָליקן; און 17 — יידן; 9 — לוטעראַנער און איין אַרמיאַנאָ־גריגאָריאַנער.

4) דאָקומענט נומער 377. געהיימער בריוו פון 1 יוני 1883 פון דעם זשאַנדאַרמעריע־נאַטשאַלניק פון די פּאָוויאַטן פולאַוו־לובאַרטאָוו צו דער זשאַנדאַרמישער ביוראָ אין דער גובערניע וועגן דער אויספאָרשונג, וואָס עס ווערט געפירט אַרום די סאָציאַליסטישע קרייזלעך און די פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". צווישן די אַרעסטירטע און אויסגעפרעגטע געפינען מיר אויך די ווייטערדיקע יהידים מיט יידישע

17. Źródła do dziejów klasy robotniczej na ziemiach Polskich, pod redakcją Natalij Gąsiarowskiej. Warszawa 1962, Państwowe Wydawnictwo Naukowe.

נעמען: זוסמאַן, בריליאַנט, קאָסאָװסקי, װעגמאַן, געמפּעל, אָפּענבערג, ראַטנער, נאַטאַנזאָן.

5) דאָקומענט נומער 379. בריװ פון װאַרשעװער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון 1טן נאָװעמבער 1883, אַז דער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט געגעבן אַ ריי אָנװייזונגען װעגן דער אויספאָרשונג פון דעם פולאַװער רעװאָלוציאָנערן קרייז.

6) דאָקומענטן נומער 388. ראַפּאָרט פון נאַטשאַלניק פון פולאַװער פּאָװיאַט נ. קירילאָװיטש צום לובלינער גובערנאַטאָר װ. טראָזשעװסקי, דאַטירט 22טן אַפּריל 1890, װאו עס װערט אינפאָרמירט װעגן רעװאָלוציאָנערע אַרעסטירטן פון די סטודענטן פון לאַנדװירטשאַפטלעכן אינסטיטוט און די דורכגעפירטע קעגן זיי רעפּרעסיעס. צװישן די אויסגעפאָרשטע זענען פאַראַן סטודענטן מיט יידישע נעמען. װידער װערט אָנגעגעבן, אַז ס׳איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון סטודענטן, װאו עס זענען געװען אנװעזנד 145, װעלכע האָבן אונטערגעשריבן אַ פּעטיציע קעגן די רעפּרעסיעס.

7) דאָקומענט נומער 408. ראַפּאָרט פון דעם נאַטשאַלניק פון פולאַװער פּאָװיאַט ראַפּטאַפּולאָ צום לובלינער גובערנאַטאָר װ. טראָזשעװסקי (דאַטירט 10טן נאָװעמבער 1898) װעגן אַרעסטירן 12 סטודענטן פון פולאַװער לאַנדװירטשאַפטלעכן אינסטיטוט צוליב זייער אָנגעהעריקייט צו אַ סאָציאַליסטישן קרייזל.

פון די געבראַכטע דאָקומענטן (אַ גאָר קליינער טייל פון אַ גרויסער קאָלעקציע) איז צו זען, אַז אין פולאַװ האָט זיך שוין גאָר פרי אָנגעהויבן אַ רעװאָלוציאָנערע טעטיקייט. אָבער אַ גאָר ברייטן מאַסן־כאַראַקטער האָט די באַװעגונג אָנגענומען אין דעם שטורמישן „פינפטן" יאָר. פולאַװ געהערט צו די איינצלנע שטעט אין פוילן װאו אויך די מיליטערישע גאַרניזאָנען, די רוסישע זעלנער פון די סטאַציאָנירטע דאָרטן פאָלקן האָבן זיך באַטייליקט אין די רעװאָלוציאָנערע אַרויסטריטן.

פון אַן אַרבעט װאָס איז ניט לאַנג דערשינען האָבן מיר גאָר ברייטע שילדערונגען פון די געשעענישן אין פולאַװ אין יענעם יאָר און װאָס װייזט דעם גאָר גרויסן פאַרנעם פון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג אין פולאַװ.[18]) די אַרבעט באַשעפטיקט זיך מיט גאַנץ פוילן. מיר װעלן נאָר אויסניצן די פראַגמענטן, װאָס האָבן אַ שייכות צו פולאַװ.

---

18. *Ignacy Pawłowski* — Wojskowa działalność SDKPiL w rewolucji 1905–1907 w Polsce, Warszawa 1956.

שוין אין יאָר 1903 איז אין פולאַוו געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופע, די וועלכע עס האָבן געהערט סיי סטודענטן פון דעם לאַנדווירט־שאַפטלעכן אינסטיטוט, סיי אָרטיקע איינוואוינער.

אין יאָר 1904, אין דער צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה איז אַנטשטאַנען אין פולאַוו אַ מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געפירט איר טעטיקייט צווישן די זעלנער פון די פאָלגנדיקע פּאָלקן וואָס זענען געשטאַנען אין פולאַוו: 71טער פּאָלק — ביעלעווסקער; 72טער פּאָלק — טולסקער — פּעכאָטע; 18טע אַרטילעריע בריגאַדע. די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פון פולאַוו איז געווען פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער מיליטעריש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „וורא״ (וואָיסקאָווא, רעוואָלוציינאַ אָרגאַניזאַציאַ). אין דער דאָזיקער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע האָבן מיטגעאַרבעט פּוילישע און יידישע סאָציאַ־ליסטן. צווישן אַנדערע דערמאָנט דער מחבר, איז דאָרטן געווען דאָס פּאָר־פּאָלק סטאַניסלאַוו גאָלדענבערג און דער בונדישער פאָרשטייער אליהו פושאַש.

אין אַ געוויסן טאָג (21 פעברואַר 1904) האָט מען אין די פּילאַווער קאַ־זאַרמעס, אין די פּאָסטקעסטלעך אין אין דאָרף מאָקראַטקי, געפונען אַ צאָל אויפרופן פון דער מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. אין בוך זיינען פאַראַן דראַמאַטישע שילדערונגען פון ריזיקע דעמאָנסטראַציעס פון זעלנער אונטער רויטע פענער אין געזאַנג פון דער מאַרסיעלעזיע. וועגן פאַרזאַמלונגען פון זעלנער אין די טאָלן ביים דאָרף סקאָוועשין. עס איז געקומען צו אַ פאַרברידערונג צווישן די זעלנער אין אָרטיקע גרופן.

דעם 1טן נאָוועמבער 1905 איז אין פולאַוו געווען אַ מאַניפעסטאַציע פון טויזנט מאַן וואָס איז געגאַנגען צו די קאַזאַרמעס און איז באַשטאַנען פון אָרטיקע אַרבעטער, פויערים פון אַרומיקע דערפער און סטודענטן פון דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט. אויף מאָרגן איז פאָרגעקומען אַ צווייטע מאַניפעסטאַציע, אונטער רויטע פענער און געזאַנג פון רעוואָלוציענער לי־דער, אין וועלכער עס האָבן זיך שוין באַטייליקט 2500 מאַן. די זעלנער זענען ניט אַרויסגעטראָטן קעגן די דעמאָנסטראַנטן. מ׳האָט אַרויסגערופן אַ ספּעציעלע גרופּע דאָנער קאָזאַקן, וועלכע האָבן צעטריבן די דעמאָנס־טראַנטן; געשאָסן אין המון, וואו עס זענען געווען 20 שווער־פאַרוואונדעטע. ווי אַן ענטפער אויף דער בלוט־באָד איז אויפן שטח פון פולאַווער לאַנד־ווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט מיטינג פון 5000 מאַן — איינוואוינער פון פולאַוו, קאָרעוו, מאַרקושעוו, קאָנסקעוואָליע און אַרומיקע דערפער. דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט אַרויסגעשיקט אַ טעלע־ראַמע צום אינערן־מיניסטער וויטטע מיט אַ פאָדערונג צו באַשטראָפן די שולדיקע.

גאָר דראַמאַטיש האָט אויסגעזען דאָס אַנטוואָפענען די זעלנער פון פו־לאַווער גאַרניזאָן. עס האָט זיך געגרייט אַן אַלגעמיינער אויפשטאַנד און די קאַזאַרמעס און די מאַכט האָט זיך דערפון דערוואוסט און מ׳האָט ביי די זעלנער אויף אַן אָפּנאַרערישן אופן צוגענומען דאָס געווער.

אַ גאָר וויכטיקע ראָלע אין די געשעענישן האָט געשפּילט דער דעמאָל־טיקער זעלנער אין פּולאַוו וולאַדימיר אַנטאָנאָוו—אווסעיענקאָ, וועלכער איז שפּעטער געוועזן איינער פון די וויכטיקסטע טוער אין דעם קאָמוניסטישן



וולאַדימיר אַנטאָנאָוו אָווסעיענקאָ

לאַגער; זיך באַטייליקט אין די שפּאַנישע קאַמפן און שפּעטער, דורך דער נ.ק.וו.ד., ביי די רייניקונגען נאָכן יאָר 1937 אין סאָוועט־רוסלאַנד, דער־שאָסן געוואָרן ווי אַ „משוגענער הונט און פאַשיסטישער שפּיאָן".

עס איז כמעט נישטאָ קיין איין געשיכטע־אַרבעט וועגן דעם שטורמישן „פינפטן" יאָר אין פּוילן, וואו די פּולאַווער געשעענישן זאָלן ניט פאַרנעמען אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט.

## 14. די גמילות־חסדים־קאַסע אין פּולאַוו

אין אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן פון אונדזערע לאַנדסלייט ווערט דער־מאָנט די גמילות־חסדים קאַסע אין פּולאַוו און אירע טעטיקייטן. אין אַרכיו פון ייוואָ האָט זיך אויפגעהיט אַ גאָר וויכטיקע אַקטן־טעקע מיט מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס האָט אַ שייכות סיי צו דער טעטיקייט פון דער גמילות־חסדים־קאַסע אין די יאָרן צווישן ביידע מלחמות, סיי צו דער געשיכטע פון

חסדים־קאַסע אין די יאָרן צווישן ביידע מלחמות, סיי צו דער געשיכטע פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, וואָס האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע אינעם געזעלשאַפטלעכן אוןווירטשאַפטלעכן לעבן פון דעם יידישן יישוב. פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן וועלן מיר טאַקע אַרויסנעמען אַ ריי פּרטים צו דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער פּולאַווער גמילת־חסדים־קאַסע.[19]

דער ערשטער דאָקומענט איז אַ 7 זייטיקער באַריכט אין דייטש, דאַטירט וואַרשע 13טן מאַרץ 1925, אונטערגעשריבן פון ב. ענטעליס, וועלכער איז געווען אַן אינספּעקטאָר פון דער „אַמעריקאַן דזשאָינט רעקאָנסטרוקשן פאָנד", וואָס האָט געהאַט אין יענער צייט די צענטראַלע אין בערלין. דער באַריכט איז וועגן דער רעוויזיע אין דער „קאָאָפּעראַטיווער באַנק" אין פּולאַוו, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורכן דערמאָנטן ענטעליס דעם 14טן פעברואַר 1925.

אין אַריינפיר ווערט דורכן אינספּעקטאָר איבערגעגעבן די געשיכטע פון דער אינסטיטוציע, פון וועלכער מיר נעמען אַרויס גאָר קורצע פראַגמענטן, וואָס האָבן אַגב אויך אַ שייכות צו דער געשיכטע פון יישוב בכלל. ער דערציילט:

פּולאַוו האָט אין דער צייט פון דער מלחמה (1914) שטאַרק געליטן. די יידישע באַפעלקערונג איז אין משך פון קריג דריי מאָל אַרויסגעשיקט געוואָרן. די שטאָט איז געוואָרן אָפּגעברענט. איצט איז שוין פּולאַוו כמעט אינגאַנצן אָפּגעבויט. די באַפעלקערונג איז אָבער שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן: אַנשטאָט די צען טויזנט נפשות, וואָס די שטאָט האָט פריער געהאַט, לעבן איצט דאָרטן נאָר 4.200, פון זיי זענען בערך 3500 יידן.

צווישן די באַשעפטיקונגען פון די אָרטיקע יידן איז באַזונדערס אָנזעעוודיק מעכאַנישע שוסטעריי, וואָס האָט זיך דאָ פאַר די לעצטע יאָרן שטאַרק אַנטוויקלט. עס פונקציאָנירן דאָ איצט 52 שוסטער־פאַבריקלעך, וואו עס אַרבעטן פון 6 ביז 10 אַרבעטער. די אויסאַרבעטונגען ווערן בעיקר פאַרקויפט אין גאַליציע און אין די אַזוי־געררופענע „קרעסן" (מיזרח־געביטן פון פּוילן). די אַליין־קאָסטן זענען איצט אָבער אַזוי הויך, אַז עס איז זיי שווער צו קאָנקורירן מיט די אויסלענדישע פירמעס.

ביז צוויי הונדערט יידישע משפחות זענען דאָ אינגאַנצן אָדער טיילווייז באַשעפטיקט ביי גערטנעריי.

אין אַ פאַרהעלטמעסיק־ברייטן מאַשטאַב אַרבעטן דאָ אויך (פאַר דער נאָענטער געגנט) די מעבל־סטאָלער ווערקשטאַטן.

---

19. אַרכיוו פון ייוואָ ניו־יאָרק, מאַטעריאַלן פון אַדראַפּ, טעקע נומער 297.

די קרעדיט־באַדאַרפענישן פון דער יידישער (און אויך ניט־יידישער) באַפעלקערונג זענען שוין פאַר דער מלחמה באַפרידיקט געוואָרן דורך דער אָרטיקער קאַסע.

די דאָזיקע קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1907. זי האָט אין אַ גאָר קורצער צייט אַנטוויקלט אַ זייער ברייטע טעטיקייט, אַריינציענדיק אין איר ווירקונג אַ גאָר גרויסע צאָל מיטגלידערשאַפט אין זי האָט זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט אין דעם גאַנצן געגנט. אין יאָר 1914 האָט די דאָזיקע קאַסע פאַרמאָגט אַ מיטגלידערשאַפט פון 1055 פערזאָן (יידן און קריסטן) מיט אַ קאַפיטאַל פון צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן.

אין יאָר 19922 איז אַדאַנק דער מיטהילף פון ד.ד.ק. (דושאָינט) און „איקאַ" באַנייט געוואָרן די אַרבעט פון דער קאַסע. די דעוואַלואַציע פון דער פוילישער מטבע האָט אָבער געבראַכט דער אינסטיטוציע צו רואין.

זי קומט אָבער צוריק צו זיך. די לאַגע איז אַזאַ, וואָס די צוויי פאַראַנענע אין שטאָט פריוואַטע בענק אין די קריסטלעכע קאַסע קאָנען מיט דער יידישער ניט קאָנקורירן.

אין דער איצטיקער צייט (ווען דער באַריכט איז געשריבן געוואָרן), געהערן צו דער אויפזיכט־ראַט און דער פאַרוואַלטונג די ווייטערדיקע פערזאָנען:

אויפזיכטס־ראַט

1) ב. האָניגספעלד, פרעזעס — דאָקטער; 2) ל. בראנשטיין, וויצע־פרעזעס — סוחר; 3) ה. ראָזענבערג — סוחר; 4) י. ראַטנאָווסקי — אַגראָנאָם; 5 ט. קוואַטער — שוסטער; 6) ל. ביגעלמאַן — שוסטער; 7) י. ניסענבוים — סוחר; 8) ח. פעלדבערג — בערשטלמאַכער; 19) י. רעגערמאַן — סוחר.

פאַרוואַלטונג

1) פעפערמאַן, פרעזעס — פאַרוואַלטער פון דער קאַסע; 2) גאָלדמאַן— וויצע־פרעזעס; 3) לאָטערשפיל — סוחר; 4) בערגרין — סוחר; 5) עדעלשטיין — סוחר.

צו דער קאַסע געהערן 478 מיטגלידער. זייער עקאָנאָמיש־סאָציאַלער באַשטאַנד איז: האַנדווערקער — 130, קליינהענדלער — 228; סוחרים און פאַבריקאַנטן — 21, פרייע באַרופן — 20, לאַנדווירטן — 3, פאַרשידענע — 78. צווישן די דאָזיקע 478 מיטגלידער זענען פאַראַן דריי קריסטן.

מיר לאָזן דאָ דורך די גאָר ברייטע אינפאָרמאַציעס וועגן די הלוואות, זייער גרויס איז די סומעס און ווען ברענגען אַן אויסצוג פון דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם אינספעקטאָר. ער שרייבט צווישן אַנדערע:

...„ווי עס ווערט פון דעם אַלעמען געזען דאַרף די קליינע קאַסע אין פולאַוו מיט די רעזולטאַטן פון איר טעטיקייט פאַרעכנט ווערן פון די בעסטע אין גאַנץ פוילן."

אַ ווייטערדיקער באַריכט איז פון דעם אינספּעקטאָר מ. פליישער. פון דעם באַריכט איז צו זען, אַז די צאָל מיטגלידער אין דאַן (סעפּטעמבער 1926) באַשטאַנען פון 650 מיטגלידער.

אין באַריכט פון דעם אינספּעקטאָר פון דעם פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פוילן ח. שאָשקעס (14 אָקטאָבער 1927), ווערט שוין די צאָל מיטגלידער אָנגעגעבן 708.

עס זענען פאַראַן ווייטערדיקע באַריכטן פון אינספּעקציעס פון אַברהם שמויש (אַפּריל 1928). דעמאָלט געהערן צו דער קאַסע 697 מיטגלידער פון די ווייטערדיקע באַשעפטיקונגען: האַנדווערקער — 186, קליינהענדלערס — 305 סוחרים און פאַבריקאַנטן — 40, פרייע פּראָפעסיעס — 28, לאַנדווירטן — 9, סאַדאָווניקעס — 70, פאַרשידענע פאַכן — 40.

דער זעלביקער אינספּעקטאָר — א. שמויש — האָט אויך דורכגע־פירט אַ רעוויזיע אין דער קאַסע מיט אַ יאָר שפּעטער 1929 פון זיין 11 זייטיקן באַריכט ווען מיר אַרויסנעמען אַ פּאָר גאָר קורצע פּאַראַגראַפן:

„...דער צושטאַנד פון דער ליי־קאַסע איז אַ גוטער. זי האָט אַ גאָר גרויסן און טאַקע פאַרדינטן צוטרוי פון דער אָרטיקער באַ־פעלקערונג און פון די קרובהשע שטעטלעך, ווי אויך פון די אָפיציעלע שטאַטישע אַמטן...״

צווישן די 11 פונקטן, וואָס דער אינספּעקטאָר האָט אַרויסגעשטעלט ווי ענינים, וואָס די קאַסע דאַרף דערליידיקן איז דער לעצטער פּונקט דער:

„11. — דער לאָקאַל פון דער קאָאָפּעראַטיווער ליי־קאַסע איז אַ צו ענגער און מוז אומבאַדינגט פאַרביטן ווערן אויף אַ מער צוגע־פּאַסטן״.

פון אַ באַריכט פון דעם אינספּעקטאָר מ. גאָלדפאַרב (אָקטאָבער 1930), דערוויסן מיר זיך, אַז די פולאַווער ליי־קאַסע האָט אַרויסגעגעבן הלוואות אויך צו די ווייטערדיקע שכנותדיקע שטעטלעך: 1) אָפּאָלע — 6.000 גילדן; 2 קוזמיר — 7.000 גילדן; 3) קאָרעוו — 7.000 גילדן; 4) דעמב־לין — 8.000 גילדן; 5) וואָנוואָלניץ — 2.000 גילדן; 6) יוזעפאָוו ביי דער ווייסל — 3.000 גילדן; 7) מאַרקושעוו — 3.000 גילדן;

פון דעם באַריכט זעט מען, אַז דאָס יאָר האָט זיך שוין די קאַסע געפונען אין אַן א י י ג ן ה י י ז, וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן פאַר פופציק טויזנט גילדן. דאַן אַ גאָר גרויסע סומע.

פון דעם באַריכט פון יאָר 1931 (דער זעלביקער אינספּעקטאָר — מ. גאָלדפאַרב) ווען מיר אַרויסנעמען נאָך איין פאַקט. אין דאָזיקן יאָר איז דער אומזאַץ פון דער לייקאַסע געווען 13,586 547 גילדן. העכער אַ האַלבן מיליאָן גילדן, ממש אַ קאָלאָסאַלע סומע!

אין דאָזיקן אַקטן־פּעקל איז דער לעצטער באַריכט פון מאַרץ 1932. עס איז געווען אַ שווערער קריזיס־יאָר אין פּוילן. דער 12־זייטיקער באַריכט פון אינספּעקטאָר (דער זעלביקער מ. גאָלדפאַרב) פאַרענדיקט זיך מיט דעם פּאַראַגראַף וועגן דעם צושטאַנד פון דער אינסטיטוציע, וואו מיר לייענען צווישן אַנדערע:

"....די דאָזיקע לייַ־קאַסע (באַנק) איז די איינציקע יידישע אינסטיטוציע וואָס איז געבליבן אין פּולאַוו, וועלכע שפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט און געניסט ווייטער פון צוטרוי..."

מיר האָבן פון צענדליקער פּיל־זייטיקע אַקטן־זאַמלונגען אַרויסגענומען קליינע פראַגמענטן. זיי דערציילן וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע, פון וועלכער מיר קאָנען זייער פיל לערנען וועגן דער סאָציאַלער סטרוקטור פון די פּולאַווער יידן בכלל, און די פּאָזיטיוו־בייערישע ראָלע פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, וועלכע איז דורך די צענטראַלע אינסטאַנצן פון דער יידישער לייַ־קאָאָפּעראַציע אין לאַנד, געשטעלט געוואָרן פאַר אַ מוסטער.

## 15) דער „פּולאַווער פּלאַצדאַרם" אין 1944

ביז איצט האָבן מיר אין די 14 קאַפּיטלעך גערעדט וועגן די שפּעטערישע און בויענדיקע פאַקטן פון יידישן אין אַלגעמיינעם פּולאַוו. איז באַשערט צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן געשעכטלעכן טייל פון פּולאַוו מיט אַ לעצטן חורבן־קאַפּיטל פון דער שטאָט, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע.

אין יאָר 1944 ווען די מיליטערישע מאַכט פון דער היטלערישער אַרמיי איז שוין געווען שטאַרק צעטרייסלט; ווען די אַרמייען פון די אַליאירטע פון מערב און די סאָוועטישע פון מזרח האָבן דערלאַנגט דער נאַצישער באַוואָפנטער מאַכט איין מפּלה נאָך דער צווייטער, האָט זיך אויף אַ געוויסער צייט דער מזרח־פראָנט פאַרהאַלטן ביי דער ווייסל אין דער געגנט פון פּולאַוו. פון ערשטן אויגוסט 1944 ביז יאַנואַר 1945 האָט זיך דאָ געהאַלטן דער פראָנט, ביז ער איז געבראָכן געוואָרן.

די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט אין דער מיליטערישער געשיכטע פון דער צווייטער וועלט מלחמה באַקומען דעם נאָמען: „דער פּולאַווער פּלאַצדאַרם"

אין דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע [20]) איז פאַרעפנטלעכט אַ מאַפּע פון דערמאָנטן „פּלאַצדאַרם" און אַ גאָר קורצע געשיכטע פון דער דאָזיקער פראָנט־אָפּעראַציע. מיר ברענגען פון דאָרטן אַ פּאָר אויסצוגן:

---

20. גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע (רוסיש), באַנד 35, זייט 289.

„פּולאַווער פּלאַצדאַרם — איינער פון די אָפּעראַטיווע פּלאַצדאַרמס אויף דער לינקער זייט פון דער ווייסל, קעגנאיבער דעם ישוב פּולאַוו, וואָס געפינט זיך אויף דער רעכטער זייט פון ווייסל, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דעם ערשטן אויגוסט 1944 פון דעם מיליטער פון דער ערשטן ווייסרוסישן פראָנט, נאָך דער פינפטער אַטאַקע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.

די סאָוויעטישע אַרמיי האָט דאָ אין משך פון פינף חדשים אויסגעבויט אַ פאַרטיידיקונג־ליניע, סיי כדי איינצוהאַלטן פּולאַוו, סיי כדי פון דאַנען



**ПУЛАВСКИЙ ПЛАЦДАРМ** — один из оперативных плацдармов на левом берегу р. Вислы, против расположенного на правом берегу населённого пункта Пулавы, занятого войсками 1-го Белорусского фронта 1 авг. 1944 на завершающем этапе *Пятого удара Советской Армии 1944* (см.). Прочная оборона на П. п., созданная советскими войсками, способствовала удержанию его в течение 5 месяцев и подготовке на нём одного из исходных районов для проведения *Висло-Одерской операции 1945* (см.). На П. п. были отрыты и оборудованы сотни километров траншей и ходов сообщения, тысячи различных укрытий и много других оборонительных сооружений; на реке Висле было построено несколько мостов. Инженерное оборудование П. п. и его упорная оборона войсками левого крыла 1-го Белорусского фронта позволили сосредоточить на нём одну из ударных группировок фронта, нанёсших 14 января 1945 сокрушительный удар по многополосной обороне немецко-фашистских войск на Радомско-Лодзинском направлении.

**ПУЛАВЫ** — город в Польше, в Люблинском воеводстве, на правом берегу р. Вислы. Пристань, ж.-д. станция. 11 тыс. жит. (1953). Небольшие предприятия пищевой промышленности.

מאַכן דעם אויסגאַנגפּונקט פאַר דער מיליטערישער ווייסל־אָדער אָפּעראַציע פון יאָר 1945. ביים פולאַווער פּלאַצדאַרם זענען אויפגעבויט געוואָרן אויף דער לענג פון הונדערטער קילאָמעטער טראַנשייען און אַנדערע פאַרטיידי־קונג־פּינקטן״...

„...דעם 14טן יאַנואַר 1945 האָט די רויטע אַרמיי פון דאַנען אָנגע־הויבן דעם צעשמעטערדיקן אָנגריף אויף דער דייטש־פאַשיסטישער אַרמיי אויף דעם ראַדאָמסקאָ־לאָדזשער פראָנט...״

אונדז גייט דאָ ניט אין דער סטראַטעגישער זייט פון דער אַקציע נאָר אין דעם פאַקט, וואָס אין דער בלוטיקער מלחמה, אין דעם קאַטאַקליזם, בעת וועלכן עס איז פאַרטיליקט געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, איז פולאַוו פאַראייביקט געוואָרן אין דער מיליטערישער געשיכטע מיט דעם ספּעציעלן פלאַצדאַרם, וואָס איז דאָרטן איינגעשטעלט געוואָרן.

דער פלאַצדאַרם פון וואַנען עס איז דערלאַנגט געוואָרן דער אַנטגילטי־קער קלאַפּ דער נאַצישער אַרמיי פון מזרח אין דער צייט ווען די אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך שוין אַריינגעשניטן אין די מערב־פראָנטן פון נאַצי־דייטשלאַנד, האָט געמאַכט אַ סוף צו דער נאַצישער מיליטערישער מאַכט און איר געצוואונגען צו קאַפּיטולאַציע.

---

שמחה סנה

# פולאַווער סאָנעטן

## דער וואָקזאַל

ס׳איז דער האַלצערנער וואָקזאַל — אַ גאָלדן טויער
צו ווייטער ווייטקייט, אומדערשפּירטער פרייד,
צו ציטערדיקן אומרו, וואָס ליגט פאַרשפּרייט
אויף פעלדער ניט צעאַקערטע און רויע.

ס׳איז דער האַלצערנער וואָקזאַל — אַ טיר אַ ברייטע
צו נישט דערקענטע אַנונגען און צאַפּלען,
צו דער־פאַרכאַפּנדיקע הייבע שטאַפּלען
פון אַ וואָלקן־גרייכנדיקער לייטער.

רופן מיך פון װײַט לאָקאָמאָטיװן,
און ס׳קלאַפּן רעדער נענטער נענטער אַלץ און נענטער,
רױטע לעמפּעלעך זיך יאָגן נאָך װאַגאָנעס.

ברענגט מיר דער פאַרנאַכט אַ װינטיק בריװל,
און שטײט אינדרױסן, און װיל פון מיר אַן ענטפער —
דעם װעג פאַרשטעלט מײַן מאַמעס ליכטיק פּנים...

## די װײַסל

װי אַ מכשפה פלעגט זי פרילינג זיך צעזידן
און אונטערשװענקען כאַטעס און סטאָדאָלעס
און ס׳האָט בײַנאַכט זיך דער סמבטיון מיר געחלומט
מיט הײסע שטײנער און מיט רױטע יידן.

אין פאַרנאַכטיקע, אין גראָזיקע געריישן
ריכטן זשאַבעס אָפּ אַ זינגעדיקע תּפילה
און פרעהס טאָכטער גײט אַראָפּ צום נילוס
און געפינט אַ װײנענדיקן משהן.

און אַזױ איז דאָס געדעכעניש פאַרבליבן:
רײַזער גינגאָלד שיט און שיט זיך אינדערפרי
פון זעק מיט בלאָקײטן און גרינלעכע װיאָלעטן

און צװישן רעגנבױגנס פאַרבן־זײלן זיבן
מײַן „ערשטער ליבעס" הױך אַנטבלױזטע קני
בליען װי די װאַסער־בלומען צװישן בלעטער...

## פרינץ טשאַרטאָריסקי

פרינץ טשאַרטאָריסקי טוט אָן זיך אין שװאַרצן
מיט װײַסע מאַנזשעטן און װײַסן זשאַבאָט
און לאָזט זיך שפּאַצירן אין פירשטלעכער קאַטש
איבער דעם װעג, דעם געפלאַסטערטן, האַרטן.

פערדישע קאָפּיטעס, זילבער־געקאָוועטע
קענען דעם וועג צו דעם מאַרק מיט יאַרידן —
דאָרטן וואו ס'טומלען די פּויערן און יידן
דאָרטן וואו ס'שטייען פאַר יאַטקעס קצבים

פרינץ טשאַרטאָריסקי צעשמייכלט זיך ליבלעך :
ווידער דער זעלבער קאָסטיושקאָ אין מאַרק ?
ווידער אַ בונט און אַ קריג מיטן צאַר ?

אַ קוזמירער ווינטל, אַ שטילס און אַ קילבלעכס,
באַלאָדן מיט ריחות פון בעז און זשאַסמין,
שווימט אין דער לופט אויפן וועג קיין לובלין . . .

## דער משוגענער לייבוש

אַ גאַנצן זומער גייט ער אום אַ רווישיקער
און טאַנצט אַ האָפּ־טשיק־טשאַק אינמיטן גאַס
און שפּריצט פונאַנדער טראָפּנס משוגעת
און חוזקט פון פּראָצעסיעס פון קאַטוילישע.

אַ גאַנצן זומער וווינט ער אין בית־המדרש
און לאַכט פון די גבירים אומבאַשטראָפט,
און צו כל־נדרי פאָדערט ער פון רב
ער זאָל מיט אים איצט מעביר זיין די סדרה.

און ווינטער־נעכט באַזילבערט און צעפּינקלט
בעטלט ער אַ רואיקער און שטילער
און טענהט אויס זיך שטיל מיט זיך אַליין ;

און טיילמאָל שטייט ער אין אַ שאָטנדיקן ווינקל
און נעמט זיך אָפּריכטן אַן אויסגעטראַכטע תפילה
און קלויבט צעשאָטענע בריליאַנטן פונעם שניי.

---

**משה רובינשטיין**

# אונדזער היים־שטאָט פּולאַוו



דאָס קרייז־שטעטל פּולאַוו אויפן שאָסיי וואַר־שע־לובלין ליגט האַרט ביי דער ווייסל. פאַר די צאַרישע צייטן האָט די שטאָט גע־הייסן נאָוואַ־אַלעקסאַנדריאַ, אין די פאַר־מלחמהדיקע צייטן האָט עס געציילט איבער צוואַנציק טויזנט איינוואוינער. פון זיי בערך 8 000 יידן. צוליב איר היסטאָרישער חשיבות איז דאָס שטעטל געווען אַ „שם־דבר" אין דער מדינה פּוילן. מיט הונדערטער יאָרן צוריק איז עס געווען די רעזידענץ פון באַ־קאַנטן פירשט טשאַרטאָריסקי און פירשטין איזאַבעלאַ (געבליבן אַ גאַס אויף איר נאָמען); און נאָך איצט שטייט מיט זיין גאַנצער פּראַכט ביים אַריינגאַנג אין באַרימטן היסטאָרישן שטאָטישן פּאַרק, דער אַלטערטימלעכער פּאַלאַץ פונעם פירשט. אין שכנות פון אים געפינען זיך פאַרשידענע היסטאָרישע געביידעס. צווישן זיי די קאַטעדראַלע אין גאָטישן סטיל, מיטן קופּערנעם רונדן דאַך, וואָס פינקלט אַזוי סודותפול אין די גאָלדענע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער אָדער אונטערגייענדיקער זון.

אין פּולאַוו האָט זיך דער יידישער יישוב געפונען אינגאַנצן בערך הונדערט יאָר, אַריבערקלייבנדיק זיך אַהער פונעם דאָרף וולאָסטאָוויץ, וואו יידן האָבן זיך געפונען אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן, דאָרטן איז פאַרבליבן דער אַלטער יידישער בית־עלמין, וואו עס רוען די ביינער פון אונדזערע עלטער־זיידעס און עלטער־באָבעס.

דער אויבנדערמאָנטער פּאַלאַץ, אין דער פאָרם פון אַ „ח", האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געדינט אַלס אַגראָנאָמישע הויכשול, וואו עס האָבן געשטודירט הונדערטער סטו־דענטן פון אַלע עקן פון דער ברייטער רוסישער אימפּעריע. צווישן זיי אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט יידן. אין יענער צייט איז דאָס שטעטל כמעט אינגאַנצן געווען רוסיפיצירט. אַזוי אַז וואו מען איז געגאַנגען און געשטאַנען, האָט זיך בלויז געהערט די רוסישע שפּראַך. מיטגעווירקט צו דעם האָבן

חוץ די איבנדערמאַנטע סטודענטן, איך די רוסישע אָפיציר, די רוסישע באַאַמטע, די צוויי פּאָלקן מיליטער (דער „ביעלאַזוסקי" און דער „טולסקי") וואָס זייערע קאַזאַרמעס זענען געשטאַנען אין מזרח־טייל פונעם שטעטל און אויך די הינדערטער גימנאַזיסטן פון שיינמאַנס גימנאַזיע, און וועלכער עס האָבן געשעפט וויסנשאַפט פינף הינדערט שילערס פון די ווייטסטע מקומית פין רוסלאַנד. איך און דער דאָזיקער גימנאַזיע איז דער יידישער פּראָצענט געווען אַ גרייסער. דאָס האָט זיך גענימען דערפון, וואָס די באַוואוסטע צאַרישע פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידן איז דאָ נישט אַזוי שטרענג אָנגעווענדט געוואָרן. און שטעטל פלעגן זומער־צייט פאָרקומען מאַנעווערעס, און וועלכע עס פלעגן איך אָנטיילנעמען אַרטילעריע און קאַוואַלעריע, הייפּטזעכלעך די גיט־באַקאַנטע „קאָזאַקן", וואָס פלעגן אָנוואַרפן אַ שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

אינטערן איינפלוס פון די יידישע סטודענטן און שילערס איז די פולאַווער יידישע יוגנט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט שיין דאַמאָלס געהאַט אַריינגעדרונגען און דער ברייטער יידישער וועלט אונטער דער ווירקונג פון אַברהם מאַפּו, פרץ סמאָלענסקי, מרדכי זאב פייערבערג, י. ל. פרץ און אַנדערע זיילן פון דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור.

אינטערן איינפלוס פון די ביכער, וואָס די בית מדרש בחורים האָבן באַקומען פון די יידישע סטודענטן, האָבן זיך ביי זיי געעפנט די אויגן און זיי האָבן פלוצלינג דערזען פאַר זיך אַ נייע וועלט. און און רעזולטאַט דערפון איז זייער „באַנק־קוועטשן" געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער און צום סוף איז עס כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. צוזאַמען דערמיט זענען אייך פאַרשוואונדן די זיסע נאָגנדיקע קלאַנגען פון „איי איי אָמר אַביי", אָדער אוי, רבינו של עולם „שלש אַשמורות הווה הלילה", וואָס פלעגן פריער זיך טראָגן פון די אָפענע פענצטערס און בית־המדרש און די פאַרטאָגיקע שעהן. ביסלעכווייז זענען אויך פאַרשוואונדן די חדרים און זייער פלאַץ האָבן פאַרנומען חדרים־מתוקנים (אָדער מסוכנים — ווי ס'פלעגן זיי אָנרופן די פרומע עלעמענטן).

אין יענער צייט האָט זיך צעפלאַקערט אַ שווערער געראַנגל צווישן די פרומערע עלעמענטן און זייערע קינדער, וואָס זענען לויט זייערע באַגריפן אַרויס „לתרבות רעה". דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז ניט איינמאָל געווען אַן עד־ראיה פון סקאַנדאַלן און בית־המדרש בעתן כאַפּן אַ „טרייף־פסול" ביכל אונטער אַן אָפענער גמרא. דער געכאַפּטער און דער „מעשה" פלעגט נעבעך אַריינכאַפּן אַ נישקשהדיקע פּאַרציע פעטש און ס'איז אים גאָרנישט געווען מקנא צו זיין. דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז די עלטערן זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זייער קאַמף איז אַ פאַר־

שפילטער און מיט אַ שווער געמיט האָבן זיי שלים געמאַכט מיטן גורל.
אין די לעצטע פאַר־מלחמה יאָרן (עס רעדט זיך וועגן 1914) איז כמעט נישט געווען צו געפינען קיין בית־מדרש־בחור אַפילו „אויף אַ רפואה״.

ווי איבן דערמאָנט זענען אויף פאַרשוואונדן פון דער שטעטלשער אַרענע די צוריקגעשטאַנענע מלמדים און זייערע עלנדע באַהעלפערס. אויף זייער אָרט איז אַנטשטאַנען די ערשטע אָנפאַנגס־שול פון ד י נ ה (דינטשל) פ ר ץ, די טאָכטער פון שכנא קאָרנגאָלד און פרוי פון פישל פרץ), וואָס איז געווען די פיאָנערין פון די יידישע שולן אויף דער יידישער גאַס. שפּעטער, אין 1917, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה פּוילן, האָט זיך געעפנט אַן עפנט־לעכע רעגירונגס־שול אונטער דער לייטונג פון ה ע נ ר י ק אַ ד ל ע ר, אַ גאַליציאַנער ייד. אין דער שולע האָבן (אַחוץ פרעמדע) אויך געקנעלט פאָלגנדיקע שטאָטישע לערער: י ו נ ה א י י ז נ ש ט י י ן, פאַליע האַניגס־פעלד—עדעליסט, און נינאַ ראָזענבלאַט; אויך איז דאַן געשאַפן געוואָרן דורך אַ גרופע יידישע סטודענטן אַ פריוואַטע העברעאישע שול, צווישן זיי—בויגן און בריסקמאַן (די אַזוי גערופענע „ליטוואַקעס״, וואָס האָבן שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. מיט דער צייט איז אויך געעפנט געוואָרן אַ „תרבות שול״, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ ריי ציוניסטישע עסקנים ווי: יענקיל ראַטנאָווסקי, משה קליינביים, מרדכי נאָדלהאַלץ, רפאל ליבפעלד, שלמה ראַטנאָווסקי, היים גאַראָדעצקי און משה רובינשטיין (די לעצטע דריי געפינען זיך איצט אין ישראל.

פולאַווו האָט זיך געקאָנט פאַרמעסטן אויפן רעליגיעזן געביט און אויך אין קולטורעלן זין מיט אַ גאַנצער ריי גרעסערע שטעט, וואָס זייער יידישע באַפעלקערונג איז געווען צוויי אָדער דריי מאָל גרעסער. פון איין זייט האָט זי פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקע צאָל לומדים עילויים און שאַרפע קעפּ, וואָס האָבן געבראַכט כבוד דעם שטעטל. אין שטעטל האָט געהאַט זיין רע־זידענץ דער קאָצקער רבי זצ״ל, וועלכער האָט צוגעצייגן צו זיך טויזנטער חסידים פון אַלע עקן פון דער מדינה פּוילן. דאָ האָט אַהער פלעגט אויך אַראָפּ־קומען פון צייט צו צייט דער מאָדזשיצער רבי זצ״ל, דער באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר פון די פּאָפּולערע חסידישע ניגונים, וועלכער פלעגט זיך אײַפּהאַלטן ביי שלמה פרידמאַן ע״ה און צוציען שבת הונדערטער צוהערער פון די יידישע תושבים וואָס זענען געקומען הנאה האָבן פון די ניגונים, פון וועלכע זיי פלעגן לעקן פשוט די פינגער. די צוהערערס פלעגן שטיין שעהן אויף שעהן אין דער גרעסטער ענגשאַפט אַרום דעם רבינס אַכסניה כדי זוכה צו זיין צו הערן אַ נייעם ניגון וואָס איז מחיה נפשות. דאָ אין שטעטל האָט אויך געהאַט זיין זומער־רעזידענץ ר׳ אברהמלע אייגער זצ״ל, דער לובלינער רבי, וואָס פלעגט אויך צוציען הונדערטער חסידים פון אַנדערע שטעט אין פּוילן.

פון דער צווייטער זייט פלעגן אָפט באַזוכן דאָס שטעטל די פּאַרטיי פּי־רערס, ווי יצחק גרינבוים, זרובבל, ד״ר שיפּער, יוסף לוי א. אַ., וואָס זענען געקומען מאַכן „איינשפּריצונגען״ די אַנטשלאָפן געוואָרענע פּאַרטיי־חברים. אַ חוץ זיי פלעגן קומען אויך אָפטע גאַסטראָלן באַוואוסטע טעאַטער אַנסאַמב־לען, וואָס פלעגן געבן זייערע פאָרשטעלונגען ביי פיל געפּאַקטע זאַלן.

דאָס שטעטל איז, ווי דערמאָנט, געווען אַ קרייז שטעטל, און צו איר האָבן געהערט פאָלגנדיקע קלענערע שטעטלעך : אירענאַ (דעמבלין), וואָנוואָל־ניץ, קאָנסקע־וואָליע, קאָריוו, קוזמיר, אָפּאָלע, מאַרקושעוו און יוזעפאָוו ביי דער ווייסל. אויך אַ גאַנצע ריי דערפער, וואו ס׳האָבן געוואוינט יידן, צווישן זיי גאַרבאָוו, נאַלענטשאָוו, מאָטיטש, וולאָסטאָוויץ, וואַילקאַ־פּראָפּעטסקאַ און אַנדערע. עקאָנאָמיש האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט פאַרהעלטניש־מעסיק בעסער ווי אין די אַרומיקע שטעטלעך, מיט דער צייט האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דעם מוח פון דעם פּויער דער אַנטיסעמיטישער גיפט, וואָס איז אָנגעשטעקט געוואָרן פון דעם ענדעקישן לאָזונג : „סוואָי דאָ סוועגאָ״ („אייגענע צו אייגענע) און אין רעזולטאַט דערפון האָבן זיך אָנגעהויבן עפע־נען קריסטלעכע קאָנקורענץ־קליטן און ווערקשטעלן, וואָס האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוצורויבן די יידישע פרנסות און די יידן פאַרוואַנדלען אין קבצנים.

דאָך האָט די יידישע עמיגראַציע נאָך אַלץ נישט אָנגענומען קיין ברייטע פאָרמען, ווייל דאָס ביסל יידן האָט נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן די האָפענונג אַז די באָיקאָט־אַגיטאַציע וועט נישט לאַנג אָנהאַלטן און אַלע דאגות־פרנסה וועלן סוף־כל־סוף פאַרשווינדן ווי אַ זייפנבלאָז. דערווייל איז די צייט גע־גאַנגען, יידן האָבן חתונה געמאַכט קינדער ווי גאָט האָט געבאָטן, מקיים געווען די מצווה פון פריה־ורביה, אויף צופיקעניש די שונאים, ביז מיט אַ מאָל האָט זיך דער הימל פאַרוואָלקנט און אויף דער אַרענע האָט זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט פון דעם בלוטיקן היטלער ימ״ש, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו אונדזער אומפאַרגעסלעך שטעטל און אָפּגעמעקט מיט פייער און שווערד דעם גאַנצן יידישן יישוב אין דער מדינה פוילן. אָבער וועגן דעם אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## די גרינע לאָנקע

קיין שום זאַך האָט זיך נישט איינגעקריצט אַזוי אין זכרון, ווי די גרינע לאָנקע ביים ווייסל־ברעג, ווינטער מיט איר בלענדנדיקער שניי־ווייסקייט און זומער מיט איר באַצויבערנדיקער גרינקייט. זומער־צייט איז די לאָנקע געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע, און ווער שמועסט נאָך אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגן, ווען אויף דער אַזוי גערופענער „פּליאַזשע״ האָט פּשוט געשווירבלט פון די פּולאַווער יידן, וואָס פלעגן דאָ אַהער אויך מיט־

ברענגען דעם קוגל מיטן טשאָלנט. די „ווייסע חברהניקעס" פלעגן דאָ איינאָרדענען וועט־געיעגן אָדער געשפּילט אין „פערד" אויפן הייסן זאַמדיקן באָדן, און אַראָפּוואָרפנדיק בשעת־מעשה פון זיך מיט פלינקייט דאָס העמדל מיט די הייזלעך, פלעגן זיי אַריינשפּרינגען אין קאַלטן בלויען וואַסער, כדי באַלד ווידער אַרויסצולויפן און זיך אַוועקלייגן אונטער דער באַקנדיקער זון. אַזוי פּליעסקענדיק און לויפנדיק פלעגן זיי פול מאַכן דעם חלל מיט זייער אומאויפהערלעכן ליאַרמען. אין די וואַכנדיקע טעג פלעגן דאָרט אַהין קומען, באַלד נאָך דעם זון אויפגאַנג, (טיילמאָל אַרום צוויי אַזייגער פאַרטאָג). די יעניקע, וואָס די דושנעקייט אין זייערע ענגע וואוינונגען האָט זיי געשטערט דעם שלאָף, און דאָ אין דעם רחביתדיקן „אין־סוף" האָבן זיי געקאָנט שעפּן לופט אין זייערע שוין קראַנקע לונגען וויפיל זיי האָבן נאָר געוואָלט. און דערביי פלעגן זיי אויך קאָנען ווידמען זייערע געדאַנקען דעם בורא־עולם, וואָס אַלע באַשעפענישן זינגען איצט פאַר זיין כבוד וועגן שירה.

צווישן די דאָזיקע פאַרטאָגעדיקע באַזוכערס פלעגט מעט כמעט שטענדיק זען דעם אַלטן אליעזר פעלדבערג אָדער לייזער „מלמד" — ווי מען פלעגט אים רופן, מיט דער לאַנגער שניי־ווייסער באָרד, מיטן סידור אין דער האַנט. זאָגנדיק מיט התמדה תהילים און מעמדות האָט ער זיך פּשוט געקוויקט מיט דער פרישער פאַרטאָגעדיקער לופט, וואָס ער האָט אויסגעטיישט פאַר דער ענגער שטיקנדיקער לופט פון זיין „ד' על ד'" איינגעהויקערטער הייזקע, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביים נייעם בית־המדרש. אַזוי פלעגט ער צוזאַמען מיט אַנדערע זקנים פאַרברענגען ביז בערך פינף אַזייגער, ווען אין בית־המדרש האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען די ערשטע מתפּללים, דאַמאָלס פלעגן זיי זיך אומקערן כדי אַריינצוכאַפּן ס'ערשטע מנין און צו האָבן די מעגלעכקייט צוצוגרייטן זיך באַלד דערנאָך צו דער טאָג־טעגלעכער עבודה: ווער צו דער קנעלונג מיט די יינגע יידישע עופה־לעך און ווער צוצוהעלפן דער ווייב אָדער דער טאָכטער אַרויסצופירן ס'ביסל, משטיינס־געזאָגט, סחורה אויפן מאַרק, און צוהעלפן אויפשטעלן דאָרט די בויד.

די לאָנקע האָט אויך געדינט פאַר אַ צוזאַמענטרעף־פּונקט און פאַרשטייט זיך אויך אַלס אַ שפּאַציר־אָרט פאַר דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, באַזונדערס פאַר די בית־המדרש־בחורים און אויך סתם משכילים, וואָס פלעגן אין די בין־השמשות שעהן אין שפּעטער אויך אונטער דעם שוין אויסגעשטערנטן הימל אָנהויבן אויפסניי זייער קיינמאָל נישט אויסשעפּנדיקן וויכוח וועגן דעם „מורה־נבוכים" אין זיינע הלכות־דעות, וועגן דער מענטשלעכער בחירה, וועגן אחד־העם און זיין „על־פרשת־דרכים", וועגן ד"ר הערצלס „אַלטנייאַנד" אאַ"וו. די וויכוחים פלעגן אָנהאַלטן לאַנגע שעהן און גאָר נישט נעמען קיין סוף. די לופט האָט פאַרשיכורט מיט דעם ריח פון דעם

אָפּגעשניטענעם היי. אויבן האָבן די שטערן געפינקלט מיט זייער סידותפול־קייט און פליצלינג פלעגט פון אינטער אַ זילבערנעם וואָלקן זיך אַרויסגליטשן די פאַרחלימטע לבנה און נעמען שפּאַצירן צווישן די שטערן־ליכטער. אינגאַנצן נישט אינטערעסירנדיק זיך מיט די מענטשלעכע וויכוחים אינטן, האַלטנדיק אַפנים אַז זיי וועלן סיי ווי נישט אַריינברענגען קיין שום ענדערונגען אין דעם „סדר־העולם" אין אינעם סידותפולן „אין סוף".

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער לאַנגער היסטאָריע זענען געווען די שבת נאָכמיטאָגדיקע באַזוכן פון איטשע־ייזהס (עדעלשטיין) מיט זיין סוויטע, וואָס פלעגט פשוט לעקן די פינגער פון זיינע געלינגענע וויצן און גלייכווערטלעך. עס האָבן דאָן קיינמאָל נישט געפעלט: יעקב ישראל דער אייל־פאַבריקאַנט, נעטל קאַרמאַן אין גרשון דער איידים פון שלמה פרידמאַן, דער אייזנקרעמער. נאָך יעדן אַרויסגעזאָגטן וויץ פלעגן זיי זיך פשוט קייקלען פון געלעכטער און ממש צעגיין פון נחת, נאָכדערציילנדיק זיי שפּעטער פון מויל צו אויער פונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ טיפע רבישע תורה.

## דער פולאַווער פּאַרק

דער פולאַווער פּאַרק איז אַ קאָלאָסאַלער און פּרעכטיקער. אַלץ, וואָס געפינט זיך אין אים איז נאַטירלעך און איז אינגאַנצן נישט געפּלעגט געוואָרן דורך מענטשלעכע הענט. דער פּאַרק שטאַמט נאָך פון מיטלאַלטער; דערויף זאָגן עדות: די אַלטערטימלעכע בנינים מיט זייער אַזוי וואונדערלעכן סטיל; די „שווינדל טרעפּ" און אויך אַנדערע מערקווירדיקע זאַכן. דער דאָזיקער פּאַרק איז געווען אַ „שם־דבר" אין אַלע ווינקעלעך פון דער פוילישער מדינה. יאָר־איין, יאָר־אויס פלעגן זיך ציען אַהער טויזנטער טוריסטן, וואָס פלעגן איבערלאָזן באַדייטנדיקע סומען אין די טאַשן פון די קרעמער, וועלכע פלעגן צוגרייטן וואונדערלעכע אָנדענקונגס־חפצים מיטן אויפשריפט „פולאַווי". דעם שטח פון פּאַרק האָבן פאַרפולט אַ גרייסע צאָל פון הונדערט־יעריקע טאָפּאָליעס, ליפּעס און אַנדערע דופּטיקעביימער.

אַריינקומענדיק אין פּאַרק פלעגסטו נישט וויסן וואָס פריער צו באַוואונדערן, צו די דאָזיקע הונדערטער־יאָריקע ביימער וואָס האָבן אַהער נישט דורכגעלאָזט די זון, וואָס האָט נאָר באַוויזן צו באַגילדן זייערע אויבערשטטע שפּיצן; צו די וואונדערבאַר־שיינע פּאַנאָראַמע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר דיינע פיס. ווי ווייט נאָר דיין אויג האָט דערגרייכט; צו גאָר די רייצנדיקע קולות פון די הונדערטער פאַרשידנפאַרביקע פייגל, וואָס זייער טרעלן האָט דיך פשוט פאַרכאַפּט אינגאַנצן און איינגעגעסן זיך אין דיין נשמה. עפּעס אַ נייע וועלט האָט זיך פלוצלינג אויפגעוויקלט פאַר דיינע אויגן און דו

פלעגסט אָנהויבן טראַכטן: איז דאָס אַלץ וואָס דו זעסט איצט צומאָל נישט אַ לעגענדע פון „טויזנט און איין נאַכט״?

שטייענדיק אַזוי אויבן און אַראָפּקוקנדיק אין אונטערשטן טייל פּאַרק האָסטו פּלוצלינג דערזען די שטענדיק־רוישנדיקע „ל י אַ כ ע״, אַן אָפּצווייגונג פון איר עלטערער שוועסטער — די ווייסל; פאַרשידנפאַרביקע זשאַבעס זענען אַן אויפהער געשפּרונגען אויף זייערע אויסגעדרייטע פיסלעך אַריין און אַרויס פונעם וואַסער און צוזאַמען מיט זיי האָבן געפליעסקעט זילבערנע פון די זון־שטראַלן לויכטנדיקע פישעלעך. געהאַט האָסטו דעם רושם, אַז



דער טשאַרטאָריסקי־פּאַלאַץ אין פולאַווער פּאַרק

נישט אַנדערש נאָר אַז דאָרט אונטן איז דער גן־עדן התחתון. אָבער נאָכדעם וואָס דו האָסט נאָך שווערער מי אַראָפּגעקלעטערט אונטן מיט דער הילף פון די „שווינדל טרעפּ״, וואָס האָבן זיך געצויגן הונדערטער מעטערס לאַנג, האָסטו פּלוצלינג חרטה באַקומען אויף דיין אומבאַרעכנטן שריט און ס׳איז דיר שווער געוואָרן צו באַשליסן וועלכער טייל פּאַרק איז שענער און אינטערעסאַנטער, צי דער טייל אין וועלכן דו געפינסט דיך איצט אָדער גאָר דער אויבערשטער, פונוואַנען דו האָסט נאָר־וואָס אַראָפּגעקלעטערט און צו וועלכן עס ציט דיך איצט צוריק אַ געוואַלטיקער כוח. אַ שלל פון פאַרבן האָט געפּאַנגען דיינע אויגן: בלוי, רויט, ווייס, געל, ראָזע און ווידער אַמאָל רויט, געל, בלוי, ווייס, ברוין א. אַ. וו. דאָס האָבן דיר די בלומען אָפּגעטאָן

אַ כישוף און דו האָסט פאַרלוירן פלוצלינג די הערשאַפט איבער דיר אַליין, טראַכטנדיק: זע איך אָט דאָס אַלץ אין חלום, אָדער טאַקע אויף אַן אמת?

אַזאַ מין שטימונג פלעגט אויך אַרומכאַפּן די פאַרליבטע פּאָרלעך, און דערוועקן אין זיי די טיף־פאַרבאָרגענע געפילן און דאָס וואָרט פלעגט איצט באַקומען די געטין פון „ליבע". און אַזוי שפּאַצירנדיק אין די שאָטנפולע און ווי אויפן בית־עולם שטילע סטעזשקעס, צוטוליענדיק צו זיך זייערע יונגע צאַפּלדיקע קערפּערס האָבן זיי שעהן לאַנג נישט געקאָנט אָפּרייסן זיך איינער פון צווייטן.

דער מענטשן־מאַטעריאַל האָט זיך כסדר געביטן און נאָכדעם וואָס אַ טייל פון די יוגנטלעכע האָט ווילנדיק נישט ווילנדיק זיך איינגעשפּאַנט אינעם יאָך פון דער טאָג־טעגלעכער גרויער ווירקלעכקייט און אינעם רוישיקן לעבנס־הו־האַ, איז זייער פּלאַץ גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן דורך אַ נייעם שיכט פון יוגנטלעכע.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די שיינע וואונדערבאַרע קינדער־יאָרן און צוזאַמען מיט זיי איז דאָס לעבן אין פּאַרק אַזוי זיך געפּלאָסן טאָג־איין, טאָג־אויס, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט.

## דעם קאָצקער רבינס הויף

אַן אַלטע רויטע ציגל־וואַנט, וואָס די צייט האָט אויף איר איבערגעלאָזט אירע שווערע צייכנס, האָט אָפּגעטיילט דעם מערב טייל פונעם אויבנדערמאָנטן פּאַרק פון „ר ב י נ ס ה ו י ף". דורך דעם דאָזיקן אַלטערטימלעכן פּליוט פלעגן די ווייסע־חברהניקעס, אין די צייטן ווען זיי זענען פריי געווען פונעם חדר, קריכן פון פּאַרק אין רבינס הויף און צוריק.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער „קאָצקער" דינאַסטיע. זי איז בלויז אַנטשטאַנען אין קאָצק, אָבער שפּעטער איז זי אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין פּולאַוו, און דאָ האָט זי געפּראַוועט טיש קרוב צו פופציק יאָר. נאָך דער פטירה פון ר' מ ע נ ד ע ל ע האָט די דינאַסטיע זיך געשפּאָלטן, אַזוי אַז איין טייל איז אַוועק נאָך ר' ז ע ל י ק ל, דעם סאָקאָלאָווער רבין, און דער צווייטער טייל איז געבליבן טריי ר' מ ש ה ל ע ן, וואָס האָט דאָ געפּראַוועט טיש ביז עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די רעזידענץ איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין וואַרשע.

דעם רבינס הויף האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גאַנצן פליגל, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען דער רבי, בכבודו ובעצמו, דער הויפּט־גבאי מיט זיינע געהילפן און משמשים און אויך די רביצין מיט איר סוויטע. אין שכנותדיקן פליגל האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע ריי חסידים, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט זייערע פרויען מיט די קרעמלעך און

דאָ געלעבט אָן דאגות. פון די דאָזיקע „געסט״ האָט דאָ געשווירבלט און גע־גריבלט אַ גאַנץ יאָר און באַזונדערס אין די עשרת־ימי־תשובה און ימים נוראים.

אַ ביסל ווייטער האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער באַראַק. דאָס איז געווען דעם רבינס בית־המדרש. אין די ימים נוראים, ווען די צאָל מתפללים פלעגט טיילמאָל איבערשטייגן דריי טויזנט, פלעגט אַ טייל פון זיי מוזן דאַ־ווענען אויפן הויף אינטערן פרייען הימל און פון דאָרט קוויקן זיך מיט די זיסע און מחיה־נפשותדיקע דריידלען פון ר׳ יעקעלע דובענקער, דעם רבינס חזן, וואָס זיין רום איז דערגאַנגען אין די ווייטע מקומות פון דער מדינה פוילן. אויך סתם פולאַווער איינוואוינער, נישט קיין קאָצקער חסידים, פלעגן דאָ אַהערקומען שעפּן נחת פון דעם באַרימטן חזן.

ערב יום־טוב און אויך איסרו־חג פלעגן די חסידים אין די הונדערטער אַרויסלאָזן זיך אויף די אַרומיקע גאַסן מיט זייערע אַטלאַסענע אָדער זיידענע קאַפּאָטעס און שטריימלען. צווישן רבינס הויף און דעם שטאָטישן רב ר׳ מענדל ניי האָט נישט געהערשט קיין שלום.

ווי שוין דערמאָנט האָבן זיך אין רבינס הויף שטענדיק געפונען אַ ריי בטלנים, וועלכע פלעגן לעבן אויפן רבינס חשבון. קיין גרויסע גליקן פלעגן זיי, פאַרשטייט זיך, דאָ נישט מאַכן, אָבער דערפאַר האָבן זיי דאָ געקאָנט פראַנק און פריי בטלענען און נאָכדערציילן דעם רבינס טיפע תורות. אין וויפיל דאַרף עס, מ׳שטיינס געזאָגט, אַ בטלן אויף צו קאָנען דערהאַלטן די נשמה ? דאָ האָבן זיך אויך געפונען אַ גאַנצע ריי „זיידענע יונגעמאַנטשיקעס״, איידעמס אויף קעסט, מיט די גאָלדענע זייגערס אין די וועסטל־קעשענעס, וואָס האָבן דאָ געלעבט אינגאַנצן זאָרגלאָז.

אין אַלגעמיין איז דעם רבינס הויף געווען ווי אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט פאַר זיך אין דאָרט האָבן געוועלטיקט ביד רמה, דער גבאי מיט זיינע גע־הילפן. דער הויף אָבער האָט געהאַט אַ פּאָזיטיוון איינפלוס אויף דער יידישער גאַס מיט זיין פיינער אויפפירונג און הויכער מאָראַל.

## דער פולאַווער וואַלד

דער פולאַווער וואַלד האָט זיך געצויגן קילאָמעטערס־ווייט. זומערצייט פלעגן זיך אין אים געפינען צענטליקער יידישע משפחות, און ווער שמועסט נאָך אין די שבתים אָדער ימים טובים. דאַן פלעגט אַלץ, אַלט און יונג, זיך אַוועקלאָזן אין וואַלד, כדי איינצוזאַפּן אין זיך די לופט פון די סאָסנע־ביימער. געגאַנגען איז מען אַהין נישט ליידיק נאָר מיט צידה־לדרך. און פלעגסטו אַריינקומען אין וואַלד פלעגט זיך דערטראָגן צו דיינע אויערן דאָס פריילעכע געזאַנג פון דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, וואָס האָט זיך גע־

לאָזט וואוילגיין, אויף וויפיל נאָר אַ ייד האָט אין דער מדינה פיילן זיך געקאָנט וואוילגיין. אָנקומענדיק אַהער, פלעגט מען קודם־כל איסזוכן אַ באַקוועמען פלאַץ; אויסשפרייטן אויפן גראָז אַ קאָלדרע; אויפהענגען אויף אַ בוים די אויבערשטע מלבושים, אַראָפּשלעפּן די שיך און איסציענדיק זיך דערנאָך אויף דער ערד נאָכשפירן די וואַנדערנדיקע אויפן הימל זילבערנע וואָלקנס אָדער אַריינקוקן אין אַ מיטגעבראַכט ביכל אָדער בלאַט־צייטונג. אַזוי פלעגט מען ליגן ביז מ׳פלעגט כאַפּן אַ דרימל, כדי אַ ביסל שפּעטער אויפצושטיין און אָנוועקלאָזן זיך אויף אַ פרישן שפּאַציר אין דער טיפעניש פונעם וואַלד. דער הויפּט־ציל פלעגט זיין די „דריטע בודקע״, ביי די אייזנבאַן־רעלסן ביים איינגאַנג אין דאָרף וואולקאַ־פּראָפּעטסקאַ. דאָ האָט געשטראָמט אַ מחיה נפשותדיק ציכטיק טייכל, פון וועלכן מ׳האָט געקאָנט לעשן דעם דורשט אין איך פיין זיך אויסבאָדן אינעם קאַלטן וואַסער. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט פלעגן די וועגן און סטעזשקעס, וואָס האָבן געפירט אין שטאָט אַריין, פאַרפולט ווערן מיט די צוריקקערנדיקע תושבים.

## דאָס פולאַווער בית־עולם

אויף צפון־זייט פונעם שטעטל נאָענט צום דאָרף וואולקאַ־פּראָפּעטסקאַ ליגט הויך אויף אַ באַרג, דער ידישער בית־עלמין. ווען ס׳פלעגט אָנקומען חודש אלול פלעגט דאָס בית־עולם פול ווערן מיט באַזוכערס און באַזונדערס מיט באַזוכערינס, וואָס זענען דאָ אַהערגעקומען מאַכן אַזכרות זייערע קרובים, וואָס זענען דאָ געבערענגט געוואָרן צו אייביקער רו. נטע־לייב, דער שטאָט־חזן; שמואל־יצחק ברוך, דער שטאָט־שמש און שמואל „סקאָש״, דער קברן, און שפּעטער זיין יורש יעקב־שלמה אַלטמאַן, פלעגן אין דעם דאָזיקן חודש אָפּלעקן אַ „ביינדל״ און אָנקלויבן אַ ביסל געלט אויפן זיך דערנענטערנדיקן ווינטער.

דער בית־עלמין האָט זיך געפונען האַרט ביים וואַלד, אַזוי אַז די היכע סאָסנע־ביימער פלעגן אָנוואַרפן אַ שטענדיקן שאָטן אויף די אַרימיקע קברים. שפּאַצירנדיק אין שכנותדיקן וואַלד אין אַ וואָכעדיקן טאָג פלעגן זיך פלוצלינג דערטראָגן צו די אויערן האַרצרייסנדיקע יללות פון די יעניקע וואָס זענען געקומען באַגלייטן זייערע נאָענטע אויף זייער לעצטן וועג אָדער אויסגיסן זייער ביטער האַרץ אויפן קבר פון אַזעלכן, וואָס זיינע ביינער רוען שוין דאָ לאַנג און בעטן אים בשעת מעשה ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר דאָרט אין די הויכע הימלען. דאַן פלעגסטו אַריינפאַלן אין אַ מרה־שחורהדיקער שטימונג און אָנהויבן טראַכטן, אַז אויך דו ביסט אַ קאַנדידאַט דאָ אַהער ווען עס איז צו קומען און עס איז נאָר אַ פראַגע: ווען. עס פלעגט דיר דאַן קומען אויף די געדאַנקען: „הבל הבלים אמר קוהלת״.

## די ליפּעס

די שפּיטאַלנע גאַס באַשטייט אין איר גרעסטן טייל פֿון גרינס: גראָז, בלומען אוןביימער; ביימער פֿון רעכטס און ביימער פֿון לינקס. די דאָזיקע גרינע פּאַרב הויבט אָן פֿון יוסף צוקערס הויז. אין הויף פֿון וועלכן ס׳האָט אין די לעצטע יאָרן געוואוינט ר׳ יחיאל־משה שוואַרצבערג דער שטאָט מורה־הוראה מיט זיין זון אַהרקע, וואָס איז שפּעטער נעבעך אַ ביסל „געכאַפּט גע־וואָרן אין דער מעשה״ און איז פֿון אַ באַנק־קוועטשער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ביכאַהלטער, חתונה האָבנדיק מיט דער יינגערער טאָכטער פֿון ח׳הלע צוקער־לאַם. האָרט ביי יוסף צוקערס הויז זיך דאָס שטאָטישע שפּי־טאָל און אויך דער צווייטער זייט דאָס געריכט און אַנדערע הייזער, וואָס זענען פּשוט איינגעטונקען אין גרינס. די דאָזיקע גאַס איז פול מיט אַלטע טאָפּאָליעס, ליפּעס צווישן זיי אַזעלכע ריזיקע אַז פיר מענטשן צוזאַמען קאָנען זיי קוים אַרומנעמען. אַ טייל פֿון די דאָזיקע הונדערט יעריקע ביימער זענען באַפּעסטיקט מיט אייזערנע רייפן, כדי זיי זאָלן זיך נישט פֿונאַנדערפאַלן פֿון אַלטקייט. דער וועג דורך די ליפּעס פירט אין שטאָטישן פּאַרק, דערנאָך אין שטאָט־קוואַרטאַל מאָקראַטקי און דערנאָך קיין וולאָסטאָוויץ, באַכאָטניץ און קוזמיר, די רעזידענץ פֿון דער פּוילישער מלכה אסתרקע. די ליפּעס פלעגן אויך דינען ווי אַ שפּאַציר־אָרט פאַר די יעניקע, וואָס דער וועג אין פּאַרק אַריין, אויף דער לאַנקע אָדער אין וואַלד האָט זיך זיי אויסגעוויזן צו וויט. דאָ אַהער פלעגט קומען כמעט יעדן אָוונט, זומערצייט פאַרשטייט זיך, ישראל אַבוש מיט זיין מאָדערנעם חדר און מיר, די חדר־יינגלעך, פלעגן אים דער־פאַר ווינטשן דאָס אייביקע לעבן. קעגנאיבער דעם אַריינגאַנג אין פּאַרק שפּרייטן זיך דאָ אויס צוויי וועגן, וואָס פירן אין דער אַלטע זשיזשינסקי וואָס אין זיין עק איז אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן אויסגעבויט געוואָרן אַ יידן־ריינער קוואַרטאַל פאַר באַאַמטע, וואָס פלעגן, פאַר באַדייטנדיקע געלט־סומען, טאָן אַ טובה און פאַרדינגען זומערצייט צימערן אויף דאַטשע פאַר געציילטע יידישע תושבים.

## די ווייסל

צוויי מאָל אין יאָר פלעגט זיך די ווייסל פונאַנדערגיסן און דערגרייכן ביז צום „רבינס הויף״ פֿון איין זייט און צום רויטן בנין פֿון מאַגיסטראַט פֿון דער צווייטער זייט. דאַן פלעגט זי מיטשלעפּן מיט זיך פאַרשידענע זאַכן און טיילמאָל אויך נבלות פֿון קי און פערד, וואָס זענען פלוצלינג מיטגע־שלעפּט געוואָרן מיטן ריזיקן שטראָם.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבער דער ווייסל אַלס קאָמו־ניקאַציע־מיטל געדינט אַ דאַמף־שיף, די יידישע יוגנט פלעגט די דאָזיקע שיף אויסנוצן ווי אַ שפּאַציר־אָרט און פאַר אַ פאַרהעלטנישמעסיקן קליינעם אָפּצאָל אַריבערפעקלען זיך אויפן צווייטן ברעג קיין גוראַ־פּולאַווסקאַ, אָפּזיין דאָרט

אַ געװיסע צייט אין צוריק אומקערן זיך אויפן זעלבן אופן. אין יאָר 1916 האָט די עסטרייכישע אָקופּאַציע־מאַכט אויסגעבויט, פריער אַ האָלצערנע און דערנאָך אַ מעטאַלענע בריק, װאָס איז שפּעטער פאַרפולקאָמט געװאָרן דורך דער פּױלישער מאַכט. אין יאָר 1939 איז די בריק חרוב געװאָרן דורך די דײַטשע באָמבעס און איז צוריק רעסטאַװרירט געװאָרן דורך די נאַצישע באַנדעס נאָכן אַריינדרינגען קיין פּױלן. שפּעטער האָבן די נאַציס װידער צע־שטערט די בריק אין יאָר 1944 ביים אָפּטרעטן פון פּױלן.

## דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות גלויבט, אַז ס'איז זיין הייליקער חוב, װי דער לאַנגיאָריקער קהילה־סעקרעטאַר און געזעלשאַפטלעכער עסקן, אויפ־צוצייכענען אין אַ קורצער פאָרם דאָס, װאָס איז געבליבן באַ אים אין זיכרון פון יידישן פּולאַװ, כדי עס זאָל בלייבן אַ שטענדיקער זכר פון דער חרוב געװאָרענער שטאָט. צו דעם צװעק װעט ער זיך באַמיען איבערצוגעבן די פּרטים לויט דעם װייטערדיקן כראָנאָלאָגישן סדר:

די יידישע קהילה; דאָס רעליגיעזע לעבן; דאָס קולטורעלע לעבן; דאָס פּאַרטיי לעבן; דאָס עקאָנאָמישע לעבן; יידישע ספּאָרט קלובן; פילאַנטראָפּישע טעטיקייט; געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט; די געזעלשאַפט „עזרה"; פאַרשידענע שטאָטישע טיפּן; דער חורבן.

## די יידישע קהילה

די יידישע קהילה האָט אין די פריערדיקע צייטן, ביז דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה פּױלן, עקזיסטירט אין אַ פאַרקלענערטן פאָרמאַט. פון צייט צו צייט פלעגן אויסגעװיילט װערן דריי דאָזאָרעס, װאָס האָבן זיך פאַרנומען מיט רעליגיעזע ענינים, װי די שול, בתי־מדרשים, דאָס באָד, די מיקװה, דאָס בית־עולם און דער שטאָטישער בית־הכסא, װאָס האָט פאַרשפּרייט אַ שרעקלעכן עיפּוש אין ראַדיוס פון אַ קילאָמעטער אַרום (אין די לעצטע יאָרן האָט די קהילה עס בטל געמאַכט).

קיין קהילה־ביוראָ איז נישט געװען. דער קהילה־פּרעזעס פלעגט איינ־אָרדענען די זיצונגען און אויפנעמען דעם קהל ביי זיך אין דער װאוינונג. װאַל־רעכט פלעגן האָבן נאָר עטאַט־צאָלערס און „עמך" האָט אינגאַנצן נישט געהאַט קיין דעה (האָט זיי דאָך שטענדיק געפעלט די מאה...) די דאָזאָרערס פלעגן אויסגעװיילט װערן פון צװישן די „פּני" און פון די שטאָטישע גבירים. נישט איינמאָל האָבן זיי אויך געליטן חרפּות ובושות, אָבער אַלץ האָט װייזט אויס „געלוינט" (װאָס טוט נישט אַ מענטש צוליב אַ ביסעלע כבוד...)

צוויי עפּיזאָדן פון יענער צייט זענען מיר פאַרבליבן אין זיכרון: 1) אין אַ געוויסן טאָג איז געגאַנגען אויף דער גאַס דער קהילה־פּרעזעס שכנא קאָרנגאָלד, ווען פון די האָר איבן קאָפּ זענען געהאַט אויסגעקראָכן, פּלוצלינג איז, מיר נישט דיר נישט, דערשיינען פון ערגעץ לייבוש בייטשמאַן דער „שטאָט־משוגענער" און האָט אָנגעהויבן אים באַגלייטן. און באַלד האָט ער גע־לאָזט הערן זיינע „חכמות". „ווער איז אַ פאַרך?"—האָט ער אָנגעהויבן—שכנא קאָרנגאָלד. ווער איז אַ פּאַדליעץ? שכנא קאָרנגאָלד, און ווער איז אַ גנב? — שכנא קאָרנגאָלד!!! פאַרשטייט זיך, אַז דער פּרעזעס האָט געזוכט אַ פּלאַץ ווי אָפּצוטשעפּען זיך פון דעם „פּגע־רע" און איז ענדלעך אַריין אין וועלכער ס'איז קראָם. ענדלעך איז געקומען פּאָליציי און האָט לייבושן אָפּגעפירט אין „קאָזע" (אין אַרעסט, הייסט עס). 2) אַ צווייט מאָל בין איך געווען אַן עד־ראיה אין בית־המדרש ביים דאַווענען, ווי צום קהילה־פּרעזעס, הערשל קליינבוים, איז צוגעגאַנגען אַ באַוואוסטער סקאַנדאַליסט און מיט אַ שטאַרק איפּגערעגטער שטים געפרעגט פאַרוואָס מ'האָט אים באַשטייערט מיט אַזויפיל עטאַט? דער דערשראָקענער פּרעזעס וואָס האָט דערפילט די סכנה און מורא, געהאַט פאַר פּעטש, האָט ענדלעך אַרויסגעשטאַמלט: וואָס ווילסטו פון מיר? דיך האָט מען גאָרנישט באַשטייערט, — —וואָס? גאָרנישט זאָגסטו, גאָרנישט איז אויך אַ סך... דו טרפהנער אָנגעפּרעסענער בויך! די קישקעס וועל איך דיר אַרויסלאָזן אָט באַלד! לאַנג האָט געדויערט, ביז דער אָנפאַלער מיט די געביילטע פויסטן האָט זיך באַרואיקט און געלאָזט זיך אַוועקשלעפּן.

אין פאַרלויף פון דער צייט געדענק איך פאָלגנדע דאָזאָרעס: ישראל עדלשטיין, אייגנטימער פון אַ קאַלך־איוון, מענדל פּרים, הערשל קליינבוים, בונם אייזנשטיין, וועלוול צוקערמאַן, ברוך גאָלד, אַנשל גאָלדרייך, שלמה לאָטערשפּיל, יחזקאל ציון (וואָלפּס), אברהם לעווין און וועלוול לאָטערשפּיל, שאול גאָלדמאַן.

דער לעצטער קהילה־פּרעזעס, איידער די פּוילישע מאַכט האָט אַרויס־געגעבן דאָס נייע געזעץ וועגן דער רעאָרגאַניזאַציע פון די יידישע קהילות אין יאָר 1922, איז געווען שכנא קאָרנגאָלד. קהילה־סעקרעטאַר איז דאַן גע־ווען דער עסקן פישל פּרץ, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק.

אין הסכם מיטן נייעם געזעץ איז אייסגעוויילט געוואָרן (שוין דורך אַלע איך „עמד") אַ פאַרוואַלטונג פון אַכט מיטגלידער און אַ קהילה־ראַט פון 12 מיטגלידער. אַלס פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג איז אויסגעוויילט געוואָרן הענריק אַדלער און ווי פאָרזיצער פונעם ראַט פישל בערגרין — אַ פיינער, זיידענער מענטש און בעל־תורה, אָבער אָן אַ חוט־השדרה. גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומרייסעניש צווישן ראַט און דער קהילה־פאַרוואַלטונג בנוגע סמיכות. איך בין דאַן אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס קהילה־סעקרעטאַר (געאַרבעט

אויף דעם פּאָסטן פון 1924 ביז 1939). אַלס מיין פאַרטרעטער איז באַשטימט געוואָרן דווידל פערלמאַן ע״ה, און שפּעטער מענדעלע זוסמאַן, וועלכע זענען אומגעקומען. זיי האָבן אויך פאַרקויפט די קוויטלעך פון דער שחיטה. איך האָב געאַרבעט בלויז צוויי שעה טעגלעך.

אינעם ראַט און אין דער פאַרוואַלטונג זענען דאַן אויסגעוויילט געווען אַ חוץ די דערמאָנטע פערזאָנען: וועלוויל לאָטערשפּיל, יצחק טאַרציץ, יחזקאל נאַכטיגאַל, מאָטל קאַמער, אברהם קאַגאַן, שמואל נחום שיידנפיש, מאיר־אבא שטיינבערג, חיים־פסח נאַדלמאַן, מתתיה נאַרמאַן, איתמר קוואַטער, משה זייפמאַן, משה האַלצמאַן, איתמר רובינשטיין און אַנדערע.

לויטן געזעץ איז דער שטאָטישער רב געווען אַ שטענדיקער פאַרוואַל־טונגס מיטגליד.

צווישן די פליכטן פון דער קהילה איז אויך געווען דאָס צאָלן געהאַלט די כלי־קודש: דעם רב, מורה־הוראה, שוחטים, שמשים, קברן, אינקאַסענט. און די אַדמיניסטראַציע־אַרבעטער. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט זיך אַנט־וויקלט אַ שטאַרקער קאַמף צווישן רב מיט זיין סוויטע פון איין זייט (די מאָדזשיצער חסידים און אַ טייל פון די באַלעמעלאָכעס און צווישן זיינע קעגנער, הויפּטזעכלעך די לובלינער חסידים (אַנשל גאָלדרייך, וועלוויל לאָטערשפּיל און שפּעטער יצחק טאַרציץ). איך האָב געמוזט לאַווירן, פאַר־שטייט זיך, צווישןביידע קעגנערישע מחנות און נישט איינמאָל האָט מען מיר פאָרגעוואָרפן, אַז כ׳האָב געפעלשט דעם פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג, אויב די רעזאָלוציע איז געווען נישט לויט איר ווילן.

די צוגעטיילטע רעליגיעזע אויטאָנאָמיע דורך דער פּוילישער מאַכט איז פּאַקטיש געווען אויפן פּאַפּיר, ווייל פון צייט צו צייט פלעגט דער רעפערענט פון סטאַראָסטוואָ זיך אַריינמישן אין מבטל מאַכן פאַרשידענע באַשלוסן, וואָס האָבן נישט געשמעקט דעם רב. די מאַכט פלעגט דאַן שטיצן די רבנים, זעענדיק אין זיי דעם לאָיאַלן עלעמענט צווישן דער יידי־שער באַפעלקערונג. אַזוי האָט די מאַכט מבטל געמאַכט דעם ראַט און איבערגעלאָזט בלויז די פאַרוואַלטונג. צום סוף האָט זי פונאַנדערגעלאָזט די געוויילטע פאַרוואַלטונג, אין שפּיץ פון וועלכע ס׳זענען געשטאַנען פריער יענקל ראַטנאָווסקי און שפּעטער פּאַוועל מאַניקאָוו און נאָמינירט אַ קאָמיסאַ־רישע פאַרוואַלטונג פון פאַלגנדע דריי פערזאָן: אברהם עדעליסט (פרע־זעס), יודל קליינוועקסלער און יוסל וואַלדבוים (אַלע אומגעקומען).

אינקאַסענט פון עטאַט־שטייער איז פריער געווען יוסל זילבערבוים, וועלכער איז שפּעטער עולה קיין ישראל און דאָרט געשטאָרבן, און שפּעטער איז אויף זיין פּלאַץ באַשטימט געוואָרן משה (מאָשקע) זייפמאַן, אַ פּאָפּולערע פערזענלעכקייט אין שטאָט; אַ גבר אַלים וואָס פלעגט יעדן ווייזן זיין גבורה.

די הכנסות פון דעם עטאַט האָבן זיך אין זיין צייט פאַרגרעסערט ביז גאָר, ווייל די עטאַט־צאָלערס פלעגן אים אָקעגן טראָגן דאָס געלט, נאָך אײדער זיי האָבן אַריינגעכאַפּט אַ קוועטש אין עלנבויגן פון זיינע אייזערנע פינגער. ער פלעגט איך קאָנען „אָנטאַפּן" די פּוילישע געזעצן, אין די צום דעם צוועק געדרוקטע בראָשורן, אָנווייזנדיק אויף זיי מיטן פינגער און קיין־מאָל נישט געהאַט קיין טעות.

שוחטים זענען געווען: מענדל קיטנער, יעקיל טיגנטרייך, פלטיאל שעכטמאַן און יאָסקע טענענבוים.

שמשים זענען געווען: שמואל־יצחק ברים און חיים־הערש.

די קהילה, וועלכע האָט זיך געפונען אין דרומדיקן טייל פון דער עזרת־נשים אין שטאָטישן בית־המדרש איז פאַרברענט געוואָרן דורך די טמאדיקע נאַציס באַלד נאָך זייער אַריינקום אין שטעטל, צוזאַמען מיט אַלע דאָקומענטן, און קיין שום זכר איז נאָך איר נישט פאַרבליבן.

## דאָס רעליגיעזע לעבן

אַמאָל האָבן אין פולאַוו עקזיסטירט אַ חוץ דער שטאָטישער שול צוויי בתי־מדרשים; איינס דאָס „אַלטע" אויפן זאַמד, וואָס איז שפּעטער פאַרברענט געוואָרן, און דאָס צווייטע, דאָס „נייע". אין אַלטן בית־המדרש האָבן די מזרח־וואַנט פאַרנומען: ישראל עדלשטיין, יונה שאַבאַסזאָן, הערשל קליינבוים, יחזקאל ציון און אַנדערע. אין נייעם בית־המדרש האָבן די מזרח וואַנט פאַרנומען „עמך". די שול, אין וועלכער ס׳איז געווען פּלאַץ פאַר 2000 מענטשן און דאָס בית־המדרש זענען אויפגעריסן געוואָרן מיט דינאַמיט דורך די נאַציס בעת זייער אַריינקומען קיין פולאַוו.

אין פולאַוו האָבן עקזיסטירט פאָלגנדע חסידים־שטיבלעך: דאָס לובלינער מיט 120 חסידים; דאָס קאָצקער מיט 50, דאָס מאָד־זשיצער מיט 50; דאָס גערער מיט 30, דאָס וואורקער מיט 30 דאָס סאָקאָלאָווער מיט 30. אַ חוץ דעם האָבן עקזיסטירט צוויי מנינים: דער ציוניסטישער מיט 50 (אין די ימים נוראים 50) מתפללים און פון „זכרון־הנס", אַ געזעלשאַפט פון איסגעדינטע רוסישע זעלנער, מיט 80 מתפללים.

מיטן ציוניסטישן מנין האָט אָנגעפירט חיים גאָראָדעצקי; מיט מנין פון „זכרון־הנס" משהקע זייפמאַן.

## דאָס קולטורעלע לעבן

מיטן אַנטשטיין פון דער פוילישער מלוכה איז דערמעגליכט געוואָרן דאָס איינאָרדנען פון עפנטלעכע רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס און דאָס

שאַפן ביבליאָטעקן און לייען־זאַלן. די יוגנט, וואָס האָט געלעכצט נאָך קול־טורעלער טעטיקייט און וואָס איז פאַר איר געווען אַ נייעס, האָט זיך אַריינגע־וואָרפן אין דעם מיט לייב און לעבן. דאָס איינאָרדנען פון רעפעראַטן, קעסטל־אָווענטן, א. אַ. וו. איז געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן דראַמאַטישע קרייזן און כאָרן. עס האָבן זיך געגרינדעט ביבליאָטעקן און לייען־זאַלן. ס׳זענען איינגעלאַדן געוואָרן באַוואוסטע רע־פערענטן פון וואַרשע און אויך טעאַטער אַנסאַמבלען פון די גרעסערע שטעט, צווישן זיי די ווילנער טרופּע, דאָס קליינקונסט־טעאַטער „עזאזל״, אסתר רחל קאַמינסקיס טרופּע. אויך דער שטאָטישער דראַמאַטישער קרייז, אין וועלכן ס׳האָבן אָנטייל גענומען שלמה שיינבערג, זיין ברודער דוד, העסע קליינ־וועסקלער און אַנדערע, האָבן פאַרגעשטעלט מיט גרויס דערפאָלג פאַרשידענע פּיעסן.

אין שטעטל האָבן זיך געפונען צוויי באַרימטע איבערזעצערס, וואָס האָבן באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור: 1) דער פאַרשטאָרבענער שלמה שיינבערג, אַ גלענצנדער איבערזעצער, וואָס האָט צווישן אַנדערע אויך איבערגעזעצט „מלחמה און שלום״ פון טאָלסטאָי און אים צו לאַנגע יאָר שלמה ראָזענבערג, דער איצטיקער רעדאַקטאָר פון אַ ריי צייט־שריפטן אין ניו־יאָרק, אַ גלענצנדער און באַליבטער שרייבער וואָס האָט דאַן איבערגעזעצט: „פייערן״ פון ריימאָנט „אין וויסטענישן און מדבריות״ פון שענקעוויטש. די דאָזיקע איבערזעצונגען האָבן אין יענער צייט אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקן רושם אין די ליטעראַרישע קרייזן.

אַ יוצא־דופן אין דער הינזיכט איז געווען משה רובינשטיין, וועלכער איז אַלס אַמאַטאָר, פאַרשטייט זיך, אָפּגעשטאַנען ווייט פון די אויבנדערמאָנטע פּראָפעסיאָנעלע איבערזעצעס, וועלכע האָבן אים ווייט איבערגעשטיגן אין דער דאָזיקער „מלאָכה״ און דאָך זענען דאַן דערשינען פון זיינע איבערזע־צונגען אין די ביכער־פאַרלאַגן פון: גאָלדפאַרב, גיטלין, גאָלדבערג און יאַ־קובזאָן אין וואַרשע, און נעמלעך: „די קאָמישע געשיכטע״ פון אַנאַטאָל פראַנס; „מאַרטאַ״ פון עליזא אָזשעשקאָוואַ; „וועגן וואָס מ׳רעדט נישט״ פון זאַפּאָלסקאַ און „דעם פעטערס חלום״ פון דאָסטאָיעווסקי. אַ חוץ דעם איז פאַרבליבן ביי אים אין מאַנוסקריפּט „דער גלאָקן־קלינגער פון נאָטר־דאַם״ פון וויקטאָר הוגאָ.

## דאָס פּאַרטיי־לעבן

ביז דער אַנטשייאונג פון דער מדינה פּוילן איז געווען פאַרבאָטן די פּאַרטייאישע טעטיקייט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער געפירט אַ געהיימע אומבאַדייטנדיקע טעטיקייט: פאַרקויפט שקלים, געזאַמלט געלט פאַר קרן־קיימת לישראל און אַפילו אַדורכגעפירט אין די טיפענישן פונעם

וואַלד געהיימע רעפּעראַטן, וואָס פליגן, פאַרשטייט זיך, איינגעאָרדנט ווערן אין וואַלד אין פון פאָרויס באַשטימטע ערטער. ס׳פלעגן דאַן צוגעשפּיליעט ווערן צו אַ בוים צוויי פרויע,־שאַלן: אַ ווייסער און אַ בלויער, וואָס האָבן סימבאַליזירט די נאַציאָנאַלע פאָן. מיטן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מלוכה איז די פּאַרטייאישע טעטיקייט דערלויבט געוואָרן און דאַן זענען אין פולאַוו אויפגעקומען אַלע פּאַרטייען.



וועד פון „התאַחדות" אין פולאַוו אין 1932:

ערשטע ריי: יוסף גאָלדרינג, טויבע ניימאַרק.

צווייטע ריי: אַן אַרבעטערין ביי גאָלדרינג: דענטיסטין ד״ר אסתר קאָרנגאָלד; יוסף לעווי—פּרעזעס פון „התאַחדות" אין פּוילין; קופּערמאַן — איידעם פון בנימין קליינבערג.

דריטע ריי: שמואל קערשענבלאַט; משה רובינשטיין (פּרעזעס פון „התאַחדות" אין פולאַוו); חנה אייזנשטיין (לערער); און אַהרן אייזנשטיין.

פון אַלע זענען געבליבן לעבן נאָר 2: משה רובינשטיין און אַהרן אייזנשטיין.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917 איז אָנגעפירט געוואָרן דורך יעקיל ראַטנאָווסקי, שאול טאָכטערמאַן יהושע בייער ז״ל, שלמה ראַטנאָווסקי און משה רובינשטיין. שפּעטער האָט זיך די אָרגאַניזאַציע געשפּאָלטן אויף צוויי פליגלען: 1) „עת לבנות" אונטער דער אָנפירונג פון יעקיל ראַטנאָווסקי און 2) „על המשמר" אונטער דער אָנפירונג פון שלמה ראַטנאָווסקי. צו דעם פליגל האָט אויך געהערט משה קליינבוים (סנה), איצט אַ קאָמוניסטישער דעפּוטאַט אין דער „כנסת" פון מדינת ישראל.

אין יאָר 1926 האָט מ. רובינשטיין געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „התאחדות" (הפּועל הצעיר און צעירי־ציון). צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט:

יוסף גאָלדרינג, יונה אייזנשטיין, דינה פרץ, יחזקאל פעלדשטיין און אהרן אייזנשטיין און משה רובינשטיין (פּרעזעס).

דורך דער התאַחדות־פּאַרטיי איז אין יאָר 1928, געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" און איז שפּעטער אָנגעפירט געוואָרן דורך העניע קליינבערג, פריילין מילראַד און פריילין ניימאַרק.

צו די אַקטיווע מיטגלידער פון „התאַחדות" האָבן אָנגעהערט: מ. רובינשטיין, (פּאָרזיצער) אַהרן אייזנשטיין,ביידע אין ישראל, און די אומגעקומענע יחזקאל פעלדשטיין (סעקרעטאַר, בראָנשטיין, דער לייטער פון „תרבות־שול", י. גאָלדרינג, שמואל קערשנבלאַט, יונה אייזנשטיין, (לערער פון אַדלערס שול), דינה פרץ, אסתר קראָנגאָלד־גאָלדבערג א. אַ. וו. די פּאַרטיי האָט עקזיסטירט ביזן חורבן פונעם שטעטל.

די לינקע פּוע"צ פּאַרטיי איז געשאַפן געוואָרן דורך: ברוך גרינבוים, יהושע טאַרטשיק, משה קאַרטמאַן און יבד"ל: יקיר ניימאַרק, אַברהם שניטערמאַן און משה פעלדבערג (אַלע דריי איצט אין ישראל).

צו דער פאַרוואַלטונג פון „מזרחי" האָבן געהערט: פישל בערגרין (פּרעזעס), דער מורה־הוראה הירש לייב ראָזענצווייג, אַנשל גאָלדרייך, איתמר רובינשטיין, ליי יצחק האָזנשפּרינג און הערשל ראָזענבערג.

צו דער פאַרוואַלטונג פון „אַגודת־ישראל" האָבן געהערט פּנחס ניי, בנציון בלימענקראַנץ און אברהם מילראַד.

צו דער ביתר אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעהערט יוגנטלעכע ביז אַכצן יאָר אַלט.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט עקזיסטירט אומלעגאַל און האָט זיך גרופּירט אַרום די קרייזן פון אַזוי־גערופענעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. די אָנפירערס פון דער פּאַרטיי זענען געווען שלמה קרעלענבוים, אהרן געווערצמאַן, משה נאַכטיגאַל, און משה מעלמאַן.

קרעלענבוים און נאַכטיגאַל זענען געזעסן פיר יאָר אין דער פּוילישער תפיסה פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט.

די אָרגאַניזאַציע פון „בונד", וואָס איז געווען פון די ערשטע אין פולאַוו, און האָט עקזיסטירט גלייך פון נאָך דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, (זע אַרבעט פון ש. ווייס, ווייטער—רעד.) האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין די 20קער יאָרן. אין פולאַוו זענען געווען יחידים בונדיסטן, וואָס ווערן ווייטער אין דער אַרבייט דערמאָנט.

די צאָל חברים אין די פּאַרטייען: „על־המשמר" — 100, „עת־לבנות"— 40, „התאַחדות"—80 „פּוע"צ־לינקע"—150, „מזרחי"—80, „אגודת־ישראל"— 50, „בית"ר"—70, פּראָפ. פאַריין—400 (אַלע צאָלן זענען לפי ערך).

## דאָס עקאָנאָמישע לעבן

אין פּולאַוו האָבן עקזיסטירט פאָלגנדע יידישע בענק: 1) די קאָאָפּעראַטיווע באַנק; 2) די סוחרים־באַנק; 3) די האַנטווערקער־באַנק.

די קאָאָפּעראַטיווע באַנק איז געגרינדעט געוואָרן דורך אברהם לעווין און נאָוויקאָוו (נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה). איר לאַנג־יעריקער לייטער איז געווען איטשע־מאיר פעפערמאַן און שפּעטער משה אַנקער. פּרעזעס פון ראַט איז געווען יעקיל ראַטנאָווסקי. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: יעקיל ראַטנבערג, שמעון עדלשטיין, נטע מאַנטלמאַכער און הערשל ראָזענבערג. קאַסיר פון באַנק איז געווען שלמה ראַטנאָווסקי.

די סוחרים־באַנק איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1927 דורך משה רובינשטיין, וועלכער איז אויך געווען איר לייטער ביזן יאָר 1932, ווען זי איז ליקווידירט געוואָרן. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: ד״ר האָניגספעלד (פּרעזעס), בנימין קליינבערג, וועלוויל צוקערמאַן און יבל״ח איטשע־מאיר שטאַמלער און משה רובינשטיין. פּרעזעס פון ראַט איז געווען הענעך רעכעלס. קאַסיר: איתמר רובינשטיין.

די האַנדווערקער־באַנק איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1948 דורך ירחמיאל לעבעדיקער, וועלכער איז אויך געווען איר לייטער ביז זי איז ליקווידירט געוואָרן אין יאָר 1930. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט הענריק אַדלער, חיים בריפמאַן און ירחמיאל לעבעדיקער.

אַ חוץ די דאָזיקע 3 בענק האָט עקזיסטירט אַ גמילות־חסדים־קאַסע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך פּנחס ניי מיטן געלט וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן פון די פּולאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

דער סוחרים־פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1918. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: וועלוויל צוקערמאַן (פּרעזעס), בנימין קליינבערג, נחום שפּיגלמאַן, מאָטל קייט און יבל״ח מ. רובינשטיין.

מיט צוויי יאָר שפּעטער איז דער סוחרים־פאַריין ליקווידירט געוואָרן אין זיין אָרט האָט פאַרנומען דער ניי־געגרינדעטער קליינהענדלער־פאַריין וואָס האָט געציילט איבער טויזנט מיטגלידער. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: פּאַוועל מאַניקאָוו, מאָטל קייט, לייבל שניידלעדער, שמעון עדלשטיין, און משה רובינשטיין (פּרעזעס).

דער האַנדווערקער־פאַריין האָט געציילט בערך 800 מיטגלידער. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: הענריק אַדלער (פּרעזעס), ירחמיאל לעבעדיקער (סעקרעטאַר), נטע מאַנטלמאַכער, חיים בריפמאַן און ישראל־אַביגדור טייך.

דער קליינהענדלער־פאַריין ווי אויך דער האַנדווערקער־פאַריין האָבן

אַרויסגעוויזן אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט ביים פאַרטיידיקן די אינטע־רעסן פון זייערע מיטגלידער.

דער פראָפעסיאָנעלער פאַריין, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך קאָ־מוניסטישע עלעמענטן, האָט אַרויסגעוויזן אַ ברייטע טעטיקייט אַזוי אויפן עקאָנאָמיש; געביט ווי אויפן קולטורעלן געביט און האָט אַרומגענומען כמעט אַכציק פראָצענט פון די יידישע אַרבעטער אין שטאָט. דער פאַריין און זיינע אָנפירער זענען שטאַרק גערודפט געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט.

## יידישע ספּאָרט־קלובן

פיר יידישע ספּאָרט־קלובן האָבן עקזיסטירט אין שטעטל: „מכבי", „הפועל", „ביתר" און „שטערן".

„מכבי" איז אָנגעפירט געוואָרן דורך לייבל גראַדשטיין, גאָלדמאַן און חיים גאָראָדצקי; דער „הפועל" איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע. זיין קאַפּיטאַן איז געווען אַברהם שאַץ, דער בעסטער פוטמאָל־שפּילער אין שטעטל. דער „שטערן" איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער לינקער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי און „ביתר" דורך דער רעוויזיאָניסטי־שער אָרגאַניזאַציע.




ספּאָרט־קלוב „מכבי", פולאַוו אין יאָר 1934

דער „שטערן" און „ביתר" זענען געווען שוואַכע קלובן, דאַקעגן „מכבי" אין „הפועל" האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט גוטע ספּאָרט־לייט און פלעגן זיך אָפט פאַרמעסטן מיט די פוילישע פוטבאָל־מאַנשאַפטן מיט גרויס דערפאָלג. אין די שפּעטערדיקע פאַרמלחמהדיקע יאָרן האָבן ביידע קלובן, „מכבי" און „הפועל", זיך צוזאַמענגעגאָסן און זייט דעמאָלט פאָר־געשטעלט מיט זיך אַ שטאַרקן ספּאָרט־קלוב וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן מיט איינגעלאַדענע פרעמדע פוטבאָל־מאַנשאַפטן און אַרויסגערופן צו זיך רע־ספּעקט מצד די אַנטיסעמיטישע פוטבאָל־מאַנשאַפטן.

## די פילאַנטראָפּישע טעטיקייט

אין שטעטל האָבן עקזיסטירט פאָלגנדע פילאַנטראָפּישע אינסטי־טוציעס:

1) הכנסת־כלה", וואָס האָט געהאַט אַן אויפגאַבע חתונה צו מאַכן אָרימע כלות און יתומות. אָנגעפירט מיט איר האָט שמואל שלאָפ־מאַן (סקאַז), אַ בלעכער.

2) „לינת־הצדק", וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו שטיצן אָרימע קראַנקע. און שיקן דעזשורנעס צו נעכטיקן ביי קראַנקע. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז אָנגעפירט געוואָרן דורך: אברהם־יצחק מאַנדלבוים, משה ניימאַרק און משה־שלום גאָלדשלעגער אין האָט געפירט אַ ברייט־פאַר־צווייגטע טעטיקייט.

3. די געזעלשאַפט „עזרה", וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך יוגנטלעכע אין האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שטיצן די אָרימע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער געזעלשאַפט וועל איך ווידמענען אַ באַזונדער קאַפּיטל.

## דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן

1) דער שטאָט־ראַט. צוזאַמען מיטן אַנטשטיין פון דער פּויליי־שער מלוכה זענען אויך אַנטשטאַנען אין די פוילישע שטעט שטאָט־ראַטן. מיט פאַרשידענע פּסולע מיטלען איז די אַנטיסעמיטן געלונגען צו פאַר־קלענערן די יידישע פאַרטרעטערשאַפט ביז מינימום. בייטנדיק זיך אָפט זענען פאָלגנדע פערזאָנען געווען ראַטמענער: הענריק אַדלער, ד"ר נאָדל־מאַן, משה קאָרטמאַן, עדעליסט, פישל בערגרין, אַנשל גאָלדרייך, הענעך רעכעלס, משה קליינבוים, נטע מאַנטלמאַכער, ירחמיאל לעבעדיקער און משה רובינשטיין (אין לעצטן שטאָט־ראַט פאַרן מלחמה־אויסברוך).

2) דער יידישער קלוב האָט זיך געפונען אויף שפּיטאַלנע גאַס אין אַ קריסטלעך הויז און איז באַשטאַנען פון פיר רייזיקע צימערן.

דער קלוב האָט געפירט אַ לעבהאַפטע קולטורעלע אומפּאַרטייאישע טעטיקייט. אין אָנפאַנג איז די צאָל מיטגלידער געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, אָבער נאָך אַ צוויי־יעריקער טעטיקייט איז דער אינטערעס פון די מיטגלידער באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַזוי אַז ער האָט זיך געמוזט שליסן. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: הענריק אַדלער (פּרעזעס), ד״ר נאָדלמאַן, עלזאַ האָניקספעלד (קאַסירערין) ישראל גאָלדמאַן, יעקיל עדלמאַן און משה רובינשטיין (סעקרעטאַר).

3) דער אַנטי־היטלער קאָמיטעט. נאָך דעם ווי דער מאָדערנער עמלק היטלער האָט אַרויפגעלייגט זיין טמאדיקע לאַפּע אויף דעם דייטשן יידנטום, זענען געשאַפן געוואָרן אין אַ ריי לענדער אַנטי־היטלער



די „החלוץ" גרופּע אין פולאַוו, זומער 1929, צום אָפּפאָר פון זייער חבר חיים ראָזנבערג קיין ארץ ישראל.

פון רעכטס צו לינקס — זיצן: יהושע מילראַד (פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע), סלאַוואַ טאַובער (געשטאָרבן אין ישראל אין 1961), חיים ראָזענבערג (לעבט אין ישראל), טובטשע ניימאַרק (אומגעקומען) איטשע לאָטערשפּיגל (אומגעקומען).

שטייען — 2טע שורה: פּערל גאָלדוואַסער (אומגעקומען) סאַשאַ גאָראָדעצקי (לעבט אין ישראל), לאָניאַ טאַובער (לעבט אין פּאַריז), רחל בלופאַרב (געשטאָרבן אין פולאַוו פאַר דער מלחמה), שמעון פישמאַן (לעבט אין ישראל).

שטייען — 3טע שורה: חיים ניימאַרק (אומגעקומען) יעקל ניסענבוים (לעבט אין ישראל), ירחמיאל גאָלדוואַסער (געשטאָרבן אין ארץ־ישראל), מעלמאַן (אומגעקומען) און זעלצער (אומגעקומען).

קאָמיטעטן וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צו פּראָקלאַמירן אַ באָיקאָט אויף דייטשע סחורות. אויך אין פולאַוו איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ קאָמי־טעט, וואָס האָט פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט אין דער שטאָטישער שול רעפעראַטן. צום קאָמיטעט האָבן אָנגעהערט אַלע יידישע אָרגאַניזאַ־ציעס און ער האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

4) די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער „התאַחדות״־אָרגאַניזאַציע אין איר פּרעזעס מ. רובינשטיין. די רעכטע פועלי־ציון אין „השומר־הצעיר״, וועלכע האָבן אין גאַנץ פּוילן געהערט צו דער דאָזיקע „ליגע״ האָבן אין פולאַוו נישט עקזיסטירט. בנוגע ווידער דער לינקער פוע״צ־אָרגאַניזאַציע האָט זי אין יענער צייט נישט גענומען קיין אַקטיוון אָנטייל אין „די ליגעס״ פאַרן אַר־בעטנדיקן ארץ־ישראל און דעריבער איז זי באַשטאַנען בלויז פון „התּ־אחדות״. איר אויפגאַבע איז געווען צו פאַרקויפן אַקציעס פון די אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל, אָנפירן מיט די שקלים־קאַמפּאַניעס, אַגי־טירן פאַר דער אידעע פון אַרבעטנדיקן א״י א. אַ. וו.

## די געזעלשאַפט „עזרה״

דער דאָזיקער געזעלשאַפט ווידמע איך אַ ביסל מער פּלאַץ צוליב פאָלגנדע סיבות:

1) זי איז געווען אַ פּיאָנערין פון די יידישע יוגנטלעכע געזעלשאַפטן אין שטעטל און 2) זי האָט אַרומגענומען כמעט 100% פון דער יידישער יוגנט.

געווען איז עס אין יאָר 1915. די יידישע באַפעלקערונג אין פולאַוו, וואָס איז אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך דער פאַראַרדענונג פון דער צעקלאַפּ־טער רוסישער אַרמיי, האָט זיך נאָר־וואָס אומגעקערט אין שטעטל וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ חורבן. פיל הייזער זענען געשטאַנען צעק־לאַפּטע דורך דער אַרטילערישער באָמבאַרדירונג אין אַ גרויסער טייל איז אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן. די גאַסן האָבן אויסגעזען אַזוי עלנד, אַז זיי האָבן פשוט דערוועקט אַ רחמנות. אויף שנעל צונויפגעקלאַפּטע בייד־לעך האָבן פאַרטרעטן די פריערדיקע קליימן און ווערקשטעלן. די עלעק־טרישע באַלייכטונג האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט אין שטעטל, אין ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט איז געוואָרן אַזוי זייער און קאַלעמוטנע אויף דער נשמה, אַז כאָטש נעם און טו זיך אָן אַ מעשה. די לאַנגווייליקייט האָט פשוט געדריקט אויף דער נשמה און דיך אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס פון ענגן דושנעם צימער און דו ביסט אַרויסגעקומען אויף דער פינצטערער גאַס, האָט עס דיך צוריקגעטריבן אַהיים. דאַן האָט אין די

מוחות פון עטלעכע יוגנטלעכע אויפגעבליצט דער געדאַנק פון שאַפן אַ לאָקאַל וואָס זאָל דינען אַלס צוזאַמענטרעפס־פּונקט פאַר דער ייאוש־פולער יוגנט. אימר ועשה. ס'ווערט געשאַפן אַן איניציאַטיוו־גרופּע, וואָס שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע דאָס דינגען אַ פאַריין־לאָקאַל. נאָך עטלעכע טעג איז פאָרגעקומען אינעם ניי־געדונגענעם לאָקאַל אין שטאָט־קוואַרטאַל „מאָקראַטקי" די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אויסגעוויילט אַ פאַר־זאַמלונג. וואָס האָט אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע איז גלייך צוגע־טרעטן צו איר טעטיקייט. אויסגעוויילט זענען געוואָרן: פישל פרץ (פרעזעס), ברוך גרינבוים (סעקרעטאַר), אשר לעווינזאָן, יודל קליינוועקס־לער און יבל"ח נעכעלע פאַלענבויגן (קאַסירערין — איצט נחמה אירנשטיין, און משה רובינשטיין (וויצע־פרעזעס און פאַקטישער לייטער). די יוגנט האָט, וואָס אַן אמת, נישט געמיינט די הגדה נאָך די קניידלעך, אין דאָך זענען געשאַפן געוואָרן באַדייטנדיקע געלט־סומען, וואָס זענען פונאַנדער־געטיילט געוואָרן צווישן די נויט־באַדערפטיקע. די יוגנט האָט זיך אַריינ־געוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן: שאַפן קורסן פאַר דערוואַקסענע, אַ ביבליאָטעק און לייען־זאַל, אַ דראַמאַטישער קרייז, אַ כאָר, אַ קולטור־קאָמיסיע וואָס האָט איינגעאָרדנט אָפטע רעפעראַטן. אויך בלומען־פאַרקויפן זענען געוואָרן אַן אָפטע דער־שיינונג, אין אין פאַריין, וואָס האָט איצט אַרומגענומען בערך 500 יוגנטלעכע, האָט שטענדיק זיך געריודערט ווי אין אַ בינשטאָק. מיט דער גאַנצער זיכערקייט קאָן געזאָגט ווערן, אַז דער פאַריין האָט אויסגעאיבט אַ באַדייטנדיקע השפעה אויף דער געשטאַלטונג פון דעם ווייטערדיקן לעבנס־גאַנג פון דער יוגנט און אַז אין יענער אַזוי עצבותפולער צייט האָט דער פאַריין אַריינגעבראַכט פרייד און ליכטיקייט אין זייערע הערצער וואָס האָבן געפונען אַ „תיקון" אין זייער בענקשאַפט נאָך עפעס העכערס.

לײדער, האָט דער שטן פון פילוג אויך דאָ זיך אַריינגעמישט און די אַרבעטער־יוגנט איז אַוועק מאַכן שבת פאַר זיך, נישט וועלנדיק האָבן עפעס געמיינזאַמעס מיט די בורזשואַזע (מ'שטיינס געזאָגט) עלעמענטן. דער סוף איז געווען, אַז עמיצער האָט עס דערטראָגן צים פריץ און דער פאַריין איז געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט. דאַן איז געלונגען דורך אַ טריק צו עפענען אויפסניי דעם פאַריין אונטער אַ נייעם נאָמען: „סאַ־ניטעטס־פאַריין". די אויפגאַבע פון פאַריין איז געווען אַכטונג צו געבן אויף דער היגיענע פון די יידישע הייף. צו דעם צוועק האָט מען אָנגעטאָן בענדער מיטן „רויטן קרייץ" אויף די אָרעמס און צוויי מאָל אַ וואָך זיך אַרויסגעלאָזט אויף די יידישע הייף. פאַרשטייט זיך, אַז קיין פּראָטאָקאָלן זענען נישט געמאַכט געוואָרן. אָט אַזוי האָט זיך אונדז איינגעגעבן אָפּצונאַרן די מאַכט און ווידער מאַכן אַ „לעבן" אין פאַריינס־לאָקאַל.

אין דער טעטיקייט האָבן דאַן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל: פנחס קרימער, שלמה שיינבערג, זיין ברודער דוד, חיה וויינבערג, מלכה קייט, רעגינאַ קליינבערג, די געשוועסטערן קייט אין יבל״א חיה האַלבערשטאַם און איטשע־מאיר שטאַמלער, פּאַליע האָניגספעלד־עדעליסט און אַ ריי אַנדערע. דערביי איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז בײדע פּאַריינען האָבן געדינט אַלס אויסגעצייכנטער שידוכים־ווינקל און נישט איין ליבעס־דערקלערונג איז דאָרט געמאַכט געוואָרן און אויך פאַרפעסטיקט געוואָרן שפּעטער דורך אַ געהעריקן חתונה־אַקט.

## געשעעענישן און סילועטן

נאָך דעם ווי איך האָב געגעבן אַן אַלגעמיין בילד פון אונדזער יידישן לעבן אין פולאַוו, וועל איך דאָ ווייטער זיך אָפּשטעלן אַ ביסל אויספירלעכער וועגן אַ ריי געשעענישן אין אונדזער שטעטלשער געשיכטע, אינסטיטוציעס און יחידים פון פולאַוו. ביים שרייבן דעם ספר־הזכרון פון דער פאַרשניטע־נער קהילה דאַרף די דאָזיקע פרטים ניט פעלן.

## די גרויסע מחלוקת אין שטעטל

עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָראָפּגעקומען אין שטעטל דער מורה־הוראה הרב רבי הירש־לייב ראָזנצווייג און אַ באַדייטנדי־קער פראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז צו אים צוגעשטאַנען און גענומען אויף זיך אויסצוהאַלטן אים מיט זיין פאַמיליע בכבוד. צווישן זיינע וויכטיקסטע אָנהענגערס זענען געווען: יחזקאל ציון (וואָלפס, ברוך גאָלד, אַנשל גאָלדריך, איטשע־בער ניסנבוים, און אויך מענדל קוטנער, דער שו״ב. דער רב פון שטעטל, הרב מענדל ניי, האָט צוזאַמען מיט זיינע אָנהענגערס אָנגעהויבן אַ ברייטע קאַמפּאַניע קעגן דעם אָנקומענדיקן מורה־צדק, באַשולדיקנדיק אים אין „השגת־גבול״. אין שטעטל האָט זיך פונאַנ־דערגעפלאַקערט אַ מחלוקת עין לא ראתה. יודעי־דבר האָבן געהאַלטן, אַז דער שו״ב איז מער חריף ובקי אין ש״ס ופוסקים פונם רב בכבודו ובעצמו און קאָן זיך מיט אים פאַרמעסטן... (דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, וואָס איז געווען אַ תלמיד מובהק ביים מורה־הוראה אַ געוויסע צייט, האָט געזען די גמראס און אַנדערע ספרים פול מיט זיינע הערות, געשריבן מיט זיין פערלדיקן כתב־יד.) אָבער די גרעסטע צאָל אָנהענגער האָט דער מורה־הוראה געהאַט צווישן „עמך״־שער און אייזן. מתתיהו נאַרמאַן, איתמר קוואַטער, אַברהם „טשוזשע״ דער שוסטער און אַנדערע „עמך״־לייט האָבן געבילדעט זיין לייב־גוואַרדיע, וואָס פלעגט אים באַגלייטן אין בית־המדרש אַריין, וואו ער האָט גלייך פאַרנומען אַ שטאָט אין דער רעכטער זייט פונם

אָרון־קדיש. דער מורה־הוראה האָט אָנגעהויבן זאָגן דרשות, וואָס האָבן צוגעצויגן מאַסן צוהערערס. נאָך שטייען מיר פאַר מיינע אויגן די לאַנגע פרייטיק־צונאַכטסן אין די ווינטער־נעכט, 4 אַזייגער פאַרטאָג, ווען ער פלעגט לערנען מיט אַ 300־קעפּיקן עולם צוהערערס די סדרה פון דער וואָך. און זיינע צוקער־זיסע פּירושים האָבן אַזוי געלאָקט דעם פאַרזאַמלטן עולם, אַז ער איז פון וואָך צו וואָך געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער אין צאָל. און נאָך געדענק איך, אַז אַ געוויסן שבת איז דער רב געקומען אין בית־המדרש אַריין צו האַלטן אַ דרשה אין דערביי געוואָלט, פאַרשטייט זיך, „אַריינזאָגן" דעם מורה־הוראה, אָבער די גוואַרדיע פון לעצטן האָט מנצח געווען און געגומען שטופּן דעם רב און זיינע באַגלייטערס פון אַלע זייטן, אַז זיי זענען קוים אַנטלאָפן מיט גאַנצע ביינער. אָבער נאָך דעם אַלעמען איז די לאַגע פונם מורה־הוראה געווען גאָרנישט קיין פריילעכע און דער דלות האָט אין זיין דירה שטענדיק געפייפט. נאָך אַ גליק וואָס ער האָט באַקומען צוגעשיקט אַ רעגולערע אונטערשטיצונג פון זיין רייכן ברודער אין ענגלאַנד. די נויט האָט געצוואונגען איינעם פון זיינע זין צו עמיגרירן קיין א"י, וואו ער איז אַריינגעטרעטן אין דער „בצלאל"־שולע, אָבער אויך דאָרט האָט ער זיך ניט געקאָנט דערהאַלטן צוליבן קריזיס אין לאַנד, און נאָך לאַנגע מאַטערנישן עמיגרירט קיין אַמעריקע, וואו ער געפינט זיך איצט.

## דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

אויגוסט, 1914. הייסע שטיקנדיקע זומער־טאָג. די לעצטע וואָכן האָבן געשמעקט מיט פולווער און ס'איז געווען פאַרויסצוזען, אַז דער פּאָליטישער הימל פאַרוואָלקנט זיך אַלץ מער פון טאָג צו טאָג נאָכן דערמאָרדן דעם עסט־רייכישן קרוינפרינץ. ענדלעך איז די צרה געקומען. זונטיק, דעם 1טן אויגוסט, תשעה־באב, נאָכן זאָגן די הפטורה „חזון ישעיהו", וואָס איז אַן אָנזאָג אויף אַן אָנקומענדיקע פּורעניות, האָבן זיך אויף דער שוועל פון לובלינער שטיבל, וואו איך האָב געדאַוונט, באַוויזן רוסישע פּאָליציי־לייט אין אַ גרעסערער צאָל, וואָס האָבן גענומען אַרויספירן אין דרויסן אַלע יינגלעך פון בערך 17 יאָר און אויך די עלטערע יידן ביז 40 יאָר אַלט. פאַרשטייט זיך, אַז אַן אימה איז אונדז גלייך באַפאַלן, נישט ווויסנדיק מיט וואָס דאָס שמעקט. אָבער וואָס קאָן מען מאַכן ? אַז מ'הייסט גיין — גייט מען. אַ ברירה האָט מען ? דאָס האָט מען אונדז געפירט אויפן וועג קיין לובלין אויף צו היטן די טעלעגראַף־דראָטן, אַזוי אַז קיין שפּיאָן זאָל זיי נישט איבער־רייסן. יעדער האָט באַקומען צו היטן אַן אָפּשניט פון אַ קילאָמעטער אויף אַ צייט פון 12 שעה. אַ שוויס האָט מיך באַדעקט, ווויסנדיק מיט וואָס אַזאַ ענין

שמעקט... און וואָס טוען מיר, אַז ס׳וועט עמעצן זיך פאַרגלוסטן איבערצו־רייסן? גיי רוף אים קנאַקניסל... אָדער כאַטש לאָד אים צום „ונתנה תוקף״... אָבער ווי זאָגן יידן: „גאָט איז אַ פאָטער און פאַרשוואונדן איז דער בלאָטער״! פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן די גאַנצע 12 שעה נישט צוגעמאַכט קיין אויג און „הלך משה מרדכי״, דאָס הייסט: מיר האָבן מאַרשירט הין אין צוריק אָן אויפהער, ווייל אַ קשיא אויף אַ מעשה... ענדלעך האָבן מיר צעבראָכענע אין דערשעפטע זיך דערשלאָגן אַהיים, עפּעס טוּעם געווען אין אַנדרימלט געוואָרן, אָבער ס׳זענען נישט אַדורכגעלאָפן קיין צוויי שעה, אין מען קלאַפּט אין טיר. ווידער מלאכי חבלה... דאָס זענען געקומען ריסישע זעלנער כאַפּן צו דער אַרבעט. מ׳האָט מיך אַריבערגעפירט די ווייסל קיין גוראַ־פּור־לאַווסקאַ, געגעבן אין דער האַנט אַ האַק און אַ לאָפּעטע און באַפוילן אויס־צוהאַקן, צוזאַמען מיט אַ 15 בחורים, אַ יונגן סאָסנע־וואַלד. אַ טייל פון אונדז האָבן, נאָכדעם ווי די זון איז פאַרגאַנגען און אַ פינצטערניש האָט אַרומ־געכאַפּט אַלץ, געמאַכט אַ „ויברח״, אָבער איך האָב געהאַלטן, אַז מיר טאָרן דאָס נישט טון, ווייל מיר, יידן, דאַרפן אַרויסווייזן אונדזער פּאַטריאָטיזם, אין דער צייט, ווען מען וואַרפט אונדז פאָר, אַז מיר זענען „שפּיאָנען״, און פאַר מיין דאַמאָלסדיקער נאַיוויטעט האָב איך טאַקע גאַנץ טייער באַצאָלט. באַלד איז ארויסגעפאַלן אַ שלאַקס־רעגן, וואָס האָט אונדז אַדורכגענעצט דורך אין דורך, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אַנדערע שומרים וואָס האָבן זיך געלאָזט וואַיילגיין איבער די „יידלעך״, געטריבן אונדז אָן איפּהער הין אין צוריק, נאָכדעם ווי מהאָט אַרויפגעלייגט אויף אונדז שווערע בעלקעס, וואָס האָבן אונדז שיער ניט דערדריקט. און ווען מיר האָבן געפּרואווט זוכן אַן עצה און גענומען צו הילף אַ דריטן ייד. האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף אונדזערע אויסגעמאַטערטע רוקנס קלעפּ פון נאַהייקעס וואָס האָבן ווייט אָפּגעהילכט אין דער לופט מיט זייער פייפעריי. ענדלעך ווען ס׳איז טאָג געוואָרן, האָבן אונדז די מיד־געוואָרענע שומרים באַפרייט און מיר האָבן גענומען אַהיים גיין, אָבער דער בעכער פון יסורים איז, ווייזט אויס, נאָך ניט פול געווען, ווייל פּלוצלינג האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ מיליטערישער פּאַטרול. וואָס איז ווידער? דאָס זענען ביי אַ דרייסיק לאַסט־אויטאָס איינגעזונקען אין די בלאָטעס, נאָכן נאָר וואָס זיך אָפּשטעלנדיקן שלאַקס־רעגן. איז ווער דאַרף זיי, הייסט עס, אַרויסשלעפּן פון דער בלאָטע, אויב נישט מיר „ייד,־שווינדלער״? כאַטש גיי אין שריי „חי־וקיים״! ווער האָט זיך גערעכנט מיט אונדזערע טענות, אַז מיר האָבן 12 שעה שווער געאַרבעט אין אַז מיר פאַלן שוין פשוט אין חלשות? ס׳האָט אונדז געהאָלפן ווי „אַ טויטן באַנקעס״. מיר האָבן גע־שלעפּט אין געשלעפּט און דערביי ווידער געקראָגן קלעפּ, ביז אונדזערע שומרים האָבן דערזען אַן אָנקומענדיקן שוואַדראָן אולאַנער. דאַן זענען מיר ענדלעך באַפרייט געוואָרן פון דער עבודת־פרך, און מיר זענען געקומען צום

באַשלוס צו רעזיגנירן אויף ווייטער פונעם „פּאַטריאָטיזם״, ד. ה. היטן די ביינער ביי יעדער געלעגנהייט. איך האָב מיר פאַרשטעקט אויף אַ בוידעם, וואו כ׳בין געלעגן גאַנצע דריי טעג.

## די באַלפור־דעקלאַראַציע

1918. אַ האַרבסט־טאָג. אויף דער יידישער גאַס איז ששון־ושמחה. אויך די ניט־ציוניסטן האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע פרייד. אַ קלייניקייט! דער חלום וועגן אַ יידישער מלוכה ווערט סוף־סוף פאַרווירקלעכט. וועמען ליגט עס אין קאָפּ די קראָם אָדער דער וואַרשטאַט? די בשורה האָט אַלעמען פאַרשיכורט. אויב איר ווילט — איז עס נישט קיין לעגענדע! — די דאָזיקע ווערטער פון דעם גרויסן טרוימער הערצל, וואָס איז אַזוי אויסגע־לאַכט געוואָרן דורך די אַזוי רעאַלע, נישט אין די וואָלקנס פליענדיקע מענטשן, ווערן דאָך מקוים. (די פרייד איז וואָס אַן אמת געווען אַ ביסל איבערטריבן, ווייל די אַנטוויקלונג פון דער זייט פון באַלפורס געוואָסן האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן...). גלייך איז געשאַפן געוואָרן אַ פיירונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט אַרויסבאַקומען פון דער פּוילישער מאַכט אַ דערלויבעניש אויף אַ פייערלעכער מאַניפעסטאַציע מיט אַ מאַסן־מיטינג. אויף צו מאָרגנס אין דער פרי זענען געשלאָסן געוואָרן אַלע יידישע



פראַגמענט פון דער מאַניפעסטאַציע לכבוד דער באַלפור־דעקלאַראַציע, פאָרגעקומען דעם 2 נאָוועמבער 1918 אין פולאַוו. די פאָטאָגראַפיע איז גענומען נעבן פישל בערגריינס הויז

געשעפטן און וואַרשטאַטן; און די יידישע באַפעלקערונג (אויך פאַרברענטע אָרדענונג ביזן מזרח עק פון שטאָט (דער לובלינער וועג), און פון דאָרט מושטרירטע רייען און אונטער ווייס־בלויע פענער מאַרשירט אין העכסטער אָרדענונג ביזן מזרח עק פון שטאָט (דער לובלינער וועג) און פון דאָרט צוריק דורך די זשעזשינער אַלעען צו אַדלערס שולע. פון באַלקאָן האָבן געהאַלטן רעדעס צום טויזנט־קעפיקן עולם די שטאָטישע ציוניסטישע פירערס, וואָס האָבן גערופן צו שפענדן צירונג און געלט לטובת דעם ניי־געשאַפענעם „קרן הגאולה״ (שפעטער „קרן היסוד״). באַלד טאַקע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטן אויריינגלעך, פינגערלעך, גאָלד־מטבעות אאַ״וו. ס׳איז ווערט דערמאָנט צו ווערן, אַז אין שפיץ פון דער מאַניפעסטאַציע זענען געריטן אויף ריזיקע פערד רייטער־פאָליציי, און די מער ערנסטע פוילישע שכנים האָבן געוואונטשן די יידן דערפאָלג און מזל־טוב. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: “Niech zyje Palestyna!” און וויוואַט, אַזוי אַז דער ענטוזיאַזם האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע שעהן. מיט דער גאַנצער דרייסטקייט קאָן געזאָגט ווערן, אַז קיין שמחה אין אַזאַ מאַסשטאַב האָט די יידישע באַפעלקערונג אין פולאַוו קיינמאָל נישט געזען. ליידער איז זי דאָן געווען אַ ביסל צו פריצייטיק, ווייל די ענגלישע „ידידים״ האָבן שפעטער געבראָכן זייער הבטחה און אונדז איבערגעלאָזט אויף דער „פלייש־באַנק״... כדי צוצוחנפענען זיך צו אונדזערע קוזינען, די אַראַבער.

## די פריוואַטע שולע אָדער „הדר מתוקן״ פון גדליהו גאָלדבערג

די דאָזיקע „שולע״ איז געווען די פאָפולערסטע פון אַלע אין שטעטל, און אין איר האָבן דערוואָרבן עלעמענטאַרע ידיעות טויזנטער קינדער, הויפטזעכלעך פון די אָרעמערע שיכטן. די שולע האָט עקזיסטירט לאַנגע יאָרן אונטער דער אָנפירונג פון גדליה גאָלדבערג, וועלכער האָט, וואָס אַן אמת, געטראָגן אַ טראַדיציאָנעלע יידישע קאַפאָטע מיט לאַנגע פאָלעס און אַ יידיש היטל, די אַזוי גערופענע „שאַבאַסואווקע״, אָבער שוין געווען אַ ביסל „געכאַפט אין דער מעשה״, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעשמעקט מיטן „התועה בדרכי החיים״ אאַז״וו. אויך דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז אין פאַרלויף פון אַ יאָר געווען אַ לערער אין דער שולע אויף תנ״ך אין העברעאיש. אין גדליהו גאָלדבערג האָבן די פרומאַקעס געזען אַ „מסית ומדיח״ וואָס אחת דתו קומט אַריינגעלייגט צו ווערן אין „הרם״... אָבער זייער השפעה אויף „עמך״־יידן איז נישט געווען קיין איבעריק גרויסע. דאָס איז געווען די סיבה וואָס צייטנווייז האָט די צאָל תלמידים אין גדליה גאָלדבערגס שולע דערגרייכט איבער 200, און גורם געווען, אַז

די צאָל חדרים זאָל פון טאָג צו טאָג קלענער ווערן. איך געדענק אים דעם אַלטן לערער אין די באַזונדערע טעג פון די טראַדיציאָנעלע ימים־טובים, ווי חנוכה, פורים, ל״ג בעומר, ווען ער פלעגט מאַרשירן איבער די פעלדער אין וואַלד אַריין אין שפיץ פון זיין מחנה תלמידים, אָנגעגורטע אין שווערד־לעך, ביקסלעך און פיילנבויגנס, אַן אויסגעצויגענער און אַ שטייפער ווי אַ סטרונע, און דערביי איז אויף זיין בלאַסן פנים מיט דער בלאָנד־זילבערנע באָרד אויסגעגאָסן געווען צופרידקייט און שלוות הנפש. מ׳קאָן מיט דער גאַנצער זיכערקייט באַהויפטן, אַז זיין ״שולע״ האָט מיטגעווירקט צו פאַרקלענערן די צאָל פאַרקריפלטע צווישן דער אויסוואַקסנדיקער יוגנט. מיט דער צייט האָט ביי גאָלדבערגן זיך אַנטוויקלט די באַוואוסטע קראַנקייט פון ״אָדערן־פאַרשטאָפּונג״, אַזוי אַז צום סוף איז זיין מוח ביסלעכווייז פאַראַליזירט געוואָרן און ער האָט אָנגעוואוירן די פעאיקייט אָנצופירן מיט דער שולע, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף ניעמצעוויטש־גאַס ביים צפון־עק פון שטעטל. זיין פלאַץ האָט פון דעמאָלסט אָן פאַרנומען זיין שותף, אליעזר יאַקובזאָן, דער מאַן פון דער ״זעליכע״, וואָס האָט געפירט אַן אַזוי גערופענע ״רעסטאָראַציע״ אין שטיף־פאָטער פון משה מעלמאַן, איינער פון די פירנדיקע פערזענלעכקייטן פונם פראָפּעסיאָנעלן פאַריין. אַ רחמנות איז דאַן געווען אָנצוקוקן דעם אַלטן משכיל, וואָס פלעגט אַרומגיין ווי אַ מענטש נישט פון דער דאָזיקער וועלט. געווען איז ער אַלע זיינע יאָרן אַ בעל־מזג־טוב פון די ״הנעלבים ואינם עולבים״, וואָס דער תלמיד שטרייכט אַזוי אונטער דעם שכר וואָס דערוואַרט זיי. נישט לאַנג איז אים אויסגעקומען אַרומצודרייען זיך אויף אינדזער ״עולם התוהו״ און איז אַוועק אין די וועגן פונוואַנען מען קומט מער נישט צוריק. ביסלעכווייז האָט די ״שולע״ פאַרלוירן וואָס אַ מאָל מערער פון איר פּאָפּולאַריטעט, אַזוי אַז פאַרן אַריינקום פון די נאַציס האָט זי געציילט בערך פופציק תלמידים. די איבעריקע זענען איינגעשלונגען געוואָרן אין דער ״תרבות״־שולע.

## דאָס נייע בית־המדרש

נאָך שטייט עס פאַר מיינע אויגן מיט זיינע צוויי הויכע אָפּגעכוימערטע קאַכל־אויוונס אין פאַרקאָפּטשעטע ווענט און פון סאַזשע שוואַרצן סופיט, מיט זיינע אַלטע טישן, אויף וועלכע די בית־המדרש בחורים פון יענער צייט פלעגן לערנען תורה מיט התמדה און מיטן טראַדיציאָנעלן ניגון, און פון צייט צו צייט כאַפּן אַ בליק אין ביכל, וואָס מ׳האָט באַהאַלטן אונטער דער שווערער גמרא.

אין יענער צייט זענען די אָנגעזעעענסטע בית־המדרשניקעס געווען: דער געלער מאיר און דער שוואַרצער מאיר, יעקיל טאָכטערמאַן און זיין

ברודער לייבל, משה־מאירס זון (זיין נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון), לייבל שעכטמאַן, דער זון פון פלטיאל שו״ב. אַ חוץ זיי האָבן דאָרט גע־לערנט מיט התמדה עטלעכע זיידענע יונגערמאַנטשיקעס, איידעמס אויף קעסט. און עטלעכע עלטערע יידן, ווי משה־מאיר, יעקעלע אליעזרס (רבי טרפון ווי ס׳פלעגט אים רופן וועלוול לאָטערשפּיל) און אַנדערע.

אין די ווינטערדיקע פּראָסטיקע פאַרטאָגן פלעגט מען פאַר אַ קאָפּיקע קריגן אין בית־המדרש אַ גלאָז הייסע טיי פונם גרויסן סאַמאָוואַר, וואָס עס האָט אונטערגעהייצט נח פון דער תיבה (פון דער טיי, הייסט עס). אויך קיכעלעך און אַ טרונק בראָנפן האָט מען געקאָנט ביי אים קריגן. ווען ס׳איז געקומען צום דאַווענען אַ ייד, וואָס האָט געהאַט יאָרצייט, אָדער אַזעלכער וואָס זיין יינגל איז געוואָרן בר־מצווה, האָט ער נישט געדאַרפט זאָרגן צו ברענגען פון דער היים בראָנפן און קיכלעך, ווייל ער האָט עס געקריגן אויפן אָרט.

דער שמש שמואל־יצחק בריק פלעגט פירן זיין ממשלה מיט גרויס ענער־גיע און האָט דערלאַנגט פייערדיקע פּעטש די ווייסע חברהניקעס, וואָס זענען אים דערגאַנגען די יאָרן. נאָך שטייט מיר פאַר מיינע אויגן זיינע פייערלעכע הכנות צום טראַדיציאָנעלן אָנצינדן פון די חנוכה־ליכט, בעת די געשרייען פון עטלעכע הינדערט יינגלעך: „ער גייט״, „ער לאָדעוועט״, „ער ברענט״ האָבן אין פאַרלויף פון אַ שעה פאַרהילכט אַלע הויפן אַרום.

פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט דער שמש אויסקערן דאָס בית־המדרש. און נאָכן אָנצינדן די שבתדיקע ליכט, ווען די נשמה־יתירה האָט שוין גערוט אויף די געקומענע מתפללים אין אויף די אויסגעשפּרייטע ווייסע טישטע־כער, האָט דער שטויב נאָך אַרומגעשוועבט אין חלל און אַרויסגערופן הוסטערייען און ניסערייען ביי די מתפללים. דער דאָזיקער שטויב פלעגט אויך פאַרנעפּלען דעם שיין פון די נאַפט־לאָמפּן, וואָס האָבן אַראָפּגעהאָנגען פונעם סופיט.

דאָס בית־המדרש האָט אָבער אויך געדינט אַלס אַכסניה פאַר שטאָטישע און אויך פרעמדע אָרעמע לייט, וואָס פלעגן אין די פּראָסטיקע נעכט פּשוט פּירן אַ מלחמה פאַר אַן אָרט ביים איינגעהייצטן אויוון. נישט איין מאָל פלעגן מיר זיך אָנשטויסן; אין דער פרי, קומענדיק דאַווענען אין בית־המדרש, אויף אַ מת און וואָס איז געלעגן; איבערגעדעקט מיט שמאַטעס אויף אַ באַנק ביים אויוון. דאָס האָט איינער פון די אָרעמע לייט אין דער פאַר־גאַנגענער נאַכט פאַרענדיקט זיין חשבון מיט אונדזער ערד־קוגל און אי־בערגעפּעקלט זיך אויפן עולם האמת, וואו מ׳דאַרף שוין מער נישט זאָרגן פאַרן מאָרגן.

## דער לובלינער רבי ר׳ אַברהמל אייגער און זיינע חסידים אין פולאַוו

צווישן די חסידישע קרייזן פונם שטעטל האָט דאָס ערשטע אָרט פאַרנו־מען דאָס לובלינער חסידים־שטיבל. ערשטנס, האָבן די חסידים פאַרמאָגט אַן אייגענעם ציגל־בנין; צווייטנס, איז זייער צאָל געווען די גרעסטע לגבי די איבעריקע חסידישע „הייפן״; דריטנס, האָבן זיך געפונען אין זייערע רייען מער פני־העיר און אויך נגידים אין אַ גרעסערער פראָפּאָרץ לגבי די אַנדערע.

דאָס שטיבל האָט זיך געפונען אין דער שול־גאַס, פריער קעגנאיבער דעם בית־המדרש, אין דעם הויז פון חיים טוגנטרייך, און שפּעטער אין אייגענעם בנין אין איין שורה מיט דער שול אויפן באַרג. שוין פון די פענצ־טער האָט זיך בולט געזען די ווייסל און דער קלויסטער אין גוראַ־פולאַווסקאַ, דאָ פלעגן לערנען זיידענע יונגעמאַנטשיקעס — איידעמס אויף קעסט און אויך זין פון די חסידים, צווישן זיי אויך איך. איינער פון מיינע תלמידים איז געווען דער שפּעטערדיקער פירער פון די לינקע פוע״צ, יהושע טאַרטשיק.

דער לובלינער רבי, וואָס איז געווען אַ ייד אַ חלוש, אויסגעמאָגערט ווי די גרוגרת דרבי צדוק, וועלכער פלעגט פאַסטן יעדן טאָג און נאָכן תענית באַגנוגענען זיך מיט שהי פהי (אַבי וואָס, הייסט עס), האָט דאָ אין שטעטל געהאַט זיין זומער־רעזידענץ. אַ ספּעציעלער ציגל־בנין איז צו דעם צוועק געקויפט געוואָרן נישט ווייט פונם וואַלד, כדי צו פאַרבעסערן זיין געזונט.

דער „אויסערן־מיניסטער״, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער שטאָטישער פּאָליטיק מצד דעם שטיבל, איז געווען מענדל שוחטס זון, חיים־דוד קוטנער, דער הויקער מיטן שאַרפן קעפּל. ער האָט געהאַט אַן עלנד קרעמל מיט סאָדע־וואַסער, און זיינע קליענטן אויף צוקערוואַרג זענען געווען אויסשליסלעך חדר־ייִנגלעך. מיטן קרעמל האָט זיך פאַרנומען זיין ווייב, כדי ער זאָל קאָנען ווידמענען זיין פרייע צייט דער „פּאָליטיק״ און די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען מיטן שטאָטישן רב. אָבער זיין עיקר־חיונה האָט דער „אויסערן־מיניסטער״ געצייגן פון די מילצן און לונג־און־לעבערס, וואָס זיין פאָטער דער שוחט האָט אים צוגעשטעלט אין אַ גרויסער צאָל.

און איצט שטריכן צו די געשטאַלטן פון די חסידים גופא: פנחס צוקער (הויז־אייגנטימער); זיין זון יוסף צוקער; זיין איידעם חיים לאַם (דער פאָטער פון טשאַרנע לאַם), איינער פון די שאַרפע חסידים; שלמה לאָטערשפּיל (אייגנטימער פון אַ גרויס הורטאָווע קאָלאָניאַל־געשעפט); זיין ברודער און איידעם וועלוול לאָטערשפּיל (דער תלמיד־חכם און איינער פון די גרעסטע גבירים אין שטעטל); וועלוול צוקערמאַ (איינער פון די שטאָטישע נגידים געוועזענער דאָזאָר; יעקל בראָנשטיין (אַ ייד אַ בן־תורה

און קנאי, פאָטער פון לייבל בראָנשטיין; צווישן זיי פלעגן אויסברעכן אָפטע סיכסוכים אויף געביט פון אָפּהיטן מצוות און מעשים טובים); אַלטער פינקלשטיין (מלמד, א ייד אַ בן־תורה; מענדל קוטנער (דער שוחט); אַנשל גאָלדרייך (דאָזאָר און שטאָט־ראַטמאַן); פלטיאל שעכטמאַן (דער שוחט); איתמר רובינשטיין (מאַנופאַקטור־סוחר); יונה באָרנשטיין (הויז־אייגנטימער); הערשל באָרנשטיין (אייגנטימער פון קאַלך־אויוון; אַברהם שולמאַן (הענדלער); אַברהמעלע באָרנשטיין (האָלץ־סוחר); מאיר באָרנשטיין (האָלץ־סוחר); בעריש באָרנשטיין (גאַלאַנטעריע־קראָם); יאָסל באָרנשטיין (גלאָז־סוחר); ישראל אייזנשטיין (אַ קורץ דיק יידל אין פאָרם פון אַ פעסל, צושטעלער צום צאַרישן מיליטער, אַ ייד אַ נגיד, זיין זון לייבל געפינט זיך אין ישראל); אלימלך שאַבאַסזאָן (שאַרפער חסיד; אלעזר אַלטמאַן (שטענדיק פאַרמוחט).

אין איצט אַ סעריע בנים פון „ברכה די גבאיטע“, שאַרפע חסידים:

א) מאיר וואַסערמאַן (פריער מלמד און שפעטער בויד־הענדלער);

ב) שמואל (מאַרק־הענדלער); ג) נעטל וואַסערמאַן (עופות־הענדלער);

ד) לייבל וואַסערמאַן (עופות־הענדלער); ה) יחזקאל — איר איידעם (קליינהענדלער אויפן מאַרק); חיים־בנימין גראַדשטיין (שאַרפער חסיד, דאָס געשעפט האָט געפירט זיין פרוי; יאָסקע אַרביסמאַן שפייז־קראָם); משה אַרביסמאַן זיין זון, אַ שותף צום פאָטערס קראָם); איטשע האָניגמאַן (איטשע קאָריווער, דער דרדקי־מלמד); יעקעלע וולאָסטאָוויצער (אַלטער, איינגעבויגענער ייד, געוואוינט ביים זון); אפרים־יידל (זיין זון, קליינהענדלער); ישראל וולאָסטאָוויצער (זיין זון, אַ קאָמאַשנשטעפער); אַברהם טאַרטשיק (פעל־סוחר, שול־גבאי); יצחק טאַרטשיק (לעדער־סוחר, געוועזענער דאָזאָר); פיניע טאַרטשיק (בעקער); הערשל טאַרטשיק (פאַפיר־סוחר, בעל־תורה, בעל־תוקע אין שול); ישראל טאַרטשיק (פעל־סוחר); בנימין־יחיאל רובינשטיין (שרייבער אין וואַלד); ישראל רובינשטיין (צוגעשטעלט סחורות פון וואַרשע); שלמה אייזנשטיין (אייגנטימער פון אַ גאַלאַנטעריע־קראָם).

אַ חוץ זיי, זענען געווען אַ ביסל „קעלטערע“ חסידים, וואָס האָבן נישט געשפילט קיין בולטע ראָל, נאָר מיטגעשלעפט געוואָרן מיט די כוואַליעס אונטער דער השפעה פון די פריער אויסגערעכנטע.

ווען ס׳פלעגט קומען פורים אָדער שמחת־תורה, פלעגט אין שטיבל זשומען ווי אין אַ בינשטאָק, און ביר און וויין פלעגט זיך גיסן ווי וואַסער. מאיר ברכהס פלעגט טאַנצן אויף די טישן און שרייען ביז ער איז הייזעריק געוואָרן: „מ׳האָט זיי אין דער ערד“ (געמיינט האָט ער די נישט־יידן), כאָטש אין דער היים ביי אים האָט געטאַנצט דער דלות און ס׳איז נישט געווען קיין מזון סעודה אַחת. און איטשע קאָריווער פלעגט שרייען צו די

יידישע עזפּהלעך „צאן־קדושים״, אין זיי, די ווייסע חברהניקעס, פלעגן מיט איין קול ענטפערן: „מע־מע״. די גרעסטע טייל חסידים זענען געווען שיכור ווי לוט, און דאָך פלעגט מען גיין פון איין רייכן חסיד צום צווייטן ווידער טרינקען און אָבער־אַמאָל טרינקען. פשוט אַ נס געווען מן השמים, ווי דאָס אַלץ האָט געפונען אַן אָרט.

אין מיין זכרון איז נאָך געבליבן איינגעקריצט פאָלגנדער עפּיזאָד: איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים דריי יאָר ווען די הוליענדיקע חסידים זענען שמחת־תורה געקומען צו מיין פאָטער ע״ה טרינקען. נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעטרונקען עטלעכע פלעשער וויין און בראָנפן, האָבן זיי געפאָדערט נאָך משקה צו די דערלאַנגטע קרעפּלעך, און ווען מיין פאָטער האָט זיי דערקלערט, אַז ער האָט מער נישט, האָט מען מיך גענומען אויף דער שויס, אָנגעהויבן גלעטן און חנפהנען, אַז כ׳בין אַ קלוג יינגעלע, ביז זיי האָבן ביי מיר אַרויסגעקריגן, אַז אין איינעם פון די שענק שטייט אַ גלעזערנע כלי פיל מיט קאָרשן־משקה. דערהערנדיק די „בשורה״, איז זיי ליכטיק געוואָרן אין די אויגן (מיר נישט. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אַז כ׳האָב אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט און אַז כ׳וועל נישט אַרויס גלאַט פון דעם ענין). נישט קוקנדיק אויפן יום־טוב האָט מען געבראָכן פון ערגעץ אַ האַק און אויפגעבראָכן די שאַנק און דערנאָך אויסגעליידיקט דעם גאַנצער, וואָס האָט זיכער אַנטהאַלטן איבער צען ליטער.

## שול — כלי־קודש — שמשים

דעם גרויסן שול־הויף האָט איר אַוודאי געקענט, אַ־יאָ? אין דאָך האָף איך איבערצוגעבן אייך, און הייפּטזעכלעך דעם יונגן דור, אומבאַקאַנטע פּרטים:

דער הויף האָט זיך געצויגן אין דער לענג בערך 300 מעטער און האָט זיך געגרענעצט פון דרום־זייט מיט דער ליבלינער גאַס און פון צפון מיטן אַזוי־גערופענעם „זאַמד״.

פון דרום־זייט זענען געווען 3 שמאָלע אַריינגענג: 1) לעבן דער קראָם פון וועלוול צוקערמאַן, דאָס איז געווען דער „פּאַראַדנער״ אַריינגאַנג, וואָס איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט בעטאָן; 2) לעבן מענדל קוטנער דעם שוחט; 3) לעבן יצחק האָניגשטיין. אין דיביידע לעצטע זענען געווען אינמיטן רינעס און ס׳האָבן דאָרט געפלאָסן נישט קיין איבעריקע ריחותפולע וואַסערן.

געוואוינט האָבן אויפן שול־הויף פאָלגנדע מענטשן: 1) וועלוול צוקער־מאַן, 2) איתמר ריבינשטיין, 3) ישראל ריבינשטיין, 4) מנוחה רובינשטיין, 5) רייזל ראָסעט, 6) מרדכי רעגערמאַן, 7) חיים טוגנטרייך, 8) מענדל

קוטנער, 9) אהרן־מאיר עדעלשטיין, 10) חנה שיינדל, 11) גדליה פעדער, 12) חיה רובינשטיין, 13) ישראל־אַברהם טויבער, 14) נח פון דער תיבה, 15) משה פויגל, 16) תנחום טענענבוים, 17) אַברהמטשע הערשמאַן דער מלמד, 18) יודל סאָכאַטשעווסקי, 19) יעקל וולאָסטאָוויצער, 20) יעקל באָרנשטיין, 21) יצחק האָניגשטיין, 22) אַברהם „טשיזשע", 23) שלום גרינבערג און אַנדערע.

ציליב דער גרויסער צאָל „אַנשטאַלטן", וואָ־הין אויך דער קיסר גייט צופוס, און פונם פאַרגליווערטן בלוט פון די געשאָכטענע עופות, איז די לופט פונם הויף שטענדיק געווען אָ פאַרשטיקטע. וואָס שייך דעם חלל פונם הויף זענען דאָרט שטענדיק, ווער שמועסט נאָך ערב יום־כיפור, אַרומגע־פלויגן פעדערן. אינמיטן הויף האָט זיך געצויגן פונם הויז אַנטקעגן דעם בית־המדרש דורך דער גאַנצער ברייט אַ רינע, פון וועלכער ס'איז נישט דערגאַנגען קיין ריח־ניחוח.

בערך 20 מעטער פונעם בית־המדרש איז געשטאַנען אין איר פולער פראַכט די שטאָט־שול אויף אַ קליין בערגל, וואָס האָט געהאַט צוויי אַריינגענג — פון דרום און מערב. די שול האָט צוזאַמען מיטן „פּאָליש" און עזרת־נשים אַריינגענומען אין זיך בערך 3000 מענטשן. פון צייט צו צייט פלעגט דאָרטן דאַווענען אַ באַרימטער חזן און דער אַריינטריט איז געווען אויף בילעטן. אויך סיראָטע און זיין טאָכטער האָבן דאָרטן אַמאָל געגעבן אַ בשיתפותדיקן קאָנצערט. ווינטער אין די וואָכעדיקע טעג איז די שול געווען געשלאָסן, אָבער שבת פלעגן דאָרט דאַווענען עטלעכע הונדערט מתפללים, וואָס פלעגן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן ציליב דעם קנאַקעדיקן פראָסט. די פיל־שויבנדיקע פענצטער האָבן קיין סך ליכט נישט געגעבן, ווייל זיי זענען געווען בערך 7־8 מעטער הויך פון דער ערד. דעריבער האָט דאָ שטענדיק געהערשט אַ טונקלקייט, וואָס איז געווען באַגלייט דורך אַ טיפער שטילקייט. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, צווישן טאָג און נאַכט, פלעגן די מתפללים זיך אויסזעצן אויף די לאַנגע שטיינערנע טרעפּ פוןביידע זייטן פון די אַריינגאַנג און האָבן דערציילט זיך פאַרשידענע מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט, צוהערנדיק זיך צו די אָפּקלאַנגען פון די קלויסטער־גלאָקן, וואָס זענען דערגאַנגען פונעם קלויסטער, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג בערך 150 מעטער ווייט פון דאַנען. ביז ס'האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין באַלעמער. דאָס האָט דער שמש גערופן צו דאַווענען מעריב. אין די דאָזיקע בין־השמשותן פלעגט דריקן אַ בענקשאַפט אויף דער נשמה, אַ בענקשאַפט נאָך דער גאולה שלימה, וואָס האָט אַזוי פאַר־שפעטיקט בעוונותינו הרבים...

אין די וואָכענדיקע אָוונטן האָט די אָנגעצונדענע עלעקטרישע ליכט ווייט נישט געקלעקט אויף צו באַלייכטן די פנימער פון די מתפללים,

וועלכע האָבן זיך באַוואויגן הין און צוריק, ווי געשפּענסטער פון אַ צווייטן כוכב־לכת... דאַקעגן פרייטיק־צונאַכטס, ווען אויף יעדן יידישע געזיכט ליגט אויסגעגאָסן די שבתדיקע נשמה־יתירה און אויך אין די ימים־טובים האָט די שול געשיינט און ס׳איז געווען ליכטיק אין יעדן ווינקל און גלייכצייטיק אין יעדן האַרץ. דער פאַרזאַמלטער עולם פלעגט צובאַמקען און אונטערהעלפן מיט ציפרידנקייט דעם חזן דאָס זינגען „לכה דודי״.

באַלד האָט זיך געענדיקט די תפילה, און מיכל, דער אַלטער שול־משמש (און שפּעטער זיין איידעם חיים־הערש), האָט געמאַכט קידוש אין גרויסן זילבערנעם בעכער, צושטעלנדיק אים צו די ליפּן פון די אַרום אים פאַרזאַמלטע קינדער.

איינער דעם אַנדערן האָט געוואונטשן „גוט־שבת״ און געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג, וואו ס׳האָבן שוין געוואַרט די מלאכים וואָס האָבן זיי באַגלייט אַהיים.

ימים־נוראים איז די שול געווען אָנגעפּראָפּט, אַזוי אַז ס׳איז נישט געווען וואוהין אַ שפּילקע אַריינצואוואַרפן, ווייל „עמד״ האָט מיטגעברענגט מיט זיך טאַבאַרעטקעס צום זיצן.

אין די פּראַסטיקע ווינטער־נעכט פלעגן מיר אַהיימגייענדיק פונם „חדר״ אַדורכלויפן דעם 75־מעטערדיקן שול־שטח ווי דורך אַ בראַנד, מורא האָבנדיק, אַז די „מתים וואָס דאַוונען״ דאַרט מיט מנין, זאָלן אונדז נישט אויפרופן צו אַן „עליה״. ווען מיר זענען גליקלעך איבערגעקומען די געפאַר, האָט אַ קאַלטער שווייס אונדז באַגאָסן און מיר האָבן קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם.

בערך אַ 20 מעטער נידעריקער איז געשטאַנען דאָס באָד און די מקווה, פון וועלכער ס׳פלעגן זיך אַרויסשלייכן אין דער פינצטער נשים נאָך דער טבילה, וואָס האָבן אַרומגעזוכט כשרע יידישע עופהלעך, כדי זיי אַ גלעט צו געבן איבערן קעפל (אַ סגולה פאַר אַ בן־זכר, אַ ירא־שמים). דאָס פלעגט זיך זיי איינגעבן ערשט נאָענט צום בית־המדרש, וואו ס׳פלעגן זיך שפּילן אין „לויפעניש״ 5־יאָריקע יינגעלעך, וועלכע פלעגן נישט איין מאָל אויסברעכן אין אַ יאָמערדיקן געשריי פון שרעק פאַר דעם „געשפּענסט״ וואָס האָט זיי אַ גלעט געטאָן.

גבאי פון שול איז געווען פריער ברוך גאָלד און שפּעטער אַברהם טאַרטשיק.

שטענדיקער שטאָט־חזן איז געווען נטע־לייב און בעל־מוסף דער שוחט יעקל טוגנטרייך. שפּעטער זענען די שטענדיקע חזנים געווען: 1) דער שוחט מענדל קוטנער, און 2) דער נייער שוחט יאָסקע טענענבוים, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פּאָסטן אַלס ש״ב אין קאָריוו. יאָסקע ש״חטס צוויי זין זענען נעבעך אַרויס „לתרבות־רעה״. דער עלטערער שלמהלע האָט פלוצלונג זיך

געלאָזט וואַקסן אַ „גזשיבע״, אַוועקגעוואָרפן די גמרא מיטן תוספות און גענומען זיך „צושאַרן״ צו יונגע בתולות, וואָס ער איז זיי אַריין אין האַרץ (אַ שיינער בחור געווען!), אין אונטער זיין השפעה האָט אויך דער יינגערער זון אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען און דערשינען אויף דער גאַס אין אַן אַרבעטער־בלוזע, ווערנדיק אַ פּראָסטער „חי־וקים״. דערווייל האָט זיך אינטערגערוקט די מלחמה, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום עקשנותדיקן קאַמף צווישן פאַרביטערטן פאָטער אין די „געכאַפּטע אין דער מעשה״ בנים.

שטאָט־רב איז זייט איך געדענק געווען הרב מענדל ניי, וועלכער האָט איבערגענומען דאָס רבנות נאָך דער פּטירה פון זיין שווער. מורה־הוראה איז קעגן רבס ווילן געווען הרב הירש לייב ראָזנצווייג.

די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן האָבן די לובלינער חסידים אָראָפּגע־ברענגט דעם פאַרטשעווער רב ר׳ יחיאל משה שוואַרצבערג און אים באַשטימט פאַר מורה־הוראה, צאָלנדיק אים חודש־געלט און אייך אַ געוויסן געהאַלט פון דער קהילה. פאַרשטייט זיך, אַז אויך פון אים איז דער רב נישט צופרידן געווען, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז דער פּאָסטן קומט זיין איידעם הרב רב אפרים טויב.

גבאי פון בית־המדרש איז געווען אַברהם־יצחק מאַנדלבוים. שמש פון בית־המדרש — שמואל־יצחק בריק, וועלכער האָט איבערגענומען דעם אַמט נאָכן טויט פון זיין שווער אהרן־גדליה. חזן פון בית־המדרש — משה ברענער, דער מלמד. בעדער איז געווען — האַניגהענדלער, קברן — שמואל אַלטמאַן (אָדער שמואל סקאָש, צוליב זיין בלינד אויג) אין נאָך זיין טויט — זיין זון שלמה. די לעצטע דריי שוחטים — מענדל קוטנער, פלטיאל שעכטמאַן און יאָסקע טענענבוים.

## ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן

פּ י ש ל  פּ ר ץ. איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטן אין זיין צייט (ביזן יאָר 1920) איז געווען פישל פּרץ. נאָך אין די צייטן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די ציוניסטישע טעטיקייט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, האָט ער אָנגעהערט צו דער ציוניסטישער פלעיאַדע אין געווען צווישן זיי דער אָנגעזעענסטער. געווען איז ער אַן איידעם פונעם קהילה־פּרעזעס שרגא קאָרנגאָלד אין ער, פּ־ץ, איז געווען דאַמאָלס קהילה־סעקרע־טאַר. חוץ ציוניסטישער טעטיקייט האָט ער פאַרנומען דעם אויבנאַן אין דער מזרח־וואַנט אויפן געביט פון אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער און שטאָטישער טעטיקייט. ער איז געווען געאַכט אייך ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג און דעריבער איז נישט קיין וואונדער וואָס ער איז ביז זיין

טויט פאַרבליבן שטאָט־לאַוניק, ווייל ער האָט גאָרנישט געהאַט קיין קאָנקורענטן, וואָס זאָלן שטרעבן צוצונעמען ביי אים דעם כשר־פאַרדינטן פאָסטן.

אין יאָר 1916, ווען די שטאָט־יוגנט האָט געשאַפן די אָרגאַניזאַציע „עזרה", וועלכע האָט אַרומגענומען כמעט 90 פּראָצענט פון דער יידישער יוגנט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם צענטראַלן צוזאַמענקונפטס־פונקט, וואו מ'האָט געקאָנט געניסן פון פאַרווייל־ונגען, רעפעראַטן, קורסן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן די פּרעזעסור פון דער אָרגאַניזאַציע. אמת, טאַקע, ער איז אַהין ווייניק געקומען צוליב מאַנגל אין צייט און די אַרבעט איז פאַקטיש אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם וויצע־פאָרזיצער, סעקרעטאַר און קאַסירערין, דאָך איז ער, דער פּרעזעס, געווען געאַכט דורך אַלעמען, און זיין נאָמען איז אויסגעקריצט געווען אין זאַל פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער פּרץ, וועלכער האָט פאַרנומען די מזרח־וואַנט אויף דער יידישער גאַס און זיין מיינונג האָט דאָרט שטענדיק דעצידירט, איז פּלוצלינג אַוועק־געריסן געוואָרן פון לעבן. פון צו פיל אָנשטרענגונג האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און גלייך אויסגעהויכט די נשמה. די אבידה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ קאָלאָסאַלע.

זיין פרוי דינה (דינטשל) האָט אָנגעפירט מיט אַ פּריוואַטער שולע, איז געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערין אין „התאחדות"־פּאַרטיי און האָט אויסגעטרונקען דעם ביטערן בעכער צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים.

פאַרבליבן זענען נאָך זיי: אַ טאָכטער מאַניע, אַ מוזיק־לערערין און אַ זון יוסף — קאָלאָנעל אין דער יידישער אַרמיי.ביידע געפינען זיך אין ישראל. דער קלענערער זון, אַלעקסאַנדער, איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

יצחק ווײנטרויב. אַ געבילדעטער מענטש, אָבער אַ שטיקל בטלן. געקאָנט עטלעכע שפּראַכן, וועלכע ער האָט דערוואָרבן מיט אייגענער מי., ווייל ער איז געווען אַן אויטאָדידאַקט און אַ תלמיד פון די יידישע סטודענטן פון דער אָרטיקער הויכשול פון אַגריקולטור. ער האָט זיך מתקנא געווען אין דער געזעלשאַפט „עזרה", וואָס האָט געזידט און געקאָכט טאָג און נאַכט ווי אין אַ בינשטאָק און געשאַפן אַ קולטור־געזעלשאַפט „דעת", וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך בערך 30 יוגנטלעכע, אָבער די געזעלשאַפט האָט נאָך אַ קורצער צייט זיך געשלאָסן (וועגן „דעת" זע ווייטער די אַרבעט וועגן „שפּראָצונגען"). אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ מיטגליד פון ציוניסטישן קאָמיטעט אין שטאָט און שפּעטער איז ער אַוועק קיין וואַרשע, וואו ער האָט אַלע יאָרן געאַרבעט אַלס לערער. אַנדערע האָבן אים אויס־גענוצט צו זייערע צוועקן, זעענדיק אַז ער איז אַ בעל מזג־טוב און אַז עס

פעלט אים ענערגיע אויף אַנטקעגנשטעלן זיך. האָט ער טאַקע געליטן אין געפאַלן אַן אָפּטער קרבן פון עקספּלואַטאַציע.

זיין ברודער מענדל איז געווען אַ ביסל אַ קאָמישער טיפּ, אין ווען ער פלעגט אויפן וועג אָנטרעפן אויף אַ שטרויעלע פלעגט ער פאַרבויגן די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע, צוגעגרייט זיך און אָנגענומען זיך מיט מוט און דאַן געגעבן אַ שפּרינג אַריבער דאָס שטרויעלע אין ערשט דאַן פרייער אָפּגעאָטעמט... פאַרשטייט זיך, אַז ווייסע חברהניקעס פלעגן, דערזעענדיק אים, צוגרייטן אויף זיין וועג שטרויעלעך אין קאַטשען זיך פון געלעכטער, צוקוקנדיק זיך צו זיינע העוויות און מעשׂים...

יהושע בייער. מיטגליד פון ציוניסטישן קאָמיטעט אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער פוילישער מדינה. אַ זון פון אַמאָליקן שטאָט־גביר, דער באַוואוסטער חיים בייער, געהאַט אַן אַריס־קראַטישן אויסזען, געווען אין פּולאַוו אַ קורצע צייט און שפּעטער אַוועק קיין וואַרשע.

שאול טאָכטערמאַן. אַן אַמאָליקער בית־המדרשניק. אַן אויטאָ־דידאַקט. דערוואָרבן אינטעליגענץ ביי דער מיטהילף פון די יידישע סטו־דענטן. געווען אַ געוויסע צייט מיטגליד פון ציוניסטישן קאָמיטעט. חתונה געהאַט מיט חיהלע ציקערמאַן, די טאָכטער פון אָנגעזעענעם בעל־הבית וועלוול ציקערמאַן. געווען זייער באַוואוסטזיניק. געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין דער מיל פון די געברידער גאָלדמאַן און זיך גערעכנט אַלס איינער פון די זיילן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אין יאָר 1925, גענומען געוואָרן אין שפּיטאָל קיין וואַרשע און דאָרט געשטאָרבן.

לייבל בראָנשטיין. אָנגעהערט צו דער פּלעיאַדע פון די ציוניסטן אין שטאָט. געווען אַ רעדנער, געדאַוונט פאַרן עמוד אין ציוניסטישן מנין אין די ימים־נוראים. געקאָנט זינגען אין אויך אַ בלאַט גמרא מיט תוספות. געהאַלטן ביי זיך דעם פּאָטער, אַ ייד אַ קנאי למיצוות און בעל מזג־תם. זיין שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט ברוך גרינבוים און שפּעטער מיט משה קאַרטמאַן. זיינע רעדעס פלעגן זיך שטענדיק פאַרענדיקן מיטן וועלט־שלום און מיט דער נבואה פון ישעיה הנביא „וכתתו חרבותם לאתים". מיטגעהאָלפן אין ציוניסטישע פעולות. בעת דעם מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1939 האָט ער שטאַרק געגלויבט, אַז קיין מלחמה וועט נישט אויס־ברעכן, אין שיין נאָכן אויסברוך פלעגט ער אַרומגיין אין עפנטלעך דער־קלערן, אַז דאָס קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין עס זאָל זיין אַ מלחמה. אויך נאָכן וואַרפן די באָמבעס דורך די דייטשן, האָט ער געטענהט צו די דער־שראָקענע יידן: „שלאָגט אייך אַרויס פון קאָפּ! דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך. גלויבט נישט, אַז ס'וועט זיין מלחמה!" פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט

געקוקט אויף אים מיט מיטלייד, גלייך ווי ער וואָלט געוואָרן פּלוצלינג חסר־דעה.

יעקב ראַטאָוויסקי. איינער פון די זיילן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פלאַם־פייערדיקער רעדנער. טעטיק אויף אַלע ציוניסטישע געביטן. געווען איינער פון די מתרימים אויף די ציוניסטישע קרנות. איינער פון די זיילן פון דער „תרבות״־באַוועגונג אין שטאָט. אַלע זיינע יאָרן זענען געווען געהייליקט פאַרן ציוניזם. אין יאָר 1937 געווען פרעזעס פון דער ידישער קהילה־פאַרוואַלטונג. איינע פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע פּער־זענלעכקייטן אין שטאָט. געווען אויך פּרעזעס פון ראַט פון דער קאָאָפּעראַ־טיווער באַנק. די נאַציס האָבן אים דערשאָסן אין יאָר 1940.

שלמה ראַטנאָווסקי. אויך ער איז, ווי זיין ברודער יעקב, געווען איינער פון די זיילן פון ציוניזם אין העברעאיש. מיטגליד אין ציוני־סטישן קאָמיטעט אין פאַרלויף פון אַ ריי יאָרן. העברעאישער לערער, קאַסיר אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. זיין האַרץ איז פול געווען מיט אַהבת ישראל. איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער אידעע פון אויפלעבונג פון יידישן לאַנד אין איר קולטור. געשטאָרבן אין דעצעמבער 1961 אין ישראל. איבערגעלאָזן זיין פרוי הנה־ביילע, די טאָכטער פון אַנשל גאָלדרייך, און דריי טעכטער.

רפאל ליבפעלד. איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטן אין שטאָט, מיטגעהאָלפן ביי פאַרשידענע ציוניסטישע אַקציעס און געשטיצט „תרבות״, קרן־היסוד, קרן־קיימת אאז״ו. אַ שוואָגער פון שלמה ראַטנאָווסקי, אַ בעל־מזג־טוב.

משה קליינבוים. מיטגליד פון דעם ציוניסטישן קאָמיטעט אין שטאָט, אַקטיווער מיטאַרבעטער אין „תרבות״, ציוניסטישער קרנות, ראַטמאַן פון לעצטן שטאָט־ראַט. אַ ייד אַ פּיקח. געהאַט אַ ספּעציעלן טאַלאַנט נאָכ־צוקרימען קאָמישע טיפּן. איינער פון די חשובע שטאָטישע באַלעבאַטים. פעטער פון ד״ר משה סנה, דעם כנסת־דעפּוטאַט אין ישראל. אומגעקומען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אין די ערשטע חדשים פון 1940, געטריבן דורך די דייטשן פון אַפּאַלע קיין פולאַוו איבער 20 קילאָמעטער צופוס און אין פולאַוו פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

מרדכי נודלהאָלץ. אַ הייסער ציוניסט פון די יוגנט־יאָרן. מיטגעהאָלפן שאַפן דעם חדר־מתוקן און שפּעטער די „תרבות״־שול. אָנטייל גענומען אין די קאַמפּאַניעס לטובת די ציוניסטישע קרנות. געשטאָרבן אין יאָר 1960 אין ישראל

חיים גאָראָדעצקי די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אין פולאַוו זענען געווען געהייליקט דער ציוניסטישער און נאַציאָנאַלער טעטיקייט. טאָג און נאַכט זיך פאַרנומען מיט דער „תרבות״־שול, מיטן ציוניסטישן מנין,

געווען פּרעזעס פון ספּאָרט־קלוב „הפועל״. עולה געווען אין 1933 קיין ישראל און דאָרט געשטאָרבן אין 1960.

## יידישע יישובניקעס

קיין יידישע פאַבּטערס (אייגנטימער פון שענקען) אינם זין פון פאָריקן יאָרהונדערט איז אין דער פולאַווער סביבה נישט געווען. דער עיקר חיונה האָבן די דאָרפס־יידן געצויגן פון שפּייז־קרעמלעך, וואו די פויערן פלעגן פון צייט צו צייט אויך קריגן צו קויפן אַ ביסל משקה פון אונטערן אַזוי גערופענעם בופעט אַפּער. דערצו האָט יעדער יישובניק געהאַט אַ שטיקל פעלד און אויך פאַרנומען זיך מיט פאַרמיטלונגען, ווי צום ביישפּיל שאַפן געלט אויף פּראָצענט, פאַרקויף פון עופות, מילך, קעז און פּירות.

מיר זענען באַקאַנט געווען פאָלגנדיקע יישובניקעס: 1) מענדל דאָרפּ־מאַן, אייגנטימער פון אַ „כל־בו״־קראָם לעבן אַלטן יידישן בית־עולם אין וולאָסטאָוויץ. ער האָט זיך אין פאַרלויף פון דער צייט „אַרויפגעאַרבעט״ און געווען אַ ייד אַ נגיד, אָבער דערביי געווען אַ שטיקל „פּליט״ און אויך נישט קיין קליינער נודניק. זיין שוועסטער און זיין פאָטער, וועלוול, האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע דוכט זיך אין די 20ער יאָרן. 2) אליעזר בוימאייל, אייגנטימער פון אַ שפּייז־קרעמל אין גוראַ־פולאַווסקאַ, פאַרמיטלער פון תבואה אד״גל. 3) פישל בוימאייל, זיין יינגערער ברודער, פאַרנומען זיך מיט האַנדל און הלוואות, געוואוינט אין שכנות פון זיין ברודער. 4) איטשעלע, אייגנטימער פון אַ „כל־בו״־קרעמל אויף די אַזוי גערופענע „דזיאַלקעס״, אַ ספּעציעלער קוואַרטאַל פאַר די פוילישע באַאַמטע. ביז דעם מלחמה־אויסברוך זיך אַרויפגעאַרבעט גאַר נישקשהדיק. אַן איידעם פון מיכל האָכ־מאַן. די אַלע אויבן דערמאָנטע זענען אומגעקומען.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ געוויסער רייכער ייד געהאַט אַ גרויס גוט ביים דאָרף וואולקאַ־פּראָפּעטסקאַ און אויך אַ נאַפט־רעזערוואואַר פון דער דאַמאָלס באַוואוסטער „מאַזוט״־געזעלשאַפט. זיין נאָמען איז געווען קאָפּעלמאַן, אַ ייד אַן אַלטער, שוין אַ „סגי־נהור״, מיט אַ פאַרצווייגטער משפחה, וואָס פלעגן זעלטענע מאָל זיך באַווייזן אין שטעטל (צו מאַכן זייערע קניות) אין זייערע פּרעכטיקע קעטשלעך, וואָס זענען געווען געשפּאַנט צו טייערע ראַסאָווע פערד. פון די פאַמיליע־פרויען האָבן געבלישטשעט פינקלדיקע ברילִיאַנטן און וואו זיי פלעגן קומען פלעגט מען זיי אויפנעמען מיט גרויס כבוד, ווייל זיי פלעגן געבן צו פאַרדינען מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַן „עין יפה״. ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די פאַמיליע אַוועק קיין רוסלאַנד און שפּעטער ליקווידירט דאָס פאַר־מעגן. דער גוט־באַזיצער איז געווען אַ נאַציאָנאַל־געשטימטער ייד און

באַשעפטיקט ביז אַ מנין יידישע באַאַמטע, וועלכע האָבן שבת און יום־טוב געהאַט אַ פליכט צו דאַווענען אין דעם איינגעאָרדנטן דורך אים שטענדיקן מנין. די ערד איז באַרבעט געוואָרן דורך נישט־יידן.

דערצו איז מיר באַקאַנט געווען אַ מילכיקער, אַ מין „טוביה דער מיל־כיקער", וואָס האָט געוואוינט אין נאָווא־גוראַ (7 קילאָמעטער פון פולאַוו), וואָס פלעגט ברענגען זיינע אויסאַרבעטונגען (פּוטער, קעז אאַז"וו) אין שטעטל יעדן דינסטיק, מיטוואָך און פרייטיק, דאָס הייסט אין די מאַרק־טעג, צו זיינע שטענדיקע קליענטן. זיין פאַמיליע־נאָמען איז מיר אַרויס פון זיכרון. ער איז אומגעקומען. דאָס דאָזיקע דאָרף איז באַזעצט געווען דורך דייטשן, וועלכע זענען מיטן אָנקומען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פאָלקס־דויטשן". זיי האָבן באַקומען געווער פון די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען און אָנגעטאָן געניג צרות די יידן.

## טיפּן פון שטעטל

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ לויפן פאַרביי אין מיין זיכרון די פאַרשיידענסטע פולאַווער טיפּן, וואָס האָבן אין פאַרשידענע צייטן געלעבט און געווירקט אין שטעטל.

איך וועל קודם־כל אָנהייבן פון דער פלעיאַדע מלמדים און זייערע חדרים. אָט דערמאָן איך זיך אין איטשע סאַנעס, וועלכער איז אַמאָל עולה געווען קיין א"י צוזאַמען מיטן ווייב, כדי צו פאַרענדיקן דאָס לעבן אין לאַנד פון די אבות און איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין פולאַוו, כדי דאָרט צו שטאַרבן. זיין תלמיד, משה קליינבוים, פלעגט נאָכדערציילן וועגן אים פאַרשידענע קאָמישע סצענעס, ווי צום ביישפּיל, אַז ער האָט שטענדיק געשטרעבט דערצו, אַז אין פולאַוו זאָל זיך געפינען אַ קראַן, דורך וועלכן עס זאָל רינען מיט קליסקעלעך און אַרבעס און ער זאָל ליגנדיק, אין קאָפּ פאַרשטייט זיך, אין בעט קאָנען דאָס מאכל אַריינבאַקומען אין מויל פונם גרייטן. נאָך האָט מען וועגן אים דערציילט, אַז ער האָט שטאַרק ליב געהאַט די באַרנעס מיט די רויטע פּנימער, וואָס מען רופט זיי „פּאַנעס". אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון מויל אָט דעם טרפה־פּסולדיקן אויסדרוק האָט ער אַ קנופּ־טוענדיק אין בעקל איינעם פון די מער פאַרשטענדיקע תלמידים אַ זאָג געטאָן צו אים: „משה, נאַדיר אַ קאָפּיקע, גיי אין מאַרק און קויף מיר די באַרנעס וואָס מען... טאָר נישט זאָגן...

און אָט איז איטשע וואָלפּס, וואָס אין חדר ביי אים האָבן שטענדיק אַרומגעשפּאַצירט ציגן און הינער, און אין וועלכן די צוויי צע־בראָכענע, נעבעך, האָלצערנע, מיט וואַנצן־אָנגעפּיקעוועטע בעטן האָבן פאַר־

נומען דעם גרעסטן טייל פון חדר (דער פוסבאָדן איז געווען אַ ליימיקער). בעת די קינדער פלעגן נאָכזאָגן מיטן באַוואוסטן ניגון „ויאמר" — האָט ער געזאָגט: „משה" — משה; „לבני ישראל" — צו די יידן; פלעגן שטיין דערלעבן די ציגן, אַריינקוקן אין די חומשים ווי דער האָן אין „בני־אָדם" און אַריינשטעקן דאָרט אַהין זייערע שיטערע בערד. לצים פלעגן זאָגן, אַז אויך זי, די רביצין יאַכנע דוואָשע, פלעגט, נעבעך, נישט איין מאָל אַריינכאַפּן שמיץ פונם רויטן קאַנטשיק, וואָס האָט מיט אַזאַ יראת־הכבוד געפּונען זיין פּלאַץ אויף דער וואַנט. אָבער בשעתן שמייסן די קינדער, וואָס דאָס איז דאַן ביי אים אין חדר געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, פלעגט ער אַרויסשיקן אין דרויסן זי, די רביצין, צוזאַמען מיט זייער 15־יאָריקער געלער בת־יחידה, כדי זיי זאָלן, נעבעך, נישט געשטרויכלט ווערן אין קיין הירהור־עבירה.

איך וועל אויך ווידמענען אַ פּאָר שורות דעם דרדקי־מלמד משה בלינדער — פשוטו כמשמעו: אַ סגי־נהור געווען דער אַלטיטשקער משה און ווי אַזוי ער האָט באַוויזן צו לערנען די קליינע דריי־יאָריקע עופהלעך דעם „קרום־סידור" און דערנאָך דעם „גלייך־סידור" ווייסט איין גאָט אין הימל, אַז סך־הכל האָט ער געטאַפּט דעם וועג מיט אַ שטעקן, כדי אויסצומיידן שטרויכלונגען. ווייזט אויס, אַז די מימרא „הרגל נעשה טבע" איז אַן אַקסיאָמע וואָס לאָזט זיך נישט אָפּלייקענען. זיינע לאַנגע יאָרן קנעלונג האָט אים, ווייזט אויס, דערמעגלעכט אָנצוטאַפּן מיט די פינגער די נויטיקע שטעל אינם גרויסן צעריסענעם פאַרפלעקטן סידור. אלא דאָס, וואָס טיילמאָל האָט „פאַרזוכט" דעם קאַנטשיק נישט דער אמתער שולדי־קער... מילא, אַזעלכע טעותן טרעפן זיך דאָך אויף אַלע געביטן פונעם מענטשלעכן לעבן, און האָט זיך דאָך אַמאָל געטראָפן פאַרקערט אויך, אַזוי אַז די שמיץ האָבן זיך כמעט באַלאַנסירט...

געהאַט האָט ער אַ שווינדזיכטיק ווייב און זי, די רביצין, איז גאַנצע יאָרן געלעגן אין בעט און נישט אויפגעהערט צו הוסטן און די גבאיטעס פלעגן פון צייט צו צייט אַריינברענגען עפּעס צו דערכאַפּן די נשמה. אין דרויסן, האַרטביים איינציקן עלנדן פענצטערל, איז דער באָדן געווען אַ זאַמדיקער און מיר, פּיצינקע עופהלעך, פאַר וועלכע עס איז צו ענג געווען אינם פאַרשטיקטן „חדר", פלעגן שפּילן אין וועט־געיעג, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן אַ גרויסן געדיכטן שטויב אין דער „רבי" פלעגט שרייען אויף אונדז, אויף וויפל ער האָט נאָך געקאָנט שרייען, אָדער „מכבד זיין" אונדז מיטן קאַנטשיק. אין דער פרי און אין אָוונט פלעגט אונדז ברענגען אין חדר אָדער אַהיימטראָגן אויפן אַקסל דער 15־יאָריקער באַהעלפער. די בעסערע תלמידים האָבן געניג געהאַט אַ האַלב יאָר, כדי צו קאָנען ווי אַ „וואַסער" דאָס „גלייך־סידור" און דערנאָך איז מען איבער־

געגאַנגען אין רשות פונעם „חומש״־מלמד, ווי משה ברענער, אַנשל מלמד, איטשע וואָלפס אאַז״וו.

און אָט איז מלכל מלמד, אַ געל ייִדל, איינגעדאַרט ווי די גרוגרת דרבי צדיק, וואָס האָט אַ חוץ דעם קנעלן זיך אויך פאַרנומען מיט שדכנות. איי, איז דאָס געווען אַ פּיפּיק ייִדל! שטענדיק פלעגט מען אים זען אין די גאַסן מיטן פאַראַסאָל אונטערן אָרעם און דעריבער איז קיין וואונדער נישט וואָס די חדר־ייִנגלעך האָבן אים געוואונטשן דאָס אייביקע לעבן.

און ערשט וואו איז משה ברענער מיט דער גרויסער רויטער באָרד, וואָס האָט דערגרייכט ביזן נאָפּל פון זיין איינגעשרומפּענעם כמעט־קאַרליק קערפּער. (אַ בייזער ייִד געווען זאָל ער עס מיר מוחל זיין) און דאָס שמייסן איז ביי אים געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג (אַפילו פאַר דער קלענסטער עבירה) און אַדורכגעפירט האָט ער עס מיט אַ פייערלעכער צערעמאָניע. „אַ ייִנגל וואָס מ׳שמייסט נישט — פלעגט ער זאָגן — וואַקסט אַרויס פון אים אַ פּרא־אדם און אַ פּושע־ע׳כר ישראל״. זיין פּנים האָט מען כמעט נישט אַרויסגעזען פון דער צעפלאָשעטער, רויט־פלאַמענדיקער באָרד און געדיכטע רויטע ברעמען.

צו דעם קנעלן פלעגט ער נאָך צוהאַנדלען מיט סעדער, וואָס האָבן זיך געצויגן העט־ווייט ביז צים קלייסטער־פּלויט. דאָ, אין די סעדער, זענען געוואַקסן די פאַרשידנסטע פרוכטן און באַזונדערס די רייצנדיקע אונגאַרישע פלוימען, וואָס פלעגן צוליב זייער שפע זיך פשוט וואַלגערן אונטער די פיס. דערצו נאָך פלעגט זיין פלוניתטע, רבקה־ברײַנדל די אשת־חיל, יעדן דאָנערשטיק אויסהייצן דעם גרויסן באַק־אויוון, אין וועלכן זי האָט געבאַקן חלות צו פאַרקויפן און נאַכהער אָוועקלייגן זיך שלאָפן לעבן דער גרויער קאַץ אויפן הייסן פּיעקעליק. און זייער טאָכטער, רחלע „די וואַלטע״, פלעגט פון פאַרטאָג אָן פונאַנדערטראָגן די פרישע שמעקעדיקע חלות אין די גבירישע הייזער.

צו דעם אַלעם איז ער אויך געווען חזן אין נייעם בית־המדרש. ווען ס׳פלעגט קומען דער חודש אלול פלעגט דער חלל פונעם חדר־הויף פיל ווערן מיטן דריידלען פון די משוררים, וואָס האָבן מיט התמדה איינגעחזרט שטיקער מחזור פון די ימים־נוראים, אַרויסרופנדיק בשעת־מעשה אַ ציטער אין די הערצער פון די אַדורכגייער, וואָס האָבן זיך דערמאָנט אין דעם דערנענטערנדיקן זיך יום־הדין.

מיר, די חדר־ייִנגלעך, פלעגן פון צייט צו צייט איינגעשפּאַנט ווערן אין דעם עול פון דעם רבינס פרנסה, וואָס איז באַשטאַנען דערין וואָס מיר פלעגן צוהעלפן צונויפקלייבן די אַראָפּפאַלנדיקע פרוכטן פון די ביימער און מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, דערצו נישט דערלייגט: קודם־כל זענען מיר

פטור געוואָרן פון דעם לאַנגווײַלנדיקן חומש און דערצו פלעגן מיר זיך אָנעסן מיט די גרויסע ווייכע און זאַפטיקע באַרנעס און רינגלאָטן (פלוימען), ווען דעם רבינס משפחה האָט נישט באַמערקט.

אויף דעם זעלבן שמוציקן הויף, וואו אין דער מיט איז אַדורכגעגאַנגען אַ שטיינערנע רינע, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט שמוץ ביז צום חלשן, האָבן זיך געפונען נאָך צוויי חדרים, וואָס זייערע מלמדים זענען בנוגע זייערע כאַראַקטערן געווען דער היפּך פון משה ברענער; איינער פון זיי איז געווען אַנשל מלמד.

ער איז געווען אַ בעל־מזג־טוב און אין זיין איינגעהויקערטער הייזקע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן הויף פון אַלט־פאַרזשאַווערט אייזן, וואָס האָט געהערט צו שלמה דער אייזנקרעמער, האָט מען די חדר־יינגלעך צומאָל נישט אָנגערירט. אויך דער צווייטער מלמד, יאָסל הינדעס, אַ ייד אַ חלוש, האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן די קינדער פון זיין חדר אין אָנשטאָט דעם געזאָגט זיי מוסר. טיילמאָל פלעגט ער אונדז בעטן צוצוהעלפן זיין פלוניתטע, די אַלטיטשקע רביצין, ביים אויסאַרבעטן די טונקל־פאַרביקע וואַטע אין זייער וואַטע־פאַבריקל (אַז אָך און וויי!), וואָס האָט זיך געפונען אויפן בוידעם, און אין וועלכער ס׳האָבן פראַנק און פריי אַרומגעשפּאַצירט הינער און קליינע קעצעלעך. די וואַטע האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין אונ־דזערע בגדים, אַז שפּעטער פלעגט אונדז קאָסטן פיל געזונט דאָס אָפּרייניקן זיי. אָבער איר, דער רביצין, וואָס האָט אויסגעזען שטענדיק ווי אַ געשפּענסט, האָט עס צומאָל נישט געאַרט. זייער זון מאָטע יאָסל הינדעס האָט געהאַלטן אַ חדר פאַר גמרא־יינגלעך, וואָס האָבן שוין געלערנט גמרא מיט תוספות, נדרים מיט ר״ן און בכורות מיטן ריט אלגזי. ער, דער רבי, פלעגט, נעבעך, אויסשטיין גרויסע צרות פון זיין פּלוניתטע, דער רביצין, וואָס פלעגט אים פאַרביטערן דאָס לעבן, באַשולדיקנדיק אים אין דעם פריצייטיקן טויט פון זייער יונגער בת־יחידה, וואָס איז געשטאָרבן אַ בתולה. אירע טויטע קללות זענען אונדז פשוט דערעסן געוואָרן, אָבער ער, דער רבי, פלעגט זיך גאָרנישט מאַכן קיין „צימעס" פון זיי, און כדי זי זאָל אויפהערן שעלטן פלעגט ער אין גלאָז טיי מיט מילך, וואָס ער פלעגט טרינקען אַ גאַנצן טאָג, אַריינגעטאָן נאָך יעדער קללה נאָך אַ שטיקל צוקער און דאָס האָט אויך געהאַט אַ געוויסע השפּעה. אויף צו להכעיס פלעגט זי קאָכן מאכלים, וואָס ער האָט נישט ליב געהאַט און דעריבער האָט ער איר אָפּגעטאָן אויף טערקיש אין ער פלעגט איר צוואויסן געבן דורך אונדז, אַז ער וועט היינט עסן קאַרטאָפל מיט באַרשט, פלעגט זי אים אָפּטאָן צו־להכעיס און קאָכן קאַרטאָפל מיט קליסקעלעך, דאָס הייסט, אַ מאַכל וואָס האָט זיך אים היינט דווקא פאַרוואָלט.

דוד משיח, אויך אַ גמרא־מלמד, פלעגט דאַוונען שחרית יעדן

טאָג נאָכמיטאָג און ביז דאַן, פאַרשטייט זיך, פאַסטן, בשעתן דאַווענען פלעגט ער אַרומלויפן איבערן חדר אַן אויפהער אין בשעת מעשה אַרומפליען אין די עולמות העליונים...

אַן ענלעכער טיפ צו אים געווען יאָסל אַבעס, וואָס פלעגט — ווי מ׳פלעגט זאָגן — כאַפּן מלאכים אין דער לופטן בעת דעם דאַווענען. ער פלעגט נישט קאָנען דאָס גויעשע לשון און מיטן קריסטלעכן האָלץ־העקער פלעגט ער זיך אויסטענהן אָט אַזוי: „קודם ראָמבטשע (צעהאַקט) ואחר־כך באה פייגה־לאה זאַפּלאַטשי (וועט זי באַצאָלן)״. ער, דער ערל, האָט מבין געווען און גענומען זיך צו דער מלאכה. לצים דערציילן, אַז איין מאָל האָט אים פייגע־לאה אָפּגעקאָכט זיין באַליבט מאכל „אַ דזשאַדע באַבע״ (רייז מיט קליסקעלעך אין דער מילך) און אַוועקגעשטעלט זיין חלק אויף דער קיך איידער זי איז אַוועק אין מאַרק. דער שלימזל, זאָל ער עס מיר מוחל זיין, האָט גאָר געטראָפן צום טאָפּ קראָכמאַל, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן צו דער וועש און איז געשטאַנען לעבן דעם טאָפּ מיטן מאכל. זייענדיק שטאַרק הונגעריק, האָט ער דעם טאָפּ פשוט אויסגעלעקט. דער דאָזיקער טעות האָט אים איבערגעלאָזט אַ זכר אויפן גאַנצן לעבן אין דער פאָרם פון אַ מאָגן־קראַנקייט.

דוד׳ הערש מלמד איז געווען אַ ייד אַ חלוש, אויסגעדאַרט ווי אַ שטעקן און אַ גרויסער בטלן. ווען ער פלעגט הערן דערציילן נייעס פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג פלעגט ער זיך אָנרופן: „אַן איינפאַל פון גויעשע קעפּ! ווער הייסט זיי, די טיפשים, שטיין אונטער דעם נקב פון דער ביקס?״.

אינגאַנצן אַן אַנדערער טיפּ מלמד איז געווען ישראל אַבוש, אַ ייד אַ משכיל מיט אַ פיין צוגעקעמט שוואַרץ בערדל, געלייענט די „הצפירה״ און געקאָנט ווי „אַשרי״ די דאַמאָלסדיקע וועלט־פּאָליטיק. ער פלעגט אָפט פירן ראָמאַנען מיט ווייבער פון חסידים, וואָס זענען שוין געווען „געכאַפּט אַ ביסל אין דער מעשה״. די חדר־יינגלעך פלעגט ער געבן לעקציעס פון העברעאיש און רוסיש און פון אים האָב איך טאַקע גענאַשט מיינע ערשטע גוייעשע ידיעות. אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט פון אים איז געווען זיין פּלוניתטע, אַ צוריקגעשטאַנענע פרוי, וואָס פלעגט יעדן שבת לייענען איפן קיל די „צאינה וראינה״ און ער, וועלענדיק זיך וויצלען אויף איר חשבון, פלעגט טענהן צו אונדז, בעת מיר זענען געקומען אין חדר שבת נאָכמיטאָג צו לערנען „פּרקי אָבות״: „געהערט אַ מעשה? שבת זאָל מען הערן: דער רבינו בחיי שרייבט, דער אלשיך שרייבט! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז שבת זאָל מען רעדן וועגן שרייבן?״. און זי פלעגט אים אָפּענטפערן מיט גרויסער רוגזה: „מאַך צו דיין טריפהנעם פּיסק, פּושע עוכר ישראל! נעם איין אַ מיתה משונה, טריפהנער גוי!

מומר להכעיס! אַז פגרן האָסטו געקאָנט נאָך איידער איך האָב דיך דער־קענט!". אין נישט איין מאָל פלעגן אין דער וואָכן פליען בשעת־מעשה טעפּ און שיסלען פון איינעם צום צווייטן איבער אונדזערע קעפּ. מיט אַ צייט שפּעטער איז דאָס פאַרפאַלק אַוועק קיין קאָנסקעוואָליע צום רב און דאָרט זיך אָפּגעגט ווי גאָט האָט געבאָטן (אין פולאַוו האָט מען לויטן דין נישט געטאָרט זיך גטן!). ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט איינער פון זיינע געליבטע, איז אַוועק מיט איר דערנאָך קיין וואַרשע און געעפנט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט.

חסל סדר מלמדים!

נתן דער קלעזמער: איינער פון די אָנגעזעענסטע פיגורן אין דער קלעזמער־משפחה (נישט אין קינסטלערישן זין...). געווען איז עס אַן אַלטיטשקער ייד (אין דעם צייט־אָפּשניט זייט איך האָב אים דערקענט) מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען, מיט אַ שניי־ווייסער לאַנגער באָרד, וואָס האָט אים דערגרייכט ביזן סאַמע נאָפּל. אַן איש־תם־וישר. אַן זיין אָנטייל האָט מען זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן קיין יידישע חתונה. זיין פּאַטרי־אַרכאַלער אויסזען האָט ווי געלאָקט אין געווירקט באַרואיקנדיק אויף חתן־כלה, מחותנים און באַקאַנטע. כאָטש דער „טאַלאַנט" זיינער, וועלכן ער האָט אפשר קיינמאָל נישט געהאַט, איז מיט דער צייט וואָס אַ מאָל קלענער געוואָרן, האָט די קלעזמער־קאַפּעליע דאָך נישט געוואָגט אים צו באַזייטיקן פון אירע רייען.

נתנאַלע באַלעגאָלע: אַן אויסגעדינטער זעלנער, איינגע־בויט זיך אַ כאַטע אין נאָענטסטער שכנות פון פישל בערגרין און געהאַלטן עס פאַר זיך אַלס באַזונדערן כבוד. ער פלעגט עס אָפט אונטערשטרייכן בעת זיינע געשפּרעכן מיט מענטשן („איך בין, פלעגט ער זאָגן, אַ שכן פון פישל בערגרין, דאָס זאָלט איר נישט פאַרגעסן". אין דערביי פלעגט ער פאַרגלאָצן די אויגן צום הימל און טיף אָפּעטעמען). ביי אים אין כאַטע האָט זיך געפונען די אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פועלי־ציון אין דער טימל פון דער דאָרטיקער יוגנט איז אים נישט דערעסן געוואָרן. פאַרקערט, ער פלעגט מיט גאווה שטענדיק דערמאָנען, אַז ביי אים אין היז קומען פאַר „פּאַראַטן" (רעפעראַטן — הייסט עס) און זיין פנים פלעגט איפשטראַלן, צוקומענדיק צו זיין כאַטע און צוהערנדיק זיך צום וואָס אַ מאָל פאַרגרע־סערנדיקן טומל. געווען איז ער אַן אָרענטלעכער מאַן, אַן אמתדיקער בעל־יושר אין דעריבער האָבן אים די שטאָטישע יידישע סוחרים אָנפאַר־טרויט דאָס ברענגען סחורות פון דער באַן צוזאַמען מיט די פראַכטן, נישט האָבנדיק דעם מינדעסטן חשד וועגן וועלכן ס'איז היזק.

ישראל שימעלעס: אַ באַזונדערער טיפּ פון „עמך"־שער און אייזן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ספּעציעלן „טאַלענט" פון דער־

ציילן מעשיות, און אויף דעם דאָזיקן געביט האָט ער נישט געהאַט אין שטעטל קיין קאָנקורענט. איך געדענק אים אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, אין שבתדיקע נאָכמיטאָגן, וואו ער פלעגט זיצן אויף דער באַנק ביים שטאַרק אָנגעהייצטן אויוון, בעת דער עולם צוהערערס אַרום פלעגט זיך קוויקן מיט זיינע וואונדערבאַרע מעשיות און פלעגט זיך פאַרגרעסערן פון מינוט צו מינוט. טיילמאָל פלעגן זיך גרופירן אַרום אים ביי 5 מנינים יידן, וואָס האָבן געשלונגען מיט אַ ספּעציעלן אַפּעטיט די דורך אים דער־ציילטע מעשיות, און וואָס צו הערן איז אויך געווען. איז עס געווען פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין יאָר 1904, אין וועלכער ער האָט אָנטייל גענומען, אָדער פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען די פולאַווער סטודענטן, ביז די קאָזאַקן האָבן געמאַכט פון זיי אַ קאַשע. די פאַנטאַזיע פון דעם דאָזיקן ייד, וואָס איז שוין געווען אין עלטער פון 70 יאָר, איז געווען אַ פענאָמענאַלע. וואָלט ער פאַרמאָגט וועלכע עס איז בילדונג, וואָלט אַרויס פון אים אַ שרייבער — אַ קינסטלער אין זיין פאַך. איך אַליין פלעג זיך גאָרנישט קאָנען אָפּרייסן פון זיינע דערציילונגען; כאָטש כ'האָב אַרויסגעפילט פון זיי דעם בלאָף. דער בית־המדרש שמש פלעגט האָבן אויסצושטיין פון אים און פון זיינע חסידים „קאַלטס און וואַרעמס". ווען ער פלעגט זיי בעטן תחנונים נישט צו שטערן צו זאָגן „אמן", אָדער קדושה. אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, ווייל נישט איין מאָל איז ער געשטאַנען אין סכנה אַריינצוכאַפּן פעטש אָדער גאָר אָוועקצוגיין מיט ריסוק־אברים. די מעשיות האָבן דעם עולם־גולם פשוט היפּנאָטיזירט און צוגעצויגן ווי אַ מאַגנעס.

ביילע־שפרה בערגרין: אַן אייגנטימערין פון אַ ריזיקער ציגל־געביידע (פאַרשטייט זיך, לויט דער פולאַווער מאָס) און אַ ווייב פון דעם אידעלן פישל בערגרין, דעם פרעזעס פון קהילה־ראַט, פון „מזרחי" און צייטנווייז ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט. געווען איז זי אַ דעספּאָטין און האָט געטראָגן די הויזן, אַזוי אַז דער מאַן, איינער פון די שבעה טובי העיר, איז, נעבעך, געלעגן אונטער איר פּאַנטאָפל. געשטאַמט האָט זי פון אַן אָנגע־זעענער פאַמיליע, און אויך איר פאָטער איז אין זיינער צייט געווען איינער פון די שבעה טובי העיר, און דערביי איז זי געווען (זי זאָל עס מיר מוחל זיין...) געלט־גייציק ביז גאָר, אַזוי אַז איר מאַן האָט פשוט מורא געהאַט פאַר איר אימת־המוות צו געבן אַ שיינע נדבה ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייד אַ נגיד, אָדער אויף וועלכן ס'איז פאַנד. ס'איז פשוט געווען אַ גאָטס־רחמנות אויף דעם אידעלן און פיינעם אַדלמאַן.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען גיטל די שוחטקע, מענדל שוחטס ווייב, מיט זייער טאָכטער „יענטע־פעשע" די „חכמה". די נאַכט פאַר ערב־פּסח, אָדער ערב־סוכות פלעגן פון זייער וואוינונג זיך דער־

טראָגן הויכע קולות און צווישן זיי: „יענטע־פּעשע! וואו האָסטו אַהינגעטאָן די גזר־דינען (גאַרדינען)?" אין אָט אַן אינטערעסאַנטער קוריאָז: אין אַ געוויסן אָוונט, ווען מענדל שוחט האָט, ווי זיין שטייגער, זיך פאַרהאַלטן אין לובלינער חסידים־שטיבל, האָבן אין זיין וואוינונג אָפּגעשטאָט אַ וויזיט צוויי מאַסקירטע באַנדיטן מיט רעוואָלווערן אין די הענט. גיטל די שוחטקע איז גאַרנישט נתפּעל געוואָרן פון זיי און, מיר נישט דיר נישט, אָנגערופן זיך: „צאָ? באַנדיצי? פּיעניאָנדזע?" און זיי, דערזעענדיק מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן, זענען זיי שנעל אַרויס און אַנטלאָפן.

ס'זענען אויך ווערט דערמאָנט צו ווערן דער משוגענער לייבוש מיט זיין „פלוניתטע" מאַליעלע, וואָס האָט, נעבעך, געהאַט אויסצושטיין פון אים צרות־צרורות. ער, לייבוש, פלעגט אונדז, די חדר־יינגלעך, צישטעלן אַ סך אַמוזירינגס־מאַטעריאַל און מיר האָבן זיך פשוט געקוויקט מיט זיינע „תירות", ווי וועגן „נס־חנוכה", „מכירת־יוסף" אאַז"וו. דעם רוב פון זיין לעבן איז ער געווען נישט נאָרמאַל און דאָן פלעגט ער אָנטון גרויסע צרות דער יידישער באַפעלקערונג. ער פלעגט, צום ביישפּיל, איבערטייַשן בייַנאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן, די שילדן פון איין קלייט אויפן צווייטן, אַזוי אַז צומאָרגנס איז אויף אַ שפּייז קראָם געהאָנגען אַ שילד פון מאַנופאַקטור אאַז"וו. ער פלעגט אויך אַרויפקריכן אין מיטן דער נאַכט אויף די באַלקאָנען און פון דאָרט אַראָפּוואַרפן וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. אויך די פּאָליציי האָט פון אים נישט געלעקט קיין האָניק. מיט דער צייט האָט ער חתונה געהאַט מיט מאַליעלען, די טאָכטער פון דרעזל טשואיש און „טויטל", אַ באַוואוסטע בעטלער־משפחה, און האָט אַזוי משוגענערהייט אויך באַוויזן צו ברענגען אויף דער וועלט קינדער. זייער וואוינונג האָט זיך געפונען אונטער דער עזרת־נשים פון נייעם בית־המדרש.

ער, לייבוש, פלעגט טיילמאָל מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז משוגע אין דאָן אַריינזאָגן וואָס אין דער קאָרט שטייט וועמען ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט. כדי אויסצומיידן נישט געווינטשטע קריטיק פלעגט ער, לייבוש, זוכה צו זיין צו אַ שענערער נדבה אין דער צייט ווען ער פלעגט זייענדיק נאָרמאַל אַרומגיין איבער די הייזער.

אויך זיין פלוניתטע איז געווען זייער ראַפינירט און פלעגט שטענדיק געפינען אַן אויסרייד בשעת מ'האָט איר פאַרגעלייגט עפּעס צו טאָן און דערפאַר איר באַצאָלן. אירע טענות זענען טיילסמאָל געווען גאַנץ אינטערעסאַנט און נישט איינער פלעגט זיך אָוועקשטעלן צוהערן זיך צו זיי. און אין דער אמתן נאָך וואָס זאָל זי אַוועקשטעלן זיך אַרבעטן, אין דער צייט ווען זי האָט איר פּרנסה אַזוי לייכט פאַרדינט אַרומגייענדיק איבער די הייזער. און זאָל עמעצער וועגן איר נישט געבן קיין נדבה? ער וואָלט זיך דאָן געקויפט „מפטיר"...

שלמה ראָזענבערג

# פולאַוו — אַ קולטור און ליטעראַטור שטאָט

## די מאָלערישקייט פון דער שטאָט



פולאַוו (אויף פויליש פולאַווי; יידן האָבן געזאָגט: פילעוו), אָדער ווי די רוסן האָבן די פּאָוויאַטאָווע שטאָט משנה־שם געוועזן אויף נאָוואָ־אַלעקסאַנדריאַ, ליגט אין אַ מאָ־לערישער געגנט. פון איין זייט זילבערט זיך דער טייך ווייסל (אויף פויליש וויסלאַ; אויף לאַטיין וויסטולאַ), פון דער צווייטער זייט איז די שטאָט אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל פון געדיכטע גרינע וועלדער; אַרום דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט לויפט די באַן־ליניע לובלין־דעמבלין־וואַרשע, מיט דער באַן־סטאַנציע פולאַווי. איבער דער ווייסל ליגט אַריבערגעוואָרפן אַ בריק, וואָס די עסט־רייכער האָבן אויפגעבויט מיט דער הילף פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג בעת זייער אָקופּאַציע פון אַ טייל פוילן אין דער 1־טער וועלט־מלחמה. די בריק איז געווען איינע פון די שפּאַציר־פּלעצער, וואו די יוגנט האָט געפירט ליבעס און געשושקעט זיך אין די אויערן אַריין די שענסטע און פּלאַמיקסטע צוזאָגן, און די דאָזיקע ליבעס־געשעפּטשען האָבן באַלד אויפ־געכאַפּט די כוואַליעס פון דער ווייסל און זיי אַוועקגעטראָגן אַזש קיין דאַנציק. אויף דער זעלבער בריק זענען אויך פאָרגעקומען פּאָליטישע דיסקוסיעס, וועלנדיק איבערבויען די וועלט, יעדער אויף זיין שטייגער. אויף דער דאָזיקער בריק איז שיער נישט פאָרגעקומען אין איינעם אַ זו־מערדיק־שבתדיקן טאָג אַ טראַגישער פאַרפאַל: יונגע יידישע קאָמוניסטן האָבן דערטאַפּט צווישן די שפּאַצירנדיקע אַן אַראָפּגעשיקטן פּראָוואָקאַטאָר פון לובלין אַ באַקאַנטן בחור, ווען זיי האָבן פאַרנאַרט אויף דער בריק און האָבן געוואָלט אויפן אָרט דורכפירן די עקזעקוציע און אים אַראָפּוואַר־פן פון דער הויך פון דער בריק גלייך אין דער ווייסל אַריין; אָבער די יידישע גזלנים האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט איבערגעלייגט און אים געלאָזט לויפן...

ווע; מ׳איז אַריבערגעקומען אויף דער צווייטער זייט פון דער בריק, האָט מען זיך שוין געפונען אין דער ראַדעמער גובערניע, אָדער וואָיע־וואודזטווע. פאַר די איינוואוינער פון פולאַוו, וואָס האָט געהערט צו דער לובלינער גובערניע, האָט דער שטח שוין אויסגעזען ווי „אויסלאַנד".

אָבער איבער אַלע שיינקייטן פון דער צעגרינטער מאַלערישער פולאַווער האָט דאָמינירט דער אַלטער סודותדיקער היסטאָרישער טשאַרטאָ־ריסקי־פאַרק מיט זיינע פראַכטפולע ראָמאַנטיש־שלענגלדיקע אַלעען, סטעזשקעס אין פאַרוואַקסענע שמאָלע וועגעלעך, וואו יונגעלייט האָבן זיך געליבט, אויסגעגאָסן די הערצער אויף פאַרשידענע שפראַכן, פריער בעת דער צאַרישער הערשאַפט — אויף רוסיש, שפעטער אויף פויליש, און אין שותפות מיט די דאָזיקע צוויי הערשנדיקע שפראַכן — אויף יידיש.

אין פולאַוו האָט געלעבט אַ באַדייטנדיקע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט געהאַט אירע אייגענע ספעציפיש־יידישע אינטערעסן. אין די צענטער־גאַסן אין געסלעך האָבן געוואוינט מערסטנטיילס יידן; אין די געסלעך נעענטער צום פאַרק און צו דער ווייסל האָבן געוואוינט קריסטן; דורך קריסטן איז כמעט אינגאַנצן באַוואוינט געווען דאָס פאַרשטעטל מיטן נאָמען „מאָקראַטקעס".

נישט ווייט פון פולאַוו האָט זיך געפונען דאָס שטעטל קוזמיר (אויף פויליש: קאַזשימיעזש נאַד וויסלאָן), אַ פרעכטיק מאַלעריש שטעטל, אויף וועמענס באַרג עס געפינט זיך נאָך עד־היום די חורבה פון דעם פוילישן קעניגלעכן פאַלאַץ, וואָס מען רופט: די וויעזשע. צווישן פולאַוו און קוזמיר, אין דעם דאָרף באָכאָדניצע, געפינט זיך די חורבה פון אסתרקעס פאַלאַץ, וואָס דער קעניג קאַזשימיערזש דער גרויסער האָט פאַר איר אויפגעבויט. צו דעם שטעטל קוזמיר האָבן געצויגן מחנות פוילישע און יידישע מאָלערס, שריפטשטעלער, וועלכע האָבן עס פאַראייביקט — ווער מיטן פינזל און ווער מיט דער פען. שיין האָט דאָס שטעטל קוזמיר געשילדערט שלום אַש אין זיין „שטעטל" און אין די קלענערע דערציילונגען; ז. סעגאַלאָוויטש, וועמענס ליד „רייזעלע דעם שוחטס" די גאַנצע יידישע וועלט האָט געזונגען. אַ חוץ קוזמיר האָבן זיך געפונען בשכנות פון פולאַוו די שטעטלעך קוראָוו (אויף יידיש קאָריוו), מאַרקושאָוו, אָפּאָלע און אַנדערע יידישע ישובים, קלענערע אין גרעסערע, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגאויס דעם שאָסיי קיין לובלין.

די פולאַווער יידישע יוגנט האָט זיך אויסגעצייכנט מער ווי די יוגנט פון די אַנדערע שטעטלעך מיט איר אינטעליגענץ, און דאָס צוליב די סטו־דענטן, וואָס האָבן נאָך בימי דער צאַרישער הערשאַפט געלערנט אין דעם אַגראָנאָמישן אינסטיטוט. אַדאַנק די פיל סטודענטן מיט זייערע עלעגאַנטע קאָלירפולע אוניפאָרמען און עפּאָלעטן מיט די גאָלדענע בוכשטאַבן פון

ניקאָלאַי ווטאָראָי (ניקאָלאַי דער 2טער) האָט די פולאַווער יידישע יוגנט געלייענט ביכער און ליטעראַרישע זשורנאַלן, און רוסיש איז געווען זייער ערשטע פרעמדע שפּראַך לעבן דער פוילישער, אויף וועלכער עס האָט גערעדט די איינגעבוירענע פוילישע באַפעלקערונג.

צווישן די סטודענטן פון אַגראָנאָמישן אינסטיטוט זענען געווען פיל יידן, ווייל דאָרט האָט נישט געהערשט קיין פּראָצענט־נאָרמע, און יידישע מיידלעך האָבן געפירט מיט זיי פייערדיקע ליבעס, און עס זענען אַפילו געשלאָסן געוואָרן שידוכים. אַזוי אַרום זענען פאַרבליבן אין פולאַוו וואוינען שלמה ראַטנאָווסקי, וועלכער איז געוואָרן דער איידעם פון אַנשל גאָלדרייך און ער איז אונטער דער פוילישער הערשאַפט געווען דער קאַסירער פון דער יידישער פאָלקסבאַנק; זיין ברודער יעקב ראַטנאָווסקי, וועלכער האָט חתונה געהאַט קיין באָכאָדניצע, אַ דאָרף צווישן פולאַוו און קוזמיר, צו דער טאָכטער פון דעם אָרטיקן יידישן מילנער.




אינטערנאַט פון אַגראָנאָמישן אינסטיטוט בעת דער פוילישער הערשאַפט

די יידישע יוגנט איז צוליב די פיל רוסישע סטודענטן טיילווייז רו־סיפיצירט געוואָרן, מען האָט געלערנט און געלייענט רוסישע ליטעראַטור, מען האָט דעקלאַמירט פושקינען און לערמאָנטאָוון מער פון מיצקעוויטשן און סלאָוואַצקין. און אויף דעם באָדן איז אויסגעוואַקסן אַן אינטעליגענטע יידישע יוגנט, וואָס האָט געטראַכט און געפאַנטאַזירט אויף רוסיש. מען

האָט געחלומט צו ווערן רוסישע שרייבער און פּאָעטן, און צווישן זיי איז אויך אויסגעוואַקסן דער טאַלאַנטפולער דיכטער און איבערזעצער פון פיל באַדייטנדיקע רוסישע ווערק — שלמה שיינבערג.

ווי ווייט די ייִדישע יוגנט האָט געחלומט צו ווערן רוסישע שרייבער באַווייזט אַ ביכל, וואָס איך האָב געפונען ביי שלמה שיינבערגן אין ביבליאָטעק און אויך וועלכן עס איז געווען אויפגעשריבן אַ ווידמונג פון שיינבערגס אַ יוגנט־חבר, ידעלע קליינוועקסלער: „בודעשטשעמו פּאָעטו, אָד בודעשטשעוואָ קריטיקאַ" (דעם קומענדיקן פּאָעט, פון דעם קומענדיקן קריטיקער). אָט דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די געדאַנקען און חלומות פון דער אינטעליגענטער ייִדישער יוגנט. שלמה שיינבערג איז טאַקע געוואָרן אַ שרייבער, אָבער אַ ייִדישער; און ידעלע קליינוועקסלער איז גאָר געוואָרן אַ לערער — אויך אַ ייִדישער...

מיטן אָנקומען, אין 1915, פון דער עסטרייכישער אַרמיי, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל ייִדישע אָפיצירן און סתם זעלנער אינטעליגענטן אין די ייִדישע יוגנט האָט מיטאַמאָל דערפילט פרייהייט, האָט זיך אין פולאַוו, ווי אין פיל פוילישע שטעט און שטעטלעך, אָנגעהייבן אַ ייִדיש־קולטורעלע באַוועגונג. עס זענען אין דעם זעלבן יאָר און אויך אַ יאָר שפּעטער אָנגעקומען ייִדישע „ביעזשענצעס" (פּליטים) פון די פאַרנומענע רוסישע געביטן דורך דער דייטשישער און עסטרייכישער אַרמיי, און אָט די דאָזיקע פּליטים האָבן צוגעהאָלפן אין אַ גרויסער מאָס צו דער דאָזיקער ייִדיש־קולטורעלער באַוועגונג. די פּליטים האָט מען אין פולאַוו גערופן: די „ליטוואַקעס", צווישן זיי זענען געווען די לערער יוסף פרידמאַן, יצחק מאיר בריסקמאַן און אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט אין דעם מאָמענט. זיי האָבן מער געצויגן אין דער זייט פון העברעאיש. שלמה שיינבערג, זיין קוזין פּנחס קרימער, וועלכער איז געווען דער צייטונגס־אַגענט אין פולאַוו און אין זיין קראָם האָט זיך געזאַמלט די ייִדישע יוגנט, וואָס האָט געלייענט און דיסקוטירט וועגן אַלץ און אַלעמען — זיי האָבן געצויגן צו ייִדיש.

מיין פאַרבינדונג מיט פולאַוו, וואָס האָט מיך אַדאָפּטירט ווי אַן אייגענעם, אַ פולאַווער, איז געקומען דורך שלמה שיינבערגן. ער איז אין יענער צייט, אין 1915, בעת דעם צוריקטריט פון דער רוסישער אַרמיי פון פוילן, אָנגעקומען אַלס לערער צו מיינע עלטערן אין דאָרף מאָטיטש, 7 קילאָמעטער פון לובלין. שלמה שיינבערג האָט געלעבט יענע יאָרן אין מאָטיטש, אָבער מיט פולאַוו האָט ער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט און מיך אויך אַריינגעצויגן אין דעם פולאַווער קולטור־לעבן. פון צייט צו צייט איז ער אַהיימגעפאָרן קיין פולאַוו און האָט אויך מיטגענומען מיך, זיין תלמיד און דערנאָך — חבר, וואָס כ׳בין געווען מיט פינף יאָר ייִנגער פון אים. מיר

האָבן געשפּילט צוזאַמען טעאַטער, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַ־טייליקט די ליטוואַקעס; מיר זענען אַרויסגעטרעטן אויף ליטעראַרישע אָוונטן אַזוי אין פּולאַוו און אַזוי אין די קלענערע שטעט אַרום אין דער געגנט, ווי אין קאַריוו, אין אָפּאָלע (פון מאַרקושאָוו איז די יוגנט געקומען קיין קאַריוו ווען נאָר ס׳איז אַ ליטעראַרישער אָוונט איז דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן).

עס דערמאָנט זיך מיר אַ קוריאָז, וואָס נאָך היינט ביים דערמאָנען זיך, ווערט מיר די הויט געקרינצלט פון חרפּה און בושה...

אין אַ געוויסן ווינטער־אָוונט איז אין פּולאַוו פאָרגעקומען אַזאַ ליטע־ראַרישע אונטערנעמונג, אויף וועלכער עס זענען אויפגעטרעטן בלויז היי־מישע „קרעפטן", ווי די ליטוואַקעס, משה קליינבוים (סעניאָר), חיים בריפמאַן, שלמה שיינבערג, דוד שיינבערג און אני הקטן. איך האָב געדאַרפט אויפטרעטן מיט אַ רעציטאַציע פון אַ פּאָעמע א. נ. „יפתחס טאָכטער", אָנגעשריבן דורך אַ יונגן פּולאַווער שרייבער, משה מינקוס (היינט לעבט ער אין ניו־יאָרק און איז איינער פון די באַקאַנטסטע פילאַטעליסטן אין אַמע־ריקע). דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט יוגנט און מיט די עלטערן פון דער יוגנט, און כאָטש עס איז געווען ווינטער און אין זאַל נישט צו פיל אָנגעהייצט, איז מיר דאָך געבליבן אין זיכרון דער איינדרוק, אַז ס׳איז געווען שרעקלעך הייס.

איך האָב מיך געהאַט אויסגעלערנט די פּאָעמע פון אויסנווייניק און אינדערהיים האָב איך זי אָפּרעציטירט ווי אַ מזמור. זי האָט געהאַלטן עט־לעכע און צוואַנציק 4־שורהדיקע סטראָפן. עס איז געקומען מיין ריי און איך בין אַרויף אויף דער בינע. דערפילנדיק אַ פּאָר הונדערט אויגן אָנגע־שטעלט אויף מיר, האָבן זיך מיר די פיס אַ וואַקל געטאָן און איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן אויף זיי. איך האָב מיר געמאַכט האַרץ און האָב אָנגע־הויבן רעציטירן צום טאַקט די פערזן, וואָס זענען אַרויס קלאָר פון מיין מויל, אמת — ציטערנדיק אַ ביסל מיט דער שטימע. איך האָב שוין גע־האַלטן אָן ערך ביי דער פינפטער סטראָפע, בין איך מיטאַמאָל געבליבן שטיין — נישט אַהין און נישט אַהער: פאַרגעסן!... ס׳האָט נישט געהאָלפן שלמה שיינבערגס סופלירן מיר פון הינטער די קוליסן. איך האָב נישט געהערט קיין וואָרט, איך בין געווען פולשטענדיק צעטומלט, און איך בין, בחרפּתינו, אַראָפּ פון דער בינע. איך בין דאַמאָלס אַלט געווען אַרום 20 יאָר און שלמה שיינבערג — 25 יאָר.

איך האָב מיך געשעמט צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין, כאָטש איך האָב מיך דעם זעלבן אָוונט אויסגעצייכנט אין שלום עליכמס אַן איינ־אַקטער, וואו איך האָב געשפּילט די ראָל פון אַ רב און איך האָב אָוועקגע־לייגט אַ קידוש כדבעי. יאָ, אַביסל האָט עס מיין מערכה גערעטעוועט.

צומאָרגנס האָט מען מיר געוואָלט פּאַרגיטיקן: מען איז אַ גאַנצע הבר׳יתא געגאַנגען שפּאַצירן אין דעם פאַרשנייטן טשאַרטאָריסקי־פּאַרק. מען האָט מיר צוגעשטעלט זייער אַ שיין מיידל אַלס קאָמפּאַניאָנקע, אָבער איך האָב זיך שטאַרק געשעמט פאַר מיין נעכטיקן דורכפאַל און איך האָב די גאַנצע צייט פון שפּאַציר דאָס מויל נישט געעפנט. מיט אַ יאָר שפּע־טער בין איך פונדעסטוועגן וויטער אַרויסגעפאָרן מיט שלמה שיינבערגן צ׳זאַמען קיין קאָריוו, אָפּאָלע און אין אַנדערע מקומות. מען האָט געשפּילט טעאַטער, פאָרגעלייענט שלום עליכמען, און וועלכן איך האָב מיך גאָר פיין אויסגעצייכנט. אָבער קיינמאָל האָב איך מער נישט פּרובירט צו רעציטירן פון א׳יסנווייניק.

## שלמה שיינבערג

אַ מיטלוויקסיקער, מיט אַ קאַשטאַנעוואַטער טש׳פרינע האָר און ברוי׳נע קלי׳גע א׳יגן, דאָס פּנים אַ מאָגערס, אַביסל באַקלייענט, מיט אַ גרויסן פאַנ־טאַזיע־באַגאַזש, גערי׳פן האָט מען אים: דער געלער שלמה — אָט דאָס איז געווען מיין טייערער אי׳ן אומפאַרגעסלעכער חבר שלמה שיינבערג, דער גייסטיקער פירער פון דער פולאַווער יידישער יוגנט. אַ באַגאַבטער דיכטער און גלענצנדיקער איבערזעצער, הי׳פּטזעכלעך פי׳ן רוסיש, געווען אַ נאָענטער פריינט פי׳ן באַרימטן שריפטשטעלער י. מ. ווייסענבערג און זיין בעל־י׳ועץ. ווען ווייסענבערג האָט איבערגעזעצט אויף יידיש „טויזנט און איין נאַכט״, האָט שלמה שיינבערג אָנגעשריבן דאָס פאָרוואָרט צו דער דאָזיקער איבער־זעצ׳ונג. אי׳ן טאַקע ד׳ורך שיינבערגן בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט איטשע מאיר ווייסענבערגן, וועלכער איז געווען מיין ליטעראַרישער קוואַטער, אָפּ־דר׳וקנדיק אין 1918 מיין ערשטע פּאָעמע (עלי הכהנס טויט) אין דעם זש׳ורנאַל „יידישע זאַמלביכער״, רעדאַגירט דורך י. מ. ווייסענבערג און דאָקטאָר י. ב. ציפּור.

ש׳למה שיינבערג איז געווען אַ גייסטיקער מנחם מענדל, שטענדיק פי׳ל מיט ליטעראַריש׳ע פּלענער, וואָס זענען בלויז דורכגעפירט געוואָרן טיילווייז אי׳ן איז דערי׳בער שטענדיק פאַרבליבן אַ מאַטעריעלער קבצן.

בעת דער 1־טער וועלט־מלחמה, אַלס יונגערמאַן פון 24 יאָר, איז ער אָנגעקומען פי׳ן פולאַוו צו אי׳נז אין דעם דאָרף מאָטיטש, אַ באַן־סטאַנציע פאַר לובלין, וואו׳ ער איז אָנגעשטעלט געוואָרן דורך מיין טאַטן אַלס לערער צ׳ו די קינדער, 9 אין צאָל (שפּעטער איז צוגעקי׳מען אַ 10־ט קינד). איך בין געווען דער עלטסטער, אַ בחור פון 19 יאָר. אַ קורצע צייט איז ער או׳יך געווען מיין לערער פי׳ן יידיש און רוסיש, און מיר זענען גלייך גע־וואָרן די נאָענטסטע חברים, צוגעבונדענע אויף אייביק איינער צום צווייטן.

זייענדיק אין דאָרף מאָטיטש, פון 1915 ביז 1918, האָט שיינבערג

ליטעראַריש זייער ווייניק אויפגעטאָן. ער האָט פון צייט צו צייט אָנגעשריבן אַ ליד. איינס אַזאַ ליד האָט ער אָפּגעדרוקט אין „דאָס פאָלק" (נומער 26, פון 10־טן אויגוסט, 1917), אונטער דער רעדאַקציע פון ה. ד. נאָמבערג; צוויי לידער אָפּגעדרוקט אין נומער 2 פון ווייסענבערגס „יידישע זאַמלבי־כער"; אין זעלבן נומער האָב איך דעביוטירט מיט מיין פאָעמע „עלי הכהנס טויט". אין די ווייטערדיקע נומערן פון די „יידישע זאַמלביכער" האָט שלמה שיינבערג אָפּגעדרוקט זיין איבערזעצונג פון לערמאָנטאָווס פאָעמע „כאדזשי אברעק" (אין די זעלבע נומערן „יידישע זאַמלביכער" האָבן דעביוטירט י. פּאַפּיערניקאָוו און שמעון האָראָנטשיק).

שלמה שיינבערג פלעגט אָפט אַרויסטרעטן (צוזאַמען מיט מיר) אויף ליטעראַרישע אָוונטן אין פולאַוו, קאָזשעניץ, אָפּאָלע, לובלין און אין אַנדערע פלעצער. איך דערמאָן מיך איינעם אַזאַ אָוונט אין לובלין, צו די שלושים פון מענדעלע מוכר ספרים, אין האַרבסט, 1917, וואו שלמה שיינבערג האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן מענדעלען פאַר אַן עולם פון איבער טויזנט



שלמה ראָזענבערג (רעכטס) און שלמה שיינבערג (לינקס) אין יאָר 1917. דאָס בילד איז אָפּגעהיט געוואָרן פון זייער פריינט בצלאל באַלער (אַרגענטינע), וועלכער איז דאַן געווען ווי אַ פּליט אין יענער געגנט

מענטשן. עס האָט דעמאָלט אײַך צווישן אַנדערע גערעדט דער רעדאַקטאָר פון „לובלינער טאָגבלאַט״, ש. י. סטופּניצקי. שלמה שיינבערג האָט באַגייסטערט דעם עולם מיט זיין שיין־געבויטן רעפעראַט, און צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין זאַל האָט מען גערעדט, אַז זינט י. ל. פּרץ האָט מען נאָך אַזאַ רעדע נישט געהערט.

שלמה שיינבערג איז אין זיינע יינגע יאָרן געווען אַן איינגייער צו י. ל. פּרץ אין שטוב; אַ סברה, אַז ער האָט זיך דעמאָלט געליבט אין פּרצס אַ קוזינע, ראָזע פּרץ, שפּעטער איז זי באַקאַנט געווען אַלס שריפטשטעלערין, א. נ. ראָזע לאַקס פּרץ.

זיצנדיק אין דאָרף מאָטיטש, האָט שלמה שיינבערג דורכגעפירט מיט דער הילף פון נאָך פיר „פאַרשווערער״ — זיין ברודער דוד שיינבערג, יידעלע קליינוועקסלער (אַ פּילאַווער), דער שפּעטערדיקער שריפטשטעלער שמואל לעווין (אַ קאָנסקאָוואָליער, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1959) און דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות — אַן איבערקערעניש אין לובלינער „הזמיר״ און עס איז אונז געלונגען איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיקער קולטור־אינסטיטוציע, איבערלאָזנדיק פון דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג בלויז דריי מיטגלידער: בעלאַ שפּיראָ, שפּעטערדיקער בונדישער ראַטמאַן אין לובלינער שטאָטראַט; יצחק צימערמאַן, ליטעראַריש באַקאַנט אַלס יוליוס מאַיסקי, (לעבט היינט אין זשענעווע און איז דער איבערזעצער פון מאַרקס „קאַפּיטאַל״ אויף פּויליש), און פּרוי מייערסאָן, די קוזינע פון באַרימטן יידיש־פראַנצויזישן פילאָזאָף מייערסאָן.

די איבערקערעניש אין לובלינער „הזמיר״, געקומען פון דאָרף מאָטיטש, וואו שיינבערג און איך האָבן — ציגרייטנדיק די ליטעראַרישע רעוואָלוציע — אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטן זשורנאַל מיט אויפרופן און אַרטיקלען (מיין ערשטער אַרטיקל), האָט אין די אינטעליגענטע לובלינער יידישע קרייזן אַרויסגערופן גרויס פּוראַר, און מירביידע, שלמה שיינבערג און איך, זענען געקרוינט געוואָרן מיט די נעמען „קערענסקי און מיליוקאָוו״, וועלכע האָבן אין יענעם יאָר דורכגעפירט אין רוסלאַנד די באַרימטע פעברואַר־רעוואָלוציע. די נייע „הזמיר״ פאַרוואַלטונג האָט אָנגעהויבן אַ גרויסע קולטורעלע טעטיקייט: אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע מ. קיפּניס און זמרה זעליגפעלד; איינגעאָרדנט אַ רייכן באַנקעט פאַר דער „ווילנער טרופּע״, וואָס האָט דאַמאָלס גאַסטראָלירט אין לובלין, און אַנדערע טעטיקייטן.

די דריי און אַ האַלב יאָר אין מאָטיטש האָט שלמה שיינבערג אויסגענוצט ווי אַ בין, וואָס פלאַטערט אַרום איבער בלומען און טרינקט זיך אָן מיט זאַפט. ער האָט געמאַכט פאַרשידענע ליטעראַרישע פּרוּוון, אָנגעהויבן קאַפּיטלעך פון ראָמאַנען, געשריבן און געדרוקט זיי אין „לובלינער

טאָגבלאַט״. אונטער שיינבערגס איינפלוס האָט מען ביי אונדז אין שטוב אַרויסגעגעבן אַ געשריבענעם ליטעראַרישן העפט, א. נ. „יוגנט״, מיט לידער, אַרטיקלען און דערציילונגען; איינגעאָרדנט ליטעראַרישע שבתים, בעת וועלכע מען האָט געהאַלטן רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, ליטעראַרישע און פּאָליטישע. עס איז געווען 1917, דאָס יאָר פון רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם וועכנטלעכן העפט, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען די שטוב־מענטשן מיט שלמה שיינבערגן בראש. עס האָט אויך אָנטייל גענומען אַ יונגערמאַן, אַ פּליט פון די ראַנד־געביטן פון פוילן אין רוסלאַנד, מיטן נאָמען בצלאל באַלער, פון קאָוועל (לעבט היינט אין בוענאָס איירעס און ער איז דער רעדאַקטאָר פון קאָוועלער יזכור־בוך).

אָנהויב 1919 בין איך, צוזאַמען מיט אַ גרופּע יונגעלייט פון לובלין, אָפּגעפאָרן אַלס חלוצים — אָנהייבנדיק דערמיט די 3־טע עליה — קיין ארץ ישראל. פון חודש פעברואַר, 1919 ביז חודש מאַי, 1922, ווען איך בין צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, איז שלמה שיינבערגס ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פאַר מיר געווען טיילווייז פאַרהוילן. פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיך ווייס איך בלויז, אַז ער איז געווען אַ שטיקל צייט אַ לערער אין קאָריוו, דערנאָך איז ער אַריבער קיין וואַרשע, געוואוינט צוזאַמען מיט י. מ. ווייסענבערגן. באַנייט האָט זיך אונדזער געמיינזאַמע טעטיקייט און ליטעראַרישע אַרבעט מיט מיין צוריקקומען קיין פולאַוו אין חודש מאַי, 1922.

אינטערעסאַנט צו דערציילן אַן אויסטערלישן עפּיזאָד, וואָס האָט היינט אַ היסטאָרישן ווערט:

ווען איך בין אָנגעקומען מיט דער באַן קיין פולאַוו, זענען געקומען מיך מקבל־פּנים זיין מיין טייערער חבר שלמה שיינבערג, זיין ברודער דוד, אַ צווייטער חבר מיינער, משה קליינבוים (אַ פעטער פון שפּעטערדיקן ציוניסטישן פירער ד״ר משה קליינבוים) און מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין שטאָט אַריין צופוס. עס איז געווען אַ שיינער מאַיאָווער טאָג און עס איז אַ שאָד געווען אים צו פאַרטאַכלעווען אין דעראָזשקעס...

מיט די דערוואַקסענע חברים מיינע האָט זיך נאָכגעפלאָנטערט אַ יינגל פון אַ יאָר 12־13, וואָס האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט ווי פעך און האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט מיך געהאַלטן אין איין אויספרעגן וועגן ארץ ישראל: צי איך האָב זיך געשלאָגן מיט די אַראַבער; צי איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער הגנה און צי איך האָב אָנטייל גענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון ירושלים אין גליל העליון (1920). זיינע קשיות זענען געקומען אָנגערעגטע פון דערציילן די חברים וועגן די איבערלעבונגען מיינע אין די קנאַפּע דריי יאָר וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ארץ ישראל.

דאָס דאָזיקע יינגל האָט זיך זייער שטאַרק אינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט און ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט און כסדר מיך פּאַרוואָרפן מיט קשיות, אַרויסווייזנדיק נישקשהדיקע אינטעליגענץ לויט זיינע יאָרן. צו־מייסטן האָט אים אינטערעסירט די הגנה: צי זי איז אַ שטאַרקע אָרגאַ־ניזאַציע, צי זי האָט אַ סך געווער און צי קאָן זי זיך אַקעגנשטעלן די אַראַבער, און צי די ענגלענדער דערלויבן אונדז צו האָבן געווער, און אַזוי ווייטער.

מיט אַ 25 יאָר שפּעטער איז דאָס דאָזיקע יינגל געווען דער קאָ־מענדאַנט פון דער הגנה אין ארץ ישראל, און די ענגלענדער האָבן באַשטימט אַ פּריז פאַר זיין קאָפּ. ער איז דאַמאָלס, אין 1946, אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, און אַריינקומענדיק אין זאַל, וואָס איז געווען איבערפולט מיט יידישע און ענגלישע זשורנאַליסטן, האָט ער זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט און צע־קושט. די פרייד איז געווען אין־לשער. כ׳האָב אין זיינע אויגן דערקענט, אַז אין זינען איז אים געקומען די סצענע דאַמאָלס אויפן פּולאַווער שאָסיי, 1922, ווען ער האָט מיך אַזוי צודרינגלעך אויסגעפרעגט וועגן דער הגנה...

אָנגעקומען איז ער גלייך פון דער שיף אָדער פון עראָפּלאַן אין דעם זאַל, וואָס די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט צוגעגרייט, באַקומענדיק פון אים אַ טעלעגראַמע ווען ער קומט. ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער הגנה טעטיקייט אין ארץ ישראל און וועגן איר קאַמף סיי מיט די אַראַבער און סיי מיט די ענגלענדער. דער דאָזיקער שליח איז געווען — ד״ר משה קליינבוים, באַקאַנט היינט אונטערן נאָמען ד״ר משה סנה, איצט דער אָנפי־רער פון דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „מק״י״ (מפלגת קומו־ניסטים ישראלים) אין זייער דעפּוטאַט אין דער כנסת.

ד״ר משה סנה, הגם אַ געבוירענער אין ראַדזין, האָט אָבער זיין גאַנצע משפחה געלעבט אין פולאַוו, און ער אַליין האָט שטודירט אין דער פולאַ־ווער גימנאַזיע און זי דאָרט פאַרענדיקט.

---

שלמה שיינבערג, וועמען איך האָב געטראָפן אין זייער אַן אָפּגעלאָזטן צושטאַנד, האָט זיך — ווי זיין שטייגער — אַרומגעטראָגן מיט גראַנדיעזע ליטעראַרישע פּלענער, אויפן ערשטן קוק — מנחם מענדלשע, אָבער דאָך האָט ער עפּעס אויפגעבויט אין פולאַוו, וואָס האָט גאָר איניגיכן אָנגעהויבן שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט, און פאַר־שאַפט דער שטאָט אָנזען און כבוד. שלמה שיינבערג האָט אויפגעשטעלט אַ גרויסע זעצעריי (געדרוקט האָט מען אין וואַרשע), וואו כמעט אַלע וואַרשע־ווער פאַרלאַגן, ווי: קלעצקין, בזשאָזע, יאַטשקאָווסקי א. אַ. האָבן געזעצט זייערע ביכער.

וואו האָט שלמה שיינבערג גענומען געלט דערויף? זיין גוטער פריינט, דער באַרימטער שריפטשטעלער י. מ. ווייסענבערג, האָט אים געהאַט גע־געבן געלט, ער זאָל אויסזעצן ערגעץ אין דער פּראָווינץ זיינס אַ בוך אָדער ביכער. האָט שיינבערג גענומען דאָס געלט און געקויפט שריפט און אַליין פאַרלייגט אַ זעצעריי אין דעם דאָרף ווילקי, הינטער פולאַוו, אין עפּעס אַ חורבה פון אַ געוועזענעם פּאַלאַץ פון דעם רוסיש־יידישן מיליאָנער קאָ־פּעלמאַן. דער פאַרוואַלטער פון דער חורבה האָט שיינבערגן פאַרדינגען דעם „פּאַלאַץ" מיטן תנאי ער זאָל באַדעקן דעם צעלעכערטן דאַך מיט פּאַפּע, און דערפאַר וועט ער נישט דאַרפן צאָלן קיין דירה־געלט.

האָט דער פּיפּיקער און נאָך מער — מנחם מענדלשער, שלמה שיינבערג באַדעקט מיט פּאַפּע בלויז דעם טייל דאַך, אונטער וועלכן ער האָט איינ־געאָרדנט די זעצעריי, אין וואו ער מיט זיין ברודער דוד און איך האָבן געוואוינט. אין די איבעריקע טיילן פון „פּאַלאַץ" האָט דער רעגן וויטער אַריינגעפּליוכעט... שיינבערג האָט אויך פאַרלייגט אַ מאַטריצן־גיסעריי, וואו מ׳האָט „געבאַקן" די מאַטריצן. אַזוי ווי קיין גרויסער באַלמעלאָכע איז ער נישט געווען (ער האָט זיך ערשט געלערנט שערן אויף יענעמס באָרד...), איז דער שריפט,ביים מאַכן דעם ערשטן מאַטריץ, צוליבן צו שטאַרקן פייער, פאַרברענט און צעלאָזן געוואָרן. עס איז געווען אויס מיט דער זעצעריי און אויס מיט י. מ. ווייסענבערגס בוך אָדער ביכער, און ווייסענבערג האָט זיך דערפאַר צעקריגט מיט שלמה שיינבערגן...

האָט דער מאָדערנער מנחם־מענדל צוזיפּגעקראַצט וואו ער האָט נאָר געקאָנט אַ פּאָר צענדליק טויזנט פּוילישע מאַרק, אויך איך האָב אים אָוועק־געגעבן מיינע 5 ענגלישע פונט, וואָס כ׳האָב געברענגט פון ארץ־ישראל און זענען ווערט געווען 90 טויזנט מאַרק. קיין גרויסע פּרנסה האָט די זעצעריי נישט געברענגט און מיר האָבן ממש געהונגערט. אַ שטיקל ראַזאָווע ברויט מיט אַן אוגערקע איז געווען ביי אונדז אַ מאכל־מלכים. מען איז געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. מיר זענען אָבער געווען דאַמאָלס גליקלעך, געבאָדן זיך אין דער נאָענטער ווייסל, געשיפּלט זיך אין דער פרייער צייט. אין — געבויט שלמה שיינבערגס זעצעריי־אימפּעריע. צווישן אונדז איז געווען בלויז איין אָנצוג, וואָס אַלע דריי האָבן אָנגעטאָן אין דער ריי ווען מ׳האָט געדאַרפט גיין אין שטאָט אַריין איינקויפן פּראָוויאַנט, און איין פּאָר צעריסענע שיך.

מיטאָמאָל האָט מיך, איינעם פון די נאַר־וואָס אויסגעלערנטע זעצערס, געטראָפן אַן אומגעריכט גליק: אין דער דעמבלינער יידישער שול האָט מען זיך געניטיקט אין אַ העברעאישן לערער, און היות איך האָב, ווי אַ געקומענער פון ארץ־ישראל, גערעדט העברעאיש ווי אַ וואַסער, איז אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג געקומען צו פאָרן דער דירעקטאָר פון דער דעמבלינער

שול, הער יאָזעף, אַ גאַליציאַנער ייד, אַן איבערבלייב פון דער עסטרייכי־
שער אַרמיי און האָט מיך צוגענומען, ממש בגוואַלט, פון דער זעצעריי און
איך בין געוואָרן אַ העברעאישער לערער.

שיינבערג האָט דערוויל מיט די צונויפגעקראַצטע געלטער, און צום
מייסטנס האָט אַריינגעלייגט אין דעם דאָזיקן געשעפט שיינבערגס קוזין,
פנחס קרימער, דער פולאַווער צייטונגס־אַגענט און אַן אַנגעזעענע פיגור
— אויפגעשטעלט אַ זעצעריי אויף דער קראַנצאָווע גאַס אין אַ בוידעם־
שטיבל, וואָס ווען מען איז געגאַנגען איבער די שטיגן, האָבן זיי אַרויס־
געגעבן קרעכצנדיקע מוזיק און מ'האָט באַדאַרפט בענטשן גומל, וואָס נאָך
אַזאַ גאַנג איבער די שטיגן זענען זיי נישט איינגעבראָכן געוואָרן...

אויף קראַנצאָווע גאַס איז זיך די זעצעריי צעוואַקסן און געקראָגן אַ סך
אַרבעט פון וואַרשע. צוליב דעם צוועק פלעגט שלמה שיינבערג גאָר אָפט
פאָרן אין דער הויפּטשטאָט ברענגען מאַנוסקריפּטן צום זעצן. אַזוי זענען
אין דער דאָזיקער זעצעריי אויסגעזעצט געוואָרן די ביכער פון שלום אַש,
ז. סעגאַלאָוויטש, ברוך גלאַזמאַן, לייב ניידוס, שמעון האָראָנטשיק, מיכאל
בירשטין, מיין איבערזעצונג פון „פויערן", פיר בענד; שיינבערגס צענדלי־
קער איבערזעצונגען פון טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום", „אַנאַ קאַרענינאַ",
שאָלאָכאָווס „שטילער דאָן" און פיל־פיל אַנדערע באַרימטע ווערק.

צווישן די זעצערס וואָס זענען אַנגאַזשירט געוואָרן אין שיינבערגס
זעצעריי האָבן זיך געפונען די מער אינטעליגענטע בחורים פון פולאַוו,
וועלכע האָבן זיך ערשט איצט אויסגעלערנט די מלאכה. צווישן זיי שוין
באַקאַנטע שרייבערס. איך וועל אויסרעכענען סיי די שרייבערס און סיי
די אַנדערע זעצערס, פולאַווער יונגעלייט, טייל פון זיי זענען אומגעקומען,
טייל לעבן עד היום אין פאַרשידענע לענדער: מרדכי ניידין, איבערזעצער
פון טשעכאָוו אין גאָרקי (אומגעקומען אין בריסק), שלמה ראָזענבערג, זיין
ברודער משה (לעבט אין ישראל), שלמה קרעלענבוים, שיינבערגס אַ קוזין
(געשטאָרבן אין בראַזיל, 1962), זיין ברודער ישעיה (אומגעקומען), שלמה
שיידענפיש (לעבט אין אַרגענטינע, משה קוואַטער (אומגעקומען אין פאַריז),
משה מעלמאַן (געשטאָרבן אין וואַרשע, 1962), אהרן געווערצמאַן, אַ טאַ־
לענטירטער אַקטיאָר (אומגעקומען פון אַ דייטשער באָמבע אין פולאַוו),
מאָניש גאָלדבערג (אומגעקומען), לייבל לאַנדמאַן (געשטאָרבן פאַר דער
מלחמה), שיע טענענבוים (לעבט אין ניו־יאָרק און איז ליטעראַריש זייער
טעטיק), אַברהמטשע צימערמאַן, איבערזעצער פון פושקינס אייניקע פאָעמעס
(אומגעקומען), דוד שיינבערג, שלמהס אַ ברודער (באַגאַנגען מיט עטלעכע
יאָר צוריק זעלבסטמאָרד אין פאַריז, און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען
איך געדענק נישט איצט מאָמענט.

סיי שלמה שיינבערגס זעצעריי און סיי זיין שטוב זענען געווען אַ בית־

ועד לחכמים און אַ קוזשניע פון ליטעראַרישע שאַפונגען. דאָ זענען איבער־געזעצט געוואָרן (דורך דוד שיינבערג, אברהמטשע צימערמאַן און משה ראָזענבערג) אַזעלכע שעדעווורען ווי — גאָגאָלס „די נאָז", „שינעל", „ווי אַזוי עס האָבן זיך צעקריגט איוואַן איוואַנאָוויטש מיט איוואַן ניקיפאָראָ־וויטשן", גאָרקיס „דאָס געשעפט פון די אַרטאָמאַנאָווס", „קלים סאַמגין", „דריי"; טשעכאָווס אַ רייע דערציילונגען פון עטלעכע בענד (איבערזעצער: מרדכי ניידין); פיר בענד „פויערן" פון סט. וול. ריימאָנט (איבערזעצער: שלמה ראָזענבערג); טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום", „אַנאַ קאַרענינאַ"; שאָלאָכאָווס „דער שטילער דאָן", ד'אַמיטשיס „האַרץ", אַנדרע מאַלראָס „דער גורל פון מענטש", פראַנץ ווערפעלס „די 40 טעג פון מוזאַ דאַג", טש. דיקענס „אָליווער טוויסט", „די וואָלגע פאַלט אַריין אין קאַספּישן ים" פון באָריס פילניאַק — (די אַלע איבערזעצונגען געמאַכט פון שלמה שיינבערג) און פיל, פיל אַנדערע באַרימטע ווערק, אָריגינעלע און איבער־געזעצטע.

איבער די אַלע ליטעראַרישע טעטיקייטן האָט געוואַכט דאָס געניטע אויג פון דעם ליטעראַרישן מנחם־מענדל, שלמה שיינבערג. אויך זיין פרוי ציפּע (ציפּורה), אַ טאָכטער פון דעם רייכן וואַלד סוחר און פולאַ־ווער דאָזאָר ר' יחיאל האַלבערשטאַט, האָט אָנטייל גענומען אין דער אַרבעט — זי האָט זיך אויסגעלערנט מאַטריצירן (זי איז געווען כמעט די איינציקע פרוי־מאַטריצירערין אין פוילן) און זי האָט געטאָן איר אַרבעט בשלימות.

זי האָט מיט איר אידעלער און אינטעליגענטער באַנעמונג דערגענצט די ליטעראַרישע שטוב פון שלמה שיינבערגן און זי האָט געשאַפט די נויטי־קע אַטמאָספערע דערצו.

## פולאַוו — די יידישע לייפּציג

דער דאָזיקער נאָמען איז נישט סתם אַראָפּגעפאַלן פון הימל און נישט איך האָב אים אויסגעטראַכט. דעם דאָזיקן נאָמען האָט אַרויסגעבראַכט אין אַ צופעליקן געשפרעך מיט שלמה שיינבערגן און מיט מיר דער באַ־וואוסטער שריפטשטעלער, פּובליציסט און רעדאַקטאָר פון „לובלינער טאָג־בלאַט", ש. י. סטופּניצקי (אומגעקומען אין טרעבלינקע), וועלכער איז גע־האַט עקסטרע געקומען צו פאָרן קיין פולאַוו צום ברית, וואָס שלמה שיינבערג האָט געפּראַוועט ביי זיין זון מאָטעלע. דאָס איז געווען אין פרי־לינג, 1924, ווען שיינבערגס זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס האָט שוין געהאַט איך איר חשבון אַ שפּאָר ביסל דערשינענע ווערק פון פאַרשידענע וואַר־שעווער פאַרלאַגן, און שלמה שיינבערג האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט איינעם פון זיינע גראַנדיעזע פּלענער — צו שאַפן אַ פאַרלאַג, וואָס זאָל אַרויסגעבן ביליקע ביכלעך, צוטריטלעך פאַר די מאַסן.

זענען מיר געגאַנגען, אין דרייען, שפּאַצירן איבער דער בריק איף דער ווייסל — סטופּניצקי, שיינבערג און איך — און מ׳האָט אויפן קול געחלומט וועגן אָט די מנחם־מענדלשע פּלענער, צו וועלכע מען דאַרף האָבן געלט, פאַנטאַזיע, כוחות און אויסדויער. די לעצטע דריי עלעמענטן זענען געווען ביי שיינבערגן לרוב, אָבער געלט איז ליידער נישט געווען. האָט מען גערעדט, דיסקוטירט, געפלאַנעוועט אונטער דעם בלויען צעזוניקטן הימל אויבן און די בלויע צעזוניקטע ווייסל־כוואַליעס אונטן. וואָס שיינבערג האָט אַזוי שיין באַזונגען אין זיינע ווייסל־לידער (אין דעם איינציקן נומער „יום־טובדיקע ליטעראַרישע בלעטער״). דאָ גיט זיך סטופּניצקי אַ כאַפּ־אַרויס מיט אַן אויסדרוק: „פּולאַוו וועט נאָך אַמאָל ווערן די יידישע לייפּציג!״ וואָרים די שטאָט לייפּציג איז באַרימט געווען מיט אירע גרויסע און צאָלרייכע ביכער־פאַרלאַגן. (ליידער האָט מיט יאָרן שפּעטער „לייפּציג״ חרוב ומחרב געמאַכט פּולאַוו . . .).

שיינבערגן איז דאָס געקראָכן אין קאָפּ אַריין און די אַמביציע זיינע האָט זיך אַ צעשפּיל געטאָן, און עס איז אַוודאי אין יענער רגע געבוירן געוואָרן ביי אים אין קאָפּ די „יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק״, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער רעאַליזירט געוואָרן, און טויזנטער און טויזנטער עקזעמפּליאַרן פון די דאָזיקע ביליקע ביכלעך זענען געוואָרן פאַרשפּרייט איבער גאָר דער יידישער וועלט. דאָס זענען מערסטנטיילס געווען איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס שיינבערג אַליין האָט איבערגעזעצט, אויסגעזעצט, אַרויסגעגעבן און אַליין אויך פאַרשפּרייט.

עס זענען דערשינען ווערק פון באַריס פּילניאַק, פעאָדאָר גלאַדקאָוו, אַנדרע מאַלראָ, פראַנץ ווערפעל און פיל־פיל אַנדערע. אַרום 60 אַזעלכע ביכלעך זענען דערשינען אין שיינבערגס „יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק״. איך בין שוין דאַמאָלס געווען אויס לערער. בלויז אַכט חדשים האָב איך גע־קנעלט אין דער דעמבלינער שולע און געמוזט אויפגעבן דאָס דאָזיקע פאַך . . .

איך בין צוריקגעקומען (אָנהויב 1923) קיין פּולאַוו און איך בין געוואָרן אַ זעצער ביי שלמה שיינבערגן און האָב פאַרדינט עפּעס אַ מיליאָן אָדער צוויי מיליאָן (געשפּילט אַ ראָלע דעמאָלט אַ מיליאָן! . . .) מאַרק, פון וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט לעבן און נישט געקאָנט שטאַרבן. איך האָב געוואוינט פון צייט צו צייט (ווען ס׳איז קאַלט געווען) ביי שיינבערגן אין הויז, גע־שלאָפן מיט אים אין איין בעט, אָבער גאָר זעלטן, מערסטנטיילס זומער, זענען מיר — דוד שיינבערג, מיין ברודער משה און איך — געשלאָפן אויף אַן אייזערן בעטל אָדער אויף דער ערד אין דער זעצעריי.

אַן אינטערעסאַנטער קוריאָז אין לעבן פון אַזעלכע ליטעראַרישע בראָדיאַגעס: מיין ברודער און איך זענען געשלאָפן אויפן אייזערנעם בעטל,

אָבער דער דאָך פֿון דעם „טויבנשלאַק״ (אַזוי האָט די זעצעריי אויסגעזען) איז געווען געלעכערט און ס׳האָט גאַנץ שפּאָר אַריינגערעגנט, וואָס אַפילו זומער־צייט האָט דאָס זייער און זייער נישט געשמעקט. זענען מיר געפאַלן אויף אַ סמיקאַלקע: אַזוי ווי צופוסנס פון דעם אייזערנעם בעטל איז גע־שטאַנען אַ שאַנק מיט כלערליי זעצערישע מאַכערייקעס, אונדזערע שוואַרץ־שמוציקע וועש, האַנטוכער און גאַרדעראָבע, האָבן מיר פאַרלייגט איף דער שאַנק אַ ברעט, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט ביז איבער אונדזערע קעפּ; איף דעם ברעט האָבן מיר אַרויפגעשטעלט אַ גרויסע בלעכענע שיסל, און דער רעגן, אַנשטאָט צו פאַלן איף אונדז, איז געפאַלן אין דער שיסל אַריין און מיר זענען, מידע אין איסגעמאַטערטע נאָך אַ טאָג אַרבעט, איינגעשלאָפן מיט דעם זיסן שלאָף פון די גערעכטע אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון די טראָפּנס וואַסער, וואָס זענען געפאַלן איף דער בלעכענער דנאָ.

אינמיטן דער נאַכט — דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט אינדרויסן צו פליוכען און די שיסל האָט זיך אָנגעפולט מיט רעגן־וואַסער, האָט זי איבערגעוואויגן דאָס ברעט און זי האָט מיט דער גאַנצער קראַפט אונדז אַ פליוכע־אָפּ געגעבן אין די פּנימער אַריין. נישט־טויט־נישט־לעבעדיק זענען מיר איסגעווייקטע ווי די הערינג איפגעשפּרונגען פון אונדזער „מלכותדיקן״ געלעגער, און — מיר האָבן זיך צעלאַכט פון אונדזער „גע־ניאַלן״ איינפאַל אַרויפצושטעלן די פאַררעטערישע שיסל, אַז זי זאָל אונדז באַשיצן פון רעגן...

---

לאַנג האָב איך ביי שלמה שיינבערגן אין דער זעצעריי נישט געאַרבעט, ווייל אַרבעטן און הונגערן איז נישט קיין שידוך... שלמה שיינבערג פלעגט יעדע עטלעכע וואָכן פאַרן קיין וואַרשע צו די פאַרלאַגן, איבערהויפּט צום בזשאָזע־פאַרלאַג, פון וועלכן ער איז געווען דער ליטעראַרישער רע־דאַקטאָר. ער האָט אַהינגעפירט די אָפּגעבאַקענע מאַטריצן פון גאָר וויכטיקע ביכער, וואָס האָבן באַשיינט די יידישע ליטעראַטור און ער פלעגט צוריק־ברענגען נייע מאַנוסקריפּטן פון אַנדערע ווערק, און... אויך געלט פאַר דער אָפּגעפירטער אַרבעט.

אָבער דאָך האָבן מיר נישט געקראָגן באַצאָלט און דעריבער נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן שפּייז. שלמה שיינבערג איז, חלילה, נישט געווען קיין געלט־גייציקער, וואָס האָט געוואָלט דאָס געלט צונעמען פאַר זיך. דאָס נישט געבן קיין געלט איז צו אים אין קאָפּ געקומען צוליב זיינע גרויסע מנחם־מענדלשע פלענער, — אויסצובויען אַ ריזיקן פאַרלאַג־צענטער, איז דאַרף ער דאָס געלט פאַר דעם דאָזיקן צוועק, וואָס איז לויט אים געווען וויכטיקער ווי געבן זיינע פּועלים די שכירות, ווייל פאַר קיין הונגער איז

נאָך קיינער אין פולאַוו נישט געשטאָרבן, האָט ער געטראַכט... ער האָט אונדז, די עטלעכע אַרבעטער, געשיקט נעמען געלט אויף צו לעבן צו זיין קוזין פנחס קרימער, וועמענס נאָמען עס האָט פיגורירט אין די אָפּגעדרוקטע ביכער אַלס אייגנטימער פון דער זעצעריי.

פנחס קרימער, אַן אַלטער בחור, האָט אָבער אויך קיין געלט נישט געהאַט, ער האָט אַלץ וואָס ר׳האָט פאַרמאָגט אַריינגעבראָכט אין דער „פאַבריק", ווי שלמה שיינבערג האָט ליב געהאַט אָנצורופן זיין „טויבנ־שלאַק" אויף קראַנצאָווע גאַס.

איז זיין ברודער דוד איינגעפאַלן אַ „געניאַלער" פּלאַן, און דאָס מוזן מיר אַלס אינטערעסאַנטן קוריאָז דערציילן:

מיר פלעגן אַמאָל, צווישן אַלע אונדזערע נאַכטלעגערס, אויך נעכטיקן ביי שלמה שיינבערגס אַ קוזינע, מלכה קייט. ביי איר איז אויך געווען שלמה שיינבערגס אָפּלאַג (ער איז נאָך דאַמאָלס געווען אַ בחור). יענעם פאַרטאָג, ווען דוד שיינבערג און איך מיט מיין ברודער זענען געשלאָפן ביי דער קוזינע מלכה קייט, איז דער „פאַבריקאַנט" שלמה שיינבערג אָנגעקומען מיט דער באַן פון וואַרשע און ער איז אַריינגעפאַלן צו דער קוזינע מיט אַ שווערער וואַליזע, וואָס ער האָט אַרויפגעשטעלט אויף דער שאַנק. ער אַליין איז באַלד אַ מידער אַוועקגעפאַלן שלאָפן.

האָט דוד שיינבערג צוגעשטעלט אַ שטול צו דער שאַנק, געעפנט די „פאַרדעכטיקע" וואַליזע און ס׳איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן: זי איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט געלט, מיליאַרדן פוילישע מאַרקן. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט און מיט דער פולער גאַרשטש אַרויסגענומען אַ קופּע געלט וויפיל ס׳האָט זיך געלאָזט, און מיר האָבן יענעם טאָג געגעסן צו דער זעט...

שלמה שיינבערג, דער ליטעראַרישער מנחם־מענדל, האָט יאָרן־לאַנג נישט געוואוסט וועגן דער דאָזיקער „טראַנזאַקציע". דאָס באַווייזט נאָר, אַז ער האָט געהאַט אַן אַנונג וועגן געלט און וועגן געלט־חשבונות, ווי מיר האָבן געהאַט אַן אַנונג וואָס ס׳טוט זיך הינטער די הרי־חושך.

ווען מיר האָבן אים מיט אַ סך יאָרן שפּעטער דערציילט וועגן דעם, האָט ער האַרציק געלאַכט, און ער האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען צו באַנוצן זיך מיט רוסישע אויסדריקן, אויסגערופן: „מאָלאָדצי!"...

שלמה שיינבערג, אַ פּאָעטישע נאַטור, האָט ליב געהאַט מיט זיינע זעצערס צו חלומען: „ווען ,אונזער' פאַבריק וועט זיך צעוואַקסן, וועט ער יעדן איינעם פון אונדז שיקן אויף עטלעכע וואָכן אָפּרו אין דער פוילישער שווייץ, קיין זאַקאָפּאַנע"... ער האָט אַזוי שיין גערעדט און מיר האָבן זיך אַזוי איבערגענומען מיט זיינע רייד, אין וועלכע ער אַליין האָט אויך גע־

גליבט, אַז אונדזערע פּנימער האָבן געשיינט אין גליקלעכן פון נחת און פרייד.

אָבער ביז ער האָט אונדז געשיקט קיין זאַקאָפּאַנע, האָט מען געדאַרפט האָבן כאָטש אַ טרוקן שטיקל ברויט, און ביי אונדז אַלעמען איז געווען, ווי מ׳האָט געזאָגט אין שטעטל: „18 גילדן אַ פונט חמץ!״...

האָב איך איינמאָל אויף דער ליובלינער גאַס אין פולאַוו אָנגעטראָפן אויף מיין קוזין אלעזר עקהייזער (אַ ברודער פון באַרימטן אַקטיאָר מנחם רובין) פון ריקי. ער האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר, און ער האָט מיך געפרעגט: „שלמה, דאַכט זיך, אַז דו האָסט זיך אַמאָל געלערנט ביכהאַל־טעריע? אפשר וואָלסטו ביי מיר אין געשעפט אין ריקי אָנגענומען אַ שטעלע אַלס ביכהאַלטער?״ ער האָט אַ גרויסן סקלאַד פון נאַפט, זאַלץ און צוקער, וואָס ער האָט געברענגט אין גאַנצע וואַגאָנען.

איך בין אַרויף צו שלמה שיינבערגן און אים אָנגעזאָגט די בשורה טובה: „איך ווער אַ ביכהאַלטער!״

מיין קאָנטאַקט מיט פולאַוו האָב איך נישט איבערגעריסן: כ׳בין יעדן פרייטיקצונאַכטס מיט דער באַן געקומען קיין פולאַוו צו שיינבערגן און יעדן מאָנטיק אינדערפרי צוריקגעפאָרן קיין ריקי. במשך דער צייט וואָס איך בין געווען אין ריקי, האָט שלמה שיינבערג חתונה געהאַט מיט ציפּע (ציפּורה) האַלבערשטאַט, די טאָכטער פון רייכן פולעווער ייד, דעם דאָזאָר, ר׳ יחיאל האַלבערשטאַט, און ער איז געוואָרן אַ באַלעבאָס פון אַן אייגענער וואוינונג, וואָס איז געוואָרן אַ בית־ועד לחכמים. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען אויף דער דאָזיקער זייער רייכער און עלעגאַנטער חתונה.

אין איינעם אַזאַ „וויקענד״ האָט זיך צו שלמה שיינבערגן אריינגעשטעלט אַ בחורל פון אַ יאָר 14, וועלכער איז געקומען צו אים לייענען זיינע לידער. וועלנדיק זיך פון אים אָפּטשעפּען, אָדער אפשר גאָר וועלנדיק מיך „מהנה זיין״ מיט מבינות־זאָגעריי — האָט ער דאָס בחורל איבערגעגעבן צו מיר אין די הענט. כ׳האָב איסגעהערט דעם בחורל דעקלאַמירן מיט אַ ניגון זיינע ליבע־לידער (נאָר וואָס־דען וועט שרייבן אַ 14־יעריק בחורל?) און זיי זענען מיר געפעלן געוואָרן. מיט אַ וואָך צי צוויי וואָכן שפּעטער איז ז. סעגאַלאָוויטש געקומען קיין פולאַוו און איינגעשטאַנען אין דער ליטעראַרי־שער אַכסניה—ביי שלמה שיינבערגן, און ער האָט אויך מסכים געווען, אַז די לידער זענען גאָרנישט קיין שלעכטע, און ער האָט גענומען אייניקע פון זיי און ערגעץ־וואו אָפּגעדרוקט. דעם יינגלס גורל איז געווען געחתמעט.

דאָס בחורל, אָרעם געקליידט, אין אַ בלווילעך רעקל, וואָס די מוטער האָט איבערגעניטשעוועט פון אַן עסטרייכישן זעלנערישן מונדיר, איז דער היינטיקער טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער אין עסייאיסט, שיע טענענבוים.

ביי שלמה שיינבערגן אין שטוב האָט זיך אויך אַרומגעדרייט אַ יונגער־

מאַן, אַברהמטשע צימערמאַן, אַ זשורנאַליסט, אַ לערער, אַ פּאָלקסזינגער אין טאַלאַנטפולער איבערזעצער פון רוסישער פּאָעזיע און ער איז געווען אין שיינבערגס זעצעריי אַ קאָרעקטאָר. איינמאָל אין אַ חנוכה־שבת צונאַכטס, ס׳זענען פאַרזאַמלט געווען ביי שיינבערגן אין שטוב, איך איזאַבעלאַ, (אָדער ווי מ׳האָט די גאַס גערופן מיטן עכט־יידישן נאָמען — „דעם רבס געסל״, ווייל אין זעלבן הויז וואָס שיינבערג האָט איך געוואוינט דער פּילאַווער רב, ר׳ מענדל ניי), עטלעכע פריינט, שרייבער און געסט פון וואַרשע. מ׳האָט גערעדט, ווי דער שטייגער, פון ליטעראַטור. מ׳האָט זיך געגרייט צו חנוכה־לאַטקעס. איך בין געווען דער ספּעציאַליסט דערצו, האָב איך צוגענומען צו־הילף צו מיר איניקע פון די געסט און זיי איינגע־שפּאַנט צו דער שוואַרצער אַרבעט: שיילן קאַרטאָפל, צערייבן זיי אויפן ריבאייזן און איך — דער הויפּטמייסטער — האָב אַריינגעטאָן די נויטיקע באַשטאַנד־טיילן און זיי געפּרעגלט.

האָט אברהמטשע צימערמאַן, אַ שאַרפער קאָפּ און אַ פלינקע פּעדער, זיך געוועט, אַז ביז איך וועל פאַרטיק ווערן מיט די לאַטקעס, וועט ער אוועקגיין אין זעצעריי (וואו ער האָט אויך געהאַט זיין אכסניה) און ער וועט איבערזעצן פּושקינס „מיעדני וסאַדניק״ (דער קופּערנער רייטער) אויף יידיש. ער האָט בלויז מיטגענומען מיט זיך אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און דאָרטן האָט ער זיך פאַרבריט אַ האַלב טוץ גלעזער טיי. עס איז געווען ווינטער 1923־1924. איך בין דאַמאָלס געווען אויף מיין געוויינלעכן וויקענד־באַזוך פון ריקי. צימערמאַן איז אַוועק פון שיינבערגס שטוב אַרום 7 אָוונט און פּונקט 10 אַזייגער איז ער געווען צוריק, כדי צו עסן מיינע לאַטקעס. ער האָט מיטגעברענגט מיט זיך די איבערזעצונג פון פּושקינס פּאָעמע און ער האָט זי פאַר אונדז פאָרגעלייענט. דאָס איז געווען אַ גלענצנדיקע אי־בערזעצונג, עס האָט אַפילו נישט געפעלט דער ריטם און דער גראַם. אַלע זענען געבליבן זיצן איבערראַשט און מ׳האָט אים אַפּלאָדירט. צי ער האָט ערגעץ־וואו די דאָזיקע פּאָעמע אָפּגעדרוקט איז מיר נישט באַקאַנט.

אין ריקי בין איך געווען בוכהאַלטער (דאָרט האָב איך מיך ערשט אויסגעלערנט בוכהאַלטעריע, וואָס איז מיר שפּעטער גאַנץ גוט צונוצגע־קומען...) אַרום 8 חדשים צייט. אויף פּסח בין איך געפאָרן צוגאַסט צו מיין יידע־באָבע קיין סטריקאָוו, אַפּטרעטנדיק אין וואַרשע ביי מיין פריינט זון רבין, ביים באַרימטן שריפטשטעלער י. מ. וויסענבערג. ער האָט מיר פאַרגעהאַלטן און מיר מוסר געזאָגט פאַרוואָס איך ווידמע זיך נישט אינ־גאַנצן דער ליטעראַטור, נאָר געוואָרן גאָר אַ „פּראָזאַאישער״ בוכהאַלטער. מיין ענטפער: פּ ר נ ס ה — האָט אים נישט באַפרידיקט.

ווען איך בין נאָך פּסח צוריקגעפאָרן קיין ריקי אויף מיין שטעלע, האָב איך מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער געקראָגן פון וויסענבערגן אַ טע־

לעגראַמע מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „קום גלייך צופאָרן, עס וואַרט אויף דיר ביי מיר אַ שטעלע, אַ מיליאַרד מאַרק אַ חודש!"

מיט אַ צייט צוריק האָב איך מיך געהאַט עפּעס איבערגעווערטלט מיט מיין קוזין־באָס אלעזר עקהייזער, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס מען לייגט מיר פאַר אַזאַ „גלענצנדיקן" פּאָסטן און געוואָרפן אים דעם „גט" צו די פיס. נישט ווילנדיק אים איבערלאָזן אָן אַ בוכהאַלטער, האָב איך אין משך פון צוויי וואָכן אויסגעלערנט זיין שוואָגער שלמה האָכבערג (לעבט היינט אין לאָס אַנדזשעלעס און איז אַ באַקאַנטער קולטור־טוער), וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו פאָרן פון זיין שטאָט שעדליעץ, אים איבערגעלאָזט אַלס בוכהאַלטער אין ריקי, און איך בין אַוועק צו וויסענבערגן קיין וואַרשע.

וויסענבערג האָט מיך אָפּגעוואַרט ביי דער באַן. קודם כל האָט ער ביי מיר „געבאָרגט" די צוויי הונדערט מיליאָן מאַרק וואָס כ'האָב ביי מיר פאַרמאָגט און איך בין פאַרפאָרן צו אים אין הויז אויף עלעקטאָראַלנע 14, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיין צווייטער פרוי און צוויי טעכטערלעך פון ערשטן ווייב, גנענדל און פערל. איך בין געוואָרן דער געהילף־רעדאַקטאָר פון זיין וואָכנבלאַט „מיטן שטראָם", פון וועלכן עס זענען דערשינען אַן ערך 5־6 נומערן.

איך בין געווען מיט וויסענבערגן אַרום זעקס וואָכן צייט. געהונגערט צוזאַמען מיט אים און זיין פאַמיליע און איך האָב געטאָן מיין אַרבעט: דורכגעקוקט מאַנוסקריפּטן, געמאַכט די קאָרעקטור, זיצנדיק גאַנצע טעג אין דרוקעריי און געשלאָפן בין איך אויפן „שטראָם", טאַקע בפועל ממש — אויסגעבעט זיך אַ געלעגער פון פּעק מיט זשורנאַלן און געשלאָפן...

עס זענען פאָרגעקומען צווישן אונדז קאָנפליקטן אויפן געביט פון זיין אָרטאָגראַפיע־משוגעת, וואָס איז באַקאַנט געווען אין די ליטעראַרישע קרייזן אַלס די „זשעליכאָווער אָרטאָגראַפיע" (אויפן נאָמען פון זיין געבורט־שטעטל זשעליכאָוו), און קוים מיט צרות איך בין אַוועק פון מיין „מיליאַרדן"־שטעלע אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע, קוים געהאַט אויף אויסצוקויפן אַ בילעט קיין פולאַוו און צוריק אַנגעקומען צו שלמה שיינבערגן אין זיין „לייפּציגער" זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס.

די „פאַבריק" איז געגאַנגען אין פולן ברען. עס האָבן דעמאָלט געאַרבעט אויף איינמאָל די אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אויסגערעכנטע זעצערס, אַ מאַן צוועלף אָדער דרייצן. עס איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אַ יאַריד פון פאַרשידענע שרייבערס: עס איז געקומען אַזש פון אַמעריקע דער באַרימטער שריפטשטעלער ברוך גלאַזמאַן, וועמענס אַ בוך איז געזעצט געוואָרן ביי אונדז; ז. סעגאַלאָוויטש, וועמענס ביכער מ'האָט געזעצט: „אונדזער פרוי" און באַלד דערנאָך זיין בוך „אייביק איינזאַם"; מ'האָט דע־

מאָלט געזעצט לייב ניידוסעס לידער, אַן איבערזעצונג פֿון מאַקס בראָד׳ס „טיקאָ בראַהעס וועג צו גאָט״, איבערגעזעצט דורך יעקב זיפּער, און פיל, פיל אַנדערע באַרימטע ווערק. עס זענען געקומען מיט רעפעראַטן ישראל שטערן, יעקב זרובבל, מלך ראַוויטש אין אַנדערע גדולים פון וואַרשע, און אין די שבתים האָבן יונגוואַרג געשטראָמט אין דעם איינציקן קינאָ־זאַל, וואו די רעפעראַטן זענען געהאַלטן געוואָרן. אָפּגעלעגן זענען די דאָזיקע געסט גאַנצע טעג ביי שלמה שיינבערגן אין שטוב און עס זענען געפירט געוואָרן ליטעראַרישע דיסקוסיעס. מלך ראַוויטש האָט מערסטנס גערעדט וועגן זיין נאָענטסטן חבר, דעם ברויזנדיקן פרץ מאַרקיש, וועלכער איז דאַמאָלס אין יידישע שטעטלעך פון פוילן געווען זייער פּאָפּולער; מען האָט זיך געחקרנט און געפילפולט וועגן זיין באַרימט־געוואָרענער „קופּע״, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען.

פולאַוו־לייפּציג האָט געקאָכט און געזידט מיט יידישער ליטעראַטור.

אין יענער צייט איז אין פולאַוו פאָרגעקומען אַ קאָמישע געשיכטע, אָבער אָט די קאָמישע געשיכטע האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט צענדליקער אין צענדליקער גוטע יידישע איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, מערסטנס פון אונטער דער פעדער פון שלמה שיינבערג.

די קאָמישע געשיכטע גייט אַזוי: שלמה שיינבערג איז געווען אַ גרויסער פוילאַק (ביי אַלע זיינע מנחם־מענדלשע שטיק). מיר, זיין וווּיבל ציפּע (ציפּורה), מרדכי ניידין און איך, האָבן אים געשטראָפט און געזאָגט מוסר פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער פוילקייט. מיר האָבן צו אים געטענהט: תא חזי, קום און זע — ניידין און איך זעצן־איבער אַזעלכע קאַפּיטאַלע ווערק, און דו, אַ ייד מיט אַזוי פיל טאַלאַנט און פעאיקייטן, אַ מייסטער פון דער יידישער שפּראַך, טוסט גאָרנישט, פאַרטאַכלעוועסט דיינע יאָרן מיט פוסט און פּאַסעווען אויפן ליטעראַרישן געביט! איך — די „פויערן״, ניידין — עטלעכע בענד מאַקסים גאָרקי אין טשעכאָוו!...

אונדזערע רייד זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן. ער האָט אַ פאַר־חלומטער (ווען ער איז געווען פריי פון „פאַבריק״) אַרומגעשמייעט אין דעם פרעכטיקן טשאַרטאָריסקי־פּאַרק, אָדער מ׳האָט אים געפונען אין אַ ווינקל פון שפּיטאַלנע גאַס שטיין און איינטענהן מיט דער פולאַווער מלומדת און אינטעליגענטער פרוי חיהלע ציקער. גערעדט, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי וועגן דער רוסישער ליטעראַטור, וועגן פושקין, לערמאָנטאָוו, נאַדסאָן, ניעקראַסאָוו, וועמענס צענדליקער לידער ביידע האָבן געקאָנט דעקלאַמירן פון אויסנווייניק (חיהלע ציקערס טאָכטער טשאַרנע (צעשע) לאַם־בורשטיין געפינט זיך אין ניו־יאָרק און איז טאַקע די סעקרעטאַרין פון אונדזער פּור־לאַווער יזכור־בוך). מ׳האָט שוין געוואוסט, אַז ווען מ׳האָט נייטיק געדאַרפט

האָבן שיינבערגן אין זעצעריי, איז מען אים געגאַנגען זוכן אויף שפּיטאַלנע גאַס, וואו חוהלע צוקער האָט געהאַט אַ צעלניק־געשעפט.

איז אויף מיין איניציאַטיוו איינגעאָרדנט געוואָרן אין שיינבערגס שטוב אַ משפט איבער שלמה שיינבערגן (עס איז דאַמאָלס געווען אַ מאָדע פון משפטים...). איך בין געווען דער פּראָקוראָר, וועלכער האָט אים שטרענג באַשולדיקט. מרדכי ניידין און שלמהס ווייב, ציפּע האַלבערשטאַט, זענען געווען די ריכטער, און משה קליינבוים (דער היינטיקער ד״ר משה סנה), דעמאָלס אַ שילער פון 8־טן קלאַס אין פולאַווער גימנאַזיע, איז געווען זיין אַדוואָקאַט.

קורץ, נאָך אַ לענגערער שקלא וטריא איז שלמה שיינבערג פאַרמשפּט געוואָרן, מ׳זאָל אים אָפּשליסן אין אַן אָפּגעזונדערט צימער, געבן אים פּאַפּיר, טינט און פעדער און דעם ערשטן באַנד פון טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום״.

צוליב דעם צוועק האָט זיין פרוי ציפּע געדונגען אַ צימער אויף די „מאָקראַטקעס״, אַ קריסטלעך פאַרשטעטל הינטער פולאַוו, איינגעטונקען אין גרינס און אין בלומען (עס איז געווען דאַמאָלס זומער, 1925). מ׳האָט אָפּגעפירט אונטער אַן עסקאָרטע שלמה שיינבערגן אין דעם דאָזיקן צימער אַריין, וואָס איז אגב געווען זייער באַקוועם איינגעאָרדנט, ווייס אויסגע־מאָלט, און מ׳האָט אים גאַנץ פּשוט אָפּגעשלאָסן. דאָס ווייב האָט אים עטלע־כע מאָל אין טאָג געברענגט עסן, און ער האָט — צו אַלעמענס שטוינונג — אין משך פון אַ גאָר קורצער צייט איבערגעזעצט דעם ערשטן באַנד „מלחמה און שלום״. ווען ער איז אַרויס פון זיין פוילקייט־כישוף, האָב איך מיך צו אים אַריינגעצויגן. איך האָב געאַרבעט איבערן צווייטן טייל פון „פויערן״ — „ווינטער״; און ער איבערן צווייטן טייל „מלחמה און שלום״.

שיינבערג, ווי שטוינענדיק דאָס זאָל נישט זיין, איז אויסגעהיילט גע־וואָרן פון זיין קראַנקהייט און איז אַזוי איבערגעאַנדערשט געוואָרן, נישט צום דערקענען. ער איז געוואָרן אַרבעטסזאַם און ער האָט ממש אָנגעהויבן פאַרפלייצן די יידישע ליטעראַטור מיט אויסגעצייכנטע איבערזעצונגען, מערסטנטיילס פון רוסיש. עס זענען נאָך „מלחמה און שלום״ געקומען „אַנאַ קאַרענינאַ״ — שאָלאָכאָווס „שטילער דאָן״, באַריס פּילניאַקס „די וואָלגע פאַלט אַריין אין קאַספּישן ים״, גלאַדקאָווס „צעמענט״, אַנדרעי מאַלראָ און פיל־פיל אַנדערע קאַפּיטאַלע ווערק.

זיין פאַרלאַג „יידישע אוניווערסאַל ביבליאָטעק״ האָט געבליט און איז זיך צעגאַנגען איבער דער גאַרער יידישער וועלט. שפּעטער האָט ער גע־שאַפן זיין צווייטן מער ערנסטן פאַרלאַג מיטן נאָמען: „כוחות״. עס זענען אין אים דערשינען לייב ראַשקינס „די יידן פון גאָדלבאָזשיץ״. דאָס האָט שיינבערג אים אַנטדעקט. ראַשקינס נאָמען איז געווען פרידמאַן און גע־שטאַמט פון קוזמיר. שלמה שיינבערג האָט אויך אַנטדעקט דעם שפּעטער

באַרימטן און קרעפטיקן שריפטשטעלער מיכאל בורשטין, וועמענס ערשטע ווערק „איבער די חורבות פון פלוינע" שיינבערג האָט רעדאַגירט און אַרויס־געגעבן. ער האָט אַרויסגעגעבן די משלים פון פישל ראַוויצקי, מ. ל. פעטשעניקס איבערזעצונג פון גריכישן אָריגינאַל די „אָדיסיי". ער האָט אַרויסגעגעבן י. ראַפּאַפּאָרט, אהרן צייטלין, און פיל אַנדערע. ער האָט באַ־קומען אין 1937 דעם פּען־קלוב פּריז פאַר זיין פאַרלאַגס־טעטיקייט און אויך אהרן צייטלין און, דאַכט זיך, לייב ראַשקין האָבן באַקומען דעם פּען־קלוב־פּריז.

גאָר שוין שפּעט ווי אין אָנהויב 1939, האָרט פאַרן שוידערלעכן אומ־קום און ווען איך האָב שוין געלעבט דאַמאָלס אין פּאַריז, האָב איך דער־האַלטן פון שיינבערגן אַ בריוו, אַז ער קלויבט זיך אַרויסצוגעבן מיינע צוויי היסטאָרישע ראָמאַנען (וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און וועגן כמעל־ניצקיס צייטן).

אַ פּאָר ווערטער צום סוף פון קאַפּיטל: שלמה שיינבערג איז געשטאָרבן (ווי ס'האָט מיר דאָ אין אַמעריקע אין 1943 איבערגעגעבן איציק פּעפּער) פון הונגער אין אַ קליין רוסיש שטעטל לעבן קויבישעוו (סאַמאַראַ) ביי דער וואָלגע. דוד שיינבערג איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מיט עטלעכע יאָר צוריק אין פּאַריז. מיין ברודער משה לעבט אין ישראל. אברהמטשע צימער־מאַן — אימגעקומען (איראָניע פון גורל: שלמה שיינבערג, וועלכער האָט אַזוי ליב געהאַט די רוסישע ליטעראַטור, איז געשטאָרבן אויף דער רוסי־שער ערד!...).

## כ'צעברעך מיינע ברילן, כדי נישט צו ווערן קיין סטרייקברעכער

דאָס אַרבעטן אין שיינבערגס „פאַבריק" אויף קראַנצאָווע גאַס איז מיר זייער שווער געפאַלן. קיין גרויסער צעלייגער און זעצערייַ בין איך נישט געווען, כ'האָב פאַרדינט 10 זלאָטעס אַ וואָך, וואָס איז געווען נישט צו לעבן און נישט אויף אויסצוציען די קאָפּיטעס. אַפילו די דאָזיקע 10 זלאָטעס האָב איך נישט געקריגן רעגולער, ווייל... דער „קאַפּיטאַליסט" שלמה שיינבערג האָט נעבעך נישט געהאַט ווער עס זאָל אים צאָלן...

דערצו איז נאָך אַראָפּגעקומען פון וואַרשע דער סעקרעטאַר פון דרוי־קער פאַריין, חבר בונם וואַרשאַווסקי, און ער האָט אָרגאַניזירט שיינבערגס אַרבעטער, וועלכע האָבן גאָר אינגיכן פאַרסטרייקט, פאָדערנדיק אַ הוספה. שלמה שיינבערג, ביי וועמען איך האָב געוואוינט און געשלאָפן מיט אים אין איין בעט, האָט פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל אַרבעטן, ווייל מ'האָט געדאַרפט פאַרענדיקן עפּעס אַ וויכטיק בוך אין צייט. דאָס הייסט, ער האָט געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל ווערן אַ סטרייקברעכער. ער האָט עס אָבער

אויסגעטייטשט גאָר אַנדערש: „ס׳הייסט, דו שלמה ראָזענבערג, וואָס שלאָפסט מיט מיר אין איין בעט און עסט מיט מיר פון איין שיסל, וועסט מיט דיין איינציקן און בעסטן חבר סטרייקן און העלפן רואינירן די „פאַב־ריק״?! ער האָט עס נישט געקאָנט באַגרייפן.

איז זיין טענה אויך געווען אַ גערעכטע: ווי קאָן איך טאַקע דאָס טאָן צו מיין בעסטן און טייערסטן חבר? און איך בין געווען אין אַן אמתן „ויתרוצצו״: פֿון איין זייט — מיינע חברים, דער אָרגאַניזירטער פולאַווער פּראָלעטאַריאַט; פון דער צווייטער זייט — שלמה שיינבערג! איך האָב געפילט, אַז ס׳האַרץ וועט מיר פּלאַצן פון ווייטיק.

(איצט ווער איך געוואָר פֿון קאָלעגע שיע טענענבוים, אַז ס׳איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „באַיאַווקע״, אין וועלכער אויך ער איז געווען אַ מיטגליד, וואָס האָט מיך געדאַרפט אָפּוואַרטן אין אַ ווינקל אויף קראַנצאָווע גאַס, לעבן דער זעצעריי, און ווען כ׳וועל האַלטן ביים אַריינגיין אין דעם „טויבנשלאַק״, המכונה שלמה שיינבערגס זעצעריי, זאָל מען מיך מקיים־פסק זיין! ביז איצט האָב איך וועגן דער דאָזיקער פאַרשווערונג נישט געוואוסט).

אָבער אין דעם ערשטן נאָכמיטאָג זינט דעם אויסברוך פון סטרייק, בין איך, אונטער די דראָאונגען פון שלמה שיינבערגן אַז ער וועט מיך אַרויסוואַרפן פון זיין שטוב אין אונטער זיינע געבעטן און חברשאַפט־אַפּעלן, יאָ אַרויפגעגאַנגען איבער די סקריפּענדיקע שטיגן פון דער זעצעריי און איך האָב געציילט יעדע שטיג און אין האַרץ געבעטן ביי גאָט, אַז ס׳זאָל פאָרקומען אַן ערד־ציטערניש און דער טויבנשלאַק זאָל איינפאַלן, און איך זאָל געראַטעוועט ווערן פון דער עבירה סטרייקברעכעריי...

ס׳איז אָבער — ווי געוויינלעך — קיין ערד־ציטערניש נישט פאָרגע־קומען, און איך האָב אויסגעטאָן די מאַרינאַרקע. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן מיין „באַלעבאָס״ שלמה שיינבערג און מ׳האָט אָנגעהויבן שטעקן די פלינקע פינגער אין די קאַסעס מיט שריפט, צונויפצוקלויבן די ווערטער פאַר דער ערשטער שורה. איך האָב אינגאַנצן געציטערט פאַר איפרעגונג און כ׳האָב געמיינט, אַז איך פּלאַץ פון גרויס עגמת־נפש.

מיטאַמאָל איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן (אייגנטלעך, איז מיר באַלד גאָר פינצטער געוואָרן...) פון אַ געדאַנק, וואָס האָט מיר אַ בליץ־אויף געטאָן אין מוח: איך האָב כלומרשט מיט אַ „שלימזלדיקער״ באַוועגונג פון דער האַנט אַ וואָרף אַראָפּ געגעבן פון מיין נאָז די צוויקערס (ברילן אָן האָלדבליעס), וואָס זענען מיט אַ געבראַזיג צעפּיצלט געוואָרן אויף דער פּאָדלאָגע. איך בין געבליבן שטיין ממש אַ בלינדער און כ׳האָב נישט געקאָנט מער אויפקלויבן דאָס ערשטע אות.

שלמה שיינבערג האָט דאָס צוגעזען און ער איז בלאַס געוואָרן. כ׳ווייס נישט, צי ער האָט זיך געכאַפּט, אַז איך האָב דאָס געטאָן במזיד — מיר האָבן וועגן דעם קיינמאָל נישט גערעדט, אַפּילו ווען כ׳בין שוין לאַנג נישט געווען קיין זעצער ביי אים.

ער האָט אָבער אַזוי גיך נישט אויפגעגעבן זיין עקשנות. ער איז מיט מיר אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס אַריין צו קויפן אַ פּאָר אַנדערע ברילן. איך געדענק שוין נישט ביי וועמען מ׳האָט דאָס געקאָנט קריגן. דער עיקר — מ׳האָט מיר נישט „געקאָנט" בשום אופן צופּאַסן קיין גלעזלעך. איך בין געבליבן אַ בלינדער ביז... דער סטרייק האָט זיך געענדיקט, און איך האָב ענדלעך מיר צוגעפּאַסט די נויטיקע ברילן, אָבער נאָכן סטרייק האָט זיך אַיך געענדיקט מיין קאַריערע אַלס זעצער.

## איך ווער אויס זעצער, איך ווער אַן איבערזעצער

איך בין, פאַרשטייט זיך, געבליבן וואוינען ביי מיין חבר שלמה שיינ־בערג אין שטוב, אָבער איך האָב, זינט דער געשיכטע מיטן סטרייק, גע־וואָרפן אַן אומחן אויף דער דאָזיקער מלאכה און איך האָב שטאַרק אָנגע־הויבן רעדן מיט מיינע חברים, פולאַווער שרייבער, אַז איך האָב גרויס חשק איבערצוזעצן דאָס גרויסע ווערק „כלאָפּי" (פּויערן) פון סט. וול. ריימאָנט. די דאָזיקע עפּאָפּיי האָט מיך געלאָקט זינט יאָרן און יאָרן, ווען כ׳האָב נאָך אַפּילו נישט געאָנט צו ווערן אַ יידישער שרייבער.

ווען איך האָב אָבער אָנגעהייבן לייענען דאָס ווערק נאָכאַמאָל און איבעראַמאָל, האָב איך איינגעזען די געוואַלטיקע שוועריקייטן מיט די צוויי לשונות — פּויליש און יידיש: ווי אַזוי גיסט מען איבער אין דער איידעלער יידישער כלי דאָס רייכע פּוילישע ספּעציפיש־פּויערישע לשון פון ריי־מאָנטן ? . . .

צו דער אַמביציע דווקא איבערצוזעצן דאָס דאָזיקע שווערע ווערק האָט מיך אַ שטויס געטאָן אַן אינטערעסאַנטער צופאַל: איך בין צופעליק געווען מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אין וואַרשע, און ווי געוויינלעך, האָב איך אָפּגע־שטאַט אַ וויזיט ביי מיין רבין און גוטן פריינט י. מ. וויסענבערג. ביי אים אין שטוב אויף עלעקטאָראַלנע גאַס נומער 14 האָט זיך גראָד געפונען דער באַ־קאַנטער איבערזעצער פון שבעים לשונות אויף יידיש, מאַרק ראַקאָווסקי (לעבט היינט אין וואַרשע און מיר שטייען אין שריפטלעכן, חברשן קאָנטאַקט). מיר האָבן גערעדט וועגן פאַרשידענע וויכטיקע ביכער פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס מען וואָלט געדאַרפט אַריינפירן אין דער יידישער ליטע־ראַטור. איך האָב מיך אָנגערופן, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר גדול איבערצו־זעצן „כלאָפּי" ריימאָנטס. וויסענבערג האָט מיט מיר איינגעשטימט, אַז דאָס

דאָזיקע ווערק (4 בענד) וואָלט געוועזן אַ גרויס געווינס פאַר יידיש. ראַ־קאָווסקי האָט אויך געהאַלטן, אַז ס'איז אַ גראַנדיעז ווערק, „אָבער"... — האָט ער ציגעגעבן — „ס'איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן ד ע ר, וואָס זאָל דאָס דאָזיקע ווערק קאָנען איבערזעצן אויף יידיש!"

די אַמביציע האָט אין מיר אַ ברויז געטאָן און איך האָב אויסגערופן: „איך וועל עס איבערזעצן!"...

ראַקאָווסקי האָט איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

ווען איך בין אַהיימגעקומען קיין פולאַוו, האָב איך דערקלערט שיינ־בערגן: „איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פרייז איבערצוזעצן „כלאָפי", דווקא ווייל ראַקאָווסקי האָט געזאָגט, אַז דער איבערזעצער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן"...

איך האָב געוואוסט, אַז איך נעם זיך אונטער אַ שווערע „הלכה": איבערצוזעצן אַ ווערק פון 4 בענד, אַרום 2000 זייטן, און דערצו אַזאַ שווער ווערק פון פוילישן פויערן־לעבן, מיט זיין ספּעציפיש פויערישער שפראַך! איך האָב אָבער אַ סך געשטעלט דערויף וואָס איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אָפּגעלעבט אויפן דאָרף ביז דעם עלטער פון 23 יאָר און איך האָב געהאַט אַ גענוגנדיקן סכום יידישע אויסדרוקן, וואָס נאָר יידישע ישוב־ניקעס האָבן זיי באַנוצט. איך האָב די אויסדריקן געהערט פון מיין מאַמען און טאַטן, פון מיין באָבען און זיידן און פון אַנדערע דאָרפס־יידן, אויסדריקן וואָס שטאָטישע יידן האָבן נישט געוואוסט פון זיי און מהאי טעמא נישט באַנוצט, און וועגן וועלכע עס האָט אויך נישט געוואוסט אַזאַ טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער ווי י. י. זינגער, וואָרים ער האָט נאָכן דערשיינען פון די ערשטע 2 בענד אין פאַרלאַג „אָריענט" געמאַכט אַ מיאוסן אָנפאַל אויף מיין איבערזעצונג אין די „ליטעראַרישע בלעטער". ער האָט געטענהט, אַז איך האָב די דאָזיקע ספּעציפיש יידישע דאָרפס־אויסדריקן אויסגעטראַכט. דע־רויף האָט אים מיין חבר שלמה שיינבערג געגעבן אַ פאַרדינטן פסק אין אַן איינמאַליקער אויסגאַבע א. נ. „יום טובדיקע ליטעראַרישע בלעטער", נעמענדיק מיך אין שוץ מיט זיין פייערדיקן אַרטיקל א. נ. „באַגרעניצטקייט", וואָס נחמן מייזיל האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן אין די „ליטעראַרישע בלעטער".

---

אויף אַ קורצער צייט איז מיין גאַנצע אונטערנעמונג כמעט ווי צונישט געוואָרן, און אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך פאַרצויגן איבער מיין קאָפּ. דהיינו: אין איינעם פון די נומערן „ליטעראַרישע בלעטער" האָט זיך צווישן די פיל ליטעראַרישע נאָטיצן באַוויזן אַ קליינע נאָטיץ מיט פאָלגנדיקן אינ־האַלט, וואָס האָט געמאַכט אַ שטריך צו מיין אַמביציעזער אונטערנעמונג:

„יונה שפער, דער באַוואוסטער איבערזעצער פון פויליש אויף יידיש, האָט אָנגעהויבן איבערזעצן דאָס באַרימטע פוילישע ווערק „כלאָפּי" (פּויערן) פֿון ריימאָנט." ער וואָרנט, אַז קיינער זאָל זיך צו דער אַרבעט נישט נעמען!

ס'איז מיר געוואָרן ביטער אין מויל — די גאַנצע געביידע וואָס כ'האָב שוין געהאַט אויפגעבויט אין דער פאַנטאַזיע, איז זיך צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־הייזל...

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי מיר האָבן איבערגעלייענט די נאָטיץ, איז שלמה שיינבערג גראָד געפאָרן קיין וואַרשע מיט אַ פּאַק מאַטריצן. האָב איך אים געבעטן אַריפצוגיין אין ליטעראַטן־פאַריין, זען יונה שפּער און אים איבער־פרעגן, צי נעמט ער זיך טאַקע אונטער איבערצוזעצן „כלאָפּי", ווייל געבן אַ מעלדונג וועגן דעם אין די „ליטעראַרישע בלעטער" מיינט נאָך גאָרנישט.

כך־הווא. איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף שיינבערגס צוריקקער פֿון וואַרשע. און ווען ער איז געקומען, האָט ער מיר אָנגעזאָגט די גוּטע בשורה מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „ווייסיך וואָס?!... ער האָט מיר געזאָגט דאָס זעלבע וואָס דיין מאַרק ראַקאָווסקי האָט געזאָגט: ,ס'איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער איבערזעצער וואָס זאָל דאָס דאָזיקע שווערע ווערק קאָנען איבערזעצן אויף יידיש"!

„אוּממעגלעך!" — האָט יונה שפּער צוגעגעבן.

צו מיין פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ.

איך האָב מיך גענומען גרייטן צוּ מיין גרוֹיסער אונטערנעמונג. דערביי איז געשען אַ קאָמישע זאַך: איך בין געווען זייער אָרעם, כ'האָב בוכשטעב־לעך נישט געהאַט קיין געלט אויף איינצוקויפן פּאַפּיר אין קויפן דעם 1־טן באַנד „כלאָפּי", כדי צוּ קאָנען זיך נעמען צוּ דער אַרבעט... שלמה שיינ־בערג איז געווען אַ גרויסער וויצלער און געהאַט קאָמישע איינפאַלן. האָט ער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין אַ וואָך אַרום איז מיין געבוּרטסטאָג און מען דאַרף מיר מאַכן אַ שטיקל באַנקעט און קויפן, פאַרשטייט זיך, מתנות. דערביי האָט ער יעדן איינגערוימט אין אויער, אַז „די בעסטע זאַך וועט זיין צוּ קוֹיפן מיר אַ פּעקל שרייב־פּאַפּיר, טינט, וכדומה"...

קורץ, עס האָבן זיך אַ שאָט געגעבן מתנות פּאַפּיר, אַז איך וואָלט שוין געהאַט גענוג אויף איבערצוזעצן די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור. אַ באַנד „כלאָפּי" האָב איך געקריגן פון אַן אומגעריכטער זייט: צו שיינבערגן פלעגט פון צייט צו צייט אַריינפאַלן ווי אַ ווינט עפּעס אַ קוזמירער דינאַמיש בחוּרל פֿון אַ יאָר 17, מיט געקרייזלטע טונקל־בלאָנדע האָר און וועלכער האָט געשריבן לידער. אין שפּאַס האָט מען אים גערופן: „דער דינאַמישער דיכ־טער". דאָס דאָזיקע בחורל האָט מיר געברענגט אַ מתנה דעם 1־טן באַנד

„כלאָפּי״. דאָס דאָזיקע בחיבור איז דער היינט גוט־באַקאַנטער שריפטשטע־לער און זשורנאַליסט, ש. ל. שניידערמאַן.

איך האָב מיך גענומען צו דער אַרבעט, בדחילו ורחימו אָװעקגעשטעלט די ערשטע צװיי זאַצן:

„זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס!״

„אויף דורי־דורות, מיין אַגאַטע, און װאָזהין װאַנדערט איר דאָס, האַ?״

און אַזוי בין איך געגאַנגען פאָראויס אין פאָראויס, מיט געװיסע שטרויכלונגען און אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען אינדערמיט, ביז איך האָב מיט צװיי יאָר שפּעטער, אין זומער, 1926, אין אַ דאָרף אין װייסרוסלאַנד, אָװעקגעשטעלט די לעצטע שורה פון 2000 זייטיקן װערק:

„זייט געזונט, האַרציקע מענטשן!״

דעם ערשטן זאַץ האָב איך אָנגעהויבן ביי שלמה שיינבערגן אין שטוב אויף איזאַבעלאַ גאַס, אין פּולאַװ. דעם לעצטן זאַץ האָב איך אָװעק־געשטעלט אין דעם װייסרוסישן דאָרף װאָולקאַ פּאָפּינסקאַ, לעבן דראָהיטשין פּאָלעסקי, װאו שיינבערגס שװער, ר׳ יחיאל האַלבערשטאַט, האָט געהאַט אַ ריזיקן װאַלד מיט אַ טאַרטאַק, און איך בין יענעם זומער פון 1926 געװען ביי זיינע קינדער אַ לערער. עס דערמאָנט זיך אַ קלייניקייט: דעם לעצטן זאַץ האָט יעדער איינער פון די פאַמיליע אָנגעשריבן אָן אות, װי להבדיל עס האָבן געטאָן יידן װען זיי האָבן פאַרענדיקט דאָס שרייבן אַ ספר־תורה. יאָ, איך האָב געהאַט אָפּגעטאָן אַ ריזיקע אַרבעט!

---

דער אָנהויב פון מיין אַרבעט איז אָבער נישט געגאַנגען װי ס׳געהער צו זיין, װייל אַ גאַנצן טאָג האָב איך געדאַרפט זיצן ביכער אויף קראַנצאָװע גאַס און בייגאַכט בין איך געװען מיד און אויסגעמאַטערט.

האָט מיך גוטער און איבערגעגעבענער חבר שלמה שיינבערג איינמאָל, װען ער איז צוריקגעקומען פון װאַרשע, געמאַכט מיר אַ גװאַלטיקן סיור־פּריז, זאָגנדיק אין שפּאַס:

— שלמה, דו װעסט אויס זעצער, װעסט ביי מיר דערהויבן צו אַן אִי ב ע ר ־זעצער!...

און ער האָט מיר דערציילט, װאָס ער האָט פאַר מיר אין װאַרשע אויפ־געטאָן: ער האָט אָפּגעמאַכט מיט דעם באַקאַנטן פאַרלעגער ש. גאָלדפאַרב, אַז ער גיט אַרויס די איבערזעצונג פון „פויערן״, דערפאַר װעט ער מיר צאָלן אַ קאָנטאָ 15 זלאָטעס אַ װאָך און איך דאַרף אים יעדע װאָך צושטעלן אַ בויגן (16 זייטן) איבערזעצונג (שפּעטער, צוליב אַ קאָנפליקט צװישן מיר און דעם פאַרלעגער גאָלדפאַרב, בין איך איבערגעגאַנגען אין אַ צװייטן,

אַ ניי־געגרינדעטן פאַרלאַג, „אָריענט‟, וועמענס גרינדער עס איז געווען אלקנה זילבערמאַן — לעבט היינט אין ברוקלין).

אַזוי אַרום האָב איך פאַרלאָזט שיינבערגס זעצערײַ און כ׳בין געוואָרן אַ פרייער מענטש. ווי איך דערמאָן מיך, איז דאָס געווען אין מיין לעבן כמעט דער פריילעכסטער טאָג. איך האָב מיר אָנגעטאָן אַ פּאָר שטיוול מיט לאַנגע כאָליעוועס, אַ קוטשמע איפן קאָפּ, און אַ ווינטערדיקן פּאַלטאָ. און אָט אַזוי האָב איך, אַ פרייער מענטש, אַרומגעשפּרייזט שעהנווייז איבער די פולאַווער גאַסן, געטראָטן אין די טיפע שנייען און געשעפּט פרישע קאַלטע לופט אין טשאַרטאָריסקיס פּאַרק. דאָס איז געווען סוף פון יאָר 1923 און אָנהויב 1924. אַן ערך 6־7 שעה אין טאָג האָב איך ביי שיינבערגן אין שטוב געאַרבעט איבער מיין איבערזעצונג.

סיי שלמה שיינבערג און סיי מרדכי ניידין האָבן שטאַרק געלויבט מיין אַרבעט און איך בין געווען איפן זיבעטן הימל. עס איז מיר געווען גוט אויף דער וועלט. אין די „ליטעראַרישע בלעטער‟ איז געגעבן געוואָרן אַ נאָטיץ וועגן מיין אָנגעהויבענער אַרבעט.

אין זומער 1925 האָב איך שוין געאַרבעט אין אַ געדונגען שטיבל איף די מאָקראַטקעס, צוזאַמען מיט שלמה שיינבערגן, וועלכער האָט איבערגע־זעצט „מלחמה און שלום‟. דאָס איז געווען די „תפיסה‟, אין וועלכער מ׳האָט געהאַט איינגעזעצט שיינבערגן פאַר זיין פּוילקייט.

און דאָ איז כדאי צו דערציילן גאָר אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין איבערזעצונג פון „כלאַפּי‟, און אַדאַנק דעם דאָזיקן עפּיזאָד איז די שטאָט פולאַוו געקומען אין די „בלעטער‟ איבער גאַנץ פּוילן, סיי אין די יידישע און סיי אין די פּוילישע.

---

## וולאַדיסלאַוו סט. ריימאָנט — אַ יידישער שרייבער...

אין פולאַוו, ווי אין אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פּוילן, האָט גע־הערשט דער קאָמוניסטישער „אונטערגאַנג‟... עס האָט געראַיעט מיט יונגע קאָמוניסטלעך, וועלכע האָבן יעדן טאָג געלאָזט פון זיך הערן מיט זייערע פאַרשידענע שמד־שטיקלעך, געשפּילט אין קאַץ־און־מויז מיט דער פּוילישער פּאָליציי. אין איין שיינעם ווינטער טאָג האָבן זיי אָפּגעטאָן גאָר אַ געוואַגט שטיקל אַרבעט — זיי האָבן אויפגעהאָנגען אַ רויט פענדל אויף די טעלעגראַפן־סלופּעס קעגנאיבער די קאָשאַרן, איפן וועג צום וואָקזאַל.

דאָס איז פאַר דער פּוילישער מלוכה געווען שוין צופיל... וואָרים די פּוילישע זעלנער וועלן נאָך, רחמנא ליצלן, דערשמעקן רעוואָלוציע, און

ס׳וועט זיין ביטער. אַזאַ קראַמאַלע האָט געדאַרפט וואָס שנעלער אַנטדעקט ווערן און די שולדיקע באַשטראָפן בכל חומר הדין.

הנה, אַזוי ווי אין פולאַוו, אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט, איז געהאַט אָנגעקומען אַ נייער פּאָליציי־קאָמיסאַר און ער האָט זיך געוואָלט שטאַרק אויסצייכענען, האָט ער זיך פאַרלייגט מיט אַלע כּוחות, אַז ער מוז פאַנגען דעם רעבעל, דעם פּענדל־הענגער.

און הנה, אַזוי ווי איך בין געוואָרן אַ באַפרייטער פון „פּאַנשטשיזנע״, כ׳האָב מער נישט געאַרבעט אין שיינבערגס „פאַבריק״, נאָר שעהן לאַנג אַרומגעדרייט זיך וואו די וועלט האָט קיין עק נישט, אין מיין פּוטערנער קוטשמע און אין די שטיוול מיט לאַנגע כאָליעוועס, און געדעפּטשעט אין די טיפע שנייען (עס איז געווען צווישן חנוכה און פּורים, 1924), בין איך אַריינגעפאַלן אין די אויגן פון דעם נייעם פּאָליציי־קאָמיסאַר, וועלכער האָט געשנאַפּט און געזוכט דעם בונטאָוושטשיק. איך בין אים, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן פאַר אַזאַ טיפּ, און ער האָט אויף מיר געטשאַטעוועט. ער איז געווען זיכער מיט זיין פּאָליצייאישן נויז, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי נאָר דער פאַרשוין מיט דער קוטשמע און די שטיוול מיט לאַנגע כאָליעוועס — ער האָט עס היינט פאַרטאָג, כלחוך השור, אויפגעהאָנגען דאָס רויטע פענדל ביי די קאָשאַרן און דערמיט געשטעלט אין סכנה די פּוילישע מלוכה.

איידער איך קום־צו צום קולמינאַציע־פּונקט מוז איך דערציילן, וואָס איך האָב אַלץ אין דעם דאָזיקן טאָג געהאַט אָפּגעטאָן: איבערגעזעצט אַ צען זייטלעך פון „כלאָפּי״, אָנגעשריבן אַ ליד צו אַ פולאַווער מיידל, וועמען כ׳האָב געוואָלט געפעלן ווערן און... אַ בריוו צום מחבר פון „כלאָפּי״, וול. סט. ריימאָנט, וועגן אַ דערלויבעניש איבערצוזעצן זיין ריזן־ווערק. כ׳האָב מיך געוואָלט באַוואָרענען, אַז עס זאָל עמעצן אַנדערש אויך נישט איינפאַלן דאָס זעלבע צו טון. ריימאָנט האָט דעמאָלט געוואוינט אין ניצע, אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע, וואו איך אַליין האָב מיך מיט 8 יאָר שפּעטער באַזעצט אַלס שלום אַשס סעקרעטאַר (גיי אין דערגרונטעווע גאָטס געהיימע וועגן!... היות איך האָב קיין שרייב־מאַשין נישט געהאַט, און ווען כ׳וואָלט יאָ געהאַט, וואָלט איך נישט געקאָנט אויף איר שרייבן, האָב איך שטענדיק מיר איבערגעלאָזט אַ קאָפּיע פון אַ וויכטיקן בריוו. דער בריוו איז, פאַרשטענדלעך, געווען געשריבן אין פּויליש.

היות איך האָב שטענדיק מיין גאַנץ שרייבעריש פאַרמעג, ווי לידער, קאָפּיעס פון וויכטיקע בריוו און אַנדערע ענלעכע קעגנשטאַנדן אַרומגעטראָגן מיט זיך אין די קעשענעס פון מיין ווינטערדיקן פּאַלטאָ, זענען אויך דאָס מאָל מיינע קעשענעס געווען איבערגעלאָדנט מיט אַזאַ ענלעכער סחורה...

עס איז געווען אַרום 6־7 אָוונט, ווינטער ביינאַכט, סוף חודש, און

ס׳איז געווען — ימש חושך, און ביי שלמה שיינבערגן אין שטוב איז גראָד דעמאָלט פאַרגעקומען אַ זיצונג פון דער פולאַווער ציוניסטישער פאַרטיי־פאַרוואַלטונג. און איך בין דעמאָלט קיין ציוניסט נישט געווען, האָב איך, ווי אַ ציוויליזירטער מענטש, פאַרלאָזט שיינבערגס דירה, כדי אויף אַ שעה צוויי אַרומשפּאַצירן איבער די פולאַווער טיף־באַשנייטע גאַסן.

ווי נאָר איך בין אַרויסגעקומען פון הויף, וואו שיינבערגס דירה האָט זיך געפונען, אויף דער גאַס אַרויס, האָט מיך אין דער געדיכטער פינצ־טערניש עמיץ אָן אומגעזען באַשעפעניש געגעבן אַ כאַפּ־אַרום, אַריינשטע־קנדיק, אָן שום סקרופולן, די לאַפּעס אין מיינע ביידע קעשענעס, אַרויסגענו־מען אַלץ וואָס דאָרט האָט זיך געפונען און אַ פרעג געטאָן מיט אַ שטרענג־פּאָליצייאיש לשון:

— וואָס האָט איר דאָ ?!

— איך געדענק נישט! — איז געווען מיין גאַנץ איפריכטיקער ענטפער.

ביסלעכווייז האָבן זיך מיינע אויגן צוגעוואוינט צו דער פינצטערניש און עס האָבן אָנגעהויבן אויפטויכן זילבערנע עפּאָלעטן אויף די אַקסל, זילבערנע שנירן אויף די אַרבל, און ווי איר קאָנט זיך משער זיין, איז דאָס געווען דער נייער פולאַווער פּאָליציי־קאָמיסאַר בכבודו ובעצמו. כ׳האָב שוין איצט דערקענט זיין קליין, מאָגער און ענערגיש־פּאָליצייאישע פנים.

— מאַרש אין קאָמיסאַריאַט! — האָט ער זיגעריש געגעבן אַ באַפעל.

ער האָט מיך געלאָזט גיין פאָרויס, ער פון הינטן. מיר זענען אַרויסגע־קומען אויף דער ליכטיקער לובלינער גאַס און פאַרקירעוועט זיך אויף לינקס אין דער ריכטונג צו דער וויסל־בריק, וואו אַ ביסל לינקס, אָן אַ זייט, האָט זיך געפינען דער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. אויפן וועג האָט מיך אין דעם דאָזיקן הילך — איך פון פאָרנט און דער קאָמיסאַר פון הינטן מיט פולע הענט פון „קראַמאָלע״־מאַטעריאַל — באַגעגנט שיינבערגס יונגע שוועסטער יהודית, אָדער יידיסליי, ווי מ׳האָט זי גערופן.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען, אָבער זי האָט געזען, אַז איך בין אַרעסטירט. זי איז אַהיימגעלאָפן מיט גיכע טריט, און כ׳האָב מיר געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן איינדרוק ס׳האָט געמאַכט איר נייעס ביי שיינבערגן אין שטוב...

אויפן וועג צום קאָמיסאַריאַט, אַן אַרעסטירטער, האָב איך אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן: וואָס אַזוינס האָב איך טאַקע אין די קעשענעס?... אַז כ׳האָב נישט קיין רויטע פאָן, אָדער אַ באַפעל פון מאָסקווע אויפצוהענגען אויף די פוילישע קאַשאַרן אַ רויטן פאָן — אין דעם בין איך געווען 100 פּראָצענט זיכער... אָבער וואָס האָב איך פאָרט געהאַט?...

יאָ, כ׳האָב מיך דערמאָנט, און כ׳שטעל מיך אָפּ און ווענד זיך צו מיין פאַנגער בזה הלשון:

— פאַניע קאָמיסאַר, כ׳האָב מיך שוין דערמאָנט וואָס איך האָב אין די קעשענעס. הנה זיי וויסן, אַז איך בין אַ יידישער שרייבער, כ׳שרייב לידער, כ׳שרייב אויך אַנדערע זאַכן. אָבער איצט זעץ איך איבער אַ גרויס ווערק פון דער פוילישער ליטעראַטור, ריימאָנטס „כלאָפּי״. היות אויף אי־בערצוזעצן יענעמס אַ בוך דאַרף מען האָבן אַ דערלויבעניש, האָב איך אים געשריבן וועגן דעם אַ בריוו, און אין קעשענע האָב איך, צווישן אַנדערע זאַכן, אויך אַ קאָפּיע פון דעם דאָזיקן בריוו, און...

איך האָב באַמערקט, אַז דער קאָמיסאַר, פון צופיל איבערגעגעמענקייט פון זיין גיכן זיג, הערט מיך גאָרנישט אויס וואָס איך רעד, און ער גיט טאַקע אַ רעווע:

— אין קאָמיסאַריאַט וועלן מיר שוין זען!...

ער האָט זיכער אין דער צייט וואָס ער האָט מיך געפירט געטראַכט וועגן אַ באַלדיקער פראָמאָציע, וואָרים ער האָט דאָ געפּאַקט דעם ריכטיקן לעשטש. צוקומענדיק צו דער טיר פון קאָמיסאַריאַט, גיט ער מיר אָפּ „כבוד״ און ער לאָזט מיך אַריין דעם ערשטן און ער הינטער מיר. איך קום אַריין אין ריזיקן צימער, פול מיט פּאָליציאַנטן. צווישן זיי באַמערק איך דעם פּאָפּולערן פולאַווער פּאָליציאַנט אַדאַמסקי, אָדער ווי יידן האָבן אים גערופן פאַרצויגן: „אַדאַמסקעלע״, אַ געוועזענער פּעפּעסאָווייעץ. ער קען מיך זייער גוט, נישט איין מאָל גערעדט מיט מיר אין פּנחס קרימערס ביכהאַנדלונג, וואוהין ער פלעגט אַריינקומען קויפן אַ צייטונג. ער ווייסט, אַז כ׳בין אַ יידישער שרייבער, ער קען אויך שיינבערגן און ער ווייסט, אַז מיר זענען גוטע פריינט. קוקט ער מיך איצט אָן אַ פאַרוואונדערטער: „פּאַן שליאָמאַ גאָר אַרעסטירט! פאַרוואָס?...״ ער ווייסט, אַז איך בין „בלאַגאָנאַדיאָזשנע״, כ׳האָב נישט צו טון מיט יענער חברה... ער הויבט מיט די אַקסל, שושקעט זיך איבער מיט אַ צווייטן פּאָליציאַנט, און כ׳דערקען אויף זיין פּנים אַ זיכערקייט, אַז דער נייער קאָמיסאַר האָט דאָ געמאַכט אַ מיאוסן טעות... ער שמייכלט צו מיר, איך צו אים.

דער קאָמיסאַר שטעלט זיך אַוועק ביי זיין ביוראָ־טיש פון איין זייט, מיטן הינטן צו דער שטוב מיט פּאָליציאַנטן און מיך שטעלט ער אויף דער אַנדערער זייט טיש קעגנאיבער זיך. ער גיט אַ לייג אַוועק זיינע טראָפּעען אויף דער ביוראָ און ער הויבט־אָן צו נישטערן צווישן זיי. אין די אַלע זאַכן קוקט ער ווי אַ האָן אין בני־אדם — זיי זענען געשריבן אויף יידיש; אָבער אָט געפינט ער די קאָפּיע פון מיין בריוו צו ריימאָנטן, געשריבן אויף פּויליש. דאָס פּנים לייכט ביי אים אויף: דאָ איז ער דאָך אינדערהיים!...

ער לייענט איבער שטייענדיקערהייט דעם בריוו און ער ווערט ערנסט:

—ווירקלעך... — גיט ער אַ פאַרשעמטן מורמל — אַ בריוו צו ריימאָנטן!... אָבער זאָגט מיר נאָר, כ׳בעט איך, צי איז אָט דער דאָזיקער ריימאָנט אויך אַ יידישער שרייבער?!...

כ׳האָב דערפילט אין דעם מאָמענט, אַז ער איז געבענדיקט...

— וואָס?! — רוף איך אויס מיט איבערגעטריבענער דערשטוינטקייט פון דעם פוילישן פּאָליציי־קאָמיסאַרס עם־הארצות, און איך צייל די ווערטער ווי אַ פּראָצענטניק ציילט זיינע גאָלדענע אימפּעריאַלן — איר ווייסט נישט, פּאַן קאָמיסאַר, ווער ס׳איז וולאַדיסלאַוו סטאַניסלאַוו (איך רעכן־אויס ביידע עכט פּוילישע נעמען, אַז ס׳זאָל ביי אים נישט בלייבן קיין שום ספק) ריימאָנט, איינער פון די גרעסטע פּוילישע שרייבער אין וועלכער האָט דאָ נישט לאַנג (ס׳איז געווען, דאַכט זיך, די זעלבע וואָך) געקריגן פאַר זיין עפּאָפּיי (כ׳האָב כסדר גענוצט אויסלענדישע ווערטער, אַז ער זאָל ווערן מער צעטומלט) „כלאָפּי״ די נאָבעל־פּרעמיע?!...

דאָס מאָגערע גויעצל מיט די זילבערנע עפּאָלעטן אויף די אַקסלען איז געוואָרן רויט און טויט אין בלאַס (פון דערוווּיטנס דערבליק איך אַדאַמס־קעלעס פּנים, וואָס איז איצט פול מיט חוזק פון זיין קאָמיסאַר. הגם ער האָט אַליין אויך נישט געוואוסט פון די אַלע זאַכן, האָט ער אָבער דערפילט, אַז זיין איבערהאַנט איז דאָ גוט אַריינגעפאַלן). דער פּוילישער פּאָליציי־קאָמיסאַר ווייסט אויך נישט וואָס אַזוינס עס איז די „נאָבעל־פּרעמיע״, ער האָט דאָס דאָזיקע וואָרט מסתמא צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געהערט...

ער גיט אַ שטאַר צוזאַמען מיט ביידע הענט די פאַרנומענע טראָפּעען און לייגט מיר אַריין אין מיינע הענט און ער רופט אויס מיט דער גרעסטער העפלעכקייט:

— דער פּאַן איז פריי. איר קאָנט גיין!

מילא, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שלמה שיינבערגס שטוב ביי מיין אַריינקומען און נאָך מיין דערציילן וועגן דעם געשעענעם, קאָן מען זיך פאָרשטעלן. צומאַרגנס איז שלמה שיינבערג, ווי כמעט יעדע צווייטע וואָך, געפאָרן קיין וואַרשע, און ער האָט די גאַנצע מעשה דערציילט אין ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. מסתמא איז דערביי געזעסן אַ שרייבער פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג״, און צומאָרגנס האָט זיך אויף די שפּאַלטן פון דער דאָזיקער צייטונג באַוויזן די סענסאַציאָנעלע געשיכטע, אונטערן קעפּל: „ריימאָנט — אַ יידישער שרייבער!״ און ס׳איז דערציילט געוואָרן מיט אַלע פּיטשעווקעס די פריער דערמאָנטע געשיכטע, און איך האָב געקריגן דאָס, וואָס הייסט אין אַמעריקע — פּובליסיטי!...

פון דער „פאָלקסצייטונג״ האָט די מעשה איבערגעדרוקט דער פּעפּעסישער „ראָבאָטניק״, פון „ראָבאָטניק״ — די גאַנצע פּוילישע פּרעסע, אַפילו

די אַנטיסעמיטישע „דווא גראָשע". אַלע צייטונגען האָבן געדרוקט דאָס זעלבע קעפל: „ריימאָנט — זשידאָווסקי פיסאַרזש"!

האָט שוין עמעצער אַ לײז אין פּולאָוו אײַנטערגערוקט דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר אַזאַ צייטונג, און איך בין געוואָרן דאָס געשפּרעך פון טאָג!... דאָס מאָגערע גויעצל מיט די זילבערנע עפּאָלעטן האָט זיך געשעמט מיר צו קוקן אין די אויגן אַריין. ווען ער האָט מיך געזען גיין אויף איין זייט גאַס, איז ער אַריבער אויף דער צווייטער זייט. ער האָט זיך שטאַרק געשעמט מיט זיין עם־האַרצישן דורכפאַל, וועגן וועלכן די גאַנצע פּוילישע פּרעסע האָט זיך צעשריבן.

דער פינאַל פון דער דאַזיקער געשיכטע איז געווען אַ פּאַטעטישער:

אין יענע טעג איז געקומען צו גאַסט קיין פולאָוו דער שריפטשטעלער ז. סעגאַלאָוויטש. ער איז געקומען אין צוזאַמענהאַנג מיטן זעצן פון זיין בוך „אײַנדזער פּרײַ" אין שיינבערגס זעצעריי. דאָס דאָזיקע בוך איז אָנגע־שריבן געוואָרן אונטערן איינדרוק פון קלאַראַ סעגאַלאָוויטשעס אָפּברעכן מיט אים אין חתונה האָבן מיטן בונדישן פירער שלמה מענדעלסאָן.

סעגאַלאָוויטש האָט זייער שטאַרק געליטן דערפון און שווער איבער־געלעבט די דאָזיקע געשעעניש.

מיר אַלע דריי, סעגאַלאָוויטש, שיינבערג און איך, זענען געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר אויף דער בריק איבער דער ווייסל. מען האָט גאַרנישט געפילט די קעלט. סעגאַלאָוויטש האָט זיך פאַר אונדז אַראָפּגערעדט פון האַרץ און ער האָט דערביי פּשוט געוויינט ווי אַ קליין קינד.

נאָכן לאַנגן שפּאַציר זענען מיר אַריין אין רישאַרדס צוקערניע, אַוועקגעזעצט זיך ביי אַ טישל טרינקן קאַפּע מיט פוטערקוכן. ווי מיר זענען אַזוי געזעסן און געשמועסט, איז גראָד אַריינגעקומען „מיין" פּאָליציי־קאָמי־סאַר. ווען ער האָט מיך דערזען זיצן אין דער חבורתא פון שיינבערגן און סעגאַלאָוויטשן, דער עיקר — סעגאַלאָוויטש, וועלכער האָט מיט זיין אויס־זען געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק, האָט ער זיך געטאָן אַ שטעל אַוועק פאַר מיר אין אַ שטייפער מיליטערישער פּאָזיציע — „פּאַד קאַזיראָק" — און האָט אַ קלאַפּ־געטאָן מיט די גלאַנציקע שטיוועלעך און מיר אָפּגעגעבן אַזוי פיל כבוד, אַז איך האָב מיך אַליין פאַרשעמט... דער סוף פון דעם קאָמיסאַר — צוליב טשיקאָוואָסט — איז געווען אַזאַ: אין 1926, בעת דער פּילסודסקי־איבערקערעניש, איז ער געווען אויף דער פאַרקערטער זייט, און ער האָט געקריגן אַ קויל אין הינטן אַריין, און ער איז במחילה... געוואָרן אויס קאָמיסאַר...

## די פּולאַווער אַקאַדעמיע

דער טערמין פּולאַווער אַקאַדעמיע איז לכתחילה אַנטשטאַנען ווי אַ נאָמען לגנאַי און מיט יאָרן שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאָמען לשבח. ווען מ׳האָט געוואָלט מאַכן אַ קאָמפּלימענט אַ שרייבער וואָס האָט אָפּגעשטאַמט פון פּולאַוו אָדער פון דער פּולאַווער אומגעגנט, האָט מען אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13 געגעבן אַ זאָג: „אַ, איר זענט דאָך פון דער פּולאַווער אַקאַדעמיע!״...

די געשיכטע פון דעם דאָזיקן נאָמען איז אַן אינטערעסאַנטע: עס איז געהאַט מיטאַמאָל אויפגעשוואומען אין ליטעראַטן־פאַראיין אַ נייער שרייבער, וועלכער איז אָנגעקומען פון ביאַליסטאָק (דורך בערלין...) קיין וואַרשע. דעם דאָזיקן שרייבערס נאָמען איז געווען י. (יהושע) ראַפּאָפּאָרט. אָנגעהויבן האָט ער מיט לידער און דערציילונגען, אָבער זיי זענען געווען זייער שוואַך, האָט ער זיך גענומען צו קריטיק. אַפּנים, יענעם צו קריטיקירן איז פיל לייכטער...

דאָ און דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן זיינע אַרטיקלען, אינטעליגענט אָנגעשריבענע, אָבער שטאַרק בייסיקע... אין טאָמער האָט ער אַזאַ אַרטיקל (ווייל צופיל בייסיק) נישט געקאָנט אין ערגעץ אָפּדרוקן, האָט ער — ווי אָרעם ער איז נישט געווען — אַרויסגעגעבן פאַר זיין אייגן געלט אַ פאַמפלעט, אין וועלכן ער האָט זיין קרבן געמאַכט „אויסצודרייען״. צווישן אַנדערע האָט י. ראַפּאָפּאָרט זיך געהאַט אָנגעטשעפּעט אין נחמן מייזעל, דעם רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער״, און ער איז אים אין אַ ספּעציעל אַרויסגעגעבענער בראָשורקע ממש דערגאַנגען די יאָרן. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענטאַליטעט פון י. ראַפּאָפּאָרט איז געווען דער הפטורה־נאָמען פון פאַרלאַג — „פּליט״ (אַ פּראָשעק קעגן אינזעקטן...).

י. ראַפּאָפּאָרט איז שוין אַזאַ טיפּ — אַ בייסיקער, וואָס האָט גרויס הנאה פון זיין בייסן: פאַר קיינעם האָט ער נישט קיין גוט וואָרט. ער האָט זיך אַרומגעקריגט מיט א. אַלמין, מיט י. מ. וויסענבערגן, און מיט וועמען נישט?... אויב ער האָט שוין יאָ געהאַט — דאָ נישט לאַנג צוריק — אַ גוט וואָרט פאַר יעקב גלאַטשטיינען, האָט ער שפּעטער דאָס גוטע וואָרט באַשפּריצט מיט גרינעם גיפט. וועגן שלום אַשן, למשל, דעם ריז פון דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער זיך פאַרגינען מיט איניקע יאָר צוריק צו שרייבן אין „היימיש״: „שלום אַש האָט געהאַט אַ פונק פון טאַלאַנט, אָבער ער האָט אים נישט אַנטוויקלט...״

האָבן זיך אין ליטעראַטן־פאַראיין אַרומגעדרייט עטלעכע שרייבער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן — אָדער אַ לענגערע צייט געוואוינט — אין פּולאַוו אָדער אומגעגנט. צו זיי האָבן געהערט: דער באַגאַבטער פּאָעט און

איבערזעצער שלמה שײנבערג (צװישן זײנע פיל צענדליקער געלונגענע איבערזעצונגען זענען געװען: טאָלסטאָיס מלחמה און שלום, אַנאַ קאַרעני־נאַ, שאָלאָכאָװס דער שטילער דאָן, א. אַ.), מרדכי נײדין (איבערגעזעצט עטלעכע בענד פֿון טשעכאָװ, גאָרקיס דאָס געשעפט פֿון די אַרטאַמאַנאָװס, קלים סאַמגין, דרײַ, א. אַ.), ש. ל. שנײדערמאַן (כ׳פאַרברען פּאַריז, פֿון ברונאָ יאַשענסקי), דער שריפטשטעלער ש. טענענבױם, אין דער שרײבער פֿון די דאָזיקע שורות, װעמענס איבערזעצונג פֿון רײמאָנטס פױערן איז בשעתו געריהמט געװאָרן.

י. ראַפּאָפּאָרט האָט צוליב זײַן כאַראַקטער דאָס נישט געקאָנט סיבל־זײַן, אין ער האָט מיט זײַן שטענדיק־איראָנישן שמײכעלע אױפן פּנים די דאָזיקע שרײַבער באַגאַטעליזירט.

האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהײט דער דאָזיקער פּילאַװער שרײַ־בער־גרופּע אַ ביס צו טון: אין פּולאַװ האָט געװאױנט אַ ייד משה רובינ־שטײן (לעבט הײנט אין ישראל) ער האָט געהאַט אַ בוכהאַנדלונג און איז אױך געװען אַ צײַטונגס־אַגענט. אַזױ װי אַ בוכהאַנדלונג און צײַטונגען זענען אין נאָענטער קרובהשאַפט מיט שרײַבערײַ, האָט ער גענומען און איבער־געזעצט אַ ביכל פֿון פ. דאָסטאָיעװסקי.

האָט י. ראַפּאָפּאָרט ערגעץ אין אַ זשורנאַל צי אין אַ צײַטונג אַראָפּ־געריסן די איבערזעצונג און זי אױסגעלאַכט, איז צװישן אַנדערן האָט ער — נישט צו װיסן פֿאַרװאָס אין כאַרװען — אַ שרײַב־געגעבן מיט גיפטיקן חוזק אומגעפּער אַזױ: „אָט דאָס איז די פּילאַװער אַקאַדעמיע!״

מיט דעם איראָנישן זאָג: „פּילאַװער אַקאַדעמיע״ האָט י. ראַפּאָפּאָרט געמײנט אַרונטערצונעמען אונטער אײן טלית און מבטל מאַכן אַלע אַנדע־רע איבערזעצונגען פֿון די פּילאַװער, װי: „מלחמה און שלום״, „אַנאַ קאַרע־נינאַ״, „קלים סאַמגין״, „דאָס געשעפט פֿון די אַרטאַמאַנאָװס״, „פּױערן״ און פיל אַנדערע װערק, װאָס האָבן אַ דאַנק די פּולאַװער איבערזעצערס אַרײַנגעבראַכט די פּערל פֿון דער װעלט־ליטעראַטור אין יידישן ליטעראַטור־פֿאַרמעג.

אָבער װי עס מאַכט זיך אָפטמאָל, קומט אַרױס פֿון אַ גיפטיקן ביס גאָר אַ טיבה. דאָס װערטל „פּילאַװער אַקאַדעמיע״ — געשאַפן פֿון י. ראַ־פּאָפּאָרט לגנאי — איז געװאָרן אַ שם־דבר און דװקא לשבח. עס איז דאָ מקוים געװאָרן דער אַלטער ביבלישער זאָג: „ומעז יצא מתוק...״

שפּעטער האָט זיך געשאַפן ביים ליטעראַטן־פֿאַראײן, אַ דאַנק דער איניציאַטיװ פֿון פֿאַראײן־סעקרעטאַר מלך ראַװיטש, אַ סעקציע פֿון איבער־זעצערס, צו װעלכע ס׳האָבן געהערט: י. ראַפּאָפּאָרט (ר׳האָט געהאַט דעמאָלט איבערגעזעצט אַנרי בערגסאָנס „דער (דאָס) געלעכטער״, ד. ב. מאַלקין,

מרדכי ניידין, שלמה שיינבערג, שלמה ראָזענבערג, ש. זאַקס, עלים באַרענ־שטיין, דיד רייכל און פיל אַנדערע.

טרעפנדיק זיך אויף זיצונגען פון דער איבערזעצער־סעקציע זענען מיר, די פולאַווער, זייער שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן מיט י. ראַפּאַפּאָרטן און ס׳איז געוואָרן צווישן אונדז „קאַשקעלעך־גדולית״...

עס וועט זיין גאָר אינטערעסאַנט אין באַדייטונגספול צוצוגעבן, אַז אין יענער צייט האָט די איבערזעצער־סעקציע געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן א גרויס זאַמלבוך מיט איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, און יעדער איינער פון די מיטגלידער פון דער סעקציע האָט געדאַרפט צו־שטעלן אַן איבערזעצונג פון אַ געוויסער שפּראַך. עס האָט אויך צווישן אַנ־דערע, צוגעשטעלט אַזאַ איבערזעצונג י. ראַפּאַפּאָרט. אַלס די רעדאַקטאָרן פון דעם זאַמלבוך זענען פון דער איבערזעצער־סעקציע באַשטימט געוואָרן מרדכי ניידין און דער שרייבער פון די שורות. צו מיר איז אָריינגעפאַלן צום רעדאַגירן דער מאַנוסקריפּט פון י. ראַפּאַפּאָרט. מילא, וואָס זאָל איך זאָגן: די עטלעכע צוואַנציק זייטן פון דער איבערזעצונג זענען נאָך מיין רעדאַקציע געווען מער רויט ווי שוואַרץ... חזר איך איבער דאָס פריער געזאָגטע: יענעם צו קריטיקירן איז אַ סך גרינגער ווי אַליין עפּעס אָנצו־שרייבן!...

אין דעם קאַפּיטעלע בין איך בלויז אויסן געווען צו דערציילן ווי אַזוי אין ביי וואָס פאַר אַן אומשטענדן עס איז געשאַפן געוואָרן דער אויסדרוק: „פולאַווער אַקאַדעמיע״...

## ליטעראַרישע געסט אין פולאַוו

קיין שום יידיש שטעטל האָט נישט געהאַט ביי זיך אַזוי פיל ליטעראַ־רישע געסט ווי פולאַוו. אַ כך אַזעלכע געסט זענען געקומען אין זכות פון דער „פולאַווער אַקאַדעמיע״, אָבער היפּטזעכלעך איז מען געקומען צו שלמה שיינבערגן.

גאָר אַמאָל, נאָך פאַר מיינע צייטן, איז אין פולאַוו געווען צוגאַסט י. ל. פּרץ. און שלמה שיינבערג האָט מיר דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך מיט יאָרן שפּעטער אויסגעלאָזט מיט אַ שידוך...

נאָך פּרצס רעפעראַט, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ געוואַלטיקן רושם אויף די יידן פון פולאַוו, זענען פיל פון די אינטעליגענטע יונגעלייט און מיידלעך געגאַנגען צוזאַמען מיט פּרצן אייסטרינקען אָדער אונטערלענען זיך די הערצער אין דער פולאַווער צוקערניע. האָט שלמה שיינבערג דערזען עפּעס אַ 5 אָדער 6־יעריק מיידעלע אַרומבלאָנקען זיך אַליין, אוודאי פאַר־לוירן זיך פון דער פאַמיליע, און זי איז געווען פאַרוויינט. דאָס מיידעלע

האָט געפונען חן אין זיינע אויגן און ער האָט איר געקויפט אַ פּעקל שאָקאָ־לאַד און איר געזאָגט, דערלאַנגענדיק עס איר: „ווייַן נישט, מיידעלע, וועסט קריגן אַ חתן!"...

שיינבערג איז אַוודאי דעמאָלס אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק... מיט 12 יאָר שפּעטער, אין ווינטער פון 1923, האָט שלמה שיינבערג חתונה געהאַט מיט אָט דעם דאָזיקן מיידעלע, און דאָס איז געווען די באַחנטע ציפּורה (ציפּע) האַלבערשטאַט, די טאָכטער פון רייכן און אָנגעזעענעם פּולאַ־ווער דאָזאָר און וואַלד־סוחר יחיאל האַלבערשטאַט. ציפּורה שיינבערג האָט מיט איר חן און איינגעבוירענער אינטעליגענץ באַשיינט דאָס הויז שיינבערג און אויך די פּולאַווער אַקאַדעמיע.

און ווי אַ סימבאָל פון איר באַשיינונג, איז אויף דער מזרח־וואַנט אין שלמה שיינבערגס הויז געהאַנגען איר בילד, געמאָלן דורך דעם באַרימטן טויב־שטומען קינסטלער מאָריץ מינקאָווסקי. ווער ווייסט, וואו דאָס דאָזיקע קונסטווערק איז אַהינגעקומען אין דער דאָזיקער בלוטיקער בהלה.

ציפּורה שיינבערג איז געווען אַן אמתע אשת־חיל, זי האָט, ווי מען זאָגט — מיט ראַט און טאַט, צוגעהאָלפן איר מאַן אין זיינע אַלע טואונגען. זי האָט אויסגעקליבן די ווערק וואָס שלמה שיינבערג האָט איבערגעזעצט און פאַרעפנטלעכט. זי האָט זיך אויך אויסגעלערנט די מלאכה פון מאַטריצערייַ און זי האָט ווי אַ גוטער באַלמעלאָכע מאַטריצירט אַ גרויסע צאָל פון די ביכער וואָס זענען אויסגעזעצט געוואָרן אין שלמה שיינבערגס „ביכער־פאַבריק"... ציפּורה שיינבערג איז אויך געווען די באַחנטע גאַסטגעבערין פון די אַלע חשובע געסט וואָס האָבן באַזוכט זייער הויז אויף איזאַבעלאַ גאַס, די גאַס וואָס האָט געפירט צום טשאַרטאָריסקי פּאַרק.

---

פון די הויפּט־געסט וואָס פלעגן אָפטער קומען קיין פּולאַוו און איינ־געשטאַנען ביי די שיינבערגס, איז געווען דער באַרימטער שריפטשטעלער יואל מאַסטבוים. ער איז תמיד געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט צוליב זיין שטענדיקער פריילעכקייט און... מוזיקאַלישקייט.

מאַסטבוים פלעגט וועגן זיך זאָגן, אַז אייגנטלעך איז ער באַשטימט געוואָרן דורכן רבונו של עולם צו זיין אַ מוזיקער, אָבער געוואָרן איז ער אַ... מוזיקאַלישער שריפטשטעלער. עפּעס איז אין זיין שרייבן געווען פון מוזיק. ער האָט אַפילו אַ גרעסערע דערציילונג א. נ. „די צויבערפלייט"...

אַן אויסזען האָט ער געהאַט — מערקווירדיק — ווי פון בעטהאָווענען. מאַסטבוים איז געווען באַרימט מיט זיין בעטהאָווען־קאָפּ, און געקאָנט האָט ער אויסמוזיצירן מיט די ליפּן די גאַנצע פינפטע סימפאָניע פון בעטהאָווען, נישט דורכלאָזנדיק דעם מינדסטן טאָן פון וועלכן ס'איז אינסטרומענט אין

אַפילו פון דער פויק און קליינעם פייקל, און עס איז געווען ביי אים טאַקע — כל עצמותיו תאמרנה: מיט אַלע זיינע אברים האָט ער אַרויסגעבברענגט און אימיטירט אַ גאַנצן אָרקעסטער.

מיר האָבן מיט מאַסטבוימען דורכגעמאַכט אַ סך הערלעכע און אינטע־רעסאַנטע עפּיזאָדן. איך וויל דערמאָנען איינעם, וועגן וועלכן איך האָב באַריכות שוין דערציילט אין באַרימטן קאָריווער יזכור־בוך:

יואל מאַסטבוים איז געווען איינמאָל צוגאַסט ביי שיינבערגן אין הויז. עס איז געווען אין אַ פּרייטיק־צונאַכטס, און דעמאָלט טאַקע האָט ער פאַר אונדז אויסגעשפּילט אויף אַ גענייאַלן אופן בעטהאָווענס פינפטע סימפאָניע, באַנוצנדיק דאָס מויל, די נאָז און די ליפּן, די הענט און פיס און אלע רמ״ח אברים. מיר זענען אַלע געווען נתפעל, ספּעציעל שלמה שיינבערג, וועלכער איז אַליין געווען מוזיקאַליש, געשפּילט אויף דער פידל. האָט שלמה שיינ־בערג, אויסנוצנדיק די אָנוועזנהייט פון אונדזער טייערן גאַסט, געהאַט איינגעאָרדנט פאַר אים אַ ליטעראַרישן אָוונט פאַר שבת־צונאַכטס אין דעם נאָענטן שטעטל קאָריוו.

היות ווי שלמה שיינבערג איז, לויט מיין שילדערונג אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, געווען אַ פאַמעלעכער מענטש, אַ נישט געאיילעכער, איבערגע־זעצט אויף אַ מער פאַרשטענדלעכן לשון — אַ שטיקל פּוילאַק, האָט ער, נעמענדיק איך זיך צו באַזאָרגן אַ דראָזשקע וואָס זאָל אונדז ברענגען קיין קאָריוו אויף אַרום 8־9 אַזייגער אָוונט, איז די דראָזשקע אָנגעקומען פונקט 12 אַזייגער האַלבע נאַכט. עס איז געווען אַ שיינע זומערדיקע נאַכט, די שורה ליפּעס אויף ביידע זייטן וועג האָט געשמעקט ריח גן־עדן, די לבנה האָט זילבערדיק אונדז צוגעלויכטן דעם וועג, האָט דער באַלעגאָלע צוזאַמען מיט זיינע צוויי סוסים אויך זיך צוגעפוילט, און מיר זענען אָנגע־קומען נאָך 1 ביינאַכט אין שטעטל אַריין, וואָס איז שוין געשלאָפן איר פאַרצויבערטן לבנהדיקן שלאָף.

דער קולטור־לעכצנדיקער קאָריווער עולם האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן לעקטאָר און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַנטוישטע אין די שטובן און געלייגט זיך שלאָפן. ביי דער ראָגאַטקע האָט אָבער געוואַכט שלמה שיינבערגס אַן איבערגעגעבענער חסיד, לייבל לאַנדמאַן, ער האָט געהאַט אמונה, אַז מיר וועלן קומען. און ער האָט זיך טאַקע דערוואַרט. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן ווי אַ מאַגיסטראַט־פויקער איבער אַלע יידישע הייזער און אָנגעזאָגט די גרויסע בשורה: „זיי זענען דאָ!“...

ער האָט אַלעמען אַרויסגעשלעפּט ממש פון די בעטן, אַראָפּגעצויגן פון די געלעגערס, און אין משך פון אַ האַלבער שעה איז דער פייערלעשער־זאַל פון קאָריוו געווען אָנגעפּולט פון עק ביז עק. אינדרויסן האָט שוין געבלויט אויף אַ נייעם זומערדיקן טאָג, אַ האָן האָט ערגעץ אַ קריי־געטאָן,

און יואל מאַסטבוים האָט געהאַלטן זיין רעפּעראַט, נאָכדעם ווי שלמה שײנבערג האָט אים אויף זיין פּאָעטיש לשון האַרציק באַגריסט, און אויף צו דערגענצן דעם אָוונט, האָב איך געלייענט שלום עליכמס „דייטש", און ווען מיר האָבן פאַרלאָזט דעם פייערלעשער־זאַל, האָט איבערן שטילן קאַריווער בלויען הימל געשיינט אַ ריין טוי־אויסגעוואַשענע גאָלדענע זון.

---

אַ צווייטער גאָר אָפּטער גאַסט איז אין פולאַוו געווען (אַרום 1925) דער באַקאַנטער פּאָעט און דראַמאַטורג לייב מלאך. מיר זענען געווען מיט אים גאָר נאָענט באַפריינדעט און חבריש. ער איז געווען אַ פּשוטער און האַרציקער בחור. ער איז, דאַכט זיך, נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון אַרגענטינע, הגם מיר האָבן אים געקענט פון אַ סך פריער, נאָך איידער ער איז אַהין אָפּגעפאָרן, און ער פלעגט אָפט דרוקן זיינע פּאָעמעס און באַלאַדעס אין „לובלינער טאָגבלאַט".

ווען מלאך פלעגט קומען צו אונדז קיין פולאַוו איז געווען ביי אונדז אַ גרויסע שמחה און מיר האָבן זיך מיט אים חבריש אַרומגעכאַפּט.

איך דערמאָן מיך אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד מיט אים אין שלמה שײנבערגס הויז. עס זענען, אַחוץ אונדז, געווען פאַרזאַמלט נאָך געסט און מיר האָבן זיי געוואָלט אַ ביסל פאַרווײַלן. און אַזוי ווי כמעט אַלע פון אונדז — שלמה שײנבערג, זיין ברודער דוד און איך, זענען געווען אַ ביסל באַהויכט מיט אַקטיאָרישע פעאיקייט, און לייב מלאך אַליין איז געווען אַ דראַמאַטורג, איז צווישן אונדז אומאָפּגערעדטערהייט אויפגעפירט געוואָרן אַ דראַמאַטישע פאָרשטעלונג, וואָס דער טעקסט איז ביי אונדז געשאַפן געוואָרן עקספּראָמפּט. יעדער פון אונדז האָט אויפן אָרט געשפּילט זיין טייל וואָס ס'איז אים נאָר געקומען אויף דער צונג, און דער עולם האָט זיך זייער שטאַרק געווײַלט...

ליידער איז לייב מלאך צו יונג פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן (געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1936) און מיר האָבן אָנגעוואוירן אַ גוטן חבר.

---

אַן אָנגעלייגטער גאַסט איז אויך געווען אין פולאַוו דער באַקאַנטער שול־טוער באָריס אייסוראָוויטש, וועלכער איז געווען אַ וואונדערלעכער רעדנער. עס איז געווען אַ גרויס פאַרגעניגן צו הערן אים דערציילן וועגן זיינע רייזעס און איבערלעבונגען אין אינדיע. הגם לצים פלעגן זאָגן, אַז אייסוראָוויטש איז קיינמאָל אין אינדיע נישט געווען, אָבער מ'האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון זיינע שילדערונגען וועגן דעם לעבן אין דעם דאָזיקן עקזאָטישן לאַנד.

ער האָט אין פּולאַוו געהאַט צוויי עפנטלעכע אויפטריטן פאַר אַ פולן זאַל מיט מענטשן, און אַ חוץ דעם — וויפיל מעשיות ער האָט דערציילט פּריוואַט אין הויז פון די שיינבערגס! ער האָט ממש פאַרכישופט זיינע צוהערער בלויז מיט זיין שטים, וואָס איז אַרויסגעקומען אַזוי טיף כישופ־דיק־עקזאָטיש, דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַן אָריענטאַלישן אויסזען (אַ געבוירענער אין קרים).

האָבן מיר זיך געוויצלט וועגן אים: „נו, איז ער נישט געווען אין אינדיע, אָבער ער דערציילט דאָך וועגן דעם דאָזיקן לאַנד ניסים ונפלאות, אַזעלכע צוּיבערהאַפטע פאַנטאַסטישע מעשיות!...” אַז מען האָט געמוזט זיצן מיט געעפנטע מיילער און אויסהערן אים גאַנצע שעהן...

ער האָט לעצטנס געלעבט אין ניו־יאָרק אַלס טוער אין „אָרט”. איך האָב נאָך מיין אָנקומען אַהער מיט אים אָפט זיך באַגעגנט און מיר האָבן שטענדיק זיך דערמאָנט אין די פאַרברענגטע גליקלעכע טעג אין פּולאַוו. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1953.

---

קיין פּולאַוו זענען צווישן די אָפטע ליטעראַרישע געסט אויך געקומען זרובבל, מיט דער גרוי־שוואַרצער זיידישער באָרד און געהאַלטן זיינע פּאָעטיש־באַפליטערטע רעפעראַטן. עס פלעגט קומען מלך ראַוויטש מיט זיינע רעפעראַטן וועגן פּרץ מאַרקישן, ישראל שטערן — וועגן י. ל. פרצ׳, ז. סעגאַלאָוויטש, דער ליטעראַטור און טעאַטער־קריטיקער, אונדזער נאָענטסטער פריינט ד. ב. מאַלקין מיט זיין פרוי פעליע, און פיל־פיל אַנדערע.

אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד: איך בין אין יענער צייט געהאַט „פּרע־מירט” געוואָרן דורך די צוויי פּולאַווער רייכע יידן, די צוויי שוואָגערס, גאָלדמאַן און עדעלמאַן, וועלכע האָבן געהאַט די סטאַטקעס (שיפן) איבער דער ווייסל און זיי האָבן קורסירט צווישן פּולאַוו און וואַרשע און צוריק. שלמה שיינבערג און איך פלעגן זייער אָפּט מאַכן אַזעלכע רייזעס מיטן סטאַטעק, כאָטש מיט דער באַן האָט קיין וואַרשע גענומען בלויז דריי שעה און מיט דער שיף אַרום 24 שעה... עס איז אָבער געווען, ווי מען רופט עס אָן אין אַמעריקע, — „פאָן” צו פאָרן מיטן סטאַטעק און בייוואוינען אַ שיינעם זון־אויפגאַנג און זון־אונטערגאַנג אויף דער ווייסל.

האָב איך איינמאָל, נאָך אַזאַ אינטערעסאַנטער רייזע איבער דער ווייסל, אָנגעשריבן אַ רעפּאָרטאַזש און אים אָפּגעדרוקט אין וואַרשעווער „היינט”, א. נ. „יידישע שיפן שווימען איבער דער פּוילישער ווייסל”... נו, האָב איך מיר קונה־שם געווען דערמיט ביי די צוויי יידישע פּולאַווער אייגנטי־מער און זיי האָבן מיך באַשאָנקען פאַר דער דאָזיקער באַשרייבונג מיט

אַ „מתנה" — אַ לעבנסלענגלעכער (אויף ווי לאַנג „לעבנסלענגלעך" קאָן געדויערן!...) אומזיסטער קאַבינע פון 1־טן קלאַס, אין וועלכער איך האָב געקאָנט אַריינגעמען צו מיר נאָך 3 פּערזאָן. האָב איך אויסגענוצט די דאָזיקע פּריווילעגיע מיינע און איך האָב אָפט געפירט אונדזערע ליטעראַ־רישע געסט אומזיסט פון וואַרשע קיין פולאַוו און צוריק. צווישן די אָפטע־רע געסט אויפן סטאַטעק זענען געווען ד. ב. מאַלקין מיט זיין פרוי פעליע (זיי געפינען זיך זינט 1933 אין ישראל, וואו ער איז באַטייליקט אין דער העברעאישער פּרעסע און ווייזט אַרויס זיין מייסטערשאַפט אין די העברע־אישע רעפּעראַטן, ווי ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אין פוילן אין זיינע יידישע רעפעראַטן).

---

קיין פולאַוו איז גאָר אָפט געקומען און אָפּגעווען צו עטלעכע וואָכן אַלס גאַסט פון הויז שיינבערג דער פיינער בעלעטריסט און ראָמאַניסט שמעון האָראָנטשיק. ער האָט געהאַט אַ פּראָסטן אויסזען, שטענדיק מיט אַ פאַרברענט רויט פּנים, ווי ער וואָלט כסדר געווען אויפן פעלד מיטן אַקער־אייזן. מיר האָבן זיך גאָר נאָענט באַפריינדעט מיט אים און זענען געוואָרן גוטע חברים.

ער איז מיט זיין גאַנצן דערפאָלג געבליבן אַ קליין־שטעטלדיקער יונגערמאַן פון סאָמפּאָלנע (זיין געבורט־שטעטל), אַ נאַאיווער און האַרציקער מענטש. די פרוי זיינע האָט געוואוינט אין פּאַריז, און ווען איך בין מיט יאָרן שפּעטער „פאַרוואָגלט" געוואָרן קיין ניצע און פּאַריז, האָבן מיר זיך זייער אָפט באַגעגנט.

ער האָט געוואַלטיק מורא געהאַט פאַר זיין ביסל לעבן און דאָך שטענדיק גרייט געווען עס לייכט אויפצוגעבן... ער איז געווען היפּער־פאַרזיכטיק אַריבערצוגיין די גאַס אין דער גרויסער שטאָט, אַז ער זאָל חלילה נישט איבערגעפאָרן ווערן. ווען ער האָט דערזען אויף אַ קילאָמעטער ווייט אַן אויטאָמאָביל אָנלויפן, האָט ער געמאַכט אַ געוואַלד. ווען ער איז געגאַנגען מיט מיר איבער דער גאַס, האָט ער לשם זיכערקייט־וועגן אַריינגעשטעקט זיין האַנט צו מיר אין קעשענע און אַזוי אַרום אין מיר זיך אָנגעהאַלטן.

שמעון האָראָנטשיק, וועמענס ווערק זענען אַלע כמעט געזעצט געוואָרן אין שלמה שיינבערגס „ביכער־פאַבריק", אין פולאַוו, איז באַרימט געוואָרן מיט זיינע ראָמאַנען: „פאַרפלאָנטערטע וועגן", וואָס האָט בשעתו אַרויסגע־רופן אַ סקאַנדאַל אין די ליטעראַרישע קרייזן מיטן קאַפּיטל, וואָס י. מ. וויסענבערג האָט זיך דערלויבט אַריינצושרייבן; „אין גערויש פון מאַ־שינען", „זומפּ", „מאַסן", „צווי וועלטן" און אַנדערע.

ער איז געווען אַ האַרציקער און נאַאיווער מענטש, עס האָבן זיך אין אים געליבט פולאַווער ווייבלעך און מיידלעך, און מיר האָבן אים געקיבעצט צוליב זיין נאַאיוו־פויערישער אומבאַהאָלפנקייט.

ער איז דערביי געווען אַ זייער אימפּולסיווער מענטש. ווען ס'איז דערשינען אין די „ליטעראַרישע בלעטער" נישט קיין גינסטיקע רעצענזיע וועגן זיינס אַ ראָמאַן, איז ער אַרויפגעקומען אין רעדאַקציע פון די „ליט. בלעטער" און האָט אויסגעטרונקען אַ פלעשעלע יאָדינע. מען האָט אים אָפּגעמינטערט און ער האָט ווייטער געשריבן זיינע דערפאָלגרייכע ראָמאַנען.

זיין סוף איז געווען אַ שוידערלעכער: בעתן אַנטלויפן פאַר די נאַציס, האָט ער זיך אויפן וועג, לעבן קאַלושין, איבערגעשניטן מיט אַ ראַזיר־מעסערל דעם האַלדז און ער איז אויסגעגאַנגען אויפן וועג.

---

נאָך אַן אָפטער גאַסט אין פולאַוו איז געווען דער דראַמאַטורג און דערציילער פישל בימקאָ. ער איז אַראָפּגעקומען אַזש פון אַמעריקע זעצן זיינע ביכער ביי שלמה שיינבערגן אין זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס. מיר האָבן זיך מיט אים נאָענט באַפריינדעט, און מיט יאָרן שפּעטער האָבן מיר אָנגעהאַלטן אונדזער פריינטשאַפט, ווען איך בין 1941 אָנגעקומען אַלס מלחמה־פליט קיין אַמעריקע.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אין יאָר 1921, איידער איך האָב נאָך בימקאָן פערזענלעך געקענט, געשפילט אין תל־אביב אין העברעאישן טעאַטער (תיאטרון העברי) אין זיין פיעסע „גנבים" — ווען איך האָב דאָס אים דערציילט ביים באַקענען זיך אין פולאַוו, האָט עס אים שטאַרק הנאה געטאָן.

נאָך אַ חשובן גאַסט האָבן מיר געהאַט אין פולאַוו און דערנאָך אין וואולקאַ־פּאָפּינסקאַ, לעבן דראָהיטשין־פּאָליעסקי, וואו שלמה שיינבערגס שוועשטער האָט געהאַט אַ וואַלד און שיינבערג האָט אַהין אַריבערגעפירט ציטווייליק די זעצעריי, מיטנעמענדיק כמעט אַלע זיינע פולאַווער זעצערס (1932) — דאָס איז געווען דער שריפטשטעלער און טעאַטראַל זלמן זילבער־צווייג. ער איז געקומען זעצן אין שיינבערגס זעצעריי דעם ערשטן באַנד פון זיין טעאַטער־לעקסיקאָן.

מיר זענען געוואָרן נאָענטע פריינט און חברים. די פריינטשאַפט אונדזערע האַלט־אָן עד היום אויך אין אַמעריקע, וואו מיר טרעפן זיך פון צייט צו צייט, אָבער דער חותם אויף אונדזער פריינטשאַפט איז געלייגט געוואָרן אין פולאַוו.

עס זענען געווען נאָך ליטעראַרישע געסט, ווי דער באַקאַנטער איבער־זעצער פון שוועדיש, מרדכי פּאַרלערער. זיין באַרימטע איבערזעצונג „יעסטאַ

בערלינג״ פון סעלמא לאַגערלעף, איז געזעצט געוואָרן אין פולאַוו אויף קראַנצאָווע גאַס. ער פלעגט צוליבן זעצן פון זיין בוך אָפּוואוינען ביי שיינ־בערגן אין הויז פיל וואָכן.

עס איז געקומען קיין פולאַוו דער באַרימטער אַמעריקאַנער שריפטשטע־לער ברוך גלאַזמאַן; דער היינטיקער דירעקטאָר פון אַרגענטינער פאַרלאַג פון „פוילישן יידנטום״, אברהם מיטעלבערג, און פיל־פיל אַנדערע חשובע געסט.

אָט דאָס איז געווען די סדרה ליטעראַרישע געסט אין פולאַוו.

## די פינף „בלאָנדזשענדיקע שטערן״

דאָס איז געווען חול המועד סוכות אין יאָר 1916. מיר האָבן געקראָגן אַן איינלאַדונג צו קומען מיט אַ „קאָנצערט״ קיין דעמבלין, וואָס האָט ביי די רוסן געהייסן „איוואַנגאָראָד״ און איז געווען אַ באַקאַנטע פעסטונג צווישן וואַרשע און לובלין.

שלמה שיינבערג איז דאַמאָלסט געווען אַ לערער ביי אונדז אין הויז אין דעם דאָרף מאָטיטש, אַ באַן־סטאַנציע לעבן לובלין. פאָרן מיט דער באַן האָט מען דאַמאָלס פריי נישט געקאָנט, מען האָט געמוזט האָבן אַ דער־לויבעניש פון דער עסטרייכישער זשאַנדאַרמעריע. דעמבלין איז געווען אויף דער גרענעץ צווישן דעם עסטרייכישן און דייטשן אָקופּאַציע־געביט.

בין איך אַריינגעגאַנגען צום הויפט פון דער זשאַנדאַרמעריע אין מאָ־טיטש, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער הויז (מיין פאָטער האָט דאָרט געהאַט 2 הייזער), האָט מיך אונדזער לאָקאַטאָר, דער עסטרייכישער זשאַנ־דאַרמעריע־אָפיצער, אויפגענומען בסבר פנים יפות און האָט אויסגעמאַכט פאַר אַלעמען דערלויבענישן צו פאָרן מיט דער באַן קיין דעמבלין.

אין מאָטיטש איז דאַמאָלס געווען צוגאַסט דוד שיינבערג, שלמהס אַ יינגערער ברודער; אַ געוויסער מרדכי ספעקטאָר, אַ פליט פון לוצק, וועלכער האָט געוואוינט ביי אַ פויער אין מאָטיטש און זיינס אַ חבר, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט.

מיר זענען אַראָפּגעקומען קיין דעמבלין אויסגעפּוצט אין נייע אָנצוגן און קאַפּעלושן, שלמה שיינבערג און איך האָבן אַ ביסל געגרימפּלט אויף דער פידל, מרדכי ספעקטאָר איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער דיריגענט און דוד שיינבערג האָט רעציטירט „מאָניש״ פון י. ל. פרץ.

קורץ, פאַר אַן עולם פון אַ 150 מאַן, פרויען און קינדער, איז פאָרגעקומען אַ קאָנצערט. איך האָב רעציטירט, געדענק איך ש. פרוגס „דער בעכער״. שלמה שיינבערג האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן ליטעראַ־טור, און דערנאָך האָט שיינבערג און איך געשפּילט אויף דער פידל שיינ־

בערגס אַ ליד מיט זיין מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע. איך געדענק נאָך די מעלאָדיע און טיילוויז דאָס ליד, וואָס האָט געהייסן: „פּלאַצט אַ סטרונע".

מיר האָבן געקראָגן רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן, און מ'האָט פאַר אונדז איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן באַנקעט ביי אַ קולטור־טוער אין הויז. צומאָרגנס



פון לינקס צו רעכטס זיצנדיק: שלמה שיינבערג און מרדכי ספּעקטאָר; שטייענדיק: דוד שיינבערג, שלמה ראַזענבערג און אַן אומבאַקאַנטער

האָבן מיר פאַראייביקט די דאָזיקע געשעעניש אין אַ פאָטאָגראַפישער אויפ־נאַמע און עס איז פאַרבליבן ביי מיינס אַ פריינט אין אַרגענטינע אָט דאָס דאָזיקע בילד. דער דאָזיקער פריינט, בצלאל באַלער (אַגב, דער רעדאַק־טאָר פון קאָוולער יזכור־בוך), איז זומער 1963 געווען צוגאַסט אין ניו־יאָרק און האָט מיר געברענגט דאָס בילד.

## ליטעראַרישע פאַרוויילונגען

אויב אַזאַ שטעטל ווי פולאַוו איז „געשטראָפט" געוואָרן מיט ליטעראַ־רישקייט, שלעפּט זיך שוין נאָך די ליטעראַרישקייט אומעטום און אויף יעדן געביט. אַפילו ווען מען האָט זיך פאַרווילט אין פולאַוו, איז עס

געװען גאָר אויף אַן אַנדערן אופן — די פּאַרװײלונגען אין פולאַװ זענען געשטאַנען אויף אַ העכערן ניװאָ.*)

איך געדענק (אין 1924) אַ פּורים־באַל, װאָס איז פאָרגעקומען אין קינאָ־זאַל, װעלכן איך װעל קײנמאָל נישט פאַרגעסן. קודם־כּל — אַ פּרעכטיק שײן־געקלײבענער עולם, און אַפילו װען ס'איז געקומען „עמך", זענען זײ מיטגעריסן און מיטגעשלעפּט געװאָרן אין דער עלעגאַנץ און אַרײנגעװיקלט געװאָרן אין די פאַרחלומטע שטראַוס־װאַלסן, און מיטגעהאָפּסלט אין די פרײלעכע פּאָלקעס און מאַזורקעס, מיט װעלכע עס האָט אויף אַ קאַװאַלערישן און מומחהדיקן אופן אָנגעפירט דער שול־דירעקטאָר, הענריק אַדלער.

עס איז צו דעם באַל געקומען קודם־כּל די גאַנצע יוגנט פון פולאַװ, פון פּראָלעטאַריאַט ביז די באַלעבאַטישע יונגעלײט און מײדלעך; עס איז געקומען די פולאַװער אינטעליגענץ, װי: ד"ר בנימין האָניגספּעלד, דער פולאַװער דאָן־זשואַן; ד"ר דאַװידסאָן, דער יידישיסטישער און יידיש־קולטורעלער דאָקטאָר; ד"ר לעאָן נודעלמאַן, און אַנדערע.

עס זענען ספּעציעל אײנגעלאַדן געװאָרן די פאָרשטײער פון דער „פולאַװער אַקאַדעמיע", מיט װעלכער מ'האָט זיך גערעכנט און שטאָלצירט. עס איז געקומען שלמה שײנבערג, מיט ציפּורה זײן װײב; מרדכי נײדין; דער שרײבער פון די דאָזיקע שורות — די לעצטע צװײ זענען געװען פון בחורישן שטאַנד און זײ האָבן געקאָנט טאַנצן און פלירטעװען פרײ, אָן שום קאָנטראָל פון אַ װײב...

דער שרײבער פון די שורות האָט אויף דעם דאָזיקן באַל אָנגעשריבן ספּעציעל אַ בינטל גראַמען, אין װעלכע ער האָט געקיבעצט די גאַנצע פּני פון שטעטל און אויף אַ שפּאַסיקן אופן אַרײנגעזאָגט יעדן אײנעם װאָס האָט זיך פאַרדינט, און זײ האָבן, למען האמת, דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר ליב, װי „ספּאָרטן"!... איך האָב געקיבעצט ד"ר האָניגספּעלדן מיט זײנע ליבעס און פלירטן, װעגן װעלכע מ'האָט גערעדט בחדרי־הדרים און אַלע האָבן פון זײ געװאוסט; אַרײנגעקיבעצט מײן חבר שלמה שײנבערג, און כ'האָב אַפילו נישט פאַרפעלט צו קיבעצן זיך אַלײן... געקיבעצט די פּאַרטײען, צװישן װעלכע עס האָבן דעמאָלט געקעניגט די לינקע פועלי־ציון, דערנאָך האָבן דאָס „קעניגרײך" געפּראַװעט איבערנעמען די „לינקע", װעלכע האָבן אָנער־קענט סטאַלינען אַלס דעם פאָטערל פון װעלט־פּראָלעטאַריאַט; אַפילו דעם

*) אויף אַזוי װײט, אַז װען הענריק אַדלער, דער שול־דירעקטאָר, האָט געגרינדעט אַ באַלעבאַטישן קלוב, אײנגעריכטעט מיט עלעגאַנץ, און װאו מ'האָט גאַנץ אײנפאַך געשפּילט אין קאָרטן (אַמאָל אויך אַ שאַך), האָט ער אײנגעלאַדן שרײבער צו לײענען זײערע שאַפונגען. צװישן זײ זענען אײנגעלאַדן געװאָרן שלמה שײנבערג און דער שרײבער פון די דאָזיקע שורות.

געטרייען בונדיסט, דעם לאָמען פישל טאַרטשיק, אויף וועמען דער שרייבער האָט געשריבן, אַז דער „בונד" הינקט אין פולאַוו אַביסל אונטער...

קיינער האָט זיך נישט באַליידיקט, מ'האָט האַרציק געלאַכט און מען האָט געהוליעט ביזן גרויען טאָג אַריין, טרינקענדיק שאַרפע משקאות און עסנדיק פיינע פורים־קויליטשן. ערשט כעלות השחר האָט מען פאַרלאָזט דעם קינאָ־זאַל. אַ דראָבנע שנייעלע, אַ פאַרשפעטיקטס, האָט אָנגעהויבן פרישען אין די אויגן. צום רעציטאַטאָר זענען צוגעקומען עטלעכע שקצים, גימנאַזיסטן, וואָס די שיינע לאהלע האַלבערשטאַט האָט מיטגענומען אויפן באַל ווי אירע שול־קאָלעגן און האָבן אים קאָמפּלימענטירט פאַר זיינע שיינע און טאָקטפולע גראַמען וואָס ער האָט געלייענט.

ווען איך האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען פאַרשטייען זיי יידיש? האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי האָבן עס דערקענט לויט די סאַלוועס געלעכ־טער וואָס איז אַלע מאָל אַרויסגעשאָסן געוואָרן אינמיטן לייענען...

שלמה שיינבערג און זיין ברודער דוד האָבן רעציטירט „מאָניש" פּרצס און אַנדערע זאַכן. אויף דערויף זענען זיי ביידע געווען „מזיקים". מ'איז געווען פריילעך, אונטערן גלעזל, נאָך דעם איינדרוקספולן און געלונגענעם פורים־באַל.

שלמה שיינבערג האָט, אַחוץ אַלע זיינע שרייבערישע און אַנדערע טאַלאַנטן (ער האָט פיין געמאָלן, געשפּילט אויף דער פידל), געהאַט אַן אַקטיאָרישן און רעזשיסערישן טאַלאַנט, און ער האָט פון צייט צו צייט אויפגעפירט אַ פּיעסע און טאַקע פון אַן ערענסטערן זשאַנר, ווי מאָליערס „דער קאַרגער", אין וועלכן עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די צוויי ברידער שיינבערג און דער זעצער אַהרן געווערצמאַן.

צו אַזעלכע טעאַטער־פאָרשטעלונגען איז שטענדיק געקומען אַ גרויסער דורשטיקער עולם, וואָס האָט אויפגענומען דאָס שפּילן מיט גרויס פאַר־שטענדעניש און ענטוזיאַזם. מען האָט געשפּילט גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול" און אַנדערע פּיעסן. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ליטעראַ־רישע אָוונטן אין פולאַוו און אין די שכנותדיקע שטעטלעך, ווי קאָריוו, אָפּאָלע א. אַ., און שטענדיק מיט גרויס דערפאָלג — כי מפולאַוו תצא יידישע קונסט!... פולאַוו איז געווען אַ שם־דבר אויף דעם געביט און מ'האָט גערעדט וועגן איר מיט גרויס אַכטונג.

פון פולאַוו שטאַמט אויך דער היינט גוט־באַקאַנטער דיכטער און שריפטשטעלער שמחה סנה (ראָזענבלאַט), וועלכער לעבט אין בוענאָס־איירעס. הגם ווען עס איז אַנטשטאַנען די א. ג. „פולאַווער אַקאַדעמיע", האָט ער נאָך נישט „עקזיסטירט" אַלס שרייבער. איך געדענק אים אַלס אַ יונג 15־יעריק בחורל מיט אַ שטענדיק לאַכנדיק פּנים. ער האָט אָבער

געמאַכט אין זיין לעבן איין גרויסן טעות: ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיינע לידער, וואָס איך האָב דעמאָלט געשריבן און געדרוקט אין פאַרשידע־נע זשורנאַלן און ער האָט מיר געזאָגט, מיט זיין לאַכנדיק פנים, און אין זיין יינגלישער נאַאיוויטעט, אַז איך בין אַ צווייטער מיצקעוויטש אָדער סלאָוואַצקי, אָדער גאָר ביידע צוזאַמען... און דאָ איז ער דורכגעפאַלן!...

אָבער זיין שכר פאַר מאַכן מיר, אַלס יינגל, אַזעלכע קאָמפּלימענטן, עפּן איך פאַר אים ברייט די טויערן פון דער „פולאַווער אַקאַדעמיע" און נעם אים אַריין!...

איך וויל אויף דעם אָרט — אויב נישט שילדערן — איז כאָטש דער־מאָנען די נעמען פון עטלעכע קולטור־ און פּאַרטיי־טוער, וועלכע איך האָב אין פלוס פון מיין אַרטיקל נישט געהאַט די געלעגנהייט אַריינצונעמען. ואילו הן:

ברוך גרינבוים (לינקע פועלי־ציון, געשטאָרבן אין די פריע 20ער יאָרן), יאַקיר ניימאַרק (לינקע פועלי־ציון, לעבט אין ישראל), יהושע טאַרטשיק (לינקע פועלי־ציון, אומגעקומען), דוד נוח טאַרטשיק (פולאַווער ראַטמאַן, לעבט אין באַליוויע), העניך רעכעלס (שלמה שיינבערגס אַ פעטער, פולאַווער ראַטמאַן, אומגעקומען), יצחק וויינטרויב, אַ געלערנטער און דענ־קענדיקער מענטש, אַ צייט געאַרבעט אין יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין וואַרשע און, דאַכט זיך, אויך אין „מאָמענט" (אומגעקומען), לייבל בראָנשטיין (כלל־טוער און ציוניסט, אומגעקומען), און די איבעריקע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט, זאָלן מיר מוחל זיין!...

אוי, פולאַוו, פולאַוו, וואָס איז פון דיר געוואָרן! — איכה ישבה בדד... וואָס פאַר אַן אויסזען האָט פולאַוו, ווי אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, לעבעדיקע און קולטורעלע שטעטלעך, אָן יידן?! וואָס פאַר אַ פּנים האָט גאַנץ פוילן אָן יידן?!

וויל איך מיט מיין גרעסערן אַרטיקל וועגן דעם קולטורעלן פולאַוו, מיין אַדאָפּטירט שטעטל פולאַוו, שטעלן אַ באַשיידענע מצבה לעדי־עד!

**יעקב ראַשעל (יעקב, דודל מאַלערס)**

# פולאַוו מיט 50 יאָר צוריק

## גאַסן און געסלעך



מיין געבורט־שטאָט פולאַוו איז געווען אַ קרייז־שטאָט מיט עטלעכע פאַראַדנע גאַסן און אַ צאָל געסלעך. אין פאַרגלייך מיט אַרומיקע שטעטלעך ווי קוזמיר און קאָנסקע־וואָליע איז עס געווען אַ גרויסע שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 6,000 איינוואוי־נער, שוין אַריינגערעכנט די אַרטילעריע־סאָלדאַטן פון די קאַזאַרמעס קעגנאיבער דעם קאָצקער רבינס הויף, און די פיעכאָטנע־סאָלדאַטן פון די „קאָשאַרן״.

די לובלינער גאַס האָט זיך געצויגן פון דער ווייסל ביז העט אַרויף צו די „קאָשאַר,״, און דער פיין ברוקירטער שאָסיי האָט זיך געצויגן אַזש קיין קאָנסקעוואָליע און נאָך ווייטער קיין קאָריוו. דאָס איז געווען אַ שיינע גאַס מיט טראָטואַרן פון ביידע זייטן גאַס און מיט שיינע געביידעס, טייל צווייִשטאָקיקע פון ציגל און שטיין מיט געזימסן און שטוקאַטעריע. מיט קליינע אויסנאַמען האָבן כמעט אַלע הייזער אויף דער גאַס געהאַט געוועל־בער מיט סחורה פון פאַרשידענע מינים.

פון דער רעכטער זייט, אַן ערך 20 וואוינונגען פון דער ווייסל, איז גע־שטאַנען דער פוילישער קאָשטשאָל, יידן האָבן עס גערופן „די טימע״, אַ שיינע אימפּאָזאַנטע געביידע מיט אַ קיילעכדיקן קופּאָל. דער גרינבאַ־גראָזטער גרויסער הויף איז געווען אַרומגעצוימט מיט ווייסע שטאַכעטן. זונטיק אין דער פרי פלעגן שטאָטישע גויים, פון די „מאָקראַטקעס״ און פון ווילקער וועג ציען אין קלויסטער. מ׳האָט געהערט גלאָקן־געקלאַנג, און די פאַרזאַמלטע, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון גלח, האָבן געבלעקעצט און געזונגען שטימונגספולע לידער. אין חגאות ווען גראָמאַדעס האָבן מאַרשירט פאַרביי דעם קלויסטער מיט גרויסע צלמים און הייליקע פענער און האָבן געבלעקעצט, האָבן יידן אויף דער לובלינער גאַס זיך געפילט אַ־מהיימלעך. ווייטער אַרויף פון דער צווייטער זייט גאַס איז גע־שטאַנען קאַראָלס שיין געבויטע אַפּטייק, אַרויפצוגיין עטלעכע טרעפּ פון

געשליפענעם שטיין. די אַטמאָספּערע א־נעווייניק איז געווען זויבער און פּאָרכטיק. האַרט לעבן דער אַפּטייק איז געווען אַ יידישע שניטקראָם, דאַן אַן איליצקעלע (געסל) וואָס האָט געפירט צו דעם נייעם בית־מדרש און דער שול. פון דער לינקער זייט איליצקעלע איז געווען אַ צאָל יידישע קראָמען, צווישן; זיי דאָס געוועלב פון יאַנקל שוחט און זיין זון חיים.



דער מחבר יעקב ראַשעל און זיין שװעסטערל שרהלע (פאַרטיליקט געוואָרן פון די נאַצישע רוצחים מיט איר מאַן נחום).

פאָטאָגראַפירט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין פולאַוו.

אַנטקעגנאיבער האָט געוואוינט פעלטע שוחט, און אויפן ראָג פון די גאַסן, לובלינער און איוואַנגראָדער, אַרויפצוגיין אויף הילצערנע טרעפּ, איז געווען די טשיינע, וואו אַ צאָל יידישע שכנים האָבן שבת געקויפט הייס וואַסער פאַר טיי. אַנטקעגנאיבער, אויפן צווייטן ראָג גאַס, איז געווען דער מאָ־נאָפּאָל. האַרט דערלעבן — אַנטשעלעס שיין סאָדע־וואַסער געוועלבל, וואו זיינע צוויי שיינע יונגע טעכטער האָבן פאַרקויפט געלעזער סאָדע־וואַסער מיט אמתן מאַלינעס סאָק. אַביסל ווייטער די קשענגאַרניע (בוכגעשעפט) פון דעם קאַזשיאָנעם ראַבינער רויז און פיל אַנדערע געשעפטן.

די אייגנטימער פון די געשעפטן און אפילו די דורכגייער אויף די טראָטואַרן זענען געווען נעט געקליידט. אַביסל אַרופצוצו, אַרום יאַנאָווס־קיס גאָרקעך האָבן שפּאַצירט סטודענטן און יונגע אָפיצירן מיט חוצפה אין זייער באַנעם.

די איוואַנגאָראָדער גאַס האָט דורכגעשניט; די לובלינער ביי דער

אַפּטייק און איז געלאָפן אַרויף ביז צום שיינעם טויער פון „הויף”, וואו ס'האָבן זיך געפונען פאַרשידענע לערן־אַנשטאַלטן און די וואוינונגען פון די לערער פון דעם אַגריקולטור־אינסטיטוט. אַראָפּ איז די ברוקירטע גאַס, אָבער ניט אומעטום מיט טראָטואַרן, געלאָפן ווייט אַראָפּ, פאַרביי דעם „זאַמד” העט ווייט אויפן ווילקער וועג, נאָך ווייטער פון קאָפּעלמאַנס מאַלץ־פאַבריק. יידן האָבן אַ טייל פון דער גאַס גערופן די יאַטקע גאַס.



עלטערן און שוועסטער פון מחבר.

דער פאָטער געשטאָרבן כדרך כל הארץ צו 72 יאָר, די מוטער און שוועסטער (צוזאַמען מיט איר מאַן) אומגעקומען דורך די נאַציס.

די נעקסטע לאַנגע גאַס, צו מזרח, איז געווען די פּיאַסקאָווע אוליצע, אָדער דעם רבס גאַס. זי האָט אויך דורכגעשניטן די לובלינער גאַס און איז געלאָפן אַרויף דורך די ליפּעס פאַרביי דעם אינטערנאַט און אַריינגע־שלענגלט זיך אין די „מאָקראַטקעס”. אַראָפּ איז די גאַס געלאָפן צום צום זאַמד און פאַרשלונגען געוואָרן אין דעם גראָמאַדנעם מאַרק פּלאַץ, וואו פּויערים זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן פון אַרום פולאַוו כמעט איין מאָל אַ חודש מיט זייערע פעלד און גאָרטן־פּראָדוקטן, פון אַ הייפּטל קרויט און אַ טוץ אייער ביז אַ קעלבל און אַ יונגע זשרעביע.

ס'איז געווען נאָך אַ שיינע גאַס, זי האָט זיך אָנגעהויבן פון דער לובלינער גאַס לעבן דער „קאָזע” (תפיסה), פון איין זייט און פון דער „אָבער־

זשע" אין דער צווייטער זייט. זי האָט זיך געצויגן פאַרביי ווענלוול גאָר־פינקלס קאָמעניצע, וועלכע איז געווען באַשאָטנט פון די בוימער אין דעם באַשיידענעם שטאָטישן גאָרטן.

דאָס איז געווען די פּאָוויאַטאָווע גאַס. דאָרט זענען געווען די קאַנצעליאַריעס פון פּאָוויאַט און פון דער פּאָליציי.

פון אָט די הויפּט־אַרטעריעס האָבן זיך געצויגן געסלעך און איליצקעס.

## מיין זיידנס הויזגעזינד

אין אַ קליין איליצקעלע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דער בית־מדרש־גאַס, בין איך געבוירן געוואָרן און דאָרטן פאַרבאַרכט מיינע קינדער־יאָרן. מיינע עלטערן, דוד און פּייגע־רבקה רחלסמאַן, האָבן געוואוינט אין אַן אָל־קער אין שכנות מיט הערצלען און זיין פרוי טאָבע און זייער טעכטערל עטל. ווינטער האָט הערצעלע געהאַנדלט מיט גענדזנס, זיין פרוי טאָבע האָט אַרויס־געהאָלפן, און זומער זענען זיי געווען סאַדאָווניקעס. דאָס צווייטע האַלבע הויז, מיט אַ דורכגאַנג צום הויף, איז באַשטאַנען פון אַ רחבותדיק צימער מיט צוויי פענצטער צום הויף. דאָרט זענען געשטאַנען צוויי בעטן שיין פאַרבעט כּאָר זיידע־באָבע, מיט אַ גרויסן טיש אין צענטער פון צימער, באַדעקט מיט אַ שיין טישטעך. לעבן דעם שלאָפצימער איז געווען אַ גראָמאַדנע קיך מיט אַן אויוון צו באַקן חלות און ברויט אויף שבתים און יום־טובים, מיט אַ פּיעקאַליק, אויך אַ קוימען מיט פייערקעס צו קאָכן מיטיק און וועטשערע. קעגנאיבער, אין ווינקל לעבן דער טיר, איז געשטאַנען אַ גרויס פאַס באַשלאָגן מיט דריי אייזערנע רייפּ׳. מאָטל וואַסערטרעגער, אַ מיטלוואוק־סיקער ייד מיט אַ רויטלעך פּנים און אַ שיטער גרוילעך בערדל, אין פאַרשמאָדערטע פּלודערן און אין אַ וואַטאָווע לייבל האָט אַריינגעברענגט צוויי מאָל אַ טאָג צוויי וויאַדרעס וואַסער, וואָס ער האָט געטראָגן אויף נאַשידלעס. מיין זיידנס הויזגעזינד איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ער זאָל דאָס וואַסער ברענגען פון משה יקירס ברונעם, וואָס איז געווען אַ ביסל אָפּגערוקט פון ווילקער וועג, אויפן זאַמד. דאָס דאָזיקע וואַסער איז געווען מחיהדיק קיל און פריש, און ניט פון דער שוואַרצער פריידעס ברונעם וואָס איז געווען פון דער צווייטער זייט ווילקער וועג, וועמעס וואַסער האָט גע־האַט אַ מאָדנעם טראָנטש (ביי־טעם).

די קיך פון מיין זיידנס הויז איז געווען באַשטעלט ביי די ווענט מיט בעטן, אין וועלכע ס׳זענען געשלאָפן דריי דערוואַקסענע מיידלעך, צוויי יינגערע בחורים, און ביי דער וואַנט צום איליצקעלע זענען געשטאַנען צוויי בעטלעך פאַר מיין עלטער־זיידן פייוול און עלטער־באָבען גליקל. זיי האָבן געלעבט צוזאַמען 70 יאָר.

מיין עלטער־באָבע האָט געלעבט 96 יאָר, ווען זי איז געשטאָרבן איז מיין עלטער־זיידע פייוול געזעסן מיט דער פליצע צום קאַכלאָווע אויוון, געהעשעט און טרערן זענען גערונען אויף זיינע איינגעפאַלענע באַקן. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז מיין עלטער־זיידע פייוול געוואָרן שוואַך און קראַנק. ער האָט דערפילט אַז דער סוף קומט אָן, האָט ער צוגערופן דאָס הויזגעזינד און זיי געבענטשט, צום לעצט האָט ער אַרויפגעלייגט זיין שלאַבעריקע האַנט אויף מיין קאָפּ און געזאָגט: „יעקב, זאָלסט דערלעבן מיינע יאָרן״. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט מען צוגעלייגט אַ פעדער צו זיין נאָז, זי האָט זיך נישט באַוועגט, האָט מען געוואוסט אַז דער זיידע פייוול איז טויט. ער האָט געלעבט 113 יאָר. צו זיין לוויה, אין אַ פראָסטיקן ווינטער טאָג, האָב איך געוואָלט נאָכגיין נאָך דער מיטה אַרויס צום בית־עולם וואָס איז געווען ווייט אַרויס אויפן ווילקער וועג, אָבער די בני־בית האָבן מיך נישט געלאָזט. וואָרים איך בין געווען צו יונג, האָב נאָך נישט געלייגט קיין תפילין.

שבת בייטאָג נאָך דער שבת־סעודה האָבן זיידע־באָבע זיך געלייגט שלאָפן, זיך אויסרוען פון דער וואָך שווערער אַרבעט. דער זיידע, נאָכן דאַוונען ביי „השכמה״, האָט גאַנץ פרי געאיילט אין יאַטקע אַריין צו צע־האַקן די זייטלעך פלייש מיט אַ שאַרף העקל. די קלענערע טיילן צעשניטן מיט אַ שאַרף לאַנג מעסער, טרייבערן די כשרע זייטלעך, און די באָבע איז געקומען שפּעטער און כמעט אַ גאַנצן טאָג געהאָלפן פאַרקויפן פלייש צו גויים און יידן, רעדן צו די קונים, און אָפּוועגן ס׳פלייש אויף אַ וואָג וואָס איז געהאָנגען אויף אַ קייט פון סופיט אין צענטער פון יאַטקעקלאָץ.

מיין באָבע לאהלע האָט מיך צייטנווייז איינגעלאַדן אין זייער הויז צו אַ שבת בייטאָג מאָלצייט און האָט מיר אָפּט צוגעלייגט אַן עקסטרע שטיקל גראַשיצקע, אַ לעבערל, דערביי צוגעגעבן: „עס, יעקבשי, וועסטו האָבן כוח צו לערנען״. טיילמאָל האָט דער זיידע, אויב ער איז נישט געווען מיד, נאָכן עסן אַריינגעקוקט אין מדרש רבא, און אויב ער האָט געהאַט אַ שווערן ענין און איך האָב אים מסביר געווען די שטעל האָט מיין באָבע לאהלע אָנגעקוואָלן.

איך האָב טיילווייז פאַרדינט מיין באָבעס צערטלעכקייט און איר באַ־שיצונג קעגן מיינע עלטערנס רדיפות דערמיט, וואָס ווען זי האָט „שבת נאָכן קוגל״ גענומען לייענען אין „טייטש־חומש״ די סדרה פון דער וואָך און האָט זיך פאַרמאַטערט אויפצומישן זי, פלעגט זי זאָגן: „יעקבשי, מיש מיר אויף די היינטיקע סדרה״. אין אַ מינוט האָב איך איר דערלאַנגט דאָס „טייטש־חומש״ מיט דער סדרה פון דער וואָך, דערפאַר וואָס איך האָב געוואוסט דעם סדר פון די סדרהס. זי האָט באַוואונדערט מיין וויסן און פלינקייט און איז מיר געווען דאַנקבאַר.

מיין זיידע יאָסעלע העקער (בוכוואַסער), הגם מיד פון אַ שווערן טאָג

אַרבעט, האָט באַלאַנגט אין דער „חברה־קדישא״ און אין דער „חברה ביקור־חולים״. אַ צייט געווען גבאי אין דער „חברה ביקור־חולים״.

חמישה עשר בשבט פלעגן די מיטגלידער זיך משמח זיין מיט פאַרשידענע עקזאָטישע פרוכטן: ווי באָקסער, פייגן, טייטלען, שאָפּטאַלן. ער פלעגט מיר צומאָרגנס געבן אַ גאַנצע זשמעניע פון די דערמאָנטע פרוכטן מיט אַ צולאָג פון וועלשענע ניס, האָזענע ניס, און ראָזשינקעס.

טיילמאָל פלעג איך שבת זיך פאַרזוימען אין זיידנס הויז ביז נאָך מנחה־מעריב און דער זיידע האָט געמאַכט הבדלה מיט וויין אין אַ זילבערנעם בעכער, געטרונקען אַ ביסל, געזאָגט „גוטוואָך״, דאַן אַ שמעק געטאָן פון „בשמים־ביקסל״ און געגעבן דעם בעכער צו דער באָבען. זי האָט באַנעצט די ליפּן, דאַן געגעבן דעם בעכער צו פּסח־מענדלען און נאָך אים האָט פאַרזוכט לייזער, דער יינגערער. מרים האָט געבעטן ביי די יינגלעך זיי זאָלן עפּעס איבערלאָזן. ווען ס׳איז געקומען איר ריי האָט זי זיך באַקלאָגט אַז זיי האָבן נאָר איבערגעלאָזט אַ פּאָר קראָפּליעס (טראָפּנס). גיטל, די יינגערע, האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף איר ריי און זיך געבעטן ס׳זאָל כאָטש בלייבן אַ נויקיץ (קליינע טראָפּנס).

די מיידלעך האָבן זיך געריסן פאַרן הבדלה וויין, דערפאַר וואָס מ׳האָט געזאָגט אַז ס׳איז אַ סגולה צו קריגן אַ גוטן חתן.

זומערדיקע שבתים, נאָכן געשמאַקן מאָלצייט, זענען די דערוואַקסענע יינגלעך געגאַנגען אין גאָרטן פון אַלטן בית־מדרש שפּילן אין „פּאַרקופּיען״. די שפּיל: „איינער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ באַלעם מיט אַ פּאַלאַנט, דאָס קעגנאיבערדיקע בחורל האָט געכאַפּט דעם באַלעם און געפּרואווט טרעפן אַ בחורל וואָס איז האַסטיק געלאָפן צום באַשטימטן פּלאַץ. אָדער מ׳האָט געשפּילט „קאַמע קאַמע טיר״. די שפּיל: „יינגלעך זענען געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו אַ בוים, איין יינגל איז געבליבן אָן אַ בוים־באַזע. די יינגלעך האָבן זיך לויפנדיק געביטן מיט זייערע באַזעס און דאָס אויסגעבליבענע יינגל האָט געזוכט צו פאַרכאַפּן אַ ליידיקגעוואָרענע באַזע.

דערוואַקסענע כלה־מוידן זענען געגאַנגען שפּאַצירן אין פּאָרלעך. אַז אַ מיידל האָט שוין געהאַט אַ בחור האָבן זיי שפּאַצירט אויף ווילקער וועג, אָדער זיי זענען געגאַנגען אין די ליפּעס.

ווען דער ווינטער האָט זיך געשטעלט, האָט מען אַריינגעשטעלט די טאָפּלטע פענצטער, צווישן זיי אָנגעשיט געל זאַמד, אָנגעלייגט עטלעכע קנוילן וואַטע, אַרויפגעוואָרפן אויף דער וואַטע קאָלירטע שטיקלעך וולוטשקע. פון דרויסן איז דאָס הויז געווען ענלעך צו אַ בילדל פון „גרענדמאַ מאָזעס״.

ווינטערדיקע שבתים איז דער דיל געווען אויסגעשיט מיט ריין געל זאַמד. שכנישע מיידלעך זענען זיך אָפט צוזאַמענגעקומען שבת נאָך מיטיק

אין מיין זיידע־באָבעס הויז און האָבן געטאַנצט אַ לאַנסער און אַנדערע גרופּן טענץ, אַקאָמפּאַנירט פון אייגענעם געזאַנג. אָנגעפירט די שבתדיקע נאָכמיטיק פאַרווייליונגען האָט מיין מומע גיטל, אַ מויד אַ ברען, גוט אַנטוויקלט און ברייטהאַרציק, מ׳פלעגט רעדן רכילות אַז זי גייט אַרום מיט סאָלדאַטן. איך געדענק ווי מיין טייערע באָבע לאהלע האָט געמוסרט גיטלען, איר טאָכטער: „מיין קינד, אַ מאַן איז געגליכן צו אַ גלאָז, ווען ס׳ווערט אומריין וואַשט מען עס אויס און ס׳איז צוריק ריין, אָבער אַ מיידל איז געגליכן צו אַ האַנטעך, ווען ס׳ווערט באַפלעקט אפילו ווען מ׳וואַשט עס אויס בלייבט נאָך אַלץ דערויף „פּליאַמעס". און מיין מומע גיטל, די ברענענדיקע מויד, פלעגט ענטפערן אַביסל מיט רוגזה, „האָב נישט קיין מורא מאַמע, איך ווייס ווי זיך אומצוגיין מיט בחורים".

דאָס איליצקעלע פאַרביי מיין זיידנס הויז האָט זיך ביים סוף פון דעם בנין אויסגעדרייט ווי אַ רייש, דאַן אַ צי אויס ווי אַ לאַנגע נון, צום סוף זיך אויפגעלייזט אין אַ גרויסן הויף, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געעפנט טירן פון פינף פאַמיליעס.

עקסטרעם רעכטס האָט געוואוינט מלך בעדנער. ער האָט צוזאַמענגע־קלאַפּט פעסלעך און גרויסע פעסער, באַשלאָגן מיט אייזערנע רייפן און טיילמאָל מיט הילצערנע רייפן. ער האָט אויך פאַרראָכטן שוין גענוצטע פעסלעך וואָס באַלעבאָסטעס האָבן געברענגט. די פעסלעך זענען געוואָרן צעלעכצט האָט דער ראָסל פון די איינגעזייערטע אוגערקעס אָדער קרויט אָנגעהויבן אַרויסרינען. ער פלעגט אויך פאַרריכטן פאָמיעס־שעפלעך, וועמעס קלעפקעס זענען צעלעכצט געוואָרן און אָנגעמאַכט אַ פלעק אויפן דיל.

ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל פלעג איך מיט אַנדערע יינגלעך צושניפּן (לאַטכענען) אַ רייף אָדער צוויי און קאָלערן עס אין גאַלאָפּ אויפן זאַמד, אויסשיסן אין אַ קוועלנדיק געלעכטער ווען אַ יינגלס רייף איז אומ־געפאַלן און נישט געגרייכט צום ציל.

עקסטרעם־לינקס האָט געוווינט מ א י ר (ב אַ ק) ב ע ק ע ר. אַ הויכער ייד מיט אַ בלאַס, שמייכלענדיק, קלוג פּנים און אַ פאַרמעליקט בלאָנד בערדל. ס׳האָבן אים אַרויסגעהאָלפן זיין געטרייע, גוטהאַרציקע פרוי חיה, וועלכע האָט סיי זומער אין די היצן און ווינטער אין די פרעסט גע־דזשוויגעט אַ פולן קויש מיט געבעקס: געמישטע ברייטלעך, געבייטלט ברויט, שטריצן, געפלאָכטענע לענגלעכע קוילישן, קלענערע חלהלעך מיט גאָמבקעס אין ביידע עקן און אַ פלעכטל אין סאַמע מיטן. געהאָלפן אין געשעפט האָבן אויך די צוויי טעכטערלעך, שרהלע מיט אַן ערנסט פּנימל, טונקל ברוינע אויגן מיט גלאַט פאַרקעמטע האָר, און באַשעלע מיט אַ בלאָנד צעפלאָשעטן קאָפּ האָר און אַ מילד פּנים. זיי האָבן געדזשוויגעט

קלענערע קיישלעך מיט פאַרשידן געבעקס. טיילמאָל האָט פון קוישל אַרויסגעשטאַרצט אַ געלבלעכער קוכן, געבאַקן פאָסנע, מערסטנס פאַרן גויישן געברויך.

זיי האָבן געדזשוויגעט די קוישן צו די לידעס: געשטעלן פון אימפּראָוויזירטע טישן באַגלייט מיט פּראָדוקטן און אַרטיקלען, וואָס שטאָטישע באַלעמעלאָכעס און הענדלער האָבן געהאַט צו פאַרקויפן. ישראל זיגלבוים, מנשה באַרישטס זון, אַ יונגער פול־בלוטיקער, שטאַלטנער בחור, פלעגט האַסטיק פירן זיין גרינוואַרג אויף אַ וועגעלע מיט צווי גרויסע רעדער צו די לידעס. פון צווישן זיין פאַרשידנאַרטיק גרינצייג האָבן די רויטע, צייטיקע פּאָמידאָרן אַרויסגעקוקט מיט גדלות. די העל אָראַנזש־קאָלירטע מייערן מיט ליכטיקע גרינע שפּראָצונגען פון זייער קעפּלעך האָבן געוואונקען מיט ביטול צו די בלאָטיקלעך פאַרגרעבטע רעטעכער און תמעוואַטע רייבעלעך. פון אַ זייט האָבן אַרויסגעבליקט בינטלעך גרינע שטשיפּיאָר און האָבן זיך אוודאי געטראַכט: אָן אונדז קאָן מען דען צוגרייטן אַ לייטיש שיסעלע צוואָרעך מיט פּאָדשמעטאַנע? די קליינע ראש־חודש־רעטעכלעך זענען נעבעך געלעגן געפּלעפּטע אין אַ ווינקל. די טישן זענען געווען אויסגעשטעלט ביים אַפּטייקערס פּלויט און האָבן זיך געצויגן כמעט אויף אַ בלאָק.

אין דער לינקער זייט, אין אַ ווילגאָטנע שטוב האָבן געוואוינט טויטל, אַ מגושמדיקער קרעפּטיקער מאַן, מיט זיין בלאַסער אויסגעדאַרטער פרוי דרעזל טשואיש און זייער יונגע, נאַרישעוואַטע טאָכטער מאַליע. טויטל האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע מלאכה. פּסח צייט פלעגט ער אויסקאַלעכן די שטיבער ביי נישט פאַרמעגלעכע יידישע פאַמיליעס. אַ גאַנץ יאָר האָט ער אַרויסגעהאָלפן ביי וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט און אַ מאָל אויסגעשטעלט די האַנט נאָך אַ נדבה. זיין ווייב פלעגט וואַשן וועש פאַר לייטן, ביי דער „ליאַכע״. איינמאָל ווען דער שטראָם איז געווען הויך האָט זיך אַ קאַן אַרויסגעגליטשט פון איר האַנט, זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן כאַפּן די קאַן און איז דערטרונקען געוואָרן.

ווען ביי מיינע עלטערן איז געבוירן געוואָרן מיין שוועסטערל שרהלע, איז דער אַלקער געוואָרן ענג פאַר פיר מענטשן, האָט זיך די משפחה אַוועקגעצויגן אויף דער יאַטקע גאַס אין אַ גרויס רחבותדיק צימער, מיט אַ גרויס פענצטער צו דער גאַס.

שפּעטער איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ מיידעלע. דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט די מאַמע געשיקט דעם טאַטן צום רבין ער זאָל אָנווינטשן אַז דאָס קינד זאָל געזונט ווערן, דעם רבינס תפילות האָבן נישט געהאָלפן, דאָס קינד איז געוואָרן חרוב, האָט די מאַמע נאָכאַמאָל געשיקט דעם טאַטן

צום רבין, איז ער געגאַנגען, און דער רבי האָט געראָטן מ׳זאָל רופן דעם דאָקטער. ווען דער דאָקטער איז געקומען האָט דאָס קינד געהאַט אַריבער 103 גראַד היץ, עס איז שוין געווען צו שפּעט און ס׳איז געשטאָרבן.

## מיינע מלמדים

איינער פון מיינע ערשטע מלמדים איז געווען ישראל־יצחק מלמד, אַ הויכער ייד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַן אָנגענעם פּנים און אַ ברוין־רויטלעכער באָרד. זיין דירה, וואָס איז אויך געווען דאָס חדר, איז געווען ביים עק פיאַסקאָווע גאַס, אָדער ווי מ׳האָט זי גערופן דעם רבס גאַס, וואו זי איז אַריינגעפאַלן אין גראָמאַדנעם זאַמד.

ישראל יצחק מלמד האָט געלערנט מיט מיר אלף־בית. און קרום סידער. איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ קליין יינגעלע, האָט מען מיר געברענגט מיטיק עסן. איינמאָל, געדענק איך, האָט מיר מיין עלטער־באָבע גליקעלע געברענגט אַ טעפּעלע מיט יונגע, נייע קאַרטאָפליעס אין סמעטענע, מיט ריישעכטס. זי האָט הנאה געהאַט זעענדיק ווי איר יונג אוראייניקל פאָסמאַקעוועט זיך און אונטערגעברומט: „עס, עס, יעקבשי, ווערסטו האָבן כּוח צו לערנען תּורה״.

דאָס צווייטע יאָר האָט מיין רבי ישראל־יצחק זיך אַריבערגעצויגן אין בית־מדרש־געסל. פון דער דירה איז מען מיט עטלעכע טרעפּ אַרויסגע־גאַנגען אין אַ גרויסן פאַדוואַרזש וואו די קינדער האָבן פאַרברענגט. אין חדר האָבן געלערנט יינגלעך און מיידלעך אין עלטער פון אַרום אַכט און ניין יאָר. ווינטער, ווען די טעג זענען קורץ, האָט ער מיט מיר געלערנט ביינאַכט ביי אַ קאַגעניקל נאַפט, מיט אַ צוזאַמענגעפּרעסט בלעכן רערל, פון וועלכן ס׳האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ שנויץ. דאָס פלעמל האָט בלאָס באַלויכטן די אותיות. איך געדענק נישט קיין אַנדערע קינדער וואָס זאָלן האָבן געלערנט ביינאַכט, קאָן זיין אַז מיינע עלטערן האָבן געצאָלט דעם מלמד אַן עקסטראַ קערבל ער זאָל שטאָפּן די תורה אין מיר. ביי ישראל־יצחק מלמד האָב איך אָנגעהויבן לערנען חומש.

מיין צווייטער מלמד איז געווען פרץ „מיט די גיזעס״. ביי אים האָט מען שוין געלערנט חומש מיט רש״י. אַז מ׳האָט זיך פאַרזינדיקט האָט ער געשמיסן אויפן נאַקעטן הינטן מיטן פאַסיק פון זיינע הויזן. די מערסטע יינגלעך האָבן סימפּאַטיזירט מיטן געשמיסענעם. מיין דריטער רבי איז געווען אַלטער מלמד. אַ מיטלוואוקסיקער ייד מיט אַ רויטלעכער באָרד, אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געוויקלט זיינע פאַפּיראָסן פון טיטון אין צוגע־שניטענע בלעטלעך ציגאַר פּאַפּיר. ער האָט גערויכערט דעם פאַפּיראָס ביזן סאַמע סוף, דערפון זענען ביי אים די נעגל פון זיינע פינגער געווען געלבלעך און פאַרברענט.

דאָס חדר, וואָס איז געווען אויפן עקסטרעמען סוף פון „זאַמד" נישט ווייט פון ווילקער שאָסיי, איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגער שמאָלער דירה, אָפּגעטיילט מיט אַן אויוון, האָט עס אויסגעקוקט ווי צוויי צימערן. אין זיי האָבן געוואוינט אַלטער מלמד מיט זיין פרוי, אַ טאָכטער פון אַ יאָר 14, אַ זון פון אַ יאָר 16, וואָס איז שוין געווען אויף דער „לער" און אַ יינגער יינגל וואָס האָט געלערנט אין מיין כיתה. איינמאָל ווינטער, ס'איז געווען ביינאַכט, מ'האָט געלערנט די סדרה „תרומה", וואו רש"י פאַרטייטשט און מאָלט די פאַרשידענע טיילן פון משכן. פאַר אונדזערע קעפּלעך איז עס געווען קאָמפּליצירט. מיר זענען געזעסן דריי יינגלעך און צוזאַמען געלערנט די פרשה. לייבוש, דעם רבינס זון לעבן פאָטער, דער געלער אברהמל, דער עלטסטער, ער האָט שוין אָנגעהויבן לייגן תפילין, פון דער צווייטער זייט און איך אינמיטן. מיר האָבן געדרעפּטשעט ווי אויף „פוילישן וועג", ווי דער רבי לאָזט אָפּ לייבושן אַ פּלאַם און ער דראָעט אברהמלען. איך האָב אינסטינקטיוו אריינגעצויגן מיין קעפּל צווישן די אַקסלען פאַר מורא. ווען כ'האָב געהערט ווי אַלטער מלמד גיט אַ זאָג: „דאָס מיטלסטע פּערדל ציט און די זייטיקע שקאַפּעס שלעפּן זיך" האָב איך לייכטער אָפּגעאָטעמט.

אַלטער מלמדס ווייב האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה. זי פלעגט קויפן גענדז אויפן יאַריד, זיי קוילענען, אָפּפליקן, די פעדערן זענען פאַרנוצט געוואָרן פאַרן איבערבעט און קישנס און דאָס געגנזנס פאַרקויפט צו שכנים און סתם קונים. איך האָב אויך געלערנט אַ זמן ביי יאָסעלע מלאך אין וואָס פאַר אַ סדר געדענק איך נישט. זיין וואוינונג און חדר איז געווען קעגן דער פּלייצע פון דער גרויסער שול, אַרויפצוגיין עטלעכע טרעפּ. ער איז געווען אַ הויכער, עלטערער מאַן מיט אַ שוואַרץ גרוילעכער באָרד. ער האָט זעלטן זיך געבייזערט. ער האָט געהאַט איין זון אין הויז, אַ בית־מדרש־בחור. זיין צווייטע פרוי פייגע־לאה האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה פאַרקויפנדיק קעז און דזשוויגנדיק קאַנען מילך און פאַדשמעטאַנע צו קונים. אַ באַשטימטן טאָג אין וואָך פלעגט ער זאָגן צו איר: „נו, לאָמיר זיך אָפּ־רעכענען". נאָכדעם ווען די יינגלעך זענען אַהיימגעגאַנגען איז ער ערשט גע־גאַנגען אין נייעם בית־מדרש לערנען גמרא, זוהר, ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאַן איז ער אַהיימגעגאַנגען און זיך אַליין גענומען וועטשערע וואָס ס'ווייב האָט געלאָזן אין אַ טעפּל, אויפן קוימען אין הייסן פּריפּיק, עס זאָל זיין וואַרעם. מ'דערציילט אַז איינמאָל, אַהיימקומענדיק שפּעט אין אָוונט, זענען אויפן קוימען, אין פּריפּיק, געשטאַנען צוויי טעפּלעך, איינס לאָקשן מיט יויך, דאָס צווייטע מיט קראָכמאַל פאַרן מאַרגנדיקן געוועש. ווען ער האָט שוין געהאַט אויפגעגעסן כמעט אינגאַנצן, האָט ער אויסגערופן צו זיין דרעמלענדיקער פרוי: „פייגע־לאה, ס'איז דאָך עפּעס זייער נישט גוט". האָט זי אים געפרעגט: „פון וועלכן טעפּל האָסטו גענומען"? ווען ער האָט

געענטפערט, האָט זי אויסגעשריען: „אוי האָסט דאָך אויפגעגעסן דעם קראָכמאַל און כ׳װעל נישט האָבן מאָרגן מיט װאָס צו קראָכמאַליען דאָס גרעט״!

יחיאל־פייװל מלמד האָט געהאַט זיין חדר אויף דער לובלינער גאַס, אויפן צװייטן שטאָק, אַרויפצוגיין אַ היפשע צאָל הילצערנע טרעפּ, אין זיין פּאַטערס בינעמל שניטקרעמערס הויז. ער איז געװען אַ דאַרער, הויכער מאַן מיט אַ קליין בערדל. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף אַ פרוי. אפילו װען ער האָט גערעדט צו זיין אייגן װייב האָט ער איר נישט געקוקט אין פּנים. ביי אים האָט מען שוין געלערנט גמרא.

מיין לעצטער מלמד — דאָס בריקל צום בית־מדרש — איז געװען מאָטעלע דעם סטעלמאַכס. ער איז געװען אַ מיטלװאוקסיקער יונגער מענטש. פריינטלעך אין זיין באַנעמונג. ביי אים האָט געלערנט אַ קליינע גרופּע געקליבענע תלמידים. געלערנט האָט ער מיט אונדז נישט אין זיין װאוינונג נאָר אין „מאָדזשיצער״ שטיבל, גמרא מיט רש״י, אַ שטיקל „תוספות״ און אויך תנ״ך. ער האָט דערמוטיקט זיינע תלמידים צו לערנען פאַרזיך, און אים פרעגן װען זיי װעלן באַגעגענען שװערע שטעלן אין תלמוד, װעט ער זיי אויפקלערן. ער איז געװען זייער ליבעראַל. אין אַ הייסן זומער־טאָג האָט מען פאַרמאַכט די גמראס און ער איז מיט אונדז געגאַנגען צו דער װייסל און מיר האָבן זיך געבאָדן אין אירע רואיקע, קילע כװאַליעס. ער האָט געטאָן אַלץ אַז מיר זאָלן זיך נישט פילן געקרעמפּט און געשאַפן אַן אַטמאָספערע פון חברשאַפט.

## בתי־מדרשים

דאָס אַלטע בית־מדרש איז געװען אַ הילצערנע געביידע װאָס האָט אין די ימים־נוראים אַריינגענומען נאָענט צו טױזנט הונדערט יידן. עס האָט געהאַט פענצטער אין דריי זייטן. די פאָרנטע זייט האָט געהאַט פענצ־טערלעך אויבן נאָענט צום סופיט, װאָס זענען געװען אָפן צו דער עזרת־נשים, אַז די װייבער זאָלן קאָנען נאָכפאָלגן די תפילות אין די שבתים און ימים־טובים.

אין דער מזרח־װאַנט אין געשטאַנען דער ארון־קודש, פאַרהאָנגען מיט אַ טונקל סאַמעטן פּרוכת. אַ זילבערנער מגן־דוד אין צענטער, באַצוימט מיט אַ זילבערנע טאַשמע אַרום און אַרום, מיט טראָלדן פון זילבערנע און גאָלדענע פעדעם אַראָפּהענגענדיק פון די אונטערשטע ברעגן. דערלעבן רעכטס איז געשטאַנען אַ שטענדער פאַרן בעל־תפילה און חזן פאַר די שבתים און ימים־טובים. פון סופיט איבערן שטענדער האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ נר־תמיד, אין װעלכן ס׳האָט שטענדיק געברענט אַ קליין פלעמל. אינמיטן

בית־מדרש איז געווען דער באַלעמער מיט אַ טרעפּ אַרויפצוגיין. צו מזרח־זייט אַ גרויסער קאַמאָד וואָס האָט געדינט פאַרן שבתדיקן תורה־לייענען. דער בעל־קורא ביים ערשטן מנין איז געווען לאָזער קצב, און דער שמש האָט אין קאַמאָד געהאַלטן זיינע בית־מדרש־מכשירים.

בעל־דרשנס אויף זייער אומקרייזן איבער שטעט און שטעטלעך פלעגן אויך אָפּשטייגן אין פּולאַוו. איך געדענק אַ בעל־דרשן, אַן עלטערער שטאַלטנער ייד, אַ הדרת־פּנים מיט אַ לאַנגע גרויע באָרד. ער איז געשטאַנען אויפן באַלעמער, אַלעמענס אויגן זענען געווען גענווענדט צו אים. ער האָט גערעדט מיט אַ יאָמערלעך קול און אין זיינע דרשות געשטראָפט די זינ־דיקע. ער האָט מיט פלייס אויסגעמאָלן די שבעה־מדורי־גיהנום, וואו מ׳ברענגט און מ׳בראָט די זינדיקע, אַז אַ סקרוך איז אַריבער איבערן לייב. איך האָב געזען ווי ביים לאַנגן טיש וואָס האָט געגרייכט ביז צו דער טיר, דאָרט זענען על־פּי־רוב געזעסן בעלי־מלאכות פון נידעריקן שטאַנד: טרע־גער, קצבים, וואַסערטרעגער, שוסטער. זיי זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. טייל האָבן נישט געקאָנט קוקן דעם רעדנער אין פּנים, מסתם האָבן די זינד באַשווערט זייער געמיט, אַנדערע האָבן געזיפצט. זיין אויספיר איז אָבער אַלעמאָל געווען אַ „נחמו, נחמו עמי". ער האָט געמאָלן אין רעגן־בויגן־פאַרבן דעם שכר וואָס שטייט אָנגעגרייט פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט און אפילו בעלי־תשובה זענען אויך פאַרזיכערט מיט אַ חלק אויף יענער וועלט, דעמאָלט האָבן אַ צאָל אויפגעהויבן זייערע קעפּ, מיט אַ לייכטן זיפץ און פייכטע אויגן.

ד׳ער בעל־דרשן האָט געצויגן אַן עולם כמעט אַ גאַנצע וואָך. פון וואַנעט די געלטלעכע באַלוינונג איז געקומען געדענק איך נישט. עס דאַכט זיך מיר, אַז אַ באַגלויבטער ייד איז געזעסן ביים אַריינגאַנג מיט אַ טעלער אויפן טיש און די מערסטע האָבן אַריינגעוואָרפן עטלעכע מטבעות.

נאָטע־לייב חזן איז געווען אַ באַקאַנטע, וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין און אַרום דעם אַלטן בית־מדרש. ער האָט געדאַוונט שבת פאַרן עמוד, אַביסל הייזעריקלעך אָבער מיט האַרץ. ער איז געווען אין צענטער פון יידישן לעבן נאָענט צו די ימים־נוראים. יענע פאָרכטיקע טעג פלעגט ער גיין אָנגעטאָן אין אַ סערזשענע, טונקעלע קאַפּאָטע מיט קעשענעס פון הינטן און אַ שפּיצל פון אַ גרויס נאָזטיכל מיט טונקעלע אוזאָרן האָט פון דאָרטן אַרויסגעשטאַרט. אויפן האַלדז האָט ער געהאַט אַרומגעבונדן אַ רויט־ברוינע פאַטשיילע, ער זאָל זיך נישט פאַרקילן. ער פלעגט שלינגען רויע אייער אויסצובעסערן זיין שטימע. ס׳האָט אָבער קיין סך נישט געהאָלפן. ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד הייזעריקלעך, מיט אַ טיפע, ציטערדיקע שטימע. אויף טייל ערטער אין דאַוונען האָט ער זיך געציקלט, וואו מ׳האָט געדאַרפט זינגען אַ זמרל האָט ער געזונגען. נאָך ימים־טובים איז געווען

אַן אומצופרידנהייט ביי אַ טייל פון די מתפללים, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו זוכן אַ נייעם חזן. האָט ער דען נישט געהאָלפן אויסבעטן אַ גוט יאָר, יאָר איין, יאָר אויס ?

אויף די דרום־מערב ווענט, זענען געווען צוויי שענק און פון דעם דיל ביזן סופיט זענען זיי געווען אָנגעשטעלט מיט גמראס, פּוסקים, עין־יעקבס, מוסר־ספרים און געציילטע תנ״כן. דער „שבט מוסר״ און נאָך עטלעכע ספרים פון אַ פרום דערציילערישן אינהאַלט זענען געווען אין יידיש. מ׳קאָן אפשר דערפון דרינגען אַז די „פּני״ זענען געווען נאַכלעסיק אין העלפן דעם פּשוטן מענטש אויסברייטערן זיין רעליגיעז וויסן און אפשר איז עס געווען אַ ביטול־באַציאונג פון די „איידעלע יונגעלייט״ און די „פּני״ צום המון.

עס געדענק זיך, ווי אַ תלמיד־חכם פלעגט אין די ווינטער אָוונטן, באַלד נאָך מעריב, לערנען מיטן עולם „עין יעקב״ און מיטליאָריקע און עלטערע באַלמעלאָכעס און קרעמער פלעגן זיך אויפמערקזאַם צוהערן. טיילוויז צוליב דער אינטערעסאַנטקייט און אפשר אויך דערפאַר וואָס זיי האָבן געדענקט אַז דאָס דערגאַנצט זייער „יידישקייט״.

אַן ערך אַ יאָר און אַ האַלב האָב איך געלערנט „פּאַרזיך״ אין אַלטן בית מדרש. כמעט אַלעמאָל אַליין. טייל יינגלעך האָבן געלערנט צוויי צוזאַמען. עטלעכע יונגעלייטלעך אויף קעסט האָבן געהאַט אַ חזקה אויפן דרום־מזרח טיש. געלערנט האָט מען אויפן קול. אַז מ׳האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שווערער שטעלע און מ׳האָט נישט געקאָנט באַנעמען די כוונה, איז מען צוגעגאַנגען צו אַן עלטערן באַהאַוונטערן בחור אָדער צו אַן איידעם אויף קעסט, געפרעגט און באַקומען אַן אויפקלערונג. שטייט דאָך געשריבן: „ולא הבישן למד״. דאָס בית־מדרש האָט געהאַט אַ גאָרטן מיט בוימער און קזשאַקעס אין מזרח־און דרום־זייטן; זומער האָט אין די פרימאָרגנס אַריינגעשמעקט מיט פרישקייט. אין מערב־זייט אַרויף, אויף אַ בערגל, איז געווען דאָס קהלישע אָפּטריט, איין זייט פאַר מענער און די צווייטע פאַר פרויען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע פון אַלטן בית־מדרש אין נייעם בית־מדרש אַריין. איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין נייעם בית־מדרש צוליב פּראַקטישקייט. מיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין אַ צוויי צי־מערדיקער דירה, צווישן אַ רייע דירות אין איין לאַנגער געביידע מיט אַ „פּריזבע״, לעבן דער ווייסל, אין שכנות מיט שיעלע קאַרליקס משפחה, איז צום נייעם בית־מדרש געווען נענטער.

אין נייעם בית־מדרש האָבן שבת געדאַוונט צוויי מנינים. ביים ערשטן האָבן געדאַוונט באַלעבאַטישע יידן און באַלעמעלאָכעס. ביים צווייטן מנין, וואָס האָבן אָנגעהויבן דאַווענען אַרום 12:30 נאָכמיטאָג, האָבן געדאַוונט

חסידים פון חסידישע דינאַסטיעס, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אייגן שטיבל, ווי גערער, וואָרקער, סאַדיגורער, אַלעקסאַנדערער און אויך אײדעלע יידן, וועלכע האָבן געהאַט אַ באַדערפעניש פריער צו לערנען אַ בלאַט גמרא, אַ פרק משניות, און שפּעטער דאַווענען מיט כוונה.

אונטער דער ווייבערשער שול, וואָס איז געווען אַ טייל פון בית־מדרש, וואו מ׳האָט געדאַרט אַרויפגיין אַ היפשע צאָל טרעפּ. זענען געווען צוויי חסידים־שטיבלעך. דאָס קאָצקער שטיבל, די רביסטוואָ פון וועלכער מיין פאָטער איז געווען אַן אָנהענגער; ער האָט דאָרט געדאַוונט שבתים און יום טובים, און דאָס מאָדזשיצער שטיבל.

דער תמצית פון מאָדזשיצער חסידות, ווי איך האָב עס באַנומען אַלס יונגער בחור, איז געווען „זמירות". יעדעס יאָר נאָך די ימים נוראים האָבן חסידים געברענגט פון רבין נייע זמרלעך. שבת צו שלוש סעודות פלעגן זיי זינגען מיט מתיקות און האַרץ. די קאָצקער חסידים האָבן געקוקט אויף די „מאָדזשיצער" מיט ביטול. זיי, די קאָצקער חסידים, האָבן זיך פאַרטיפט אין עבודת־הבורא. זיי האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויף לערנען און דאַווענען מיט כוונה. קאָן זיין, דערפון שטאַמט די לעגענדע אַז קאָצקער חסידים עסן פאַרן דאַווענען. זיי האָבן געהאַלטן אַז די פונקציע פון דאַ־ווענען דאַרף ניט זיין אין געאייל, כדי צו גיין עסן, נאָר כדי צו געבן שירות ותשבחות צום בורא־עולם און ניט דאַווענען אין געאייל ווי אַן אָפּקומעניש. וואָרים אפילו דאָס איילן צו דער אַרבעט אָדער אין געשעפט איז דאָך נאָר אַ מיטל, דער ציל איז דאָך צו דינען גאָט באמונה.

אַלס אַ יונג בחורל פלעג איך מיטגיין מיטן טאַטן שבת נאָכן עסן צום „רבינס טיש" צו הערן אים „זאָגן תורה". ביי אַ גאָר לאַנגן טיש, דער רבי אויבנאָן, די זין ר׳ משהלע און ר׳ יאָסעלע און דער איידעם ר׳ הענעך, אַ געהילץ סוחר — אויבנאָן, נאָענט צום רבין, דערלעבן די מקורבים די „טיש־זיצער". מ׳האָט געגעסן שטיל, געלאַסן. דער רבי מיט די מקורבים האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, ווי פייגעלעך אויף אַ צווייג מיט אַ פּישטש אין אַ זוניקן פרימאָרגן.

נאָכן בענטשן האָט דער רבי „געזאָגט תורה". בדרך כלל זענען דאָס געווען אויסטייטשונגען פון פסוקים אין דער סדרה פון דער וואָך. ער פלעגט צוזאַמענקייטלען שטעלן אין מדרשים, אונטערשפּאַרן מיט אַ זאָג פון זוהר, און אַן איינפאַל פון דעם זיידן ר׳ מענדעלע קאָצקער ז״ל און אַזוי אויפ־בויען אַ גייסטיקן בנין. די חסידים סיי פון פולאַוו, סיי צוגעפאָרענע, זענען געשטאַנען אַרום טיש, אָנגעשטרענגט, צוגעלייגט אַן אויער, נישט צו פאַר־לירן אַ וואָרט. הגם איך האָב שוין דעמאָלט געלערנט גמרא מיט תוספות, האָב איך נישט אַלעמאָל געקאָנט נאָכפאָלגן די טיפע געדאַנקען, וואָס דער

רבי האָט אַרויסגעבראַכט. אָפטמאָל זענען עס נאָר געווען רמזים, אָנוואונקען, און יעדער חסיד האָט אַרויסגענומען פון זיי לויט זיינע כוחות.

ווען דער רבי ישראל־חיים מאַרגנשטערן איז נפטר געוואָרן האָט מיין פאָטער ע״ה ביטער געוויינט. ווען איך האָב אים געפרעגט: „טאַטע, פאַרוואָס וויינסטו?״ האָט ער מיר געענטפערט: „ווער וועט מיך איצט פירן״?

דאָס קאָצקער חסידות האָט זיך אַרויסגעוויזן טיף און קאָלירפול אין שמחת־תורה. נאָכן דאַווענען און „הקפות״ אין שטיבל, פלעגט מען אַוועק־שטעלן אויף די טישן פלאַשן שפּערטיס (בראָנפן) מיט אייערקיכלעך באַשיט מיט מאָנטשקע, און מערביקע פלעצלעך מיט מאָן. די חסידים האָבן גע־טרונקען, איבערגעוואָרפן זיך מיט תורה־ווערטלעך. מ׳האָט אונדז יונגוואַרג אויך מכבד געווען מיט קעלישיקלעך בראָנפן מיט אייערקיכלעך, ס׳איז געווען פרייד אין דער לופטן.

איינמאָל, אין אַ שימחת־תורה, האָט מיין פאָטער געטרונקען אַביסל צופיל, געוואָרן פאַרשניאָקעט, האָט ער צוזאַמען מיט נאָך חסידים, זיינע חברים, געטאַנצט אין גאַס און געזאָגט תורה־ווערטלעך. זיין אַטלעסענע קאַפּאָטע צעפּראַלט, די קנעפּ אָפּגעריסן ס׳פּנים צעפלאַמט. ער האָט אָן טאַקט געטאָפּטשעט מיט די פיס, האָט מען אים אַריינגענומען אין הויז פון אַ שכנותדיקן חסיד, און מיין פאָטער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „דאָס איז דער אמתער ישוב־הדעת״. שפּעטער איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן, האָב איך און די מוטער אים אַהיים גענומען.

דאָס „דינען גאָט״ ביי די קאָצקער חסידים, ווי איך געדענק עס, איז באַשטאַנען, אויסער אין פאַרדינען זיך „עולם־הבא״, אויך אין פילן אַז אין לערנען די הייליקע תורה און אין אָפּהיטן אירע מצוות, קריגט דער ייד אַרויס דאָס העכסטע גליק אין לעבן.

לעבן דעם נייעם בית־מדרש אין געשטאַנען די גרויסע שול. דאָס איז געווען אַ גאַנץ נייער בנין, גראָמאַדנע און זייער הויך, מיט גאָר גרויסע, לענגלעכע פענצטער, דער אויבערשטער טייל אָוואַל פאָרם, מיט אַ סך קליינע שייבלעך, ס׳קאָן זיין אַז דער אַרכיטעקט האָט אין זינען געהאַט, בעת מאַכן דעם פּלאַן, אַז ווען די לאָבוסעס וועלן פּרוּוון איבערשטייגן איינער דעם צווייטן אין צילעווען מיט אַ שטיינדל צו טרעפן אין אַ שויב, זאָל דער היזק זיין אַ קליינער.

אין מערב־זייט האָט די שול געהאַט אַ פּאַליש. פון דעם גאַנץ הויכן סופיט אין שול, רונד אַרום דעם שיינעם באַלעמער, מיט עטלעכע טרעפּ־לעך אַרויפצוגיין, זענען געהאַנגען אויף קייטן קאַנדעלאַברעס מיט ליכט־רער־לעך אַרום און ארום און מיט דריי עקיקע לענגלעכע גלעזלעך, וואָס האָבן זיך געמיניעט מיט רעגנבויגן־קאָלירן קעגן די זון־שטראַלן.

אין דער שול האָבן שבתים און ימים־טובים געדאַוונט אַ פאַרשידנ־

אַרטיקער עולם, מערטנס באַלעמעלאָכעס, פיל מיט געשוירענע בערדלעך, טייל אפילו „געגאָלטע מאָרדעס". פון ביידע זייטן שול זענען געווען טרעפּ אַרויפצוגיין אין דער ווייבערשער שול, וועלכע איז געווען איבערן פּאָליש און אַריינגעגרייכט היפּשלעך ווי אַ גאַניק אין דער שול גופא.

## ציוניזם און אַלגעמיינער וויסן

אַרום 1906 האָט זיך דער ציוניזם געלאָזט פילן אין פּולאַוו, אַ דאַנק אָרטיקע ציוניסטן און די פּראָפּאַגאַנדע פון אַ צאָל אוטשעניקעס און סטו־דענטן פון דער ליטע, וועלכע האָבן זיך געלערנט אין שעמאַנס גימנאַזיע און אין דעם אַגריקולטור אינסטיטוט, און זענען געווען באַזעלט פון גאולה־אידעאַל און געוואָלט פאַרשפּרייטן וויסן בכלל. אַ צאָל בית־מדרש־בחורים זענען געווען אין קאָנטאַקט מיט אָט די געבילדעטע, אָפּפערווויליקע יונגעלייט.

דער ציוניזם וואָס האָט געטראָגן מיט זיך באַפרייערישע אידעאַלן פון אויפלעבונג פון פאָלק און זיין אַלטע העברעאישע שפּראַך אין דעם אַלטן יידישן לאַנד ארץ ישראל, איז טיילוויז געווען אַן איבערגאָס פון די פּלאַ־מיקע רייד פון די נביאים וועגן צוריקקער קיין ציון. „וואָרים פון ציון וועט אַרויסגיין די תורה און גאָטס וואָרט פון ירושלים" (מיכה ד׳).

די פּראָפּאַגאַנדע פאַר ציוניזם האָט אַריינגעבראַכט פרישע לופט אין בית־מדרש און געעפנט טירן צו דער דרויסנדיקער וועלט און ביסלעכוויז געשאַפן אַ דראַנג פאַר וויסן בכלל. בחורים האָבן בשתיקה אָנגעהויבן לייע־נען העברעאישע און יידישע וועלטלעכע ביכער. ס׳האָבן דעמאָלט שטאַרק צירקולירט צווישן בית־מדרש־בחורים פּרץ סמאָלענסקיס „התועה בדרכי החיים", אברהם מאַפּוס „אשמת שומרון" און „אהבת ציון". דאָס לעצטע האָב איך אַריינגעשלונגען אין דריי נאָכמיטאָגס, אין מיין זיידנס הויז. מיינע עלטערן האָבן מיר נישט דערלויבט צו לייענען קיין וועלטלעכע ליטעראַ־טור. פייערבערגס „וואוהין"? האָט געלאָזן אויף אַלעמען אַ טיפן רושם. אַשס „אין אַ שווערער צייט" האָב איך געלייענט אין הויז פון מיין פעטער מרדכי, צוזאַמען מיט זיין יונגער שיינער טאָכטער שיפרה.

אַ צאָל בחורים זענען פאַראינטערעסירט געוואָרן אויך אין אַלגעמיי־נעם וויסן, צו שטודירן רוסיש, פּויליש, געשיכטע, מאַטעמאַטיק א. אַ. וו., אין דעם האָבן געהאַט אַן איינפלוס און טאַקע געהאָלפן אַ צאָל אוטשעניקעס, ווי עלקוס וועלכער האָט אַליין געגעבן אוראָקן אין רוסיש און באַאיינפלוסט אַנדערע אוטשעניקעס צו געבן פרייע לעקציעס צו די בית־מדרש־בחורים. ראַטנאָווסקי וועלכער האָט אָנגעפירט אַ ברייטע אויפקלער אַרבעט פאַר ציוניזם און העברעאיש. חסידישע עלטערן האָבן צו אים נישט געהאַט קיין שאַרפע שנאה, דערפאַר וואָס ער איז באמת געווען אַ פרומער. ווען איך האָב אים

גאַנץ פרי באַזוכט אין זיין באַשיידענער וואוינונג אויף דער לובלינער גאַס, האָב איך אים געזען אָנגעטאָן אין תפילין און ער האָט געדאַוונט. דער סטו־דענט פרידמאַן, אַ זון פון רעדאַקטאָר פון דער העברעאישער טאָג־צייטונג „הצופה”, מיט זיין חנעוודיקער אידעלער פרוי האָבן פיל דערמוטיקט בית־מדרש־בחורים צו לערנען אַלגעמיינע קעגנשטאַנדן און אַרויסגעהאָלפן מיט עצות. פון יענער צייט געדענקט זיך מענדעלע פרים, אייגנטימער פון אַ שניט־קראָם אויף דער לובלינער גאַס, געווען אַ משכיל און אַ ליבעראַלער, פריינטלעכער מענטש. ער האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע ביבליאָטעק און אַ גרויסע צאָל העברעאישע ביכער. ער האָט מיר און אַנדערע בחורים אַנטליען אַ צאָל העברעאישע ביכער צו לייענען. פון יענער צייט געדענק איך מיין חבר חיים (מענדעלעס) ווייסבראָט. ער איז געווען עטלעכע יאָר עלטער פון מיר. ער איז געגאַנגען נעט געקליידעט און איז געגאַנגען מיט מיידלעך גאַנץ אָפן אין גאַס. ער האָט געקאָנט תלמוד און העברעאיש בעסער פון מיר. איין ווינטער האָט ער געלערנט מיט מיר אַ מסכתא, די גמרא איז געלעגן אויפגעעפנט אויפן טיש. ווען ס׳זענען געווען אין בית־מדרש באַלעבאַטים, האָבן מיר געקוקט אין דער גמרא און געלערנט אויף אַ קול ווי די אַנדערע בחורים, אָבער ווען די פרעמדע זענען אַוועק האָבן מיר געהאַלטן אין דער נידער אונטערן טיש אַ העברעאיש בוך און געלייענט און שווערע שטעלן האָט ער מיט מיר פאַרטייטשט.

דאָנערשטיק אָוונט פלעגן טייל בית־מדרש־בחורים לערנען אין בית־מדרש ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט. דאַן פלעג איך און יאָסעלע (בינעלעס) אַוועקגיין צו חיים (בעקער) נאַדעלמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ בעקעריי צוזאַמען מיט אַ וואוינונג קעגנאיבער דער שול. דאָרטן האָבן מיר געלייענט אומגעשטערט ביאליקן און פיל אַנדערע מחברים אין העב־רעאיש. אחד העמס ווערק „על פרשת דרכים” האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן רושם מיט זיין טיפקייט און קלאָרקייט. זיינע געדאַנקען האָבן זיך אַזוי איינגעקריצט אין מיין זיכרון, אַז אין 1942 זייענדיק אַ לערער אין דעטראָיט, האָב איך גענוצט אַן אידעע פון זיינס אַ מאמר אַלס טעקסט פאַר מיין רעדע ביי אַ פסח־אָוונט.

חיים נאַדעלמאַן מיט זיין פרוי האָבן פיל געהאָלפן די אויפגעהיי־טערטע בית־מדרש־בחורים מיט געבן אונדז אַ געהיים, פריי לייען־צימער. ער האָט אונדז דערמוטיקט און געגעבן „האסלע” ווען פאַרדעכטיקטע פרוי־מאַקעס האָבן אַרומגעשמעקט זייך וואוינונג, און טיילמאָל שפּעט אין אָוונט טאַקע אונטערגערוקט אַ קייזערקע אָדער אַן אייערקיכל. ער איז געווען אַ שטאַלטנער שיין געוואַקסענער ברונעט, אַ האַרעפּאַשניק און אַ גלויביקער אין „ציוניזם”. חיים (בעקער) נאַדעלמאַנס פענצטערל פון שלאָף־צימער איז געווען פונקט קעגנאיבער דעם „לובלינער שטיבל”. איינמאָל זענען די פאַר־

הענגלעך געװען פאַנאַדערגערוקט, האָבן די חסידים אונדז באַמערקט לייענען ספרים־חיצונים, האָבן זיי אונדז גערודפט.

אין בית־מדרש פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען אַ יונג, שיין בחורל, שמואל כאַצקלס, (גאָרפינקל). ער האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, מיט איין וואָרט אַן עילוי, זיינע עלטערן שטאַרק פאַרמעגלעך, האָבן געהאַלטן מלמדים פאַר אים. װעלטלעכע לימודים האָט ער געלערנט ביי לייבלען, קלמן רופאס זון. ער האָט דערציילט, אַז זיין לערער, לייבל, האָט געזאָגט, אַז „די װעלט איז נישט אַן עומד נאָר אַ הולך". שפּעטער װען איך האָב זיך באַקענט מיטן „מאַרקסיזם", האָט זיך אין מיין מוח אָפּטמאָל איבער־געחזרט דער דערמאָנטער אַקסיאָם „די װעלט איז נישט סטאַטיש נאָר די־נאַמיש".

## צװיי װעגן פּאָרוים

אַרום 1907 האָבן זיך אָנגעזען צװיי שטראָמען פּאָרויס, װעלכע האָבן מיטגעריסן די יוגנט און אַפילו מיטליאָריקע מענער און פרויען: דער „ציוניזם" און דער „בונד". דער „בונד" האָט מיט זיינע פרייהייט־און קאַמפּס־לאָזונגען צוגעצויגן באַלעמעלאָכעס, געזעלן און לערן־ייִנגלעך. דער ציוניזם האָט באַאיינפלוסט דער מער געבילדעטן עלעמענט: בית־מדרש־בחורים, שטודירנדיקע בחורים און מיידלעך פון מיטלשטאַנד, מיט פלאַמיקע לאָזונגען פון שיבת־ציון; פון אַ זעלבשטענדיק פאָלק אין דעם היסטאָרישן יידישן לאַנד ארץ־ישראל.

הגם ציוניזם און העברעאיש זענען באַהאָפטן װי דער סיאַמישער צװיי־לינג, האָט אָבער די ציוניסטישע באַװעגונג אין „צענטער" איינגעזען, אַז מ'דאַרף זיך צופּאַסן צו די באַדערפעניש פון די פאָלקס מאַסן, און זייער שפּראַך איז יידיש, האָט די אָרגאַניזאַציע געדרוקט אַ סעריע קליינע בראָ־שורן אונטערן נאָמען „קאָפּיקע ביבליאָטעק". יעדע בראָשורע איז געװען געשריבן פון אַן עקספּערט און האָט זיך באַמיט צו אַנאַליזירן אויף אַ קלאָרן אופן אַ באַשטימטע פאַזע פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און פון ציוניזם בפרט. איך דערמאָן זיך, אַז מיר איז געלונגען צו פאַרקויפן 100 עקזעמ־פּלאַרן פון אַ בראָשורע װאָס מ. שאַליט האָט געשריבן. װאָס די טעמע איז געװען געדענק איך שוין נישט. אַנדערע יונגע בחורים און מיידלעך, װאָס זענען געװען באַזעלט מיטן ציוניסטישן אידעאַל, האָבן אויך פאַרקויפט פיל בראָשורן און דעם רוסישן „װאָסכאָד". גאַנץ אָפט האָבן מיר געקראָגן קונים אַרויף אויף דער לובלינער גאַס לעבן דעם „װייסן ציילעם".

גדליה לערער, אַ מיטליאָריקער מאַן, מיט אַ פיין געשניצט פּנים, האָט געהאַט זיין װעלטלעכע שול אין דער „אָבערזשע", אַ גראָמאַדנע געביידע אויף דער לובלינער גאַס, נישט װייט פון דער װייסל, מיט אָפּגעקראָכענע

ווענט פון אַלטקייט. ער האָט געלערנט העברעאיש און אַנדערע קעגנשטאַנדן מיט קינדער פון רייכע און מיטלקלאַס עלטערן. ער האָט געהאַט אַ באַשטימטן איינפלוס אויף דער אויפגעהייטערטער יוגנט אין פולאַוו. מ׳האָט געקאָנט ביי אים קריגן צו לייענען דעם העברעאישן „העולם״, אַ ציוניסטיש וואָכנבלאַט. אויך דעם חודש זשורנאַל „השילוח״, רעדאַקטירט פון (אחד העם) אשר גינצבערג. ער האָט אַרויסגעהאָלפן מיט ביכער און בכלל מקרב געווען די יוגנט, וואָס האָט געזוכט זיך אַרויסצורייסן אין דער ברייטער וועלט.

קיין רעגולערע ציוניסטישע מיטינגען געדענק איך ניט. איך געדענק אָבער יאָ אַ פאַרזאַמלונג אין אַ פריוואַט הויז, ערגעץ אויף דער לובלינער גאַס, קעגנאיבער יאַנאָווסקיס רעסטאָראַן. אין אָוונט, דאָס הויז איז געווען געפּאַקט מיט בחורים און מיידלעך. ראַטנאָווסקי איז געווען דער פאָרזיצער און נאָך אַ קורצן אַריינפיר וואָרט האָט ער פאָרגעשטעלט יאָסעלע בינעלעס (אוטשען). ער האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע אין דער העברעאישער שפּראַך, אין וועלכער ער האָט אַלזייטיק באַלויכטן די דערגרייכונגען און אויך די בלויזן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. עס איז געווען פייערלעכ־קייט אין דער לופט. ביים סוף פון דער פאַרזאַמלונג איז יאָסעלע אויס־געקליבן געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו אַ גובערניאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען ערגעץ אין געהיים. יוסף אוטשען איז איצט אַ רעפאָרם ראַביי אין אַ שטאָט אין דער סאָוט.

## אַן אָאַזיס פון געמיטלעכקייט און האָפענונג

אַ צאָל פון די שטאַרק געדרודפטע בחורים האָבן זיך געניוטיקט אין אַ פלאַץ וואו צו באַראַטן זיך וועגן דער סטראַטעגיע פאַר קומענדיקע אַקציעס, אויך גלאַט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און געפינען דערמוטיקונג איינער אין צווייטן צו קאָנען זיך קעגנשטעלן די רדיפות פון משפחה און „קלער״. אַזאַ אָרט האָבן מיר געהאַט אין דער קליינער דירה פון פנחס שאַיעס (קרימער) און זיין איידעלער מוטער. פנחס שאַיעס איז געווען אַ שיין געבויטער מאַן, העכער פון מיטלוואוקס, אַ יאָר דרייסיק, אַן עקסטערן. ער האָט געקאָנט גוט די רוסישע שפּראַך און איז געווען באַהאַוונט אין איר ליטעראַטור. ער פלעגט רעדן מיט באַגייסטערונג וועגן אייניקע רוסישע שרייבער און זייערע ווערק. ער איז געווען אַ מילדער מענטש און גאָר פריינטלעך. ליידער איז ער געווען קראַנק און ניט געקאָנט אַרבעטן און זיין גוטע מאַמע פלעגט אַ גאַנצן טאָג האַנדלען און אין אָוונט קומען זען וואָס איר קראַנקער זון פנחס מאַכט און אים אַרויפברענגען עסן און ווען נויטיק אויך מעדיצין.

צו פנחסן פלעגן אַרויפקומען ניט נאָר בית־מדרש־בחורים, נאָר אויך

סתם יונגע מענטשן, װעלכע זענען אָנגעשטעקט געװאָרן פון פרייהייטס־אידעען און האָבן געהאַט אַ דראַנג און שטרעבן צו אַ ברייטערער און שע־נערער װעלט.

דער געלער שלמהלע (שיינבערג) פלעגט טיילמאָל לייענען פאַר אַ גרופּע יינגלעך און מיידלעך זיינע שיינע לירישע לידער. מיר האָבן אים מקנא געװען פאַר זיין שיינעם יידיש און זינגעװדיקן ריטם. ער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ביים שיינעם געשלעכט. אויך משה מינקוס (פון דער באַן) האָט אָפט געלייענט זיינע שאַפונגען.

פריער האָבן מוטער און זון געװאױנט אויפן צװייטן שטאָק, אין אַ הויז אויפן װעג צו די ליפּעס. שפּעטער אין אַ באַקװעמער דירה ניט װייט פון רבס הויז, קעגנאיבער „מאַטשעאו גאַרבאַטי". די איינציקע קריסטלעכע מישפּחה האָט געװאױנט אין שכנות פון בית־מדרש־גאָרטן. אַז יידישע קינ־דער זענען פאַרבייגעגאַנגען ס'הויז, האָבן זיינע אייניקלעך אָנגערייצט דעם קודלעװאַטן הונט.

אָפט פלעגן אין פּנחסעס דירה זיך אַמפּערן יוגנטלעכע װאָס האָבן באַ־לאַנגט צו פאַרשידענע ריכטונגען. אַז די דיסקוסיע איז געװאָרן צו הייס פלעגט פּנחס בעטן מיט אַ שמייכל מ'זאָל שלום מאַכן. פון די יונגע מיידלעך װאָס פלעגן אַרויפקומען צו פּנחסן, געדענק איך רחל צוקער און בלומע יאָסעלע בלעכערס.

איינמאָל, יום־כיפּור נאָך „כל־נידרי", האָט מיך געגלוסט צו כאַפּן אַ שמועס מיט חברים. דאָס בעסטע אָרט און געלעגנהייט איז געװען ביי פּנחס שאַיעס. דאָרט זענען געװען עטלעכע יוגנטלעכע. נאַטירלעך, יום כיפּור נאָך „כל נידרי", האָט עס אָנגערעגט די פאַרזאַמלטע צו דיסקוטירן איבער רעליגיע, טיילװייז צוליב גייסטיקער גימנאַסטיק, אָבער מיר דאַכט זיך אַז די טיפערע סיבה איז געװען װאָס אַ צאָל האָבן געליטן פון דעם װילקיר װאָס דער איינגעזאָטלטער קלער האָט ביי יעדער געלעגנהייט אויסגעאיבט קעגן די אַפּיקורסים, די צװימען־ברעכער פון רעליגיע און די מורדים קעגן עקזיסטירנדיקן, רעאַקציאָנערן לעבנס־נוסח.

ס'זענען געװען צװיי צדדים: איינער האָט געהאַלטן, אַז רעליגיע איז אַ שטער צו פרייהייט און גליק פאַרן מענטש. דער צװייטער צד האָט אַרגומענטירט: אַז רעליגיע איז צייטװייליק נױטיק צו האַלטן אין צוים און פירן דעם פּשוטערן מענטש אין גוטן װעג. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער מיינונג. ראַפּטום, האָט די טיר זיך געגעבן אַ פּראַל אויף און אַריינגעקומען איז דודל מאַלאַרזש (מיין פאָטער). אַלע זענען געװאָרן סטראַכ־ניעיעט. פון זיינע אויגן האָט געשפּריצט מיט פייער און ער האָט געצישעט צװישן די ציין: „פּושעים"! און צו מיר האָט ער געזאָגט: „קום"!

נאַטירלעך בין איך געגאַנגען. אויפן וועג אַהיים האָב איך געזוכט צו באַ־וויזן, אַז איך האָב אין אַ גרויסער מאָס פאַרטיידיקט רעליגיע. זיין ענטפער איז געווען: „אַז אָך און וויי צו אַזאַ פאַרטיידיקונג".

## שיכטן אין פולאַוו

מ׳האָט ניט געדאַרפן האָבן קיין שאַרף אויג צו באַמערקן דריי גרופּי־רונגען אין שטאָט. דאָס פשוטע האַרעפאַשנע פאָלק: שוסטער, שניידער, קליינע קרעמער, טרעגער, באַלעגאָלעס. זיי האָבן געדאַוונט ביי דער „השכמה" אינדערזואַכן, שבתים און ימים טובים ביים ערשטן מנין. ווינטער, אין די אָוונטן, צווישן מנחה־מעריב, האָט מען זיך צוגעהערט ווי די באַ־לעזענע האָבן געשמועסט „פּאָליטיקע" אָדער וועגן מלחמות. שבת נאָכן עסן געכאַפּט אַ דרימל. דערוואַקסענע מיידלעך האָבן שפּאַצירט אין געסל, גע־קנאַקט באַניעקערן אָדער סעמעשקעס און געבאַטשקעט (געפּלוידערט). דרייסטערע זענען געגאַנגען שפּאַצירן אין די ליפּעס. בחורים האָבן שפּאַ־צירט אויבן אין גאָס אָדער געגאַנגען אין הויפּישן גאָרטן, געשמועסט וועגן מיידלעך, אָדער זיך צוגעהערט צו פּאַצעטן וואָס זענען צוריקגעקומען פון וואַרשע און דערציילט די וואונדער פון דער גרויסער שטאָט. דער עולם האָט מערסטנס געוואוינט „אויפן זאַמד", כּמעט ביידע זייטן איוואַנגאָראָדער גאַס און האָט זיך אַריינגעגאָסן אין ווילקער וועג.

דער צווייטער עלעמענט איז באַשטאַנען פון מיטלקלאַס: אייגנטימער פון געוועלבער, מעקלער, פּראַצענטניקעס און פּאָדראַטשיקעס, קליינע, מי־טעלע און גאָר גרויסע, ווי „די בייערס" אַרויף ביי די „קאָשאַרן". די האָבן זיך געהאַלטן פון ווייטנס פון פּראָסטן פאָלק. טייל האָבן אפילו געהאַט אַ ביטול־באַציונג צום המון.

די דריטע גרופּירונג איז באַשטאַנען פון חסידים, אָנהענגער פון פאַר־שידענע רבישע שיטות. הגם חסידים פון איין רבין זענען נישט געווען באַגייסטערט פאַר דער שיטה און דעם דרך פון אַ צווייטן רבין, האָבן זיי אָבער געפילט אַ קרובהשאַפט צווישן זיך. זענען דאָך אַלע פאָרט איידעלע יידן, דינען גאָט באמונה און זענען אַ דאַמבע קעגן די פּאַצעטן, די הול־טאַיעס און די אַכברוישים וואָס ברעכן דעם גדר פון יידישקייט.

די גרופּע האָט נישט געהאַט קיין ביטול־באַציונג צום המון, נאָר גיכער אַ שטיל רחמנות־געפיל וואָס זיי קאָנען נעבעך נישט עוסק זיין אין תורה, „זיין נאָענט צו גאָט" און טאַקע פאַרדינען בכבוד אַ חלק עולם־הבא.

אין פולאַוו איז אָבער געווען איין ייד וואָס איז געווען באַליבט ביי אַלע שיכטן פון פאָלק. ער האָט געוואוינט אויפן ראָג איוואַנגאָראָדער גאַס און דאָס „זאַמד", אַ קאַצנשפּרונג פון משה יאַקירס ברונעם, אַרויפצוגיין אויף

עטלעכע סקריפּענדיקע שטיגן. דאָס איז געווען מרדכילע קלעזמער וואָס פלעגט שפּילן אויף זיין שיין פידעלע מיט אַ קאַפּעליע אויף חתונות אין פולאַוו און אין שכנותדיקע שטעטלעך.

די קאַפּעליע איז באַשטאַנען פון נתן קלעזמער, אונטערשפּילער אויף דער גרעסערער פידל, לייבוש אויפן טראָמפּייט, יאַשקע אויפן קלאַרנעט און מאיר האָט געבאַראַבאַנעוועט אויף דער פויק. זיין זון אין לאָס אַנדזשעלעס, ישראל פידלמאַן, אינפאָרמירט מיך, אַז זיין פאָטער מרדכילע קלעזמער האָט אין זיין יוגנט שטודירט מוזיק אין וואַרשע. ער האָט געלייענט נאָטן און האָט אפילו געשאַפן צוויי קאָמפּאָזיציעס: „פאַנטאַזיע" און „פראָסט־מאַרש".

ווען ער פלעגט שפּילן אויף זיין פידעלע צו „אַ כלה באַדעקנס", הגם נישט קיין „סטראַדיוואַריוס", האָט זיין סמיטשיק אַרויסגעצויגן פון זיין פי־דעלע דינע טרויעריקע טענער, ווי אַ פויגל אין געפאַנגענשאַפט און מיט זיפצנדיקע טענער, ווי אַ מאַמע ביים בעטל פון איר קראַנק קינד. די ווייבער אין די משפחות פון חתן־כלה האָבן געהעשעט, טייל האָבן געוויינט אויפן קול. ביי עלטערע יידן מיט גרויע בערד זענען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

אַ בדחן ביי אַ יידישער חתונה איז כמעט געווען אומצעטיילבאַר פון דער קאַפּעליע קלעזמאָרים, און מיט מרדכילעס קאַפּעליע איז אַלעמאָל געווען מרדכי־יוסף דער בדחן, אַ מיטלוואוקסיקער יונגערמאַן, אַ לייכט שמייכעלע אויפן פּנים און מיט אַ האַפּקענדיק גענגעלע. צום „באַדעקנס" האָט ער גע־מאַכט אַ צאָל פון דער מישפּחה זאָל פאַרגיסן טרערן און שפּעטער ביי דער חתונה־סעודה האָט מען געקייכט פון געלעכטער פון זיינע וויצן און טשיקאַווע מעשהלעך. זיין שווער דודל בעקער, אַ האַרעפּאַשנער, איידעלער ייד, האָט געהאַט אַ דערוואַקסן בלאַס בחורל, האָט אים מרדכי־יוסף אויס־געלערנט בדחנות, און ווען ער האָט געהאַט אַן עקסטרע חתונה אין אַ דערבייאיק שטעטל, האָט משהלע דורכגעפירט די פונקציע פון בדחן.

## די וואַנדערנדיקע ביבליאָטעק

אַרום 1908 איז שוין אַ צאָל בית־מדרש־בחורים אין נייעם בית־מדרש געווען אַנגעשטעקט מיטן באַציל פון השכלה. אָנגעהויבן פּילן קאָלט צום אַמפּערן זיך פון די תנאים און אמוראים איבער פּראָבלעמען וואָס האָבן קוים אָנגערירט דאָס טעגלעכע לעבן: ווען מקדש זיין אָדער גטן אַ פרוי. דער אינטערעס האָט זיך איבערגעטראָגן צו וועלטלעכע ליטעראַטור, יידישע און העברעאישע צו נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. אַ נומער פון דעם העברעאישן וואָכנבלאַט „העולם" פלעגט איבערגיין פון האַנט צו האַנט און דער לעצטער

פון אַ טוץ בחורים האָט שוין געפונען אָפּגעמעקט שורות און צעקנאָדער־טע זייטלעך. מ׳האָט דורך הינטער־וועגן מיט שוועריקייטן געליען אַ בוך. איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו בויען אַ באַשיידענע ביבליאָטעק, צו באַפרידיקן דעם הונגער פאַר ליטעראַטור אויף אַ נאָרמאַלן, פלאַנירטן אופן. געלט האָבן מיר געזאַמלט פון די קאָפּיקעס וואָס מיר האָבן געקראָגן פון די עלטערן אָדער זיידע־באָבע צו מאַכן אַ ברכה אויף די נייע, רייפע פרוכטן אין זומער. פון די בחורים און מיידלעך פון פאַרמעגלעכע עלטערן האָבן מיר געקליבן צו צען גראָשן. פורים ווען ס׳איז פריילעך אויפן האַרצן און יידן זענען פרייגיביק, האָבן מיר אָרגאַניזירט עטלעכע פּאָרלעך „צו קלייבן פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן״ און דאָס געלט האָבן מיר גענוצט צו קויפן יידישע און העברעאישע ביכער דורך פאַרבינדונגען אין וואַרשע. ווען ראַטנאָווסקי האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער אונדז געמוסרט: דאָס איז דאָך אָפּנאַרעריי. מיר האָבן נישט איינגעשטימט מיט אים. וואָרים מיר האָבן געגלויבט אַז מיר טוען אַ נוצלעכע, הייליקע אַרבעט. מיר העלפן דאָך פאַרשפּרייטן וויסן, פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַלע אידייען, זענען אַלע מיטלען באַרעכטיקט.

די הויפּט־טעטיקע חברים אַרום דער פונקציע זענען געווען: יאָסעלע בינעלעס, אַברהמל באַראַן, ישראל לאָזערס, חיים (מענדעלעס) ווייסבראָט, און איך. טראָץ דעם וואָס מיר האָבן אָנגענומען קאָנספּיראַטיווע מיטלען אין דער טעטיקייט פון איינאָרדענען די ביבליאָטעק און אַרויסגעבן ביכער און פאַמפלעטן צו חברים און חברטעס, האָבן זיך פון צייט צו צייט די פרו־מאַקעס דערוואוסט וואו דער אָרון מיט ביכער געפינט זיך און ס׳איז אַנטשטאַ־נען אַ געפאַר אַז אַ כאָפּטע קאָטשעלאָפּעס (חסידים) זאָלן באַפאַלן דאָס הויז און ווי וואַנדאַלן צוצרייסן די ספרים וואָס מיר האָבן געקויפט מיט אונדזערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס, כדי ברענגען גליק צו די לייענערס און דינען אַ דערהויבענעם ציל. האָט זיך פון צייט צו צייט איבערגעחזרט דער אַמאָליקער „ויסעו ויחנו״ פון די יידן אין דעם מדבר. נאָר דעמאָלט איז עס געווען מיט פרייד צו גרייכן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד כנען און אין אונדזער פאַל איז עס געווען מיט אַנגסט און מורא.

איך געדענק ווי אברהם באַראַן, אַ קרעפטיקער יונגער בחור, האָט שפּעט אין דער נאַכט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס אונדזער „ארון מיט ביכער״. ער האָט געסאָפּעט, אַרויפגייענדיק פון דער איוואַנגאָראָדער גאַס אין דעם שמאָלן איליצקעלע, פאַרביי דעם הויכן פּלויט פון אַפּטייקערס הויף, און איך הינטער אים, געהיטן פון אַ בייז אויג און אַביסל אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע. מיר זענען געווען שטאַרק צופרידן דערמיט וואָס מיר האָבן גע־קראָגן אַ סטראַטעגיש און זיכער אָרט פאַר אונדזער ביבליאָטעק אין דער באַשיידענער, זיכערער היים פון די וואוילע מענטשן, מענדעלע בלעכער און

זיין פרוי וואָס האָט פאַרקויפט ערדענע טעפּ אין אַ געוועלבל, אַרויפצו־קלעטערן אויף אַ בערגל, לעבן די יאַטקעס.

די פרומאַקעס האָבן זיך שפּעטער פון דעם פּלאַץ אויך דערוואוסט. מ׳האָט מיר דערציילט אַז אַ גרופּע, אין דער אָנפירערשאַפט פון דודל מאַלאַרזש (מיין פאָטער), האָבן זיך דערנענטערט צו מענדעלע בלעכערס הויז צו פאַר־ניכטן די ביבליאָטעק. גליקלעכערווייז איז מענדעלע געווען אין דער היים און ער מיט זיין שכן שאיל לערער האָבן מיט דרענגלעך פאַריאָגט די אָנגרייפער.

דער דורשט פאַר קאָנטאַקט מיט דער וועלט האָט זיך פאַרשפּרייט, און די ביכער פון אונדזער באַשיידענער ביבליאָטעק האָבן אַריינגעדרונגען אַזש אין רבינס הויף. דושקעלע די רביצן, דעם רבינס צווייטע פרוי, האָט גענומען דורך אַ שליח, מאָטל באַרנאָווערס יונגער ברודער, דינעזאָנס „אבן נגף״.

ווען איך קוק צוריק אויף יענער אָנגעשטרענגטער צייט, זע איך צוויי אידעען אין קאַמף. זיי זענען געווען פּערזאָניפיצירט דורך צוויי קעגנ־געזעצטע לעבנס איינשטעלן. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן און פאַרשאַפט צער דעם עלטערן דור, אויך דער יונגער דור האָט דורכגעלעבט שווערע נסיונות. די עלטערן האָבן געגלויבט אַז די פיזישע וועלט איז נאָר אַ „פּרוזדור״, אַ פאָדערהויז, כדי זיך צוגרייטן פאַרן „טרקלין״ פאַר יענער וועלט. דעריבער האָבן זיי געקעמפט פאַרן „סטאַטוס קוואָ״, אַז זייער לעבנס־שטייגער, אין וועלכן זיי האָבן געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן, זאָל נישט צעבראָכן ווערן. דער יונגער דור וואָס האָט געזען דעם ציל פון לעבן אין לעבן זעלבסט, האָט געלעכצט נאָך וועלטלעכער בילדונג, כדי צו באַרייכערן זייער לעבן און ממילא אַליין לעבן אַ בעסער און גערעכטער לע־בן, און העלפן אַנדערע צו לעבן בעסער.

די בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געמוזט קעמפן קעגן די באַגרע־נעצונגען און רדיפות פון זייערע עלטערן, האָבן געהאַט גרויס צער פון דעם תהום וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן עלטערן און קינדער. געזיגט האָט דאָס לעבן — דער יונגער דור.

אָ, פולאַוו! מיין געבורט שטאָט, אין דיינע געמאַרקן האָט מיין האַרץ איינגעזאַפּט תמימות און גייסטיקייט פון קאָצקער חסידות; פרייהייטס־אי־דעען פון יונגע אידעאַליסטישע סטודענטן; גוטסקייט און וואַרעמקייט פון מיין גוטע, האַרציקע, באָבע לאהלע. דאָרט בין איך געוואָרן באַפאַנצערט צו קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן די אומריינע שטראָמען פון מאַטעריעלער גייציקייט; פּוסטע, רגעדיקע אָנערקענונג. מיין פאַנטאַזיע האָט דאָרט גע־קראָגן פליגלען, מיין האַרץ־לעכצונג נאָך שיינקייט און גערעכטיקייט. ביזן סוף פון מיינע טעג וועל איך דיך געדענקען, אָ, פולאַוו!

יעקב לייביש אייזענמאַן.
באָגאָטאַ—קאָלאָמביע.

# די ערשטע טריט פון דער השכלה און ציוניזם אין פּולאַוו

## זיכרונות און בילדער

**געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק
פון מיינע עלטערן, די קדושים
משה־שמשון און פריידע־לאה ז״ל.**



די ערשטע זיכרונות וועלכע טויכן אויף אין מיין זיכרון, אין דעם געדיכטן נעפּל פון שיכחה פון יענער צייט, זייענדיק נאָך אַ גאַנץ יונג יינגל ביי מיין זיידן אין הויז, שיילט זיך אויס און ווערט קלאָר פאַר מיינע אויגן, די פּערזאָן פון מיין פעטער איטשע־בנימין, וואָס זייענדיק אַ בית־המדרש־בחור און רעליגיעז, האָב איך איינמאָל באַמערקט אַז ער באַהאַלט זיך אויס מיט אַ ספר אין האַנט פאַר מיין זיידן, דעם מורה־הוראה מרדכי סערקיס. זייענדיק פאַראינטערעסירט פון דעם פּחד, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי מיין פעטער, די אָנוועזענהייט פון דעם זיידן אין שטוב, האָב איך שוין דעמאָלט געוואָלט וויסן די סיבה דערפון. אויסנוצנדיק אַ מאָמענט, ווען מיין פעטער איז אויף אַ מינוט אַרויס פון שטוב, האָב איך בגניבה אַ קוק געגעבן אויף דעם שער־בלאַט פון ספר און איבערגעלייענט: „תעודת ישראל", פון יעקב רייפמאַן... זייענדיק אַ חדר יינגל פון חומש און רש״י, האָב איך קיין אַנונג נישט געקאָנט האָבן וואָס דאָס ספר באַדייט און וואָס איז דאָ די מורא פון מיין פעטער פאַרן זיידן. אָבער אינסטינקטיוו האָב איך געפילט אַז ער האָט דאָך געמוזט עפּעס באַגיין אַ חטא, וואָרים ווען נישט, וואָס איז די מורא? ביי מיין זיידן איז געווען אַ גרויסע שאַנק אָנגעלייגט מיט ספרים און דער זיידע, ווי דער פעטער, האָבן שטענדיק געלערנט אין זיי.

עס דערמאָנט זיך מיר שפּעטער, ווי מיין פעטער און אַנדערע בית־המדרש־בחורים, אייניקע פון זיי, געדענק איך נאָך ווי היינט, יחיאל קאָצאָפּ

און פּישל פּרץ, האָבן צוזאַמען געלייענט באַהאַלטערנערהייט, מיט פּחד אין די אויגן, אַזעלכע ספרים. אונטערקויפנדיק מיך מיט אַ זעקסער און מיט דעם צוזאָג מיך מיטצונעמען זיך באָדן ביי דער ווייסל, בין איך געוואָרן זייערס אַ פּאַרטרויאונגס־מאַן, און דורך מיר זענען איבערגעטראָגן געוואָרן די ספרים פון איינעם צום אַנדערן.

ביי יענער צייט זענען אין אונדזער שטעטל פּולאַוו געווען צוויי בתי־מדרשים, איינער אין שטאָט, און דער צווייטער אויפן זאַמד, ווי מען האָט גערופן די גאַס, וואָס האָט געפירט קיין איוואַנגאָראָד (דעמבלין).ביידע בתי־מדרשים זענען שטענדיק געווען געפּאַקט מיט דאַוונערס און לערנערס. כדי צו קריגן אַן אָרט וואו צו זיצן ביי די צענטראַלע טישן און לערנען, האָט מען געמוזט אויפשטיין כעלות השחר, ווען נישט, האָט מען שוין געמוזט זיצן ביי די נעבן־טישן, וואָס דאָס האָט געמינערט אין חשיבות די בית־המדרש־בחורים (עס הייסט אין היניזיכט פון טאָן שידוכים), איז טאַקע שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די בחורים, כדי צו זיצן מיט די גמראס אויבען־אָן, און נישט איין מאָל האָט זיך אַזאַ קאַמף פאַר־ענדיקט מיט פלאַם־פייערדיקע פּעטש.

עס איז נאָך גאַנץ פריש אין מיין זיכרון דער אינערלעכער אויסזען פון די ביידע בתי־מדרשים. דער שטאָטישער — אַ גרויסער קוואַדראַטיקער זאַל, אָנגעשטעלט מיט טישן און בענק פון אַלע דריי זייטן, די מערב־זייט מיט צוויי קאַפלענע אויוונס. דער פון דער זאַמד־גאַס איז געווען אַביסל קלע־נער. דאָס יידישע לעבן פון יענער צייט איז זיך געפלאָסן שטיל, פרום און רואיק, פּונקט ווי דער ווייסל־שטראָם, וואָס וואַשט אַזוי רואיק די ברעגעס פון שטעטל. אַלטע לעבנס־פאָרמען, טראַדיציאָנעלע לעבנס־שטייגערס, האָבן גע־הערשט אין די שטובן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

פּלוצים האָט עס זיך אינגאַנצן געביטן מיט די אומרוען פון די יאָרן 1905 און 1906. ווי אַ הוראַגאַן־ווינט איז דאָס אַדורך איבער דער גאַנצער רוסישער אימפּעריע און האָט נישט אויסגעמיטן אַזאַ שטעטעלע ווי פּולאַוו. איך גלויב, אַז צוליב דעם אַגראָנאָמישן און וואַלד־אינסטיטוט, וואָס פּולאַוו איז דער מיט געבענטשט געווען, וואו קרוב אַן אַכט הונדערט סטודענטן פון דער גאַנצער אימפּעריע זענען געקומען לערנען אין דער הויכער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוציע. דער אינסטיטוט איז געווען אַן איבערבלייב פון דעם באַרימטן אין דער פּוילישער געשיכטע, גראַף טשאַרטאָריסקי, אַ הויכער וויסנשאַפטסמאַן אויף דעם געבעט פון אַגראָנאָמיע און וואַלד־פּירונג, מיט אייגענע לאַבאָראַטאָריעס און אַ גרויסע ביבליאָטעק, ווי אויך אַ מוזעאום מיט גרויסע קאָלעקציעס פון אינזעקטן מכל המינים...

אָט די סטודענטן, אָנגעזאַפּט מיט פרייהייט־אידעען, מיט סאָציאַליזם און

אַנדערע איזמען האָבן איינגעאָרדנט גרויסע מאַניפעסטאַציעס, גייענדיק איבער די שטאָט מיט רויטע פענער און מיט אַנטי־רעגירונגס־לאָזונגען... די צאַרישע מאַכט האָט נישט געדולדעט אַזעלכע זאַכן און צעטריבן די מאַ־ניפעסטאַציעס, עס זענען געווען געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע.

צווישן די אַכט הונדערט סטודענטן זענען געווען ניט מער ווי אַ צוועלף יידישע יונגעלייט. אויך אין דעם אַגראָנאָמישן אינסטיטוט האָט שוין די צאַרישע אַנטיסעמיטישע רעגירונג איינגעפירט די אַזוי טרויעריק־באַרימטע פּראָצענט־נאָרמע.




דער אינטערנאַט פון אַגראָנאָמישן אינסטיטוט פאַר דער צאַרישער הערשאַפט

די דאָזיקע יידישע יונגעלייט זענען עס געווען די ערשטע בשורה־אָנזאָגער פון אַ וועלט, וואָס איז אונדז געווען אַזוי ווייניק באַוווּסט און באַ־קאַנט. די ערשטע טויבן פון דער השכלה בת־השמים, די ערשטע מבשרים פון ציוויליזאַציע, די אָנזאָגער אַז מחוץ די כותלי־הבית־המדרש געפינט זיך אַ שייך, הערלעך לעבן, און אַז מחוץ די אהלי־שם געפינט זיך שיינקייט אויך אין די אהלי־יפת, מיט גרויסע פילאָזאָפן, מאַלער, באַרימטע מוזיקער און אַנדערע וויסנשאַפטסלייט אויף אַלע געביטן פון וויסן. דאָס האָט אַזוי באַצויבערט אונדזערע נשמות און אַזוי געצויגן אונדזערע חושים און אונדזער נייגעריקייט אויך אַריינצוקוקן אין „פרדס" פון אַנדערע פעלקער. מיר האָבן זיך מיט לייב און לעבן אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט לייענען און לערנען

אין די ספרים־חיצונים, ווי מען האָט די ביכער גערופֿן. די יידישע סטודענטן האָבן אונדז געגעבן אומזיסטע לעקציעס, געבאַרגט אונדז אַהיים ביכער צום לייענען איינגעאָרדנט אָוונטן וואו מען האָט פאַר אונדז געלייענט גרעטצ׳ס היסטאָריע. מיט איין וואָרט — מיר האָבן זיך איבערגעטראָגן אין אַנדערע וועלטן. איינצייטיק האָבן זיך די יידישע סטודענטן באַקאַנט מיט די יידישע באַלעבאַטישע מיידלעך, דאָרט אָפּט אַריינגעקומען, און מיטגעברענגט העבּ־רעאישע ביכער פאַר דעם זון דעם בית־המדרש־בחור, און פאַר דער טאָכטער רוסישע ביכער פון די דעמאָלט אַזוי באַקאַנטע רוסישע מייסטער. די העברעאישע ספרים זענען באַשטאַנען פון דעם דעמאָלט באַרימטן שרייבער פּרץ סמאָלענסקין. מיט וואָס פאַר אַ גייסטיקן דורשט מיר האָבן די ספרים געזופּט: „התועה בדרכי החיים״, „קבורת חמור״, אָדער גאָר „אַהבת ציון״, „אשמת־שומרון״, און „עיט צבוע״ פון אברהם מאַפּו, טאָג ווי נאַכט האָט מען דאָס געשלונגען, צווישן אַ טאָג מיט אַ נאַכט איז דאָס גרעסטע בוך פאַרצערט געוואָרן.

באַזונדערס קלאָר איז פאַרבליבן אין מיין זיכרון אַ פּורים־באַל, וואָס די סטודענטן האָבן איינגעאָרדנט אין אַ גרויסן זאַל און איינגעלאַדן יידישע שרייבער. און דאָס ערשטע מאָל, גלויבט איך, אין דער געשיכטע פון פּולאַוו פון זיי געדענק איך נאָך היינט. איינער י. ל. לייזעראָוויטש און דער צווייטער, מנחם קיפּניס, דער זינגער און דער שפּעטער באַרימטער פאָלקס־זינגער און שרייבער. און דאָס ערשטע מאָל, גלויב איך, אין דער געשיכטע פון פּולאַוו, איז עס געווען ווען בחורים מיט מיידלעך האָבן צוזאַמען געטאַנצט. און צומאָרגנס ... האָט זיך געטאָן חושך, אַן איבערקערעניש אין שטעטל. דער רב מיט די פּני־העיר האָבן פאַררופֿן אַן אסיפה. אַז די סטרא־אחרא, רחמנא לצלן, האָט זיך נעבעך אַריינגעכאַפּט אין שטעטל און פירט אַראָפּ די יוגנט פון דרך־הישר! אַזאַ פּריצות איז נאָך נישט געהערט געוואָרן ...

אָבער ניט קיין אסיפות, ווי אויך ניט קיין אַנדערע שאַרפע מיטלען האָבן נישט געקאָנט פאַרהאַלטן די שטורמישע כוואַליעס פון דער נייער צייט. עס האָבן אָנגעהויבן אָפּגעשווענקט צו ווערן אַלטע פונדאַמענטן פון אָבער־גלויבעריי ביי דער יוגנט, אַלע אַלטע פאָרמען און לעבנסשטייגערס זענען פאַרשוווּנדן און אַ נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדזערע אויגן, וווּנדערבאַרע האָריזאָנטן האָבן געכישופט און געווונקען. יעדער איינער פון די בית־המדרש־בחורים האָט געזוכט צו מאַכן אַ קאַריערע. אין יענער צייט האָבן צוויי אידעען, צוויי שטרעמונגען, באַהערשט אונדזער סביבה, די סאָציאַליסטישע און די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע. אַזוי ווי אין אונדזער שטאָט זענען קיין פאַבריקן נישט געווען, איז אויך קיין אַרבעטער־קלאַס נישט געווען. מיר, די יוגנט פון דעם מיטלקלאַס, האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער באַוועגונג. די בענקעניש נאָך ציון; די שטרעבונג קיין ארץ־

ישראל איז אונדז מער געפעלן און מער געווען נאָענט צו אונדזערע הערצער, און מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן, מיט אונדזערע רמ״ח איברים און שס״ה גידין, און פראָפּאַגאַנדירט די ציוניסטישע אידעע צווישן אַלע יידן.

בכדי דאָס שטיקל צייט וואָס איך שילדער דאָ זאָל מען קלאָרער און מער בולטער אַרויסקומען, וועל איך דאָ געבן איניקע בילדער פון יחידים, טיפּן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער השכלה אין יענער צייט.

עס האָט זיך געעפנט אַ יידישע שולע דורך גדליה און שאול לערער וואו מען האָט געלערנט רוסיש, פויליש, העברעאיש, ווי אויך אָונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. אין דער זעלבער צייט האָט אַ חסידיש־רעליגיעזער יונגערמאַן אָנגעהויבן לערנען מיט גמרא־בחורים העברעאיש און תנ״ך מיט אַ וויסנ־שאַפטלעכן פּירוש. ישראל אַבעס האָט ער געהייסן. עס איז אויך נתגלה גע־וואָרן אַ יונגערמאַן, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג און ביז האַלבע נאַכט געזעסן ביי דער גמרא און געלערנט און מיט זיך פאַרקערפּערט ביאַליקס מתמיד. ער איז געווען אַן אויסגעדאַרט מענטשעלע און ביז גאָר אָרים, אָבער מיט אַ הויכער אינטעליגענץ, און ער איז אויך איינצייטיק געווען בקי אין די פי־לאָזאָפישע שיטות פון קאַנט, העגעל, שפּינאָזע און שאָפּענהויער, און אין דעם „מורה נבוכים״ פון רמב״ם און אין דעם „כוזרי״ פון יהודה הלוי. זיין נאָמען איז געווען נח־כיל, דעם באַוואוסטן גמרא־מלמד יאָסל אַבעס אַן אַדעם. און מען האָט דערציילט אַז ער לייענט אַלץ אין אָריגינאַל, נישט קאָנענדיק קיין דייטש, פראַנצויזיש, אָדער ענגליש. זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער שניט־סוחר מענדל פּרים, וואָס האָט צוגעהאָלפן מיט אויסבאָרגן ביכער פון זיין שיינער ביבליאָטעק.

אין דער צייט וואָס איך דערמאָן דאָ, האָט זיך דאָס אויסערלעכע לעבן פון די בית־המדרש־בחורים אַ סך נישט געענדערט. מען איז נאָך אַ מאָל גע־קומען אין בית־המדרש אַריין לערנען און דאָס לייענען און שטודירן איז פאַרגעקומען אין געהיים און גאַנץ אַליין. איינער האָט נישט געוואוסט פון צווייטן, בכדי נישט אַרויסצורופן קיין שטורעם ביי די פאַנאַטיקער און סתם קנאים, וועלכע האָבן נאָר געזוכט אַזאַ געלעגנהייט. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוזאַמענגעשמועסט און עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אַז מען מוז האָבן אַ שטוב וואו זיך צונויפצוקומען. און עס איז אונדז גליקלעכערווייז צו דער האַנט געקומען אַ פערזאָן וואָס האָט אונדז אַוועקגעגעבן זיין שטוב און נאָך מיטגעהאָלפן מיט געלט—חיים בעקער האָט מען אים גערופן, אַן אײדעם פון אַ ייד אַ בלעכער ישראל שימאַליס, אַן אָריגינעלער טיפּ וואָס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן. אַהיימקומענדיק צוריק פון מיליטער איז זיין עבודה געווען סיי זומער סיי ווינטער, צו זיצן לעבן גרויסן קאַפּלענעם

אויוון אין בית־המדרש און דערציילן זיינע דורכלעבונגען, זיינע פּאַסירונגען, זיינע גרויסע אַוואַנטורעס אין און אויסער דעם מיליטער. ער האָט זיינע אַוואַנטורעס אַזוי שיין געשילדערט און זיינע גוזמאות אַזוי שיין באַפּוצט, אַז צענדליקער מענטשן זענען לעבן אים געשטאַנען שעהנווייז אין אויס־געהערט זיינע פאַנטאַסטישע רייד מיט געדולד און פאַרגאַפונג.

אין אַ חורבה הינטער דער שול איז געווען זיין בעקעריי, און דערלעבן זיין וואוינונג, וואָס ער האָט אונדז איבערגעגעבן אין מיטגעהאָלפן מיט געלט צו דער ערשטער ביבליאָטעק. אַזוי זענען מיר זיך טאָג־טעגלעך צו־נויפגעקומען ביי אַ צוואַנציק יונגעלייט, און אַדאַנק דעם חיים בעקער איז אונדז דער ערשטער שריט געלונגען. עס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ נויטיקייט אין מער ביכער אין על־פּי־צופאַל איז אונדז אונטערגעקומען אַ רייכער ייד, וועלכער האָט אונדזער לאַגע אין גאַנצן געענדערט: דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט אויף דעם שאָסיי, וואָס פירט קיין איוואַנגאָראָד, איז געווען אַ מאַלץ־פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו אַ רוסישן ייד מיטן נאָמען קאָפּעלמאַן, אַ זייער אינטעלעגענטער און הויך געבילדעטער מענטש. דערוויסנדיק זיך פון אונדזער גרופּע האָט ער אונדז אָנגעהויבן צו שיקן גאַנ־צע שטויסן העברעאישע ביכער, צייטשריפטן, ווי „כרם חמד", „בכורי עתים", „הצפירה", ווי אויך פריש דערשינענע „השלוחס". אונדזער ביבליאָטעק איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ סך נוצלעכע ווערק.

אין יענער צייט איז געעפנט געוואָרן אַ אַכט־קלאַסיקע גימנאַזיע מיט פולע רעגירונגס־רעכט און אַן שום פּראָצענט־נאָרמע, אונטער דער דירעקציע פון אַ. שעהמאַן אַ רוסישער פּראָפעסאָר. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס איפּמערקזאַמקייט אין שטאָט אַלס געשעעניש פון ערשטער מדרגה און וויכטיקייט, סיי פון עקאָנאָמישן און סיי פון גייסטיקן שטאַנדפּונקט. די נייעס איז גאַנץ שנעל צעשראָגן געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד און עס זענען במשך פון אַ גאַנץ קורצער צייט אָנגעקומען אַ פּאָר הונדערט יידישע יונגע־לייט קיין פולאַוו. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע גייסטיקע השפעה אויף דער שטאָטישער יוגנט, ווייל צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען גע־קומען פון די ישיבות מיט אַ ברייטן וויסן פון ש"ס און פוסקים. זיי האָבן בכלל געגעבן אַ שטאַרקן שטויס די יוגנט אַז זי זאָל זיך נעמען צום בילדן.

צווישן די סטודענטן האָט זיך געפונען איינער יעקב ראַטנאָווסקי, אַ וויכטיקער בחור אין אַ פירנדיקער ציוניסט. מיט זיין הילף איז געגרינ־דעט געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק, העברעאישע אָוונט־קורסן. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען ליטעראַרישע אָוונטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען שוין מיט דער מיטהילף פון זונדזערע חברים, זייער פּעאיקע אין באַגאַבטע, וועלכע האָבן צוגע־

האָלפן אַנדערע אין לייענען אָדער לערנען, ווי: יאָסעלע אוטשען, יעקב דודל מאַלאַרזש, שאול טאָכטערמאַן און יצחקל אהרן־בער היטל־מאַכערס...

אַ באַזונדער בכבודיק אָרט פאַרנעמען אין מיינע זכרונות צוויי יונגעלייט, כאָטש נישט זייענדיק קיין בית־המדרש־בחורים, האָבן זיי דאָך פיל מיטגעהאָלפן שוין אין אַ שפּעטערער צייט, מיט זייער אינטעליגענץ, מיט זייער באַהאַוונטקייט אין רוסיש, ווי אויך אין דער יידישער ליטעראַטור, צו דערציען די פולאַווער יוגנט אויפן קולטורעלן געביט. זיי האָבן זוכה געווען צו ווערן דער צענטראַלער פונקט פון פולאַוו און פון דער סביבה אַרום יידישן קולטור־לעבן, און אַ סך האָבן זיך גע־וואַרעמט ביי זייער ליכט. דאָס זענען: שלמה שיינבערג און פנחס קרימער.

שלמה שיינבערג איז דער שפּעטער באַוואוסטער יידישער שרייבער, דיכטער, און ביכער־פאַרלעגער. זיין יוגנט איז מיר אומבאַקאַנט. ווי מיר דאַכט זיך, האָט ער זיי דורכגעמאַכט אין איוואַנגאָראָד, עטלעכע צוואַנציק קילאָמעטער פון אונדזער שטאָט. אויך זיין פאָטער, דער געלער מרדכי, שטייט נאָך ביז היינט צוטאָג קלאָר פאַר מיר. ער האָט זיך אָנגעהערט צו אונדזער פאַמיליע און איך האָב אָפטמאָל געמאַכט וויזיטן אין זיין שטוב. שלמה איז געווען אַן אויסגעצערטער בלאָנדער יונגערמאַן פון מיטעלן וואוקס מיט שטאַרקע געזיכטסצוגן, ער האָט דער ערשטער באַקאַנט געמאַכט י. ל. פּרצן אין פולאַוו מיט זיין אויסגעצייכנטער אינטערפּרעטאַציע פון מאַניש.

פנחס קרימער איז געווען דער ערשטער יידישער פאַרשפּרייטער פון דער פּרעסע. פנחס קרימער איז געווען דער היפוך פון שלמהן. אַ הויכער, אַטלעטישער בחור, פעסט געבויט, צום אומגליק אָבער אַ שווינדזיכטיקער און איז געווען דער איינציקער פאַרטרעטער פון געדרוקטן וואָרט אין דער גאַנצער סביבה פון רוסישע, פּוילישע, און יידישע צייטונגען.

האַרט פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז געגרינדעט געוואָרן אַ שולע פון, אַ גרופּע יונגעלייט פון דער ליטע, און אין דער שפּיץ פון דער גרופּע זענען געשטאַנען צוויי יונגעלייט: יעקיל און איטשע בריסקמאַן. צוויי אינטעליגענטע און זייער באַוואוסטזיניקע יונגעלייט, וואָס האָבן שפּעטער אַרויסגעגעבן אויסגעצייכנטע, און מוסטערהאַפטע שילער.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג. האָט די גאַנצע פּאַנאָראַמע זיך געביטן. עס זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן, גירושים, וואָס האָבן צעבראָכן די יידישע פּאָזיציעס און צוגענומען ביי יידן די מעגלעכקייט צו האַנדלען אין פּאַרדינען. ליגנדיק האַרטביים רעכטן ברעג פון ווייסל, איז פולאַוו פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּונקט. מיט דער באַשטימונג פון דעם צורר־היהודים ניקאָלאַי

ניקאָלאַיעוויטש, דעם צאַרס פעטער, אַלס הויפּט־קאָמענדאַנט פון אַלע רו־סישע חיילות, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן ביטערע גזירות אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון פולאַוו און דער גאַנצער סביבה.

מיטאַמאָל אַ פינצטערע און ביטערע גזירה, אַז אין משך פון צוועלף שעה מוז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אַלט און יונג, מאַן און פרוי, פאַרלאָזן די שטאָט. ווי אַ באָמבע האָט דאָס אויפגעריסן. ביז היינט צו טאָג שטייט נאָך קלאָר פאַר מיינע אויגן די מהומה, דער ווירוואַר. די גע־וויינען און יללות האָבן זיך געריסן ביז צו די הימלען. ווי איז דאָס מעגלעך אין שעהען אַלץ איינפּאַקן און מיטנעמען ווירטשאַפטן, וואָס זענען אָנגע־זאַמלט געוואָרן אין משך פון דורות? עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך פורן, מיט אַ ברודיקער קאָנקורענץ אויסצודינגען איינער דעם צווייטן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער אומפאַרגעסלעכער טרויעריקער גלות־מאַרש, איבערלאָזנדיק דאָס האָב־און־גוטס אויף הפקר ביי אַנטיסעמיטישע שכנים און הפקרדיקע רוסישע אָפיצירן און סאָלדאַטן. איך האָב מיט אייניקע מאָנאַטן צוריק, געזען אַ קינאָ בילד ווי די פראַנצויזישע ציוויל־באַפעלקע־רונג פאַרלאָזט פאַריז ערב דעם אַריינמאַרש פון היטלערן ימח שמו וזיכרו, מיט זיינע אַרמייען, עס האָט זיך מיר דערמאָנט דאָס גענויע בילד ווי עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין פולאַוו.

נאָך אַ חודש צייט פון אָפּריכטן גלות, האָבן מיר באַקומען די דער־לויבעניש צוריק צו קומען. אַהיימקומענדיק האָט מען געטראָפן אַלץ אויס־געראויבט. מיט דעם אַריינקומען פון עסטרייכישן מיליטער האָט זיך די לאַגע אין גאַנצן געענדערט לטובת די יידן, די באַציאונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו אונדז איז געווען אַ גאַנץ פריינדלעכע און האָט אונדז געגעבן דעם מוט און די זיכערקייט ווידער אָנצוהויבן פון דאָסניי.

גאַנץ שנעל האָבן זיך פאַרהיילט די וואונדן, און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ גרויס קולטורעל לעבן וואָס איז פריער מיטן אויסברוך פון קריג אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מערן פאַרטייען ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, פון עקסט רעכטס, ביז עקסט לינקס; פרייהייט פון רעדן; פרייהייט פון באַוועגן. איך גלויב, אַז די גליקלעכסטע תקופה פון פו־לאַוו איז געווען די צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע. אָבער צו באַדוי־ערן, האָט זי קורץ אָנגעהאַלטן... ביז צו דער אַנטשטייאונג און ווידער־אויפלעבונג פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט. ווידער האָבן זיך פאַר־וואָלקנט די הימלען איבער די יידישע ישובים, גזירות באַיקאָט, שיקאַנעס מכל־המינים ביז פשוטן זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, ביז אַרויסשטופן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און צווינגען טויזנטער יידן זיי זאָלן אַנטלויפן פון לאַנד.

אויך איך בין געווען צווישן זיי.

ש. טענענבוים

# וואָס איך געדענק פון מיין היים-שטעטל פולאוו



אין דעם שיינעם האַרבסטיקן טאָג, פון יאָר 1924, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון פולאַוו קיין פאַריז, בין איך צום לעצטן מאָל אַראָפּגעגאַנגען צום הערלעכן פולאַווער פאַרק. איך בין דאָרטן לאַנג געזעסן, אַן איינגעהילטער אין די שטראַלן פון אויפגייענדיקן טאָג און אַ פאַרכישופטער פון דער רייכער נאַטור־מוזיק. איך האָב גוט באַטראַכט און אַריינגענומען אין זיך אַלע לאַנדשאַפטן. מיטן בליק האָב איך די גאַנצע פייכטע פוילישע לאַנדשאַפט, צוזאַמען מיט דער גרויסער היסטאָריע פון מיין פאָלק ביי די ברעגעס פון דער ווייסל, איינגעזאַפּט טיף אין מיין האַרץ און נשמה. דער אַלטער פולאַווער פאַרק, ווו גאַנצע דורות יידישע שולע־און־חדר־יינגלעך האָבן געשפּאַצירט, טראָץ דער אייביקער יידישער שרעק פאַר בייזע שקצים און הינט, טראָץ דעם אייביקן פחד פאַר דער גוייִשקער שלעכטער און רציחהדיקער וועלט. ווייל דער פאַרק איז דאָך געווען אַזוי ווי אַ גוייִשקע, פרעמדע וועלט, אָפּגעגרענעצט און אָפּגעצוימט פאַרן יידישן באַזוכער. דאָ האָט דאָך געשמעקט מיט אוראַלטער, פוילישער געשיכטע, מיט קריגערישער געשיכטע. די שאָטנס פון דעם גרויסן פוילישן פּאָליטיקער פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי און פון זיין שיינער, הויך־געלערנטער און פון האָלאַנד אָפּשטאַמענדיקער פרוי איזאַבעלאַ (געבוירן: פלעמינג) האָבן דאָ געוואַנדערט צווישן די געדיכטע, הונדערטער יאָרן אַלטע בוימער. דאָ, אין דעם ווייסמירמלנעם פּאַלאַץ, האָט זיך אויפגעהאַלטן דער נאַציאָנאַל־פוילישער העלד גענעראַל קאָשציושקאָ. דאָ איז געוועבט געוואָרן פוילישע געשיכטע. פון דאַנען אויס זענען אַרויס צו הערשן עטלעכע פוילישע קעניגן. די טויערן פונעם פאַרק פלעגן אָפט זיין געשלאָסן. פונדעסטוועגן האָט יעדעס פולאַווער יידיש קינד ווויל געקענט דעם פאַרק, זיינע שטילע און פאַרבאָרגענע פלעצער, זיינע וואונדערלעכע געהיימנישן, זיינע שיין־געבויטע פּאַלאַצן, נוסח רוים און ווערסאַיל, און זיינע איינזאַמע וועגן און שטעגן. ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל, האָט מיך געוואַלטיק שטאַרק געצויגן צום פאַרק. איך פלעג

בעטן מיינע טייערע שוועסטערן, מירעלע און חיהלע, מיט מיר צו גיין דאָרט שפּאַצירן. אַ סך שיינקייט, שטילקייט, פּאָעזיע און כישוף, האָב איך אין מיין פריער יוגנט אַריינגעזויגן פון דאָזיקן היסטאָרישן פּאַרק. ווען איך האָב שפּעטער אָנגעהויבן צו שרייבן דערציילונגען, שוין זייענדיק אַפילו יאָרן לאַנג אין אויסלאַנד — אין בעלגיע און אין פראַנקרייך, האָב איך אין מיינע רייכע נאַטור־הינטערגרונטן נאָך אַלץ געשילדערט די נאַטור פון דעם פולאַ־ווער פּאַרק אין פון אירע רייך־פּאַרביקע יאָר־סעזאָנען — ספּעציעל דעם וואונדערלעכן האַרבסט, וועלכן ס׳האָבן אַגב הערלעך געשילדערט יידישע שרייבער, ספּעציעל דער גרויסער מייסטער פון פּראָזע, ש ל ו ם  אַ ש.

אין יענעם דערמאָנטן פרימאָרגן, אין סוף יאָר פון 1924, אין דעם סאַמע לעצטן טאָג פון מיין זיין אין פולאַוו, האָב איך דאָס אַלץ גוט אַריינ־גענומען אין מיין זכרון. וואָרים איך האָב געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם פאָר־געפיל אַז איך שטיי דאָ צום לעצטן מאָל אין מיין לעבן און באַטראַכט דעם פּאַרק, וואו איך האָב גייסטיק אויפגעשטראַלט, וואו איך האָב אָפט שפּאַצירט אַ פּאַרטראַכטער מיט מיין חבר אַבא גאָלדשטיין, דעם סטודענט אין דער פוילישער רעאַל־גימנאַזיע. און וואו איך האָב מיט אַ בלייפעדער געפּרואווט פאַרשרייבן מיינע ערשטע פּאָעטישע איינדרוקן און וואו מיין האַרץ האָט זיך געעפנט אין די ערשטע אויסברוכן פון ליבע און בענקשאַפט צום שיינעם מין. איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט אָפרייסן פון פּאַרק אין יענעם פרי־מאָרגן. די ערד איז געווען נאַס פון מיינע טרערן. איך האָב זיך דעמאָלט — איצט ווייס איך שוין זיכער — אויף אייביק געזעגנט מיט פולאַוו, און אויך אויף אייביק זיך געזעגנט מיט די טייערע יידן פון פוילן. איך בין אַוועק אין צענטראַל־אייראָפּע, אַוועק צו דער גרויסער וועלט, הגם איך בין פאַרבליבן אַן אייביקער שקלאַף צו דער אַלטער, גרויסער קולטור וואָס די פוילישע יידן האָבן געשאַפן אין משך פון אַ סך יאָר־הונדערטער. די ליבשאַפט אין מיין האַרץ צו מיין שטעטל פולאַוו האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן.

---

אין יאָר 1938, בלויז איין יאָר פאַרן אויסברוך פון דער פויליש־דייטשער מלחמה, האָט מיין ליבער קוזין, דער טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער משה גראָסמאַן, אויפן וועג צו זיין געבורטסשטעטל קוראָוו, באַזוכט מיין היים־שטעטל פולאַוו. איך האָב אים אין אַ בריוו געבעטן צו זיין אַזוי פריינטלעך און מיר צושיקן עטלעכע בילדער פון פולאַווער פּאַרק און פון די ליבע, היימישע גאַסן פונם שטעטל. איך האָב מיט מיינע פאַרטרערטע אויגן גע־וואָלט ווידער באַרירן די שטיינער פון דעם ברוק פון אַ פולאַווער גאַס. איך בין געווען אָנגענעם איבערראַשט ווען איך האָב אין איינעם אַ טאָג דערהאַלטן פון משה גראָסמאַן עטלעכע בילדער פון פּאַרק, פון דער הויפּט־

גאַס, פון דער באַקאַנטער בריק וואָס די עסטרייכישע אַרמיי האָט געבויט בשעת איר אָקופּאַציע פון פּוילן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, פונעם כולאַווער טאַרג (יאַריד) און נאָך איין טייערע פאָטאָגראַפיע: משה גראָסמאַן אַליין און דער פולאַווער פאָעט און באַרימטער איבערזעצער שלמה שיינבערג האָבן זיך פאָטאָגראַפירט פון מיין כבוד וועגן אין פראָנט פונעם הויז אויף דער קאָסע גאַס נומער 15, וואו מיינע טייערע עלטערן און איך האָבן גע־וואוינט. מיט טרערן אין האַרץ קוק איך איצינד אויפן בילד: וואו איז אַהינ־געקומען דער באמת טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער שלמה שיינבערג? (ער איז ערגעץ־וואו ביי דער וואָלגע געשטאָרבן פון טיפוס). וואו איז זיין בליי־כע און שיינע פרוי ציפּע, די טאָכטער פון דעם בכבודיקן וואַלד־סוחר ר׳ יחיאל האַלבערשטאַדט? (זי האָט געהאַט דאָס טרויעריקע מזל צו שטאַרבן פון זיך ראַק נאָך פאַרן פינצטערן חורבן פונעם פוילישן יידנטום). אויך זי שטייט אַזאַ מערקווירדיק־רואיקע ביים גאַנעק פונעם דערמאָנטן הויז... אין פראָנט פונעם דאָזיקן הויז זעט מען יידישע קינדערלעך...

וואו זענען די אַלע טייערע יידישע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין אַדלערס גימנאַזיע? (מיר האָבן געוואוינט אינעם זעלבן הויז פון דער גימנאַזיע).

די קינדער, די טייערע יידישע קינדער, זענען אויסגעוואַקסן, זענען געוואָרן גרויסע יידן, האָבן חתונה געהאַט און געבראַכט קינדער אויף דער וועלט. און דאָס איבעריקע, וואָס עס איז מיט זיי אַלע געשען, ווייסט איר זייער גוט...

איך געדענק זייער גוט אַדלערס גימנאַזיע. יעדער נאַציאָנאַלער יום־טוב איז געפייערט געוואָרן אין דער שולע, אָדער אויפן גרויסן פּלאַץ אויף קאָסע גאַס. איך געדענק די גרויסע דעמאָנסטראַציע אין אַ שבתדיקן טאָג לכבוד באַלפורס דעקלאַראַציע. פונעם רייך־דעקאָרירטן באַלקאָן אַראָפּ, מיט דער בלוי־ווייסער פאָן און דעם ריזיקן מגן־דוד, האָט גערעדט דער לינקער פועלי־ציוניסט ברוך גרינבוים. עס האָט אויך גערעדט שיע טאַרטשיק, דער פיינער און ערלעכער פירער פון די לינקע פועלי־ציון. (אינם יזכור־בוך פונם שטעטל מאַרקושאָוו דערציילט אַן אַרבעטער־טוער ווי אַזוי שיע טאַרטשיק פלעגט קומען איין מאָל אין וואָך צו די דאָרטיקע לינקע פועלי־ציון, כדי צו האַלטן לעקציעס און צו אָרגאַניזירן מאַרקושאָווער אַרבעטער. אין ווינטער, אין די גרויסע שנייען, פלעגט ער אָפט גיין דעם גאַנצן וועג צופוס פון פולאַוו. יענע פויליש־יידישע אַרבעטער־פירער זענען בכלל געווען ערלעכע מענטשן און גרויסע אידעאַליסטן). פון אַ צווייטן באַלקאָן אַראָפּ האָט גערעדט דער לערער פון העברעאיש אין אַדלערס שולע, טאָגפאָגעל. יידישע פרויען פון פולאַוו האָבן דעמאָלט אַראָפּגעצויגן אַ סך טייערע צירונג פון זיך און האָבן עס געשענקט לטובת דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. עס זענען

כסדר געגאַנגען פון צאַ־רטע יידישע פרויען־הענט טייערע גאָלדענע רינגלעך, בראַנזלעטן, אויערינגלעך, שנירלעך קאַרעלן און בראָשקעס. טאָגפּאָגעל האָט יעדעס מאָל פאַר דער גרויסער מאַסע יידן אויפגעהויבן אין דער הויך, אַ שטראַלנדיקער פון נחת, די טייערע סיגנעטן, גאָלדענע זייגערלעך און די שווערע גאָלדענע מטבעות וואָס פולאַווער יידן האָבן געשענקט. דאָס איז געווען אַ סצענע וואָס האָט מיך דערמאָנט אין דער חומש־מעשה מיטן גאָלדענעם עגל... נאָר דאָ האָט דאָס פאָלק געוואָרפן זייער צירונג נישט



פראַגמענט פון דער דעמאָנסטראַציע אין פולאַוו ביים פּראָקלאַמירן די באַלפור־דעקלעראַצ־יע

צום פייער פון אַ פאַלשן געץ — נאָר צום פלאַם פון אַן אייגענעם לאַנד, אַן אייגענער קולטור און היסטאָרישער צוקונפט. פון דעם גאָלד און זילבער פון די אַלטפרענקישע צירונג־שטיקער, וואָס מאַמעס און באָבעס האָבן גע־שענקט זייערע טעכטער דרשה־געשאַנק, וועט געגאָסן ווערן, האָבן אַלע געגלויבט, די גרויסע גאָלדענע מנורה, וועמענס ליכט וועט באַשטראַלן דאָס יידישע לעבן אין גאָר דער גרויסער וועלט...

---

יאָ, איך געדענק זייער גוט די יידישע יוגנט פון אַדלערס גימנאַזיע. זייערע פריילעכע שפילערייען אויפן הויף. זיי האָבן דעמאָלט געהאַט טויזנט טעמים... אַ פאַרליבטער האָב איך נאָכגעקוקט דעם שטאָלצן גאַנג, פול מיט פרויאישער גראַצ־יע און חן פון די צאַרטע יונגע מיידלעך...

ווען די טייערע ישראל איסר און דבורה שיידענפיש פון פולאַוו זענען געקומען קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בין איך געווען שטאַרק נייגעריק זיך אָנצופרעגן וועגן דעם גורל פון פולאַווער יידן. באַזונדערס האָב איך געוואָלט וויסן וואָס עס איז געשען מיטן חשובן דירעקטאָר ד״ר הענריק אַדלער. אַדלער איז געווען אַ שטאָלצער און אַ שטייפער גאַליציאַנער ייד. ער איז געווען, ווי שוין געזאָגט, דער דירעקטאָר פון דער פּאָוושעכנער (אַלגעמיינער) מיטלשול אויסגעהאַלטן פון יידישן קהל און פון דער מלוכה. אַדלער איז פריער, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, געהאַט געווען אַ קאַפּיטאַן אין דער עסטרייכישער אַרמיי. שפּעטער איז ער געוואָרן פּאַרזיצער פון דער גמינע אין פולאַוו ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן אין פולאַוו. ער האָט געהאַט אַ וואַרעם, יידיש האַרץ. איך געדענק אַ נאָכמיטאָג אין די צייטן נאָך דער גרינדונג פון דער פּוילישער מלוכה. עס איז געקומען אין שטעטל דער מלוכה־פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי. איך געדענק די גרויסע פּראָצעסיע איבער די פולאַווער גאַסן. די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן ביים אינטערנאַט. פאָרויס פון דער יידישער דעלעגאַציע איז געגאַנגען דער שטילער, און איידעלער רב ר׳ מענדל ניי און אויך דער נידעריקער און דיקער דירעקטאָר הענריק אַדלער. מען האָט געשמועסט אין שטעטל אַז דער רב האָט קיין פּויליש נישט געקאָנט רעדן. דאָך איז ער געווען אימפּאָזאַנט אויף די אָפיציעל־נאַציאָנאַלע פייערונגען, מיט זיין איידעלן, הדרת־פּנימדיקן אויסזען, מיט זיינע ערלעכע אויגן, אָנגעגאָסן מיט יידישן צער, מיט זיין שלאַנקער געשטאַלט. דער רב האָט אויסגעזען אַזוי ווי איינער פון די רבנים אויף רעמבראַנדטס פּאָרטרעטן. און אַזוי ווי דער רב האָט ווייניק געקאָנט פּויליש, האָט שוין דערפאַר דער חשובער דירעקטאָר אַדלער ווייניק געקאָנט יידיש...

איך געדענק, ווי אַזוי אַלע זענען געווען טיף אַנטוישט ווען אין איינעם אַ זומער איז אַדלער פאַרשוואונדן געוואָרן פון פולאַוו אין צו האַרבסט־צו, ווען די קינדער האָבן זיך צוריקגעקערט אין גימנאַזיע, איז ער צוריקגעקומען מיט עפּעס אַ מאָדנער געשטאַלט פון אַ ווייב... דאָס „חפץ״ איז נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן פולאַווער יידן... מיר פלעגן נאָכקוקן ווי דער שטאָלצער אַדלער גייט געאָרעמט מיט זיין נייער פרוי, וואָס האָט קיין איבעריקן חן נישט באַזעסן...

דירעקטאָר אַדלער האָט געהאַט דעם טראַגישן סוף פון דאָס רוב יידן אין פּוילן. די געשטאַפּאָ האָט אים לאַנג געפּייניקט און שפּעטער אַכזריות־דיק אומגעבראַכט.

מען שמועסט אַז די נאַציס האָבן אַדלערן אויסגעשטאָכן די אויגן. אויך הרב מענדל ניי, וואָס האָט זיך זייער פריינטלעך באַצויגן צו מיין

טאָטן — אין מיין היגן אַרכיוו געפינען זיך בריוו וואָס דער רב האָט גע־
שריבן צו מיין פאָטער קיין ניו־יאָרק — איז צוזאַמען מיט זיין עדה יידן
אומגעקומען ביי די פינצטערע נאַציס, ווערנדיק פריער פאַרשעמט און גע־
פייניקט. מען האָט זיי ביידע געצוואונגען צו פירן אַ וואָגן איבער די פולאַ־
ווער גאַסן.

כבוד דעם אָנדענקן פון פולאַווער רב, הרב מענדל ניי ז"ל און זיין
גאַנצער משפחה. כבוד דעם אָנדענקן פון דירעקטאָר אַדלער, וועלכער איז
געקומען פון גאַליציע און האָט שפּעטער אָפּגעגעבן זיין לעבן פאַר די
אינטערעס פון די פולאַווער יידן און איז אומגעקומען, ווי דער רב און ווי
די מערסטע פולאַווער קדושים, על קידוש השם.

---

אַנומלט, אין אַן אָוונט, בין איך געזעסן אין דער היים פון מיין טייערן
פריינט און ליבן קאָלעגע, שלמה ראָזענבערג, אין די בראָנקס. איך האָב
געמישט די בלעטער פון אַ פּאַריזער יידישן געדענק־בוך, אַרויסגעגעבן
לזיכרון פון יידישע אַרבעטער־טוערס אין פראַנקרייך, וועלכע זענען אומ־
געבראַכט געוואָרן דורך די פינצטערע הענט פון די נאַצישע מערדערס.
איך מיש אַ טרויעריקער די ברייטע בלעטער און איך זע די פאָטאָגראַפיעס
פון אַלערליי פּנימער פון יידישע מאַרטירערס. פּלוצלינג ווער איך אַ פאַר־
ציטערטער: איך דערזע אַ באַקאַנט פּנים. עס איז דאָס פּנים פון דעם
יונגן משה קוואַטער. און איך לייען ווי אַזוי ער איז אַרעסטירט געוואָרן
דורך די נאַציס אין פּאַריז. זיין פרוי האָט אים געשיקט שפּייז־פּעקלעך
אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער בעט זי נישט צו שיקן, ווייל עס קאָן זיין
צו שווער פאַר איר... פונם פינצטערן לאַגער אַרויס שרייבט קוואַטער
צו זיין ליבער פרוי אַז ער איז זיכער אינם זיג פון דער פרייער מענטש־
הייט... קוואַטער איז געווען זיכער דערין... אָבער ער האָט זיין יונג
לעבן פאַרענדיקט אין אָשוויענטשים, אין נאַצישן גאַז־קאַמער.

איך בין שטיל געזעסן ביי מיין ליבן קאָלעגע שלמה ראָזענבערג. פון
דער ראַדיאָ זענען געגאַנגען די גאָלדענע קלאַנגען פון מאָצאַרטס רייצנדיקער
מוזיק. איך האָב זיך דערמאָנט אַ נאָכמיטאָג אין אַנטווערפּן, אַרום דעם
יאָר 1930. אין קולטור־פאַריין, ווו איך בין דעמאָלט געזעסן און געגעסן
אָוונטברויט, באַווייזט זיך פּלוצלינג משה קוואַטער און זיין פריינדין פון
פולאַוו, די פרידלענדערין, אַ טאָכטער פון דער שניטקרעמערקע אויף
שפּיטאַלנע גאַס. זי האָט געשטודירט אין אַ פּאַריזער אוניווערסיטעט.

איך בין געווען גליקלעך זיי צו פירן צום האַפן, צו ווייזן זיי דעם אַנט־
ווערפּענער היסטאָרישן פּאָרט, די ריזיקע שיפן וואָס האָבן געאַנקערט ביים
ברעג, דאָס מוטנע און אויל־באַפלעקטע וואַסער פון דער שעלדע, די מיטל־

אלטערלעכע קירכעס, די באָרדעל־הייזער און עסטאַמינעס (קאַפּעען) אין די שמאָלע, אַנטיקע געסלעך, אין שכנות מיט היסטאָרישע קירכעס און מוזע־אומס. קוואַטער איז געווען ערנסט, פלעגמאַטיש און עפּעס דערשלאָגן. און אַזוי אויך זיין שטודירנדיקע פריינדין,ביידע לינק־געשטימטע. עס זענען שוין געהאַט אַדורך אַ היפּשע פּאָר יאָר זינט מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין שיינבערגס זעצעריי אין פּולאַוו. מיר האָבן ווייניק גערעדט. עפּעס זענען מיר ווי אָפּגעפרעמדט געוואָרן. אין דעם זעלבן אָוונט זענען זיי אַוועקגע־פאָרן פון אַנטווערפּן. און בשעת איך בין אַזוי געגאַנגען מיט זיי אין די געשלענגלטע און שמאָלע האַפנגעסלעך, פול מיט אַלערליי פאַרדעכטיקטע פּרויען, פול מיט מאַטראָזן פון ווייטע לענדער, האָט זיך פאַר מיר גאָר גערדאַכט אַז איך גיי אויף דער קראַנצאָווע גאַס, צו שיינבערגס זעצעריי. עס איז נישט פלעמיש־פאַרנעפּלטער אָוונט נאָר פּוילישער טוי־נאַסער באַ־גינען. די פּאַרבן אויף די ערשט פון נאַכט־נאָך־אָפּגעדעקטע פעלדער זענען נאָך פייכט, ווי אויף נאַסע אויל־מאָלערייען. די פּוילישע פייגל זינגען פריילעכע לידער. יעדער פויגל באַגעגנט מיך מיט אַ היימישן „ס׳קאָצל קומט!״ דער טאָג צינדט רייך אָן מיט זון אַלע בוימער אויף דער היימישער פּוילישער לאַנדשאַפט. אַ מיידל שעפּט אָן וואַסער ביים ברונעם. איך גיי צו דער אַרבעט אין שיינבערגס דרוקעריי. דאָ אַרבעטן די ברידער שלמה און משה ראָזענבערג פּינעם דאָרף מאָטיטש. (שלמה ראָזענבערג, שלמה שיינבערג און אברהם צימערמאַן זענען די ערשטע שרייבער, וועמען איך ווייז מיינע לידער...) דאָ אַרבעטן משה קוואַטער און זיינע חברים משה מעלמאַן, אהרן געווערצמאַן און שלמה קרעלענבוים; אויך שלמה שיידנפּיש און שפּעטער קומט צו דוד־נוח טאַרטשיק. איך אַרבעטן דאָ די צוויי אָרעמע יינגלעך גאָלדבערג. די קליינע ברידערלעך פון דעם פיינעם אַרבעטער־טוער און אינטעליגענט ישראל גאָלדבערג, מיט וועמען איך האָב זיך שפּעטער באַגעגנט אין ליעזש און אין בריסעל. אַוודאי הערט מען דאָ נישט קיין צופיל ריינע וויצן פון דער יונגער, פאַרשייטער חברה אַר־בעטער. אָבער דער דאָזיקער אָפּטמאָל פרעכער הומאָר איז אַ רעזולטאַט פון דעם רייסן זיך צום בונטן לעבן און גענוס; פון אַ בענקשאַפט זיך פאָרצושטעלן, צו פאָזירן און צו עקסהיביציע. חברה יונגוואַרג איז געווען ראָמאַנטיש געשטימט אין האָט געשטראָמט מיט יוגנטלעכער קראַפט און ענטוזיאַזם. אַגב הערט מען אויך פון דיזעלבע חברה די סאַמע אינטערע־סאַנטסטע מיינונגען וועגן ליטעראַטור. זעצנדיק דאָ די מאַנוסקריפּטן פאַרן וואַרשעווער פאַרלאַג יאַטשקאָווסקי, פאַר ש. גאָלדפאַרב, פאַרן פאַרלאַג בזשאָזע האָבן די דאָזיקע יונגעלייט זיך אַזוי גוט אויסגעלערנט די תורה פון ליטעראַטור, אַז דאָ איז פאַקטיש דעצידירט געוואָרן די צוקונפט און דער גורל פון אַ ליטעראַריש ווערק. אויב די חברה זעצערס האָבן געאורטיילט

אַז דאָס בוך איז אַ קינסטלעריש ווערק, איז שוין אַזוי פאַרבליבן אין גאַנצן יידישן פוילן. די יידישע ליטעראַטור־קריטיק פון וואַרשע, מאָסקווע און ניו־יאָרק האָט שפּעטער מערקווירדיק באַשטעטיקט דעם סאַמע ערשטן אורטייל וואָס די דאָזיקע אינטעליגענטע זעצערס פון שיינבערגס זעצעריי האָבן אַרויסגעטראָגן. די דאָזיקע „ציניִשע" יונגען האָבן וואָרט פאַר וואָרט צעגלידערט און אַנאַליזירט אַ ווערק. פון יעדן בלעטל האָט מען אַרויס־געלייענט זיין תמצית און זיין פאָרם. זיין גייסטיקן און קינסטלערישן ווערט פאַר יידישן לייענער. עס איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ קאָלעקטיווער משפט, בשעת דאָס קינפטיקע בוך איז דאָ געלעגן נאַקעט אין די אָפטמאָל ברוטאַלע הענט פון די מבינים־זעצערס. די דאָזיקע פאַבריק פון ליטע־ראַטור איז געווען מיין ערשטע ליטעראַרישע שולע.

---

אין דער דרוקעריי האָט געאַרבעט אַלס קאָרעקטאָר א ב ר ה ם צ י מ ע ר מ אַ ן. אַלס מאַטריצירער — ד ו ד ש י י נ ב ע ר ג. נאָך דער אַרבעט, וואָס פלעגט זיך ענדיקן געוויינלעך 5 אַזייגער, פלעגן די חברה ליטעראַטן זיך פאַרקלייבן אין דער קליינער זעצעריי, וואָס איז אין סך הכול באַשטאַנען פון בלויז איין שטוב. צימערמאַן און דוד שיינבערג האָבן איבערגעזעצט גאָגאָלס דערציילונגען „דער שינעל" א. אַ. וועלכע זענען שפּעטער דערשינען אין פאַרלאַג „גאָלדפאַרב", אונטערן טיטול: „רוסלאַנד". אברהם צימערמאַן האָט איבערגעזעצט ווערסאַיעווס „די ווידוי פון אַ דאָק־טאָר", וואָס מיר האָבן שפּעטער אויך געזעצט פאַר אַ וואַרשעווער פאַרלאַג. אויך מ ש ה ר ו ב י נ ש ט י י ן, היינט אין ישראל, האָט זיך געפּלייסט צו ווערן אַן איבערזעצער. שלמה שיינבערג אַליין האָט, הגם ער האָט צווישן חברה געהאַט דעם נאָמען פון אַ היפּשן פוילענצער, דאָך איבערגעזעצט אַ שלל מיט רוסישע ליטעראַטור: אַזעלכע ריזנווערק ווי טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום"; שאָלאָכאָווס „דער שטילער דאָן"; באַריס פילניאַקס „קאָל־כידע"; ד׳אַמיטשיס „דאָס האַרץ"; טאָלסטאָיס „אַנאַ קאַרענינאַ"; די פּאָעמען פון פושקין, לערמאָנטאָוו און יעסענין. שלמה שיינבערג איז געווען אַ גלענצנדיקער לעקטאָר. איבער דער גאַנצער פּראָווינץ פון פוילן זענען געווען פּאָפּולער זיינע רעפעראַטן וועגן ליטעראַטור. די יידישע יוגנט האָט אים הויך געשעצט. זיין הויז איז געווען אַ צענטער פון קולטור. אונטער שיינבערגס השפעה האָבן געאַרבעט מ ר ד כ י נ י י ד י ן, דער איבערזעצער פון מאַקסים גאָרקיס „קלים סאַמגין" און „דריי". שלמה ראָזענבערג אַזוי ווי מרדכי ניידין, האָט געוואוינט ביי שיינבערגן און געאַר־בעט אין דרוקעריי. צו יענער צייט האָט שלמה ראָזענבערג אויפגעטאָן אַ וויכטיקע זאַך פאַר דער יידישער ליטעראַטור: ער האָט געמאַכט אַן אויס־

געצייכנטע איבערזעצונג פון ריימאַנטס עפּישער נאָוועלע פון פּוילישן פויערים־לעבן „פויערן״. איך געדענק גוט יענע פיבערישע טעג. ס׳איז געווען גלייבן און שעפערישקייט אין דער לופט. ראָזענבערג האָט צוזאַמען מיט שיינבערגן געאַרבעט אויפן דאָרף, אין די זוניקע פרימאָרגנס, אין אַ געדיכטן סאָד. דער ווינט האָט אָפּט אַרויסגעריסן פון זייערע הענט די פאַרשריבענע און נאָך נאַסע פון טינט פּאַפּירן. זיי האָבן נישט געדאַרפט מעכאַניש איבערזעצן טאָלסטאָיס צי ריימאַנטס קרעפטיקע פּראָזע. די נאַ־טור איז דאָ געלעגן צופוסנס — אַז מין רחבותדיקע, אַ רייך־צעבליטע. די פּייסאַזשן פון די גרויסע שריפטשטעלער פון דער וועלט האָבן זיך אויסגע־מישט מיט די פּייסאַזשן פון פּוילישן לאַנד, פון דעם אַלטן, היימישן לאַנד. דאָס יידישע פאָלק האָט געלעבט און האָט גערעדט מיט אַ זאַפטיקן, טויזנט־יאָריקן יידיש. ס׳איז געווען פאַר וועמען צו שרייבן און פון וועמען צו שעפּן גייסטיקע יניקה, לשון און גלויבן...

פון דעם שכנותדיקן און פּיטאָרעסק־מאָלערישן שטעטעלע קוזמיר (קאַזשימיערזש) פלעגט זיך צו אונדז אָפּט אַריבערכאַפּן דער יונגער פּאָעט שמואל לייב שניידערמאַן. ער פלעגט קומען אַזאַ צעפלאַטער־טער, בלאָנדער און ענטוזיאַסטישער יונגערמאַן. ער פלעגט כאַפּן אַ שפּאַציר אין פּאַרק מיט אַ פולאַווער יידיש שיינקייט... שניידערמאַן איז געווען יינג־אומרואיק און דינאַמיש. ער פלעגט טראָגן אונטערן אָרעם אַ באַנד מיט טאַגאָרעס פּאָעזיע. איינמאָל אין דעם סאָדע־וואַסער־געוועלבל פון שיע טאַרטשיץ האָב איך שניידערמאַנען געבראַכט אַ פּאַק פון מיינע סאַמע ערשטע לידער־פּרואוון. שניידערמאַן האָט צו יענער צייט שוין געהאַט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער „גילדערנע פייגל״. באַלד נאָכדעם האָט ער זיך געדרוקט אינעם דעמאָלט פּאָפּולערן ליטעראַרישן זשורנאַל „די ליטעראַרי־שע בלעטער״. ער האָט געמאַכט אינטערוויוען מיט פּוילישע טעאַטער־קונסט־און ליטעראַטור־פיגורן. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט די דינע בענדער פּאָעזיע פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. יאָרן שפּעטער האָב איך שניידערמאַנען געטראָפן אין אַנטווערפּן. ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין לאָקאַל פון די לינקע פּועלי־ציון וועגן מלך ראַוויטשעס דראַמע „בלוט אויף דער פאָן״. ער האָט ראַוויטשן ממש באַשולדיקט אין פאַשיזם. ער האָט דע־מאָלט אויך געגעבן אַ לעקציע וועגן קאַדען־באַנדראָווסקיס ראָמאַנען און וועגן די פאַשיסטישע טענדענצן אין דער דעמאָלט אַקטועלער פּוילישער ליטעראַטור.

---

די דאָזיקע פולאַווער יוגנט האָט אַ סך געלייענט, געליבט, געחלומט און איז געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט. מען האָט געטראָגן אונטער די

אָרעמס פּרצעס ביכער מיט דיקע ראָמאַנען פון גאָרקי, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און אַרציבאַשעוו. מען האָט געשלונגען מיט גרויס הונגער די ווערק פון איבסען, ביערנסטינע ביערנסאָן, קנוט האַמסון און סטרינד־בערג. עס איז געווען די צייט פון דער „כאַליאַסטרע". אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן דעמאָלט געקעניגט די מאָדערניסטן, די „פוטוריסטן", ווי מען האָט זיי גערופן: פּרץ מאַרקיש, מלך ראַוויטש, משה בראָדערזאָן און אורי צבי גרינבערג. דאָס קליינע פּוילישע שטעטל האָט אויפגעכאַפּט יעדעס ליטעראַרישע בלעטל פון וואַרשע. די „ליטעראַרישע בלעטער" אונ־טער אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום פון נחמן מייזיל, י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש און מלך ראַוויטש האָבן ערשט געהאַט אָנגעהויבן צו דערשיינען. מען האָט הייס דיסקוטירט פּרץ מאַרקישס באַוווסטע פּאָעמען: „די קופּע", „ראַדיאָ" און „סתם". אויך ראַוויטשעס „פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן" און „נאַקעטע לידער". עס איז געווען די צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס איז איבער אייראָפּע אויפגעגאַנגען אַ גרויסער פרילינג. די וועלט, האָט זיך געהאַט געדאַכט, גייט צו דער גליקלעכער פאַרווירקלעכונג פון גרויסע אי־דעאַלן. דאָס פּוילישע יידנטום איז קוים געהאַט געקומען צו זיך פון די איבערלעבענישן פון דער מלחמה. הלל צייטלין האָט געכאַפּט די פּעטש פון דער נייער פּלעיאַדע יינגע פּאָעטן. צו יענער צייט האָבן פולאַוו באַזוכט וואַרשעווער לעקטאָרן. אין „האָפּמאַנס קינאָ", געדענק איך, ווי מלך ראַוויטש האָט פּאָעטיש גערעדט וועגן דער נייער יידישער ליטעראַטור. מאַרקיש איז געווען זיין „אָפּגאָט". איינמאָל, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, געדענק איך, ווי אויף דער בינע איז געשטאַנען ישראל שטערן, מיט זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר, מיט אַ טרויעריק און ערנסט פּנים. עס איז געווען טונקל אין זאַל. נאָר דורך דעם שפּאַלט פון דער קוים־געעפנטער טיר האָט אַ שטראָם ליכט פון דער זון אַריינגעריסן זיך און פאַרגאָסן ישראל שטערנס פּנים און געשטאַלט. עס האָט אויסגעזען ווי דער דיכטער וואָלט געברענט. ישראל שטערן האָט וווּנדערלעך גערעדט וועגן פּרץ און וועגן לאָרד בייראָן. שפּעטער איז דער איצט לעגענדאַרישער ישראל שטערן טאַקע פאַרברענט געוואָרן אינעם גרויסן פייער פון אומגליקלכן פּוילישן יידנטום.

שבת־צו־נאַכטס איז ישראל שטערן געזעסן שווייגנדיק ווי אַ בודאַ אין שלמה שיינבערגס הויז אין פולאַוו. אַרום שטערן האָט זיך ווי אַ ריזיקער, בלייכער שמעטערלינג, ווי אַ שאָטן, שטיל געדרייט די שלאַנקע און צאַרטע פרוי פון שיינבערג, ציפּע. זי איז געווען נאָך שענער און פּאָעטישער ווי די הייליקע יינגע פרויען אויף די רענעסאַנס־מאָלערייען. פון ישראל שטערנס פּנים, טונקעלער טשופּרינע האָר און גאַנצן געשטאַלט איז געגאַנגען עפּעס אַן אומענדלעכער טרויער... ווי ער וואָלט שוין דעמאָלט פילן דעם מוראדיקן אומגליק וואָס דערנענטערט זיך צום פּוילישן

יידנטום, ישראל שטערנס דיכטעריש־מיסטישע פערזענלעכקייט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן . . .

איינמאָל, אין אַ הייסן שבתדיקן טאָג, פון אַרום מיטן חודש אלול, בין איך געלאָפן אין דער זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס, כדי צו ברענגען די קאָרעקטורן פון ז. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן „אייביק איינזאַם", וואָס מען האָט גראָד דעמאָלט געזעצט. דער שטאַרקער ווינט האָט אויפן וועג ביי מיר דווקא געוואָלט אַרויסרייסן אַ בינטל בלעטער פון דעם דיקן פּאַק. איך האָב זיך געראַנגלט מיטן פריינטלעכן ווינט . . . ווען איך בין ענדלעך אָנגעקומען אין שלמה שיינבערגס הויז, האָב איך געזען ווי אויפן בעט איז געלעגן ז. סעגאַלאָוויטש, אַזאַ לאַנגער, אַ מידער און אַ שלאַנקער, ווי אַ ציגיינערישער פּרינץ. שפּעטער האָבן מיר אַלע שפּאַצירט אויף דער בריק, איבער דער ווייסל, וואָס פירט קיין גאָרע, פירט אַריבער די געלע זאַמד־אינדזלען צו די שכנותדיקע דערפער. דאָס איז געווען אין די טעג ווען קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט אים פאַרלאָזט . . . און דער דיכטער פון „קאַזשימיערזש" און „רייזעלע דעם שוחטס" האָט טיף געליטן . . . פון דעם דאָזיקן ליידן און ליבעס־יסורים האָט ער אָנגעשריבן זיין ראָמאַן „אונדזער פרוי". ווען איך האָב אין ניו־יאָרק, יאָרן שפּעטער, דערזען זוסמאַן סעגאַלאָוויטשן, נאָך זיינע פילע וואַנדערונגען, האָב איך אים פּשוט נישט דערקענט. עס איז געווען קוים אַ שאָטן פונם אַמאָליקן ציגיינערישן פּרינץ ז. סעגאַלאָוויטש, וועמען די יידישע יוגנט אין פוילן האָט געשמאַק געלייענט . . .

---

אין פולאַוו האָט אויך פאַרבראַכט דער דראַמאַטורג און דערציילער פישל בימקאָ, וואָס האָט טאַקע ביי שיינבערגן געזעצט זיינס אַ ראַמש מיט דראַמאַטישע ווערק. די זעצערס פון דער דרוקעריי האָבן כסדר געזונגען די לידער פון בימקאָס דעמאָלט איבער גאַנץ פוילן פּאָפּולערער דראַמע "די גנבים". (איבעריקנס, האָבן די זעצערס טאַקע אַליין אויך אויפגעפירט „די גנבים". זיי האָבן זיך שטענדיק אַמאַטאָריש געקאָכט מיט טעאַטער). אין פּו־לאַוו האָט אויך פאַרבראַכט זלמן זילבערצווייג, דאָרט האָט ער אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון זיין „טעאַטער־לעקסיקאָן". אויך האָבן באַזוכט פולאַוו: פּאַפּיערניקאָוו, ד. ב. מאַלקין, ד"ר קרוק, זרובבל, ב. אייסוראָוויטש, יצחק גרינבוים, עמנואל (פון „מאָמענט"), ש. י. סטופּניצקי און ניסענבוים (פון „לובלינער טאָגבלאַט") א. אַ.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָב איך געזען ביי שלמה שיינבערגן אין שטוב אַ דיקן שווערן און פעטלעכן מאַן, מיט עפּעס אַן אומהיימלעך, טרויעריק פנים. דאָס איז געווען דער שפּעטער טראַגיש־אומגעקומענער שמעון

האַראָנטשיק, דער קרעפטיקער נאָוועליסט. עפּעס אַן אומעט האָט געווייעט פונם דאָזיקן שרייבערס פערזענלעכקייט.

איך געדענק ווי אין דער פולאַווער שול האָט איינמאָל גערעדט דער שלאַנקער, אידעלער און ראַפינירטער ד״ר יצחק שיפּער. די יידישע יוגנט, קאָמוניסטיש געשטימט, האָט געמאַכט אַ רוישיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דעם יידישן סיים־דעפּוטאַט...

נחמן מייזיל, דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער״, האָט איינמאָל געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן שלום אַשן, צו זיין דעמאָלטיקן 25־יאָריקן ליטעראַרישן יובילֵיי. שבת נאָכמיטאָג פלעגט מען געוויינלעך הערן דעם וואַרשעווער פּרעלעגענט און זונטיק, מאָנטיק און דינסטיק, אַזוי דורך דער גאַנצער וואָך, ביזן אָנקומען פונעם קומענדיקן רעפערענט, האָבן יידישע יוגנט פונאַנדערגעטראָגן, באַלויכטן און אַנאַליזירט זיינע רייד און געדאַנקען. מען האָט פונם וואַרשעווער רעדנער געלערנט ליטעראַרישע תורה ווי פון אַ פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט. פולאַווער יוגנט האָט אָבער נישט באַדאַרפט איבערחזרן יענעמס מחשבות. עס איז די יידישע יוגנט אַליין, וואָס האָט געגעבן אימפּעט, שעפערישקייט, דינאַמיק און געדאַנקען דעם יידיש; שרייבער און קינסטלער. שפּעטער, נאָכן מוראדיקן חורבן, דערמאָנען זיך אַלע די דאָזיקע לעקטאָרן אין די פּוילישע שטעטלעך, אין יענעם גרויסן ענטוזיאַזם פון דער יידיש־פּוילישער יוגנט. מען האָט די לעקטאָרן אויפגענומען ווי די קעניגן פון דער מלוכה פון אייביקן גייסט און וויסן. די יוגנט האָט די געזאַלבטע פּאָעטן געטראָגן אין דער לופט מיט גרעסטן ענטוזיאַזם און אמתער ליבשאַפט און טיפער פאַרערונג. אַלץ איז דעמאָלט געווען יונג: די יוגנט, די קינסטלער און שרייבער, די וועלט און די צייט אַליין אויך...

טאָקע אַרום יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן צו שרייבן לידער, צו שמעלן מיינע ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור. און דאָס איז געווען מיין סאַמע ערשטע ליטעראַרישע סביבה.

---

אָבער פולאַוו ביי דער ווייסל איז נישט בלויז געווען אַ פיינער קול־טורעלער יוגנט־צענטער. מען באַדאַרף איצט אַלעמען דערמאָנען, נישט נאָר יענע וואָס האָבן געשאַפן יידישע ליטעראַטור און יענע וואָס האָבן געלייענט און גענאָסן יידישע ביכער און קונסט. מען מוז אַצינד דערמאָנען אַלע, אַלעמען, דאָס גאַנצע גרויסע פאָלק. פאַרוואָס זאָל מען נישט דער־מאָנען די אַלערליי פולאַווער אָרגאַניזאַציעס, פאַריינען, שולן, קרייזן, ביב־ליאָטעקן און חסידישע שטיבלעך?! מיט איין וואָרט: דאָס גאַנצע סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע לעבן פון שטעטל?!

עס זענען אין פולאַוו געווען יידישע אַרבעטער־פאַראיינען, ווי דער לע־
דער־פאַריין, דער נאָדל־פאַריין, דער האָלץ־פאַריין אויף דער שפּיטאַלנע
גאַס. יעדער איינער פון די יידישע פּאַרטייען: די אַלגעמיין־ציוניסטישע, די
לינקע און רעכטע פועלי־ציון, די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַריינען, האָבן
געהאַט היפּשע יידישע ביבליאָטעקן, צו עטלעכע הונדערט ביכער יעדער.
וואָס אַ ביבליאָטעק אין אַ יידיש שטעטל האָט באַדייט, דאָס ווייסן בלויז
די יידישע מענטשן פון פּוילן. די ביכער זענען קיינמאָל נישט פאַרשטויבט
געוואָרן פאַר דער צייט, אַזוי ווי די סידורים און מחזורים, וואָס יידן באַ־
ביכער ממש צעפּליקט געוואָרן פון הענט וואָס האָבן זיי, תמיד הונגעריקע
נאָך גייסט און חכמה, נאָך בילדונג און וויסן, געמישט. ביכער זענען אַלט
געוואָרן פאַר דער צייט, אַזוי ווי די סידורים און מחזורים, וואָס אידן באַ־
נוצן זיך מיט זיי תמיד, יעדער טאָג פון דער וואָך און יעדן יום־טוב. אַ
יידיש ביכל ביי אַ יידישן אַרבעטער און פאָלקס־אינטעליגענט איז געווען
אַזוי טייער און הייליק ממש ווי אַ ספר ביי אַ פרומען ייד. די ערשטע
ביכער וואָס איך אַליין האָב געלייענט, האָב איך געבאָרגט אין דער ציוניס־
טישער ביבליאָטעק. איך געדענק: אין טעג פון שניי און רעגן, דורך ווינט
און שטורעם, אין די פינצטערע נעכט אָפּטמאָל, פלעג איך אַהינגיין טוישן
מיין יידיש, טייער בוך. דער לאָמפּ פלעגט אָפּט אויסגיין אין ביבליאָטעק־
שטוב, זייענדיק אָן נאַפט. פלעגט מען אָנצינדן אַ דין חלבן ליכטל.
און אַזוי, ביים קאַרגן ליכט, פלעגן קומען יידישע מיידלעך, יידישע בחורים,
און טוישן די דיקע ראָמאַנען און שלינגען די ביכער און אַרויסציען פון
זיי נאַרונג פאַרן גרויסן הונגער נאָך גייסט און דאָרשט נאָך וויסן, נאָך ליבע,
נאָך דער ווייטער, גרויסער וועלט, נאָך די הערלעכע אידעאַלן פון די באַ־
רימטע און אייביקע דיכטער, דענקער, סאָציאָלאָגן, וויסנשאַפטמענער און
גרויסע טרוימער און וויזיאָנערן פון אַ זוניקער מענטשלעכער געזעלשאַפט.
איך פלעג אויך אויסלייען ביכער אין דער ביבליאָטעק פון דער לינקער
פועלי־ציון. ביבליאָטעקאַר פלעגט זיין דער הויכער אברהם. אין איין צייט
האָט זיך די ביבליאָטעק געפונען ביי אים אין דער אָרעמער שטוב. קיין
שום שלעכט וועטער, ווי געזאָגט, האָט מיך נישט אָפּגעהאַלטן פון צו גיין
טוישן מיין בוך... איך האָב דאָס בוך געטראָגן ווי אַן אבן־טוב און עס
באַשיצט פון רעגן און שניי מיט מיין אייגן לייב ממש...

---

פולאַוו, אויף וויפל איך געדענק, האָט שוין אין מיינע צייטן געהאַט,
ווי געזאָגט, אַ סך פּאַרטייען, ווי אַ שטייגער: מזרחיסטן, ציוניסטן, קאָ־
מוניסטן, בונדיסטן, לינקע פועלי־ציוניסטן, שומרים, חלוצים און גלאַט אַזוי
טייערע יידן, גוטע, ערלעכע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. יעדער פּאַרטיי רופט

אַרויס ביי מיר פון זיכרון פירער, געשטאַלטן, לייטנדיקע פיגורן, וואָס האָבן זיך גייסטיק און אָרגאַניזאַציאָנעל אַנטוויקלט אויפן פאָן פון די לאָקאַלע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. שיע טאַרטשיץ, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען דער אָנערקענטער פירער פון די לינקע פועלי־ציון. ער איז געווען אַ שטילער, ערלעכער מענטש, וואָס האָט אַ סך געלערנט די פולאַווער יוגנט פון זיין אינטימען קרייז. איך געדענק זיינע רעפעראַטן, זיין התמדה. יידישע געזעלשאַפטלעכע פירער זענען בכלל געווען גרויסע אידעאַליסטן. מען האָט צו יענע צייטן נישט געוואוסט פון קאָרופּציע, פון שוחד, פון רייכע שטעלעס און פון אָפּאָרטוניזם.

שיע טאַרטשיצס פרוי איז געווען אַ בלאָסע און אַ רויטהאָריקע, אַ דינע. און מיר איז פאַרבליבן אין זיכרון דער טויט פון אירס אַ יונגערער שוועסטער. שיע טאַרטשיצעס פרוי איז געלעגן אין דרויסן, אויפן הויף, ביים גאַנעק פון אירע עלטערנס הויז, און זי האָט אַזוי מוראדיק געיאָמערט ביי דער לוויה פון איר שוועסטער, אַז איר געוויין איז אויף אייביק אַריין אין מיין האַרצן, טיף אין מיינע ביינער. איך האָב צום ערשטן מאָל באַגריפן ווי פינצטער און גרויזאַם עס איז דער טויט פון אַ יונגן, בליענדיקן מיידל און ווי מוראדיק אַ מענטשלעך באַשעפעניש קאָן יאָמערן.

אין פולאַוו האָבן געוואוינט קרובים פון דעם גרויסן שריפטשטעלער יצחק־לייבוש פּרץ. (אגב דערציילט מיין שוואָגער עוזר מאַנדעלבוים וועגן אַ וויזיט פון פּרצן אַליין אין שטעטל און וועגן זיינס אַ רעפעראַט). איך געדענק דעם פּראָמינענטן ציוניסט פון שטעטל, פ י ש ל  פ ר ץ. ער איז געווען אַ האַרץ־ליידנדיקער און אין איינעם פרימאָרגן איז ער יונגער־הייט אויסגעגאַנגען. עס איז געווען אינמיטן זומער. און די לוויה איז געווען די גרעסטע אין דער געשיכטע פון פולאַוו. איך האָב שוין דעמאָלט גע־אַרבעט אין דער זעצעריי פון שלמה שיינבערג. די לוויה פון פישל פּרץ האָט זיך אָנגעפאַנגען אין נאָכמיטאָג פון אַ גרויס־זומערדיקן טאָג און האָט זיך געענדיקט כמעט פאַרנאַכט. דאָס גאַנצע שטעטל ממש מיט אַלע אירע וואַסער־טרעגערס, אלמנות, אַלטע מוידן און אַרבעטער זענען אַרויס אויפן וועג זיך צו באַטייליקן. און דער ארון האָט זיך געצויגן פאַרביי נאַאיווו־בליענדיקע פעלדער, סעדער און בוימער וואָס האָבן מיטגעוויינט און געבראָכן די צווייגן־הענט. דאָס שטילע, רואיקע בית־עולם איז ווי אויפ־געבראָכן געוואָרן פון דער גרויסער מאַסע באַגלייטנדיקע יידן. די קברים די מצבות, די זיידענע אינדזלען גראָז, די בוימער אַזוי ווי געהאָפטענע אויפן האָריזאָנט, די נאַכטיגאַלן צווישן די צווייגן, אַלץ איז ווי פאַרפלייצט געוואָרן אין דעם שטראָם פון יאָמערנדיקע ווייבער און מענער. און איך זע ווי די פאַרפינצטערטע קרובים לאָזן נישט אַרונטערלאָזן אין דעם רויען קבר דעם ארון מיטן טייערן, תמיד־שמייכלענדיקן, פריינטלעכן פישל פּרץ...

איך דערמאָן זיך איצט אַז צווישן דער מאַסע מענטשן, אין דעם קרייז פון די נאָענטסטע איז אויך געווען אַ שוועסטערקינד פון פּרצן, ראָזאַ לאַקס־פּרץ, וועלכע האָט שפּעטער געשריבן זיכרונות וועגן י. ל. פּרץ. זי איז געבוירן געוואָרן אין פולאַוו, אין יאָר 1894, און עטלעכע פון אירע לידער זענען געווידמעט פולאַווער לאַנדשאַפטן...

בכלל איז אַ לוויה אין פולאַוו פאַרגעקומען מיט אַזאַ שרעקלעכן יאָמער פון היימישן מענטש, מיט אַזאַ ווילדער עלנטקייט. מען האָט אין דעם קליינעם שטעטל אויפגענומען דעם מלאך המוות מיט אַזאַ ספּאָנטאַנעם אויסדרוק פון טרויער און פאַרצווייפלונג, אַז עס פלעגט ממש אויף אייביק איבערלאָזן אַ מוראדיקן איינדרוק. אפשר איז שוין דאָס געווען דער יאָמער אויפן זיך דערנענטערנדיקן ווי אַ פינצטערן וואָלקן מאַסנטויט פונם טייערן פוילישן יידנטום?!...

שיע טאַרטשיץ, ווי עס דערציילן מיר אַהערגעקומענע לאַנדסלייט פון פולאַוו וועלכע האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, איז שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין ליבער פרוי און זון אויפן בוג, וועלנדיק אַנטלויפן פון דער אָנקומענדיקער דייטשער אַרמיי. צוזאַמען מיט זיי זענען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה (אין יאָר 1939) דערטרונקען געוואָרן די פאָלגנדיקע פולאַווער איינוווינער: מאַליע און איר טאָכטער, משה נאַכטיגאַל, יחזקאלע נאַכטיגאַלס זון, פונם אייזנגעשעפט. עס זענען שפּעטער אויך אומגעקומען די אַנדערע פירער פון די פולאַווער פּאַרטייען, ווי צום ביישפּיל: לייבל בראָנשטיין און לאָטערשפּיל, פון דער „אגודה"־פּאַרטיי. ווער פון די פולאַווער תושבים געדענקט עס נישט דעם מיטל־געוויקסיקן און קרעפטיקן לייבל בראָנשטיין, וואָס פלעגט תמיד האַלטן די אָפיציעלע רעדעס ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער פלעגט געוויינ־לעך רעדן אין דער פולאַווער שול ביים יאָרצייט פון ד"ר טעאָדאָר הערצל. איך געדענק זיינע ענטוזיאַסטישע דרשות אין וואַלד פאַר דער גאָר־יונגער, איידעלער פולאַווער שול־יוגנט, אַמאָל ביי אַ ל"ג־בעומר־פייערונג, צי ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. ער פלעגט אויך רעדן בשעת די וואַלן צום סיים. און ווער געדענקט נישט לייבל בראָנשטיינען אין די יום־טובדיקע טעג פון דער שוין דערמאָנטער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען פולאַווער חסידים האָבן געטאַנצט אין די גאַסן? לייבל בראָנשטיין איז באמת געווען אַ מעכ־טיקער רעדנער, אַ „מאַסאָוויעץ", און עס איז דאָס ערשטע עפּנטלעכע וואָרט וואָס איך האָב אַלס קליין יינגל געהערט. שפּעטער האָב איך אין דער גרויסער וועלט געהערט אַ סך גרויסע אָראַטאָרס און באַרימטע טריבונען. נאָר עס איז אין מיר אויף אייביק פאַרבליבן דאָס גליענדיק־הייסע וואָרט, דאָס וואָרט וועגן ירושלים און יבנה, וואָס לייבל בראָנשטיין האָט צו אונדז גערעדט אין פאַרשידענע טעג פון נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע ימים־טובים

און ער האָט אין אונדז פאַרפלאַנצט די ליבשאַפט צו יידישער געשיכטע און צו יידישן גייסט און העלדישן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום.

אין פולאַוו, ווי שוין דערמאָנט, האָבן זיך געפונען אַלערליי חסידישע שטיבלעך, ווי פון די לובלינער, קאָצקער און מאָדזשיצער חסידים. דורות יידן האָבן געדאַוונט, געלערנט און זיך אויסגעלעבט אין די הייליקע ווענט פונם בית־המדרש און דער גרויסער שול, ווו עס האָט אגב אויך געדאַוונט מיין פאָטער, ר׳ מאָטל טענענבוים, דער זון פון ר׳ לייבוש יואלקעס, פון איוואַנגראָד, און מיין מאַמע, רחל־לאה טענענבוים, וואָס האָט געשטאַמט פונם שטעטל זשעלעכאָוו, פון די גראָסמאַנס, וועלכע זענען געווען טייערע און ערלעכע יידן און חסידים פונעם לובלינער רבין, פון דור־דורות.

פולאַווער יידן האָבן וואויל געוואוסט די גרויסקייט פון צדקה. עס האָבן טאַקע אין פולאַוו עקזיסטירט אַלערליי הילפס־אינסטיטוציעס, ווי אַ „הכנסת־כלה״, „הכנסת אורחים״, אַ גמילת־חסדים קאַסע, וואו מען האָט אויסגעבאָרגט אַ הלוואה פאַר אַן אָרעמען שניידער, צי בעקער, אויף צו דינגען אין פרילינגס־צייט אַ סאָד, אויף אָנצוהאַלטן אַן אָרעם קרעמל.

פורים־צייט האָבן יידן געשפילט דאָס מכירת־יוסף־שפיל פאַר אָרעמע־לייט, לטובת „הכנסת כלה״. מען האָט זיך פאַרשטעלט מיט מאַסקעס און געזאַמלט גראָשנס אין די רייכערע שטיבער פאַר די קבצנים און אביונים פונם שטעטל. און אָרעמע לייט זענען געווען לרוב. מיט גרויס ליבשאַפט גייען זיי איצט אין מיר אויף אין זיכרון און אין האַרצן... ווער פון אונדזער ליבן שטעטל געדענקט עס דען נישט יעקב־ישראל טויטלען, דעם רויט־האָריקן און רויט־בערדיקן בעטלער, מיט זיין טאָכטער אַמאַליע (אָדער מאַליעלע, ווי מען האָט זי פאַפולער אָנגערופן). איך אַליין האָב זיי שוין אַ סך מאָל איינגעלאַדן אַלס כאַראַקטערן אין מיינע דערציילונגען.

און די וואַסער־טרעגערס פון פולאַוו, כל־ימיהם טראָגנדיק מיט גרויס געדולד און הכנעה די שווערע עמערס מיט וואַסער אויף די נאָשעס, ברענגנדיק מים־חיים אין יידישע הייזער. זייער פיין און זייער קרעכץ איז פאַרלוירן געוואָרן אין ברוטאַלן פוילישן ווינט, אין רעגן און אין ביטערער זאַווייערוכע. דאָ און דאָרט דערמאָנט אין זייער שווערער דאָליע. אַ יידישער שרייבער און פאָעט, שרייבנדיק זיכרונות וועגן שטעטל.

און לאָמיך אויך דערמאָנען די היימישע משוגעים, וואָס האָבן תמיד געבראַכט די מאָנאָטאָניע פונעם שטעטל. ווער פון אונדז, קליינע יינגלעך, איז דען נישט נאָכגעלאָפן דעם משוגענעם לייבוש אין די תמוזדיקע היצן? (וועגן דעם משוגענעם לייבוש האָט דער שרייבער פון די שורות אָנגעשריבן אַ גרעסערע דערציילונג אונטערן טיטול: „דער נביא פון פולאַוו״). דער משוגענער לייבוש האָט, טראָץ זיין משוגעת, גאַנץ גוט זיך אָריענטירט ווער אין שטעטל ס׳איז אַ ייד אַ גביר און ווער ס׳איז נעבעך אַ ביטערער

קבצן. און איפן אַדרעס פון די רייכע באַלעבאַטים האָט ער געוואָרפן פראַזן וואָס זענען שוין דווקא נישט געווען דורכאויס זינלאָזע און משוגענע. נישט זעלטן פלעגט דער משוגענער לייבוש פאַרטראָגן די לייטער פון אַ פענצטער אָדער איסהאַקן די שויבן ביי אַ גביר... אויב מען האָט אים נישט דערלאַנגט די צען גראָשן וואָס איז אים געקומען לויט זיין שטאַנד אין דער געזעלשאַפט...

אין אַ ביכל לידער פון דעם פולאַווער פּאָעט שמחה סנה (ראָזענבלאַט), וואָס הייסט „בלעטער אין ווינט", און איז דערשינען אין בוענאָס איירעס, אין יאָר 1947, האָב איך מיט טרערן אין האַרצן געלייענט דאָס ליד וועגן אינדזער שטעטלדיקן משוגענעם*).

לאָמיך שוין אויך מיט ליבשאַפט דערמאָנען די אַלע אַנדערע טיפּן און געשטאַלטן וואָס זענען געבליבן שטיין אין מיין זכרון אַלס הייליקע און פּאָעטישע: ווי אַ שטייגער — פערעלע ייז,ביילעלע די נאָדל אין איר מוטער, די דזשאַדע זעכע...

אין שטעטל פולאַוו האָבן געלעבט אַרום פיר טויזנט יידן אויף אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון אַרום פופצן טויזנט נפשות. קיין באַזונדער צענטראַלע אינדוסטריע האָט פולאַיו נישט געהאַט. אָבער פולאַווער יידן זענען געווען, ווי אין די מערסטע פוילישע שטעטלעך, גוטע באַלעמעלאָכעס, האַנטווערקערס, ווי אַ שטייגער: שניידערס, שוסטערס, סטאָלערס, בלעכערס, זייגערמאַכערס, גאָלדשמידן, אויך באַלעגאָלעס, דראָזשקאָזשעס, קצבים, טרעגערס. יידן האָבן געהאַט סטאַטקעס אויף דער ווייסל, אויך מילן, ווי די פאַמיליע גאָלדמאַן. יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט כל־ערליי פרנסות און זיי האָבן זייער שווער געאַרבעט אויף זיך צו דערנערן. דער פעדער ציט איך מיט טיפן פיעטעט צו דערמאָנען דאָ לזיכרון די יידישע אלמנות וואָס האָבן זיך געפונען אין פולאַוו. די דאָזיקע טייערע און הייליקע יידישע פרויען האָבן תמיד שווער געהאָרעוועט, כדי אַרויסצושלאָגן דאָס שטיקל בידנע פרנסה און זיי האָבן מיט ווייטיק און מיט יסורים דערצויגן זייערע קינדער אין ערלעכן יידישן גייסט. פרויען וואָס זענען אין גרויען באַגינען געפאָרן אויף די יאַרידים, געהאַנדלט און געוואַנדלט אין די פאַרוואָרפענע, אָפּטמאָל אומפריינטלעכע פוילישע דערפער, געפאָרן אין די גרויסע פרעסט אין געפערלעכע שנייען און רעגנס איבער די קרומע און בלאָטיקע פוילישע וועגן, געפירט אַלערליי מינים סחורות פון וואַרשע. זאָלן מיר דאָ כאָטש דערמאָנען צוויי אַזעלכע יידישע אלמנות: ברכה שרה נייטעלס און ניכע רובינשטיין. די לעצטע איז ביי אירע זיבן און צוואַנציק

*) מיר ברענגען דאָס ליד אויף אַ צווייטן אָרט אין אונדזער יזכור בוך.

יאָר שוין געבליבן אַן אָרעמע אלמנה. זי איז געווען „שיין ווי גאָלד", זאָגן אירע איבערגעבליבענע אייגענע.

וויפיל מען זאָל נישט דערמאָנען אין שריפט און אין וואָרט, בלייבט נעבעך אַלץ אַ גאַנץ שטעטל מיט פולאַווער יידן נישט דערמאָנט. די גאַנצע צייט האָט מען דאָ און דאָרטן געלייענט וועגן דעם טראַגישן חורבן פון יידישע שטעטלעך. פולאַוו איז זייער זעלטן דערמאָנט געוואָרן. און ווער וועט זיין אימשטאַנד צו דערמאָנען פולאַווער יידן וועלכע זענען צע־שפרייט און צעיאָגט געוואָרן אין די פינצטערע טעג פון מוראדיקן חורבן? ווער וועט די דאָזיקע קדושים דערמאָנען?

בשעת די שבתדיקע ליכט האָבן געטריפט מיט הייסע טראָפּנס חלב, בין איך געזעסן ביי דער פולאַווער פאַמיליע שיידנפּיש אין הויז, אין ברוקלין. זייער ליב זונעלע שפּילט זיך אַ פריילעכער אין שטוב, אויף דער פּאָדלאָגע. איך קוק אויף אים מיט זשעדנע בליקן... וואָרים ער דערמאָנט מיך אין די טייערע יידישע קינדערלעך אין גאַנץ פּוילן... ישראל־איסר גיט מיר אינפאָרמאַציע וועגן דעם חורבן אין די לעצטע טעג פונעם פולאַווער יידנטום. דאָס איז ווייניק אינפאָרמאַציע. צי ווייסט ער מען און ער קאָן נעבעך נישט רעדן, אַ פאַרקלעמטער פון יסורים, צי גאָר ווייסט ער ווייניק — און ער וויל אַ סך דערציילן?...

אין שטעטעלע מ י ר, אין ווייס־רוסלאַנד, איז פאַראַן אַ גרויסער ברודער־קבר וואו מען האָט פולאַווער יידן באַגראָבן לעבעדיקערהייט. דאָרטן זענען אויך אומגעקומען אַ ברודער פון ישראל־איסר שיידנפּיש. איטשע־בער, מיט זיין ליב ווייב און זייער ליב קינד. אויך זענען דאָרט אומגעקומען על־קידוש־השם זייערס אַ שוואָגער און אַ שוועגערין. און נאָך פולאַווער יידן האָבן דאָרטן נעבעך געזען זייער מיתה־משונה. דאָס האָט געמוזט פאַר־קומען אין דעם יאָר 1941.

דער צווייטער גרויסער מאַסן־קבר געפינט זיך אין ק אָ וו ע ל — וואָלין. דאָרטן זענען, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, באַגראָבן געוואָרן די פולאַווער איינוווינער: פסח הערשאַפט (כוואַטשיק), מיט זיין ווייב און זייערע צוויי קינדער. אויך הערשל האַראָוויץ; אברהם שאַץ; ביילענדער מיט זיין שוועסטער: די משפחה רויטמאַן; מענדעלע רובינשטיין; משהלע רינדער; הערש מעכלס זון; מרדכי וואַליעס זון; הובערמאַן א. א.

דער דריטער גרויסער מאַסן־קבר געפינט זיך אין ק ר ע מ ע נ י ץ, אין דער אוקראַיניע. דאָרטן זענען אומגעקומען זייער אַ סך פולאַווער יידן, צווישן אַנדערע: שמחהלע ראָזענבוים, מיט זיין פרוי און זייער קינד. זיינס אַ שוועגערין א. אַ.

אין דעם זעקסטן טאָג פונם אויסבראָך פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה, אין דעם ערשטן מיטוואָך פון 9טן חודש, פון יאָר 1939, זענען

אומגעקומען דורך באַמבאַרדירונגען אין פולאַוו גופא אַ סך יידן. צווישן זיי מעג מען אויך דערמאָנען אַ פּאָר נעמען, דער שוין דערמאָנטער אהרן געווערצמאַן; די פאַמיליע טייך מיט זייערע קינדער; די פאַמיליע לאָריס; יידעלע שערעשעווסקי; חיים יעקב שוחטס קינדער; אימסאָלע, דער תבואה־סוחר מיטן ווייב; מענדעלע דאָרפמאַנס איינציקער זון, וואָס האָט שטודירט אין גימנאַזיע.

פופצן טאָג אין טבת — דעם פיר און צוואַנציקסטן דעצעמבער, 1939, האָבן די אומגליקלעכע פולאַווער יידן אָנגעהויבן זייער טויטנמאַרש אויפן וועג קיין קוזמיר, קיין אָפּאָלע, קיין וואָנוואָלניץ, אַ מאַרש פון צו אַכט אידן אין אַ רייע, ביז צום גרויזאַמען מאַידאַנעק. אַ מאַרש פון אומ־באַשרייבלעכע ליידן, וואָס וועגן דעם ווייסט נישט קיינער און קיין שום פען מיט הויכער מליצה און קיין שום מויל מיט שיינע ווערטער טאָר זיך צו דעם נישט צורירן. בלויז דער רבונו־של־עולם אַליין האָט אין די מורא־דיקע נעכט צוגעזען דעם דאָזיקן פינצטערן מאַרש פון די פולאַווער יידן, אין אַ פראָסטיקער, נאַכטיקער קעלט, אונטער שניי און אייז, אונטער קוילן פון די נאַצישע וועכטער, אונטער נאַהייקעס און פריקלאַדן פון ביקסן און באַיאָנעטן און מיאוסע זידלווערטער, אונטער קללות און חוזק פון די נאַ־צישע הינט. דער דאָזיקער שרעקלעכער מאַרש צום טויט פון די פולאַווער יידן, מיט זייערע טייערע פרויען און קינדער, האָט זיך פאַרענדיקט אין מאַידאַנעק אין אַש, אין רויך און אין פלאַמען.

נאָר ווי געזאָגט, לאָמיר דאָ נישט זיך באַנוצן מיט קיין פראַזן און שיינע רייד. עס איז איצט פיל וויכטיקער צו דערמאָנען שטילערהייט אַ הייליקן יידס נאָמען, אַז ער זאָל פאַרבלייבן שטיין לדורות אין דער רשימה פון די מאַרטירערס פון דער יידישער געשיכטע, ווי צו שרייבן דאָ ליטעראַטור. מיר ווערן יעדער טאָג נכשל פון דעם ווילן זיך צו באַנוצן מיט ליטעראַרישע פראַזן אויפן חשבון פון דער אומגעהויערער צאָל יידישע קדושים, פון וועמענס קברים מיר ווייסן נישט און מיר קאָנען וועגן זיי בלויז זאָגן ווי דער אומבאַקאַנטער פּאָעט פון געטאָ האָט מיט שרפהדיקע פינגער געשריבן מיטן אייגענעם בלוט אויף די ווענט צו זיין געליבטער, שטאַרבנ־דיקערהייט:

„געליבטע, ווי אַזוי וואַרפן אַ גרינעם קראַנץ אויפן קבר דיינעם, אויס־געבראָכן אין דער טיפעניש פון רוים, אויסגעבראָכן אין דעם האַרץ פון גאָט? דיין ארון איז געווען דער אויוון פון קרעמאַטאָריום. ווי אַזוי באַערן דיין טויט, געליבטע? ווי אַזוי גיין נאָך דיין לוויה? אַ הייפעלע אַש פון דיין ליבן גוף — צווישן דער ערד און דעם הימל. ווי אַזוי וואַרפן אַ גרינעם קראַנץ אויף דיין קבר — אויסגעבראָכן אין קאָסמאָס".

ש. שהם (ראַטנאָווסקי) ע״ה *)

# אָט דער גאַנצער בנין איז חרוב געוואָרן...

בסך־הכל בין איך גאָר קיין פולאַווער ניט און אין פולאַוו, ווען זי האָט עקזיסטירט, האָב איך קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט ווי נאָר „ד ע ר ל י ט װ א ַ ק״.

איינער אַ פולאַווער ייד, אַ חשובער באַלעבאָס, אַלע פולאַווער אין אַמע־ריקע געדענקען אים געוויס — הערשל ראָזענבערג, אָדער הערשל קאָפּלס, זאָגט אַמאָל צו מיר: וואונדער איבער וואונדער! קומט אַ ליטוואַק אין אַ פוילישער שטאָט און פאַרנעמט דאָרט דעם גאַנצן אויבנאָן — איז דאָ אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק, איז ער דער גאַנצער מאַכער; איז דאָ אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — איז ער דאָרט אַ פּרעזעס; „תרבות־שולע״ — איז ער דער גרינדער און גאַנצער באַלעבאָס. אַזוי האָט מען אויף מיר געקוקט אין פולאַוו ווי אויף אַ „פּרעמדן״, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין זייער קעניגרייך און קאָמאַנדעוועט דאָרטן. איך בין אָבער גאָט די נשמה שולדיק. איך האָב זיך אין ערגעץ ניט געריסן און זיך ניט געשטופּט. ווי זאָגט אַ העברעאיש ווערטל: במקום שאין אנשים איז מענדל אויך אַ מענטש...

אין פולאַוו האָב איך פאַרבראַכט בערך אַ צוואַנציק יאָר, מיט אַ קורצן איבעררייס אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ביי דעם ערשטן אַריינפאָר — דאָס איז געווען אין יאָר 1913 — איז מיר דאָס שטעטל שטאַרק געפעלן געוואָרן. דער וועג פון דער באַן־סטאַנציע, דורך אַן אַלעע פון בוימער איןביידע זייטן וועג, די הייזער קליינע אָבער שיינע און ריינע. דער ערשטער איינדרוק אַ גאָר נישקשהדיקער. די מענטשן? — דאָס וועט מען זען ביי נענטערער באַקאַנטשאַפט מיט זיי. זיצנדיק אויף דער וועראַנדע פון מיין דירה, זע איך פאַר זיך יידן, וואָס זענען דעמאָלט פאַר מיר אויס־געקומען עפּעס עקזאָטיש געקליידעט — לאַנגע קאַפּאָטעס, קליינע היטעלעך אויפן שפּיץ קאָפּ. אויך דאָס יונגוואַרג און די קינדער אין דער זעלבער קליידונג; קליינע יידעלעך. די איינציקע אייראָפּעאיש־געקליידעטע זענען

---

*) זיין אַרטיקל פאַר אונדזער יזכור־ספר האָט שלמה שהם־ראַטנאָווסקי אָנגעשריבן ווי מיר זעען עס אויפן כתב־יד, סעפּטעמבער 1959. ער איז נאָך אַ שווערער קרענק געשטאָרבן אין ישראל אין דעצעמבער 1961.

דאַן געווען די געציילטע „אַפּיקורסישע" גבירים, ווי: האָניגספעלד, מענדל פרים און דער איינציקער אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט — פישל פרץ.

אויף מיר האָט מען געקוקט ווי אויף נאָך אַן „אַפּיקורס" אין שטעטל, דערצו נאָך אַ ליטוואַק... „און דאָס זאָל זיין אַנשל גאָלדרייכס אַן איידעם פאַר זיין שיינער און געראָטענער טאָכטער!", האָבן רכילות־טרייבער געזאָגט און לצים האָבן נאָך צוגעגעבן: „און דערצו נאָך אַ לערער..." (דאָס הייסט אויף מאַמע־לשון אַ מלמד).

מיט דער צייט האָב איך זיך נעענטער באַקאַנט מיט די מענטשן אין שטעטל און צו מיין פאַרוואונדערונג האָב איך געפונען גאַנץ אינטעליגענטע יונגעלייט, וועלכע האָבן אַן אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן. זיי האָבן געגרינדעט אַ שיינע ביבליאָטעק. דער אָנפירער, איך בין מסופק אויב עס איז געווען ווער אין פולאַוו וואָס האָט געוואוסט זיין פאַמיליע־נאָמען, אָבער אַלע האָבן אים געקענט ווי י צ ח ק ד י נ אָ ז. הגם יידישלעך געקליי־דעט איז ער געווען אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, וואָס האָט אַ סך געליי־ענט, געהאַט אַ ידיעה אין ליטעראַטור און בשתיקה אַליין אויך געדיכטעט. דער יונגערמאַן איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן און אַ לאַנגע צייט האָב איך מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. איך האָב אויך געטראָפן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער שוין פריער דערמאָנטער פישל פרץ. דער צושטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ קלאָגעדיקער; די ביבליאָטעק אָפּגעלאָזן; אויסער די חדרים פון אַלטן שניט איז ניט געווען קיין יידישע שולע. יאָ, דאָרט איז געווען אַ חדר־מתוקן, מתוקן איז ער געווען דערמיט, וואָס אַ „פּאָניע" פלעגט אַריינקומען אין יעדן קלאַס לערנען פויליש און רעכענען דריי מאָל אין דער וואָך. דער אָנפירער פון דעם חדר־מתוקן איז געווען דער באַקאַנטער גדליה לערער. פאַקטיש איז עס געווען דער זעלביקער חדר ווי אַלע חדרים אין שטעטל, נאָר מיט אַ „פּאָניע" ווי אַ צוגאָב.

פון די אַלטע ציוניסטישע טוער איז באַזונדער אינטערעסאַנט געווען ר' מרדכי נאָדעלהאָלץ. אַ חסידישער ייד — דאַכט זיך, אַ קאָצקער חסיד — און ווי קומט אַזאַ ייד צום ציוניזם? זיין פרנסה איז געווען מעקלעריי, אָדער בעסער געזאָגט: געלט־מעקלעריי. ער האָט געוואוסט אַלע געלט־קוואַלן אין שטעטל. ווער עס האָט זיך גענויטיקט אין אַן הלוואה, האָט זיך טאַקע געוואָנדן צו מרדכילען, און ער האָט עס שוין דערליידיקט. פון דעם האָט ער געצויגן זיין חיונה. און אָט דער חסיד׳שער ייד, דער מעקלער, איז געווען דער טיכטיקסטער, דער איבערגעגעבנסטער ציוניסט! גאָטס וואונדער! איך האָב מיך באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן וואונדערלעכן ר' מרדכי און מיר האָבן זיך גענומען צו רעאָרגאַניזירן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די יידישע ביבליאָטעק, און עס האָבן זיך געפונען מיטהעל־

פער: איטשע־מאיר פעפערמאַן, פישל פרץ, יצחק וויינטרויב און אויך אַביסל יוגנט — ייִנגלעך, מיידלעך, וועלכע האָבן געוואָרט נאָר אויף אַ רוף, אויף אַ וואָרט, און ווען דאָס איז געקומען האָבן זיי זיך תיכף אָפּגערופן. עס איז אַוועק אַ סדרה פון פאַרזאַמלונגען, פאָרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן — דאָס שטעטל האָט זיך אויפגעטרייסלט. מען האָט אַפילו אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ „תרבות"־שולע. אָבער דאָ איז אונטערגעקומען די ערשטע וועלט־מלחמה פון 1914 און אַלץ איז צעשטערט געוואָרן. אַפילו די גוט־איינגע־אָרדנטע און פּראָספּערירנדיקע אינסטיטוציע, ווי די שפּאָר־ און ליי־קאַסע, איז אויך צעפאַלן געוואָרן. עס זענען פון איר געבליבן נאָר די ביכער.

נאָך דער מלחמה, אַז דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן, די צעלאָפענע יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צוריק אומקערן, האָט מען זיך אויך גענומען צוריק אויפבויען דאָס צעשטערטע. נאָך אַ קורצן איבעררייס בין איך אויך געקומען צוריק און אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי אַזוי צו רעסטאַווּ־רירן די כמעט צעפאַלענע אינסטיטוציעס. דאָס ערשטע איז געווען די ליי־ און שפּאָר־קאַסע. איך האָב צונויפגערופן אַ פּאָר באַלעבאַטים, איך האָב זיי דעם ענין פאָרגעלייגט, אָבער זיי האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דערווייל איז נאָך ניט געקומען די צייט — קיין פעסטע וואַליוטע איז נישטאָ, דער מאַרק — די דעמאָלטיקע מטבע אין פוילן — פאַרלירט יעדן טאָג זיין ווערט: אַז די קאַסע וועט וועמען אַרויסבאָרגן הונדערט אָדער צוויי הונדערט מאַרק, וואָס ביים היינטיקן טאָג קאָן מען פאַר דעם קויפן 5 קערץ תבואה, וועט מען ביים צוריקקערן די הלוואה פאַרן זעלביקן געלט קאָנען קויפן 5 ברויטלעך... און באמת, אַזוי האָט טאַקע אויסגעזען די פערספּעקטיוו פון ווידער־אויפבוי פון דער ליי־ און שפּאָר־קאַסע. אויך אויף די אַנדערע געביטן איז די לאַגע ניט געווען בעסער.

אַ שטיקל נייעס איז געווען אויפן שול־געביט. די פוילישע רעגירונג האָט געגרינדעט אַ מלוכה־שול פאַר יידישע קינדער, מיט יידישע לערער, מיט אַ יידישן דירעקטאָר — הענריק אַדלער. אויך מיך האָט מען איינגע־לאַדן פאַר אַ לערער פון יידישער רעליגיע. אונטערן מאַנטל פון רעליגיע האָב איך אויך געגעבן יידישע געשיכטע, העברעאיש און ידיעות פון ארץ־ישראל, חלוציזם.

מחוץ דער שולע האָב איך געגרינדעט אַ יוגנטלעכע ספּאָרט־אָרגאַ־ניזאַציע „מכבי". מיט דער הילף פון אַ פּאָר יידישע יונגעלייט, דער עיקר פון אויבן דערמאָנטן יצחק וויינטרויב, איז באַנייט געוואָרן די יידישע ביבליאָטעק. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ פעלד פון אַרבעט, מען דאַרף נאָר דאָס פעלד פאַראַקערן טיפער און דערגיין צו די ברייטערע קרייזן פון דער יוגנט. דאָס האָט זיך אײַן אַ געוויסער הינזיכט טאַקע איינגעגעבן. מען האָט געעפנט דעם לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון

צייט צו צייט זענען דאָרטן פאָרגעקומען פאָרלעזונגען וועגן יידישע צייט־פּראָבלעמען, יידישער ליטעראַטור און היסטאָריע. דער זאַל איז געווען שטאַרק באַזוכט פון דער אָרטיקער יוגנט. דער אינטערעס איז געוואַקסן און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ יידישער שולע. געקומען זענען מיר צום אויספיר, אַז דאָס דאַרף זיין אַ שולע מיט יידיש אין איר אינהאַלט און וועלטלעך אין איר פּראָגראַם. צו דעם האָבן מיר געוואונען די מיטאַרבעט פון די עלטערע: מרדכי נאָדעלהאָלץ, יצחק־מאיר פעפערמאַן, יעקב ראַט־נאָווסקי און נאָך.

תחילת איז געעפנט געוואָרן אַ קינדער־גאַרטן און נאָך דעם ערשטן יאָר, כסדר יאָר נאָך יאָר, ווייטערדיקע קלאַסן פון אַ יידישער־וועלטלעכער שול „תרבות״. נאָר שווערער מי און יערלעכע דעפיציטן איז די שולע גע־וואָרן אַ פאַקט אין לעבן פון יידישן פולאַוו. ניט קוקנדיק וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ קאָנקורענץ פון דער פּוילישער מלוכה־שול, וואָס איז געווען אַן אומזיסטע און אין דער „תרבות״־שולע איז דער שכר־לימוד געווען אַ גענוג אָנגעזענעער נאָך די באַגריפן פון דער אָרעמער באַפעלקערונג, האָט די שולע געשטיגן אין איר אָנזען און ווירקונג אויף דעם באַוואוסטזיין —



די „תרבות״־שולע אין פולאַוו צום פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר 1938

סיי פון דער יוגנט, סיי פון דעם עלטערן דור, באַזונדערס ביי די טאַטעס און מאַמעס פון די קינדער, וועלכע האָבן באַזוכט די „תרבות״־שולע. די פֿייערונגען אין דער שולע לכבוד חנוכה, פּורים, און אַנדערע יידישע געשעענישן, האָבן אַריינגעבראַכט אויפלעבונג און יום־טובדיקייט אין שטעטל.

אין דער זעלבער צייט איז אויך אויפגעלעבט געוואָרן די יידישע שפּאָר־און ליי־קאַסע אונטערן נאָמען: „די יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַנק״ אונטער דער אָנפירונג פון י. מ. פעפערמאַן. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ סוחרישע באַנק אונטער דער אָנפירונג פון משה רובינשטיין.

און אָט דער גאַנצער בנין איז אין איין טאָג חרוב געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין פולאַוו.

על אלה אני בוכיה — אויף דעם טוט וויינען און קלאָגן מיין האַרץ.



פראַגמענט פון דער מאַניפעסטאַציע אין פולאַוו צו דער פּראָקלאַמירונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע

ז. סעגאַלאָוויטש

# אויפן וועג פון פּולאַוו קיין קאַזשימיעזש

פון פּולאַוו דער וועג איז פאַרצייכנט
מיטביימער גיגאַנטישע זקנים.
דו גייסט און די ווייסל גייט אויכעט.
נאַטור, און מער דאַרפסטו ניט קיינעם.

אין ערגעץ צו זען איז אין פלאַטער
אַזויפיל קאָלירן מאָטילן,
דער וועג האָט מיך קיינמאָל געמאַטערט,
איך האָב צו די זאַכן מיין ווילן...

אין ערגעץ די רחבות פון גראָזן
פון ווילדע און ניט־ווילדע שפּראָצן,
וואָס מענטש האָט פון פוילקייט פאַרלאָזן,
געבליט האָט מיט אייגענעם רצון.

ווי פריילעך מיין אויג האָט געשלונגען
די פאַרבן, די רויטע, די בלויע...
געשפּרייזט האָט אַ ייד און געזונגען
אַ גויאישע ליד מיט הנאה...

פאַרוואָס האָט דער מאַמעס פאַרוויגן
געשראָקן מיט נאַכט און געוויטער?
פאַרוואָס האָט דער טאַטע פאַרשוויגן
די וועלט פון קאַשטאַנעס צעבליטע?

די ביימער מיט קאַלינעס רויטע
און עפּעס אַ פּרי — בערבערעס...
איך גיי און די ביימער באַגלייטן...
איך בין דאָ אַ שותּף, איך שווער עס.

עס איז מיר דאָ גוט אין באַגינען
און גוט איז מיר אין די פאַרנאַכטן.
איך וויל זיך דעם נחת פאַרגינען
און ווידער און ווידער באַטראַכטן.

די מיל דאָרט ביים דאָרף באָכאָטניצאַ
מיט וואַסער־געריוויש, ווייסע שוימען...
טאָפּאָלן מיט ריזיקע שפּיצן,
אַ סאָד און אַ שפּע פון פלוימען.

אַ סאָד און אַ שטרויענע בודע,
אַ ייד האַלט דעם סאָד אָן עיר־הרע,
אַן עפּל מיט ברויט איז זיין סעודה,
און שפּעטער אַ בלעטל גמרא.

אַ ייד מיט אַ שטיק טלית־קטן,
אַ ניגון שוין עלטער פון דורות...
אין גרינעם האַלב־טאָגיקן שאָטן,
אין לאַנגזאַמען וואַקסן פון פּירות.

שוין קאַזשימיעזש... דעם טורעם פאַרריסן
מיט רוקנס פון בערגלעך זיגזאַגן,
אָט באַלד וועט מען נעמען באַגריסן
און שטעטל אַרוים וועט מיט פראַגן.



מרדכי דוד אייזענמאַן

# רעמיניסצענצן פון מיין היימשטאָט פּולאַוו

צום אָנדענק פון מיינע ליבע און
טייערע עלטערן: משה־שמשון און
פריידע־לאה ע״ה וז״ל, ווי אויך מיין
ליבער שוועסטער: רבקה־מאַטיל ע״ה.

## קינדער־יאָרן



כּדי צוצוקומען צו אונדזער הויז, האָט מען געמוזט אַדורכגיין דאָס פאָדערהויז, וועלכעס האָט פאַראייניקט די הייזער פון פיניעלע בעקער און מיין באָבע סערקעס.

ווי אין חלום געדענק איך זיך אַלס דריי יאָריק קינד שטייענדיק אין אָט דעם פאָדערהויז מיט אַלע שכנים. די טיר, וועלכע פירט אין גאַס אַריין איז פאַרמאַכט און פאַרלייגט מיט אייזערנע פרענטען. אַלע שטייען מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס, מען האָט מורא צו רעדן הויך. אַלעמאָל קוקט אַן אַנדערער שכן דורכן שליסלאָך אויף דער גאַס אַרויס און גיט אָפּ אַ באַריכט, וואָס ער זעט. אויך מיך האָט מען געלאָזט אַרויסקוקן — האָב איך געזען, ווי קאָזאַקן אויף פערד, מיט די פּיקעס אין זייערע הענט, רייטן אַרום, אַ־יסער זיי זעט מען נישט קיינעם.

דאָס איז געווען אין יאָר 1905, ווען דער אומגעלונגענער רוסישער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן קעגן דעם צאַר, צו וועלכן עס זענען אויך צוגעשטאַנען די פּולאַווער סטודענטן.

ביי אונדז אין פּ ו ל אַ ו ו (פאַר די רוסישע צייטן האָט עס געהייסן נ אָ ו ו אַ ־ אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר י אַ), איז געווען אַן אַגריקולטור־שולע (אַגראָנאָמיטשיסקי אינסטיטוט), אין וועלכן ס׳האָבן זיך געלערנט סטודענטן פון גאָר ווייט פון ברייטן און טיפן רוסלאַנד.

מיינע עלטערן ע״ה פלעגן צושטעלן שפּייז־אַרטיקלען צו דער סטודענטן־

קיך. פלעגט מיך מיין מאַמע ע״ה מיטנעמען אין אינסטיטוט אַריין, ווען זי איז געגאַנגען איינמאַנען געלט.

אייניקע יידישע סטודענטן ווי יעקיל ראַטנאָווסקי, באַגען און בריסקמאַן פלעגן זיין אָפטע געסט ביי אונדז אין הויז, ווייל מיין עלטסטער ברודער יעקב־לייבוש האָט געהערט צו דעם דעמאָלט אומלעגאַלן ציוניסטישן קולטור־קרייזל, וואָס איז טאַקע אויפגעקומען מיט דער מיטהילף פון אַט די סטודענטן.

ס׳דערמאָנען זיך די דיסקוסיעס, וואָס די סטודענטן פלעגן פירן מיט מיין טאַטן ע״ה, כדי אים איבערצוצייגן, אַז ער זאָל נישט פאַרפאָלגן מיין ברודער, פאַרוואָס ער ברענגט אַהיים ביכער צום לייענען, און וועלכע מיין פאָטער נאָכן דורכלייענען זיי, האָט זיי צעריסן און געוואָרפן אין פייער.

איך דערמאָן מיך, ווי מיין ברודער ברענגט אַ בוך אין שטוב אַריין און באַהאַלט עס, אָבער מיין פאָטער געפינט עס, לייענט עס דורך און נעמט רייסן בלאַט נאָך בלאַט, און וואַרפן אין אויוון אַריין. מיין ברודער קומט אַהיים פון בית־המדרש, כאַפּט ער אַ פּאָר פּעטש און מיין פאָטער ע״ה שרייט צום אים: וואָס? משה־ליב לילענבלומס „חטאַת נעורים״ ווילסטו לייענען? אַן אַפּיקורס ווילסטו ווערן? אָבער סוף־כל־סוף האָט מיין פאָטער נאָכגעגעבן און אונדזער הויז האָט זיך פאַרוואַנדלט אין (כמעט) אַ לייען זאַל. מיין עלטס־טער ברידער יעקב־לייביש פלעגט אַהיימברענגען פאַרשידענע העברעאישע ביכער ווי אויך צייטונגען און זשורנאַלן. „הצפירה״, „השילוח״. אויך אַלע אויסגאַבעס פון שטיבל־פאַרלאַג פלעגן זיך שטענדיק געפינען אין אונדזער הויז.

מיין מיטלסטער ברודער חיים־יוסף (גערופן יאָסקע) פלעגט ליב האָבן צו לעזן היסטאָרישע ווערק, ביאָגראַפּיעס ווי אויך זשול ווערנס ווערק און טאַנענבוימס איבערזעצונגען ווי „מסתרי פּאַריז״ און אַנדערע אין יידיש.

איך, אַלס קינד, האָב גענומען שלינגען די יידישע ביכער, וואָס מיין מיטלסטער ברודער האָט אַהיימגעבראַכט, אָבער מיין עלטסטער ברודער האָט בעסער געוואָלט, אַז כ׳זאָל בעסער לייענען העברעאיש. האָט ער מיר אָנגעג־הויבן אַהיימצוברענגען די העברעאישע יוגנטלעכע אויסגאַבן, ווי „נצנים״, „פּרחים״ און אַנדערע, נאָכדעם האָט ער מיר שוין געברענגט אַזעלכע ביכער, ווי „אהבת ציון״ פון אברהם מאַפּו און האָבן שוין געפירט צו לייענען אַזעל־כע ביכער ווי „עיט צבוע״, „קבורת־חמור״ פון פּרץ סמאָלענסקין. פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע קלאַסיקער זענען געוואָרן אַ גאָר געהויבענער לייען מאַ־טעריאַל ביי אונדז אין הויז, אויך איבערזעצונגען פון די אייראָפּעאישע לי־טעראַטורן, אָנהויבנדיק מיט די איבערגעזעצטע קורצע דערציילונגען, וועלכע זענען אַרויס אונטערן נאָמען „אייראָפּעאישע ליטעראַטור״.

## דער קאָצקער (פולאַווער) רבי

אַלס קאָצקער חסיד פלעגט אונדז דער טאַטע מיטנעמען צום רבין ר׳ משהלע מאָרגענשטערן זי״ע, (גערופן דער פולאַווער רבי) וועמענס הויז און הויף האָט פאַרנומען אַ גאַנצע גאַס. דאָ האָט זיך געפונען דעם רבינס דירה מיטן קלענערן בית־המדרש, וואו דער רבי האָט אַלע פרייטיק־צונאַכטס און שבת בייטאָג געפראַוועט טיש און געזאָגט תורה. אַלע חסידים, ווי אויך סתם באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געקאָנט לערנען פלעגן קומען פרייטיק ביינאַכט און שבת בייטאָג נאָכן אָפּעסן זייערע שבתדיקע סעודות אין רבינס בית־המדרש אַריין צום טיש און זיך צוהערן צום רבינס תורות און אויס־טייטשונגען פון דער סדרה פון דער וואָך...

אין דעם גרויסן בית־המדרש, וואָס האָט פאַרנומען כמעט דעם גאַנצן הינטערהויף, פלעגט מען נאָר דאַווענען אין יומא דפגראַס, און אין די ימים־נוראים.

עס פלעגן זיך דאַן צוזאַמענפאָרן חסידים פון גאַנץ פוילן און אויך פון אויסער פוילן. דאָס גרויסע בית־המדרש פלעגט זיין אַזוי אָנגעפילט, אַז עס איז ממש נישט געווען וואו אַ שפּילקע צו וואַרפן, עס איז דאָ געווען וואָס מען האָט געזאָגט אויפן בית־המקדש: „עומדים צפופים ומשתחווים רווחים״...

דאָס דאַווענען איז געווען מיט התלהבות און התרוממות. פאַרן עמוד אַלס בעלי־תפילה פלעגן שטיין אַזעלכע האַרציקע שליחי־ציבור, ווי ר׳ יעקעלע דובענקער און אַנדערע. שטאָטישע באַלעבאַטים פון שול און פון בית־המדרש, וועלכע פלעגן אָפּדאַווענען פריער, פלעגן נאָכן עסן קומען צום רבין, וואו מען האָט נאָך געהאַלטן פאַר מוסף, אים צו הערן דאָס פרעכטיקע און האַרציקע דאַווענען ביים רבין.

צו שלוש־סעודות פלעגן מיר מיטן טאַטן גיין צום רבינס ברודער ר׳ יאָסעלע מאָרגענשטערן, וועלכער פלעגט אויך ביים שלוש־סעודות־טיש זאָגן דברי־תורה.

ס׳דערמאָנט זיך מיר די סצענע, ווי מיין מיטלסטער ברודער יאָסקע מיטן רבינס ברודער יעקעלע מאָרגענשטערן שטייען ביידע אויפן טיש ביי ר׳ יאָסעלע מאָרגענשטערן צו שלוש־סעודות און זאָגן פאַרן עולם זייערע בר־מיצווה־דרשות.

ס׳שטייען מיר פאַר די אויגן די אָנגעזעענע קאָצקער חסידים, יידן תלמידי־חכמים, הדרת־פנימדיקע, ווי ר׳ הענעך בלאַס (רבינס מקורב), ר׳ טוביה רייוויצער (רבינס מורה־הוראה), ר׳ אהרון גבאי א. אַ. אויך געדענקען זיך אַזעלכע אָנגעזעענע חסידישע גבירישע פאַמיליעס, ווי די גאַרפינקעלס, גאָזשאַטשאָנסקיס, לאַנדויס א. אַ. וו.

אויסער דעם רבינס הויף, וואָס איז געווען ווייט און ברייט באַקאַנט, זענען אין אונדזער שטעטל געווען עטלעכע פאַמיליעס שטאַרק רייכע און אָנגעזעענע צוליב זייער נדבנות און אינטעליגענץ, ווי די קאָפּעלמאַנס, די בייערס, די בערגרינס און אונדזער קרוב שכנא קאָרנגאָלד.

אָט דאָס אַלץ: דער אַגריקולטור־אינסטיטוט מיט זיינע צוזאַמענגע־פאָר'ענע סטודענטן און פּראָפעסאָרן, און להבדיל דער רבי מיט זיינע חסידים און אויך די רייכע און אינטעליגענטע באַלעבאַטים מיט זייערע פאַמיליעס, האָבן געגעבן קאָלאָריט און קולטור צו אונדזער שטעטל, וואָס איז טאַקע געווען ווייט און ברייט באַקאַנט ווי איינע פון די אַנטוויקלסטע און קול־טורעלסטע שטעטלעך אין קאָנגרעס פוילן אונטער רוסישער הערשאַפט.

## דער ערשטער וועלט־קריג

אין יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און די רוסן האָבן אָנגעהויבן צו ליידן גרויסע פאַרלוסטן אויפן פראָנט, האָט דעם רוסישן צאַרס פעטער ניקאָלאַי, ניקאָלאַיעוויטש אַ גרויסער אַנטיסעמיט, איבערגענומען די אָנפירונג מיטן קריג. זיין ערשטער באַפעל איז געווען, אַז אַלע פולאַווער יידן מוזן פאַרלאָזן פולאַוו, ווייל זי איז נאָענט צו איוואַנ־גאָראָדער (דעמבלינער) פעסטונג, און די יידן גיבן איבער דעם שונא אַלע געהיימנישן פון פעסטונג. ווען דער שונא איז צוריקגעטריבן געוואָרן, האָט מען די יידן דערלויבט צוריקצופאָרן אין שטעטל אַריין. אַזוי האָט מען די פולאַווער יידן דריי מאָל אַרויסגעטריבן. ביים 3טן מאָל אָבער, ווען די עסטרייכער האָבן פאַרנומען פולאַוו זענען שוין די יידן צוריקגעקומען צו אַ חרוב פאַרברענט שטעטל. די רוסן האָבן ביים אַנטלויפן פון פולאַוו זעלטן איבערגעלאָזט אַ גאַנץ הויז. אין 1916 האָבן די צעשפּרייטע איבער גאַנץ פוילן פולאַווער יידן אָנגעהויבן צוריקצוקומען. דערזעענדיק דעם חורבן, וואָס די רוסן האָבן געמאַכט האָבן אייניקע מער אין פולאַוו נישט געוואָלט בלייבן און עס פאַרלאָזט, אַנדערע האָבן גענומען ביסלעכווייז צוריק אויפבויען אויף וויפל זייערע מעגלעכקייטן האָבן עס דערלויבט.

די עסטרייכער האָבן געבראַכט אַן אויפלעבונג אין שטעטל, מאַטעריעל און קולטורעל: זיי האָבן אָנגעהויבן בויען אַ בריק איבער דער ווייסל און יונג און אַלט, גרויס און קליין, באַלעבאַטישע יידן און עמך, אַלע האָבן געאַרבעט ביי דער בריק און פאַרדינט. אין קולטורעלן זינען: די עסטריי־כישע מאַכט האָט אַראָפּגענומען אַלע באַגרענעצונגען פון די רוסן לגבי יידן.

די ערשטע לעגאַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „דעת" איז געגרינדעט געוואָרן. עס איז ביי דער געזעלשאַפט געעפנט געוואָרן די ערשטע עפנטלעכע ביבליאָטעק. מען האָט געמאַכט טאַנץ־אָוונטן, קעסטל־

אָוועגנטן, פאַרלעזונגען און דיסקוסיעס. ביי די דיסקוסיעס האָבן זיך גע־נומען אויסטיילן און אויסשיילן פאַרשידענע גרופּעס מיט אַ פּאַרטייאישן אונטערשלאַק און אידעאָלאָגיע. פונדאַנען האָבן זיך גענומען אויספּיקן און אויסטיילן: דער „בונד", פּועלי־ציון, ווי אויך די ציונים האָבן זיך גענומען אָפּטיילן אין אַ באַזונדערער גרופּע.

די פרומע טאַטעס און מאַמעס האָבן מרעיש עולם געווען, אַז זייערע קינדער ווערן גויים און זענען מחלל־שבת בפרהסיא און די טעכטער ווערן חצופות, אָבער עס האָט זיי ווייניק וואָס געהאָלפן, אפילו ווען הערשל גדליהס, דער קאַיעטן־מאַכער, האָט אין אַ שבת אין בית־המדרש מעכב את הקריאה געווען און גערופן דעם עולם צו גיין אין דער געזעלשאַפט „דעת" און דאָרט אַלץ חרוב מאַכן און צו פאַריאָגן די „יונגען מיט די מיידן", האָט עס אויך גאָרנישט געהאָלפן. אַזוי פריי האָט זיך די באַפעלקערונג געפילט אונטער דער עסטרייכישער הערשאַפט. אויך דאָס, וואָס יעדער האָט פאַרדינט געלט, האָט די גאַנצע יוגנט זיך דערפילט פול מיט ענערגיע און זייער באַהאַלטענער באַגער זיך צוזאַמענצוקומען איז געוואָרן אַ רעאַליטעט, קיין כוח האָט עס נישט געקאָנט צוימען...

דער פירער פון „בונד" איז געוואָרן שמואל ווייסבראָד (היינט דאָ אין אַמעריקע אונטערן נאָמען סאַמועל וויס, מיטאַרבעטער אין דער יוניאָן צייטונג: „גערעכטיקייט", און דער איצטיקער פּרעזידענט פון אונדזער יזכור־בוך־קאָמיטעט, אַ גוטער רעדנער און שאַרפער דעבאַטאַנט.

די פּועלי־ציון זענען געוואָרן ברוך גרינבוים, יהושע טאַרטשיץ און אַנדערע.

די ציוניסטן האָבן קיין אָפיציעלן פירער נישט געהאַט, ווייל, ווי אויבן דערמאָנט, האָט אַ ציוניסטיש קרייזל פון פיל אינטעליגענטע און באַלעבאַטי־שע קינדער עקזיסטירט אויך פריער.

די דיסקוסיעס זענען געפירט געוואָרן מיט פייער און ברען, טאַקע נאָר ווי יוגנט קאָן דיסקוטירן, דערצו נאָך אַ קולטור אויסגעהונגערטע יוגנט, ווי אונדזער שטעטל האָט געהאַט.

## די באַלפור־דעקלאַראַציע און ציוניסטישע באַוועגונג

פוילן האָט אויפגעלעבט, פוילן האָט באַקומען זעלבשטענדיקייט. די יונגע צעהיצטע ראָצישע פאַנעס־כוליגאַנעס האָבן גענומען פייערן די אויפלעבונג מיט באַפאַלן יידן אין גאַס, אין באַן, אומעטום. זיי האָבן אָנגע־הויבן אַ וואַקכאַנאַליע מיט שלאָגן און פייניקן יידן, זיי כאַפּן און אויסרייסן אָדער אָפּשערן בערד. אויף אַ מאָמענט האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס חשכות וואָס האָט געהערשט, ווען די רוסן זענען געווען קומט צוריק און נאָך

אין אַ שאַרפערער פאָרם, ווי ביי די רוסן. אָבער די באַלפור דעקלאַראַציע פון 1917 האָט אַריינגעבראַכט אין די יידישע הערצער, מונטערקייט, אויפ־לעבונג, פרייד און שמחה אין לשער.

ביי יעקל ציפּעס אויפן הויף, וואו די ערשטע ציוניסטישע שולע און אָרגאַניזאַציע איז געווען, איז זיך צוזאַמענגעקומען דאָס גאַנצע שטעטל מיט יידן. דער העברעאישער לערער טאָגפויגל, וועלכער איז געווען אַ זייער גוטער רעדנער, האָט מיט זיין רעדע אַזוי מעורר געווען די פאַרזאַמלטע, אַז פרויען האָבן אויסגעטאָן פינגערלעך און אוירינגלעך און מענער האָבן געעפנט זייערע טייסטערס און אַלע האָבן זיך באַשטייערט פאַרן אויפבוי פון ישראל. דער ציוניסטישער קאָמיטעט האָט דאָס געזאַמלטע געלט און צירונג אוועקגעשיקט צו דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע.

נאָך די רעדעס האָט זיך פאָרמירט אַ פאַראַד איבער די גאַסן פון פולאַוו, אין וועלכן קינד און קייט האָט אָנטייל גענומען. אַפילו די פאַרשאָל־טענע פּאָלאַקען האָבן באַקומען דרך־ארץ און איניקע אפילו זיך אויפריכ־טיק מיטגעפרייט, וואָס יידן באַקומען צוריק זייער אייגן לאַנד און וועלן ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער צוגלייך. דער מאַגיסטראַט האָט אפילו גע־שיקט זיין פייערלעשער אָרקעסטער, אַז ער זאָל גיין פאָרויס און שפּילן פאַרן פאַראַד. ס׳זענען גאָרנישטאָ די ווערטער אויף איבערצוגעבן די



פראַגמענט פון דער מאַניפעסטאַציע לכבוד דער באַלפור־דעקלעראַציע אין פולאַוו
גרופּע פון „מזרחי״

געפילן, וואָס יעדער ייד אין פוילן האָט דעמאָלט געפילט, אַז זיי האָבן זוכה געווען צו אָט דעם „ושבו בנים לגבולם"...

ליידער, האָט ענגלאַנדס מאַנעווורירן, פּאָליטיקירן און אויסטייטשן די באַלפור דעקלאַראַציע פּאַראומערט יעדעס יידישע האַרץ, אַזוי, אַז מען האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז מען וועט נאָך מוזן פיל פיל זיך אָנשטרענגען, און האָט וועט מוזן גיין שטאַפּלוויַיז, ביז מען וועט קומען צום ציל...

עס האָבן זיך גענומען שאַפן און אָרגאַניזירן ציוניסטישע פאַראיינען איבעראַל, ווי עס איז נאָר געווען אַ מנין יידן. אויך די פּולאַווער ציוניסטן האָבן זיך אָרגאַניזירט און האָבן אויסגעקליבן שכנא קאָרנגאָלדס איידעם פ י ש ל פ ר ץ אַלס פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פישל פרץ איז געווען איינער פון די אינטעליגענטסטע יידן אין פולאַוו, אַ ראַטמאַן אין שטאָט ראַט, ווי אויך אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט, אַ העכסט געבילדעטער סימפּאַטישער מענטש, הייסער ציוניסט, גוטער רעדנער, און ועל כולם אַ נח לבריות.

די אַנדערע קאָמיטעט מיטגלידער זענען דאַן געווען: די ברידער ראַטנאָווסקי (איינער געלעבט אין ישראל), לייבל ברוינשטיין, יצחק וויינטרויב, רפאל ליבפעלד, משה רובינשטיין (איצט אין ישראל), שמואל בייגלמאַן און אַנדערע. מיין עלטסטער ברודער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קאָזשע־ניצערין און דאָרט זיך באַזעצט.

ווען כ'בין אַלט געוואָרן קנאַפּע 16 יאָר, בין איך אַרויס פון בית־המדרש, וואו כ'בין געהאַט געזעסן און געלערנט און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ניי נאָר וואָס געגרינדעטן „השומר הצעיר", וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין דעם „השומר הצעיר" האָט מען אַדורכגעפירט פאַרשידענע פאָרלעזונגען, דיס־קוטירט איבער ליטעראַטור בכלל און איבער נאָרוואָס איבערגעלעזענע ביכער, מושטירט זיך און געמאַכט פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען, שפּילערייען, ווי אויך זיך פאַרנומען מיט געזאַנג. אָבער דער הויפּט־טראָפּ איז געלייגט געוואָרן אויף ציוניסטישער דערציאונג.

די גרינדער פון „השומר הצעיר" זענען געווען צוויי ברידער גאָלד־בערג, וועלכע זענען געקומען קיין פולאַוו (כ'געדענק נישט פונוואַנען). די אָנפירער זענען געווען: יהודה קליינוועקסלער, רפאל ליבפעלד, משה קליינבוים (דעם היינטיקן ד"ר משה סנהס פון ישראל, אַ פעטער), שמואל בייגלמאַן און אחרון אחרון חביב, דער יונגער באַגאַבטער שרייבער־פּאָעט און איבערזעצער פון דער רוסישער ליטעראַטור שלמה שיינבערג און אַנדערע.

ס׳דערמאָנט זיך, אויף איינער פון אונדזערע קאָמיטעט זיצונגען, אויף וועלכער מיר האָבן אַרומגערעדט און דיסקוטירט פאַרשידענע פונקטן פון סדר־היום, האָט שלמה שיינבערג אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז יעדער איינער פון די קאָמיטעט־מיטגלידער זאָל זיך אויסקלייבן אַ טעמע אָדער אַן אָביעקט און זאָל אָנשרייבן אַ קורצן עסיי דאַריבער. פרעגנדיק מיך, וואָס פאַר אַ טעמע, אָדער אָביעקט כ׳האָב אויסגעקליבן פאַר מיין עסיי, האָב איך געענטפערט, אַז כ׳האָב אויסגעקליבן: „די ווערבע", — פרעגט ער מיך, פאַרוואָס עפּעס די ווערבע? — ווייל, זאָג איך, די ווערבע דערמאָנט מיך אין מיין יידיש פאָלק, די ווערבע וואַקסט ביי טייכן, איז קליין, איינגע־בויגן, אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, אַזויווי אין כסדרדיקן אומעט און אין טרויער אויפן ביטערן גורל...



השומר הצעיר אין פולאַוו די קבוצה „גדוד החשמונאים"

פון לינקס צו רעכטס: שמואל בייגעלמאַן, יונה גאָלד, הערשל פּרץ, לייב־ש ציון, שלמה קרעלענבוים, נחום קערשענבלאַט, אַברהם וולאַסטאָוויצער און מרדכי דוד אייזענמאַן. רעכטס פראָנט, דער פירער פון דער קבוצה משה קליינבוים

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ מינוט און געזאָגט: ס׳געפעלט מיר. כ׳וויל ביי דער געלעגנהייט ברענגען אַ ליד, וואָס שלמה שיינבערג האָט געשאַפן זיצנדיק אין דעם קאָמיטעט פון השומר־הצעיר, און וואָס כ׳גלייב, איז קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. און וואָס מיר שומרים האָבן געזונ־גען כמעט ביי יעדער געלעגנהייט, כ׳געדענק נאָך אַפילו די מעלאָדיע.

# טעג פאַרגייען

פון שלמה שיינבערג

טעג פאַרגייען און זיי קומען מער שוין נישט צוריק,
אייביק בלאָנדזשען מיר און זוכן אַלץ דעם וועג צום גליק,
נאָר דער וועג איז ווייט פאַרבאָרגן.
און קומענדיקן מאָרגן ווייסט אײן גאָט צי אונדז איז באַשערט
צו טרעפן נאָך אויף דער ערד

לאָמיר־זשע מיט גייסט באַפליגלט, יעדנס האַרץ אַ ים,
יעדנס אָרעם שטאָל געגאָסן, יעדנס אויג אַ פלאַם
גיין פאַראייניקט שטאָלצע ברידער
מיט די שאַלענדיקסטע שטאָלצע לידער
דורך די קורצע לעבנס טעג
צום שטראַלנדיקסטן וועג.

און פאַרגעסן און פאַרטרונקען אונדזער זאָרג און לייד
און די ליכט צעשטראַלטע קוואַלן, וועלכע פליסן ווייט
ערגעץ וואו פאַר טויזנט ימען,
לאָמיר טוב׳לען זיך צוזאַמען
און צו זונען שטראָמען שיין,
ביז מיר וועלן געטער זיין.

און אַז קומען וועט די צייט פון די געציילטע טעג;
און מיר וועלן שווייגענד ציען אונדזער אַלטן וועג;
וועלן פלאַטערדיק פון ווייטן
קומען טויבן צוויי באַגלייטן;
אונדזער שוואַרצן קאַסטן שטיל
און וואָרקען מיט געפיל.

עס איז דער טויט קיין טויט פאַר יענע אויף קיין איין מינוט
וועלכע האָבן פריי געלעבט געיובלט און געבליט
וועלכע צו די הימלען שוועבן
האָבן נאָך געקענט ביים לעבן
און געשטאָרבן מיט אַ שמייכל
אויף די ליפּן שטיל.

אַזוי ווי אין השומר הצעיר האָט דער שרייבער פון אָט די שורות אָנגע־פירט מיטן מושטירן, ווי אויך מיטן געזאַנג, וויל איך ביי דער געלעגנהייט אויפשרייבן אַ פאָלקס לידל, וואָס דער דאַמאָלסדיקער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פ י ש ל פ ר ץ ע״ה, האָט מיך אויסגעלערנט און וואָס מיר האָבן געזונגען בעת אַנדערע מאַרשירן:

בין איך מיר אַ ייד אַ גרויסער גביר,
האָב איך מיר טעכטערלעך גאָר אָן אַ שיעור,
צען טעכטער אויף לייטיש געלעכטער
איינע הייסט אלקע
די צווייטעביילקע
די דריטע גרינע
די פערטע דינה
די פינפטע הינדע
די זעקסטע וויכנע
די זיבעטע זעלדע
די אַכטע חאַשע
די ניינטע טעמע
די צענטע יודאַשע.
בין איך מיר אַ ייד, אַ גרויסער גביר,
האָב איך זיי געגעבן אַלעמען נדן
אלקען דעם עק
ביילקען דעם ביילעק
גרינען דעם גאָרגל
דינהן דעם דיפעק
הינדען דעם האַלדזשטיק
וויכנען דעם ווּשט
זעלדען דעם זייט
חאַשען דעם חלב
טעמען דעם טרייבער
יודאַשען די יויך.

(דאָס גאַנצע ליד איז געבויט אויפן סדר פון אלף־בית)

כ׳וועל, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרגעסן דעם אַלפּוילישן צוזאַמענפאָר פון השומר הצעיר, וואָס איז פאָרגעקומען אין קוזמיר ביי דער ווייסל, אין שענדעראָוויטשעס פענסיאָנאַט, וואָס איז געשטאַנען אויף די קוז־מירער בערג. כ׳בין דאַן געפאָרן צוזאַמען מיט דעם באַקאַנטן און באַרימטן פאָלקס־דאָקטער און שרייבער ד״ר יהושע לייפּונער, וועלכער איז מיט אַ

גרופּע שומרים איינגעשטאַנען אין ווייסמאַנס (פאַר דער מלחמה — קאָפּעל־מאַנס), מאַלץ־און ביר־ברויעריי.

די קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די מוחות פון דער יוגנט. אויך אין די רייען פון דעם „השומר־הצעיר" האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען קאָמוניסטישע גרופּן, דאַריבער איז זיך דער „גדוד" אין פולאַוו צעפאַלן. אייניקע זענען אַוועק צו די אומלעגאַלע קאָ־מוניסטן, אייניקע צום „בונד", צו די פּועלי־ציון און דעם ציוניזם. איך האָב



דער גדוד פון השומר הצעיר „חשמונאים" אין פולאַוו

מיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אָנגעפירט מיט די יוגנטלעכע ציונים, געוועזענע „השומר הצעירניקעס".

אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע בין איך געוואָרן געהילפס־ביבליאָ־טעקאַר. הויפּט ביבליאָטעקאַר און סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע איז געווען דער לערער און שפּעטערדיקער מיטאַרבעטער פון „מאָמענט" יצחק ווייַנטרויב.

אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע פאָרלעזונגען פון אייגענע און אַראָפּגעבראַכטע רעדנער פון וואַרשע, קעסטל־אָוונטן, געזאַנג־אָוונטן אין וועלכע אַלע מיטגלידער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. אויך זענען פאָרגעקומען פון צייט צו צייט אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס מיט די קעגנערישע פאַרטייען.

נאָכן אַנטשטיין פון די 2 גרופּען אין ציוניזם, ווי „על־המשמר" און „עת־לבנות" זענען די דיסקוסיעס אַממייסטן פאָרגעקומען צווישן די אייגענע 2 גרופּן ציונים.

ס׳דערמאָנט זיך, ווי דער יונגער חבר מיינער משה קליינבוים (דער היינטיקער אין ישראל ד״ר משה סנה), וועלכער האָט דאַן שטודירט אין דער פולאַווער רעאַל־גימנאַזיע, וואוינענדיק ביי זיין זיידן ר׳ הערשל לוויס, ווי מען האָט אים גערופן, האָט גענומען אַ שטאַרקן אַקטיוון אָנטייל אין די דיסקוסיעס און האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט ווי אַ גוטער און שאַרפער דעבאַטאַנט מיט אַ חריפישן קאָפּ.

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנק

אויף וויפל איך געדענק, איז דער גרינדער און דירעקטאָר פון דער „באַנק ספּולדזשעלטשי״ געווען איטשע מאיר פּעפּערמאַן, אַן איידעם פון די פריעדס (באַכאַטניצער מיל אינהאָבער) און שוואָגער פון יעקל ראַטנאָווסקי.

ביים גרינדן די באַנק האָט איטשע מאיר פּעפּערמאַן פאַרנומען אַלע פּאָסטנס, אַליין געווען דער דירעקטאָר, דער קאַסירער, בוכהאַלטער א. אַ. וו. ווען דער אַנטיסעמיט גראַבסקי איז געוואָרן פינאַנץ־מיניסטער פון פוילן און זיינע פאַראָרדענונגען האָבן גענומען שטיקן עקאָנאָמיש דאָס דאַ־מאָלס אַזוי אויך נישט רייכע פוילישע יידנטום, האָט זיך די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ביי יידן שטאַרק צעצווייגט, און אויך די קאָאָפּעראַטיווע באַנק אין פולאַוו איז זיך צעוואַקסן אין אַ גאַנץ גוט אָנגעזעענער און נוצלעכער אינס־טיטוציע. די יידישע באַפעלקערונג אין פולאַוו האָט געהאַט אַן אָפענע טיר אין דער באַנק, וואָס איז פון 1 צימער אַריבער אין אַ פראָנט־געוועלב מיט 2 גרויסע הינטער־צימערן, אין מענדעלע פרימס הויז. עס האָבן שוין דאַן געאַרבעט זיבן אָנגעשטעלטע, ווי: איטשע־מאיר פּעפּערמאַן, שלמה ראַטנאָווסקי (אַן איידים פון אַנשעלע גאָלדרייך און יעקיל ראַטנאָווסקיס אַ ברודער, שלמה, געלעבט אין ישראל), משה אַנקער, דבורה ראָזענבלאַט, חיהלע ראָטענבערג היינט אין ישראל, שמעונעלע עדעלשטיין און דער שריי־בער פון אָט די רעמיניסצענצן.

פון דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט אין וואַרשע זענען שטענדיק אַראָפּגעשיקט געוואָרן קאָנטראָלערס, צווישן זיי. ד״ר חיים שאָשקעס און אַנדערע. עס איז אויך געווען אַ שטאַטישער קאָמיטעט אויס־געקליבן דורך די פולאַווער יידן, וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין באַנק אַלע 4 וואָכן אויף אַ זיצונג אויסצוהערן אַ באַריכט וועגן די באַנק־הלוואות, די פינאַנצן, ווי אויך צו באַשטעטיקן פאַרשידענע הלוואות, האַנדלס־טראַנזאַקציעס א. אַ. וו. דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט איז געווען (אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות) וועלוועלע לאָטערשפּיל, אַ רייכער ייד אין פולאַוו.

## דער יידישער בירגער־קלוב

ווען די עסטרייכער האָבן פאַרלאָזט פולאַוו און די פּאָליאַקן האָבן זי איבערגענומען, איז אַ יידיש עסטרייכישער אָפיציר מיטן נאָמען אַדלער געבליבן אין פולאַוו, וואו ער האָט געעפנט אַ פּאָוושעכנע שולע (פּאָבליק־סקול בלע״ז). אַ זייער אינטעליגענטער און טיכטיק דינאַמישער מענטש, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד אין דעם ניי־געגרינדעטן פוילישן „קלוב אָביוואַטעלי פּאָלסקיך״, האָט געשאַפן אויך אַ יידישן קלוב מיטן נאָמען „קלוב אָביוואַטעלי זשידאָווסקיך״. כ׳געדענק נישט גענוי די סיבה פאַרן שאַפן אָט דעם קלוב, צי ווייל מען האָט אים דאָרט געגעבן צו פילן זיין יידישקייט... צי ווייל זיין „פינטעלע ייד״ האָט אים בעסער געשטויסן צו זיין צוזאַמען מיט יידן, וואו ער האָט זיך געפילט אַ סך פרייער און, וואו ער איז אויך געווען דער גאַנצער אָנפירער.

די גאַנצע אויפגאַבע פון קלוב קען מען זאָגן איז געווען נאָר „פאַר־ווײַלונג״, ווי קאָרטן און אַנדערע סאָרטן שפּילן, איינאָרדנען פאַרשידענע טאַנץ־אָוונטן, ווי אויך פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שפּילערייען, אויפן פאַרלאַנג פון אַ גרופּע יינגערע מיטגלידער, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן אַ קולטורעלע טעטיקייט ביים קלוב, — האָבן זיי געקעמפט ביי די פאַר־וואַלטונג־זיצונגען און אויסגעפירט, אַז פון צייט צו צייט האָט מען אַראָפּ־געבראַכט פאַרשידענע לעקטאָרן, וועלכע האָבן געהאַלטן פאָרלעזונגען איבער פאַרשידענע טעמעס.

אין דעם קאָמיטעט פון קלוב זענען געווען: דער אויבן דערמאָנטער דירעקטאָר אַדלער, זיינס אַ שוועסטער, דינהטשעלע פּרץ, די אלמנה נאָך דעם יונג פאַרשטאָרבענעם ציוניסטישן פירער, פישל פּרץ, מיין קרובה די דענטיסטין חיהלע קאָרנגאָלד מיט איהר מאַן, מיין ווייניקייט און אַנדערע.

אין יאָר 1929 בין איך אַוועק פון פוילן מעבר לים, און אַריינגעטרעטן אין אַ נייער פאַזע פון לעבן, וואָס האָט מיט פולאַוו גאָרנישט געהאַט צו טאָן. דעריבער וועל איך פאַרענדיקן מיטן פּאָפּולערן העברעאישן: „עד כאָן!״

---

* דער מחבר פון די רעמיניסענצן — מרדכי־דוד אייזענמאַן איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין יזכור־בוך־קאָמיטעט; געווען דער סעקרעטאַר, וועלכער האָט זייער פיל אויפגעטאָן כדי די אידעע פון יזכור־בוך זאָל רעאַליזירט ווערן. ליידער האָט ער נישט דערלעבט צו זען דאָס דערשיינען פון ספר. ער איז פּלוצים געשטאָרבן. כבוד זיין אָנדענק!

שמואל ווײַס (ווײַסבראָט), ניו־יאָרק

# דער אָנהייב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג



די זכרונות וועגן אונדזער ליבן שטעטל פולאַווו, וועגן דעם לעבן פון אירע יידישע אײנוואוינער און די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וואָס זענען געדרוקט אין אונדזער פּינקס, זענען צוגלייך זיסע יוגנט־דעראײנערונגען אין ביטערע טרערן פון אומקום. ווייל ווער קאָן דען שרייבן וועגן פולאַווו און נישט טראַכטן אַז דאָס שטעטל איז פאַרשניטן געוואָרן, אַז עס איז פאַרוויסט געוואָרן באַלד די ערשטע עטלעכע חדשים פון דעם נאַציש מערדערישן אָנפאַל אויף דער וועלט. (דאָס געטאָ אין פולאַווו איז ליקווידירט געוואָרן דעם 28טן דעצעמבער 1939).

אַמאָל איז געווען אַ שטעטל פולאַווו, מיט אַן אידעאַליסטישער יוגנט, מיט אַ שפּרודלדיק יידיש לעבן, מיט יידישע מאַמעס וואָס האָבן אין ביטערער נויט געצערטלט זייערע קינדער, מיט יידישע טאַטעס וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אויף אַ שטיקל טרוקן ברויט, טאַטעס וועלכע האָבן גערעדט תכליתדיקע רייד צו זייערע אַכט־יעריקע זין, און יידישע בחורים און מיידלעך וואָס האָבן געטראָגן דעם גורל פון דער וועלט אין זייערע צאַפּלדיקע הערצער.

בעת איך נעם דערציילן דאָ וואָס איך געדענק פון די בראשית־יאָרן פון דער יוגנט־באַוועגונג אין פולאַווו, שטיקן אין מיר טרערן נאָך די אומגעקומענע, נאָך אונדזערע אייגענע, וואָס האָבן אין אומבאַשרייבלעכע יסורים פאַרענדיקט זייער לעבן: נאָך מיין מאַמען מאַכעלע, וועלכע איז געפאַלן אויף דעם פּראָסטיקן מאַרש פון פולאַווו קיין אָפּאָלע, וואו די גאַנצע עדה יידן פון פולאַווו איז געטריבן געוואָרן דורך נאַצישע הינט; נאָך מיין טאַטן מענדל, וועלכער איז פאַרברענט געוואָרן אין איינעם פון די נאַצישע גאַזאויוונס; נאָך מיין פרויס פאָטער, יאָסל קאָרנבערג, וועלכער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיינע דריי יונגע טעכטער, רייזל, חנה, פעסע און זיין זון מאָטל מיט פרוי און קינדער. יזכור־טרערן נאָך אַלע פולאַווער יידן, יונג און אַלט, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

די פעריאָדע, וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן, נעמט אַרום די דריי יאָר צווישן 1915 און 1918. דריי יאָר איז אַ קורצע צייט, אָבער אין דעם לעבן פון די 17־16 יעריקע מיידלעך און בחורים, וועלכע האָבן גע־גרינדעט די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „דעת" און דעם שפּעטערדיקן ערשטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אין פולאַוו, איז דאָס געווען אַ לאַנגע און פרוכטבאַרע תקופה. דאָס איז אויך געווען אַ וויכטיקער צייט־אָפּשניט אין דעם לעבן פון דעם שטעטל.

פולאַוו איז וואַרשיינלעך נישט געווען דאָס איינציקע יידישע שטעטל אין פוילן וואָס האָט אויפגעלעבט אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אָקו־פּאַציע. עס איז געווען אַן אַלגעמיינע אויפבלי־פּעריאָדע אין אָט דעם טייל פון פוילן, וואָס האָט געשמאַכט אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. די יוגנט האָט די ערשטע דערפילט די פרייהייט אונטער דער עסטרייכישער מיליטערישער אָקופּאַציע און מיר האָבן גענומען בויען אַן אָרגאַניזאַציע פאַר זעלבסט־בילדונג און קולטור.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען זייער אַ ביטערע. דאָס שטעטל איז געווען חרוב דורך דער מלחמה. די מייסטע יידן זענען אָקאָרשט געהאַט צוריקגעקומען אַהיים פון די אַרומיקע שטעט וואוהין זיי זענען געווען פאַר־טריבן דורך דער רוסישער מאַכט (פולאַוו איז געווען פאַררעכנט אַלס אַ סטראַטעגישער מלחמה־פונקט און די רוסישע מאַכט האָט געהאַלטן די יידי־שע באַפעלקערונג פאַר אַן אומפאַרלעסלעכן עלעמענט אין דער מלחמה). יידן האָבן גענומען זיך אַרויסגראָבן פון די חורבות און צוריק אויפבויען די צעשטערטע הייזער מיט די ציגל וואָס זענען הויפנווייז געבליבן ליגן ווי מצבות פון דער פאַרניכטענדיקער באָמבאַרדירונג. אַ טייל משפחות האָבן זיך אַריינגעקליבן אין די קעלערן פון די צעשטערטע הייזער, וואָס זענען געבליבן ווי אונטערערדישע היילן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַן איבערלעבונג, וואָס איך האָב געהאַט ווען איך האָב, צוזאַמען מיט אַנדערע חברים און חברטעס, צווישן זיי פייגע קאָרנבערג, באַזוכט אַ קראַנקן חבר אין איינעם פון אָט די קעלער־וואוינונגען. דאָס איינציקע שטיקל מעבל איז געווען אַן אייזערן בעטל. די ווענט זענען געווען פייכט פון ווילגאָטש. דער אַריינגאַנג צום קעלער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ שטיק פאַרזשאַווערטן בלעך, מן הסתם פון אַ דאַך פון אַ צעשטערט הויז. דאָס האָט געזאָלט באַשיצן דעם קעלער אַז דער רעגן זאָל אים נישט פאַרפלייצן. אין דער שטאָק־פינצטערניש האָבן מיר קוים געקאָנט זען אונדזער קראַנקן חבר, אַ יינגל פון אַ יאָר 15, וועלכער האָט געברענט פון טיפוס־פיבער. זענען מיר אַזוי געשטאַנען הילפלאָז לעבן דעם קראַנקן־בעטל און געפילט, אַז אונדזער חבר וועט שוין פון אָט דעם קעלער נישט קאָנען אַרויסגיין. ער איז קורץ נאָכדעם געשטאָרבן.

אָבער יוגנט ווייסט נישט פון קיין טרויער. יוגנט ווייסט אויך נישט פון קיין הונגער. מיר פלעגן אָט דעם הונגער פאַרטרייבן ווי עס איז דורך לאַנגע שפּאַצירן איבער וואַלד און לאָנקעס אין אומענדלעכע דיסקוסיעס, צי ציוניזם אָדער בונדיזם איז אַ בעסערע לייזונג פון דער יידן־פּראַגע. יעדער פון אונדז האָט געפילט, אַז מיר זענען דער דור וואָס איז באַרופן צו לייזן יידישע און אַלגעמיינע וועלט־פּראָבלעמען. די מלחמה, האָט זיך אונדז געדאַכט, האָט צעשטערט דעם אַלטן וועלט־סדר צוזאַמען מיט די מאָך־באַדעקטע איינגעבויגענע הייזקעס אין שטעטל. אויף די חורבות מוז אויפגיין אַ נייע וועלט, אין וועלכער עס זאָל נישט מער זיין קיין נויט און אָרעמקייט, וואו חברים זאָלן נישט שטאַרבן אין נאַסע קעלערן און וואו אָרעם און רייך זאָלן קאָנען צוגלייך געניסן פון דעם לעבן.

מיר האָבן אָנגעהויבן מיט דער גרינדונג פון „דעת", וואָס האָט געזאָלט זיין אַ געזעלשאַפט פאַר אויפקלערונג און זעלבסט־בילדונג. דעם נאָמען האָט אונדז פאָרגעשלאָגן יצחק וויינטרויב, וועלכער איז דעמאָלט געווען באַ־דייטנדיק עלטער פון אונדז און איז באמת געווען אַ הויך געבילדעטער מענטש אין רוסיש, העברעאיש און יידיש. מיר האָבן אים אָנגעשטעלט אַלס אונדזער לערער.

די געזעלשאַפט „דעת" האָט איינגעפירט אָוונט־קורסן „צו לערנען און געלערנט צו ווערן". זי האָט דורכגעפירט קולטור־אָוונטן און דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען איבער פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פּראַגעס. זי האָט איינ־געלאַדן רעדנער פון דער „גרויסער שטאָט" פון פאַרשידענע ריכטונגען. יעדער גאַסט־רעדנער האָט געוויינטלעך צוגעצויגן אַ גרויסן טייל פון דער דערוואַקסענער און אויפגעקלערטער באַפעלקערונג אין דעם שטעטל. אין 1917 האָט „דעת" גענומען אַרויסגעבן אַ געשריבן צייטונגל „שפּראָצונגען", וואָס האָט באמת אָפּגעשפּיגלט אונדזער אייגענעם גייסטיקן און אינטעלעק־טועלן מצב. (דער רעדאַקטאָר פון אונדזער פּינקס, דער באַקאַנטער פאָרשער מרדכי בערנשטיין, שרייבט אויספירלעך וועגן אָט דער צייטונג). דער „אַפּאַראַט" אַרויסצוגעבן די האַנט־געשריבענע צייטונג איז געווען אַ זייער פּשוטער: יעדער מחבר האָט אַ באַשטימטן טאָג אין דער וואָך געמוזט אַריינברענגען זיין כתב־יד, און נאָכדעם ווי ער איז רעדאַגירט געוואָרן איז ער איבערגעגעבן געוואָרן צום „אויפשרייבן". געוויינלעך האָבן מיר אויס־געקליבן אַ חבר אָדער חברטע מיט אַ שיינער האַנט־שריפט.

אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אָפט געטראַכט, אַז די דער־פאַרונג וואָס איך האָב זיך דערוואָרבן אַלס רעדאַקטאָר פון „שפּראָצונגען" איז מיר גוט צונוץ געקומען אין אונגאַרן און אין אַמעריקע, וואו איך האָב זיך פאַרנומען מיט דרוק־אַרבעט און רעדאַקציע־ענינים.

די אויפשרייבער פון „שפּראָצונגען" זענען אין פאַרשידענע וואָכן געווען

נחמה גאָלדמאַן און טיילמאַל פּייגע קאָרענבערג, זייער אָפּט האָט די אַרבעט געטאָן פישל טאַרטשיק. שפּעטער האָט „דעת" אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט „געשפּילט" טעאַטער פאַר אַ צייטנווייז גרויסן עולם פון טעאַטער־ליבהאָבער. דאָס שטעטל האָט ממש באַוואונדערט די יונגע „שוישפּילער־טאַלאַנטן".

די גרעסטע טעאַטער־אויפפירונג, דערמאָן איך מיך, איז פאָרגעקומען אין אַ גאַר גרויסן זאַל פון שטאָט. אַזוי ווי דער זאַל איז געווען באַלויכטן מיט נאַפט־לאָמפּן, וועלכע מען האָט אָבער געמוזט מאַכן טונקעלער ווען מען האָט אויפגעהויבן דעם בינע־פאַרהאַנג, האָבן מיר אויסגעקליבן אַ ספּע־ציעלן „לאָמפּן־קאָמיטעט" פון 6 חברים צו באַדינען די זעקס נאַפט־לאָמפּן אין זאַל. דער „קאָמיטעט" האָט געמוזט וואַרטן אויף אַ סיגנאַל פון דעם רע־זשיסאָר ווען אַרונטערצודרייען די קנויטן פון די לאָמפּן און זיין פאָרזיכטיק זיי נישט אינגאַנצן אויסצולעשן. איך וועל מיך נישט אונטערנעמען צו באַשרייבן ווי גוט אָדער ווי שלעכט עס זענען געווען אונדזערע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, כדי נישט חלילה צו באַליידיקן די „אַקטיאָרן" אָדער „אַק־טריסעס", וועלכע זענען שוין היינט מן הסתם זיידעס און באָבעס. אָבער דעם אמת דאַרף מען זאָגן: קיין באַזונדערס גרויסע בינע־קינסטלער האָט ליידער אונדזער דראַמאַטישע גרופּע נישט אַרויסגעגעבן.

מיט דער צייט איז „דעת געוואָרן אַ גרויסע קולטור־אָרגאַניזאַציע אין פּולאַוו. אירע מיטגלידער און אַקטיווע טוער זענען געקומען פון פאַרשידע־נע שיכטן. פון אָרעמע שטובן „אויפן זאַמד", וואו עס האָבן געוואוינט די באַלמעלאָכעס, מאַרק־הענדלער און בכלל קבצנים און פון די „בעסערע" מיוחסדיקע היימען, פון נגידישע און סוחרישע משפּחות. אַלע זענען געקומען אין דער „דעת" געזעלשאַפט און זיך באַטייליקט אין איר אַרבעט.

אָבער מיט דעם וואוקס פון דער אָרגאַניזאַציע זענען אויך געקומען צרות. אונדזער קולטור־געזעלשאַפט, וואָס האָט סוף 1917 שוין געדונגען אַ באַקוועם הויז לעבן דער ווייסל און האָט שוין געהאַט אַ גרויסע ביבליאָ־טעק און לייען־זאַל, איז געוואָרן אַ דאָרן אין די אויגן פון די פרומע באַלע־באַטים אין שטעטל, ועמענס זין און טעכטער האָבן אָפט „פאַרבלאָנדזשעט" צו אַ לעקציע אין „דעת". מ'האָט אָנגעהויבן רעדן אין שטעטל, אַז אונדזער געזעלשאַפט איז אַ נעסט פון אַפּיקורסים, וואָס פירט אַראָפּ די פרום־דער־צויגענע יוגנט פון דרך הישר. „דעת" איז געקומען אין קאָנפליקט מיט די מחזיקי הדת אין דעם שטעטל. פאַנאַטישע פרומאַקעס האָבן גערעדט וועגן אָרגאַניזירן אַן איבערפאַל אויף אונדזער לאָקאַל און פאַרניכטן אונדזער ביבליאָטעק מיט די אַלע „טריף־פּסולע" ביכער.

צום גליק האָבן מיר זיך באַצייטנס דערוואוסט וועגן אַזאַ אָנפאַל־פּלאַן. אַ טעכטערל פון איינעם פון די „גאָטס ריטער" האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז

אַ גרופּע פון שכנותדיקן „חסידים־שטיבל״ פלאַנט זיך אַריינצוברעכן אין אונדזער לאָקאַל, מיט שטעקנס פאַרטרייבן די טוערס און פאַרניכטן אַלץ „וואָס וועט קומען אונטער די הענט״. מיר האָבן פאַרשטייט זיך מאָביליזירט אונדזער יונגע גוואַרדיע און נישט געוואַרט, ביז מ׳וועט קומען צו אונדז, נאָר מיר האָבן באַגעגנט די אָנפאַלערס אויף זייער טעריטאָריע. צו אונדזער געזעלשאַפט־היים האָבן זיי נישט באַוויזן צוצוקומען, הגם שפּעטער האָט מען אונדז פון צייט צו צייט אויסגעהאַקט די שויבן.

דער לאָקאַל פון „דעת״, וואו פייגע קאָרנבערג האָט געהאַלטן אַ שטרענג אויג אויף דער ווירטשאַפט און אויף דער ביבליאָטעק, איז געווען אונדזער „מקום קדוש״. ליכטיק, ריין און ציכטיק, מיט אַ סך זון־שיין, זענען די צוויי צימערן פון דער קולטור געזעלשאַפט געווען דער היפוך פון די פינצטערע שטובן, פון וועלכע עס זענען געקומען אַ סך פון אונדזערע מיטגלידער. די אָנפאַלן אויף אונדז מצד יידן־נגידים האָבן מיר באַטראַכט שיעור נישט אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווי קאָזאַקישע אַטאַקעס און פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס, פון וועלכע אַ פריערדיקער דור בית־המדרש בחורים האָט געליטן אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. (אין מיינע גאָר יונגע יאָרן האָב איך בייגעוואוינט אַ הויז־זוכונג פון רוסישע זשאַנדאַרמען אין אונדזער היים, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ מסירה פון פרומע טאַטעס, צו פאַרכאַפּן די ביכער, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אין אונדזער הויז (זע אַרבעט פון י. ראַשעל אין אונדזער פּינקס. ראַשעל איז געווען אַ יוגנט־חבר פון מיין ברודער חיים).

אָבער 1917 איז נישט געווען 1906. אין רוסלאַנד איז שוין דער צאַריזם געווען פאַרניכטעט. די מלחמה, האָט זיך אונדז געדאַכט, דערנענטערט זיך צום סוף. אָט באַלד וועלן מיר אויך פּטור ווערן פון דער האַבסבורג און האָהענצאָלערן דינאַסטיעס ווי מיר זענען פּטור געוואָרן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. מיר וועלן זיך באַפרייען פון דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע. די גאַנצע וועלט וועט ווערן פריי. מיר האָבן געפילט ווי אַ נייע זון הויבט אָן שיינען איבער די מלחמה־חורבות, צווישן וועלכע מיר האָבן אַרומ־געשפּאַצירט שלינג און שלאַנג. די האָפענונגען אויף אַ פרייען מאָרגן האָט אונדז געגעבן אינספּיראַציע אין אונדזער אַרבעט. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין אונדזער שטעטל. די גרינדער פון „דעת״ האָבן געשאַפן די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין פולאַוו.

די אַרבעט צו אָרגאַניזירן אַרבעטער אין עקאָנאָמישע שוץ־אָרגאַניזאַציעס, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער קאָמפּעטענץ פון דעת. עס האָבן זיך גענומען שאַפן סיכסוכים אין דער קולטור־אָרגאַניזאַציע. גלייכצייטיק האָבן זיך גענומען אויסטיילן פאַר־

שידענע ריכטונגען. אין פולאַוו האָבן זיך, פונקט ווי אין אַ סך שטעטלעך אין פוילן, געגומען שאַפן גרופּעס בונדיסטן, פּועלי־ציון און אַנדערע פּאַר־טיי־שאַטירונגען אַזוי ווי אין דער גרויסער שטאָט. (אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלגעמיינע ציוניסטן, מיט באַלעבאַטישע יידן פון שטעטל האָט נאָך עק־זיסטירט פריער. יעדע פּאַרטיי האָט זיך דאָך באַמיט צו ווערבירן אָנהענגער אין דער פּראָווינץ. אַ געוויסע צייט זענען רעדנער פון „בונד״, פּועלי־



מיטגלידער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין פולאַוו, אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

פון רעכטס צו לינקס. ערשטע ריי שטייען : שמואל ווייסבראָט (ווייס), נחמה גאָלדמאַן — זעגעלבוים, ישראל זעגעלבוים, חיה־עטל ליבפעלד, י. ליבפעלד. צווייטע ריי : פייגע קאָרנבערג, דבורה גאָלדמאַן, י. פרידמאַן

ציון און אַנדערע ריכטונגען, וועלכע זענען צו אונדז געקומען פון וואַרשע, אויפגעטראָטן אין „דעת״, וואו עס זענען דיסקוטירט געוואָרן פאַרשידענע פּאַרטיי־פּראָגראַמען. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען אויסטיילן באַ־זונדערע און קעגנערישע גרופּעס. די וויכוחים זענען אַריבערגעטראָגן גע־וואָרן אין די „שפּראַצונגען״, און ווען מען האָט גענומען אָרגאַניזירן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון שניידערס, איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין „דעת״ צווישן די אָנהענגער פון „בונד״, די טוערס אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די סימפּאַטיקער פון אַנדערע ריכטונגען. אַ געוויסע צייט זע־נען אָנגעגאַנגען פאַרהאַנדלונגען אַריבערצוטראָגן די קולטור און בילדונג־

אַרבעט פון „דעת" אין דעם נייעם לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. אָבער צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן איז עס נישט געקומען. „דעת" האָט שפּע־טער אויפגעהערט צו עקזיסטירן און די מייסטע פון אונדז האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די שניידערס, שוסטערס, היטלמאַכערס, בעקערס און אַנדערע באַלמעלאָכעס אין שטאָט.

אין אונדזער תמימותדיקן באַנעם פון דער היילקייט „צו באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס פון עקספּלאָאַטאַציע", האָבן מיר נאָכגעטאָן דער גרויסער שטאָט. אין וואַרשע האָט עקזיסטירט אַ צענטראַלע פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט אַזאַ צענטראַלע, הגם דאָס גאַנצע שטעטל האָט געהאַט דריט־האַלבן שניידער־געזעלן, עטלעכע שוסטער־יינגלעך און אפשר עטלעכע בעקער־אַרבעטער. די אַרבעט צו אָרגאַניזירן דעם „פּראָלעטאַריאַט" פון שטעטל איז אַוועק מיט פולן ברען. ערב פסח האָבן מיר אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין אַלע שניידער־וואַרשטאַטן און מיר האָבן געצוואונגען די מייסטערס, וועלכע זענען געווען פּונקט אַזוי אָרעם ווי זייערע אַרבעטער, צו קומען אין לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך צו קירצן די אַרבעטס־צייט און העכערן די שכירות.

איך דערמאָן זיך ווי אַ קרוב מיינער, נאָטע מאַנטלמאַכער, האָט ער דאַכט מיר געהייסן, האָט זיך געבעטן מען זאָל נישט רואינירן זיין שטיקל פּרנסה און אים לאָזן אַרבעטן מיט זיינע צוויי געזעלן ביז איבער פסח. „אויף פסח וואַרט איך אַ גאַנץ יאָר", האָט ער געטענהט און אויב ער וועט נישט קאָנען אויספאַרטיקן די באַשטעלונגען אין צייט, אַרבעטנדיק ביז האַלבע נאַכט, פאַרשטייט זיך, איז ער מיט זיין גאַנצער משפּחה רואינירט. אָבער מיר האָבן ווי קאַלטע גזלנים געפּאָדערט, אַז ער זאָל געבן אַן הוספה, אַרבעטן בלויז ביז זון־אונטערגאַנג און דער עיקר: ער מוז אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך. „עס מוז זיין אַ פאַריין צו באַשיצן די אַרבעטער. דעם אַרבעטערס לעבן איז נישט מער הפקר".

פּסח, דער יום־טוב פון באַפרייאונג, איז אויך געווען דער פרייהייט־יום־טוב פון די אַרבעטער אין שטעטל. אָבער נאָך פּסח איז ערשט געקומען די אמתע באַפרייאונג. די מייסטע שניידער־געזעלן האָבן פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־שטעלעס און האָבן געמוזט אַוועקפאָרן קיין וואַרשע זוכן אַרבעט. געבליבן זענען די לערן־יינגלעך און די „שוואַכע באַלמעלאָכעס" אין דעם שטעטל, אָבער געבליבן איז אויך אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין מיט גענוג ענערגישע יוניאָן־טוערס צו נעמען אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין אַנדערע פאַכן. איינע פון אָט די אַמביציעזע „קעמפערינס פאַר די רעכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט" איז געווען פייגע קאָרנבערג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין פרוי.

דערציילט מיר מײַן פלאָראַ, אַז זי איז איינמאָל אַרײַנגעגאַנגען אין אַ בעקערײַ צו אָרגאַניזירן דעם אײַנציקן בעקער־געזעלן. בײדע, דער באַלע־באָס און דער געזעלן, זענען געווען אַזוי פאַרחושכט, אַז זי האָט צומערשט נישט געוואוסט צו וועמען צו רעדן וועגן אָנשליסן זיך אָן דעם „פאַריין". אָבער איינער פון זיי, האָט זי באַמערקט, האָט גענומען ציטערן פאַר שרעק. דער־אָ, האָט זי פאַרשטאַנען, איז מן הסתם דער באַלעבאָס פון דער בע־קערײַ. צוריקקומענדיק פון דעם „אָרגאַניזיר־טואר", האָט זי זיך צעוויינט: „וואָס וויל מען פון די אָרעמע מענטשן? ווען זיי וואָלטן נישט געווען בעקערס וואָלטן זיי דאָך בײדע, דער עקספּלאָאַטאַטאָר און דער עקספּלואַ־טירטער, אויסגעגאַנגען פון הונגער". ערשט מיט יאָרן שפּעטער, שוין אין אַמעריקע, האָט פײַגע באַנייט איר יוניאָן־טעטיקייט, אין אַ דרעס־סטרייק אין שיקאַגאָ.



בונדיסטן—גרופּע אין פּולאַוו אין 1917—1918

פון רעכטס צו לינקס: שמואל ווייסבראָט (ווייס), יחזקאל טאַרטשיץ, יצחק ווײַנטרויב (לערער), רפאל האָניגספעלד, און הערשל וולאָסטאָוויצער

אַ סך בעסער איז אונדז געגאַנגען מיט דער פּאָליטישער אויפקלערונג. מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיטן „בונד" און מיר האָבן אויף אונדזער אופן געפירט אַ בונדישע פּראָפּאַגאַנדע אַרבעט אין דעם שטעטל. לאָמיר דאָ פאַרצייכענען כאָטש אַ טייל פון די חברים און חברטעס, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט: יחזקאל טאַרטשיץ, וואַרשיינלעך אומגעקומען אין דער פּויליש־רוסישער מלחמה אין 1920, פישל טאַרטשיץ און מאַטעס טאַרטשיץ, איטשע מאיר און חיה עטל ליבפעלד, לעבן אין תל־אביב, ישראל. רפאל האַניגסמאַן, חיה עטלס אַ ברודער. הערשל וולאָסטאָוויצער, לעבט אין פּאַריז, פראַנקרייך. משה קאַרטמאַן. יאָסקע אייזנמאַן (געשטאָרבן אין קאָלאָמביאַ, דרום־אַמעריקע). טוביה שולמאַן, יעקב אָפּפערמאַן, שמעון און רייזל נאָדעלהאָלץ. נחמה און דבורה גאָלדמאַן, געשטאָרבן אין פּאַריז. שמאי האָכגעלערנטער, שמואל ווייסברויט, לעבט אין פּאַריז. עטל בריינטיק, איטשע און יצחק טאַנצמאַן, ישראל זעגלבוים, געשטאָרבן אין פּאַריז, אַ קרבן פון די נאַצישע גיהנום־לאַגערן. הערשל פרידמאַן, דער אָנפירער פון אונדזער דראַמאַטישער סעקציע. ישראל גאָלדבערג, רחל שנור־מאַכער, יאַנקל שיקמאַן, פּסח זעגלבוים און זיין פרוי חווה לעבן אין ניו־יאָרק און אַנדערע יונגע מענטשן פון דעם זעלביקן דור. זאָלן די, וועמענס נעמען עס זענען דאָ נישט דערמאָנט, מיר פאַרגעבן. מיין כוונה איז געווען צו דערמאָנען אַלע וואָס מיר געדענקען.

אין מיין בונדישער אַרבעט איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אַ געהיימע ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „בונד" אין לובלין. איך געדענק נישט וואָס מען האָט דאָרט פאַרהאַנדלט, אָבער מיר האָט אימפּאָנירט די געהיימניש פון דעם צוזאַמענקום און איך האָב געקוקט אויף די עלטערע חברים ווי די טרעגער פון אַ גרויסער אידיי און די אָנזאָגער פון אַ נייער צייט.

אין נאָוועמבער, 1918, האָבן זיך באַוויזן סימנים פון אָט דער נייער צייט. אין דייטשלאַנד איז געפאַלן די האָהענצאָלערן דינאַסטיע. דער מלחמה־פראָנט האָט זיך אויפגעלייזט. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אויפגעגעבן איר ממשלה. סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן זיך גענומען פּאַקן אין וועג אַריין, אַהיים צו זייערע משפחות, און פּוילן איז געוואָרן פריי צו באַשטימען איר אייגענעם גורל. מיר האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אָט דער פּוילישער פרייהייט אויף אַ זייער פיינלעכן אופן. אַ גרופּע ווילדע שקצים, אין מונדירן פון פּוילישן לעגיאָן, באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און ביקסן, האָבן אַרומגערינגלט דעם לאָקאַל פון אונדזער פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און נאָכן דורכפירן אַ הויז־זוכונג מיטגענומען אַלץ וואָס האָט זיך געלאָזט מיטנעמען.

מיר זענען יענעם אָוונט געגאַנגען אַהיים צעבראָכענע פון אָט דער ערשטער „באַגריסונג" פון דער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט אין פּוילן. מיט אַ קללה אויף אַלע פּאָליאַקן האָבן מייסטע פון אונדז פאַרלאָזן אונדזער

געבורט־שטעטל. איך האָב אָט די קללה הונדערט־פאַך איבערגעחזרט שפּע־טער, ווען איך האָב געלייענט באַריכטן אָדער געהערט פון אויגן־עדות דערציילן ווי ברוטאַל פּאָליאַקן האָבן זיך באַצויגן צו זייערע יידישע לאַנדס־לייט אין די פאַרצווייפלטע מאָמענטן פון דער דייטשער „אויסזידלונג״, ווען אַזוי פיל פּאָליאַקן רשעים האָבן געהאָלפן די דייטשן אין זייערע מאָרד־אַקציעס איבער יידן, ווען אַזוי ווייניק האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן אין זייער גסיסה־קאַמף מיט די נאַציס. יאָ, אַזוי פיל פּאָליאַקן זענען אין די יאָרן פון נאַצישער אָקופּאַציע געווען בלוט־אַנטיסעמיטן און אַזוי ווייניק זענען געווען מענטשן.

---

נאָך דער מלחמה זענען קליינע רעשטלעך יידן, די שארית הפליטה פון דעם נאַצישן גיהנום אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. צווישן זיי זענען אויך געווען אַ קליינע צאָל פּולאַווער לאַנדסלייט. איך האָב צווישן זיי דערקענט זייער ווייניק מענטשן פון מיין דור, אָבער איך האָב יעדן ניי־געקומענעם פולאַווער געדריקט צו מיין ברוסט, ווי ער וואָלט געווען דער איינציק־איבערגעבליבענער אין מיין משפחה. פאַרחושכט און דערשלאָגן פון די שרעקלעכע איבערלעבענישן, האָבן זיי זייער ווייניק געקאָנט דערציילן וועגן דעם גורל פון דעם שטעטל, וועגן דעם אומקום פון אונדזערע משפחות און פריינט. די מייסטע זענען ווי פאַרשטומט געוואָרן פון זייער פּיין און זייערע מענטשלעכע יסורים.

איך האָב זיך דעמאָלט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו קריגן באַ־שעפטיקונג פאַר די ניי־געקומענע. אין מיין אַמט, אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן אין ניו־יאָרק, האָב איך געהאַט אונטער מיין אויפזיכט אַ גרעסערע צאָל וואַרשטאַטן (שעפער), וואו עס זענען פּראָדוצירט געוואָרן פרויען־מאַנטלען און קאָסטיומען. האָב איך זיך גענומען איינאָרדענען וואָס מער פון די געראַטעוועטע. איך האָב נישט געפרעגט ווער עס איז אַ שניידער נאָר ווער וויל ווערן אַ שניידער, און איך האָב מיין גאַנצן איינפלוס אויס־גענוצט צו באַזאָרגן מיט אַרבעט. איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז מיט יעדן מאַן אָדער פרוי וואָס וועט באַזאָרגט ווערן מיט באַשעפטיקונג ראַטעווע איך אַ קרבן פון נאַצישע נעגל. ווען איך טראַכט פון יענער צייט דאַכט מיר, אַז די דריי יאָר צווישן 1945 און 1948 איז געווען די פרוכטבאַרסטע צייט אין מיין יוניאָן־אַמט, ווען איך האָב דורך דער פאַרמיטלונג פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איינגעאָרדנט נאָענט צו הונדערט קאַצעטניקעס אין וואַרשטאַטן, וואָס איז פאַר זיי געווען דער אָנהויב פון אַ נאָרמאַל לעבן אין זייער נייעם היימלאַנד אַמעריקע.

ביסלעכווייז האָב איך אויסגעפונען דעם פאַרנעם פון דעם חורבן אין אונדזער שטעטל, דער טראַגישער גורל פון דער קליינער קהילה, וואָס איז

**צוזאַמען מיט אונדזערע פריינט און נאָענטסטע אומגעקומען על קידוש השם.**
**זאָל זייער אָנדענק שטענדיק פאַרבלייבן אין אונדזערע הערצער.**

* * *

**ווי אַן אילוסטראַציע צום אַרטיקל פון ש. וו ײ ס ברענגען מיר ווייטער אַ סעריע פון קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס עס זענען געווען פאַרעפנטלעכט אין יענער צייט, וועגן וועלכער עס ווערט דערציילט אין דער אַרבעט, אין דעם צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד" אין פוילן — אין די „ל ע ב ע נ ס פ ר א ג ע ן".**
**די קאָרעספּאָנדענציעס ווערן געגעבן אין סדר פון זייער דערשיינען.**

---

**נומער** 45 (93) 9 **נאָוועמבער** 1917.
פ ו ל אַ וו

אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון אייניקע חברים איז ביי אונדז אין שטעטל מיט דריי חדשים צוריק געגרינדעט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון נאָדל־בראַנזשע. דער פאַראיין האָט אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער צייט איינגעאָרדנט יעדן שבת פאָרלעזונגען איבער פאַרשידענע טעמעס. איינגעאָרדנט אָוונט־קורסן, אויף וועלכע עס איז געלערנט געוואָרן פויליש, דייטש, יידיש, מאַטעמאַטיק אאַ"וו.

דער פאַראיין האַלט ביים איינאָרדענען אַ ביבליאָטעק און באַמיט זיך צו פאַרשפּרייטן די „לעבנספראַגן", וועלכע האָבן נאָך דאָ אַ קליינע צאָל לייענער. מיר האָפן אויך אויף ווייטער, ווי ביז איצט, אויף רע׳ מאָראַלישער און מאַטעריעלער אונטערשטיצונג פון אונדזערע מיטגלידער און חברים. און דאַן וועט זיך אונדזער פאַראיין זייער גוט אַנטוויקלען.

**אַ שניידער.**

---

**נומער** 70 (140), 4 **אָקטאָבער** 1918.
פ ו ל אַ וו

...ניט לאַנג איז אין לובלין פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אַרבעטער־טוער אין ל ו ב ל י נ ע ר ראַיאָן. צווישן די אַרטיקע באַריכטן איז אויך אינפאָרמירט געוואָרן פון:

פ ו ל אַ וו — (די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט) אַן „אַרבעטער־היים" פון 120 מיטגלידער, אונטער אונדזער ווירקונג. דורכגעפירט עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע אַרויסטרעטונגען. אַ גרופּע פון 18 חברים, אַ קאָלעקטיוו פון 5. דורכגעפירט אַן אַלגעמיינע פייערונג צום 1טן מאַי.

---

**נומער** 12, 22 **מערץ** 1918.
פ ו ל אַ וו

דאָ איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לעדער־בראַנזשע. אַ פאַראיין פון דער נאָדל־בראַנזשע עקזיסטירט שוין פון פריער.

דער חבר ווייס פון לובלין האָט דאָ געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „דער אַרבעטער אין דעם הייַנטיקן קריג".

**נומער 18, 2טער מאַי 1918.**

פולאַוו

מיט דער מיטהילף פון פראָפעסיאָנעלן־פאַראיין פון גאָדל־בראַנזשע, וועלכער אַנט־וויקלט זיך דאָ זייער גוט, איז געגרינדעט געוואָרן אויך אַ פראָפעסיאָנעלער־פאַראיין פון לעדער, בוי, און מעטאַל־בראַנזשעס. די אַלע פאַראייניגען בילדן צוזאַמען איין אַלגעמיינעם פראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד, וועלכער פאַרמאָגט זיינע אַ הילפס־קאַסע צו שטיצן די מיט־גלידער.

אַדאַנק דער ווירקונג פון אונדזערע חברים איז געגרינדעט געוואָרן אויפן אָרט פון דער פריער־עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט „ד ע ת" אַן אַרבעטער־פאַראיין, וועלכער פאַר־מאָגט אויך אַן אייגענע ביבליאָטעק פון קנאַפע 250 ביכער אין יידיש. עס עקזיסטירט אויך אַ „לעבנספראַגן"־קאָמיסיע.

ש. א. וו.

---

**נומער 14, 16 יאַנואַר 1919.**

פולאַוו

דער היגער אַרבעטער־פאַרבאַנד ציילט 150 מיטגלידער און אַנטוויקלט אַ ברייטע טיטקייט. אָרדנט איין פאָרלעזונגען, מערסטנטיילס אויף געזעלשאַפטלעכע טעמעס. מיר האָבן סיסטעמאַטישע אָוונט־קורסן. מיר פאַרמאָגן אַ ביבליאָטעק מיט 300 ביכער, אַ דראַ־מאַטישע סעקציע. איינקונפט פאַר אַ האַלב יאָר איז געווען 2.144.25 קראָן, אויסגאַבן 1881.40 קראָן. (פולאַוו איז דאַן געווען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, וואו די וואַלוטע איז געווען די עסטרייכישע קראָן).



מיטגלידער פון דער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע אין 1917־1918 אין פולאַוו. די מערהייט פון זיי האָבן געהערט צו דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד"

פון רעכטס צו לינקס — זיצן: שמואל ווייסבראָט (ווייס), י. ליבפעלד, יצחק וויינטרויב, יחזקאל טאַרטשיק. שטייען: י. פרידמאַן, משה האָכגעלערנטער, ישראל גאָלדבערג.

ביים פאַרבאַנד עקזיסטירן צוויי פאַך־סעקציעס — פון נאָדל־און לעדער־בראַנזשעס, וועלכע האָבן באַדייטנדיק פאַרבעסערט דעם צושטאַנד פון די אַרבעטער. עס עקזיסטירט אויך אַ קאַסע צו שטיצן די דורכרייזנדיקע אַרבעטסלאָזע. אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר האָט זי אַרויסגעגעבן זעקס הונדערט קראָן שטיצע. ש. א. וו.

---

## נומער 76, 11טן אַפּריל 1919.

פּולאַוו

לויט דעם באַשלוס פון וואַרשעווער צוזאַמענפאָר האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע געזאָלט איינאָרדענען דעם 12טן און 13טן פאַריקן חודש דעם אַלגעמיינעם שטרייק. צוליב דעם אָבער וואָס די פּ.פּ.ס. האָבן דעם אָנטייל אינעם שטרייק אָפּגערופן, האָט די מאַכט אויך אונדזער פאַרזאַמלונג פאַנאַנדערגעטריבן און דער שטרייק האָט זיך נישט איינגעגעבן.

אין די וואַלן צום שטאָטראַט האָבן מיר קיין אָנטייל נישט גענומען, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין קאַנדידאַטן־ליסטע. די וואַלן זענען געפירט געוואָרן אָן אַגיטאַציע. אויך האָבן נישט אַגיטירט די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן אויף זייער ליסטע אַרויסגע־שטעלט חשובע שטאָט־באַלעבאַטים און דורכגעפירט דריי קאַנדידאַטן....

...ביי אונדז עקזיסטירט אַן אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס ציילט 250 מיטגלידער. מיר האָבן אַ ביבליאָטעק מיט דריי הונדערט ביכער. עס עקזיסטירט אַן אַלגעמיינער פּראָ־פעסיאָנעלער פאַראיין וועלכער נעמט אַרום די בראַנזשעס: לעדער, נאָדל, בעקער. עס זענען אָרגאַניזירט ביז 350 מיטגלידער. עס ווערן אויך געפירט אָוונט־קורסן פאַר דער־וואַקסענע...

---

## נומער 100 — 1919.

פּולאַוו

דער „ראַבאָטניק" (צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — פּ. פּ. ס.) מעלדעט פון פּולאַוו: אין פּולאַוו באַשטייט דער שטאָטראַט פון אַכט פּע־פּעסאָוועצעס, 3 פּועלי־ציון, 1 לודאָוויעץ (פּויערים־פּאַרטיי), 1 פּאָרשריטלעכער ייד און 11 ענדעקעס און אָרטאָדאָקסיע. אויף דעם פאַרגאַנגענעם שבת איז באַשטימט געוואָרן אַ זיצונג פון שטאָטראַט. צוליב דעם וואָס איינער פון די אָרטאָדאָקסן, אַ רב, איז נישט געקומען אויף דער זיצונג, וואַרטנדיק אויפן אָוונט ווען עס וועט ווערן אויס שבת, האָבן די ענדעקעס פאַרגעשלאָגן אָפּצולייגן די זיצונג ביז 10 אַזייגער. אַזוי ווי די פּ.פּ.ס. און די פּועלי־ציון האָבן קעגן דעם געשטימט האָבן די ענדעקעס און די אָרטאָדאָקסן פאַר־לאָזט די זיצונג. עס זענען דאָך געבליבן 14 ראַטמענער, דאָס הייסט אַן אַבסאָלוטע מער־הייט, און מען איז צוגעטראָטן אויסצווויילן אַ בירגערמייסטער. מיט אַ מערהייט פון 12 שטימען איז אויסגעוויילט געוואָרן דער פּ.פּ.סאָוויעץ קראַיעווסקי.

דער „ראַבאָטניק" דערציילט אויך, אַז איינער פון דער פּ.פּ.סישער פראַקציע האָט קעגן דעם באַשלוס פון קלוב נישט געשטימט פאַר קראַיעווסקין.

---

## נומער 153, 18 יולי 1919.

פּולאַוו

ביי אונדז עקזיסטירט שוין זייט זעקס חדשים אַ „קולטור־פאַראיין", וועלכער ציילט הונדערט מיטגלידער. מיר אָרדענען איין פון צייט צו צייט פאָרלעזונגען און וויסנ־שאַפטלעכע געשפּרעכן. עס עקזיסטירט ביים פאַראיין אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע

האָט איינגעאָרדנט אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט, וואָס האָט זיך גלענצנד איינגעגעבן. מיר האָבן אויך אַ קליינע ביבליאָטעק.

די היגע בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט ביי די לעצטע שטאָטראָט־וואַלן דורכגעפירט 1 ראַטמאַן.

אין דער פרעסע־וואָך האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „דער בונד און ציוניזם". דער טיראַזש פון די „לעבנספראַגן" און אַנדערע אונדזערע אָרגאַנען האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט.

איצט גרינדן מיר אַ פראָפעסיאָנעלן־פאַראיין ווי אויך אַן אַרבעטער־קאָאָפעראַטיוו „אייניקייט".

עס פילט זיך שטאַרק אַ מאַנגל פון אינטעליגענטע קרעפטן.

---

נומער 171 — 10טער אויגוסט 1919.

אַ כ ט ו נ ג  פ ו ל אַ ו ו !
דער חבר שאַפראַן קאָן צו אייך קומען דעם 17טן דעם מאָנאַט, ענטפערט קיין כעלעם.

נומער 181 — 21 אויגוסט 1919.

אַ כ ט ו נ ג  פ ו ל אַ ו ו !
שבת דעם 23טן וועט ביי אייך זיין חבר הערשל בעקערקונסט און רעפערירן אויף דער טעמע:
„אונדזערע וועגן צום סאָציאַליזם אין איצטיקן מאָמענט"

נומער 234 — 1919

אַ כ ט ו נ ג  פ ו ל אַ ו ו !
שבת דעם 1טן נאָוועמבער וועט ביי אייך דער חבר איזאַק גרינבערג רעפערירן אויף דער טעמע:
„סאָציאַליזם און ציוניזם"
מאַכט אַלע נויטיקע פאַרבאַרייטונגען און מעלדעט טעלעגראַפיש זאויפן אַדרעס: קאָאָפעראַטיוו „אייניקייט", קאָוואַלסקא 15, ליובלין.
דער סעקרעטאַריאַט פון לובלינער ר.ק. (ראַיאָן קאָמיטעט).

# שפּראַצונגען

## אַ געשריבענער זשורנאַל אין פּולאַוו מיט 45 יאָר צוריק

עס איז אָנגענומען אין דער וועלט, אַז די פּרעסע, די צייטונגען און זשורנאַלן געהערן צו אַ ספּעציעלן כוח אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אַז דאָס איז די זיבעטע קראַפט אויף דער וועלט. ביי יידן איז אָבער צייטונגען אפשר די ערשטע קראַפט, ווייל זייער פיל אַנדערע מיטלען, וואָס די פאַרשידענע פעלקער האָבן געהאַט, האָט אויסגעפעלט ביי יידן.

דערפאַר זעען מיר טאַקע, אַז דער ענין צייטונגען פאַרנעמט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אַ גאָר וויכטיק אָרט. איז טאַקע די יידישע פּעריאָדיק — די כל המינים טאָג־צייטונגען, זשורנאַלן, זאַמלביכער און דאָס גלייכן — פון אַ ספּעציעלן מין און מיט אַ גרויסער שפע. אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע שפּילן אַ באַזונדער ראָלע די אַזוי־גערופענע „פּראָווינצער" פּובליקאַציעס. עס האָבן זיך די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן ניט באַנוגנט מיט די צענטראַלע טאָג־צייטונגען, וואָס זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן אין די הויפּטשטעט, זיי האָבן נאָך געמוזט האָבן אייגענע טריבונעס פאַר די אָרטיקע פּראָבלעמען און געשעענישן. ביזן חורבן זענען אין פּוילן דערשינען הונדערטער פאַרשידענע צייטשריפטן אין די פאַר־וואָרפנסטע שטעט און שטעטלעך. עס זענען אפילו געווען שטעטלעך, וואָס האָבן געהאַט צו מער ווי איין אָרטיקע צייטונג — די באַזונדערע געזעל־שאַפטלעכע און אידעאיש־פּאָליטישע גרופּעס פלעגן אַרויסגעבן אייגענע אָרגאַנען.

צווישן דעם ים פּוילישע שטעטלעך, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אייגענע צייטשריפטן געפינט זיך אויך פּולאַוו. אָבער דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ גאָר זעלטענעם פאַל. ערשטנס איז עס געשען אין די גאָר ערשטע יאָרן איידער עס איז אויפגעקומען די פּוילישע מלוכה און פּולאַוו איז מן הסתם געווען פון די גאָר געציילטע, אויב נישט די איינציקע שטאָט אין דער פּראָ־ווינץ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צייטונג און צווייטנס — די טעכניק פון דער פּובליקאַציע — עס איז געווען אַ געשריבענע צייטונג.

וועלן מיר ברענגען אַ פּאָר פּרטים וועגן דעם ווי אַזוי דער דאָזיקער זעלטענער פאַל איז געקומען צו אונדז, ריכטיקער די באַקאַנטע און אומ־באַקאַנטע גילגולים, וואָס די „שפּראַצונגען" (אַזוי הייסט די צייטונג) האָבן דורכגעמאַכט, ביז זיי באַקומען איצט אַ תיקון אין אונדזער יזכור־פּנקס.

אויף דער אויסשטעלונג, וואָס דער ייווא אין ניו־יאָרק האָט איינגע־אָרדנט אין 1959, געווידמעט דאָס שטעטל אין מיזרח־אייראָפּע האָט זיך צווישן אַנדערע עקספּאָנאַטן אויך געפונען אַזאַ, וואָס איז געווען באַטיטלט:

486. שפּראָצונגען, אַ געשריבן וואָכנבלאַט אַרויסגעגעבן דורך דער בילדונג־געזעלשאַפט „דעת" אין פּילעוו, לובלינער געגנט, 1917.

אין דער אָפּטיילונג „פּראָווינצער פּרעסע" אויף דער דאָזיקער אויס־שטעלונג איז געווען נאָך אַ צענדליק געשריבענע צייטונגען פון פּוילן, אָבער די פּולאַווער „שפּראָצונגען" איז די ע ל ט ס ט ע.

ווען מען איז צוגעטראָטן זאַמלען די מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־פּנקס האָבן מיר זיך פאַרשאַפט פאָטאָסטאַטן פון די „שפּראָצונגען" און דאָ האָבן מיר זיך דערוואוסט נאָך אַ ריי קלייניקייטן.

ווייזט זיך אַרויס, אַז די דאָזיקע זעלטענע צייטשריפט האָט דורכגע־מאַכט פּשוט אַ לעגענדאַרע וואַנדערונג. פון פּולאַוו איז די צייטשריפט מגולגל געוואָרן קיין וואַרשע. דאָרטן האָבן די זאַמלער פאַרן ייווא, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין ווילנע, דעם דאָזיקן אוצר גענומען און עס טאַקע אָפּגעשיקט צו די ווילנער זאַמלונגען. אויף יעדן נומער פון די „שפּראָצונ־גען" איז פאַראַן אַ שטעמפּל: „ש־אַנסקי זאַמלער קרייז פאַרן יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט אין וואַרשע". אָבער ווי זענען זיי געקומען פון ווילנע קיין ניו־יאָרק?

דאָ הייבט זיך אָן איינע פון די ניסים־געשיכטעס, מיט וועלכע עס איז רייך אונדזער לעצטע חורבן־תקופה.

די נאַציס, ווען זיי האָבן פאַרנומען ווילנע, האָבן זיך גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן ייווא און זיינע אוצרות. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן שטאַב וואָס האָט גענומען אויסליידיקן דעם ייווא, אויסגעקליבן די וויכטיקסטע מאַטעריאַלן און עס אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד. נאָכן צוזאַמענברוך פון די נאַציס האָט די אַמעריקאַנער אַרמיי אין אַ פּאַלאַץ הינטער פראַנקפורט אַנטדעקט די דאָזיקע צוגערויבטע מאַטעריאַלן און נאָך לאַנגע פּראָצעדורן, נאָך דעם ווי זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג, האָט דער ניו־יאָרקער ייווא באַקומען די דאָזיקע אָפּגעראַטעוועטע קולטור־רעשטן. צוזאַמען מיט די אַנדערע מאַטעריאַלן האָבן אויך די פּולאַווער „שפּראָצונגען" אַריבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, כדי צו באַקומען אַ תיקון אין אונדזער יזכור־ספר און כדי זיך צו טרעפן מיט זייער... רעדאַקטאָר. אָבער וועגן דעם אַ ביסל שפּעטער.

וועגן דער אויסגאַבע גופא. דער נאָמען פון דער צייטונג ווי עס פיגו־רירט אויף דעם נומער 1 פון דער אויסגאַבע איז:

ווי מיר זעען, פאַרמאָגן די „שפּראָצונגען" אַלץ וואָס אַ ריכטיקע צייט־שריפט דאַרף. פון די ווייטערדיקע נומערן זעען מיר, אַז עס זענען צוגע־קומען נאָך אָפּטיילן, ווי באַגריסונג־אַנאָנסן, רעטעניש׳, וכדומה.

די צייטונג, ווי געזאָגט איז געווען אַ געשריבענע, דער שרייבער פון דער צייטונג איז געווען פ י ש ל ט אַ ר ט ש י ץ.

זיכער וועלן טייל פון די וואָס האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער געזעלשאַפט „דעת" מער דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן אָבער פון די פאַראַנענע נומערן אַרויסנעמען געוויסע פּרטים וועגן דער טעטיקייט, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער גע־שיכטע פון דער שטעטלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט אין יענער צייט.

בכלל האָבן מיר די ווייטערדיקע נומערן פון „שפּראָצונגען":

1 ( 8 יוני 1917), 2 (15טן יוני 1917), 3 (22טן יוני 1917), 4 )29טן יוני 1917), 7 (20־טן יולי 1917), 26 (7־טן דעצעמבער 1917), 27־28 (21־טן דעצעמבער 1917), 29־30 (4טן יאַנואַר 1918 .

עס פעלן אונדז הייסט עס אַ ריי נומערן.

פון די פאַרעפנטלעכע באַריכטן ווייסן מיר, אַז עס האָט ביי דער געזעל־שאַפט „דעת" עקזיסטירט אַ ביבליאָטעק, אַ קינדער־שולע, אָוונט־קורסן און עס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אונטערנעמונגען. פון איין מעלדונג ווייסן מיר אַפילו וועגן דעם פערסאָנאַל און פּראָגראַם פון דער שולע. אַזוי דערוויסן מיר זיך פון אַ באַקאַנטמאַכונג אין נומער 1 פון „שפּראָצונגען" די ווייטערדיקע פּרטים וועגן דער ל ע ר ־ ק אָ מ י ס י ע פון דער געזעל־שאַפט:

„אויף דער לעצטער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קינדער־לעקציעס, וואָס עקזיסטירן ביי אונדז, וועלן פאָרקומען 3 מאָל וועכנטלעך, נעמלעך, זונטיק, מאָנטיק און מיטוואָך פּינקט־לעך פון 7 ביז 9 אַזייגער.

די לערערס זענען פון יידיש: יחזקאל טאַרטשיץ און רפאל האָניגסמאַן. פון פּויליש: פריילין נחמה גאָלדמאַן און ה. יצחק טאַנצמאַן. פון אַריפמעטיק: פריילן דבורה גאָלדמאַן און ה׳ שמואל ווייסברויט. עס ווערט דעריבער געבעטן, אַז קיינער זאָל זיך ניט אַריינמישן אין די לעקציעס, אויסער די לערער.

פריילין חיה־עטל האָניגסמאַן ווערט באַשטימט אויפצוזען אויף אַלע לערנביכער און העפטן. זי איז אויך באַפולמעכטיקט פון אַלע קאָיעטן (העפטן), וואָס געפינען זיך אין דער געזעל־שאַפט, אויפמאָנען צו 5 העלער, וועלכע וועלן גיין אין דער קאַסע פון דער לער־קאָמיסיע . . ."

ערשטער יאָרגאַנג נומער 1

# שפּראָצונגען

וועכענטלעכער אָרגאַן פון דער געזעלשאַפט

„דעת"

ערשיינט יעדן פרייטאָג

פולאַווי, פרייטאָג, 8 יוני 1917



קעפּל פון ערשטן נומער „שפּראָצונגען" דער אָריגינאַל געפינט זיך אין יוואָ־ביבליאָטעק ניו־יאָרק.

דער דאָזיקער נומער האָט 5 זייטן מיטן ווייטערדיקן אינהאַלט:

| | |
|---|---|
| אונזער אָרגאַן | — ש. א. ווייסברויט. |
| ווי געפינט מען דעם אמת | — בן אליעזר |
| בריוו צו דער געזעלשאַפט | — — — — |
| אָפענער בריוו צום ה' מ. טאַרטשיץ | — ש. .א. ווייסברויט |
| מיין טרוים... | — יחזקאל טאַרטשיץ |
| באַקאַנטמאַכונג פון דער געזעלשאַפט. | |
| בריוו־קאַסטן. | |

עס קומט אויך אויס, אַז די שכנותדיקע שטעטלעך זענען געוואָרן באַאײנפלוסט פון דער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט „דעת" פון פולאַװ, ווייל אַט לייענען מיר (אין נומער 7 פון די „שפּראָצונגען") דאָס ווייטער־דיקע בריוול פון קאָנסקאָוואָליע:

„פון געזעלשאַפט „אחי־עזר" — קאָנסקאָוואָליע

געערטע פאַרוואַלטונג פון געזעלשאַפט „דעת".

מיר בעטן אייך אַ דערלויבעניש פון אייער געזעלשאַפט אויף אַן אָפּטיילונג אין אונדזער שטאָט. מיר בעטן אונדז גענוי איב־פאָרמירן צי מיר קאָנען אַזאַ דערלויבעניש באַקומען. אַזוי ווי מיר זענען אַ קליינע צאָל מיטגלידער און מאַטעריעל זענען מיר אויך שוואַך, ,ווייל מיר פאַרמאָגן אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער... ווילן מיר זיך מיט אייך פאַראייניקן."

פון דעם איז צו זען, אַז פולאַװ מיט איר קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז דאַן, ביים סוף פון דער ערשטער דייטש־עסטרייכער עפּאָכע, געווען אין אַ געוויסער הינזיכט אַ צענטער פאַר די אַרומיקע שטעטלעך.

אין די לעצטע נומערן פון די „שפּראָצונגען" געפינען מיר שוין דעם אָפּקלאַנג פון אַ מין „דיפערענצירונג" אין דער געזעלשאַפט „דעת". עס האָט זיך אין פולאַװ געגרינדעט אַ נ אָ ד ל ־ פ אַ ר יי ן. אַ געוויסער טייל פון „דעת" (מיטן פאָרזיצער ש. ווייסברויט בראש) זענען געווען פאַר דער פאַראייניקונג מיט דעם פאַריין. אַרום דער פראַגע האָבן זיך געפירט גאָר לאַנגע וויכוחים. געווען אַ צד „מיוחסים", וואָס האָבן ניט געוואָלט זיך צוזאַמענשליסן מיט דעם „פּראָסטן פאָלק"...

די קעגנערשאַפט צו דער דאָזיקער פאַרייניקונג האָט טאַקע משמעות געבראַכט דערצו, אַז „דעת" האָט אויפגעהערט צו שפּילן די ראָלע, וואָס ביז דאַן און האָט זיך אויפגעלעזט.

קיין ווייטערדיקע נומערן פון „שפּראָצונגען" האָבן מיר שוין ניט געזען.

וועגן דעם דאָזיקן פעריאָד דערציילט, אגב, פּרטימדיק אין אונדזער יזכור־בוך דער פאָרזיצער פון יזכור־בוך־קאָמיטעט — שמואל וויס, וועלכער איז טאַקע געווען דער פאָרזיצער פון „דעת", אין זיין גריערדיקן אַרטיקל.

שלמה ראָזענבערג (פּולאַוו)

## ביי דער ווייסל *)

שאַ. אַ שטילקייט הייליק הענגט אין בלויען הימל־רוים,
בלויז אַ צוויטשער פון אַ וואַסער־פויגל איבעררייסט,
פליסט די ווייסל ברייט איר ווייטן וועג, גלייך אומגעגרייזט,
טראָגט זי אירע כוואַליעס לייכט, — שפּיגלט ברעג און בוים.

נישט נאָר בוים, אויך פליסטער טראָגט זי מיט זיך מיט,
יעדן ציטער, שטילן צאַפּל, יעדן בליק פון אויג,
שפּיגלט־אָפּ עלאַסטישן באַוועג און צאַרטן בויג —
שווימט דער טייך מיט טרוימען פינקלדיק באַשיט...

זיצסט און קוקסט. ווי ס'גאַרבן זיך די כוואַליעס אויף און אָפּ,
אַ פאַטראַכטע שפּיגלסטו דיין פּנים אינם טייך.
וועמען זעסטו דאָרט, אָ זאָג, דו אוצר מיינער רייך!
זאָג, וואָס פאַלט דיין קעפּל פּלוצלינג אויף דיין ברוסט אַראָפּ?

גלאָזיק־גרין האָט ס'וואַסער זיך צעכוואַליעט. ווינטל־בלאָז.
דיינע שוואַרצע שלאַנגען־צעפּ זיך וויגן ווילד אין טאַנץ,
אויפגעבלישטשעט האָט אין דיינע אויגן גרינער גלאַנץ,
לייכט אַ ציטער גיט דאָס הערצל — אוצר, זאָג, פאַרוואָס?

שווייגסט, דו ענטפערסט נישט. וואָס ווייסט אַ מיידל יונג און קליין!
קוקסט אין ווייטקייט בלויז מיט אומשולד־אויגן, צאַרטן בליק,
פליסט די ווייסל, כוואַליעט אויף און אָפּ — ס'פאַרשאַפט דיר גליק,
בלוי דיין פּנימל זיך שפּיגלט: פול מיט יונגן חן!...

---

* געדרוקט אין 1928.

זעסט נישט, ס׳בלעזלט זיך, אַ כוואַליע צאַפּלט אויף און זידט,
הערסט נישט דאָס וואַסער מורמלען, ברענגט פאַר דיר אַ גרוס? —
ערגעץ־וואו אָ בענקט נאָך דיר און לעכצט אַ האַרץ אַ ריז,
יאָ, דאָס צאַפּלט ערגעץ־וואו אַ האַרץ פאַר דיר און גליט...

זיץ און שפּיגל דיך, לאָז שווימען פינקלענד־גרין דיין בליק,
שיט פונאַנדער דיינע טרוימען, שמייכלענדיק נאַיוו,
שיט, פול אָן דעם טייך מיט זיי, ווי ברייט ער איז און טיף,
נשמה טובלען וויל איך דאָרט און באָדן מיך אין גליק...

— — — — — — — — — — —



„אַ קליינע אַסיפה
ן פולאַוו״.

פאָטאָגראַפירט אין די דריי־
סיקער יאָרן פון שרייבער
א. קאַציזנע פאַרן ,פאָרווערטס׳.
אָריגינאַל אין „ייוואָ״. צווישן
די דריי איז איינער דער זון
פון פולאַווער רב מענדל ניי.

ישראל־יקיר נײמאַרק (תל־אביב)

# שטריכן צו דער געשיכטע פון פועלי־ציון (לינקע) אין פּוילן

### אַרײַנפיר:



אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט איז דורך די יידישע שטעטלעך פון רוסלאַנד, ליטע און פּוילן אַדורך דער גײַסטיקער שטראָם, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט צום לעבן פאַרשידענע אידעאישע גרופּן. די גרינדונג פון „בונד" און דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָבן אַרויסגערופן אַן אויפלעבונג־דיסקוסיעס, וויכוחים וועגן דעם גורל פון יידן און די וועגן צו לייזן די „יידן־פּראַגע". דער אָפּקלאַנג פון די דאָזיקע נײַע באַוועגונגען איז דערגאַנגען צו די פאַרוואָרפנסטע יידישע שטעטלעך און האָט אויך ניט אויסגעמיטן פּולאַוו. אויסער די אַלגעמײַנע וועגן האָט פּולאַוו געהאַט אַ ספּעציעלן קאַנאַל, דורך וואַנען די דאָזיקע געדאַנקען זענען געקומען. בײַ אונדז אין שטאָט זענען געווען צוויי אַנשטאַלטן, וואו ס'האָבן געלערנט יידישע יוגנטלעך פון די פאַרוואָרפענע יידישע ישובים אין צאַרישן רוסלאַנד: דער אַגראָנאָמישער אינסטיטוט און די שיימאַן־גימנאַזיע. אין דער דערמאָנטער גימנאַזיע, וואָס איז געווען אַ פּריוואַטע, האָט ניט פאַרפליכטעט די פּראָצעס־נאָרמע פאַר יידן, און די צאָל יידן פון ווײַטע רוסיש־ליטווישע שטעט וואָס האָבן דאָרטן געלערנט, איז טאַקע געווען אַ גאָר היפּשע. די דאָזיקע סטודענטן האָבן עס צו אונדז קיין פּולאַוו אַרײַנגעבראַכט די נײַע אידעען און געדאַנקען. אַגב, זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער אַלגעמיין־פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דעם שטורעמדיקן יאָר פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע — אין יאָר 1905. אין יענער צײַט עקסיסטירט שוין אין פּולאַוו אַן אָרגאַניזירטע גרופּע יידישע טעריטאָריאַליסטן, וואָס איז געווען אַ סינטעז פון ציוניזם און סאָציאַליזם. קיין גרעסערע שפּורן פון יענער טעטיקייט זענען ניטאָ,

אָבער די אידעען זענען שפּעטער אַרויפגעקומען אויף דער געזעלשאַפטלע־כער יידישער אַרענע אין שטעטל.

נאָך דעם ווי די פולאַווער יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער שטאָט פון דעם גירוש, וואָס די צאַרישע אַרמיי האָט דורכגעפירט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך געעפנט אַ נײַ קאַפּיטל אין לעבן פון דער שטעטלדיקער יוגנט. עס אַנטשטייען אַ רייע אינסטיטוציעס. עס ווערט געשאַפן אַן אַלגעמיינע יידישע קולטור־געזעלשאַפט, אַרום וועלכער עס גרופּירט זיך די גאַנצע יידישע יוגנט. עס הויבן זיך אָן דיסקוסיעס, עס קומען אויף פאַרשידענע גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס.

עס גרינדעט זיך אַן אָרגאַניזאַציע פון „בונד", אונטער דער אָנפירונג פון שמואל ווייסבראָט (ש. ווייס — היינט אין ניו־יאָרק). נאָך דער „באַל־פור־דעקלאַראַציע" ווערן גאָר שטאַרק די ציוניסטישע שטימונגען און עס אַנטשטייען ציוניסטישע גרופּירונגען. אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן, פאַר־טריבענע פון ליטע, גרינדן אַ העברעאישע שולע. עס קומט אויף אין גאַנץ פוילן די סקויטישע באַוועגונג, און אין פולאַוו ווערט געגרינדעט אַ „השומר הצעיר". פון דער צווייטער זייט האָט אויך אַ ווירקונג די פאָרגע־קומענע רעוואָלוציע אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָס געפינט אַן אָפּקלאַנג און אָנהענגער צווישן אַ טייל פון אונדזער יוגנט. עס קריסטאַליזירט זיך אויך אויס אַ פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (לינקע).

נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער דאָזיקער באַוועגונג, פריער אין פולאַוו און נאָך דעם אויך אין צענטראַלן מאַסשטאַב, ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּועלי־ציון „באַראָכאָוו יוגנט" און אין רעדאַקציע פון איר צייטונג, וועל איך זיך ווייטער אָפּשטעלן אויף דער אַקטיווער און אַלזייטיקער טעטיקייט פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטאָט און די ראָלע, וואָס זי האָט דאָרטן געשפּילט, ווי אויך דערמאָנען אַ טייל פון דעם אַקטיוו. איך זאָג אַ טייל, ווייל ניט האָבנדיק אונטער דער האַנט די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון יענער צייט, שרייבנדיק פון זכרון, בין איך זיכער, אַז איך האָב זייער פיל פּערזאָנען און אַקטי־וויטעטן דורכגעלאָזט.

## פּאָליטישע און קאָמונאַלע אַרבעט פון די פּועלי־ציון

גלייך ווי עס איז אַנטשטאַנען די נייע פּוילישע מדינה, שאַפט זיך ביי אונדז די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. בראש פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען ברוך גרינבוים און שיע טאַרטשיק. מען איז גלייך צוגעטרעטן צו קאָנקרעטער ממשותדיקער אַרבעט. די ערשטע אַקציע, וואָס די נאָך דאַן גאָר יונגע אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעפירט איז געווען — דער אָנטייל

אין די ערשטע פּראָקלאַמירטע וואַלן צום פולאַווער שטאָט־ראַט. געווען איז עס אַ געוואַגטער שריט, ווייל דאָס רוב פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען גאָר יונגע, נעכטיקע יינגלעך פון בית־המדרש און יוגנטלעכע אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ ריזיקאַלישער באַשלוס, ווייל ווי וועלן מיר זיך אַן עצה געבן מיט די פּראָבלעמען פון שטאָטישער ווירטשאַפט, וואָס זענען אונדז פרעמד ?

דער רעזולטאַט פון דער וואַל־אַקציע איז געווען אַן איבערראַשנדיקער — די פּועלי־ציון האָט באַקומען 3 ראַטמענער און אַ לאַווניק אין שטאָט־ראַט. די אויסגעוויילטע זענען געווען: חיים בריפמאַן, מרדכי בריפמאַן און משה קאָרטמאַן.

דער שטאָט־ראַט עקזיסטירט אָבער ניט לאַנג, די טעטיקייט ווערט איינגעשרומפּן צוליב דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה פון 1920. עס הייבט זיך אָן אַ כוואַליע פון רדיפות אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג, בתוכם די פּועלי־ציון. אין שטאָט אָבער ווערט די פּועלי־ציוניסטישע שטאָט־ראַט־פראַקציע אַ פאַקטאָר. צוזאַמען מיטן פּועלי־ציון קאָמיטעט ווערן באַהאַנדלט אַלע ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

דרך אַגב — אין יאָר 1926, ווען עס ווערט דורך דעם לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַריינען (יידישער קולטור־אַמט) גערופן דער לאַנד־קאָנגרעס פאַר קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, איז אויפן דאָזיקן גרויסן קאָנגרעס אויך פאַרטראָטן די פולאַווער פּועלי־ציון־פראַקציע מיט אַ דעלעגאַט, דער חבר יקיר.

דער ערשטער שטאָט־ראַט ווערט פונאַנדערגעלאָזט און מען דאַרף זיך גרייטן צו נייע וואַלן. כדי אַרויסצוטרעטן מיט אַ גרויסן כוח, האָט די פּועלי־ציון אָנגענומען אַלע מיטלען עס זאָל געשאַפן ווערן אַן איינהייטס־פראָנט צו די וואַלן. עס ווערט געשאַפן אַ געמיינזאַמע ליסטע פון די פּועלי־ציון מיט די קאָמוניסטן. אין יענע יאָרן זענען אין צענדליקער שטעט פאָרגעקומען וואַלן צו די שטאָט־ראַטן. פולאַוו איז געווען פון די געציילטע, אפשר איינציקע שטאָט, וואו עס איז געגאַנגען אַ געאייניקטער אַרבעטס־פראָנט צו די וואַלן. בראש פון דער ליסטע איז געווען חבר משה קאָרטמאַן.

עס איז געווען אַ פאַרביטערטע און גאָר אַקטיווע וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט געדויערט זעקס וואָכן. פולאַוו האָט געפיבערט מיט די וואַלן. דעם לעצטן שבת פאַר די וואַלן זענען פאָרגעקומען 6 גרויסע הויף־מיטינ־גען. צומאָרגנס האָבן זיך הונדערטער יוגנטלעכע און אַרבעטער געשטעלט צו דער וואַל־אַרבעט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די ליסטע פון פּועלי־ציון און פּראָגרעסיווע האָט באַקומען 4 מאַנדאַטן.

עס קומט פאַר די פייערלעכע דערעפענונג פון דעם ניי־געוויילטן שטאָט־ראַט. עס קומען די פאָרשטייער פון דער מאַכט, מיט דעם סטאַראָסטע בראש; עס איז דאָ דער פאָליציי־קאָמיסאַר און אַנדערע מאַכט־פאָרשטייער. מען טרעט צו צו דער פראָצעדור פון לייענען דעקלאַראַציעס. יעדע פּאַרטיי לייענט איר דעקלאַראַציע, פאַר וועלכע פּאָסטולאַטן זי וועט קעמפן אין שטאָט־ראַט. דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון האָט באַשטימט, אַז דער פאָרשטייער פון דער פ״צ־פראַקציע זאָל די דעקלאַראַציע לייענען אין י י ד י ש. מיר זענען אַלע דענערווירט: צי וועט זיך דער חבר קאָרטמאַן, וועלכער האָט געדאַרפט לייענען די דעקלאַראַציע, ניט איינברעכן? עס קומט די ריי פון דער פּועלי־ציון־פראַקציע און דער חבר קאָראַמאַן דערקלערט אין יידיש די פּאָדערונגען פון די פּועלי־ציון אין שטאָט־ראַט, וואו זיי וועלן פּאַרטיי־דיקן די רעכט פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן; רעכט אויף אַרבעט, רעכט אויף קולטור פאַר די יידישע מאַסן אין יידיש; פאַרבעסערן די סאָציאַלע באַזע פון יידישן אַרבעטס־פאָלק דורך שאַפן זיין צענטער אין פּאַלעסטינע. די דעקלאַראַציע ווערט געלייענט, ווי באַשטימט, אין יידיש. די פּוילישע פאָרשטייער זענען דערשטוינט — צום ערשטן מאָל הערט מען אין די ווענט פון דעם פּריציש־אַריסטאָקראַטישן שטאָט־ראַט דאָס יידישע לשון פון דער אָפיציעלער טריבונע. דער אָפּקלאַנג פון אַרויסטריט איז געווען אויסערגעוויינלעך, דער פּרעסטיזש פון דער באַוועגונג וואַקסט.

דאָס זענען געווען די לעצטע שטאָט־ראַט וואַלן אין פולאַוו. שפּעטער זענען שוין געקומען קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן געהערשעוועט.

גלייך נאָך דעם האָבן זיך אונטערגערוקט וואַלן צו דער קראַנקן־קאַסע, צו וועלכער די אַרבעטער האָבן געוויילט זייערע פאָרשטייער. דאָ זענען די שאַנסן געווען ערגערע, ווייל יידישע אַרבעטער זענען געווען ווייניק. אין די שטאָטישע און מלוכהשע אונטערנעמונגען און ביוראָען האָט מען יידישע אַרבעטער ניט אַריינגעלאָזט. די קליינע וואַרשטאַטלעך זענען בכלל ניט געווען רעגיסטרירט. דאָס געזעץ האָט פאַראויסגעזען, אַז נאָר אַרבעטער פון אונטערנעמונגען מיט פינף אַרבעטער קענען געניסן פון דער קראַנקן־קאַסע און האָבן וואַל־רעכט צו דער פאַרוואַלטונג פון דער אינסטיטוציע. דאָך האָבן מיר געמאַכט אַ פּרואוו — מיר וועלן גיין צו די וואַלן. אַגב, אין די וואַלן האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן חוץ פולאַוו אויך די אַרומיקע שטעטלעך פון דעם גאַנצן ראַיאָן, ווי: קוזמיר, קאָרעוו, קאָנסקע־וואָליע, מאַרקושעוו. דער רעזולטאַט: 4 פּועלי־ציוניסטן זענען געוויילט געוואָרן צום ראַט פון דער קראַנקן־קאַסע אין ראַיאָן — אַן אינסטיטוציע, וואָס איז ביז דאַן געווען ממש יידן־ריין.

דאָס איז בכלל געווען די לעצטע וואַל־קאַמפּאַניע אין פולאַוו.

אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן, ווען דאָס געשפּענס פון היטלערן

האָט אָנגעהויבן לויערן אויף פּוילן; נאָך דעם ווי עסטרייך איז שוין געװאָרן „פּאַראײניקט" מיט נאַצי־דײטשלאַנד; ווען טשעכיע איז שוין געווען אונטער דער נאַצישער ממשלה; די דײטשן האָבן שוין צוגענומען ביי די ליטווינער מעמעל, האָבן זיך די פּאָליאַקן אַרומגעזען, אַז איצט איז געקומען די ריי אויף זיי. עס הויבט זיך אָן אַן אַקציע מצד דער מאַכט צו „קאָנסאָלידירן" אַלע בירגער קעגן דער דײטשישער געפאַר. אויך אין פּולאַוו ווערט געשאַפן אַ געמיינזאַמער „בירגער־קאָמיטעט", וואָס דאַרף העלפן און שטיצן די אַרמיי, בכלל שטיין אויף דער וואַך פון באַדראָטן פאָטערלאַנד. מצד די פּועלי־ציון איז אין דאָזיקן קאָמיטעט פאַרטראָטן דער חבר שיע טאַרטשיק. אויף דעם גרויסן פּאַטריאָטישן מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל „וועַנוס", נעמען אָנטייל: דער סטאַראָסטע, דער רב פון שטעטל און אַנדערע פּאַרשטייער. מצד דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג טרעט אַרויס דער חבר יקיר, וועלכרע דערקלערט די סאָלידאַריטעט פון די יידן אין קאַמף מיטן היטלעריזם, ווייל זויב דער היטלעריזם — דערקלערט ער — מיינט פאַר אַלע פעלקער פאַרשקלאַפונג און צונעמען ביי זיי דאָס פּאָליטישע רעכט, באַטייט עס פאַר די יידן פשוטע פאַרניכטונג. די פּוילישע אַרמיי דאַרף זיין די דאַמבע קעגן היטלעריזם.

גלייך קומט אונטער די טראַגעדיע פון זבאָנשין, דאָס וואָס די דײטשן האָבן אין אָקטאָבער 1938 אַרויסגעטריבן פון זייערע גרענעצן די יידן, געוועזענע פּוילישע בירגער. פּולאַוו האָט דערפילט אויף אַ וואונדערלעכן אופן דעם חוב פאַר די זבאָנשינער פּליטים (ווייטער איז דאָ אַ באַזונדערע אַרבעט וועגן דער דאָזיקער אַקציע — רעדאַקציע). אין דעם קאָמיטעט, וואָס פירט אָן די הילפס־אַקציע, זענען מצד די פּועלי־ציון פאַרטראָטן די חברים שיע טאַרטשיק און אַברהם שניטערמאַן. שוין דאַן האָבן מיר זיך געטראַכט — ווער ווייס ווי ווייט עס וועט דערגיין די נאַצישע פאַרפּלייצונג, וואָס האָט זיך ווי אַ לאַווינע צעגאָסן איבער אייראָפּע.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 הויבט זיך אָן די טראַגעדיע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אומקום פון פּוילישן יידנטום — עס ברעכט אויס די דײטש־פּוילישע מלחמה. אָן פריער צו דערקלערן קריג פאַלט נאַצי־דײטשלאַנד אָן אויף פּוילן. שוין אין די ערשטע טעג פון בליץ־קריג פאַלן קרבנות אין פּולאַוו, די ערשטע יידישע קרבנות פון דײטשישע באָמבעס. שפּעטער ווערט דאָס שטעטל, דאָס יידישע שטעטל פּולאַוו, אָפּגעווישט, און צוזאַמען מיט דעם די לעבעדיקע, שפּרודלדיקע באַוועגונג פון די פּועלי־ציון אין פּולאַוו, וואָס האָט געהאַט אירע פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציעס — די „באָראָכאָוו־יוגנט", די קינדער־אָרגאַניזאַציע „יינגבאָר", די ספּאָרט־געזעלשאַפט „שטערן", די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". זייער גורל איז געווען דער זעלביקער ווי פון די זעקס מיליאָן קדושים.

## די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער אין פולאַוו"

איך האָב פריער אין אַן אַלגעמיינער שילדערונג איבערגעגעבן וועגן דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט פון די פועלי־ציון אין אונדזער שטאָט. דאָ וויל איך אַביסל אויספירלעכער זיך אָפּשטעלן אויף דער אינ־סטיטוציע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע טעטיקייטן פון דער באַוועגונג, ווי אויך די יחידים, וועלכע האָבן די באַוועגונג געבויט און אָנגעפירט מיט איר אַרבעט.

די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" איז אין גאַנץ פּוילן געווען די לעגאַלע שילד פון די לינקע פועלי־ציון. עס איז געווען שווער־לעך אין דעם האַלב־דיקטאַטאָרישן פּוילן די עקזיסטענץ פון פּאָליטישע פּאַרטייען. כמעט אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען האָבן דעריבער געהאַט פאַר־שידענע לעגאַלע קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געדינט ווי דעק־מאַנטלען פאַר זייער פּאַרטייאישער טעטיקייט. לויט דעם סטאַטוט איז די דערמאָנטע געזעלשאַפט געווען נאָר אַ קולטור־אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו עפענען אָוונט־קורסן, שאַפן ביבליאָטעקן, גרינדן לייען־זאַלן, אָנפירן מיט דראַמאַטישע קרייזן און כאָרן, איינאָרדענען אויס־פלוגן, וכדומה. פאַקטיש איז עס אָבער געווען דער פּאַרטיי־פּאָליטישער צענטער פון די פועלי־ציון. ביי אונדז אין פולאַוו האָבן מיר עס טאַקע אַזוי פאַרשטאַנען, אָבער מיר האָבן מיט אַ גאָר ברייטן פאַרמעסט אויסגע־נוצט די ריכטיקע צילן — די קולטור־טעטיקייט, וואָס די געזעלשאַפט זעט פאָרויס. מיר האָבן געהאַט אַ גאָר דרינגנדיקע נויטווענדיקייט פאַר אַ בריי־טער און טיפער בילדונג און קולטור־אַרבעט.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט ניט נאָר דעם מאַטעריעלן חורבן פון שטעטל, ווי דאָס פאַרברענען דאָס שטעטל, דעם גירוש פון די יידן פון פולאַוו און דעם פולשטענדיקן חורבן פון די יידישע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ. מיטן מאַטעריעלן חורבן איז אויך געקומען די גייסטיקע פאַרוויסטונג פון יידישן קיבוץ — פריער פאַר אַלץ פון דעם אונטערוואַקסנדיקן דור. עס איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן דאָס חינוך־וועזן. עס האָט געדראָט, אַז דער יונגער דור זאָל אַרומגעכאַפּט ווערן פון עם־הארצות; אַז פאַרגרעבטקייט און אַנאַלפאַבעטיזם זאָל באַהערשן די מערהייט פון די יידישע בחורים און מיידלעך. גרויסע טיילן פון די אַרבעטער האָבן ניט געקאָנט לייענען, שרייבן, רעכענען. מיר האָבן דעריבער אין דער „געזעלשאַפט" געזען דעם ריכטיקן מכשיר צו פאַרריכטן די דאָזיקע עוולה; דורך דער אינסטיטוציע אָניאָגן דאָס וואָס די צייט האָט פאַר־נאַכלעסיקט.

די חברים ברוך גרינבוים, שיע טאַרטשיק, משה קאָרטמאַן און אַברהם

שניטערמאַן שפּאַנען זיך איין אין דער אַרבעט און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען וואָס הונדערטער יוגנטלעכע לערנען זיך לייענען און שרייבן אָן שום באַצאָלט. אויסער די דערמאָנטע האָט נאָך די פּאַרטיי מאָביליזירט די חברים אהרן געוועדצמאַן, נפתלי קוואַטער און עדעלשטיינען, ווי לערער.

ביים אויסברוך פון דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה, אין 1920, ווערן אַרעסטירט אַ ריי חברים אין לובלינער ראַיאָן, און די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" ווערט פאַרמאַכט.

ערשט אין יאָר 1923 ווערט די געזעלשאַפט צוריק געעפנט מיט העכער 100 יוגנטלעכע אַרבעטער, וועלכע קריגן דאָרט זייער עלעמענטאַרע בילדונג.

אָבער לייענען און שרייבן פאַר דער יוגנט איז געווען נאָר אַ טייל פון דער אַרבעט. ווייטער האָבן מיר געשאַפן ביי דער געזעלשאַפט אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט שוין פאַרמאָגט ביז 1,000 ביכער און האָט באַדינט הונדערטער לייענער מיטן בעסערן בוך פון דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור.



גרופּע לינקע פּועלי־ציון אין פולאַוו, זיך פאָטאָגראַפירט דעם 25טן מאַי 1925.

פון לינקס צו רעכטס: — עס זיצן: חנן שטיינבערג, משה קאַרטמאַן, מינקע עדעלשטיין, ש״ע טאַרטשיק, מלכה לעבענדיקער, אומבאַקאַנט; עס שטייען: יעקב קופּערבלום, קוואַטער, שמואל מעלמאַן, יקיר ניימאַרק, חיים שטיינבערג (געפאַלן אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין דער אונטערערדישער אַרבעט אין פראַנקרייך), משהלע סטאַיאַר.

עס הייבט זיך אָן אַ גאָר אַקטיווע אַרבעט מיט עפנטלעכע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, לעקציעס, רעפעראַטן, צו וועלכע עס קומען באַקאַנטע יידישע שרייבער, און פריער פאַר אַלץ די וואָרטזאָגער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג, ווי: זרובבל, יוסף ראָזען, יצחק לעוו, נתן בוקסבוים, ד״ר אייזענשטאַט. עס זענען דאַן געווען אין דער מאָדע ליטעראַרישע משפטים. די „געזעלשאַפט״ אָרדנט איין אַ סעריע עפנטלעכע ליטעראַרישע משפטים מיטן אָנטייל פון ד״ר אַלטמאַן און שלמה שיינבערג; יואל מאַסטבוים און שיינבערג; אַ משפט איבער דעם שאַפן פון שלום אַש, מיט דער באַטייליקונג פון שלמה שיינבערג און יקיר ניימאַרק.

די עפנטלעכע פאָרלעזונגען זענען ניט נאָר פאַר אונדזער אייגענעם עולם און דער נאָענטער פעריפעריע. ס׳קומט הערן ממש די גאַנצע יידישע יוגנט און די אינטעליגענץ פון דער שטאָט. די רעפעראַטן פון מלך ראַוויטש, ישראל שטערן, ד״ר יוסף קרוק, ד. ב. מאַלקין זענען געשעענישן אין פולאַוו.

עס וואַקסט דערביי אויס אַן אייגענע יוגנט, וואָס קאָן שוין אַליין נעמען אַ וואָרט און אַרויסטרעטן עפנטלעך. עס ווערן געשאַפן וויסנשאַפטלעכע קורסן, וואו דער אַקטיווער טייל פון דער יוגנט באַקומט אַ גרינטלעך וויסן און ווערט אויסגעשולט פאַר צוקונפטיקע טוער פון דער באַוועגונג. אין דעם פּראָגראַם גייען אַריין: פרוידס טעאָריע פון פסיכאָאַנאַליזע; געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; היסטאָרישער מאַטעריאַליזם; מאַרקסיזם און באָראָכאָוויזם. מיר נוצן אויס אונדזער אייגענע אָרטיקע אינטעליגענץ, ווי ד״ר דאַווידסאָן (הגם אַליין אַ בונדיסט), וועלכער איז לעקטאָר איבער פסיכאָלאָגיע; דער אומפאַרגעסלעכער שלמה שיינבערג, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט זיינע מייסטערדיקע איבערזעצונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור (איך גלויב, אַז וועגן שיינבערגן וועלן נאָך אַנדערע שרייבן מער פרטימדיק). ער גיט טאַקע אַ גאַנצן ציקל לעקציעס וועגן דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור; שיע טאַרטשיק לייענט וועגן יידישע פּראָבלעמען; דוד־נח טאַרטשיק — וועגן קולטור און ליטעראַטור; יקיר — געשיכטע פון סאָציאַלן געדאַנק ביי יידן און באָראָכאָוויזם.

פאַר אַ ביישפיל ווי אַזוי די „געזעלשאַפט״ איז געווען פאָפולער אין שטאָט, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס די געזעלשאַפט „גמילת חסד״, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען ד״ר נאָדעלמאַן, האָט זיך געוואָנדן צו דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן״, אַז מען זאָל מאַכן אַן אונטערנעמונג און די הכנסה זאָל גיין פאַר דער „גמילת חסד־קאַסע״. מיר האָבן דאַן דורכגעפירט אַ גרויסע פרץ־אַקאַדעמיע אין קינאָ־זאַל, מיטן אָנטייל פון שלמה שיינבערג און יקיר. די קינסטלערישע טייל ווערט דורכגעפירט דורך דעם דראַמאַטישן קרייז פון דער יוגנט ביי דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן״.

אַ שטענדיקע אינסטיטוציע זענען געוואָרן די „פּרייטיק־צונאַכטן", וואָס זענען געווען אויסגעפּילט מיט הייסע דיסקוסיעס וועגן אַלע אַקטועלע אַלגעמיינע און יידישע פּראָבלעמען. און פּראָבלעמען זענען דאַן געווען גענוג, זיי זענען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון יידישן לעבן סיי אין פּוילן, סיי איבער דער גאָרער וועלט.



געזעלשאַפט „אָוונט קורסן" פאַר אַרבעטער פּולאַוו
ערשטע ריי אין מיטן: לערערין צעשע ליפּשיץ־בערשטיין, דאַן אַ יוגנטלעכע.

מיר האָבן דערמאָנט דעם אָנטייל פון דעם דראַמאַטישן קרייז אין דער פּרץ־אַקאַדעמיע. דער דאָזיקער דראַמאַטישער קרייז האָט געפירט אַ כסדר־דיקע טעטיקייט. אויסנוצנדיק דעם דראַמאַטישן טאַלאַנט פון שלמה שיינבערג און דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט פון דער יוגנט, האָט דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" פּערמאַנענט געגעבן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן אַרומגענומען ניט נאָר דעם יידישן רעפּערטואַר פון י. גאָרדין, פּרץ הירשביין, י. ל. פּרץ, שלום עליכם, שלום אַש, נאָר אויך ווערק פון קלאַסישן וועלט־רעפּערטואַר, ווי „דער קאַרגער" פון מאָליער, שעקספּירס און אַנדערע. עס רוקן זיך אַרויס אין פאָדערגרונט יוגנטלעכע אַרבעטער מיט אמת פיינע טאַלאַנטן, ווי די חברים פון דער „יוגנט": מאיר קויפמאַן, דוד ניימאַרק, נחמיה טייך, אונטער דער אָנפירונג פון משה קאָרטמאַן.

גאָר לייכט איז אונדז די אַרבעט ניט אָנגעגאַנגען. עס האָבן קעגן אונדז

געקעמפט די עלעמענטן פון רעכטס אין יידישן לעבן, און מ׳ר האָבן אויך געהאַט אַ׳יסצושטיין אַנגריפן פון די קאָמוניסטן.

אין יאָר 1938, ווען דער קאָמינטערן האָט פונאַנדערגעלאָזט די פוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אונטער דער באַשולדיקונג, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי איז אַ נעסט פון פּראָוואָקאַטאָרן און שפּיאָנען קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָבן די פולאַווער קאָמוניסטן אונדז איבערגעגעבן זייער פאַרמעגן און די ביבליאָטעק, און פון דאַן אָן איז די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער געוווען די איינציקע יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין פולאַוו.

איך וועל דאָ ווייטער זיך אָפּשטעלן אויף אַ ריי יחידים פון דער באַוועגונג, וועלכע האָבן אַריינגעשריבן גאָלדענע זייטלעך אין דער געשיכטע פון דער באַוועגונג און וועלכע זענען אין זייער מערהייט אומגעקומען ווי קדושים.

1. ב ר ו ך ג ר י נ ב ו י ם — דער אינטעליגענט און דענקער. פון פאַך איז ער געווען אַ בוכהאַלטער. ער איז געווען דער אָנערקענטער אויטאָריטעט. ווען מען האָט אים געהערט רעדן בעת אַן 1טן מאַי, אָדער אַן אַנדער עפנטלעכער אונטערנעמונג, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט אַ פאַרצייטיקער נביא. ער איז אָבער פאַרברענט געוואָרן פון די טובער־קולאָז־מיקראָבן, וואָס האָבן געמאַכט אַ סוף צו זיין יונג און שעפעריש לעבן. ווען ער איז געשטאָרבן איז געקומען אים באַווייִנען און באַגלייטן צו זיין אייביקער רו בוכשטעבלעך דאָס גאַנצע שטעטל, ניט געקוקט וואָס עס איז געווען אַ שנייאיקער ווינטער־טאָג.

2. ש י ע ט אַ ר ט ש י ק — אַ זון פון קליינבירגערלעכע עלטערן, אַ געוועזענער בית־מדרשניק. פון בית־מדרש האָט ער טאַקע געבראַכט זיין באמת רעליגיעזן גלויבן אין דער אידעע. ער גיט זיך אָפּ אינגאַנצן דער באַוועגונג. ער איז דער רעדנער און דער אָרגאַניזאַטאָר. ווען ער באַזעצט זיך אין וואַרשע ווערט ער אַ מיטגליד פון דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון די פועלי־ציון. ער איז דעמאָלט אַקטיוו אין צענטראַלן מאָסשטאַב פון דער באַוועגונג. אין די סעפּטעמבער־אָקטאָבער טעג פון 1939, ווען עס גייט אַ שטראָם פליטים פון דער דייטש־אָקופּירטער טייל פוילן צו דער קאָמוניסטיש־באַזעצטער טייל, פרואווט ער אַריבערגיין די גרענעץ צו דער סאָוויעטישער זייט. ער ווערט דערטרונקען אין די קאַלטע וואַסערן פון בוג. צוזאַמען מיט אים קומט אויך אום זיין איינציקער זון, דער פירער פון „יינגבאַר״. עס קומט דאַן אויך אום זישע ראָזענבוים, איינער פון אונדזערע בעסטע חברים.

3. מ ש ה ק אָ ר ט מ אַ ן. פון פאַך איז ער געווען אַ דרוקער־אַרבע־טער. ער איז פון דעם אָנפירנדיקן קאַדער פון דער אָרגאַניזאַציע. קולטור־טוער און פירער פון דראַמאַטישן קרייז; לערער אין די אָוונט־קורסן ביי

דער „געזעלשאַפט״; פירער פון דער ראַטמענער־פראַקציע אין שטאָט־ראַט.

4. מינקע עדעלשטיין. צאָן־טעכניקערין, וואוינט אין שיקאַגאָ, איינע פון די איבערגעגעבנסטע טוערינס, שטענדיק מיט פאַראַנטוואָרט־לעכקייט דורכגעפירט איר אַרבעט.

5. אַברהמעלע שניטערמאַן — צו אים געהערן אַלע דער־פאָלגן פון אונדזערע אונטערנעמונגען. דאָס איז געווען דער סימבאָל פון געטרייקייט און איבערגעגעבנקייט. ער האָט ניט געהאַט קיין אייגן לעבן — אַלץ פאַר דער באַוועגונג, פאַר דער אידעע. ער, דער פשוטער פאָלקס־מענטש, בויט ביבליאָטעקן, אָרגאַניזירט די אונטערנעמונגען, און מען האָט געוואוסט — אַברהמל וועט שוין אַלץ מאַכן אין אָרדענונג. נאָך דער מלחמה איז ער ביי אָנפירנדיקע פאַרטיי־אַרבעטן אין די לאַגערן פון אויס־געוואָרצלטע אין עסטרייך. ער קומט קיין ישראל און מיר פילן, אַז אַברהמל איז ניט געקומען צו זיך נאָך דער איבערגעלעבטער טראַגעדיע. ער באַזוכט אין לאַנד אַלע פולאַווער. מיר האָבן אַרויסגעפילט, אַז ער וועט עס ניט איבערלעבן. ער שטאַרבט אין תל־אביב.

6. משה פעלדבערג — פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער „געזעל־שאַפט אָונט־קורסן פאַר אַרבעטער״ אין פולאַוו. אין יאָר 1934 געפאָרן דורך דער פאַרטיי קיין ישראל, אין תל־אביב. פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער פולאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל.

7. אהרן געווערצמאַן — ער איז פון די ערשטע וואָס האָבן גלייך נאָך דער מלחמה געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין פולאַוו. אַ דרוקער־אַרבעטער; רעזשיסאָר פון דראַמאַטישע קרייזן. ווען עס ווערט אין 1920, בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, דורכגעפירט די רעפּרעסיעס־כוואַליע קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און קעגן דער פועלי־ציון־פאַרטיי, איז ער צווישן די אַרעסטירטע. ווען עס קומט דער מערדערישער אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויף פוילן, איז ער פון די ערשטע קרבנות. ער ווערט דערהרגעט פון אַ דייטשישער באָמבע בעת דער באָמבאַרדירונג פון פולאַוו.

**
*

איך שרייב די שורות וועגן מיין אייגענער פאַרשניטענער היים און וועגן מיין אוניווערסיטעט, וואָס האָט מיך פון אַן אַרבעטער דער־פירט צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „באַראָכאָוו־יוגנט״ אין פוילן און רעדאַקטאָר פון „יונגן דור״ אין וואַרשע. איך שרייב און איך בלוטיק דערביי — עס ווייטיקט דאָס האַרץ... ווען ניט דער בלוטיקער מבול וואָלט

איך דאָך אפשר געשריבן דעם יום־טוב־אַרטיקל צום יובל פון פערציק יאָר „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער אין פולאַוו", 1923—1963. אַנשטאָט אַ יובליי־אַרטיקל איז עס גאָר אַן איכה, אַ טרויער־מגילה נאָך אונדזער בראָך...

זאָל דעריבער כּון דער יידישער געדעכעניש קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן אונדזער שווער־געפּרואווטער, ליידנדיקער און קעמפנדיקער יידישער קיבוץ; זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן די בויער און שאַפער פון דאָזיקן שפרודלדיקן לעבן, וואָס צווישן זיי האָט אונדזער באַוועגונג פאַרנומען איר חשובן אָרט.

פאַרנומען איר זאָרט כיי אין דעם פּראָצעס פון שאַפן, סיי בעת דעם אומקום דורך די הענט פון די טמאים. זאָל אויף אַלע אייביקייטן שיינען זייער אָנדענק; זאָל זייער מאַרטירער־וועג זיין פאַר אונדז אַ דערמאָנונג: ניט צו פאַרגעסן וואָס דער נאַצי־עמלק האָט געטאָן צו אונדזער פאָלק.



פועלי־ציון ספּאָרט־גרופּע אין פולאַוו.



**טשאַרנע לאַם־בורשטין**

# פולאַוו א קולטור־צענטער



עס איז ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז פולאַוו איז געווען (פאַרשטייט זיך, רעלאַטיוו גע־נומען) אַ קולטורעל שטעטל. אַלע אַרומיקע שטעטלעך, ווי קאָרעוו, קאָנסקאָוואָליע, קוז־מיר, אָפּאָלע און אַנדערע, פלעגן מיט יראַת־הכבוד אַרויפקוקן אויף פולאַוו ווי אויף אַ קולטור־צענטער. די סיבה פון דער דאָזיקער באַציונג איז נישט געווען בלויז אין דעם פאַקט, וואָס פולאַוו איז געווען די קרייז־שטאָט. דער יחוסדיקער שם שטאַמט נאָך פון סוף 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט, ווען דאָס שטעטל האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין קולטור־לעבן פון דעמאָלטיקן פוילן; ווען די זייער איינפלוסרייכע פירשטלעכע משפחה, די טשאַרטאָריסקיס, וואָס זיינען געווען די אייגנטימער פון דעם גרעסטן טייל פון דער געגנט און אַ טייל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין פולאַוו. לויטן מוסטער פון דער מערב־אייראָפּעאישער אַריסטאָקראַטיע אין יענער צייט האָבן די טשאַרטאָריסקיס זיך אַרומגערינגלט מיט מענטשן פון גייסט און געשאַפן די געהעריקע אַטמאָספער וואו קינסטלער און שרייבער האָבן, אַ דאַנק זייער מאַטעריעלער הילף, געקאָנט שאַפן קולטור־ווערטן אין גייסט פון יענער צייט. צווישן די באַרימטע שרייבער און געלערנטע פון פוילן האָבן די טשאַרטאָריסקיס אויך איינגעלאַדן אויס־לענדישע קינסטלער דער עיקר אַרכיטעקטן און מאָלער, וואָס האָבן איבער־געלאָזט פרעכטיקע קולטור־אוצרות אין פאָרם פון אַ מוזיי (סיביל, אַ פּאַלאַץ (פאַר דער פירשטין מאַרינאַ) און אַ פראַכטפולן פּאַרק, וואָס איז באַרימט איבער גאַנץ פוילן. די איינוואוינער פון פולאַוו פלעגן דעריבער מיט שטאָלץ זיך רופן „טשאַרטאָריסקיס אייניקלעך".

נאָך דער צעטיילונג פון פוילן, איז פולאַוו אונטער דער רוסישער הערשאַפט ווידער געווען אַ קולטור־צענטער הגם פון אַ פאַרשיידענעם כאַ־ראַקטער. דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ צענטער פאַר אַגראָנאָמישער וויסנ־שאַפט. שוין דער נאָמען וואָס די רוסן האָבן געגעבן דעם שטעטל „נאָוואָ־אַלעקסאַנדריאַ" רעדט פאַר זיך אַליין. אין די ספּעציעל אויסגעבויטע לאַ־

באָראַטאָריעס פון דעם ניי־געשאַפענעם אַגראָנאָמישן אינסטיטוט פלעגן די סטודענטן און די פּראָפעסאָרן דורכפירן עקספּערימענטן אויף פאַרשיידענע געביטן פון ווטעריגאַרישער וויסנשאַפט. אויף גרויסע שטחים האָט מען אויסגעבויט מאָדערנע אָראַנזשעריעס, וואו זייער ציל איז געווען צו עקס־פּערימענטירן מיט פלאַנצונגען, וואָס זאָלן אויפהויבן דעם ניוואָ פון דער אַגריקולטור־וויסנשאַפט. פון גאַנץ רוסלאַנד האָבן געשטאַמט די סטודענטן פון דעם פולאַווער אַגראָנאָמישן אינסטיטוט, און הגם עס האָבן עקזיסטירט (ווי אין גאַנץ רוסלאַנד) שאַרפע באַגרענעצונגען פאַר יידן אין די מיטל־און הויכשולן („נומערוס קלאַוזוס”), האָט דאָך אין דעם דאָזיקן אינסטיטוט געלערנט אַ קליינע צאָל יידן. אַ טייל פון זיי האָבן איינגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט די שטעטלדיקע אינטעליגענטע יוגנט, איבערהויפּט מיטן ציל זי אַריינצוציען אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון 1905. אויך ציוניס־טיש־געשטימטע סטודענטן האָבן פאַרקערט מיט געציילטע ציוניסטן פון שטעטל.

אין פולאַוו האָט אויך עקזיסטירט אַ גימנאַזיע פאַר יינגלעך (שיינמאַנס), און אויך שפּעטער אַ גימנאַזיע פאַר מיידלעך, וואו עס האָבן שוין געלערנט אַ צאָל שטעטלשע פאַרמעגלעכע מיידלעך.

ווען מ׳רעדט וועגן קולטור־לעבן, דאַרף מען קודם־כל דערמאָנען דאָס שול־וועזן, און אין דער ערשטער ריי, די שולן פאַר די קינדער פון פאָלק, ווייל זיי זיינען דער פונדאַמענט וואָס גרייט צו די יוגנט צו לעבן אויף אַ העכערן קולטורעלן ניוואָ. די דאָזיקע יוגנט שאַפט די אינטעליגענץ פון שטעטל.

ווי אין אַלע שטעטלעך אין פוילן און רוסלאַנד, זיינען אין פולאַוו געווען חדרים רעליגיעזע און רעפאָרמירטע, וואו מ׳האָט אַ חוץ עברי אויך געלערנט יידיש לייענען און שרייבן, חשבון און די הערשנדיקע שפּראַך. די עלטערע מענטשן געדענקן שאול און גדליה לערער, וועלכע האָבן, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער מלכהלע, געפירט אַזאַ מין פריוואַטע שול פאַר דער ער־שטער וועלט־מלחמה. עס איז אויך געווען אַ רוסישע שול, וואו עס האָבן זיך געלערנט קינדער פון מער פאַרמעגלעכע און פאָרטגעשריטענע עלטערן. די הויפּט־לערערין איז געווען דינטשל פּרץ, וואָס האָט געלערנט מיט צוויי דורות קינדער (איר מאַן, פישל פּרץ, אַגב אַ קרוב פון י. ל. פּרץ, איז שפּע־טער געווען אַ באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן און איינער פון די גרינדער פון דער „תרבות־שול). אַ צאָל קינדער, איבערהויפּט עלטערע, האָבן זיך געלערנט פריוואַט. דער באַקאַנטסטער פריוואַטער לערער אין פולאַוו איז געווען יצחק וויינטרויב, אַ געבילדעטער עקסטערן, וואָס האָט אַ חוץ העב־רעאישע לעקציעס, זיך פאַרנומען מיט זאַמלען פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן און

געשריבן מאמרים. געצײלטע יונגע מענטשן האָבן זיך געלערנט אין די אָרטיקע גימנאַזיעס.

די ערשטע װעלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צום ײדיש לעבן אין פולאַװ. צוליב דער װיכטיקער סטראַטעגישער פּאָזיציע פֿון שטעטל (ביי דער װײסל) האָבן די רוסן פאַרטריבן די ײדישע באַפעלקערונג פון פולאַװ צוליבן חשד פון שפּיאָנאַזש. די פאַרמעגלעכע ײדן זײנען אַװעק קײן רוסלאַנד, די איבעריקע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשידענע שטעטלעך און געפאַלן צו לאַסט דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. װעגן שולן האָט פאַרשטײט זיך קיין רייד ניט געװען.

דאָס ײדישע קולטור־לעבן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אונטער דער דײטשער אָקופּאַציע. ניט געקוקט אויף דער גרויסער אָרעמקייט, װאָס איז געװען אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה און די גרויסע מאַטעריעלע לאַסטן װאָס די דײטשע אָקופּאַציע האָט אַרויסגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג, האָבן אָנגעהויבן אויפװאַכן נײע שטרעבונגען און פרײע װינטן האָבן זיך געטראָגן איבער מזרח־אײראָפּע. עס איז געװען אַ דערװאַכונג נאָך דעם לאַנג־יאָריקן רוסישן דעספּאָטיזם. די געזעלשאַפטלעכע כוחות װאָס האָבן אַלע יאָרן אונטער דעם װאַכזאַמען אויג פון די צאַרן געװען אונטערדריקט האָבן זיך װי אויפגעװעקט פון שלאָף.

צו דעם פּראָצעס פון אויפװאַכונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פולאַװ בעת און נאָך דער עסטרייכישער אָקופּאַציע אין פולאַװ האָבן אין גאָר אַ



אַ קלאַס פון העבריק אַדלערס שול אין פולאַװ

גרויסער מאָס בייגעטראָגן צוויי גאַליציאַנער עסטרייכשע אָפיצירן די ברידער הענריק און מוני אַדלער. נאָך דער באַפרייאונג האָבן זיי זיך ניט אומגע־קערט אַ היים, נאָר פאַרבליבן אין שטעטל, וואו זיי האָבן זיך באַשלאָסן צו באַזעצן. בכלל אין גאַנץ פוילן דאַן פאַרפלייצט געוואָרן פון גאַליציאַנער יידן און קריסטן, וואָס האָבן אַגב דורכגעפירט אַ וויכטיקע פונקציע אין דעם באַפרייטן פוילן, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע אויסגעשולטע אינ־טעליגענץ צו אָרגאַניזירן דאָס פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. די דאָזיקע גאַליציאַנער, וועמען מען האָט גערופן איראָניש „דאָקטוירים", אַ סך פון זיי האָבן טאַקע געהאַט פאַלשע דיפּלאָמען, האָבן אין מאַסן זיך באַזעצט אין פוילן און פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטן, און דער עיקר די לערער־פּאָסטנס. הענריק אַדלער איז געווען אַ פּעאיקער און אינטעליגענטער מענטש מיט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, פאַר וועלכער עס האָט זיך געעפנט אַ גרויס פעלד. זיין ערשטע טעטיקייט איז באַשטאַנען פון פאַר־וואַלטן מיט דער מאַטעריעלער הילף, וואָס דער אַמעריקאַנער דזשאָיינט האָט ברייטהאַרציק געשיקט קיין פּולאַוו פּונקט ווי אומעטום אין פוילן. ער האָט אַרויסגעוויזן זיינע פעאיקייטן ביים אויפקלייבן און דערנערן די קינדער. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן דער באַדן פאַר שאַפן אַ שול, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּוילישער מלוכהשול מיט אים ווי אַ פאַרוואַל־טער. אַדלער איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער אין שטעטל, אַז ווען מען האָט געקליבן אַ יידישע קהילה, האָט מען אים באַשטימט פאַר אַ פּאָרזיצער. ער איז אויך דערוויילט געוואָרן אין דעם שטאָט־ראַט. דער גוואַלדיקער דער־פאָלג פון הענריק אַדלער דערקלערט זיך מיט דעם פאַקט, וואָס אין פּולאַוו ווי אין אַנדערע שטעטלעך, איז ניט געווען קיין געזעלשאַפטלעך געשולטע עסקנים, וואָס זאָלן בויען אַ געזונטן געזעלשאַפטלעכן. ער איז ניט געווען קיין געזעלשאַפטלעכער טוער אין בעסטן זין פון וואָרט, ווי מיר פאַרשטייען היינט, אָבער אַ טיפּ פון אַ שתדלן וואָס האָט געהאַט אַ צוטריט צו די פּוילישע אַמטן און געטאָן גרויסע טובות דער יידישער באַפעלקערונג. אָבער זיין גרעסטער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט געשאַפן אַ גלענצנדע פאָלקשול. ער איז געווען אַ גוטער אַדמיניסטראַטאָר פון אַ שול וואו עס האָבן זיך געלערנט די גרעסטע מערהייט פון די פּולאַווער יידישע קינדער. אין דער שול זיינען אין די ערשטע צייטן געווען באַ־שעפטיקט אָרטיקע לערער (גראַדואַנטן פון דער אַמאָליקער רוסישער גי־מנאַזיע). דינטשל פּרץ (אַ געוועזענע רוסישע לערערין, דערמאָנט אויבן), מאַניע נאָסאָוויצקי, פאָלע האָניגספעלד (איצט פרוי עדעליסט אין מדינת ישראל), עווא האָניגספעלד, יידל קליינוועקסלער, יונה אייזנשטיין, פּנינה ראָזענבלאַט. שפּעטער האָט מען אימפּאָרטירט לערער, וואָס האָבן זיך אַק־לימאַטיזירט און געוואָרן אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. גאָר

לעצטנס זיינען די לערער געווען פאַליאַקן, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען אַסימילירן די קינדער.

איך געדענק באַזונדער אַ לערער פון דעמבלין טאָגפויגל, אַ שיינעם יונגנמאַן, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז אויסער די ריין לערער־פליכטן דאַרף אַ לערער זיין טעטיק געזעלשאַפטלעך און נעמען אַ וויכטיקן אָנטייל אין אויפהויבן דעם קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן ניוואָ פון זיין סביבה. אין דער צייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען אַ שטראָם פון באַגייסטער־רונג און האָפענונג אויף אַ ידישער נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע האָט אַרומגעכאַפּט די ידישע אינטעליגענץ און דאָס ידישע בירגערטום, האָט דער לע־ער טאָגפויגל באַגייסטערט די פולאַווער ידן מיט רעדעס וואו ער האָט גערופן צו קרבנות פאַר ארץ־ישראל. די ידישע פרויען האָבן אונטערן איינדרוק פון זיין רוף אויסגעטאָן זייער צירונג און געשענקט עס פאַרן נאַציאָנאַל פאָנד.

בלויז אַ קליינע צאָל יוגנט האָט באַזוכט אַ פּריוואַטע פּוילישע פּראָ־גימנאַזיע אָנגעפירט פון פּרוי פּאַלאַק, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מלוכהשע ג־מנאַזיע, וואו עס האָבן זיך געלערנט זייער ווייניק ידישע קינדער, אַ טייל פון זיי פון די אַרומיקע שטעטלעך. די סיבה איז געווען ווי אומעטום אין פוילן — דער אַנטיסעמיטיזם.

די „תרבות״ באַוועג־נג וואָס איז אַנטשטאַנען אין די צוואַנציקער און אָנ־הייב דרייסיקער יאָרן, האָט אויך געפונען איר אָפּקלאַנג אין פולאַוו. די דאָזיקע רענעסאַנס־שולבאַוועגונג, וואָס האָט רעקרוטירט אַרום זיך די אי־דעאַליסטישע ציוניסטישע עסקנים, וועלכע האָבן געבראַכט גרויסע מאַטעריע־לע קרבנות, כדי צו שאַפן אַ שול, וואָס זאָל דערציען קינדער אין גייסט פון ציוניזם און איינפלאַנצן אין זיי ליבע צו העברעאיש און ארץ ישראל. דער שכר־לימוד האָט געדעקט קוים אַ נישטיקע צאָל פון די אויסגאַבעס, האָט מען געזוכט מיטלען צו שאַפן פינאַנצן דורך איינאָרדנען קאָנצערטן, באַזאַרן, פאַרשטעלונגען אאז״וו. מיט גרויס יראת־הכבוד דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן: שלמה ראַטנאָווסקי, אַ צוגעקומענער „ליטוואַק״ וואָס האָט זיך באַזעצט אין פולאַוו, חתונה געהאַט מיט אַ שיינער בעל־הביתישער טאָכטער חנה־ביילע גאָלדרייך (איצט אַן אַלמנה אין מדינת ישראל) און געשפּילט אַ וויכטיק ראָל אין פולאַוו, ווי דער די־רעקטאָר פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, ציו־ניסטישער טוער. שוין אין 1915 האָט ער אָנגעפירט מיט אַ העברעאישער שול, אָבער ער האָט, ווי אַ סך זיך עוואַקואירט קיין רוסלאַנד צוליב דער מלחמה. ערשט אין 1929 האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר עפענען אַ „תרבות־שול. טראָץ אַלע שוועריקייטן און דער קאָנקורענץ פון דער אומזיסטער מלוכהשער שול, האָט די שול געהאַט עטלעכע צענד־ליק תלמידים. אַ חוץ ראַטנאָווסקין דאַרף מען דערמאָנען די איבערגעגעבענע

ציוניסטיקע טוער: איטשע־מאיר פּעפּערמאַן, פישל פּרץ, משה רובינשטיין, א״א. די שול האָט עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס האָט אויך אין פּולאַוו עקזיסטירט אַ קינדער־גאָרטן געפירט אויף יידיש פון יענטע לאַם־שוואַרצבערג. עס דאַרף דערמאָנט ווערן אויך אַן אָוונט־שול פאַר דערוואַקסענע, וואָס די לעצטע צייט איז געווען אָנגעפירט פון עפּשטיין. פּולאַוו, ווי אַ פּאָליטיש באַוואוסטזיניקע שטאָט, האָט אויך פאַרמאָגט אַן אָוונט־שול ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אָנגעפירט פון די לינקער ריכטונג. דער גרינדער פון דער שול איז געווען ישראל גאָלדבערג (שפּעטער שטודירט און געאַרבעט אין בעלגיע, שפּעטער פון דאָרט אַוועק קיין סאָוועט־פאַרבאַנד). די לעקציעס זיינען ניט געווען קיין סיסטעמאַטישע, סיי אין זין פון די פּראָגראַם סיי אין פּרט פון לעקטאָרן, אַרום די קורסן זיינען געווען טעטיק גיטל פּערלשטיין, אַהרן געווירצמאַן, שלמה שיידנפיש, נפתלי קוואָטער א״א. מיין ווייניקייט, וואָס פלעגט קומען בלויז אויף זומער אַהיים קיין פּולאַוו.

כ׳מוז זיך אומקערן צום אָנהייב פון מיין אַרטיקל כדי פעסטצושטעלן, אַז צוליב דעם אָדער ווי אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס פּולאַוו איז געווען אַ קולטורעל שטעטל אויפן פאָן פון דער אַרומיקער סביבה, איז איר יוגנט געווען גרויסשטעטיש נישט נאָר אין איר גייסטיקן פאַרנעם, (עטלעכע יונגע מענטשן האָבן אַפילו שטודירט אין דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט) נאָר אַפילו אין איר האַלטונג.



פּועלי־ציון „יוגנט״־קרייז אין פּולאַוו. אין מיטן צעשע לאַם.

**צבי שובער (טאָראָנטאָ)**

# איך זע זיי פאַר מיינע אויגן



נאָך דערמאָנט זיך דער זכרון פון דעם שטעטעלע פולאַוו און די יידן פון דעם שטעטל. דאָס איז געווען ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין מיטן פון דעם בלוטיקן וועלט־חורבן. „נעמעזיס", די געטין פון נקמה, האָט נאָך ניט געהאַט אונטער־געצויגן איר סך־הכל, זי האָט זיך געגרייט ערשט אויפמאָנען דעם געשיכטלעכן חוב ביי דער מענטשהייט, ווען ס'איז טאַקע געק־קומען ס'מבול און דאָס פייער פון שוועבל פון סדום ועמורה. עס האָבן זיך געגרייט רעוואָלוציעס, אויפשטאַנדן, בונטן, מגיפות, קרענק, קאָנטער־רעוואָלוציעס.

ס'שטעטל, ווי די וועלט, איז געלעגן אין רואין פיזיש, עקאָנאָמיש, גייסטיק. דער מצב אין שטעטל איז געווען, ווי דער גאַנצער יידישער מצב, נידעריק, דערשלאָגן. מיר, דאָס יונגוואַרג, זענען אַרומגעגאַנגען פוסט און פּאַס, שלינג און שלאַנג; דער מצב רוחני און דער מצב חנוכי אין כאַאָס. איז אין שטעטל אַריינגעקומען איר יליד־העיר, דער לערער י ע ק ב ט אָ ג פ ו י ג ל, דער זון פון דעם מאַלאַזש יחזקאל און ריווע טאָגפויגל. ער האָט מיטגעבראַכט זיינע לערערישע און דערציערישע דערפאַרונגען, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין דער ווילנער ישיבה און אין שיפּס און שורעקס העברעאישע שולעס אין וואַרשע. דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט! ממש אויפגעלעבט! דאָס ערשטע וואָס עס איז אויפגעהויבן געוואָרן פון שטעטלדיקן כאַאָס, איז געווען די שולע, די קינדער־דערציאונג. ער האָט גענומען קלאַפּן טרעוואָגע, שטראָפן און מאָנען, וועקן.

די האַנדלונג פון דעם איינעם פויגל האָט צוריקגעבראַכט דעם גייסטיקן פרילינג אין שטעטל אַריין. מען האָט געעפנט די העברעאישע שולע; ס'האָט זיך געעפנט די תלמוד־תורה; ס'האָבן זיך אויפגעוועקט פון זייער הינער־פלעט די אַמאָליקע מלמדים פון שטעטל; די עלטערן פון די קינדער, די ציוניסטישע יוגנט. אויך די אַנדערע יונגע מענטשן האָבן זיך אויפ־

געוועקט פון זייער פּריטשמיעלעטקייט, פון זייער אַפּהענטיקייט — ס'האָט זיך גענומען וועקן.

צום לערער יעקב טאָגפויגל איז צוגעקומען דער צווייטער מחנך און לערער, דער דירעקטאָר אַדלער. און ניט בלויז פּולאַוו איז אויפגע־וועקט געוואָרן פון איר הינערפּלעט, פון איר לעטאַרגישן שלאָף, נאָר אויך די שטעטלעך קאָנסקעוואָליע, קאָריוו, מאַרקישאָוו זענען אויפגעוועקט געוואָרן פון זייער פּאַרצווייפלונג־דרימל. און ניט בלויז אויפגעוועקט האָט ער זיי, נאָר אויך באַדינט מיט ראָט און טאָט; געהאָלפן זיי איינשטעלן זייערע שולעס, אויפגעשטעלט די גייסטיקע קיכן זייערע און אויך צוגע־שטעלט דעם פּראָוויאַנט צום קאָכן, אַליין געווען דער סאַרווער, געלערנט דאָרט, געפירט, אויפגעקלערט, געהאָלפן דאָס יידישע לעבן צוריקקריגן דעם יידישן אָטעם.

אַזוי זענען זיי געווען די מאָדערנע נחס אונדזערע, די צדיקים ותמימים אונדזערע. האָבן זיי ניט געהאַט קיין תיבות איינצוזאַמלען צו זיך דאָס יידישע לעבן, האָבן זיי געעפנט זייערע הערצער און פון זיי געמאַכט די תיבות. האָבן זיי ניט געטאָרט רופן צו זיך די צעזייטע און צעשפּרייטע פון



גרופּע יידישע לערער און אינטעליגענץ, פּיאָנערן פון יידישן שול־וועזן אין פּולאַוו גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

בלוטיקן מבול, זענען זיי געגאַנגען צו די צעזייטע און צעשפרייטע, צוזאַ־מענגענומען זיי, פאַראייניקט זיי, געשטאַרקט און דערמוטיקט, געטרייסט מיט זייער ביישפּיל, מיט זייער טאַט, מיט זייער וואָרט.

עס זענען זיכער פאַראַן ערגעץ וואו פולאַווער, וואָס געדענקען יעקב טאָגפויגל ביים מיטינג אין שטעטל נאָכן קריגן די באַלפור־דעקלאַראַציע, ווי ער האָט באַגייסטערט יעדן, אָנגעשטעקט יעדן מיט זיין עקסטאַז, מיט זיין ברען, מיט זיין ליבע צו ארץ־ישראל! ווי ער האָט דעמאָלט דערהויבן די געדריקטע געמיטער, צעפלאַמט די האָפענונג ביי יעדן, עקזאַלטירט יעדן, אַז מען האָט אָנגעהויבן אויסטאָן פון זיך די קידושין־רינגלעך, די אוירינגען, די גאָלדענע זייגערס, חתן־מתנות, צו ברענגען זיי פאַר תרומה צום אויפבוי פון ארץ־ישראל!

אַזוי זענען זיי געווען אונדזערע פולאַווער יידן; אַזוי האָבן זיי געלעבט על קידוש־השם, על קידוש־העם אין דעם בלוטיקן געווירבל פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַזוי זענען זיי פאַרשניטן געוואָרן און פאַרצוקט געוואָרן פון דער היטלעריסטישער חיה אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — על קידוש־העם!

אָפּגעמעקט איז געוואָרן זייער שפרודלדיק יידיש לעבן, נאָר ווייל זיי זענען געווען יידן! ווי יידן האָבן זיי געלעבט, און ווייל זיי זענען געווען יידן, זענען זיי אויסגעקוילעט געוואָרן פון די דייטשע רוצחים, ימח שמם!!!

זאָל זייער אָנדענק זיין די דערמאָנונג קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן וואָס די דייטש׳, דער היינט־צייטיקער עמלק, האָט אונדז אָנגעטאָן!

**גימפּל גרינבערג**

# די פאַרשניטענע אידעאַליסטישע יוגנט



עס איז שווער צו שרייבן וועגן די מענטשן און דער סביבה, וואָס כ׳וויל פאַראייביקן אין אונדזער יזכור־בוך; שווער צו באַנעמען, אַז די דאָזיקע יונגע, מיט לעבנס־ווילן אי־דעאַליסטישע יוגנט; אַז די דאָזיקע קרעפטי־קע אין גייסט, יונגע קעמפער, זענען טאַקע נישטאָ — אַז אַ מערדערישע מאַכט האָט זיי פאַרטיליקט אין זייער בליאונג־צייט.

אָבער אַזוי איז עס — אַלעמען האָט געטראָפן די נאַצישע בעסטיע, יונג און אַלט; פריי און פרום; רעכט און לינקס — אַלע זענען געפאַלן אונטער דער האַק פון די היטלערישע תליונים. וויל איך זיי דערמאָנען — זיי, די יידישע יוגנט, וואָס האָט אין אונדזער פולאַוו אַריינגעשריבן אַ וואונדער־לעך געשיכטעבלאַט אין דערציען, אין אויפקלערן, אין בילדן די יידישע אַרבעטער־יוגנט און אין דער זעלביקער צייט ביים העלפן פאַרבעסערן זייער מאַטעריעלע לאַגע.

איך האַלט עס פאַר מיין חוב, אפשר וועלן אַנדערע דאָס ניט טאָן; איך האָב זיי געקענט פון גאָר נאָענט; איך האָב דאָך פון זייער לערע גענאָסן.

זע איך זיי די אידעאַליסטן, וואָס טייל זענען גאָרניט געקומען פון די יידישע פּראָלעטאַרישע אָדער האַנדווערקערישע שטובן, און האָבן זיך גענומען צו די שוסטערס, שניידערס, סטאָלערס, און פון זיי געמאַכט באַוואוסטזיניקע געזעלשאַפטלעכע טוער.

אָט איז י ש ר א ל  ג אָ ל ד ב ע ר ג. געקומען איז ער קיין פולאַוו פון בעלגיע. ער האָט זיך גענומען צו שאַפן קרייזן אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. געבן לעקציעס, איינגעפירט קעסטל־געשפּרעכן מיט דיסקוסיעס — מען האָט פון זיינע שמועסן געלערנט, אַפילו קעגנער האָבן אים געשעצט.

אָט איז אַ ה ר ן  ג ע וו ע ר צ מ אַ ן — אַ דרוקער. ער האָט זיך אויס־

געצייכנט מיט זיין אַרטיסטישן טאַלאַנט. ער אָרגאַניזירט אַ גרויסן דראַ־מאַטישן קרייז אין פולאַווו. פון פּראָסטע יינגלעך און מיידלעך האָט ער געמאַכט אַרטיסטן־אַמאַטאָרן, וועמענס שפּילן עס האָט אַרויסגערופן באַ־גייסטערטע באַוואונדערונג. דער דראַמאַטישער קרייז האָט דערביי געבראַכט פיל הילף אַ ריי אינסטיטוציעס אין שטאָט.

איך דערמאָן מיך דעם יוגנטלעכן אומדערמידלעכן קעמפער שמואל טאַרטשיץ. אָט זע איך אים מיט זיינע אויסגעוואָקסענע הויזן... אומעטום איז ער געווען טעטיק — ביי פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, ביי וואַל־אַקציעס צום סיים און שטאָטראַט. ער האָט געהאַט מזל, ער פלעגט אויס־מיידן די אָפטע אַרעסטן. איך געדענק זיין רעדע אויף אַ שוסטער־פאַרזאַמ־לונג בעת דעם גרויסן שוסטער־סטרייק אין פולאַווו. גערעדט האָט ער צו אַ מאַסע, אָבער זיין איבערצייגנדיקע רעדע האָט ער געהאַלטן דער עיקר צו איינעם — צו גדליהן. גדליה איז געווען אַן עלטערער אַרבעטער, מיט אַ טוץ קינדער. ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם צער פון זיינע הונגעריקע קינדער, ער האָט זיך איינגעבראָכן און איז אַוועק אין פאַבריק אַרבעטן אין מיטן סטרייק. ליגט מיר עד־היום שמואל טאַרטשי־צעס זאָג צו גדליהן: — חבר גדליה, ווען אייערע קינדער זאָלן פאַרשטיין, וואָלטן זיי דאָס ברויט, וואָס איר ברענגט זיי, ניט געגעסן, ווייל דאָס ברויט איז מיט בלוט...

געווען איז דאָן אַ פאַרביסענער סטרייק, וואָס האָט געדויערט 4 וואָכן. עס איז דער עיקר געגאַנגען דער קאַמף פאַר אַנערקענען דעם פאַריין. די יידישע שיך־פאַבריקאַנטן האָבן עס ניט געקאָנט באַנעמען — וואָס הייסט אַנערקענען אַ „חברה״ — פאַריין פון די פועלים, אַזאַ „אומ־דערהערטע״ זאַך... אָבער דער פאַריין האָט געוואונען.

בראש פון די שיך־פאַבריקאַנטן זענען געשטאַנען: דוד שטיינבוך (דער ״געלער דוד״), ישראל־וויגדער טייך, מוינע טייך, יעקב־שלמה באָרנשטיין, איטשעלע פרידמאַן. אין זייערע פאַבריקן האָבן געאַרבעט און פון דער אַרבעט האָבן געלעבט הונדערטער פולאַווער לעדער־אַרבעטער.

די לעדער־אַרבעטער האָבן געהאַט זייער אָרגאַניזאַציע און די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז געווען די וועגווייזערין פאַר די אַנדערע פאַכן ווי שניי־דערס, סטאָלערס, וואָס האָבן זיך טאַקע געפונען אין איין פאַריין.

די פּאָליציי האָט קעגן פאַריין געפירט אַ קאַמף. מ׳האָט צו טייל טוער אויף אַ פּראָוואָקאַטאָרישן אופן אונטערגעוואָרפן קאָמוניסטישע ליטעראַטור און מען האָט אַרעסטירט די פירער. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער פּראָ־צעס אין לובלין. עס זענען אַרויסגעטראָטן די גרעסטע פּוילישע אַדוואָקאַטן

כאַרטיידיקער : בערנסאָן, ווינאַווער, דוראַטש. די באַשולדיקטע האָבן באַ־קומען צו 2 יאָר, אָבער ביי דער אַפּעלאַציע זענען זיי באַפרייט געוואָרן. דערביי זענען די רעדעס פון טייל באַשולדיקטע (משה נאַכטיגאַל און שאיע קרעלענבוים געווען מוסטערהאַפט — זיי האָבן צעשלאָגן אַלע פּונקטן פון דער פּראָוואָקאַציע־באַשולדיקונג פון קאָמיניזם.

שאַיע קרעלענבוים האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ מיטל־בירגער־לעכע שטוב, וואו עס האָט אים גאָרניט געפעלט. ער איז געווען זייער אַ שוואַכער, אַ קרענקלעכער, אָבער נאָר פיזיש, אין גייסט איז ער געווען שטאַרק. ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער־יוגנט. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער קולטור־אָרגאַניזאַציע „אָשוויאַטאַ” (בילדונג). צוזאַמען מיט נאָך חברים אָרגאַניזירט אַ גרויסע ביבליאָטעק. די „אָשוויאַ־טאַ” איז אָבער נאָך אַ קורצער צייט עקזיסטירן דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן.



גרופּע אַקטיוו־געזעלשאַפטלעכע יוגנט אין פּולאַוו. אַהרן געווערצמאַן (אומגעקומען גלייך ביים אָנהייב פון דער מלחמה), ישראל־הערש (חנה־שיינדלס), משה מעלמאַן (געשטאָרבן אין וואַרשע נאָך דער מלחמה), דוד־נח טאַרטשיץ (באַליוויע), פּינפּטער אומבאַקאַנט.

וויל איך לסוף דערמאָנען די טוערין העסטקע פערלשטיין. זי האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן איינפלוס צווישן דער יידישער באַפעלקע־רונג אין פולאַוו. פון דער פריסטער יוגנט אָן איז זי אַ שטורמישע נאַטור. גאָר יונג אין דער באַוועגונג. ווען מען האָט זי באַזייטיקט פון דער פאַכ־שול פאַר אויפקלערונג־אַרבעט צווישן די שילערס, האָט עס זי ניט אָפּגעשטעלט ווייטער צו זיין אַקטיוו.

איך האָב דערמאָנט נאָר עטלעכע געציילטע יחידים. עס אינטערעסירט מיך אויך ניט, צי זייערע פּאָליטישע אידעען זענען געווען ריכטיקע אָדער ניט — איינס איז קלאָר, אַז זיי האָבן אין זייער קאַמף און טעטיקייט געווען ערלעך און געדינט זייערע אידעען מיט לייב און לעבן.

אמת זיי זענען צוזאַמען מיט דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט פאַראַטן גע־וואָרן דורך קאַריעריסטן, וואָס אַלץ איז געווען ביי זיי הייליק, כדי צו קומען צו דער מאַכט און נאָכדעם טונקען זייערע הענט אין טייכן בלוט. אָבער דער דאָזיקער פאַקט מינערט ניט די ריינקייט פון די פשוטע ער־לעכע קעמפער פאַר דער זאַך פון גערעכטיקייט ווי זיי האָבן עס פאַרשטאַנען און אויפריכטיק געגלויבט.

וואָס עס איז ניט געווען זייער פּאָליטישע אידעע — אומגעקומען זענען זיי, ווייל זיי זענען געווען יידן.

זאָלן די נעמען פון די יונגע אידעאַליסטן, סיי די וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט, סיי די אַנדערע, פאַראייביקט ווערן צוזאַמען מיט די קדושים פון אונדזער היימשטאָט פולאַוו, צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן.



דער פולאַווער מאַרק־פּלאַץ — דער „טאַרג״

ש. טענענבוים

# סילועטן פון און אין פולאַוו

## ראָזע לאַקס־פּרץ

(געבוירן אין פולאַוו, אין יאָר 1894)

ווען איך עפן אויף ע. קאָרמאַנס „יידישע דיכטערינס אַנטאָלאָגיע", טרעף איך אָן אויץ עטלעכע לידער פון ראָזאַ לאַקס־פּרץ, און אויף איר געבורטס־שטעטל: פולאַוו... און פלוצלינג ווערט מיר וואַרעם אויפן האַרצן. פולאַוו, אויב נישט מיין אייגן געבורטס־שטעטל, איז עס אָבער געווען דאָס שטעטל פון מיין קינדהייט, מיין יוגנט־שטעטל. איבער אירע מאַרקן פלעג איך גיין מיט מיין מוטער, וואָס פלעקט מיך האַלטן ביי דער האַנט, אַז איך זאָל נישט פאַרלוירן ווערן. איך געדענק די פוילישע פויערים, די פוילישע הינער און הענער, די שוואַרצע חזירים, די קראָליקעס מיט פאָספאָרישע אויגן, די קאַנאַריקלעך אין די שטייגן אויפן פולאַווער מאַרק...

אין פולאַוו פלעג איך אָפט קומען פון דאָרף מיט מיין טאַטן. ביי פלעגן גיין דורך דער בריק, איבער דער ווייסל, און איך האָב באַטראַכט די זאַמדיקע שטיקער רויט־אינדזלען, וואָס פלעגן זיך אַרויסגליטשן פון דער ווייסל, ווי נאַקעטע אַקסלען פון פרויען...

אין פולאַוו האָב איך דערקענט די ערשטע יידישע מיידלעך, ווי ווענער־סעס שיין. מיין יוגנט־חלום, פּאָעזיע, האָט זיך דאָרט אַזוי ווי אַ פייער־רויז צעבליט. פולאַוו, מיט איר ווייסל, מיט איר היסטאָרישן פּאַרק, מיט אירע היימישע יידן, מיט די זיסע מיידלעך, טויזנט מאָל שענער ווי די דזשיאָרדזשיאָנעס און לעאָנאַרדאָס גאָלד־געמאָלטע מלאכים...

און איצט טרעף איך אָן אויפן נאָמען ראָזאַ לאַקס־פּרץ. איך דערמאָן זיך, אַז אין פולאַוו האָבן געוואוינט קרובים פון דעם גרויסן דיכטער־ראָמאַנ־טיקער יצחק לייבוש פּרץ. איך געדענק דעם פירנדיקן ציוניסט פון שטעטל, פישל פּרץ. ער איז געווען אַ האַרץ־ליידנדיקער און אין איין שיינעם פרימאָרגן איז ער אויסגעגאַנגען. עס איז געווען אין מיטן זומער. און די לוויה איז געווען די גרעסטע אין דער געשיכטע פון פולאַוו. איך האָב שוין דעמאָלט געאַרבעט אין דער זעצעריי פון שלמה שיינבערג און כ'האָב געזעצט יידישע ביכער, יידישע ליטעראַטור — פאַר די יוגנט־מאַסן פון

פוילן, וועלכע זענען געווען דורשטיק נאָך יידישע, נאָך וועלט־ליטעראַטור. אָך, די פויליש־יידישע יוגנט, וואָס האָט באַזעסן אַזוי פיל ראָמאַנטיק, אַזוי פיל ליבע, אַזוי פיל קולטור און אַזאַ ברענענדיקן הונגער נאָך וויסן. וואָס האָט געלייענט מער אַנאַטאָל פראַנס ווי ער איז געלייענט געוואָרן אין פאַריז... וואָס האָט דורכגעזיפּט דאָסטאָיעווסקין און טאָלסטאָיען און האָט געקענט אַלע הויפּט־כאַראַקטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור...

די לוויה פון פישל פּרץ האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָכמיטאָג פון אַ גרויסן זומערדיקן טאָג, און האָט זיך געענדיקט אין אָוונט, וואָרים מיט די לאָפּעטעס ליימיק־רויטע ערד, וואָס מען האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן קבר, האָט מען אויך געוואָרפן שטיקער פלוש און סאַמעט פון דעמערונג. דאָס גאַנצע שטעטל, מיט אַלע אירע וואַסער־טרעגערס, אלמנות, אַלטע מוידן, קרומע און לאָמע און פאַרשעמטע, זענען אַרויס אויפן וועג. און דער ארון האָט זיך געצויגן פאַרביי נאַאיוו־בלענדנדיקע פעלדער, סעדער אוןביימער, וואָס האָבן גע־ווײנט און געבראָכן די צווייגן־הענט. און דאָס בית־עולם איז ווי אויפגע־בראָכן געוואָרן פון דער מאַסע באַגלייטנדיקע יידן. די מצבות, די קברים, די זיידענע אינדזלען גראָז, די ביימער ווי געהאָפּטענע אויפן האָריזאָנט, די נאַכטיגאַלן צווישן די צווייגן — אַלץ איז ווי פאַרפּלייצט געוואָרן אין דעם שטראָם פון יאָמערנדיקן לעבן. און איך זע ווי די נאָענטע קרובים לאָזן נישט אַרונטערלאָזן אין דעם רויען קבר אַריין דעם אָרון מיטן גוטן, שמייכלענדיקן פישל פּרץ.

עס איז געווען די ערשטע גרויסע לוויה וואָס איך האָב איבערגעלעבט. און ביינאַכט האָב איך שפּאַצירט איבער דעם שטעטלס לבנהדיק־פאַרגעסענע גאַסן; און איך האָב צום ערשטן מאָל ערנסט מעדיטירט פון טויט...

איך דערמאָן זיך איצט, אַז צווישן דער מאַסע מענטשן אין דעם קרייז פון די נאָענטסטע איז אויך געווען די נאָענטע קרובה פון פּרץ, ראָזאַ לאַקס־פּרץ.

איך ווייס נישט וואו זי איז איצט... צי האָט זי אויסגעמיטן די גרויסע טראַגעדיע פון דעם פוילישן יידנטום... איך געפין אַצינד איר פאָטאָגראַ־פיע, אירע דריי לידער אין דער אַנטאָלאָגיע... איך פריי זיך מיט די לידער, אַזוי ווי איך וואָלט דערזען די היימישע ווייסל־ברעגן, די רויטע, אין דער זון,־דורכגעברענטע. איך פיל אין איר יעדער וואָרט דעם אָטעם פון פולאַוו... עס איז גוט וואָס אַ דיכטערין האָט געלעבט, איז געבוירן געוואָרן ביי די היימישע ווייסל־ברעגן. דו גייסט דורך אין אירע לידער דיין קינדהייט, דיין פריע יוגנט... דו שפּאַצירסט צווישן אירע לידער־פערזן, ווי אין גרינע אַלעען, טוי־פייכטע, פאַרבנגעטונקענע, זוניק־הייסע, לבנה־פאַרגאָסענע... די אַלעען פון דיין קינדהייט...

„אויפֿן היימישן ברעג פֿון דער ווייסל
איז פֿאַרנאַכט אַזוי דופּטיק דאָס פֿעלד,
די שאָטנס פֿון טונקעלע ליפּעס
הילן איינעט די ערד אַזוי מילד.

אין דער היים, אויפֿן פֿעלד ביי דער ווייסל
שמעקט פֿאַרנאַכט מיט געטריקנטן היי
און ס׳בלייכן אין טונקל ווי פּערל,
די טראָפּנס פֿאַרנאַכטיקן טוי.

ערגעץ ווייט שפּילט ווער שטיל אויף האַרמאָנקע,
ערגעץ הערט זיך אַ טרויעריק געזאַנג,
און ס׳ציטערט דאָס האַרץ פֿון באַדויערן,
פֿון אַ שטילן ניט־קלאָרן פֿאַרלאַנג.

ווי איך בענק נאָך די טונקעלע ליפּעס,
וואָס פֿאַרשטעלן מיט צווייגן דעם וועג,
נאָכן פּאַרק דעם פֿאַרלאָזענעם, אַלטן,
וואו מיין חלום דער בלויער ז׳אַוועק״.

מיר דאַכט זיך איצט, אַז די „טונקעלע ליפּעס״ זענען די זעלבע, אין וועמענס שאָטנס איך האָב זיך אַלס קליין ייִנגל באַהאַלטן פֿון דער הייסער זון. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס פֿאַרנאַכטיקע פֿעלד איז פֿון מיינע יוגנט־דעראינערונגען. אַז דאָרט האָב איך געקושט די ערשטע מיידלעך. עס איז אַ וואונדערלעך געפֿיל. אַ גרויס געפֿיל צו געפֿינען דיין שטעטל, דיין קינד־הייטס־פּלאַץ אין די לידער פֿון אַ דיכטערין... און אפשר איז דאָס דאָזיקע ליד אויך פֿון מיין שטעטל; פֿון דעם צעבויגענעם בית־עולם, וועמענס מצבות קרישלען זיך און טרינקען מיט טיפֿע אותיות־שניטן די קילע לבנה־ליכט. און פֿון דעם קלויסטער, צו וועלכן איך פֿלעג מורא האָבן נאָענט צוצוגיין, אָבער ביי וועמענס שטיינערנע, קרומע טרעפּ נאָך מער צעקרומטע בעטלער פֿלעגן זינגען פּויליש־רעליגיעזע „פּיעשניעס״ (לידער) און אויסשטרעקן גומענע הענט, צעבויגענע פֿון שמערץ.

„כ׳גיי לעבן פּלויט פֿון בית־עולם מיט שמאָלן געטראָטענעם־וועג,
און חלום אַ קינדישן חלום, און טראַכט פֿון פֿאַרגעסענע טעג.
אויפֿן היימישן פֿעלד—דער באַקאַנטער, פֿאַרנאַכטיקער נעפּל,
ס׳באַטויעטע פֿעלד לויפֿט אַוועק אַזוי ווייט, אַזוי באַנג...

פון שטאָט זיך דערהייבט נאָר דער קלויסטער — דער שפּיץ
מיטן באַגילדעטן קופּאָל,
פון באַגילדעטן גלאָק טראָגט זיך הילכיק אַ טויבער און
דומפּיקער קלאַנג״...

אפשר איז דאָס דאָזיקע ליד אויך אַ ברוכשטיק פון אַ מיידלס איבער־לעבעניש אין מיין שטעטל פולאַוו...

אין דער ביאָגראַפישער נאָטיץ לייען איך: „געבוירן אין יאָר 1894, אין פולאַוו. איר פאָטער, ווי די גאַנצע פּרץ־פאַמיליע, האָט געשטאַמט פון וועלטלעכע יידן. אַליין אַ מאָדזשיצער חסיד, איז געווען אַן אָנגעשטעלטער ביי אַ וואַלד־סוחר. פון דער מוטערס צד שטאַמט זי פון אַ רבנים־רבייאי־שער משפחה. באַקומען ערשטע דערציאונג אין חדר, געענדיקט מיטלשולע אין פלאָצק, געשטודירט 1911־1914 אין דער הויכשול אין וואַרשע, פאַר־ברענגענדיק איר פּריוואַט־לעבן אין דעם הויז און אין דער סביבה פון יצחק־לייבוש פּרץ (צו וועמען זי איז געווען אַ שוועסטער־קינד), וואָס זי האָט שפּעטער געשילדערט אין זכרונות וועגן י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן, געדרוקט אין „ביכער־וועלט״ און „ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, 1924. געענדיקט אויף צאָן־דאָקטאָרין, האָט זי פּראַקטיצירט אין לובאַרטאָוו, שפּע־טער געוואוינט אין וואַרשע. נאָך דער חתונה מיטן סקולפּטאָר פּנחס לאַקס, 1923, זיך באַזעצט אין ווילנע. צו דרייצן־פערצן יאָר געשריבן לידער אויף רוסיש. זינט 1926 פאַרעפנטלעכט אַ ריי לידער אין „ווילנער טאָג״ און „ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע״. —

דאָס איז דאָס ביאָגראַפישע וועגן ראָזאַ לאַקס־פּרץ, צו וועמען איך האָב אַ ריטערלעך־אידעלע באַציאונג, אַלס צו מיין לאַנדספרוי־דיכטערין...

ווען איך בין געווען אין פולאַוו, האָב איך נאָך דעמאָלט געהערט, אַז י. ל. פּרץ האָט באַזוכט פולאַוו. עס האָט געמוזט זיין אַרום דעם יאָר 1913, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. און די ערד פון פולאַוו איז מיר געוואָרן הייליק. איך האָב דערפילט אין איר דעם גלי פון פּרצס טריט. פון דעם גרויסן ראָמאַנטיקער פּרץ. און דער גרויסער היסטאָרישער פּאַרק, דאָס אַלטע גוט פון דעם פירשט טשאַרטאָריסקי — אַלץ האָט אויפגעפלאַמט פאַר מיר מיט פּרצס פּערזענלעכקייט... דאָ האָט ער געמוזט שפּאַצירן אַן איינ־געהילטער אין זיין בלויער פּעלערינע, מיט שיינע דאַמען, מיט די שענסטע פרויען, וואָס פּרץ האָט אַזוי ליב געהאַט. דאָ איז געגאַנגען שפּאַצירן אַ גייסטיקער פירשט... וואָרים פּרץ איז געווען אַ גרויסער ראָמאַנטיקער־רעאַליסט, און ווי אַ קינסטלער און ענטוזיאַסט, איז ער דער ערשטער וואָס האָט געצאָלט הויכן טריבוט דער פרוי, בפרט צו דער יידישער

פרוי . . . „פרץ און די יידישע פרוי״ — דאָס וואָלט געווען אַן אינטערעסאַנטע שטודיע; די פרויען־העלדינס אין זיינע ווערק. די פרויען־פאַרערערינס אַרום אים . . . דער גרויסער ראָמאַנטישער גייסט איז אייביק פאַרליבט אין דער פרוי . . .

און ווען איך טראַכט וועגן פרץ, דערמאָן איך זיך אין ראָזאַ לאַקס־פרץ, וועלכע האָט געלעבט אין זיין הויז, ווי מען זאָגט „ביי די פיס פונם מייסטער״, און וואָס האָט שפּעטער שיין באַשריבן דאָס דאָזיקע ליכטיקע הויז, אין וועלכן עס האָט געקעניגט אַן אומשטערבלעכער קיסר . . .

און עס איז מיט אַ נאָסטאַלגישן געפיל וואָס איך האָב אָנגעוואָרפן די דאָזיקע שורות אין טריבוט צו אַ לאַנדספרוי־דיכטערין . . . צו ראָזאַ לאַקס־פרץ, וואָס איך פלעג אַגב אָפט זען אין פולאַוו. איך פלעג זי באַוואונדערן ווי אַ געטין. וואָרים איז דען נישט אַ לעבעדיקע דיכטערין — אַ געטין ? ! . . . באַזונדערס אָבער איז זי מיר געבליבן אין זכרון ווען זי האָט זיך באַוויזן אַ יאָמערנדיקע ביי דער גרויסער לוויה פון פישל פרץ . . . דער טרויער און דער יאָמער האָבן נישט געקאָנט צעשטערן דעם פרעכטיקן איינדרוק פון איר שיינקייט און יונגפרוילעכער פרישקייט . . . אַ שיינע פרוי איז הערלעך אַפילו אין דעם טיפסטן טרויער . . . אפשר איז זי דעמאָלט נאָך שענער . . .

## ישראל שטערן אין פולאַוו

אַ סך פון די ליטעראַרישע מענטשן פון וואַרשע און פון דער פּוילישער פּראָווינץ האָבן באַזוכט שלמה שיינבערגס הויז. איך געדענק דעם טונקעלן, שוויגנדיקן און מרה־שחורהדיקן ישראל שטערן, וואָס האָט נאָך זיין אינ־האַלטסרייכן רעפעראַט אין „האָפמאַנס קינאָ״ פאַרבראַכט אַ שבת־צונאַכטס ביי שלמה שיינבערג.

איך געדענק אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג אין מיין שטעטל פולאַוו. עס איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. די גאַסן זענען געווען ליידיקע. די גאַנצע פולאַווער יוגנט איז אַוועק זיך באָדן צו דער ווייסל אָדער צו דער „דריטער בודקע״ אין אַ וואַנדערלעכן וואַלד. אין יענעם שבת־נאָכמיטאָג איז אָנגעקומען פון וואַרשע דער פּאָעט ישראל שטערן, וועמענס שפּיטאָל־לידער איך האָב שוין געהאַט געלייענט אינעם זאַמלבוך פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין. אַ מיטלגעוואוקסיקער מאַן איז פאַרנאַכט געשטאַנען אויף דער בינע אין זאַל פון דעם איינציקן שטעטלדיקן קינאָ. די טעמע פון זיין רעפעראַט איז געווען יצחק־לייבוש פרץ. ער האָט גערעדט גאַנץ שטיל, אָבער מיט אַן אינערלעכער געצוימטער פייערלעכקייט, מיט אַ הויכער שפּראַך און מיט טיפן וויסן האָט ער אַרויסגעבראַכט די שיינקייט און די קינסטלערישע גרויסקייט פון פרצן. מען האָט געקאָנט זען, אַז ער גליט ממש אין ליבשאַפט

צום מייסטער. גערעדט האָט ישראל שטערן הויפּטזעכלעך וועגן פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן". ער האָט געצויגן פּאַראַלעלן צווישן פּרצן און דאָסטאָיעווסקי, פּרץ און וויספּיאַנסקי...

עס איז געווען באַזונדערס שיין דער אַריינפיר, די פילפאַרביקע אָווער־טורע צו זיין רעפעראַט, ווי צו אַ רייכער אָפּערע. ער האָט די גרויסע מייסטערס פאַרגליכן צו טעג, צו פאַרשידענע מינים וועטערן. איין קינסט־לער איז אַ זוניקער און ער לויכט אַזוי ווי בראַנדז. אַ צווייטער שריפט־שטעלער איז איינגעהילט אין דער גרויקייט פון אַ כמורנעם וועטער, פון אַן אומעטיקן, טיולענעם הימל באַהערשט... אַ דריטער שרייבער איז ווי אַ בין־השמשות, פול מיט פורפורנע פלעקן און גילדערנע אויפבליצן פון זון־אונטערגאַנג. אַ פערטער דיכטער איז ווי אַ זייער שטילער און רואיקער פאַרנאַכט, וואָס שמעקט מיט גאָט. אַ פינפטער שעפער פלאַמט ווי דער זוניקער מאָרגנרויט, וואָס פאַרשרפהט אַ שטיק הימל. אַ זעקסטער פּאָעט איז ווי אַ שטאָק פינצטערע נאַכט, אָן שום העלער האָפענונג אין האָרי־זאָנט... די וועטערן פון יעדן טאָג און נאַכט זענען אַנדערש אין קאָליר און פאַרשידן אין דער שטימונג... אַזוי איז יעדער איינציקער מייסטער אַריינגעראָטן אינעם וועלט־וועטער, מיט זיין שעפערישן און אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, מיט זיין אייגענער שאַטירונג און קלימאַט, מיט זיין איינציק־אַרטיקער שטימונג און כוונה... (פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט ישראל שטערנס לשון... וואָרים איך ציטיר פון זיכרון מיט אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער...).

אַ פּאָר שעה צייט האָט דער דיכטער ישראל שטערן גערעדט און דער עולם האָט זיך נייגעריק צוגעהערט. דאָס איז נישט געווען קיין פּאַטעטישע רעדע, פול מיט ליטעראַרישע פראַזן, נייערט אַן אינטים, שטיל און פייערלעך רעדן, וואָס קומט פון אַ גרויס האַרץ און וואָס איז געווען אינטים ווי זיין ליד און האָט געהאַט די קרישטאָלענע ריינקייט און דעם רעליגיעזן פּאַטאָס פון אָרגל־מוזיק, ווי אַ בראַמס־ווערק. זיין לשון איז געווען באַשיידן, ווי געזאָגט, אָבער געניג קערנדיק און געדאַנקען־רייך, אַזוי ווי זיין געלייטערטע פּראָזע, זיין עסיי, און אויך ווי זיין געשטאַלט: אויסער־לעך גרוי און קאַלט און רעזערווירט. מיסטיש און נעפּלהאַפט און רעליגיעז און אויך אַדורכגענומען פון אַ טיפער מרה־שחורה. עס איז געווען די גייסטיקע רייכקייט פון אַן אינטעלעקטועלער פערזענלעכקייט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין שפּאַנונג און אין דרך־ארץ דאָס פּובליקום.

אין גרויסן זאַל איז געווען טונקל. מען האָט אין דער פאַרנאַכטלעכער טונקלקייט קוים אָנגעזען ישראל שטערנס טונקל געשטאַלט. אָבער ווען פלוצלינג האָט זיך געעפנט ביי דער בינע אַ זייטיקע טיר, האָט אַ דיקער שטראָם מיט בראַנדז אַ פלייץ געטאָן אויפן פּאָעט. ערשט איצט האָט זיך

קלאָר דערזען ישראל שטערנס ערנסטע און מאַרמאָר־בלייכע מאַסקע, אַ פאַרשאָטנטע מיט לאַנגע, פעך־שוואַרצע, נאַכטיקע האָר. דורך דער גאַנצער צייט פון זיין מעלאָדישן רעפעראַט האָט מען געמוזט קוקן אויפן זון־פאַרגאַ־סענעם געשטאַלט. נישט קיין לעבעדיקער מענטש, נייערט אַ שעקספירישער גייסט איז פלוצלינג דערשינען אויף דער בינע. ישראל שטערן איז געווען באַלויכטן ווי אַ פיגור פון רעמבראַנדט. גאָט האָט אים אָנגעטאָן אין זיין הייליקן און שטראַלנדיקן ליכט. איבער זיין קאָפּ איז געשטאַנען אַ קרוין... די גרויסע קרוין פון גייסט...

* * *

די פרוי פון שלמה שיינבערג, ציפּע, אַזאַ שלאַנקע און בלייכע, אַזוי ווי אַ צאַרטע טאָכטער פון אַ קבליסט, אַזוי ווי לאה פון „דיבוק", האָט זיך מיט גרויס צערטלעכקייט געפּאָרעט אַרום דעם פּאָעט. זי האָט געזוכט די אויפמערקזאַמקייט, וואָס אַ פרוי פון שיינקייט און רייץ זוכט ביים מאַן פון גייסט און אינטעלעקט דורך די אייביקע צייטן. זי האָט מיט אירע שניי־ווייסע, אַלבאַסטערדיק דינע הענט, ווי ביי לעאָנאַרדע ד'אווינטשיס מאָנאַ ליזאַ, געגלעט ישראל שטערנס טונקעלע און זיידענע טשופּרינע. זי האָט פאַר אים געשטעלט אַ פסחדיק ווײַן־בעכערל מיט רויטן ווישניאַק. זי האָט אין דעם גוט־אָפּגעציקערטן גלעזל טיי אַליין אַריינגעטאָן דאָס רעפּטעלע ציטרין... אָבער ישראל שטערן האָט די גאַנצע צייט קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגערעדט. די נאַכטיק־פינצטערע טשופּרינע האָט אַזוי ווי איינגעראַמט זיין ערנסט פּנים אין אַ כמאַרע מיט טרויער. אַפילו צווישן מענטשן, אין בונטער און געדיכטער געזעלשאַפט, איז ער געווען איינגעהילט אין גייסטיקער איינזאַמקייט. ער איז געווען דורכאויס דיכטער, טרוי־מער, מיסטיקער און איינזאַמער דענקער. עס איז געווען שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ פּאָעט ווערט נישט באַהערשט פון די לאַסקעס און דער אויפ־מערקזאַמקייט פון אַזאַ שיינער, שטראַלנדיקער פרוי ווי ציפּע שיינבערג, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום אים מיט דער פּאָעזיע און דער טראַגיק פון דער פאַרליבטער אָפעליאַ אַרום דעם טרויעריקן פּרינץ האַמלעט...

* * *

ווען איך האָב צו ישראל שטערן געבראַכט אַ פּאָר קאַיעטן מיט מיינע ערשטע לידער צום לייענען און זאָגן מבינות, האָט ער אָנגעצייכנט אין מיינס אַ מין אַטעאיסטישער פּאָעמע, אַ סאָרט בייראָניסטישער פּראָטעסט צו גאָט — אַוודאי באַווירקט פון דער מאָדערנער, שטורעמדיקער „כאַליאַס־טרע"־פּאָעזיע, באַזונדערס פון פּרץ מאַרקישעס „די קופּע", געוויסע שטעלן וואָס זענען אים געפעלן. דערביי האָט דער העכסטער־באַשיידענער ישראל שטערן געוואַגט צו זאָגן שטילערהייט:

— „איר קאָנט זיין אַ צווייטער פרץ״ (עס טוט מיר לייד וואָס די פיינע נבואה איז נישט אַזוי פינקטלעך „מקויים געוואָרן״ ...).

היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, פאַרשטיי איך, אַז איך האָב צו ישראל שטערן, דעם גאָט־שיכורן פּאָעט און ריינעם ליריקער, באַדאַרפט ברענגען ריינע, לירישע פּאָעזיע. נישט דווקא קיין פּראָטעסט־פּאָעמע צו גאָט ... ווען ער האָט געלייענט די בלעטער מיט מיין ריזיקער האָנטשריפט פאַרשרייבענע, ענלעך צו נאַפּאָלעאָנס אונטערשריפט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זע פאַאוסטן אַריינקוקן אין אַ געהיימנישפולן קבלה־ספר ... עס איז ביים ברייטן טיש מיטן קלאָרן שבתדיקן טישטוך געזעסן אַ שטראַלנדיקער גייסט ... דאָס גרויסע טישטוך — —ציפּעס אידעלע פאַרערונג צום פּאָעט...

אין דער זעלבער נאַכט איז ישראל שטערן צוריק אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. אַזוי ווי ער איז נישט געווען פון יענע ליטעראַרישע מענטשן וואָס האָבן ליב פּאָפּולאַריטעט, נאָר ער איז געווען אַן אינערלעך־שטילער, שווייגנדיקער און איינזאַמער מענטש, האָבן מיר זעלטן פון אים געהערט. בלויז פון ציט צו צייט פלעגט וואונדערלעך אויפטויכן זיינס אַ ליד אין דער וואַרשעווער „נייע פאָלקסצייטונג״. אַמאָל אויך — אין אַ שבתדיקן נומער — זיינס אַ טיפער, ליריש־אַנטי־עלעקטועלער עסיי ... דאָס ליד אין אַ דינעם און גינגאָלדענעם מאַנטל פון אמתער פּאָעזיע. די עסיי — אַ הייליקע באַציאונג צו פּאָעזיע, צו ליטעראַטור בכלל. ער האָט ליב געהאַט באַזונדערס צוויי שעפער מיט אַן אומשטערבלעכער, אינטעלעקטועלער ליבשאַפט — לאָרד בייראָן און י. ל. פרץ ...

* * *

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָנפאַנג 1939, שרייבט מיר משה גראָסמאַן, דער גלענצנדיקער מחבר פונעם „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי״, פון וואַרשע: „ישראל שטערן באַגעגן איך אַמאָל. ער זעט אויס זייער אָרעם און טרויעריק. דער מענטש פאַרנאַכלעסיקט זיך. דו ווייסט דאָך: אונדזערע אידעלע פרינצן ווערן פאַרזען...״

איצט איז ישראל שטערן אַריין אין דעם קעניגלעכן פּאַנטעאָן פון אונדזערע הייליקע קדושים. ער האָט אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה, ווי מען דערציילט, ערגעץ אין דער געטאָ ... ער האָט זיך איינגעהילט אין שטיקער בלויע הימל און האָט זיך איינזאַם און טרויעריק, אַזוי ווי אַ קעניגלעכער בעטלער, אַרומגעדרייט אויף דער חתונה פון לעבן, איז געשטאָרבן אַזוי ווי דער בעטלער, וועלכן ער אַליין שילדערט מיט אַזאַ

שטראַלנדיקן מיטלייד און קינסטלערישער סימפּאַטיע אין זיין ליד „אַן אַלטער מאַן בעטלט אין גאַס".

ישראל שטערן וועט אייביק לויכטן אַזוי ווי אַ הערלעך ליכט אין דער ריזיקער גאָלדענער מנורה פון אונדזער קולטור, אונדזער נאַציאָנאַל־העראָאישער געשיכטע און צווישן אונדזערע הייליקע מאַרטירער...

## ר' אַהרן זייגערמאַכער

ר' אַהרן זייגערמאַכער איז דווקא, צווישן די צוויי אַנדערע זייגערמאַכערס פון פולאַוו, נישט געווען באַקאַנט אַלס דער סאַמע בעסטער מייסטער פון דעם אוראַלטן פאַך זייגערמאַכעריי. פאַרקערט, ער האָט געהאַט דעם נאָמען פון אַ פּאַרטאַטשניק אין זיין נאָבעלער פּראָפעסיע. פון דעסטוועגן איז ער נישט געווען דער ערגסטער זייגערמאַכער. וואָס עס איז מיר געפעלן אין דעם דאָזיקן אַלטפרענקישן ייד, איז געווען דאָס געמיט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין אַ ווערקל. ער האָט זיך דאָרט צוגעבויגן, מיט קאָפּ און מיט גרייז־גרויער באָרד, צו אַ הילצערנעם פויערישן זייגערווערק און ער האָט דערין אַריינגעלייגט זיין מוח און נשמה.

ר' אַהרן זייגערמאַכער האָט זיך מענטשלעך צוגעהערט צום געווערק פון אַ זייגער, אַזוי ווי, להבדיל, צו אַ לעבעדיק באַשעפעניש. ער האָט ליב געהאַט דעם מין זייגער און זיין אינערלעכע מאַשינעריע...

זייגערמאַכעריי איז ממש געווען אַן אַלטע, לעגענדאַרע קונסט. יידן האָבן אין בית־המדרש גערעדט וועגן דעם באַרימטן זייגער אין פּראָג און איך האָב בשעת־מעשה געזען דעם אַלטן ציפערבלאַט פונעם פּראָגער זייגער, אַזוי ווי דאָס קלוגע און נאָבעלע פּנים פון אַ זקן... דערביי פלעג איך זיך פאָרשטעלן ווי שפּעט ביינאַכט גייט אַרויס דער וואונדערלעכער מהר"ל פון זיין שטובעלע פול מיט ספרים. דעם מהר"לס פּנים לויכט ווי אַ שטיק פייער. די ווייזערס און די לאַטייניש ציפערן פונעם אַלטן זייגער רעדן צום מהר"ל מיט אַ געהיימנישפולן לשון:

— נו, עס איז שוין צייט מיט דיינע געטלעכע הענט צו קנעטן דעם ליים פון דער ערד און אָנצינדן מיט מענטשלעכן לעבן דעם גולם... יידן זענען דאָך אין גרויס סכנה...

ר' אַהרן זייגערמאַכער פלעגט אויפשטיין אין גרויען באַגינען, ווען גאָט שלאָפט נאָך מיט די מלאכים אין הימל און די פייגל אויף דער ערד שלאָפן נאָך אין זייערע נעסטן, איז ער געגאַנגען אין בית־המדרש דאַוונען. ער האָט תמיד געהאַט אַ ניגון אין האַרצן. דער ניגון האָט פאַרלייכטערט זיין לעבן. וואָרים נויט און אָרעמקייט איז געווען גרויס. דאָס ווייב האָט, נעבעך, קיינמאָל נישט געהאַט גענוג אויף צו מאַכן שבת. כאָטש רעגירונ־

גען, טראַגנען און זייערע וואַליוטעס האָבן זיך זייער אָפּט געטוישט אין די צייטן פון מלחמה, איז ר׳ אַהרן זייגערמאַכער תמיד געבליבן דער זעלבער אביון און אָרעמאַן.

אַרום מיטאָג־צייט פלעגט ר׳ אַהרן זייגערמאַכער פאַרשווינדן ווערן אין אַלקערל, כדי צו זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים. אין אָוונט פלעגט ער זיך אָוועקשטעלן אין אַ ווינקל כדי צו דאַוונען מנחה־מעריב. ער פלעגט פעסט אַרומבינדן דעם זיידענעם גאַרטל אַרום זיין הויכער געשטאַלט.

בשעת אַ מאַרק־טאָג, אַ יאַריד אין שטעטל, פלעגן קומען פּויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט זייערע אַלטמאָדישע זייגערס מיט וואַגעס אויף קופּערנע און מעשענע קייטן. עס האָט פון די זייגער־ווערקן זיך געטראָגן דער ריח פון נאַפּט, פאַרדאַרטע פליגן, מאָסקיטאָס און שפּינען. פונעם אַלטן האָלץ האָט נאָך געשמעקט מיט פּוילישן וואַלד, מיט גאָלדענער זשיוויצע, וואָס טריפט דורכזיכטיק און זוניק פון די ביימער, אַזוי ווי געלער האָניק...

ר׳ אַהרן זייגערמאַכערס אָפּט אָוועקגיין פונעם טיש, האָט מיר געגעבן צייט און מעגלעכקייט צו זיין אַליין מיט זיך. צו טראַכטן, צו לייענען די מיטגעבראַכטע ביכלעך מיט לידער פון בער האָראָוויץ, ש. י. אימבער, משה בראָדערזאָן, ישראל שטערן, משה קולבאַק, לייב ניידוס און אַנדערע יידישע דיכטער...

שטילקייט פון די היימישע און נידעריקע הימלען פלעגן אַריינקומען אין געוועלבל דורך די גאָלד־פאַרטריפטע שויבן פונעם פענצטער... מנוחה פון הימל איז געשטיגן פאַרנאַכטיק... דעמאָלט פלעגט פלוצלינג אַרויסקומען פון הינטער־שטיבל עלקע, ר׳ אַהרן זייגערמאַכערס בלאָנדע און איינציקע טאָכטער. איר קאָפּ איז געווען ווי אַ שטיק געגילדטער, האַרבסטי־קער וואַלד. די רייפע בריסטן פלעגן זיך באַוועגן פון אונטער דעם ציצענעם בלוזקעלע ווי כוואַליעס פון דער ווייסל. עלקעס פיגור איז געווען בויגעוודיק און רייצנדיק... אָט אַזאַ מין גאָלדענע באַשעפעניש איז געשטאַנען אין שיר־השירים פאַרן קעניג שלמה מיט גאָר איר פערפיור־מיקער פייכטקייט אין די מיידלשע גלידער... אירע שוואַרצאַפּלען ווי אָונטיקער טייך ביים פינצטערן ברעג פון וואַלד, ווען גרויס און רונד אַזוי ווי אַ געל שטיק וואַקס ציטערט אויף די לבנה אויף ראש־חודש־צייט... טאַקע וועגן איר זינגט דאָך שלמה המלך אין זיין ליד פון לידער:

„זע, דו ביסט שיין, מיין פריינדין, זע, דו ביסט שיין. דיינע אויגן זענען טויבן אינעווייניק פון דיינע לאָקן. דיינע האָר זענען אַזוי ווי אַ סטאַדע פון ציגן וואָס פּאַשען זיך אויף דער זייט פון באַרג גלעד. דיינע ציין זענען אַזוי ווי אַ סטאַדע פון אָפּגעשוירענע שאָף וואָס קומען אַרויף פון

דעם וואַשן, וואָס איטלעכעס געווינט צווילינגען און עס איז קיין פאַרוואַרפונג נישט אין זיי... דיינע ליפּן זענען אַזוי ווי פּאָדעם פון קאַרמאַזין און דיינע ווערטער זענען ליבלעך. דיינע שלייפן זענען אַזוי ווי אַ שטענגל פון אַ מילגרוים אינעווייניק פון דיינע לאָקן... דיין האַלדז איז אַזוי ווי דער טורעם פון דוד... — — — דיינע צוויי בריסטן זענען אַזוי ווי צוויי יונגע הירשלעך, וואָס זענען צווילינגען פון אַ הירש, וואָס פּאַשען זיך צווישן די ליליעס״...

איך פלעג צו עלקען ווייזן מיינע געשריבענע לידער: פאַרקלעקטע און פאַרמעקטע אותיות מיט טינט. גרויסע אומגעלומפּערטע בוכשטאַבן. קרומע שורות אַזוי ווי אומרעגולערע רייען ביימער אין אַ וואַלד, געשריבן מיט גרויס האַרץ־ציטערניש. עלקע איז געווען אַ באַלעזן מיידל. זי האָט שוין געהאַט געלייענט שמרן, יעקב דינעזאָנען, מרדכי ספּעקטאָרן, בערדי־טשעווסקין, דוד פרישמאַנען און אַפילו ז. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן „די ווילדע צילקע״ און „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל״. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן צו צילקען פון אַן אינטימען כאַראַקטער, נאָר איך האָב זיך שטאַרק געשעמט...

צו זאָגן, אַז איך בין געווען פאַרליבט אין עלקען, איז אַ פּוסטע פראַזע. איך האָב ממש געברענט אין אַ פייער פון ליבע צו דעם דאָזיקן ציכטיקן און שטראַלנדיקן ייִדישן מיידל, אין וועלכן דער רבונו של עולם האָט אַריינגעפּאַסט אַזוי פיל ווייבערלעכן חן און פרויאיש שיינקייט...

איר טאַטע פלעגט אָבער פלוצלינג אַריינקומען. אויף זיין גומען האָט נאָך געשמעקט דאָס זיסע קאַפּיטל תהילים... אויף דער באָרד — פלאַמיקע פלעקן פון זון־אונטערגאַנג. עלקע פלעגט דעמאָלט צוריק פאַרשווינדן אין אַלקערל. דער פּערפיום פון איר גאָלדענעם גוף איז לאַנג געשטאַנען אין געוועלבל. איך בין דעמאָלט געווען קוים פערצן יאָר אַלט, אָבער שוין אַזוי שווער באַלאָדן מיט ליבע און מיט „וועלט־שמערץ״, אַז איך האָב געמיינט איך בין שוין הונדערט יאָר אַלט...

ביי ר׳ אַהרן זייגערמאַכער אין געוועלבל בין איך אָפּגעזעסן העכער אַ יאָר צייט. איך האָב שווער געמאַכט פּראָגרעס אין אויסלערנען זיך דאָס פאַך. איך האָב זיך לאַנגזאַם געלערנט. ווארים דער קאָפּ איז מיר פּשוט נישט געלעגן אין זייגערמאַכעריי. פּאָעזיע האָט געפּלאַמט אין מיין בלוט. איך טראַכט איצט מיט באַדויערן, אַז איך האָב פאַרלוירן היפּשע עטלעכע יאָרן פון מיין לעבן זיך לערנענדיק זייגערמאַכעריי צוערשט ביים זייגער־מאַכער משה שבתזאָהן און שפּעטער ביי ר׳ אַהרן זייגערמאַכער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך גאָר געאַרבעט ביים דרוקער־פאַך, וואָס איך

האָב זיך אויסגעלערנט ביים יידישן באַרימטן איבערזעצער פון רוסישער ליטעראַטור, שלמה שיינבערג, און דער זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס, אי׳ן פולאַוו . . .

מיין חלום איז געווען צו ווערן אַן איינבינדער פון ביכער און ספרים, כדי צו קאָנען לייענען בגניבה ביינאַכט די ביכער, וואָס מען געטרויט מיר אָן אויף איינצובינדן. אין שטעטל איז צו יענער צייט אַ בוך געווען אַן אוצר. ווער האָט דעמאָלט געקאָנט חלומען, אַז דאָס בוך וועט אין דער צוקונפט ווערן אַזוי ביליק. גרויסע ביבליאָטעקן, אַזוי ווי היינט, זענען געווען אַ ווייטער חלום. ס׳איז אמת, אַז יידן האָבן זינט הונדערטער יאָרן געהאַט אַלמערס מיט ספרים, אָבער דאָס זענען דאָך געווען הייליקע ספרים, נישט קיין וועלטלעכע ליטעראַטור אויף צו לייענען אין זיי . . .

נאָך פון פריער, געדענק איך, ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין יינגעלע, האָב איך געחלומט, אַז ווען איך וועל אויסוואַקסן אַ „גרויסער״, וועל איך האָבן אַן אייגן שטיבל אויפן דאָרף און איך וועל האָדעווען קי, שעפּסן און ציגן . . . פאַרשטייט זיך, אַז אין דער דאָזיקער אידילישער לעבנס־ראַם האָט אויך באַדאַרפט וואַרעם אָטעמען אַ ליבע פרוי, אָט אַזאַ ווי עלקע, ר׳ אַהרן זייגערמאַכערס טאָכטער, מיט עטלעכע צאַרטע קינדער . . .

איך בין שוין אַצינד אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט . . . די זון פאַלט זאַלץ נידעריקער צום ראַנד פון דער ערד . . . עס פאַרדריסט מיך נישט וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביים ווערקשטאָט פון ר׳ אַהרן זייגערמאַכער אַזאַ לאַנגע צייט . . . עס איז אפשר אַלץ פאָרויס באַשטימט פון דער השגחה, כדי דער מענטש זאָל לערנען פון אַלע זאַכן און געשעענישן אין זיין לעבן . . . אפשר האָט דער רבונו של עולם מיך אויף אַ מאָמענט אַריינגעפירט אין שכוּב פון ר׳ אַהרן זייגערמאַכער, כדי איך זאָל אים האַרציק באַשרייבן . . .

---

**יוסף שיידען** (שיידענפיש)

# מיין היים

אונדזער משפּחה איז פון דורות־לאַנג אַ פּולאַווער. מיין זיידע אברהם־יצחק, הגם ער איז געווען אַ שניידער האָט מען אים אין שטעטל געקענט מיטן צונאָמען דער טעפּער. געגומען האָט עס זיך דערפון, וואָס מיין באָבע שרה האָט געהאַנדלט מיט טעפּ (אין שטעטל איז שרה די טעפּערקע געווען אַ באַקאַנטע פּערזאָ,) און מען האָט דעם זיידן צוגעבונדן צו דער באָבעס ייחוס.

מיין זיידע איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע באַלעמע־לאָכעס. אַ גבירישע חתונה האָט ניט געקאָנט אויסקומען אָן אַ „וויפּראַווע", וואָס מיין זיידע האָט צוגעגרייט. ער איז אויך געווען דער „הויף־שניידער" פון דעם פּולאַווער רבין, וועלכער האָט געשמט מיט זיין ייחוס פון קאָצק. איך געדענק, אַז ביים אָפּטראָגן אין רבישן „הויף" עפּעס מלבושים, וואָס דער זיידע האָט געמאַכט, פלעג איך באַקומען 18 גראָשן (כמנין ח"י) ביר־געלט. זיינע פיר זין האָט ער געגעבן אַ יידישלעכע דערציאונג; געשיקט אין חדרים און שפּעטער זענען זיי געוואָרן בית־המדרש־לערנערס. צוויי פון זיי האָבן ממשיך געווען דאָס לערנען אַפילו נאָך זייער חתונה. צוויי האָבן זיך גענומען צום זיידנס מלאכה — שניידעריי.

מיין פאָטער, הענאָך, איז געווען דער בכור. ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס חשק צום לערנען און איז אין שטעטל געווען פאַררעכנט פאַר אַ וואויל־לערנער. נאָכן דורכגיין די פאַרשידענע מלמדים, פון עברי ביז גמרא, איז ער געוואָרן אַ קלויזניק אין מאָדזשיצער שטיבל, וואו ער האָט געלערנט ביז ער האָט באַקומען היתר־הוראה. זייענדיק אַ וואויל־לערנער האָט אים גענומען פאַר אַן איידעם משה אַרבעסמאַן, אין יענער צייט אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, וועלכער האָט געפירט מיסחרים אין די אַרומיקע דערפער. ער האָט זיין איידעם און זיין טאָכטער מלכהלע צוגעזאָגט אייביקע קעסט. די פּרנסה האָט געדאַרפט זיין פון שווערס געשעפטן. דער שווער איז אָבער אין זעלביקן יאָר געשטאָרבן און עס איז אויסגעקומען, אַז דער איידעם (דער טאַטע, ער איז דאַן געווען בסך־הכל 18 יאָר אַלט) האָט געדאַרפט שוין זאָרגן חוץ פאַר דער אייגענער אויסהאַלטונג אויך פאַר דער שוויגער.

דאָס יונגע פּאָר האָט געעפנט אַ שפּייז־געוועלב אין שווערס הויז, אויפן זאַמד, הינטער די קאַלכאויוונס. די פּרנסה־געבערין איז געווען די מאַמע, דער טאַטע איז ווייטער געזעסן אין שטיבל און יומם ולילה זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען. דער גאַנצער משפּחה־עול איז געפאַלן אויף דער מאַמען, וועלכע האָט חוץ איר זאָרג פאַר דער חיונה גאָר אָפּט צוגעשטעלט נייע דורות — אויפגעהאָדעוועט זיבן קינדער.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאַן אָבער זענען, דורך אַ באַפעל פון דער צאַרישער רעגירונג, אַרויסגעטריבן געוואָרן אַלע יידן פון פּולאַוו. דאָס שטעטל איז טיילווייז חרוב געוואָרן, און אויך אונדזער הויז אויפן „זאַמד".

אין יאָר 1915, קומענדיק צוריק פון אונדזער נע־ונד איבער די שטעט־לעך קאָרעוו, קאָצק, לובלין, האָבן מיר געטראָפן אַלץ פאַרוויסט. דאַן האָבן זיך די עלטערן גענומען צו קליין־מסחר. געהאַלטן סעדער אין די אַרומיקע דערפער און הויפן; פאַרקויפט דאָס אויבסט אויף פאַרשידענע יאַרידן און געפירט עס אויך קיין וואַרשע; די מוטער האָט דערצו צוגעהאַנדלט מיט גענדז. מיר האָבן אויך דאַן געהאַט אַן אויבסט־קעלער.

די קינדער האָבן זיך גענומען צו מלאכה — צו שניידעריי. געלערנט האָבן זיי זיך טאַקע ביים זיידן אַברהם־יצחק. מיין פאָטער, וועלכער האָט כל ימיו געהאַט צו טאָן מיט ספרים, פון וואַנען ער האָט ניט געקאָנט שאַפן קיין חיונה פאַר זיין צאָלרייכער משפּחה, האָט געטענהט — מלאכה איז ברכה.

נאָכן פאַרענדיקן דעם „טערמין" ביים זיידן בין איך געפאָרן קיין וואַרשע, וואו איך האָב געאַרבעט און פלעג קומען אין שטעטל נאָר אויף די ימים־טובים. אין וואַרשע בין איך געוואָרן נאָענט מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, געווען אַ מיטגליד אין דעם נאָדל־אַרבעטער־פאַראיין און זעלבסטציינגעצויגן געוואָרן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

קומענדיק קיין פּולאַוו האָב איך זיך שוין מיטבאַטייליקט אין דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מיר האָבן דאַן געשאַפן די ערשטע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען. עס איז דאַן אויך געשאַפן געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען די ערשטע יידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. די ערשטע טוער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען: שמואל ווייסבראָט (ווייס), וועלכער איז געווען דער פאַקטישער וואָרטזאָגער פון דער אָרגאַניזאַציע; ישראל זיגעלבוים (היינט אין פּאַריז; פּסח זיגעלבוים און איך — יאָסל הענאַכס. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט טאַקע געהאָלפן אויפבויען דעם

נאָדל־פּאַריי', װעלכער האָט זייער פיל אויפגעטאָן כּדי צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אָרטיקע שניידערס און געגעבן דעם ביישפּיל און די איניציאַ־טיװ, אַז עס זאָלן זיך אָרגאַניזירן די אַנדערע פאַכן.

מיר פלעגן ברענגען רעדנער פון װאַרשע. איך געדענק די באַזוכן פון נאַטאַן שאַפּראַן, אַבראַשע װיינער, הערשל הימלפאַרב, און אויך פון לובלי־נער ראַיאָן־קאָמיטעט, די חברים װייס און לייבל לערער (היינט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע).

אין יאָר 1920 האָב איך פאַרלאָזט פּולאַװ. איך בין אַריבער קיין װאַרשע, װאו איך האָב חתונה געהאַט מיט פּערל נאַטאַן. מיר האָבן אויפגע־בויט אונדזער משפּחה־לעבן. אין 1925 האָבן מיר עמיגרירט קיין קאַנאַדע, פון װאַנען מיר זענען נאָכדעם געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מיר האָבן אָבער די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן אַ לעבעדיקע פאַרבינדונג מיט דער היים, מיט דעם קרייז באַקאַנטע און נאָענטע און פריער פאַר אַלץ מיט דער משפּחה; געשטיצט מיט אַלע מעגלעכקייטן. פאַר דער מלחמה האָבן מיר שוין געמאַכט באַמיאונגען אַריבערצוברענגען דעם כּמעט מיט דער משפּחה. מיר האָבן עס אָבער ניט באַװיזן, עס האָט זיך אויף דער װעלט אַראָפּגעלאָזט די היטלער־מגפה, װאָס האָט אויך חרוב געמאַכט אונדזער יידיש־פּוילן און צװישן די הונדערטער פאַרטיליקטע שטעטלעך איז אויך פּולאַװ דאָס יידישע פּולאַװ, מיט אירע האַרציקע, האָרעפּאַשנע און ערלעכע יידן, אָפּגעװישט געװאָרן. קיינמאָל װעלן מיר ניט פאַרגעסן דעם דאָזיקן גרױסן אומגליק.



י ק י ר

# „לינת־הצדק" אין פולאוו

דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז קיינמאָל נישט געווען צו גרינג. אַ גאָר דינער שיכט איז געווען אַ שטאַרק גביריש־רייכער; געווען אויך ברייטערע שיכטן מיטל־באַלעבאַטישע יידן, אָבער די גרויסע מערהייט פון יידישע מאַסן, די האַרעפּאַשניקעס, באַלעמעלאָכעס, קליינע הענדלער, דאָרף־גייער און מאַרק־שטייער, האָבן קוים געהאַט אויף חיונה. געווען איז דעריבער אַ גאָר ברייטער שיכט, וואָס האָט געמוזט אין נויט־פאַלן אָנקומען צו הילף. עס זענען דעריבער אין יעדן שטעטל אין פוילן געווען פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע חברות, וואָס יעדע איז געווען טעטיק אויף איר געביט פון שטיצע. פולאָוו איז אין דעם פרט ניט געווען קיין אויסנאַם. אויף איינער אַזאַ חברה — „ל י נ ת ־ ה צ ד ק", וויל איך מיך אָפּשטעלן, ווייל די דאָזיקע אינסטיטוציע איז מיר גאָר נאָענט באַקאַנט.

אָט זע איך מיך אין די קינדער־יאָרן ווען איך קום מיט דער לאָמטערן אין אַ ווינטער־נאַכט פון חדר. אין שטוב ביי אונדז איז פול מיט יידן; די מאַמע איז מכבד מיט טיי און דער עולם רעדט, דיסקוטירט וועגן „לינות" — ווער, וואו דאַרף גיין נעכטיקן צו אַ חולה; ווען מען דאַרף באַזאָרגן אַ דאָקטאָר; ווען מען דאַרף העלפן מיט אַ רעצעפּט אויסקויפן.

דאָס האָט מען זיך צונויפגעקליבן אין מיין פאָטערס הויז — ביי „משהלע מאַלאַזש" (משהניימאַרק), וועלכער איז דער סעקרעטאַר פון „לינת־הצדק", כדי צו באַהאַנדלען די לויפנדיקע ענינים פון דער חברה. דאָס האָב איך זיך שפּעטער דערוואוסט. די צונויפגעקליבענע יידן זענען עס געווען די עסקנים, די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

זע איך פאַר מיר די גאַלעריע פון די פשוטע, האַרציקע יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער עובדה פון העלפן די אָרעמע קראַנקע. טייל פון זיי געדענק איך — אָט איז מ ש ה ־ ש ל ו ם דער קרעמער, די ברילן אַרויפגערוקט אויפן שטערן; אָט איז ש ע פ ס ש נ יי ־ ד ע ר, דאַמאָלס אַ ייד איבער די זעכציקער, אָבער ווי רירעוודיק ער איז, ממש קוועקזילבער; אָדער ב י נ ם ־ ה ע ר ש ט אַ נ צ מ אַ ן, דער אייל־קוועטשער, ער איז נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג; און אָט איז י ש ר א ל ־ אַ ב י ג ד ו ר ט יי ך, אַ שוסטער, אַ מטופל מיט אַ גרויסער משפחה. אַלץ

יידן פון פראַצע. זיי האָבן געהאַט גענוג אייגענע פּראָבלעמען, גענוג אייגענע דאגות, אָבער זיי האָבן זיך געפילט פאַרפליכטעט צו דער הייליקער אַרבעט פון ברענגען מעדיצינישע הילף.

היינט גיב איך זיך אָפּ אַ חשבון פון דער גרויסער אַחריות פון די דאָזיקע פשוטע יידן, וואָס האָבן אויפגעבויט אַ מין „קראַנקן־קאַסע", וואָס האָט געהאַט אויפן אויג דאָס גאַנצע שטעטל; וואָס האָט געוואוסט וועגן יעדן איינעם, וואָס האָט געדאַרפט הילף — דער „ענין „לינות" — גיין צו



פּולאַווער לינת־הצדק פאָטאָגראַפירט בעת אַ באַזוך פון אַן אַמעריקאַנער בן־עיר, דוד באָרענשטיין, צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

ערשטע ריי זיצן: הערש מיכל רונדער (טוער אין האַנדווערקער פאַריין); ראַדיאָ־כאַווער; הענעך רעכעלס (ראַטמאַן און לאַווניק אין שטאָט־ראַט); יעקב־יצחק (אַ שוסטער).

צווייטע ריי זיצן: שעפּס (אַ שניידער); משה האַלצמאַן (דער גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע); דער קאַלושינער; דוד באָרענשטיין (גאַסט פון ניו־יאָרק); משה־שלום גאָלדשלעגער (פון די גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע); משה ניימאַרק (סעקרעטאַר פון לינת־הצדק און פון האַנדווערקער פאַריין); נאָטע שניידער.

דריטע ריי שטייען: בונם־הערש טאַנצמאַן (מאַלער מייסטער אין אייל־פאַבריק); משה־פּנחס פּיראַנקער; שמואל־לאַזער דיזמאַנט; משה־וואַליע שנורמאַכער (אַ סוחר וואָס פלעגט פאָרן אויף יאַרידן); דוד פעלדבערג (אַ בעקער); לייביש טענענבוים (אַ דאָרף־הענדלער, סאַדאָווניק).

די גרעסטע מערהייט איז אומגעקומען.

יענעם נעכטיקן, צו חולאים וואו די משפחות זענען שוין פאַרמאַטערט פון דער לאַנגער קראַנקהייט פון חולה. וואו זיי „פאַלן פון די פיס" און מען מוז זיי אומבייטן. עס האָט קיינער פון זיי ניט פאַרענדיקט קיין שום קורס פון קראַנקע־באַדינונג — אָבער מען האָט זיך עס אונטערגענומען צו טאָן. אָפטמאָל האָבן די, וואָס זענען געגאַנגען צו פרעמדע אויף נאַכט־דיזשורן, עס געטאָן נאָך שווערע טעג פון פראַצע, אויסגעמאַטערטע פון אַ לאַנגן טאָג אין וואַרשטאַט אָדער געשעפט. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן ביי זיך אין שטוב געהאַט חולאים, אָבער די פליכט פאַר די פרעמדע איז געווען אויפן ערשטן אָרט...

עס איז ממש געווען צו באַוואונדערן ווי אַזוי די דאָזיקע יידן האָבן זיך אָריענטירט אין די ספּעציעלע ענינים — ווען מען דאַרף צוטיילן הילף פאַר די רעצעפּטן, ווען מען אויך אַ דאָקטאָר באַזאָרגן... קיין שול פון סאָציאַלער הילף־קענטעניש האָט קיינער פון זיי ניט דורכגעמאַכט...

עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע תקופה מיט זעלטענע מענטשן. מענטשן וואָס האָבן זייער הילף־אַרבעט געטאָן מיט תמימות, ניט צוליב כבוד, ניט צוליב מאַטעריעלן אייגננוצן; פאַרקערט, גאָר אָפט האָט מען געהאַט אויסצושטיין אומאָנגענעמלעכקייטן און עס האָט אויך יעדן איינעם געקאָסט די אויסהאַלטונג פון דער חברה. ס'איז אָבער געווען שטאַרק דער באַוואוסטזיין, אַז מען מוז העלפן דעם וואָס נוטיקט זיך און די הילף דאַרף גע־טראָגן ווערן אויף אַן אופן וואָס זאָל די וואָס באַקומען עס ניט פאַרשעמען. און זיי האָבן עס געקאָנט מאַכן אויף אַ גלענצנדיקן אופן.

עס איז געווען אַ וואונדערלעכער דור, וועלכן די נאַציס האָבן פאַרטיליקט. מיר וועלן זיי, די דאָזיקע האַרציקע יידן, קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

# דער פּוילישער הילף־קאָמיטעט פאַר די נאַצישע פּליטים

אונדזער יזכור־פּנקס איז געהייליקט דעם אָנדענק פון די פּאַרטיליקטע ברידער און שוועסטער אונדזערע פון דער היימשטאָט פּולאַוו. זאַמלענדיק מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ וואונדערלעך קאַפּיטל אין דער דאָזיקער געשיכטע — דאָס איז ווי אַזוי אונדזערע פּולאַווער האָבן געטראָגן הילף פאַר די ערשטע דירעקטע קרבנות פון היטלערס ממשלה, איידער די נאַציס האָבן אונטער־געצונדן די צווייטע וועלט־מלחמה; ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער חורבן, אין וועלכן די ברוינע בעסטיעס האָבן אויסגעשאָכטן זעקס מיליאָן יידן, די פּולאַווער בתוכם.

דער דאָזיקער דאָקומענט איז אַ געדרוקטע איינמאָליקע אויסגאַבע מיטן נאָמען „פּולאַווער ידיעות", דאַטירט דעם 30־טן דעצעמבער 1938, אַרויסגעגעבן פון „קאָמיטעט צו העלפן די יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד". דער פּרייז איז אָנגעגעבן 10 גראָשן, און עס ווערט באַמערקט: „די גאַנצע הכנסה לטובת די פּליטים".

איידער מיר קומען צום אינהאַלט פון דאָזיקן דאָקומענט, וואָס איז ממש אַ הייליקע רעליקוויע, וועלן מיר נאָך צוגעבן אַ פּאָר פּרטים וועגן דער אויפגאַבע: זי האָלט 16 עמודים. געדרוקט אין דער דרוקעריי „פּושישלאָשטש" אין פּולאַוו אין אַ צאָל פון 300 קאָפּיעס.

אויף דער ערשטער זייט אין אַ ראַמל ווערט געבראַכט די ווייטערדיקע אינפאָרמאַציע:

„אונזער איין־טאָג־בלאַט

צום ערשטן מאָל דערשיינט אין אונדזער שטאָט דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט. ביז איצט זענען פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער באַהאַנדלט געוואָרן ביי אונדז אויפן פּרימיטיוון אופן: אין רעדל אויף דער גאַס, אין בית־המדרש, אין לאָקאַל פון אַן אָרגאַניזאַציע, אויב אַזעלכע האָט זיך געפונען. איצט איז געמאַכט געוואָרן אַן ערשטער פּרוּוו אין ערנסטע פראַגן זיך צו נעמען צו הילף דאָס געדרוקטע וואָרט. דאָס גערעדטע וואָרט פאַרשווינדט,

גרייכט נאָר צו אַ באַגרענעצטן קרייז, דאָס געדרוקטע וואָרט בלייבט, גרייכט אין יעדער שטוב. דער אימפּולס צו דעם פּרווו איז געווען אַ טראַגישער פאַל. מיר ווינטשן זיך, אַז אַזעלכע איין טאָג־בלעטער זאָלן דערשיינען ביי אונדז פון צייט־צו־צייט, אָבער זיי זאָלן שוין זיין געווידמעט נישט פראַגן פון חורבן, נאָר פראַגן פון אויפבוי.״

„PUŁAWER JEDYES" — JEDNODNIÓWKA. Cena 10 gr.

פולאווער ידיעות

איין־טאָג־בלאַט

די גאַנצע הכנסה לטובת די פּליטים.

Wydane przez Komitet niesienia pomocy uchodzcom Żydowskim z Niemiec.

30 grudnia 1938 r.

„פולאַווער ידיעות״, איינמאַליקע אויסגאַבע פון פולאַווער הילף־קאָמיטעט פאַר די נאַצישע פּליטים, דעצעמבער 1938.

מיר האָבן געבראַכט די פּאָר ווערטער פון דער רעדאַקציע, וועלכע האָט אויפגעקלערט פאַרוואָס די דאָזיקע אויסגאַבע איז דערשינען. זענען זיי אין איין פּרט טאַקע געווען געדעכט ממש נביאיש — די דאָזיקע פּובליקאַציע האָט מחיה־מתים געווען אַ וויכטיקן אויפטו פון אונדזערע נאָענטע אין פולאַוו. ליידער איז אָבער נישט מקויים געוואָרן דער וואונטש, אַז ס׳זאָלן ווייטער דערשיינען אַזעלכע איין־טאָג־בלעטער פאַר פראַגן פון אויפבוי — עס איז געקומען דער גרויסער חורבן.

וועלן מיר איצט גיין, זייט נאָך זייט, מיט די „פולאַווער ידיעות״ און זיך באַקענען מיט דעם וואונדערלעכן סאָלידאַריטעט־אויפטו, פון דער

קאָלעקטיווער ברודער־אַקציע, וואָס די פולאַווער האָבן דאַן דורכגעפירט פאַר די ערשטע קרבנות פון דעם בלוטיקן היטלעריזם.

דער נומער הויבט זיך אָן מיט אַן אינפאָרמאַציע־אַרטיקל: „וועגן דער אַרבעט פון אונדזער פליטים־קאָמיטעט". וועלן מיר פון דאָזיקן אַרטיקל אַרויסנעמען די וויכטיקסטע פאַקטן און דאַטעס וואָס דאַרפן דערמאָנט ווערן און טאַקע בלייבן לדורות:

„אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון פאָרזיצער פון דער פולאַווער קהילה ה׳ אברהם עדעליסט, איז ביי אונדז געשאַפן געוואָרן דער פליטים־קאָמיטעט, וואָס האָט אַנטוויקלט אַ שטאַרקע טעטיקייט. אין דער ערשטער פאַרזאַמלונג, וואָס איז גערופן געוואָרן אין לאָקאַל פון דער קהילה, האָבן זיך באַטייליקט ביי פערציק פערזאָן, פון וועלכע עס איז אויסגעוויילט געוואָרן דער פליטים־קאָמיטעט. אין קאָמיטעט זענען אַריין פאָלגנדע פערזאָנען: פרויען — ד״ר אסתר גאָלדרינג, ד״ר פרידהאָפער, רבקה מאַניקאָוו, דינה פרץ, ש. צוקער און די הערן — שמעון איידלשטיין, י. אייזנשטיין, י. גאָלדרינג, ר. ליבפעלד, א. עדעליסט, ד״ר ג. פרידהאָפער, מ. קליינבוים, מ. קייט, י. קליינוועקסלער, י. קורצבאַרד, י. ראָטנבערג, נ. שפיגלמאַן און ש. שיינבערג.

דער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויפן פאָלגנדן אופן: פאָרזיצער — שלמה שיינבערג, וויצע פאָרזיצער — פרוי ד״ר גאָלדרינג, קאַסירערין — פרוי ד״ר פרידהאָפער, סעקרעטאַר — י. קליינוועקסלער.

וויטער לייענען מיר אין דאָזיקן אריינפיר־אַרטיקל די ערשטע אָרגאַניזאַציע־אַרבעט פון הילף־קאָמיטעט:

„דעם קאָמיטעט איז געלונגען צו געווינען פאַר דער אַרבעט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אונדזער שטאָט, אָנהויבנדיק פון די קינדער פון די פאָלקס־שולן און שילער פון דער מלוכה־גימנאַזיע ביז שטאָטישע אינסטיטוציעס. אויך דער אַרבעטער־הילפס־קאָמיטעט האָט געשיקט זיינס אַ דעלעגאַציע, וועלכע האָט מיטגעאַרבעט אַקטיוו מיטן הויפט־קאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט ניט באַגרענעצט זיין אַרבעט אויף דער אייגענער שטאָט, נאָר זי אויסגעברייטערט אויך אויף די שכנותדיקע שטעט קאָנסקעוואָליע און דעמבלין, וואו ס׳זענען אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן הילפס־קאָמיטעטן. ביים קאָמיטעט אַרבעט אויך זייער אינטענסיוו אַ קאָמיסיע פון שטודירנדיקע יוגנט, אונטער דער אָנפירונג פון הער אַלעקסאַנדער פרץ, וואָס האָט אונטערגענומען אַ רייע אימפּרעזעס.

אין שטאָט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פראָטעסט־מיטינגען אין בית־המדרש און אין לאָקאַל פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „פריינט פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל". אין בית־המדרש זענען אויפגעטראָטן: אונדזער **רב ר' מענדל** ניי, **הרב** טאַוב, **הער** שמעון איידעלשטיין, שלמה שיינבערג און פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע: מ. ש. קויפמאַן, . טאַרטשיץ און שלמה שיינבערג.

ווי עס איז צו זען פון דער רשימה, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אונדזערע „ידיעות" איז ביז איצט געזאַמלט געוואָרן בערך 3.300 גילדן.

אין משך פון די קינפטיקע טעג פירט דורך דער יוגנט־קרייז אַ מלבושים־ און וועש־זאַמלונג."

אין די דאָזיקע שורות האָבן מיר דעם ברייטן פאַרנעם פון דער סאָלידאַרישער הילף־אַקציע. עס ווערן דערמאָנט אַ ריי יחידים. מיר וועלן נאָך צו זיי אומקערן שפּעטער, וואו מיר וועלן זיי פאָרשטעלן און דערציילן זייער ווייטערדיקן גורל. דאָס זעלביקע האָט אויך אַ שייכות צו דער רשימה פון באַשטייערונגען, וואָס וועגן איר וועלן מיר באַזונדער שרייבן.

ווייטער גייט אַ סעריע מיט אַרטיקלען. מיר וועלן נאָר אָנגעבן דעם מחבר און טיטל ווי אויך געוויסע אייסצוגן, די וויכטיקסטע און כאַראַקטעריסטישסטע פון זיי.

דעם ערשטן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „עטלעכע ווערטער צו די פּולאַווער יידן" שרייבט דער פאָרזיצער פון דער קהילה אברהם עדעליסט. אין זיין ריף דערזעען מיר דעם גאָר שווערן מצב פון די פולאַווער יידן אין יענער צייט — סיי דער עקאָנאָמישער סיי דער פּאָליטישער מאָמענט ווערט דאָרטן אָנגערירט. ער הויבט אָן זיין אַפּעל מיט די ווייטערדיקע ווערטער:

„ליבע ברידער!

עס איז נישט לייכט צו שטיין אין דער היינטיקער שווערער עקאָנאָמישער צייט בראש פון אַ יידישער קהילה אין אַ פּראָווינץ־שטאָט. די יידישע באַפעלקערונג איז ווי אַ שווערער קראַנקער: וואו מען לייגט אים, טוט אים וויי. די קהילה־שטוב איז פאַרן אָרעמען ייד דאָס איינציקע אָרט, וואוהין ער קומט מיט זיינע דאגות, צרות, און תביעות, וואָס אָפט קאָנען זיי נישט באַפרידיקט ווערן. דאָס האַרץ טוט וויי, אָבער די מעגלעכקייטן זענען באַגרעניצטע. מיט השתדלותן, אינטערווענצן, בקשות, וואָס קאָסטן אַפּ האַלבע טעג מי און מאַטערניש, לאָזט זיך נישט אַלץ פאַרענטפערן.

עס איז נויטיק נאָך עפּעס. און דער עפּעס איז דער עיקר — עס איז נויטיק די וואַרעמע באַציאונג און מיטהילף פון דער גאַנצער שטאָט. עס איז נויטיק, אַז יעדער שטאָט־באַלעבאָס זאָל קוקן אויף דער קהילה־פאַרוואַלטונג נישט אויסשליסלעך ווי אויף אַן אַמט, וואָס מאָנט שטאָט עטאַט, נאָר ווי אויף דער אינסטאַנץ, וואָס האָט צו דערליידיקן אַ גרויסע טייל פון די וויכטיקסטע פראַגן פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס רירן אָפּ אַן יעדן ייד".

דער וויטערדיקער אַרטיקל איז פון י. קליינוועקסלער און טראָגט דעם טיטל „אונדזערע מנדבים". ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער רשימה, וואָס עס ווערט געבראַכט אין די „ידיעות". כדאי היינט די דאָזיקע פעסשטעלונג צו לייענען און זיך טאַקע גאָר ערנסט פאַרטראַכטן. ער שרייבט:

„אין אונדזערע „ידיעות" איז אָפּגעדרוקט די גענויע רשימה פון די נדבות, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן ביי אונדז אין שטאָט פאַר די דייטשישע פליטים. נאָכן באַקענען זיך מיט דער דאָזיקער רשימה מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז סיי בנוגע דער אָפּפערוויליקייט, סיי בנוגע דער פאָרם פון שפּענדן — האָבן אויפן ערשטן אָרט זיך אַרויסגערוקט די ווייניק־באַמיטלטע שיכטן און דער עיקר די פולאַווער אַרבעטערשאַפט. אמת, אַז כמעט קיין איין ייד אין אונדזער שטאָט האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו דערפילן זיין חוב, אָבער אין דער פאַרהעלטעניש צו זייערע מעגלעכקייטן, — זענען דווקא די אָרעמסטע שיכטן געווען אויפן ערשטן אָרט. זיי האָט מען נישט באַדאַרפט אויפפאָדערן, צורעדן, בעטן און דער עיקר — מיט זיי האָט מען זיך נישט געדאַרפט דינגען און שיקן צו זיי דעלעגאַציעס.

אין דער געשלאָסענער אייניקייט האָבן זיי אונטערגעטראָגן זייער באַשטייערונג, אַפילו נישט אָנגעבנדיק די נעמען פון די מנדבים. זיי האָבן געגעבן לויט אינערלעכער נויטווענדיקייט, נישט אויסערלעכן דרוק .

מיר שטעלן דעריבער פעסט, אַז די אָרעמע גראָשנס, וואָס זענען פרייוויליק געברענגט געוואָרן, ווי אויך די פינפער און צענער גילדנס פון מענטשן, וואָס זענען אין עטלעכע טעג אַרום געוואָרן אַרבעטסלאָז — האָבן אַ גרויסן מאָראַלישן ווערט און זענען פאַר אונדז די ווערטפולסטע און די חשובסטע".

האַלטן מיר ביי דער דערמאָנטער „רשימה פון מנדבים" איז וויכטיק צו מאַכן אַ ריי באַמערקונגען. עס פיגורירן אין דער רשימה ביז 200 נעמען

— פאַקטיש מיינט עס משפחות און אין טייל פאַלן שותפותדיקע אונטערנע־מונגען. יעדער נאָמען פיגורירט מיט אַ געוויסער סומע. די העכסטע סומעס איז פון א. עדעליסט 70 גילדן און ד״ר פרידהאָפער 60 גילדן. די איבער־וויגנדיקסטע מערהייט איז פון 10 און 5 גילדן. גאָר אַנזעעוודיק איז די צאָל פון צוויי גילדן און אפילו צו איין גילדן און פופציק גראָשן.

מען האָט אויך מנדב געווען קאָלעקטיוו. כדאי דאָ צו דערמאָנען די דאָ־זיקע קאָלעקטיוון און זייערע סומעס. חוץ דער קהילה (50 גילדן) און קאָאָפּע־ראַטיוועד באַנק (אויך 50 גילדן), האָבן נאָך מנדב געווען די ווייטערדיקע גרופּן, ניט אָנגעבנדיק די נעמען:

| | | |
|---|---|---|
| אַרבעטער - אָרגאַניזאַציעס | 433.00 | גילדן |
| שילער פון „תרבות" | 21.37 | " |
| גימנאַזיאַל - יוגנט | 19.05 | " |
| לערערשאַפט פון „תרבות" | 25.00 | " |
| יוגנט־אימפּרעזע | 127.50 | " |
| „יונגבאַר" | 12.00 | " |
| קינדער (דורך טאַרטשיק) | 9.50 | " |
| נדבות | 5.22 | " |

מיר האָבן אויך אין דער רשימה אַ ריי פּאָזיציעס, וואָס ווייזן, אַז די פולאַווער האָבן אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן, כדי צו שאַפן געלט פאַר דער פּליטים־הילף. אַט זעען מיר אויף אַ תנאים איז געזאַמלט געוואָרן דורך י. אנקער 7 גילדן, פון אַ בוררים־געריכט האָבן די בוררים אַוועק־געגעבן דאָס בוררות־געלט (20 גילדן) פאַרן פּליטים־פאָנד, ד״ר דאַווידסאָן האָט אויסער זיין באַשטייערונג 45 גילדן נאָך אַוועקגעגעבן די הכנסה פון אַ וויזיט (3 גילדן). דאַרף מען אויך דערמאָנען, אַז אין דער רשימה פיגורירן אַ פּאָר אַנאָנימע שפּענדערס, צווישן זיי אַ קריסטין, וואָס האָט גע־געבן 20 גילדן. לסוף זעען מיר, אַז מאַנכע האָבן אַנשטאָט געלט געגעבן שווה כסף, אַזוי האָבן ריבער און אַ. שילעוויטש יעדער געגעבן פאַר די פּליטים אַ קילים.

די דאָזיקע פּרטים פון דער זאַמלונג זענען גאָר באַלערנדיק וועגן אונדזערע פאַרשניטענע פולאַווער.

אַ ווייטערדיקער אַרטיקל איז פון שמעון איידלשטיין אונטערן טיטל: „כל ישראל ערבים זה בזה". עס ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט דער אחריות און סאָלידאַריטעט געפיל פון יעדן יידישן קיבוץ צום צווייטן. דאָ ווערט גענויער דערציילט וועגן עס זענען די פּליטים, אַז דאָס זענען יענע יידן (אָפּשטאַמיקע פון פוילן), וואָס זענען דורך די נאַציס אַרויסגע־טריבן געוואָרן אין משך פון מינוטן פון דייטשלאַנד. גאָר כאַראַקטעריסטיש

איז דער זאַץ: „די פּליטים, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן צו אונדז, זענען באַשטימט שוין גליקלעכער פון די, וועלכע זענען געבליבן אין נאַצי־גיהנום.״

נאָך דעם גייט אַן אַרטיקל פון משה אַנקער אונטערן נאָמען „וואָס פעלט אונדז...״ מיר האָבן אין דאָזיקן אַרטיקל אַ מאָמענט, וואָס איז געבונדן מיט פריערדיקער פולאַווער געשיכטע. לאָמיר טאַקע לייענען וואָס ער שרייבט:

„דער ווײ־געשריי פון די פּאַראומגליקטע פּליטים פון דייטשלאַנד, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען מיט די פרויען און קינדער, האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע דע־מאָקראַטישע וועלט. די אכזריות לגבי מענטשן, וואָס זייער גאַנצער פאַרברעך באַשטייט נאָר אין דעם וואָס זיי געהערן צום יידישן פאָלק, האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסט אין אַלע וועלט־טיילן. מיר, פולאַווער יידן, וואָס האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון היימלאָזיקייט, ווען מיר האָבן זיך געשלעפּט איבער די נאָענטע שטעטלעך און געבעטן ביי יעדן איינוואוינער, אונדז אַריינצולאָזן אונטער אַ דאַך דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, — מיר האָבן פאַרשטאַנען די גרויסע נויט פון אונדזערע ברידער און געשפּענדעט לויט אונדזערע כוחות און אַפילו איבער די כוחות.״

דאָ מיינט דער אַרטיקל־שרייבער די צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פולאַווער יידן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט.

נאָכן דאָזיקן אַרטיקל קומט אַן אַרבעט אונטערגעשריבן מיטן נאָמען העסקע. אין דאָזיקן אַרטיקל ווערט באַזונדער באַריכטעט וועגן דעם אָנטייל פון די אָרטיקע יידישע אַרבעטער אין דער אַקציע. אַזוי ווי דאָ זענען פאַראַן גאָר אינטערעסאַנטע ציפערן וועגן דעם צושטייער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט צו דער פּראָטעסט־ און הילף־אַרבעט וועלן מיר פון דאַנען אַרויסנעמען אַ פּאָר פראַגמענטן.

עס שרייבט דער מחבר:

„אַ כוואַליע פון פּראָטעסט גייט איבער דער וועלט קעגן באַרבאַריזם און פּאַרטיליקונג־קאַמף פון די נאַציס קעגן הונדער־טער טויזנטער יידן אין דייטשלאַנד. די דאָזיקע מערדעריי איז נישט קיין בלינדע און סטיכישע. אין דעם דאָזיקן משוגעת איז פאַראַן אַ מעטאָד. אין טעראָר איז פאַראַן אַ קאַלטער, ציפערמע־סיקער חשבון. נישטאָ קיין איין אָנשטענדיקער מענטש, וואָס זאָל נישט פילן קיין עקל און גרויל צוליב דער נייער נאַצישער מער־דעריי. גלייך מיטן שטראָם פון פּראָטעסט גייט אַ כוואַליע פון מענטשלעכער זאָרג פאַר די קרבנות פון באַרבאַריזם. אויך די

פולאַווער אַרבעטערשאַפט האָט געגעבן אַ גרויסן צושטייער צו דער הילפס־אַקציע. מיט שטאָלץ קאָנען מיר פעסטשטעלן, אַז קיינער פון דער פולאַווער אַרבעטערשאַפט איז נישט געבליבן שטיין אַן אַ זייט. אויף דעם מיטינג וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, האָט דער פולאַווער אַרבעטער און פאָלקסמענטש אַנגעשלאָסן זיין שטאַרקע שטים פון פּראָטעסט אין אַלגעמיינעם פּראָטעסט־רוף. אויף די באַזונדערע פאַך־פאַרזאַמלונגען, גערופן דורך דעם ספּעציעל־אויסגעקליבענעם זייער פּראָטעסט און גלייכצייטיק באַגלייט זייער מאַקסימום הילף. אַרבעטער־הילפס־קאָמיטעט, האָבן די אַרבעטער אויסגעדריקט דאָס וועט צום בעסטן אילוסטרירן דער רוף פון אַן אַרבעטער, וועלכער האָט געזאָגט: „ווען מיר דאַרפן ראַטעווען אונדזערס אַ קראַנק קינד, פאַרזעצן מיר אַ קישן און ראַטעווען עס. מיר דאַרפן געבן אונדזער מאַקסימום, ווייל אַלע געליטענע זענען אונדזערע קינדער". אָרעמע אַרבעטער־קינדער פון „יונגבאָר" האָבן פון איגענער איניציאַטיוו געזאַמלט 12 גילדן. אַ גרופּע פון 8 יונגע מיידלעך האָבן פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס געבראַנגט דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אַ סומע פון 15 גילדן. די סומע אַליין פון 430 גילדן, דערפון 30 גילדן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה", זאָגט וועגן דער אָפּפערווויליקייט פון דער יידישער אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסע..."

אַ ווייטערדיקע אַרטיקל אונטערגעשריבן פון יקיר „וואָס ווייטער?..." באַהאַנדלט אויך דעם אָנטייל פון דער יוגנט און אַרבעטערשאַפט אין דער אַקציע. עס ווערט דאָ געטאַדלט די האַנדלונג פון „געציילטע גבירים", וועלכע זענען ניט מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון פּראָטעסט און הילף. ער רופט צו פאַרשטאַרקן די טעטיקייט פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, ער פאַרענדיקט זיין אַרטיקל מיט די שורות:

„...מיר דאַרפן אויך איצטער נישט געבראָכן בויען אונדזערע קולטורעלע און ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, לאָמיר זיך שטעלן צום קאַמף פאַר אונדזער רעכט אויף לעבן און עקזיסטענץ, פאַר דעם, אַז מיר אַליין זאָלן שמידן אונדזער גורל און צוקונפט".

נאָכן דאָזיקן אַרטיקל גיט אַן אַרבעט פון פ. מאַניקאָוו אונטערן נאָמען „וועגן דער גמילת־חסדים־קאַסע" עס איז אַ געוויסער איבערזיכט איבער דער טעטיקייט פון דער קאַסע, אירע אויפטוען און ראָלע אין דער צייט:

„...ווען דאָס יידישע פאָלק לעבט איבער איינעם פון די טראַגישסטע מאָמענטן אין אונדזער געשיכטע, ווען די רשעים,

וואָס זענען אויפגעשטאַנען קעגן אונדז, באַנוגענען זיך נישט מיט דערנידעריקן דעם ייד אַלס מענטש און באַרויבן אים פון זיין ווירדע, נאָר גראָבן אויך אונטער אַלע זיינע עקאָנאָמישע עקזיס־טענץ־וואָרצלען...״

מיר האָבן דאָ אַ גאָר קלאָרע אָנצוהערעניש וועגן דער עקסטערמינאַ־ציע־פּאָליטיק וואָס די אַנטיסעמיטישע פּוילישע רעגירונגען האָבן אָנגעווענ־דעט לגבי די יידן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווייטער קומט אַן אַרבעט פון ד״ר ג. פ ר י ד ה אָ פ ע ר „אונדזער זאַמל־אַקציע״. עס איז אַ מין סך־הכל־באַלאַנס פון דער אַקציע:

„מיט דער זאַמל־אַקציע לטובת די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד קאָן די יידישע געזעלשאַפט פון פולאַוו שטאָלצירן. אַזאַ דערפאָלג האָט נאָך ביי אונדז אין שטאָט ניט געהאַט קיין שום אונטערנעמונג. דאָס איז געשען קודם־כל אַ דאַנק דער פאַר־שטענדעניש און שטאַרקן געפיל פון אַלע שיכטן פון אונדזער אָרטיקן יידנטום פאַר די טויזנטער פליטים...״

פון באַזונדערן אינטערעס איז דאָס אַרטיקל: אויפגעכאַפּט און אָנגע־שריבן...״ פון מ ש ה ק ל יי נ ב ו י ם. ער שילדערט ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען די זאַמלונג פאַרן הילף־פאָנד. די „דינגעניש״ פון טייל און די אמתע אָפּנקייט פון האַרץ און קעשענע פון אַנדערע. ער ברענגט אַרויס אַ ריי טיפּן, וואָס האָבן כסדר געגעבן „עצות״ פאַר... אַנדערע און אַליין ניט געוואָלט געבן „קיין צעבראָכענעם דרייער״. אָבער דער אַלגעמיינער סך־הכל איז געווען, אַז די מערהייט האָט אַרויסגעוויזן די געהעריקע פאַר־שטענדעניש:

„...אַז אין אונדזער שטעטל געפינען זיך באמת וואוילע, האַרציקע יידן, וועלכע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן און אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו אונדזערע אומגליקלעכע ברידער פון דייטשלאַנד.״

אַ ברייטערן אַרטיקל, מיט אַ פּאָליטישן אַנאַליז, אונטערן נאָמען „אונדזער ענטפער״, גיט ד״ר ש ל מ ה ד א ו ו י ד ס אָ ן. ניט נאָר שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער געשעעניש גופא, דער נאַצישער אכזריות נאָר אויך אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער אין שטעטל. פון דאָזיקן אַרטיקל וועלן מיר ברענגען אַ פּאָר פראַגמענטן, וואָס שפּיגלען אגב אָפּ די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט פון פולאַוו. זיין אַרבעט הויבט ער אָן מיט די ווייטער־דיקע שורות:

„די איוב־בשורה וועגן דעם מאַסן־גירוש פון די דייטשישע יידן, וואָס איז אין תוך געווען אַ שענדלעכע איבערבלייבונג פון מיטלאַלטער אין דער היינטיקער עפּאָכע פון „אויפבלי פון

דער ציוויליזאַציע״, האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע יידישע גע־זעלשאַפט אין פולאַוו. עס האָט זיך גלייך געשאַפן אַ הילפס־קאָ־מיטעט פאַר די פליטים, וועלכע זענען איינגעקלעמט אין די אייזערנע צוואַנגען פון פאַרפאָלגונג. אין קאָמיטעט זענען אַריין פאָרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. דער קאָמיטעט איז גלייך נאָך זיין קאָנסטיטואירונג צוגעטראָטן אינטענסיוו צו דער אַרבעט, און זיין ערשטער ציל איז געווען — צו שאַפן וואָס מער געלט פאַר די אומגליקלעכע, די קרבנות פון דער ברוינער באַר־באַרישקייט, וועלכע פירט דורך מיט דער פינקטלעכקייט פון אַ מאַשין די פאַרניכטונג פון אונדזערע ברידער. אויפן רוף פון הילפס־קאָמיטעט האָבן זיך ווי איין מאַן געשטעלט אַלע יידן פון אונדזער שטאָט״.

דער שרייבער שילדערט דעם אָפּרוף פון די פולאַווער און ער גיט איבער:

„עס זענען געווען פאַלן, אַז אַ טייל שפענדערס האָבן געגעבן מער, ווי מען האָט זיך געריכט, מער ווי עס דערלויבט זיי זייער פאַרמעגן און געזעלשאַפטלעכע שטעלונג. אַ ספּעציעלע אויפמערק־זאַמקייט פאַרדינט דער פאַקט פון שפענדן 10 גילדן דורך אַן אָרעמען קאָמיסיאָנער, פאַר וועמען 1 גילדן וואָלט אויך געהייסן אַ שיינע נדבה. אַזעלכע שיינע פאַלן זענען געווען אַ סך...״

אין אַ ווייטערדיקן טייל פון אַרטיקל קריטיקירט ער די האַלטונג פון אַ טייל פון פולאַווער עולם, ער הויבט אַרויס אַ טייל בלויזן:

„די אַרבעט פון דער פולאַווער יידישער געזעלשאַפט ביי דער הילפס־אַקציע פאַר די דייטשישע פליטים האָט באַוויזן, אַז ביי אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע וואָלט מען געקאָנט אַ סך אויפטאָן. די שולד פאַר דער נישט־אָרגאַניזירטקייט, פאַר דעם לעטאַרגישן שלאָף פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פולאַוו, טראָגט דאָס קליינע הייפעלע היגע יידישע אינטעליגענץ. ליידער האָבן זיי פאַרגעסן, אַז אין דער אייניקייט איז קראַפט, און זענען ווי אין יעדן קליינעם שטעטל געבליבן פאַרגליווערט אין די ענגע ראַמען פון זייער קאַסטע־אָנגעהעריקייט, וואָס פאַראַליזירט די פאַראייניקונג צו בשותפותדיקע לייסטונגען אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, קולטור־רעלע אָדער פילאַנטראָפּישע...״

גאָר אינטערעסאַנט איז דער טייל, וואו דער מחבר גיט איבער די געפילן פון די באַטייליקטע אין דער אַקציע:

„עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס יעדער שפּענדער האַלט די טראַגעדיע פון די פּליטים פאַר אַזוי נאָענט און רירנדיק, ווי זי וואָלט געווען זיינס אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע, און ווייזט דערביי אַרויס דעם טיפן גלויבן, אַז עס איז נאָר אַ פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונג. דאָס איז דער באַרימטער יידישער בטחון.״

זייער טרעפלעך איז די אָפּשאַצונג, וואָס ווערט ווייטער געבראַכט אין דאָזיקן אַרטיקל, ווי אַזוי מען האָט געקוקט, ערב דעם חורבן, אויף דער שטייגנדיקער נאַצישער געפאַר :

„אין דער אמתן איז די דאָזיקע אינטואיציע פון פאָלק זייער אַ טרעפלעכע : דאָס ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך. נאָך יאָרן פון באַרבאַריזם מוזן צוריקקומען יאָרן פון אַכטונג פאַר די רעכט פון מענטש, יאָרן פון פרייהייט און שעפערישער אַרבעט, און נישט פון דעסטרוקציע, וועמענס עדות מיר זענען ביים היינטיקן טאָג. מען דאַרף נישט פאַרלירן די האָפענונג, אַז קעגן דעם, וואָס מיר לעבן היינט איבער, מוז קומען אַ רעאַקציע. מיר לעבן, ליידער, אין צייטן פון צוזאַמענברוך פון דער אַנטוויקלונגס־ליניע. אָבער דער וואָס פאַרלירט נישט דעם גלויבן אין מענטשלעכקייט און יושרדיקע אידעאַלן, מוז אָנשטרענגען אַלע כוחות און אויסדויערן, זייענדיק זיכער, אַז די געשיכטע וועט ענדלעך אַרויסטראָגן איר גערעכטן אורטייל...״

ריכטיקע רייד, נביאישע אַרויסזאָגונגען — דער היטלעריזם איז טאַקע סוף־כל־סוף געבראָכן געוואָרן, אָבער ביז דער מפּלה פון דער ברוינער בעסטיע זענען אומגעקומען זעקס מיליאָן און צווישן זיי די מערהייט פון די אַרטיקל־שרייבער פון די „פּולאַווער ידיעות״.

אַ ווייטערדיקע אַרבעט אין די „ידיעות״ איז פון צפּורה שיינבערג אונטערן טיטל : „לאָמיר געדענקען אָן אונדזער יוגנט״. עס ווערט אַרויסגעבראַכט דער קאָנסעקווענטער קאַמף פון דער רעאַקציע קעגן די יידן, דאָס אויסוואָרצלען פון די איינגעפונדעוועטע יידישע פּרנסות און דעריבער מוז קומען די זאָרג אַריבערצופירן די יוגנט אויף אַנדערע עקאָנאָמיש־סאָציאַלע רעלסן. זי קומט מיט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אין פּולאַוו אַן אָפּטיילונג פון „אָרט״, וואו עס זאָלן האָבן אַן אָרט צו לערנען נייע, נוי־טיקע פאַכן די יוגנט וואָס פאַרלאָזט די שולן.

עס פעלט ניט אין דער צייטונג אויך אַ פעליעטאָן. א. מ. שטאַמלער ברענגט אַרויס אין אַ הומאָריסטישן טאָן די שפע פון שרייבערישע טאַלאַנטן, וואָס האָבן זיך אַנטדעקט אין פּולאַוו. זיין אַרטיקל (אָדער קליינער פעליעטאָן) הייסט : „פּליטים שרייבער אָדער אַ פאַרפלייצונג פון ניי־אַנטדעקטע טאַלאַנטן אין אונדזער שטאָט״.

פול מיט אימפּרעסיע איז דער שלוס־אַרטיקל פון ש ל מ ה ש יי נ ב ע ר ג מיטן נאָמען: „די יידישע טאָרבע״. עס איז אַ וויזיע פון דעם אייביקן יידישן וואַנדערער און דעם שטענדיקן זאַמלער — ניט נאָר פון נדבות נאָר פריער פאַר אַלץ פון דערהויבענע יידישע טאַטן פון קידוש־השם און מסירת־נפש. דאָ האָט שיינבערג אַריינגעפלאָכטן פּרצס „דריי מתנות״, וואָס דער גוטער מלאך האָט איינגעזאַמלט אין זיין „טאָרבע״ און עס געצויגן נאָך ווייטער. גאָר כדאי צו ברענגען אַ פראַגמענט פון דעם דאָזיקן אַרטיקל.

„...ער (דער אויסוויזיאַנירטער זיידע) האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער טאָרבע...

— ווילסטו אפשר זען דאָס קאָפּל וואָס דער ייד האָט גלייך געמאַכט אויף זיין קאָפּ, בשעת די פלאַמען האָבן שוין אַרומגעכאַפּט זיין לייב אויפן אויטאָ־דאַ־פע? ווילסט אפשר זען די שפּילקע, מיט וועלכער דאָס יידישע מיידל האָט צוליב צניעות צוגעשפּיליעט דאָס קלייד צו אירע פיס, ווען מען האָט זי אין דער דייטשישער מיטלאַלטערלעכער שטאָט פאַרמשפּט צוצובינדן צום עק פון אַ פערד און שלעפּן איבער די גאַסן, ווייל זי האָט געוואַגט אַרויס־צוגיין פון געטאָ אין טאָג פון זייער יום־טוב? און דעם ליכטיקן שמייכל פון הערש לעקערט, מיט וועלכן ער איז געגאַנגען צו דער צאַרישער תליה, נאָך דעם ווי ער האָט זיך נוקם געווען פאַר דער שאַנד פון די געשמיסענע אַרבעטער? און דעם העלדנמוט פון די טשודנאָווער אומגעקומענע עלף מיטגלידער פון בונדישן זעלבסטשוץ, וואָס זענען געפאַרן העלפן דער שטאָט זשיטאָמיר קעגן דער רוסישער „שווארץ־מאה״? און דאָס שטראַלנדיקע גליק אין די אויגן פון די קדושים, וואָס קומען אום אַצינד טאָג־טעגלעך אויף די פעלדער פון ארץ־ישראל — ווילסטו זען?...״

אָט אַזוי האָט שיינבערג אין זיינע וויזיעס שפּאַצירט אין דעם יידישן עבר און געקומען אין לאָקאַל פון דער יידישער קהילה פון פולאַוו, וואו ער איז געזעסן אויף אַ זיצונג פון הילף־קאָמיטעט און מען האָט געצויגן „מתנות״ פון דער „יידישער טאָרבע״, און ווידער האָט ער דערזען דעם זיידן:

„...— און וואָס איך טו דאָ ביי אייך אין דער פולאַווער קהילה־שטוב ווילסטו וויסן? — אַ קינד מיינס, ווי בלינד איר זענט פאַר די שענסטע מתנות פון אַ פאָלק, וואָס וואַלגערן זיך פאַר אייערע פיס און איר באַמערקט זיי נישט. אָט די מתנות אייערע, וואָס זענען דאָ ביי אייך אין דער קהילה־שטוב געפאַלן, בין איך געקומען אויפקלייבן פאַר מיין טאָרבע... רב לוי־יצחקס צענער גילדן, ווי ער זעט אויס אין מיין טאָרבע — ווילסטו זען?

ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט, אַ מיש געטאָן אין דער טאָרבע און אַרויסגענומען אַן אויסטערליש שטיק צירונג, באַזעצט מיט געשליפענע ברילִיאַנטן, וואָס האָבן געלויכטן און געפינקלט און געשטראַלט מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. — דערפאַר — האָט דער זקן געזאָגט — שטראַלט אַזוי דער דאָזיקער צענער־גילדן, ווייל ער איז געגעבן געוואָרן מיט אַ לייכטער האַנט און אַ ליכטיקן שמייכל פון דער שיינער באָרד אַרויס...״

שיינבערג האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין זעאונג און:

...„דער גלאַנץ פון די טייערע צירונגען איז פאַרשוואונדן, און איך האָב געעפנט די אויגן. איך האָב מיך געפונען אין דער קהילה־שטוב. יידן געבויגענע, מיט פּנימער צעאַקערטע פון שווערן לעבן, האָבן געשפּענדעט פאַר אונדזערע ברידער, די פּליטים פון דייטשלאַנד. ווער מיט אַ שמייכל, ווער מיט אַ קרעכץ, אָבער אַלע געאייניקט אין אַנבליק פון אונדזער גרויסן פאָלקס־־אומגליק — — — יאָ, קיין זאַך ווערט נישט פאַרלוירן, — האָב איך געטראַכט מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג און ווייטער געפירט די זיצונג.״

דאָס איז געווען דער לעצטער אַרטיקל פון דאָזיקן ממש וואונדערלעכן דאָקומענט. צוזאַמען זענען עס געווען 14 אַרבעטן און לסוף איז געקומען די „רשימה פון מנדבים״, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט.

וועלן מיר נאָך צוגעבן גאָר קורצע פּרטים פון די דערמאָנטע נעמען אין דאָזיקן רעליקוויע־־דאָקומענט. די אינפאָרמאַציע האָט אונדז צוגעשיקט אונדזער בן־עיר משה רובינשטיין (תל־אביב), וועלכער איז אין אונדזער פּנקס פאַרטראָטן מיט אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן. מיר גייען נאָכן סדר ווי די נעמען זענען דערמאָנט אין די „פּולאַווער ידיעות״.

אברהם עדעליסט — אין לעצטן יאָר פאַרן חורבן געווען נאָמינירטער דורך דער פּוילישער מאַכט, קהילה־פאָרזיצער. אייגנטימער פון דער דרוקעריי „פּשישלאָשטש״, וואו די דאָזיקע אויסגאַבע איז געדרוקט געוואָרן. אומגעקומען. זיין ברודער מנשה געפינט זיך שוין לאַנג אין מדינת ישראל.

ד״ר אסתר גאָלדרינג — דענטיסטין, טאָכטער פון אַמאָליקן קהילה־פּרעזעס שבנאָ קאָרנגאָלד. פאַרוואַלטונג־מיטגלידערין פון „התאחדות״. אומגעקומען.

ד״ר י. פרידהאָפער — פרוי פון ד״ר ג. פרידהאָפער, געקומען קיין פּולאַוו עטלעכע יאָר פאַר דער קאַטאַסטראָפע. אומגעקומען.

ר ב ק ה מ אַ נ י ק אָ ו — פרוי פון פאַוועל מאַניקאָוו. געפינט זיך איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

ד י נ ה פ ר ץ — שוועסטער פון ד״ר אסתר גאָלדרינג. לערערין. פרוי פון דעם באַקאַנטן, אויך מחוץ פולאַוו, געזעלשאַפטלעכן טוער און ציוניס־טישן עסקן פישל פרץ, וועלכער איז געשטאָרבן אין די צוואַנציקער יאָרן. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „התאחדות״. אומגעקומען.

ש ר ה ל ע צ ו ק ע ר — זי איז משמעות געווען פון וואַרשע.

ש מ ע ו ן א י י ד ל ש ט י י ן — פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער קאָאָפּע־ראַטיווער באַנק און אָרטיקער געזעלשאַפטלעכער עסקן. אייגנטימער פון אַ קאַלך־־אויוון. פעטער פון שרייבער שלמה שיינבערג. אומגעקומען.

י. א י י ז נ ש ט י י ן — ניט געקענט פעסטשטעלן ווער דאָס איז. געווען איינער יונה אייזנשטיין, אַ העברעאישער לערער איז ער אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן אַוועק קיין פראַנקרייך.

י ו ס ף ג אָ ל ד ר י נ ג — מאַן פון דער דענטיסטין אסתר גאָלדרינג. פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון „התאחדות״. געקומען קיין פולאַוו פון לאָדזש אין אָנהייב פון די 20־קער יאָרן. אומגעקומען.

ר פ א ל ל י ב פ ע ל ד — גאָלדשמיד. ציוניסטישער עסקן. אומגעקומען.

ד ״ ר ג. פ ר י ד ה אָ פ ע ר — מעדיקער, מיטגליד פון לעצטן שטאָט־ראַט. אומגעקומען.

מ ש ה ק ל י י נ ב ו י ם — אונטערנעמער פון הייזער־געבוי. ציוניסטי־שער עסקן. איידעם פון יאַנקל זימאַן און קוזין פון שלמה שיינבערג. מיט־גליד פון לעצטן שטאָט־ראַט. אומגעקומען.

מ אָ ט ל ק י י ט — פאַבריקאַנט פון סאָדע־וואַסער. מזרחיסט, פייער־דיקער מאָזשיצער חסיד, פעטער פון שלמה שיינבערג. צוויי פון זיינע קינ־דער — פערעלע און ישעיה — געפינען זיך אין מדינת ישראל. ער איז אומגעקומען.

י ו ד ל ק ל י י נ ו ו ע ק ס ל ע ר — באַאַמטער. מיטגליד פון דער נאָמי־נירטער דורך דער מאַכט אין יאָר 1938 לעצטער קהילה־פאַרוואַלטונג. קוזין פון שלמה שיינבערג. אומגעקומען.

י צ ח ק ק ו ר צ ב אָ ר ד — פאַבריקאַנט פון לייכטע געטראַנקען. אומ־געקומען. זיין פאַבריק האָט זיך געפונען אין צפון־עק פון שטאָט.

יעקל ראָטענבערג — פאַבריקאַנט פון בעטאָן־אויסאַרבעטונגען. פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. צוויי פון זיינע קינדער, חנה סנה און מאָטל, געפינען זיך אין מדינת ישראל. ער איז אומגעקומען.

נחום שפּיגלמאַן — אייגנטימער פון אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט. מזרחיסט, אומגעקומען.

שלמה שיינבערג — יידישער שרייבער און איבערזעצער. אין פּנקס וועט וועגן אים גאָר ברייט גערעדט ווערן. געשטאָרבן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וואו ער איז געווען ווי אַ פּליט.

הרב מענדל ניי — שטאָטישער רב. אומגעקומען.

הרב אפרים טאוב — איידעם פון שטאָטישן רב. אומגעקומען.

מ. ש. קויפמאַן און י. טאַרטשיץ (וועגן זיי אין דער אַרבעט פון יקיר ניימאַרק).

משה אַנקער — בוכהאַלטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. ציוניסט. אומגעקומען.

העסקע — אַרבעטער־טועריך. פרוי פון אַ צאָן־טעכניקער, געוואוינט הינטער האַפּמאַנס קינאָ. געפינט זיך אין ישראל.

יקיר ניימאַרק — אַקטיווער טוער פון לינקע פועלי־ציון. קאָמאַשןשטעפּער. געפינט זיך אין ישראל. איז פאַרטראָטן מיט אַן אַרבעט אין פּנקס.

פּאַוועל מאַניקאָוו — פאַבריקאַנט פון לייכטע געטראַנקען. אַנטלאָפן אין אָנהייב פון דער מלחמה קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און דאָרטן אומגעקומען.

ד״ר שלמה דאַווידסאָן — בונדישער טוער, איידעם פון יודל האָניגספעלד. אַנטלאָפן קיין סאָוויעטן־רוסלאַנד און דאָרטן אומגעקומען נאָכן אָנקום פון די נאַציס.

צפּורה שיינבערג — די פרוי פון שלמה שיינבערג, געשטאָרבן אין 1939.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל זענען פון די 28 דערמאָנטע יחידים אין די פּולאַווער ידיעות געבליבן לעבן ניט מער ווי 3 און 25 זענען אומגעקומען. זיי האָבן אָבער איצט באַקומען אַ תיקון אין אונדזער יזכור־פּנקס, ווי די וואָס האָבן פון די ערשטע צוגעלייגט אַ האַנט צום קאַמף קעגן דער אויפקומענדיקער דאַן נאַציסטישער הידרע. אייביק זאָל לעבן זייער אָנדענק. צווישן אונדזערע קדושים און טהורים וועלן זיי פאַרנעמען דעם פאַרדינטן ערן־אָרט.

ישראל־איסר שיידענפיש

# אונדזער פאַרשניטענע היים



מיט אַ צעבראָכן האַרץ, טרויעריקן געמיט אין גרעסטן יראת־הכבוד טרעט איך צו צו פאַרצייכענען אַ ביסל זיכרונות פון אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט, לזיכרון דעם הייליקן אָנדענק פון די פּולאַווער יידן, וועלכע זענען אויף אַ ברוטאַלן אופן אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים און זייערע מיט־העלפערס.

איך ווייס, אַז דאָס זענען נאָר ברעקלעך פון געשעענישן; דאָס שטעטל און אירע יידן שטייען מיר פאַר די אויגן און איך שרייב פון זיכרון און דעריבער זענען עס פראַגמענטן פון פאַרשידענע צייטן און פון פאַרשידענע קרייזן. איך וועל דעריבער בעטן אַנטשולדיקונג ביי די אַלע וועמען איך האָב ניט דערמאָנט. געשען איז עס ניט בכוונה. סוף־כל־סוף זענען טייל זאַכן פאַרלאָפן מיט צענדליקער יאָרן צוריק און זענען שוין אָפּגעמעקט געוואָרן אין געדאַנק.

איידער איך קום צום טרויעריקן חורבן־קאַפּיטל וויל איך זיך אָפּ־שטעלן אויף פריערדיקע צייטן, איך וויל דערמאָנען אַ פּאָר פאַלן, וואָס איך געדענק פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַ טייל אויך פון שפּעטער.

ווען מען האָט אין דער ערשטער דייטש־רוסישער מלחמה פון 1914 אַרויסגעטריבן די פּולאַווער יידן צום דריטן מאָל, זענען אַ סך פּולאַווער געוועזן אין קאָריוו. צוזאַמען מיט אונדז איז דאָן אויך געוועזן דער אַלטער מורה־הוראה רב הערש־לייב ראָזענצווייג. דעמאָלט איז די רוסישע אַרמיי אַדורכגעגאַנגען פּולאַוו קיין קאָריוו און זיי האָבן זיך געגרייט אויסצורויבן דאָס יידישע פאַרמעגן און פאַרברענען קאָריוו. דאָן איז אַרויס דער אַלטער מורה־הוראה פון זיין וואוינונג אויפן באַלקאָן אין זיין גאַנצער פּראַכט און אָנגעהויבן רעדן און אַפּעלירן צום רוסישן שטאַב, וואָס איז דאָן אָפּגעטראָטן און זיי געבעטן ניט חרוב מאַכן די שטאָט, ווייל, האָט ער געזאָגט, היינט גייט איר אַוועק און מאָרגן קאָנט איר צוריקקומען, די שטאָט וועט גע־הערן צום צאַר ניקאָלאַי, ווי קאָנט איר דערלאָזן, אַז דער צאַר זאָל באַ־קומען אַ חרובע, אַ צעשטערטע שטאָט? ... די רייד האָבן געהאָלפן און

אויף אַזאַ אופן האָט דער אַלטער מורה־הוראה אָפּגעראַטעוועט דאַן אַ שטאָט ייִדן פון חורבן.

אַ טאָג שפּעטער אין שוין דער פולאַווער פּאַוויאַט געווען אָקופּירט פון די עסטרייך־דייטשישער אַרמיי און די ייִדן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין פולאַוו. די גרעסטע טייל פון דער שטאָט איז געווען פאַרברענט און דאָס האָט גורם געווען אַ גרויסע אָרעמקייט. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז די ייִדן האָבן צוריק אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען זייערע האַנט־ווערקער־וואַרשטאַטן און עפענען זייערע געוועלבער. דאָס ייִדישע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צוביסלעך סטאַביליזירן.

אין יאָר 1920, בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה זענען אין פולאַוו געווען אַ סך געפאַנגענע זעלנער פון דער פריערדיקער רוסישער אַרמיי. מען פלעגט זיי יעדן טאָג פירן דורך דער לובלינער גאַס צו דער אַרבעט אין גרויסן הונגער. ווען אייניקע פלעגן זיך אַראָפּבויגן אויפצו־הויבן אַן אַראָפּגעפאַלענעם עפּל, אָדער עפּעס אַנדערש צום עסן, האָבן זיי באַקומען מוראדיקע קלעפּ. דער הונגער און די קראַנקייט צווישן זיי איז געווען אומגעהויער גרויס און זיי זענען מאַסנווייז געשטאָרבן. יעדע נאַכט האָט מען געפירט די מתים אין פולע וועגענער אויף ווילקע גאַס צום באַגראָבן. אַ סך פון די מתים האָט מען אויפן וועג פאַרלאָרן און ווען עס איז געוואָרן טאָג האָט מען די דאָזיקע פאַרלאָרענע מתים צונויפגעקליבן און זיי קובר געווען. צווישן די געפאַנגענע זענען אויך געווען ייִדן, וועלכע פלעגן קומען אין בית־מדרש אַריין. ייִדישע אַרבעטער האָבן דאַן געשאַפן ברויט און זיי געגעבן. זיי זענען מיט דעם ברויט אַוועקגעגאַנגען און אפשר זיך אויך געטיילט מיט אַנדערע געפאַנגענע.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אין פולאַוו אַנטוויקלט אַ שטיקל אינדוסטריע פון שיך. די אויסגעאַרבעטע שיך אין פולאַוו זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין גאַנץ פוילן. סוחרים פון אַלע געגנטן זענען געקומען און האָבן געקויפט פולאַווער שיך־פּראָדוקציע. איך דערמאָן דאָ די שיך־פאַבריקאַנטן (אַלע זענען זיי דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן): איט־שעלע פרידמאַן, דוד שטיינבוך, די ברידער מוינע און ישראל־אביגדור טייך, יעקב־שלמה באָרנשטיין, משה זאַלטמאַן.

אין דער צייט איז אויפגעקומען אַ ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג. די אַרבעטער האָבן געגרינדעט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. צום פאַריין האָבן אויך געהערט עטלעכע פוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט צו־זאַמען מיט די ייִדישע. די צייט איז ניט געווען קיין סטאַבילע, די וואַליוטע איז ניט געווען קיין פעסטע און איבער נאַכט זענען די פרייזן פון לעבנס־פּראָדוקטן געשטיגן און דער אַרבעטס־לוין האָט קיין מאָל נישט געקאָנט נאָכיאָגן די פרייזן. פלעגן טאַקע גאָר אָפט אויסברעכן קאָנפליקטן צווישן

די פאַבריקאַנטן און די אַרבעטער; עס פלעגן דערקלערט װערן שטרייקן, און ניט זעלטן האָבן די דאָזיקע קאָנפליקטן געבראַכט פשוט צו געשלעגן. דער פראָפעסיאָנעלער פאַריין איז געשטאַנען פאַר שװערע און פאַראַנטװאָרט־לעכע אויפגאַבן.

איך בין געװאָרן אַ מיטגליד אין פראָפעסיאָנעלן פאַריין אין יאָר 1924. דער פאַריין האָט זיך דאַן געפונען אויף שפּיטאַלנע גאַס. אַזוי װי אין די שוסטער־װאַרשטאַטן האָט מען געאַרבעט ביז 11—12 ביינאַכט האָט די פאַרװאַלטונג אָנגענומען אַ באַשלוס ניט צו לאָזן אַרבעטן װי ביז 6 אָדער 7 אַזייגער. דאָס איז אויך געװען אַ געװנוג לאַנגער אַרבעטס־טאָג, נעמענדיק אין אַכט, אַז צו דער אַרבעט פלעגט מען קומען גלייך מיט טאָג. עס איז געגאַנגען אין עטלעכע ענינים צוזאַמען. דאָס אַרבעטן לאַנג האָט געקאָנט שפּעטער אַרויסרופן אַרבעטסלאָזיקייט אין פאַך; װידער האָט דער פאַריין ניט געקאָנט דערלאָזן אַזאַ אוממענטשלעכע עקספּלואַטאַציע און צום סוף — די פאַריינס־פאַרװאַלטונג האָט געװאָלט, אַז די יונגנטלעכע און אויך עלטערע



דער לעדער־פאַריין אין פולאַװ. די גרעסטע מערהייט זענען געװען יידן. דער פאַריין איז געװען אָנגעשלאָסן אין דער לעדער־צענטראַלע אין װאַרשע. דער פאַרזיצער פון דער צענטראַלע איז געװען אַרטור זיגעלבוים, סעקרעטאַר סאַלעק ליכטענשטיין. די פאָטאָגראַפיע איז געמאַכט געװאָרן אין יאָר 1928, לכבוד דער באַנייאונג פון דער פאַריינס־פאָן. די פאָטאָגראַפיע איז גענומען געװאָרן אין פראָנט פון הויז, װאו דער פאַריין האָט זיך דאַן געפונען — פון נאָסעלע זװאָלינער, אַ באַלעגאָלע.

אַרבעטער זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו קומען אין פאַריין, וואו עס איז געווען אַ לייען־זאַל, אַ ביבליאָטעק, זיי זאָלן קאָנען לייענען אַ צייטונג, אַ בוך און בכלל זיך באַקענען און וויסן וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט.

אין פאַריין פון די לעדער־אַרבעטער האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן; זיי האָבן געעפנט זייערע בראַנזשע־פאַריינען אין לאָקאַל פון לעדער־פאַריין. אַזוי אַרום איז כמעט די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט געווען אָרגאַניזירט אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

אין דער זעלביקער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־אָפּטיילונג און אויך אַ דראַמאַטישער קרייז. איז שפּיץ פון דראַמאַטישן קרייז איז גע־שטאַנען אהרן געווערצמאַן, ער האָט אַוועקגעגעבן אַ סך טעג און נעכט פון זיין לעבן פאַר דער קולטור־אַרבעט פון די פּולאַווער יידישע אַרבעטער.

אין דער טעטיקייט האָט צוגעהאָלפן די פּולאַווער יידישע אינטעליגענץ. איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פּאָר נעמען: פריינט שלמה שיינבערג, אַ דאַנק וועמען עס האָט אין פּולאַוו געשפּרודלט מיט יידישע ליטעראַטור און וויסן; אים צו לענגערע יאָרן, פריינט שלמה ראָזענבערג, וועל־כער איז מיט אונדז אין ניו־יאָרק. ש. ראָזענבערג האָט גענומען אַן אַק־טיוון אָנטייל ביים שאַפן די ביבליאָטעק פאַר דעם פּראָפעסיאָנעלן־פאַריין אין פּולאַוו. ווען ער איז געווען אין פּולאַוו און עס איז פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישע אונטערנעמונג פאַר דער ביבליאָטעק האָט ער שטענדיק זיך אין דעם באַטייליקט. ער פלעגט געבן זייןביישטייער אין צייט און אַרבעט פאַר דער ביבליאָטעק און פאַר די יידישע אַרבעטער.

די ביבליאָטעק ביים פּראָפעסיאָנעלן־פאַריין אין פּולאַוו האָט פאַר־מאָגט אַ סך הונדערטער ביכער. עס האָבן פון איר געניאָסן ניט דווקא די אַרבעטער, נאָר יעדער איינער פון שטעטל, פריער פאַר אַלץ די יוגנט, האָט געוואוסט, אַז אַ גוט יידיש בוך וועט ער קריגן אין דער ביבליאָטעק פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

איך וויל ווידמען אַ פּאָר ווערטער אַ ספּעציעלן שיכט פון אונדזער שטעטל — די פרויען אלמנות, אויף וועלכע עס איז אויסגעפאַלן דער שווערער יאָך פון דערציאונג און חיונה פאַר זייערע פאַריתומטע משפחות. זיי שטייען פאַר מיינע אויגן אין זייער האָרעוואַניע צו שאַפן שפּייז און דערנערונג פאַר זייערע קינדער. אַ טייל פון זיי זענען געזעסן אויף דעם מאַרק, אויף דעם „זאַמד״, וואו עס פלעגן פאָרקומען די יאַרידן און האָבן פאַרקויפט פּרוכט און גרינוואַרג. די קינדער זייערע זענען אויס־געוואַקסן פּראָדוקטיווע אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַכן. זומער אין די ברענענדיקע היצן און ווינטער אין די שווערע פרעסט פלעגן זיי פירן

זייער נעבעכדיקן גראַשענדיקן האַנדל. זייער אַרבעטס־טאָג האָט זיך ניט אָנגעהויבן מיטן שטעלן זיך פון יאַריד, זיי פלעגן דאָך פריער צוגרייטן זייער „סחורה״ און דאָס האָט געמיינט, אַז צו די שווערע טעג זענען צו־געקומען ניט־דערשלאָפענע נעכט.

אַ טייל פון די אלמנות זענען געווען יאַריד־פּאַרערינס. זיי פלעגן זיך אַוועקלאָזן צו די יאַרידן אין אַנדערע שטעטלעך: קאַריוו, מאַרקושעוו, קוזמיר, זוואָלין. זיי פלעגן דאָרטן איינקויפן עופות, אייער און אַנדערע זאַכן און עס נאָכדעם גיין איבער די הייזער פון די פאַרמעגלעכע צו פאַר־קויפן. כדי צו פאָרן אויף די יאַרידן האָט מען געמוזט אויפשטיין 5 פאַר־טאָג און אָמאָל אויך פריער, ביי די ערגסטע וועטערן. מיין שוויגער ניכע רובינשטיין, וועלכע איז געוואָרן אַן אַלמנה צו 27 יאָר, איז געווען איינע פון זיי. ווען זי פלעגט קומען פון אַ יאַריד פלעג איך אָפט אַרויס־קומען און העלפן אַראָפּנעמען איר איינגעהאַנדלטע סחורה. איך האָב דאַן געזען וויפיל מי, וויפיל מסירת־נפש עס האָבן אַוועקגעגעבן אונדזערע מאַמעס, כדי צו שפּייזן און דערציען זייערע קינדער... און די דאָזיקע ערלעכע פרויען האָט עס דער נאַצישער באַרבאַריזם פאַרטיליקט צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידן.

זע איך איצט פאַר מיינע אויגן נאָך אַ פרויען־טיפּ, וועלכע מען דאַרף דערמאָנען. איר נאָמען איז געווען שרה־ליבע, משה קירשענבלאָטס מוטער. זי האָט זיך געשטעלט פאַר איר אויפגאַבע צו העלפן קראַנקע. פלעגט זי זיך דערוויסן פון אַ חולה אין שפּיטאָל אָדער אין אַ פּריוואַטער היים און דערצו אַן אָרעמאַן, האָט זי שוין ניט גערוט. זי איז געגאַנגען איבער די יידישע הייזער, וואו זי האָט געוואוסט, אַז דאָרט קאָכט מען אַ יויך מיט עוף, האָט זי געבעטן, אַז מען זאָל איר געבן אַ ביסל יויך, אַ שטיקל עוף און עס אַוועקגעטראָגן דעם קראַנקן. זי פלעגט אויך באַקומען אַנדערע עסנוואַרגן כדי מחייה צו זיין די קראַנקע. מען האָט אין ערגעץ שרה־ליבען ניט אָפּגעזאָגט. מען האָט געוואוסט, אַז זי טוט אַ הייליקע אַרבעט. ניט איין קראַנקער איז דורך איר געהאָלפן געוואָרן.

איך קאָן ניט פאַרבייגיין און ניט דערמאָנען נאָך איין פולאַווער אַלמנה, ישראל גאָלדבערגס מוטער — זעלדע האָט זי געהייסן. זי האָט דערנערט אירע קינדער דורך דעם וואָס זי פלעגט פונאַנדערטראָגן מילך צו פאַר־קויפן איבער די הייזער. די מילך האָט זי געבראַכט פון דאָרף ריט. דאָס איז געווען אַ זעקס קילאָמעטער פון פולאַוו. כדי זי זאָל האָבן די מילך פאַר אירע קונים גאַנץ פרי, האָט זי זיך געמוזט אויפהויבן איינס־צוויי אַזייגער ביינאַכט. זי האָט אָנגעטאָן אויף אירע אַקסלען די נאָשעס, אויף וועלכע עס זענען געווען אָנגעהאָנגען צוויי גרויסע קאַנען. פלעגט זי אַוועק־גיין אין דאָרף און שפּעטער גיין אונטער דער משא איינגעבויגן ממש מיטן

פנים צו דער ערד. וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע מאַמעס האָבן מיר עס געהאַט...

רעדט מען וועגן די פולאַווער יידן בכלל, וואָלט איך זיי איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס:

די ערשטע זענען געווען די וואָס האָבן ניט פאַרדינט גענוג אויף אַ זאַט לעבן; זיי האָבן זיך אַלע זייערע יאָרן געמאַטערט. דאָס זענען געווען יידן וואַסער־טרעגער, באַלעגאָלעס, טרעגערס, און לסוף אַזעלכע וואָס זייער מעמד האָט זיי געבראַכט צו גיין איבער די הייזער בעטן נדבות.

די צווייטע: יידן האַנדווערקער, באַלמלאָכעס און קליינע הענדלער, וועלכע האָבן זיך אויך שטאַרק געמאַטערט אויף זייער פרנסה. קיינמאָל האָבן זיי ניט געהאַט גענוג געלט אויסצוקויפן זייער פּאַטענט אויף אַרבעט אָדער האַנדל ביי דער רעגירונג. שטענדיק האָבן זיי געמוזט צובאָרגן אַ פּאָר זלאָטעס אין דער גמילת־חסד קאַסע.

די דריטע: די מער פאַרמעגלעכע יידן פון שטאָט, גרעסערע סוחרים, הייזער־אייגנטימער, דאָקטוירים. זיי האָבן געהאַט פרנסה, אָבער זיי האָבן אויך געהאַט די פליכט פאַר די אַנדערע. מיט קליינע אויסנאַמען האָבן די דאָזיקע באַלעבאַטיש־פאַרמעגלעכע יידן, געגעבן זייער ביישטייער דער יידישער קהילה, וואָס האָט פון איר זייט אַרויסגעהאָלפן די אָרעמע יידן ווינטער מיט באַהייצונג און קאַרטאָפל, פסח מיט מצות און בכלל ביי אַנדערע געלעגנהייטן.

אין פולאַוו איז געווען אַ חברה „הכנסת אורחים". ווען עס פלעגן קומען אָרעמעלייט פון דער פרעמד האָבן זיי געהאַט וואו איבערצונעכטיקן. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען אַ יידישער שוסטער — איטשע־מאיר דינער. ער האָט זייער פיל געטאָן אויף דעם געביט. ער האָט דעם „הכנסת־אורחים" אָפּגעהיט. ערב־פסח האָט ער אַליין געמאַכט יום־טובדיק די „הכנסת־אורחים"־שטוב. ער האָט געטוישט דאָס שטרוי אין די שעניקעס און אויסגעווייסט די היים פאַר די אָרעמע מענטשן. דער צווייטער, וואָס האָט זיך מתעסק געווען מיט הילף פאַר קראַנקע איז געווען שעפּ שניידער. ווינטער איז ער געווען אַ שניידער און זומער אַ סאַדאָווניק און אַ דאָרף־גייער. ער פלעגט אַ גאַנצן טאָג שווער אַרבעטן ביי זיין שניידער־מאַשין. די זומערדיקע פאַרטאָגן פלעגט ער זיך אַרויסלאָזן אין „זיינע" דערפער — פּאַכאָטקע אָדער וולאָסטאָוויץ, מיט צווי קוישן און איינקויפן עופות, וואָס ער פלעגט טראָגן שפּעטער אויפן מאַרק. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו זיצן אַ סך נעכט ביי קראַנקע ווען מען האָט געדאַרפט האָבן אַ שמירה ביי שווער־קראַנקע און די משפחות זענען שוין געווען פאַרמאַטערט.

בכלל האָבן אונדזערע פּולאַווער עמך־יידן, קצבים, שוסטערס, קאַמאַשן־מאַכערס, שניידערס, סטאָלאַרעס, קאַוואַלעס, בלעכערס, היטלמאַכערס און אַנדערע באַלעמעלאָכעס, געוועזן די ערשטע אומעטום מיט הילף. זיי זענען אויך שטענדיק געווען פון דעם ערשטן מנין אין דעם בית־המדרש און אויך צו מנחה־מעריב.

אין די האַרבסט־חדשים פון יאָר 1938 איז אָנגעקומען די ביטערע בשורה פון דייטשלאַנד, אַז מען האָט אַרויסגעטריבן די יידיש־פּוילישע בירגער און אַז זיי וואַלגערן זיך ערגעץ אין אַ לאַגער אין זבאָנשין. דייטש־לאַנד האָט זיי אַרויסגעטריבן און פּוילן האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט. דאָס פּוילישע יידנטום האָט דאַן געשאַפן הילף־קאָמיטעטן. אויך אין פּולאַוו איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ געמיינזאַמער הילף־קאָמיטעט ביי דער קהילה. (וועגן דעם הילף־קאָמיטעט האָבן מיר פריער אַ ספּעציעלן קאַפּיטל — רעדאַקציע). יעדע יידישע גרופּע האָט אַריינגעשיקט אירע פאָרשטייער אין דאָזיקן קאָ־מיטעט.

די ערשטע גרויסע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען פון די אַרבעטער אין שטאָט און זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַשטייערן מיט דעם פאַרדינסט פון איין טאָג אַרבעט פאַר די געליטענע יידן פון היטלער־דייטשלאַנד. די אַנדערע שיכטן זענען אַרויסגערופן געוואָרן אין דער קהילה אַריין זיי זאָלן זיך באַשטייערן מיט זייער חלק פאַר דער אַקציע. די הילפס־אַקציע איז אָנגעגאַנגען זעקס וואָכן.

דער צוזאַמענשטעל פון קאָמיטעט, ווי איך קאָן זיך דערמאָנען איז באַשטאַנען פון די ווייטערדיקע פּערזאָנען: דער פּולאַווער רב — הרב מענדל ניי, שלמה שיינבערג, דאָקטאָר פרידהאַפּער, הער מאַניקאָוו, ישראל מעסינגער, דאָקטאָר דאַווידסאָן, דירעקטאָר הענריק אַדלער; פון קולטור־פאַריין — משה נאַכטיגאַל און משה מעלמאַן; פון די פּועלי־ציון — שיע טאַרטשיץ און יאַקיר ניימאַרק; פון די האַנדווערקער — חיים־פּסח נאָדעל־מאַן און דוד שטיינבוך; פון דעם לעדער־פאַריין — ישראל שיידענפיש. איך געדענק אַז צוויי אָדער דריי פּראָפעסאָרן פון פּוילישן אַגריקולטור־אינסטיטוט און דער אַדוואָקאַט שפּאַניע (אַ פּאָלאַק) האָבן געבראַכט אין דער קהילה ביישטייערונגען פאַר די יידישע פּליטים אין זבאָנשין. זיי האָבן אָבער געבעטן ניט צו פאַרעפנטלעכן זייערע נעמען צוליב דעם אַנטיסע־מיטיזם וואָס האָט דאַן געהערשט אין פּוילן.

קום איך איצט צו צום טרויעריקן יאָר 1939.

נאָך פּסח האָט שוין די פּאָליטישע לופט אין פּוילן געשמעקט מיט מלחמה. עס איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן אַ געהיימע מאָביליזאַציע אין פּוילן. געוויסע יאָרגענג פון מיליטער־פּעאיקע זענען ביינאַכט אַרויסגע־נומען געוואָרן פון די בעטן און געשיקט געוואָרן אין די מיליטערישע

אָפּטיילונגען. עס איז געוואָרן שווער. עס איז געקומען אַ שטילשטאַנד אין אַרבעט און האַנדל.

אויך אין דער שווערער צייט פאַר פּוילן האָט דער אַנטיסעמיטיזם געבושעוועט. אָט דערמאָנט זיך מיר דער ווייטערדיקער פאַל: אין אַ מיט־וואָך ביינאַכט, דער לעצטער מיטוואָך פון אויגוסט 1939, ערב דעם אויס־ברוך פון דער מלחמה, בין איך געשטאַנען מיט אַ גרופּע לעדער־אַרבעטער אויף דער לובלינער גאַס. קעגנאיבער אונדז איז געשטאַנען לוי־יצחק דער שפּיליטער, און עטלעכע פּאָליאַקן זענען אים באַפאַלן און גענומען שלאָגן. דער ייד האָט געשריגן און גערופן הילף. מיר זענען אַריבער און מיר האָבן די חברה אַנטיסעמיטן צעשלאָגן. איז אָנגעקומען דער פּאָליציי־פּשאָדאָווניק אַדאַמסקי און האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן זיך פונאַנדערגיין, ווייל די צייט איז זייער אָן אָנגעשטרענגטע.

מיט 2 טעג שפּעטער, פרייטיק פרי, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, איז שוין געקומען די מעלדונג פון פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט מאָשטשיצקי, אַז דער דייטש איז אָנגעפאַלן אויף פּוילן און ער אַפּעלירט צו אַלע ביר־גער פון לאַנד זיי זאָלן זיין סאָלידאַר און גיין אָרעם ביי אָרעם כדי צו פאַרטיידיקן פּוילן.

מיט אַ גאָר קורצער צייט צוריק, ווען די מאַדאַם פּריסטאָר, די דע־פּוטאַטין פון פּוילישן סיים און דער גלח טשעטשאַק האָבן פון דער סיים־טריבונע געהעצט קעגן יידן, גערופן דאָס פּוילישע פאָלק צו עקאָנאָמישן באָיקאָט און פשוט צו פּאָגראָמען, דעמאָלט האָט מען ניט געהערט פון דעם זעלביקן פּרעזידענט, אַז ער זאָל רעאַגירן וואָס איין טייל בירגער העצט קעגן דעם צווייטן טייל בירגער און דאָס עפנטליך פון דעם פּוילישן פאַר־לאַמענט.

די פולאַווער האָבן צוגעגרייט „סכראָנעס" (שוץ־קעלערן), כדי זיך צו באַהאַלטן ווען די שטאָט זאָל באָמבאַרדירט ווערן. אויפן זעקסטן טאָג פון קריג, וואָס איז אַריין אין דער פולאַווער געשיכטע ווי דער „בלוטיקער מיטוואָך", איז די שטאָט שוידערלעך באָמבאַרדירט געוואָרן. מענטשן זענען געלאָפן זיך באַהאַלטן אין די צוגעגרייטע „סכראָנעס", אָבער דאָרטן האָבן זיי אויך געטראָפן די דייטשישע באָמבעס. מיט טיפן טרויער דערמאָן איך דאָ די ערשטע קרבנות, די יידישע הרוגים פון דער נאַצישער באָמבאַרדי־רונג פון אונדזער שטאָט; ישראל־אביגדור טייך, זיין פרוי, זיין זון — סומער; היים־יאַנקל שורטס צוויי טעכטער און אייניקלעך; אהרון געווערצמאַן יידעלע שערעשעווסקי; די גאַנצע פאַמיליע לאָרעס; מענדעלע דאָרפמאַנס איינציקער זון און פיל אַנדערע, וועלכע איך געדענק שוין נישט.

בעת דער באָמבאַרדירונג בין איך געווען אויף די מאָקראַטקעס, ביי מיין פרויס ברודער איטשע. מיר זענען געווען אויסגעלייגט אויף דער ערד

אין אַ סאָד. די ערד האָט זיך צוזאַמען מיט אונדז געטרייסלט פון די באָמבעס. ווען מען האָט אָפּגערופן דעם אַלאַרם פון די עראָפּלאַנען האָב איך זיך געלאָזט אַהיימלויפן צו מיין פרוי און קינד. אויפן וועג האָב איך געהאָלפן טראָגן די פאַרוואונדעטע און אויך געהרגעטע אין שפּיטאָל אַריין אויף דער שפּיטאַלנע גאַס. די גאַסן זענען געווען פול מיט גלאָז און מיט בלוט פון מענטשן.

פאַרנאַכט האָבן די יידן פאַרלאָזן די שטאָט. אַ טייל זענען געגאַנגען קיין קוזמיר, וואָנוואָלניץ, קאָריוו, באַראַנאָוו, מיעכיוו און אין אַנדערע קליינע שטעטלעך. איך האָב גענומען מיין קינד אויף די אַקסלען און צוזאַמען מיט מיין פרוי פאַרלאָזן די שטאָט.

מיט אונדז צוזאַמען איז אויך געגאַנגען דוד־נח טאַרטשיצס פרוי איטקע און זי האָט געפירט איר יינגעלע אין אַ קינדער־וועגל און מיר זענען אַזוי דערגאַנגען ביז קאָנסקעוואָליע. אין קאָנסקעוואָליע האָבן מיר זיך מיט איטקען פאַרלוירן. מיר האָבן זי מער נישט געטראָפן. הונדערטער יידישע פאַמיליעס זענען אַזוי געגאַנגען מיט אונז אַ גאַנצע נאַכט. צוזאַמען זענען מיר אָנגעקומען קיין מיעכיוו. מיר זענען געווען אין מיעכיוו אַ פּאָר הונדערט יידישע משפחות פון פולאַוו. איך מיט נאָך 17 יידישע משפחות פון פולאַוו זענען מיר געשלאָפן אין אַ קאַמער פון קאַלך. די זעלבע „באַקוועמ־לעכקייטן" האָבן געהאַט אויך די אַנדערע פולאַווער יידן. איך בין געווען ביי די סכאַרבעריס; דאָרט איז אויך געווען דער רבי, רב משהלע פון ראָדעם, אַ ייד אין דער הויכער עלטער, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

ערב־ראש־השנה, צוויי אַזייגער בייטאָג האָט דער רבי געהאַט אָפּגע־דאַוונט. ער איז שוין געווען ביי דער טיר אַרויסצוגיין פון בית־המדרש, איז ער צוריקגעקומען און איז אַרויפגעפאַלן אויפן ארון־הקודש און האָט זיך יאָמערלעך צעוויינט. אפשר אַ האַלבע שעה. דאָס בילד גייט מיר קיינמאָל ניט אַוועק פון מיינע אויגן.

אַ פּאָר טעג פאַר יום־כיפור האָבן מיר געהערט אַז פולאַוו איז שוין פאַרנומען פון די דייטשן. פולאַווער יידן האָבן אָנגעהויבן צוריק זיך אומ־צוקערן אַהיים.

אויפן וועג האָבן מיר שוין געטראָפן די דייטשישע אַרמיי אַריינמאַר־שירן קיין מיעכיוו. אויפן וועג האָבן מיר שוין באַלד פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון די דייטשן. זיי האָבן באַלד אַרויסגענומען אַלע מענער אויף אַרבעט. די ביטערקייט, וואָס מיר האָבן דעמאָלט דורכגעמאַכט איז ניט צו באַש־רייבן. אָבער ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, נאָך דער פאַרניכטונג פון די יידן אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריומס, איז דאָס וואָס מיר האָבן זיך דעמאָלט אָנגעליטן געווען ממש אַ שפּילכל.

נאָך אַ פּאָר טעג זיך מאַטערן אויף דער אַרבעט ביי די דייטשן האָט מען אונדז באַפרייט און מיר זענען אַוועק קיין פּולאַוו. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין שטאָט, האָט אונדז ממש אָנגעכאַפּט אַ שרעק. זיבעציק פּראָ־צענט פון די וואוינונגען זענען געווען צעשטערט און פאַרברענט פון די באָמבעס. די גאַנץ־געבליבענע וואוינונגען זענען אויסגערויבט געוואָרן דורך די קריסטלעכע שכנים. מיר זענען אַלע געבליבן ממש הויל און נאַקעט, דאַכלאָז און אָן וועלכע ניט איז עקזיסטענץ מעגלעכקייט, אַפילו דעם ערשטן טאָג דורכצוהאַלטן.

דעם ערשטן יידישן קרבן האָב איך געטראָפן זיך אַרומדרייען אויף דער לובלינער גאַס מיט אַ שטעקעלע אין האַנט — דאָס איז געווען משה־וואָלע שנורמאַכער. ער איז געווען אַראָפּ פון זינען. ביי אים איז אַלץ געווען פאַר־ברענט און האָט ניט פאַרמאָגט אויף ברויט. דער צווייטער פאַל איז געווען יאָסעלע שיידענפיש. עטלעכע דייטשן זענען צוגעקומען צו אים און אָנגעהויבן רייסן זיין באָרד. פון די ווייטיקן האָט ער יאָמערלעך געשריגן, אַזעלכע געשרייען האָב איך קיינמאָל ביז דאַן און אויך ווייטער ניט גע־הערט — היינט נאָך נעמט מיר דורך אַ שוידער ווען איך דערמאָן זיך עס. נאָך דעם פאַל האָבן יידן זיך געמוזט מאַכן ווי פאַיאַצן — זיי האָבן די בערד ניט געוואָלט אָפּשערן און האָבן זיך פאַרבונדן דאָס פנים מיט פאַטשיילעס, כדי צו פאַרשטעלן די בערד.

צו מיין פרוי איז צוגעקומען וועלוול צוקערמאַנס טאָכטער, דרייזל, שיי־קעס פרוי, וועלכע איז אויך געווען מיין פרויס קוזינקע; זי האָט געהאַלטן אירע צוויי קינדער לעבן זיך און געבעטן אפשר איז מעגלעך צו שאַפן פאַר די קינדער אַ ברויט, ווייל איר גאַנץ פאַרמעגן איז פאַרברענט געוואָרן און איר מאַן איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי.

אַזוי האָבן זיך אַרומגעדרייט הונדערטער און הונדערטער צעקלאַפּטע משפחות אָן יעדער עקזיסטענץ, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. מיך האָט „אָפּ־געגליקט". איך האָב באַקומען ביים געוועזענעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט פאַ־ראַפּיטשוק די שליסלען פון הויז פון קעניגסבערג אויף לובלינער גאַס, וואָס איז געבליבן גאַנץ. קיין מעבל איז דאָרטן ניט געווען. האָב איך זיך איינ־געאָרדנט אויפן הוילן דיל עס זענען צוגעקומען נאָך און נאָך משפחות, וועל־כע האָבן זיך אויפן זעלביקן אופן „איינגעאָרדנט"... קעניגסבערג האָט אַרויסגעוויזן גוטוויליקייט, קיין דירה־געלט ביי אונדז ניט פאַרלאַנגט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט דייטשישע פאַראָרדענונגען. יעדער טאָג נייע גזירות אויף יידן. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער באַפעל אַריינצוטראָגן אין מאַגיסטראַט די שליסלען פון די יידישע געשעפטן און וואַרשטאַטן, פאַרשטייט זיך פון די, וואָס זענען געבליבן גאַנץ פון דער

באָמבאַרדירונג און שריפה. יידן האָבן מער ניט געהאַט קיין רעכט אויף אַרבעט און האַנדל.

פון טאָג צו טאָג איז געוואָרן ערגער. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ראַ־ביר,', דערביי האָבן די פוילישע שכנים אָנגעוויזן וואו עס זענען פאַראַן יידן. דאָס זעלביקע איז אויך געווען ביים כאַפּן אויף אַרבעט. די קריסטלעכע שכנים האָבן געטייטלט מיט די פינגער און אָנגעוויזן, אַז דאָס זענען יידן. אַ געוויסן טאָג האָט מען צונויפגעטריבן די געכאַפּטע יידן צום מאַגיסטראַט און דאָרטן אויסגעשטעלט אַזוי ווי זעלנער. עס איז צוגעקומען דער געווע־זענער פּוילישער פּאָליציאַנט סליעניאַק און האָט אַדורכגעקוקט די רייען און געהייסן וואַרטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלן אים די „בעסערע געסט" פון דער יידישער געזעלשאַפט. ער האָט געשיקט אויפזוכן סומער אייזענמאַן, בנימין לאָטערשפּיל, און אַ סך אַנדערע. מען האָט אונדז אַוועק־געפירט אין די מיליטערישע קאַזאַרמעס צו פאַרשידענע אַרבעטן. ביי דער אַרבעט האָט מען אונדז מערדערלעך געשלאָגן. איך האָב געאַרבעט אין דער זעלביקע גרופּע, וואו עס האָבן געאַרבעט חיים־לייזער לערעס זון און אליה־פּסח טרעגערס אַ זון. די צוויי יידן האָבן אַ גאַנצן טאָג כסדר געקראָגן מוראדיקע קלעפּ מיט שטעקנס. ווען מען האָט אונדז פאַרנאַכט אָפּגעלאָזן, ווייס איך ניט מיט וועלכע כוחות מיר זענען דערגאַנגען אַהיים.

דער זעלביקער סליעניאַק איז צוזאַמען מיט עטלעכע דייטשן אַרומ־געגאַנגען מיט אַ פּושקע פאַרב און אין די הינטער־געסלעך אָנגעצייכנט די גרענעצן פון יידישן געטאָ, וואָס איז געוואָרן פּלאַנירט.

אין דער זעלביקער צייט איז אַרויס דער באַפעל, אַז יידן זאָלן אָנטאָן בענדער אויף די אָרעמס, כדי מען זאָל דערקענען אַז זיי זענען יידן.

ווען יידן זענען געשטאַנען אין די רייען נאָך ברויט האָט מען זיי פון די רייען אַרויסגעוואָרפן, געטאָן האָבן עס דייטשן צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, וועלכע פלעגן אָנווייזן די דייטשן ווער עס זענען יידן.

אַ פּאָר פאַלן, וואָס האָבן זיך באַזונדערס איינגעקריצט אין זיכרון וויל איך דאָ דערציילן, וואָס באַווייזן די דייטשישע אַכזריות פון יענע טעג פון אָנהייב פון זייער אָקופּאַציע.

געווען ביי אונדז אין פּולאַווו אַ יונג יידיש מיידל, זייער אַ שיינע, יעקב־לייב קצבס אַ טאָכטער. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּועלי ציון יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זי האָט געהאַט אַ ברודער אין דאָמאַטשעווע, משה־לייזער שניטערמאַן. אַ געוויסן מאָל האָט איר אַ דייטש נאָכגעיאָגט, געוואָלט זי כאַפּן און פאַרגוואַלטיקן. זי האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, אָבער פון שרעק איז זי אַראָפּ פון זינען. אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען זי אַוועקגעפירט קיין דאָמאַטשעווע.

געווען ביי אונדז אַ ייד יואל טייטעלבוים, גערופן האָט מען אים „דער שטומער יואל״. געווען איז ער אַ געפערלעך קראַנקער מענטש. עס איז אים געווען שווער צו רעדן און שווער צו גיין. זיין גאַנצער גוף איז געווען צע־בויגן און צעקריפּלט. אָט דער חלוש האָט געהאַט זיין פּרנסה: קלייבן און האַנדלען מיט אַלט אייזן. קראַנקערהייט האָט ער געשלעפּט אויף זיין דעפאָר־מירטן גוף די אייזנס, כדי צו קאָנען דערנערן זיין משפחה. אָט דעם דאָזיקן יואלן האָבן די דייטשן געכאַפּט אין ברויז און האָבן מיט אים אָנגעהויבן מאַכן „גימנאַסטיק״ — געצוואונגען צו שפּרינגען אין און אַרויס פון אַ גרוב. דער ייד איז געוואָרן איינגעבראָכן און אין דאָזיקן גרוב אומגעקומען, דאָ איז טאַקע געוואָרן זיין קבר.

צו דער סעריע „פאַרוויילונגען״ דאַרף מען אויך צורעכענען דאָס שפּיל וואָס די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט מיטן פולאַווער רב און זיין איידעם. זיי האָבן געוואוינט אין קוזמיר, האָבן די דייטשן איינגעשפּאַנט דעם רב מיט זיין איידעם אין אַ וואָגן און אויפן וואָגן אַוועקגעזעצט דעם רבס זון, פּינטשע, און אים געצוואונגען, אַז ער זאָל שמייסן דעם פאָטער און שוואָגער...

דאָס אַלץ זענען געווען פאַרשפּיל־אַקטן צו דער לעצטער טראַגעדיע און דעם אומקום פון די פולאַווער יידן. סוף דעצעמבער 1939 איז געקומען אַ פאַראָרדנונג פון דער דייטשישער מאַכט, אַז אין משך פון 2—3 טעג זאָלן די יידן פאַרלאָזן פולאַוו. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַמיאונגען אָפּצו־רופן די גזירה, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. בכלל איז דאַן אַזאַ גירוש געווען נאָר אין פ ו ל אַ ו ו, אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך זענען נאָך דעמאָלט די יידן געזעסן אויף די ערטער. די דייטשן האָבן אָבער אַפילו דעם טערמין וואָס זיי האָבן פריער געגעבן ניט געהאַלטן. זיי זענען אין מיטן דער נאַכט באַפאַלן די יידישע וואוינונגען, אויפגעריסן טירן און פענצטערס און אַרויסגעטריבן די יידן; זיי זאָלן פאַרלאָזן פולאַוו.

אַזוי האָט מען אָנגעהויבן טרייבן די יידן — מענער, פרויען און קינדער, אַלטע און קראַנקע. די מערדער האָבן אונטערגעטריבן מיט קלעפּ. געטריבן האָט מען קיין קוזמיר, אָפּאָלע, וואָנוואָלניץ — מער זענען שוין די יידן ניט געקומען צוריק קיין פולאַוו.

פון די ערטער, וואוהין זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן האָט שוין דער וועג פון אונדזערע פולאַווער געפירט צוזאַמען מיט די דאָרטיקע יידן, אויפן פיין־וועג פון די זעקס מיליאָן קדושים. דאָס איז דער סך הכל פון א־נדזערע פולאַווער יידן, וועמענס אָנדענק מיר וועלן קיין מאָל ניט פאַרגעסן. מיר וועלן אָבער אויך קיין מאָל ניט פאַרגעבן די נאַצישע מערדער פון אונדזע־רע טייערסטע — אַן אייביקע קללה זאָל הענגען איבער זייערע קעפּ!

# חורבן פולאַוו

דער לובלינער געגנט האָט פאַרנומען אַ ספּעציעלן אָרט אין די נאַצישע פּלענער פון דער יידן־פאַרטיליקונג. תחילת איז געווען דער פּלאַן פון די נאַציס איינצואָרדענען אין לובלינער געגנט אַ יידישן „ר ע ז ע ר ־ וו אַ ט". פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן און לובלינער געגנט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין דעם קרייז, וואו עס איז דורך די נאַציס דורכגעפירט געוואָרן די גרויזאַמע פאַרטיליקונג פון די יידן, נישט נאָר פון פּוילן.

אין דעם לובלינער דיסטריקט זענען געווען די ערשטע צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן שוין אין יאָר 1939. אין דעם דיסטריקט האָבן די נאַציס אויפגעבויט דריי טויט־פאַבריקן: מיידאַנעק, בעלזשעץ, סאָביבאָר, און בשכנות אויך טרעמבלינקע, חוץ אַ ריי גרויסע יידישע אַרבעטס־לאַגערן (פּאָניאַטאָווע, טראַווניק, בודזין א״אַ).

אין לובלינער דיסטריקט איז פולאַוו אויסגעטיילט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן „קרייז־הויפּטמאַנשאַפט", צו וועלכן עס האָבן געהערט, חוץ פולאַוו, נאָך די וויטערדיקע 13 שטעטלעך און זייערע אַרומיקע דערפער: באַראַנאָוו, דעמבלין־אירענע, יוזעפאָוו ביי דער ווייסל, קאָרעוו, קוזמיר, קאָנסקעוואָליע, ליסאָביק, מאַרקושעוו, מיכעוו, נאַלענטשאָוו, אָפּאָלע, ריקי און וואָנוואָלניץ.

ווייטער ברענגען מיר די טאַבעלע פון דער פאַרטיליקונג פון די יידן פון פולאַווער קרייז און אַ מאַפּע, ריכטיקער ד י ט ו י ט ־ ק אַ ר ט ע, פון די יידן אין גאַנצן לובלינער דיסטריקט. די דאָקומענטן האָבן מיר גענומען פון די „בלעטער פאַר געשיכטע", יאַנואַר—יוני 1950, באַנד 3, העפט 1־2, וואַרשע, אַרויסגעגעבן פון דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, וואו עס איז דאָ אַ גרינטלעכע אַרבעט פון ט. ברוסטין־בערנ־שטיין וועגן דעם אומקום פון די יידן אין לובלינער דיסטריקט.

פון דער טאַבעלע זעען מיר, אַז אין פולאַוו איז שוין אין דעצעמבער 1939 פאָרגעקומען דער ג י ר ו ש פון די יידן. עס איז געווען דער ערשטער גירוש אין געגנט. זיי זענען, ווי מיר זעען, אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין אָפּאָלע, ריקי, נאַלענטשאָוו, קאָנסקעוואָליע, און שפּעטער געטיילט דעם גורל פון די יידן, וואוהין זיי זענען מגולגל געוואָרן.

טייל זענען אַוועק אויף דעם וויטן פּליטים־וועג, דערגרייכט אַזש

ביז די ווייטע סיביר׳ער פּאָסיאָלקעס פון ראַטנפאַרבאַנד, אָדער אין מיטל־אַזיע.

טייל זענען געוועזן אויף די אָקופּירטע געגנטן פון פּוילן דורך דער רויטער אַרמיי און דאָרטן אומגעקומען.

זייער פיל זענען אַריינגעפאַלן אין די נאַצישע לאַגערן, פון וואַנען עס זענען אַרויס געציילטע.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען ברענגען מיר טאַקע אַ ריי פּערזענלעכע זכרונות, גבית־עדותן און דאָקומענטן וועגן דעם דאָזיקן לעצטן קאַפּיטל פון דער געשיכטע פון דער פּולאַווער קהילה. די פּערזענלעכע זכרונות, ווי די גבית־עדותן, זענען, פאַרשטייט זיך, אויף דער אחריות פון די יחידים, וועלכע זענען געוועזן עדות פון די געשעענישן און זיי דורכגעלעבט.

***

די טויט־טאַבעלעס פון פּולאַווער קרייז זענען אויף די זייטן 336—337.




די טויט־קאַרטע פון די לובלינער יידן.

(די היטלערישע אַרבעטס קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונגס־לאַגערן אויפן געביט פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט).

## די פאַרטיליקונג־קאַרטע פון די יידן אין לובלינער דיסטריקט

שמחה סנה

## יאָרצייט-באַלאַדע

אויפֿן פֿולאַווער וועג אויפֿן ברייטן
שאָקלען מיט בערד די קאַשטאַנעס
און בעריאָזקעס אין ווייסע טליתים
דוכענען שטיל ווי כוהנים.

ביים שיידוועג אַן אַלטע מכשפה —
אַ ווערבע צעדרייט און צעהויקערט
האַלט אונטער מיט פֿינגער מיט שטייפֿע
אַ סאָווע מיט בליציקע אויגן.

און קעגנאיבער: אַ צלם —
מיט גרינלעכע מאָכיקע אָרעמס
וואָס בענטשן שיכּורים, ערלים
וואָס בענטשן בלויז גויאישע קברים.

קומט אָן אליהו הנביא
אין אַ שטערנדיק בלוילעכן קיטל
און ס׳בוקן זיךביימער מיט כּבוד
און ס׳בלאָזט זיך דער צלם מיט ביטול.

פֿרעגט אליהו הנביא
אַ וועג צו רב אַהרן, מיין זיידן.
קייכט פֿאַר געלעכטער די סאָווע
און פֿאַטשט מיט די פֿליגל מיט ביידע.

„רב אהרן? גיי פֿרעגן די ראָבן
די קראָען, די הינט און די שלאַנגען —
זיי ווייסן וואו עס איז באַגראָבן,
איך האָב נישט געזען שוין לאַנג אים".

צעשפּרייט אליהו די פליגל
און ס׳פּלאַטערט זיין באָרד אין די הויכן.
זיין קיטל — אַ בלאָלעכער זעגל
אין מילכיקן וועג אינעם בלייכן,

און ער יאָגט זיך נאָך פויגלשע סטאַדעס
נאָך קראָען, און שפּאַרבערס, און ראָבן —
זיי ווייסן, זיי ווייסן אַוודאי
וואו רב אַהרן באַגראָבן.

נאָר ס׳קראַקען די קראָען און שפּעטן
פון אַלטיטשקן רב אליהו,
און ווינטן אין ווילדע געוועטן
רייטן אויף וואָלקנס אויף גראָע;

און ס׳פליען די וואָלקנס מיט סאַזשע
פון פלייש און פון ביינער פאַרברענטע
מיט שטויביק־צעפלויגענע אַשן
פון קיינעם שוין איצט נישט דערקענטע —

ווערט אליהו הנביא...

— — — — — — — — — —

פאַרשלונגען, פאַרשוואַרצט און צערונען
איך וועל אים שוין איצט נישט געפינען
נישט אים, און נישט מיין קבר־אבות.

משה בלוישטיין

# כראָניק פון חורבן און נע־ונד

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אַלס געוועזענער שטאָטישער עסקן, גלויבט, אַז עס איז זיין היילינקע פליכט און אַז ער איז אויך דער־צו באַרופן אויפצוצייכענען אין אַ קורצער פּאָפּולערער פאָרם דאָס, וואָס עס איז ביי אים פאַרבליבן אין זיכרון פון יענע גוטע און אויך פון די שפּעטערדיקע שרעקלעכע צייטן, כדי עס זאָל פאַרבלייבן וועלכער ס׳איז זכר פון דער חרוב געוואָרענער שטאָט פולאַוו.

## דאָס קאָשמאַרנע יאָר 1939

די ערשטע חדשים פונם יאָר זענען געשטאַנען אונטערן צייכן פונם אַריינדרינגען פון די באַוואָפנטע היטלעריסטישע כוחות קיין טשעכאָסלאָ־וואַקיע. אַ טיפע שפּאַנונג האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע וועלט און באַזונדערס פּוילן, מיט וועלכער דייטשלאַנד האָט געהאַט אַלטע חשבונות. דער אינהאַלט פון די טעגלעכע צייטונגען האָט נישט פאָראויסגעזאָגט קיין גוטס. אויף יעדנס געזיכט איז געווען אויסגעזאָגט אַן אויסדרוק פון שרעק, וואָס האָט באַדייט אַז עפּעס שרעקלעכס דערנענטערט זיך מיט ריזנשריט. סוף אויגוסט האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן די ערשטע מאָביליזירטע חיילות און ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז געציילטע טעג טיילן אונדז אָפּ פון דער מלחמה.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 10 אַזייגער פרי האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דייטשע עראָפּלאַנען. שבת דעם 2־טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, ווען די זון האָט קוים אָנגעהויבן אויפצושיינען, איז דאָס קליינע הייפל מענטשן, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער גאַס, געוואָרן אַרומגעכאַפּט פון אַ בהלה. ווי שאָטנס האָבן זיי זיך געשלייכט ביי די זייטיקע ווענט, האָפנדיק אַזוי אַרום זיך אויסצובאַהאַלטן פון די אַראָפּפאַלנדיקע באָמבעס. די מענטשן האָבן פאַרגעסן אין זייערע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען און גענומען טראַכטן עצות ווי אַזוי אויסצומיידן די סכנה. דערווייל האָבן זיך דער־טראָגן טרויעריקע בשורות, איינע שרעקלעכער פון דער צווייטער. עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז די דייטשע טאַנקן האָבן צעקלאַפּט די פּוילישע באַ־וואָפנטע כוחות און אַז זיי געפינען זיך שוין 200 קילאָמעטער טיף אין דער פּוילישער טעריטאָריע. באַלד איז אויך באַוואוסט געוואָרן, אַז אין די

ערטער, וואוהין זיי דרינגען אַריין ווערט די יידישע באַפעלקערונג טע־ראָריזירט און געפייניקט אויפן שרעקלעכסטן אופן. די יידישע קהילה האָט ווי אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די קהילה־לייט זענען זיך צעלאָפן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטיש אַנטלויפן פון שטאָט.

ווי ווייט דאָס אויג האָט דערגרייכט האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען פון פוסגייער און בהמות, פון אויטאָס און וואָגנס, פון פראַכטפולע לימו־זינעס און רייטערס אויף פיין געפלעגטע פערד, פון מאָטאָציקלען און געוויינטלעכע ראָווערן. דאָס אַלץ האָט זיך געצויגן ביים אָפשיין פון קנאַקנדיקן פייער און שרעקלעכן רויך, וואָס האָט געדראָט צו דערשטיקן. גייענדיק, האָסטו זיך אָנגעשטויסן אָן אויפהער אויף מתים — מענטשן און געפגרטע פערד, אויף הפקרדיקע לימוזינעס און מאָטאָציקלען, וואָס זענען פאַרלאָזט געוואָרן דורך זייערע אייגנטימער צוליבן אויספעלן פון בענזין, זייער צאָל האָט דערגרייכט אין די הונדערטער. אַזוי זענען מיר כסדר געפאַלן אין באַלד צוריק אויפגעשטאַנען, כדי צו אַנטלויפן וואָס ווייטער פונם קאָשמאַר. ענדלעך זענען מיר טויט־מידע אָנגעקומען אין נאָענטסטן שטעטל קאָנסקע־וואָליע.

## דאָס שטעטל קאָנסקיע־וואָליע און דער ווייטערדיקער מאַרש

אַ קאַלטער נאַסער ווינט האָט געשמיסן אין פּנים. ס'האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שטאַרקער שלאַגס־רעגן. די פיס האָבן מער נישט געטראָגן. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן מאַרק און געוואַרט — אולי ירחם, אפשר וועט וועלכער ס'איז ייד רחמנות האָבן און געבן אונדז וואו איבער־צונעכטיקן.

ענדלעך איז צו אונדז צוגעקומען אַ ייד, וואָס האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ שפייכלער. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויפן אויסגעשפרייטן שטרוי און איינגעשלאָפן. ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָבן זיך ווידער באַוויזן די דייטשע עראָפּלאַנען. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז מען דאַרף לויפן ווייטער. הונגעריקע און דורשטיקע האָבן מיר מאַרשירט ווייטער, און נאָך בערך 3 שעה זענען מיר אָנגעקומען אין אַ פוילישן דאָרף. דאָרט האָבן מיר אָפּגערוט אַ שעה און גענומען מאַרשירן ווייטער. שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל וואָנוואָלניץ.

דאָ האָט זיך אויך געפונען אַן אָרטיקער ייד, וועלכער האָט אָפּגעגעבן אַ גרופּע פון היימלאָזע פון אונדזער שטאָט אַ קעלער, וואָס האָט פריער געדינט פאַר אַן עפּל־מאַגאַזין. געווען איז דאָרט נאַס, און ריחות פון פוילעניש פון די עפּל האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם, אָבער עס איז דאָך געווען אַלץ בעסער ווי נעכטיקן אויף דער גאַס.

דעם 17טן סעפטעמבער איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין פוילן און פאַרנעמט וואָס ווייטער שטעט און שטעטלעך. דערווייל איז אָנגעקומען ראש־השנה. די בתי־מדרשים און מנינים זענען פול געווען מיט מתפללים, וואָס זענען געקומען אויסבעטן זיך אַ גוט יאָר. דעם זעלבן טאָג זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז די דייטשן האָבן שוין פאַרנומען לובלין. אַזוי אַרום האָבן מיר אין וואָנוואָלניץ זיך שוין אויך געפונען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, כאָטש אין שטעטל גופא זענען זיי נאָך נישט אַריינגעדרונגען.

ביסלעכווייז האָבן אויך דאָ אָנגעהויבן אויספעלן לעבנסמיטל און איך בין געקומען צום באַשלוס זיך אומצוקערן אַהיים. אָבער קודם־כל האָב איך געוואָלט וויסן, וואָס עס הערט זיך אין פולאַוו? ווי אַזוי באַגייען זיך די רוצחים מיט די יידן, וואָס געפינען זיך דאָרט? צו דעם צוועק זענען פאַרבליבן וואַרטן אין וואָנוואָלניץ. נאָך 7 טעג נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף אַן ענטפער, האָב איך מיט מיין זון אויך אַוועקגעלאָזט זיך אַהיים. מיר זענען צוגעקומען אין עק פון דער שטאָט און זענען אַריין צו אַ באַקאַנטן אָרטיקן איינוווינער, כדי צו הערן פון אים ידיעות. קיין פריילעכע ידיעות האָט ער לײדער נישט געקאָנט אונדז איבערגעבן. ער האָט צווישן אַנדערן דערציילט, אַז די דייטשן האָבן געשאַפן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער לעבן ראַדאָם און דאָרט אַהין האָבן זיי געשיקט עטלעכע פולאַווער איינוואוינער, צווישן זיי אויך משה זייפּמאַן, אַ ייד אַ גברן. דאָרט האָט מען די יידן שטאַרק געפייניקט און דערנאָך באַפרייט.

דורך גערטנער און פעלדער האָב איך זיך בגניבה אַדורכגעשלייכט, כדי נישט אָנצוטרעפן אויפן וועג די נאַצישע באַנדיטן און דאָס איז מיר געלונגען. געווען איז עס צוויי טעג פאַר יום־כיפור. ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז מיין געשעפט און אויך די באַהאַלטענע זאַכן אין קעלער פאַר־בליבן גאַנץ.

איך בין דערווייל פאַרבליבן אין מיין וואוינונג, וואָס איז באַשטאַנען פון 3 צימערן און אַ קיך און מיין פרוי איז געשטאַנען אין קלייט, ווייל די דייטשן האָבן פאַראָרדנט, אונטער דער דראָונג פון טויט, אָפן צו האַלטן די קלייטן אויך שבת און יום־טוב ביז 5 אַזייגער נאָך מיטאָג.

איך האָב פאַרקלעפּט די שויבן פון די פענצטער מיט צייטונגען, איבערלאָזנדיק אינמיטן אַ קליין לעכל, דורך וועלכן איך האָב געקאָנט אָבסערווירן ווער ס׳דערנענטערט זיך צום הויז, כדי אין אַ נויטפאַל זיך צו קאָנען באַהאַלטן אויפן בוידעם.

אין יום־כיפור איז פאָרגעקומען אַ פאַל, פאַר וועלכן איך האָב גע־דאַרפט גומל בענטשן. געשען איז אָט וואָס: אין מיין קלייט זענען פאַר־בליבן אילוסטרירטע זשורנאַלן, אַרויסגעגעבענע דורך פוילישע פאַר־

לעגער. אין איינעם פון זיי, אונטערן נאָמען „קינאָ", האָט זיך געפונען אַ בילד ווי פולקאָווניק בעק רייט אויף היטלערן. איך האָב וועגן דעם נישט געוואוסט. האָב איך דען געקאָנט איבערקוקן אַלע דערהאַלטענע צייטונגען? און אָט איז אין קלייט אַריינגעקומען אַ דייטשער לייטענאַנט און צופעליק גענומען אַדורכקוקן די זשורנאַלן און דערזעענדיק דאָס בילד איז ער געוואָרן מלא־חימה, אַ טופּע געטאָן מיטן פוס און אָנגעהויבן שרייען: וואו איז דער מאַן? נאָך אַ נס, וואָס מיין פרוי האָט זיך אָריענטירט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און אָפּגעענפערט, אַז אין דער אַרמיי. ערשט דאָן איז ער אַוועק מיט דער דראָונג צו נעמען אין די יידן נקמה ביי דער ערשטער געלעגנהייט. ווען איך בין אָוונט־צייט געוויר געוואָרן, וואָס ס'האָט פּאַסירט האָבן זיך פשוט מיר די האָר אויפגעשטעלט אויפן קאָפּ. נו גיי און זיי אַ חכם צו טרעפן פון וואַנען עס דראָט די געפאַר.

## דאָס יידישע לעבן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע־מאַכט

גלייך נאָכן אַריינדרינגען פון די נאַצישע באַנדעס האָט זיך פאַר דער יידישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן אַ גיהנום. באַלד האָבן גענומען אויס־פעלן דאָס נויטיקסטע לעבנסמיטל און פאַר די בעקערייען האָבן זיך גע־בילדעט לאַנגע רייען. די גרעסטע צאָל בעקער זענען געווען יידן, אָבער פון די רייען, וואָס זענען געשטאַנען פאַר די בעקערייען זענען די יידן מיט געוואַלט דערווייטערט געוואָרן. ס'פלעגט צוקומען צו דער ריי אַ דייטשער געהילפס־פאָליציאַנט און אַרויסגעטריבן די יידן, אויף וועלכע די פאָליאַקן פלעגן זיי אָנווייזן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון דערנידערונגען אין באַצוג צו דער יידישער באַפעלקערונג. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש צו צוואַנגס־אַרבעט, וואָס פלעגט זיך ציען פון 6 פרי ביז 7 אָוונט. די יעניקע, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן אויף אַרבעט, פלעגן געצוואונגען ווערן צו טראָגן בעזימס און לאָפּאַטעס אויף די אַקסלען און מאַרשירן אין די רייען זינגענדיק לידער און אויסרופנדיק לעכערלעכע אַנטי־יידישע אויסדרוקן. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער כוונה אויסצושטעלן די יידן צו שאַנד און שפּאָט אין די אויגן פון דער פוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין אַלגעמיין שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם בראָך, וואָס האָט געטראָפן זייערע יידישע שכנים און באַקאַנטע. די יידישע פרויען, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן צו אַרבעט, זענען געצוואונגען געוואָרן אויסצוטאָן זייערע קליידער און שייערן מיט זיי די פוסבאָדנס אין די דייטשע ביוראָס. אַלטע בכבודיקע יידן פלעגן שבת אַרויסגעשלעפּט ווערן פון די בתי־מדרשים אָנגעטועטע אין די טליתים און געצוואונגען ווערן צו רייניקן מיט די הענט די בתי־כסאות.

יעדער ייד האָט זיך באַמיט אויסצומיידן דאָס כאַפּעניש און דערפונדן דערביי פאַרשידענע המצאות ווי אַזוי זיך אויסצובאַהאַלטן. אַזעלכע המצאות זענען געווען אַ סך. צום ביישפּיל, אַ ייד פלעגט זיך אַריינזעצן אין בית־הכסא און די פרוי אָדער מוטער פלעגט אים פאַרשליסן פון דרויסן. מענטשן פלעגן ליגן פאַרשטעקט אויף די בוידעמס צווישן האָלץ אָדער שמאַטעס, אין אַזאַ אייגנווייליקן אַרעסט פלעגט מען ליגן פאַרשטעקט הונגעריקע און דורשטיקע, כדי די דייטשן אָדער די פּאָליאַקן זאָלן נישט באַמערקן. דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז די אַרבעטנדיקע האָבן נישט באַקומען נישט צו עסן און נישט צו טרינקען און דער איינציקער לוין, וואָס זיי פלעגן באַקומען איז געווען קלעפּ און נאָכאַמאָל קלעפּ. קלעפּ פאַר דער אַרבעט, קלעפּ אינמיטן דער אַרבעט און קלעפּ נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט.

שוין עטלעכע טעג נאָך איר אָנקומען האָט די דייטשע מאַכט געשאַפן אַ יידנראַט, צו וועלכן אויך איך האָב געהערט. אין שפּיץ פונם יידנראַט איז געשטאַנען דער פריערדיקער שול־דירעקטאָר הענריק אַדלער.

איך בין באַשטימט געוואָרן דורך אים צו זיין דער לייטער פון דער געשאַפענער קיך פאַר יידישע נויטבאַדערפטיקע. איך האָב נישט געזען קיין אַנדערן אויסוועג ווי צו אַנטלויפן פון שטאָט, ווייל ס׳איז מיר שווער געווען צו שווייגן און צו שמייכלען צום ביטערן שפּיל זעענדיק ווי די דייטשן נוצן אויס דעם יידנראַט פאַר זייערע צוועקן.

פונקט ווי אין גאַנצן לאַנד האָבן אויך די נייע היטלערישע הערשער געפּרואווט אָפּנאַרן די פּולאַווער יידן מיט כלומרשטע „טובות״. זיי האָבן געוואָלט איינשפּאַנען אין זייער מאָרד־אַרבעט די אָרטיקע יידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער.

דעם יידן־ראַט איז כלומרשט אָנפאַרטרויט געוואָרן אַ מין זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין מיניאַטור, אָבער אין אמתן איז עס געווען נישט מער ווי אַ פיקציע.

די פּוילישע ציווילע באַפעלקערונג, וועלכע איז אַזוי געטראָפן געוואָרן אין איר נאַציאָנאַלן שטאָלץ דערמיט, וואָס איר אייביקער דם־שונא דער „שוואָב״ איז געוואָרן איר באַלעבאָס, האָט פונדעסטוועגן אָנגעקוואָלן דערפון וואָס די יידן ווערן פיל מער געפּייניקט און דערנידריקט. אָנשטאָט מיטצופילן מיט די אומגליקלעכע, וועלכעליידן דאָך פון דעם בשותפותדיקן שונא, האָבן זיי געהאָלפן שיקאַנירן און טעראָריזירן די יידישע באַפעל־קערונג. פּוילישע שקצים פלעגן זיך מתנדב זיין יעדן פרימאָרגן, מיטגיין מיט די דייטשע כאַפּערס, כדי אָנצווייזן וואו ס׳האָבן זיך פאַרשטעקט די

יידן, אָדער וואו ס׳וואוינען בכלל יידן און קיין פּאָליאַק האָט נישט געפונען פאַר נויטיק קעגן דעם צו פּראָטעסטירן.

אַן אָפטע דערשיינונג זענען אויך געווען די רויבאָנפאַלן מצד איינצלנע דייטשע מיליטערלייט אויף יידן און אויך אויף יידישע פרויען. נישט איין יידישע פרוי איז געפאַלן אַ קרבן פון אַן אָנפאַל, בעת וועלכן איר ביסל צירונג איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון צווישן אירע ברוסטן. אין אָוונט פלעגן גרופּן מיליטער־לייט באַזוכן יידישע וווינונגען און צורויבן, וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט. דער יידישער באַפעלקערונג איז פאַרבאָטן געוואָרן צו באַנוצן זיך מיט דער באַן־קאָמוניקאַציע אָדער אַפילו מיט אויטאָבוסן. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די רוצחים זענען דערמיט אויסן צו פאַרשליסן די פרנסה־קוואַלן פאַר די יידן, און אַז אין רעזולטאַט פון דעם דראָט זיי אַ הונגער־טויט.

עס מוז דערביי אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין אַלגעמיין גענומען זענען די דייטשע מיליטער־לייט געווען פאַרדאָרבענע מענטשן, אָבער איינצלנע פון זיי האָבן דאָך צייטנווייז אַרויסגעוויזן אַ מענטשלעכע באַ־ציונג צום ייד. דאָס זענען געווען דייטשן פון עסטרייך אָדער פון סודעטן־געביט. מיט די דאָזיקע דייטשן פלעג איך, איידער ס׳איז אַנטשטאַנען דאָס געטאָ, אונטערהאַלטן — אויב מ׳קאָן עס אַזוי אָנרופן — פריינטלעכע באַציאונגען. זיי פלעגן מיך באַזוכן און טיילמאָל אויך מיטברענגען ברויט אָדער שאָקאָלאַד, וואָס איז דעמאָלט שוין געווען אַ לוקסוס. דאָס זענען געווען די איינצלנע העלע פונקטן אין דער דעמאָלטיקער פינצטערער לאַגע. מיטאַמאָל האָט דער האָריזאָנט זיך נאָך שטאַרקער פאַרוואָלקנט דורך דעם שאַפן פונם געטאָ.

## אַ געטאָ אין פולאַוו

סוף אָקטאָבער האָט די דייטשע מאַכט פונאַנדערגעקלעבט פּלאַקאַטן אין וועלכן זי האָט געגעבן צו וויסן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אַז די יידן זענען אַ דעסטרוקטיווער עלעמענט, וואָס האָט אין אַלע צייטן פאַרדאָרבן די ריינע קריסטלעכע נשמות. אַז די יידן האָבן געשאָכטן קריסטלעכע קינדער און זייער בלוט פאַרנוצט צו די מצות און אַז זיי האָבן פאַרסמט די ברונעמס, כדי פאַרסמען די קריסטן און דעריבער ווערט געשאַפן פאַר די יידן אַ באַזונדער קוואַרטאַל, כדי דערמיט אָפּ־צוטיילן זיי פון דער ריינער אַרישער ראַסע.

די דאָזיקע ידיעה איז אַראָפּגעפאַלן אויף אונדז ווי אַ דונער פון הימל. עס איז פאַר יעדן פון אונדז קלאָר געוואָרן, אַז עפּעס שרעקלעכס דערנענטערט זיך ווידער און אַז מיר האָבן נאָך נישט אויסגעטרונקען דעם

ביטערן בעכער ביזן דנאָ. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז אויס־געבראָכן אַן אומגעהויערע מהומה. די פאַרעיפּושטע קוואַרטאַלן און גאַסן וואָס זענען צוגעטיילט געוואָרן דער יידישער באַפעלקערונג זענען געווען קליין און אָט דאָרט אַהין האָבן געדאַרפט אַריינגעקוועטשט ווערן בערך 6000 נפשות, ווייל 3000 זענען נאָך פריער אַוועק פון שטאָט. אַחוץ דעם זענען אין די צוגעטיילטע געסלעך די סאַניטאַרע באַדינגונגען געווען שרעקלעך. און נאָך איידער דאָס געטאָ איז געשאַפן געוואָרן, איז פלוצלינג געשען אָט וואָס:

דעם פערטן נאָוועמבער גאַנץ פרי האָבן זיך איבער די גאַסן באַוויזן פאַרשטאַרקטע פּאַטראָלן, די גאַסן־באַוועגונג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און די יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרלאָזן די וואוינונגען. מיר האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, כדי צו פאַרשטיין, וואָס ס׳איז פלוצלינג געשען און מיט וואָס דאָס שמעקט. באַלד איז דאָס רעטעניש אויפגעקלערט געוואָרן. די נייע גזירה איז באַשטאַנען אין קאָנפיסקאַציע פון די יידישע קליידן. די דייטשע רויבער זענען געגאַנגען פון קלייט צו קלייט, באַפוילן צו שליסן דאָס געשעפט און גלייך צוגענומען די שליסלען. מיט איין מאָל זענען די יידן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קבצנים און דאָס מי און מאַטערניש פון צענדליקער יאָרן, ביז עס איז געלונגען צו קומען צו עפּעס, איז מיט איין מאָל פאַרשוווּנדן ווי אַ זייפנבלאָז. צו ווענדן זיך צו ווערן איז פאַרשטייט זיך נישט געווען. באַלד צומאָרגנס האָבן די יידן אָנגעהויבן איבערפירן דאָס ביסל זאַכן פון זייערע ביזאיצטיקע איינגעאָרדנטע וווינונגען אין די נייע ענגע און שמוציקע וווינונגען און אין פאַרלויף פון צוויי טעג איז גאָרנישט קענטיק געווען, אַז דאָ זענען אַמאָל געווען יידן. די פּאָלאַקן האָבן זיך דאָרט צעשפּרייט ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. די יידישע באַפעל־קערונג, נישט האָבנדיק מער וואָס צו טון, פלעגט זיך פאַרזאַמלען אויפן הויף פונם יידנראַט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַדלערס שולע. קרעכצן און זיפצן ביז ס׳איז געוואָרן טונקל און מען האָט געמוזט אַהיימגיין, ווייל ווער ס׳איז געכאַפּט געוואָרן אין דרויסן פון 5 אַזייגער נאָכמיטאָג ביז 7 אַזייגער פרי האָט אים געדראָט דערשאָסן צו ווערן.

ווען ס׳איז טונקל געוואָרן פלעגן זיך די נאַצישע רויבער אַרויסלאָזן איבער די יידישע וווינונגען אין געטאָ און רויבן, וואָס עס איז זיי גע־קומען אונטער דער האַנט. גאַנץ אָפּט פלעגט זיך פלוצלינג אויפפּראַלן אַ פענצטער און פאַרצווייפלטע קולות פלעגן זיך דערטראָגן פון דאָרט. דאָס האָבן געשריגן די קרבנות, וועלכע האָבן אַזוי אַרום געמיינט פּטור צו ווערן פון די באַנדיטן. ליידער האָט דאָס מיטל נישט געהאָלפן, ווייל פון דער יידישער זייט האָט מען דאָך נישט געטאָרט קומען צו הילף צוליב דער שפּעטער צייט, ווייל די באַנדיטן האָבן ווייזט אויס זיך פאַרשטענדיקט

נאָך פון פריער, אַז ס׳זאָל זיי קיין שלעכטס נישט פּאַסירן. און אפשר זענען די אַזוי גערופענע אָרדנונגס־האַלטער געווען שותפים צום רויב! דערביי זאָל אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין געטאָ האָט געהערשט חושך־מצרים. די עלעקטריציטעט האָט באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, אַזוי אַז די יידן זענען געזעסן גאַנצע אָוונטן כמעט אין דער פינצטער און נאָר אַ קליין ליכטל פלעגט זיך ברענען אין אַ ווינקל. אָט די דאָזיקע פינצטערניש האָט די באַנדיטן צוגעגעבן מוט אויסצופירן זייערע פאַרברעכערישע אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס שאַפן פונם געטאָ האָט נאָר געקאָנט פאַרגרעסערן די דעפּרעסיע־שטימונג, וואָס האָט נאָך פריער אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג.ביים שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט דעריבער אָנגעהויבן פּיקן אין מוח דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן.

איך האָב מיך אָנגעהויבן צוגריידן מיט באַקאַנטע וועגן אַוועקפאָרן פונם גיהנום. מיין פרוי האָט נישט געגעבן איר צושטימונג. אירע עלטערן האָבן געוואוינט אין ראַדאָם און זי האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זיי. אויך מיין שטיפמוטער האָט געווירקט אויף איר, אַז זי זאָל פאַרבלייבן אין פוילן. אַ שווערער קאַמף האָט זיך געפירט אין מיר און ס׳איז מיר שווער געווען זיך צו דעצידירן: צי זאָל איך פאַרבלייבן דאָ אָדער איבעררייסן מיט דער פרוי און אַוועקלאָזן זיך קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווייל קיין אַנדערער וועג צו פאַרלאָזן פוילן איז כמעט נישט געווען. ביסלעכוויז זענען די וועגן אין דער ריכטונג פון דער סאָוויעטישער גרענעץ פול געוואָרן מיט יידישער יוגנט פוןביידע געשלעכטער. אויך מיין טאָכטער און מיין זון האָבן זיך אַריבערגעגנבעט דאָרט אַהין און געבליבן זענען מיר דאָ: איך, מיין פרוי, מיין קליינער 10 יאָריקער זון שלמה און מיין שטיף־מוטער. פון דער צווייטער זייט גרענעץ זענען דערהאַלטן געוואָרן נישט קיין איבריק פריילעכע ידיעות. די צוריקגעקומענע פון דאָרט האָבן איבערגעגעבן, אַז אַלע וואָקזאַלן, בתי־מדרשים, שולן זענען אָנגעשטאָפּט מיט היימלאָזע און אַז שמוץ איז אין לשער; אַז דאָס יקרות איז גרויס און צו פאַרדינען איז נישטאָ ביי וואָס, אַזוי אַז עס קומט אויס אונטערצוהונגערן. און דאָך האָט דאָס אַנטלויפן דאָרט אַהין געלאָקט, וויסנדיק אַז אַלע, דער ייד ווי דער קריסט, זענען דאָרט גלייך, און אויב ס׳איז שלעכט איז דאָך אַלעמען שלעכט, און קודם כל דראָט נישט קיין סכנה פאַר לעבן. איך וויל דאָ איבערגעבן עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס האָבן מיט מיר פּאַסירט אין יענער צייט.

איינס אַזייגער ביינאַכט. מיט שרעק כאַפּ איך זיך אויף פונעם שלאָף, ווערנדיק באַלויכטן דורך אַן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס איינער פון די דייטשע באַנדיטן האָט געווענדעט אַקעגן מיין געזיכט.

— יודע! — האָט דער פירער פון דער באַנדע אַ זאָג געטון — גיב אַרויס דאָס געווער, וואָס איז באַהאַלטן ביי דיר.

— איך האָב נישט קיין שום געווער — ענטפּער איך מיט שרעק. איך קאָן אפילו נישט שיסן — גיב איך אַליין צו.

— אַזוי? שווײנערישער יודע. דו קאָנסטו נישט — זאָגט ער — שיסן. ווען מײנסטו צו נאַרן? מיר האָבן גענויע ידיעות, אַז דו האָסט געווער. ס'וועט דיר גאָרנישט העלפן.

— אָבער מײנע הערן, איך גיב אײַך מײן ערנוואָרט, אַז איך האָב נישט קיין שום געווער.

— נו גוט, דרעקיגער יודע! מיר וועלן זיך באַלד איבערצײַגן.

ער האָט אָנגעהויבן אויפּברעכן די שופלאָדן און גענומען זוכן. איך בין נאָכגעגאַנגען, קוקנדיק מיט שרעק אויף זײערע מעשים און מורא האָבנדיק, אַז זײ זאָלן מיט אַ כיוון נישט אונטערוואַרפן מיר קיין געווער, כאָטש די גאַנצע סצענע איז געווען נישט מער ווי אַ טריק, כדי צו נישטערן אין מײנע שענק.

ענדלעך איז ער מיד געוואָרן נישט געפינענדיק נישט קיין געווער און נישט קיין ווערטפולע זאַכן, וועלכע זענען נאָך פריער באַהאַלטן געוואָרן אין קעלער. פּלוצלינג ווענדט ער זיך צו מיר מיט דער פראַגע.

— וואו איז דײן פרוי?

— זי וואוינט ערגעץ אַנדערש — ענטפער איך, מורא האָבנדיק טאָמער כאַפּט ער מיך ביי אַ ליגן.

— און דער יונגע, וואָס ליגט דאָ אין בעט ווער איז?

— דאָס איז מײן זון.

נעמט זיך דער דײטש צו מײן זון:

— נו דו, שטײ אויף און ווײַסט אונדז פירן ווײַזן, וואו דײן מוטער געפינט זיך — מײנענדיק אוודאי, אַז דאָרט וועט ער קאָנען געפינען צירונג אָדער געלט.

דאָס ײנגל האָט זיך גענומען אָנטון נישט מיט קיין איבריקן חשק, אויך איך האָב געטראַכט מיטצוגײן, מורא האָבנדיק, אַז זײ זאָלן אים נישט אַוועק־לײגן אַ טויטן.

ענדלעך איז זײ דאָס שפּיל פאַרמיאוסט געוואָרן און דער עלטסטער האָט אַ זאָג געטון:

— נו, זײ גרײט, איך קום גלײך צוריק. איך גײ דערווײל אַרײן צום שכן.

מײן זון האָט זיך אָנגעטאָן און געקוקט אויף מיר מיט שרעק, אויך מיר האָט פאַרשטײט זיך דאָס האַרץ געקלאַפּט פאַר מורא.

מיר האָבן אַזוי געוואַרט בערך צוויי שעה. די באַנדיטן זענען מער נישט געקומען.

**
*

נאָך 5 אַ זייגער אָוונט. איך געפין זיך אין צימער הינטער דער קלייט מיט סחורה. פּלוצלינג קלאַפּט מען שטאַרק. איך רוף זיך נישט אָפּ. איך פאַרשטיי, אַז דאָס מוזן זיין זיי, די קאַלטע גזלנים. פּלוצלינג הער איך אַ דראָאונג צו עפענען די טיר. אויב נישט, וועלן זיי זי אויפברעכן. איך עפן אויף די טיר מיט שטרויכלנדיקע קניען. אויף דער שוועל באַווייזן זיך צוויי דייטשן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן. זיי לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון דער קלייט. איינער נעמט אַרויס אַן עלעקטריש טאַשן־לעמפּל, מאַכט ליכטיק און הויבט אָן אָנשטופּן די טאַשן מיט פאַרשידענע פּערפומען, זייפן, מעסערלעך און אַנדערע זאַכן. אָנגעפּילט אויך די רוקזעק, זענען זייביידע אַוועק. אַזעלכע פאַלן זענען פאָרגעקומען אין מערערע ערטער.

***

אין איינעם פון די פרימאָרגנס — נאָך דעם ווי איך האָב פאַרלאָזט מיין טאָגטעגלעכע באַהעלטעניש, וואו איך האָב זיך פאַרשטעקט, כדי אויסצומיידן דאָס כאַפּן צו אַרבעט — איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער דייטש מיט אַ מערדעריש פּרצוף און אַ פּאָר חזירישע אויגן. ער כאַפּט מיך אָן פאַרן אַקסל אויסרופנדיק: — קאָם, יוד! איך פרעג אים: וואוהין, מיין הער?

— דו וועסט שוין זען, דרעקיקער יודע! — איז געווען זיין תשובה.

איך האָב זיך דערשראָקן אויף אַן אמת, אָבער אַ ברירה האָב איך? מיר גייען אַרויס אויפן גאַס (געכאַפּט האָט ער מיך אויף מיין הויף) איך פאַראויס און ער נאָך מיר.

איך הויב אים אָן בעטן און ווייז אים אַ צייגניש פון אַ דאָקטאָר, אַז איך בין נאָר וואָס אַדורכגעגאַנגען אַ שווערע גריפּע. ער נעמט די צייגניש, דרייט זי אויף אַלע זייטן און גיט אַ פרעג:

— אַ וואָסער דאָקטאָר האָט עס דיר געגעבן? אַ קריסט אָדער אַ ייד?

— אַ קריסט — ענטפער איך.

ער ענטפערט נישט מער, און גייענדיק אויף דער גאַס כאַפּט ער נאָך עטלעכע יידן. מיר קומען צו צום אַרבעטס־פּלאַץ און איך בין צוגעגאַנגען צום לייטענאַנט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. איך דערצייל אים, אַז איך בין ערשט נישט לאַנג אַדורכגעגאַנגען אַ שווערע קראַנקייט און דעריבער בעט איך מיך צו באַפרייען פון דער אַרבעט.

— ביי אונדז וועסט דו יאָ אַרבעטן, יודע! — ענטפערט ער גראָב.

איך זע, אַז איך האָב נישט קיין ברירה און גיי אַריין מיט די איבריקע יידן אין זאַל, וואו מיר האָבן געדאַרפט אַרויסטראָגן, אַריינטראָגן און איבערוקן שווערע שרענק און פּאָליצעס. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם פריערדיקן יונגן זעלנער, וועלכער, ווער ווייסט, צי ער וועט מיך נישט

האַלטן לענגער ווי אַנדערע און געבן מיר צו טון אויך אַנדערע אַרבעט, טאַקע דערפאַר ווייל איך בין נאָך אַ קראַנקייט, און באמת האָב איך נישט געהאַט קיין טעות. די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַריינגעקומען דער זעלבער זעלנער, באַגלייט דורך אַ צווייטן באַואָפנטן מיט אַ ביקס. ער האָט דעם מיט דער ביקס אויפן אַקסל צוגעפירט צו מיר און אַ זאָג געטון:

— אָט דאָס איז ער, דער פרעכער, שווינערישער יודע, גיי מיט אים אַהין דאָרט וואוהין דו ווייסט שוין, אָבער זיי פאָרזיכטיק, ווייל ער איז זייער פרעך און אויך פויל.

איך האָב זיך דערשראָקן, אָבער אַז מען הייסט גיין מוז מען. אינדרויסן איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אָפּצוחורשן אים מיט געלט. אפשר וועט ער מסכים זיין מיך אָפּצולאָזן און איך הויב אָן.

— מיין הער — איך בין נישט גענוג שטאַרק אויף צו קאָנען אַרבעטן שווערע אַרבעט. צי וואָלט נישט גלייכער געווען זאָלסט נעמען ביי מיר עטלעכע מאַרקן און באַצאָלן אַ געזונטערן פון מיר, אַז ער זאָל די דאָזיקע אַרבעטן אויספירן.

— מיר וועלן שוין זען — ענטפערט ער מיר.

מיר זעצן פאָר אונדזער מאַרש און ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין עק שטאָט אויף אַ גרויסן הויף, אויף וועלכן עס זענען געלעגן דיקע און געדרייטע האָלץ־שייטערס און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף דאָס צו זיין דער האָלץ־העקער.

דער באַוואָפנטער פירט מיך אַריין אין ביורא און מעלדעט זיין עלטסטן, אַז ער האָט געבראַכט אַ ייד צו צעהאַקן דאָס האָלץ, אָבער ער צווייפלט, צי ער וועט עס קאָנען מאַכן, ווייל דער ייד איז ווייזט אויס נישט גענוג שטאַרק צו דער דאָזיקער שווערער אַרבעט.

דער מיליטער־מאַן וואַרפט אויף מיר אַ בליק און ענטפערט דעם זעלנער:

— ווירקלעך איז ער צו שוואַך דערצו. שיק אים צום טייפל און ברענג אַ צווייטן.

— מיר פאַרלאָזן דאָס ביוראָ, גייען אַרויס אויפן הויף און פון דאָרט אויף דער גאַס.

— נו, האָסט געזען — זאָגט ער צו מיר — וואָס איך קאָן? דו וועסט מיר געבן פיר מאַרק און אַחוץ דעם ווייז מיר אָן אַ ייד, וואָס זאָל אַרבעטן אויף דיין אָרט. איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט אים, אַרויסגענומען פון טייסטער פיר מאַרק און געוואָלט אַוועקגיין, אָבער דער זעלנער זאָגט צו מיר: דו וועסט קאָנען אַוועקגיין ווען דו וועסט מיר ווייזן אַ צווייטן ייד אויף דיין אָרט. איך ענטפער אים, אַז דאָס קאָן איך נישט טון און אַז

ער זאָל זיך נעמען ווענען עס געפעלט אים. מיר גייען ווייטער. מיר באַ־געגענען פאַרשידענע יידן אויפן וועג, אָבער ער זאָגט גאָרנישט און איך זאָג גאָרנישט, ער האָט קענטיק פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן אויסנוצן דעם דאָזיקן מאָמענט, וואָס איך וויל נישט אָנווייזן אויף קיין צווייטן ייד, כדי אויסצופרעסן נאָך געלט ביי מיר. צום סוף רופט ער זיך אָן:

— דו מוזט מיר דערלייגן נאָך פיר מאַרק, ווייל דאָס האָלץ איז זייער דיק און פאַר פיר מאַרק וועל איך נישט באַקומען קיין מענטש, וואָס זאָל מסכים זיין צו טון די דאָזיקע אַרבעט. איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און בין ווידער מיט אים אַריין אין אַ זייטיקן הויף. אַרויסגענומען דעם טייסטער און גע־געבן אים נאָך פיר מאַרק, טראַכטנדיק אַז ענדלעך האָב איך אים שוין גע־פּטרט. דער איז אָבער געווען אַ כיטרע בעסטיע. דערהאַלטנדיק דאָס געלט קוקט ער מיך שטרענג אָן און זאָגט:

וואָסער געלט האָסטו מיר געגעבן? דאָס איז דאָך פאַלש געלט. איך פּרואוו אים באַרואיקן, אַז דאָס געלט איז נישט געפעלשט, אָבער ער דראָט מיר צו גיין אין דער פּאָליציי. ענדלעך רופט ער זיך אָפּ:

— ווייסט גאָר וואָס? גיב מיר אַנדערע פיר מאַרקן און נעם דיר צוריק די פאַלשע. כדי פּטור צו ווערן פון דער אָנשיקעניש, נעם איך אַרויס פון טייסטער נאָך פיר מאַרק און ווייז אים ער זאָל זען צי זיי געפעלן אים. ער באַטראַכט זיי כלומרשט. נעמט זיי אין דער האַנט, דרייט זיי פון אַלע זייטן אַקעגן די זון־שטראַלן, אָבער די כלומרשטע פאַלשע גיט ער דערוויל נישט צוריק. ער פאַרגלייכט כלומרשט ביידערליי געלטער און ענדלעך לייגט ער זיי ביידע אַריין אין טאַש. ער גיט אַ וואונק צו מיר און ווער גלייך פאַרשוואונדן, אויסרעכענענדיק, אַפּנים, אַז איך וועל נישט וואַגן אים נאָכצויאָגן. ער האָט זיך טאַקע נישט גענאַרט. איך האָב געדאַנקט גאָט, אַז איך בין פון אים פּטור געוואָרן.

**
*

אין אַ געוויסן האַרבסט־טאָג האָט איבערגעטרעטן די שוועל פון מיין קלייט אַן ס. ס.־אָפיציר, מיט אַ האַקן־קרייץ אויף אַ ווייס פעלד אויפן אַרבל. נאָך אים האָב זיך אַריינגעשלייכט אַ פרוי, וועלכע פלעגט אין שלום־צייט ביי מיר קויפן, און אַ זעלבער מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.

— איז עס אַ ייד? — פרעגט דער גענעראַל די באַגלייטנדיקע פרוי, וועלכע איז ווייזט אויס געווען אַ פאָלקס־דייטשין.

נאַטירלעך — ענטפערט זי.

ער איז צוגעגאַנגען, אָנגעטאַפּט פאַרשידענע סחורות און אַ פרעג געטאָן אין אַן איראָנישן טאָן: — וויפל קאָסט עס?

— וויפל זי וועלן געבן, הער גענעראַל — איז געווען מיין תשובה.

— אַזוי? וויפל איך וועל געבן? כע, כע, כע... דאָס הייסט אַ כיטרער ייד.

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל גאָרנישט געבן? פאַלט אַ פראַגע.

— איז אויך גוט — ענטפער איך.

— כע, כע, כע... וואָס זאָגסטו, פריץ? ווי געפעלט דיר די תשובה פון דעם כיטרען ייד.

— יאַוואָהל, הער גענעראַל — ענטפערט פריץ. ער איז זייער כיטרע, דער שווין.

— האָסט געהערט, פריץ? דער ייד דערלויבט, זאָגט ער, צו נעמען אויך אָן געלט. איז וואָס־זשע וואַרטסטו?

פריץ האָט אַ נעם געטאָן אין די מגושמדיקע לאַפּעס, וואָס יענער האָט אָנגעקליבן און די פרוי איז געשטאַנען און צוגעשמייכלט מיט צופרידנקייט.

ווען דער רוקזאַק פון פריצן איז שוין געווען פול, האָט דער אָפיציר ווידער זיך געווענדעט צו מיר:

— האָסט עפּעס אינטערעסאַנטע זאַכן דאָרט אין צימער?

— איך ווייס נישט וואָס ס׳קאָן זיין אינטערעסאַנט פאַרן הער גענעראַל— איז געווען מיין תשובה.

— נו, דאָס יועסטו זיך גלייך איבערצייגן.

ער האָט געמאַכט עטלעכע שריט אין דער ריכטונג צו דער טיר, וועלכע האָט געפירט אין מיין וואוינונג, איבערגעטראָטן די שוועל, אַרויסגענומען פון טאַש אַן עלעקטרישן לאָמפּ און באַלויכטן דאָס צימער. נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלייכט דער זעלנער און נאָך אים די פאָלקסדייטשין.

ער האָט זיך דערנענטערט צו דער שאַנק, זי געעפנט, און אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן פאַרשידענע אָנצוגן און זשאַקעטן. ענדלעך האָט ער זיך אויסגעקליבן צוויי כמעט נייע אָנצוגן פון גוטן ענגלישן שטאָף און דער־לאַנגענדיק עס פריצן אַ זאָג געטון:

— נאַ, נעם דאָס אויך. ס׳וועט צונוץ קומען. דער ייד דאַרף עס נישט מער, ריכטיק?

איך האָב געמאַכט אַ „צופרידענע" מינע.

— דאַנקע שען, צום ווידערזען — האָט ער מיט אַ געמאַכטן העפלעכן זשעסט זיך איראָניש פאַרנויגט און פאַרלאָזט דאָס צימער צוזאַמען מיט די צוויי באַגלייטערס.

**
*

אין אַ געוויסן אָוונט זענען מיר געזעסן אין מיין וואוינונג ביי אַ ליכטל עטלעכע מענער און גערעדט וועגן די לעצטע געשעענישן. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון שווערע שיך אויף די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו מיין וואוינונג. ס׳איז קלאָר געווען, אַז דאָס גייען דייטשן. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. זיי האָבן געפּרואווט עפענען און ווען דאָס איז זיי נישט געלונגען, האָבן זיי אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. דער שפּעטער טראַגיש אומגעקומענער בערגרין ע״ה האָט אַ פּראַל אויף געגעבן דאָס פענצטער אין גאַס און אָנגעהויבן שרייען מיט אַ יאָמערלעך קול: „גוואַלד! ס׳ברענט! ראַטעוועט!״ מיר האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן זיך דערשרעקן און אַוועקגיין, אָבער זיי האָבן ווייטער געקלאַפּט און גאָרנישט נתפּעל געוואָרן פונם שרייען אין דער פינצטערניש אַריין, וויסנדיק אַפּנים אַז די גאַס־פּאַטרולן וועלן זיי נישט שטערן אַדורכצופירן דאָס שטיקל אַרבעט. זיי האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער און געדראָט אויפצוברעכן די טיר, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן קרעכצן אונטער זייערע קלעפּ. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָבן מיר געעפנט די טיר און ווען זיי זע־נען אַריינגעקומען, האָבן מיר זיי העפלעך פאַרבעטן צום טיש און מכבד געווען מיט וואָס ס׳איז נאָך פאַרבליבן פון אַמאָל. זיי האָבן געוואָלט וויסן וואָס מיר האָבן געשריגן. אונדזער תשובה איז געווען, אַז מיר האָבן געמיינט, אַז ערגעץ דאָ נאָענט האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה און דעריבער האָבן מיר גערופן נאָך הילף. די תשובה אונדזערע האָט זיי נישט אינגאַנצן צופרידנגע־שטעלט און דאָך האָבן זיי גאָרנישט געזוכט. זיי האָבן אויסגעטרונקען די משקה, פאַרביסן מיט עפּעס, זיך אויפגעשטעלט און אַוועק „באַרואיקנדיק״ אונדז, אַז זיי האָבן נישט געמיינט קיין שום שלעכטס, ווייזט אויס, אַז אַביסל האָט דאָס שרייען יאָ געפּועלט.

***

אַ געוויסן טאָג זענען אין מיין קלייט אַריינגעקומען עטלעכע מיליטער־לייט. אין אַ מאָמענט ווענדט זיך צו מיר איינער פון זיי אין אַ פּילוויניקער פּריינטלעכער פאָרם:

— זאָגן זי מאַל, וואָס זינט זי?

— איין יודע — ענטפער איך.

— זאָ איז עס שלעכט מיט דיר — זאָגט ער.

— פאַרוואָס? — מאַך איך דעם אָנשטעל פון אַ תם.

— ביי אונדז הענגען אַלע יודען — און ער ווייזט מיר אויפן האַלדז.

— וואָס איז די אורזאַכע? — פרעג איך ווידער מעשה תם.

— וויל אייער האָר־בעלישאַ (דער דעמאָלטדיקער ענגלישער קריגס־מיניסטער, אַ ייד) קעמפט אַקעגן אונדז.

— איז וואָס זענען מיר שולדיק? — פרעג איך און גיב גליך צו:
— זאָגן זי מאָל, ווען איר ברודער איז אַ גנב, זענען זי אויך אַ גנב?
— אָבער, דומער קערל, ענטפערט ער — דאָס איז דאָך עטוואָס אַנדערש. פאַרשטייסטו דען נישט, אַז איר יידן זענט פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן צווייטן? איז עס אַזוי שווער צו פאַרשטיין?

***

אין איינעם פון די אָקטאָבער־טעג, 1939, בין איך אַריינגעפאָרן קיין לובלין, וואו ס'האָבן געוואוינט מיין פעטער, מיין ברודער און מיין שוועסטער, כדי צו באַראָטן זיך מיט זיי וועגן פאַרלאָזן פוילן. מיין פעטער, אַ ייד אַ משכיל, אַ בן־תורה און אַ גרויסער בר־דעת האָט מיך נישט צוגערעדט צו פאַרלאָזן פוילן, אָבער מיין ברודער און שוועסטער האָבן מיך נישט אָפּגערעדט. פאַרקערט, מיין שוועסטער האָט אויסגעדריקט איר ווונטש אויך צו פאָרן, אָבער איר מאַן האָט נישט מסכים געווען. צוריקפאָרנדיק בין איך געוואָיר געוואָרן, אַז ס'איז פאַרווערט געוואָרן פאַר די יידן צו פאָרן אין באַן און אויטאָבוסן. מיין טאָכטער און קוזינע, וואָס זענען אויך געווען אויפן באַנהויף, האָבן ווי ס'איז באַקומען באַן־בילעטן און מיר האָבן אומ־באַמערקטערהייט זיך אַריינגעגנבעט אין אַ לאַסט־וואַגאָן. ביסלעכווייז האָט זיך דער וואַגאָן אָנגעפולט. איך, אַ פעסימיסט מלידה, האָב מורא געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן נישט אַרומגיין איבער די וואַגאָנען און זוכן יידן. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין פחד האָט געהאַט אַ גרונט. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ פראַגע אין דייטש: „זינט יודן דאַ?" דערהערנדיק דאָס האָב איך זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד, אַראָפּגערוקט דעם הוט איבער די אויגן און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך שלאָף. איך האָב באַמערקט, ווי די פּאָליאַקן, וואָס האָבן פאַרפולט דעם וואַגאָן, האָבן זיך איבערגעוואונקען צווישן זיך, אָבער סוף־כל־סוף האָבן זיי געשוויגן און די דייטשן זענען אַוועק פון אונדזער וואַגאָן, כדי צו פרעגן וועגן יידן אין אַנדערע וואַגאָנען. באַלד טאַקע האָבן זיך דערהערט מוראדיקע קולות פון יידן, וואָס זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון אַנדערע וואַגאָנען און באַקומען דערביי מכות־רצח פון די דייטשע רוצחים.

## דאָס לעבן אין געטאָ

אַ שווערע עצבות האָט זיך פונאַנדערגעלייגט איבערן געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען: דעם זאַמד, די גאַסן קאָסאַ, פּיאַסקאָווא, פּאָלנאַ און נעמעוויץ, און אויך די הייף פון עלקע אבערך און מענדל פרים פון דער בית־המדרש גאַס איז נישט געבליבן קיין זכר. די גאַנצע לובלינער גאַס

איז אין גרעסטן טייל אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד בעת די מלחמה־אָפּעראַציעס, און דאָך זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע צענדליק קלייטן, וואָס זענען איצט פאַרנומען געווען דורך אונדזערע „האַרציקע" שכנים. און ביסטו ווען ס'איז אַרויסגעגאַנגען פונם געטאָ אין די צוויי דערלויבטע שעהן אין טאָג האָט עס דיך פשוט פאַרקוועטשט ביים האַרץ — הזאת נעמי? אָט דאָס איז אונדזער אַזוי סימפּאַטיש היים־שטעטל פולאַוו? און נאָך מער האָט דיר, פאַרשטייט זיך, וויי געטאָן, ווען דו האָסט זיך צוגעקוקט ווי אין פּאַוול מאַניקאָווס סאָדעוואָסער פאַבריק האָט זיך איצט צעשפּרייט ווי גאָט אין אָדעס אַבראַמעק, און אין יעקל משיחס מאַנופאַקטור געשעפט האָט זיך איצט צעזעצט ווי ביים טאַטן אין ווײַנגאָרטן יוזשעק, כאָטש נעם און טו דיר אָן אַ מעשה. און כדי אויסצומיידן אָט די דאָזיקע ליידן פלעגסטו רעזיג־נירן פון דעם מכלומרשטן פאַרגעניגן פון אַרויסגיין פונעם געטאָ אין די צוויי דערלויבטע שעהן און איינגאַנצן נישט אַרויסגיין. אַזוי זענען די מענטשן אַרומגעגאַנגען הונגעריקע און אָן שום צוועק נאָר געקוקט אין הימל און געטראַכט: פאַרוואָס? פאַרוועמן? און וואָס וועט זיין מיט אונדז דער סוף? און נישט איינמאָל פלעג איך אויך טראַכטן קוקנדיק אין הימל: צי שיינט די דאָזיקע זון אויך פאַר מיר אָדער זי עקזיסטירט בלויז פאַר יאַנעקן און באָלעקן? און האָט דען געקאָנט זיין וועלכע ס'איז האָפנונג אויף אַ ווייטערדיקן קיום? פון וואָס, פון דער לופט? אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבן כסדר געעגבערט אין מוח און געטאָטשעט דיין נשמה. ביסלעכווייז איז אָנגעקומען דער גרויזאַמער ווינטער און צוזאַמען מיט אים מוראדיקע פרעסט אין שניי־ווירבלען און וואו צו קויפן האָלץ אָדער קוילן און אויך פאַרוואָס איז נשטאָ. אין וואָס איז זשע דאָס וואונדער, וואָס אויף די געזיכטער האָט זיך צומאָל קיין שמייכל נישט באַוויזן? אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע טרויעריקע געדאַנקען האָט אַ פולקאָמער יאוש אַרומגעכאַפּט דאָס ביסל עלנדע יידן און נייע ביז איצט אומבאַקאַנטע טענער האָבן זיך אָנגעהויבן הערן ווי, צב"ש: אַז דאָס ווייטערדיקע לעבן האָט נישט מער קיין צוועק און אַז דער איינציקער אויסוועג איז דערמיט צו פאַרענדיקן, בלויז די יוגנט האָט נישט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אויך איר גורל איז שוין געחתמעט און געפינען אַן אויסוועג אין גנבענען די איינציקע דעמאָלט נאָך נישט אַזוי הערמעטיש־פאַרשלאָסענע מזרח־גרענעץ און גרופּנווייז אָנגעהויבן לאָזן זיך קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. צווישן די יעניקע וואָס ס'האָט זיי אָפּגעגליקט דאָרט אַהין צו אַנטלויפן זענען אויך געווען געציילטע עלטערע מענטשן, אַ טייל פון וועלכע איז פון דאָרט שוין מער נישט צוריק געקומען, פאַרענדיקנדיק דאָרט זייער חשבון מיטן לעבן. דאָס זענען געווען: שלמה שיינבערג, הענעך רעכעלס, פּאַוועל מאַניקאָוו, יודל קליינוועקסלער, איטשע בער שיידנפיש, ד"ר דאַווידזאָן, און אַנדערע.

## דאָס טאָג־טעגלעכע אַנטלויפן פונם געטאָ

נאָכדעם ווי דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער אומ־דערטרעגלעך און די האָפנונג אַרויסצוקריכן זיך פונם פינצטערן קבר איז כמעט פאַרשוואונדן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַנטלויף וואו די אויגן האָבן געטראָגן. אַ טייל איז אַוועק אין אַנדערע שטעט וואו קיין געטאָ האָט נאָך נישט עקזיסטירט (פולאַוו איז געווען פון די ערשטע שטעט, אין וועלכע ס׳זענען געשאַפן געוואָרן געטאָס). אַ טייל זענען אַוועק אין די דערפער וואו זיי האָבן מיט דער הילף פון באַקאַנטע פויערן זיך מאַסקירט אַלס קריסטן, און אַ טייל, ווי פריער דערמאָנט, איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. ס׳האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן זיך ספּעציעלע גרופּעס, וואָס האָבן מיט געמיינזאַמע כוחות זיך געפּרוווט ראַטעווען, אָבער נישט שטענדיק איז עס זיי געלונגען, ווייל די סאָוויעטישע גרענעץ־וואַכן פלעגן איצט שוין היטן די גרענעץ און צוריקשיקן אויף דער דייטשער זייט די דורך זיי געכאַפּטע פליטים, און דאָן איז, פאַרשטייט זיך, די קרבנות גאָרנישט געווען מקנא צו זיין. אַזוי זענען צוריקגעשיקט געוואָרן רייזל טאַרטשיץ, איטשעלע פרידמאַנס אַ זון, מרדכי בריפמאַן מיט דער פאַמיליע און אַנדערע, וואָס זענען אויף אייביק פאַרשוואונדן, האָבנדיק אַפּנים דעם זעלבן סוף וואָס אַנדערע יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. אַ ריי אַנדערע, וואָס האָבן יאָ באַוויזן דאָרט צו פאַרבלייבן זענען שפּעטער אומגעקומען בעת דער דייטשער אינוואַזיע קיין סאָוועט־רוסלאַנד אין יאָר 1941. אַזוי אַרום זענען אומגעקומען: משה קאָרטמאַן, ד״ר דאַווידזאָן, אברהם שאַץ און משה נאַכטיגאַל. אַנדערע האָבן פאַרלוירן דאָס לעבן בעתן „שוואַרצן״ די גרענעץ ווי צום ביישפּיל יהושע טאַרטשיץ און זיין זון, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרן בעתן איבערפירן זיי אין אַ שיפל איבערן טייך בוג, וואָס האָט זיך איבערגעקערט.

דאָס דאָזיקע קאַפּיטל — אַנטלויפן פון געטאָ — האָב איך דורכגעמאַכט.

## מיין באַשלוס צו אַנטלויפן

די יידישע קהילה האָט געגוססט. פון טאָג צו טאָג האָט די באַפעל־קערונג זיך פאַרקלענערט, ווער ס׳האָט געקאָנט איז אַנטלאָפן, ווער אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואו קיין געטאָ האָט נאָך נישט עקזיסטירט און ווער קיין סאָוועט־רוסלאַנד. איך מיין זון און טאָכטער האָב איך עקספּעדירט קיין סאָוועט־רוסלאַנד, צוזאָגנדיק זיי אויך אַהינצוקומען אין דער גאָר נאָענטסטער צייט. עלטערע מענטשן זענען בעיקר געפאָרן קיין לובלין אָדער וואַרשע, טראַכטנדיק אוודאי, אַז אין אַ גרעסערער שטאָט איז די סכנה פאַרן לעבן קלענער. ווי ס׳האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן האָבן זיי געהאַט אַ פאַטאַלן טעות. די יוגנט, דאַקעגן, האָט געצויגן קיין

סאָוויעט־רוסלאַנד און איך האָב צום סוף זיך דעצידירט אויך צו אַנטלויפֿן אַהין. קאָנענדיק רוסיש און בוכהאַלטעריע האָב איך געגלויבט, אַז איך וועל זיך דאָרט קאָנען איינאָרדנען. איך האָב זיך אַלזאָ פֿאַרשטענדיקט מיט אַ גרופּע פֿון בערך 20 פּערזאָן, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט און אָפּגעהאַנדלט מיט צוויי שאָפֿערן פֿון אַ דייטשן פּאָסט־אויטאָמאָביל, וועלכע האָבן פֿאַר אַ גרעסערער סומע געלט אונטערגענומען זיך אַריבערצופֿעקלען אונדז צו דער גרענעץ.

ווען אַלץ איז שוין געווען פֿאַרטיק איז פּלוצלינג צוריקגעקומען פֿון יענער זייט גרענעץ מיין זון, וועלכער האָט זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט עטלעכע וואָכן אין הונגער און שמוץ. געשלאָפֿן אין די וואָקזאַלן, אויב ס'איז נאָר געווען אַ פּלאַץ. ער האָט פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט מער פֿאָרן אַהין און באַשלאָסן צו פֿאַרבלייבן דאָ אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. מיינע אַלע באַמיונגען איבערצוצייגן אים, ער זאָל מיטפֿאָרן מיט מיר נאָכאַמאָל, האָבן נישט געהאַט קיין דערפֿאָלג, אָבער פּלוצלינג האָט ער געענדערט זיין באַשלוס נאָך דעם ווי ער איז אַרויס אין גאַס. און אַ דייטשער אָפֿיציר האָט אים דערלאַנגט אַ קאָפּע מיטן פֿוס סתם אַזוי. אָט דאָס האָט אויף אים געווירקט צו פֿאַרלאָזן דאָס געביט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע און אַזוי אַרום איז ער ניצול געוואָרן פֿון טויט.

## אונדזער אַנטלויפֿן פֿונם געטאָ

געווען איז עס דעם 9טן דעצעמבער. גאַנץ פֿרי, פֿאַרן אויפֿשיינען פֿון דער זון, האָבן מיר (איך און מיין זון) זיך אַרויסגעגנבעט פֿון געטאָ און מיט שנעלע טריט זיך באַוועגט פֿאָרזיכטיק אין דער ריכטונג פֿון דעם מזרחדיקן שטאָט־טייל, וויסנדיק אַז מיר ריזיקירן מיטן לעבן אין פֿאַל מען וועט אונדז כאַפּן אויסער דעם געטאָ. מיר זענען אָנגעקומען צו אַ באַקאַנטן קריסט, אין אַ הויף וואָס איז געווען פֿאַרשטעלט פֿאַר נייגעריקע אויגן דורך אַ הויכן שטיינערנעם פּלויט. דאָרט אינעם הויף זענען געווען פֿאַרשטעקט בערך 20 פּערזאָן, צווישן זיי איין פֿריילין, די טאָכטער פֿון יצחק טאַרטשיק. אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפֿן אָנקומען פֿון דעם געדונגענעם פּאָסט־אַמבולאַנס. די געציילטע מינוטן האָבן געדויערט גאַנצע שעהן. ענדלעך האָט זיך אין הויף באַוויזן דער באַשטעלטער אויטאָמאָביל. מיר האָבן שנעל אַריינגעלייגט אונדזער געפּעק און אַריין אינעווייניק. הינטער אונדז האָט זיך פֿאַרמאַכט די טיר. אין געציילטע מינוטן שפּעטער איז דער אַמבולאַנס געפֿלויגן פֿייל אויסן בויגן אין דער ריכטונג פֿונם בוג. אייניקע מאָל האָבן מיר געהערט געשפּרעכן צווישן אונדזערע שאָפֿערן און דייטשן, וואָס זענען אָנגעקומען אַקעגן. דאָס האַרץ האָט הויסטיק געקלאַפּט פֿאַר מורא, אַז מיר זאָלן נישט אַנטדעקט ווערן.

די צוויי חברהלייט האָבן זייער ראָל געשפּילט אויסגעצייכנט. נאָך עטלעכע שעה פון שנעלן פאָרן זענען מיר אויסגעשטיגן אין אַ קליין גרענעץ־שטעטל. די גאַסן פונעם שטעטל זענען געווען פול מיט בלאָטע. קיין ברוקירטע שאָסייען, אָדער טראָטואַרן האָט דאָס שטעטל נישט פאַרמאָגט. מיר האָבן געגעכטיקט אויפן שמוציקן פוסבאָדן פון אַ וועש־מאַנגל, מער ווי 20 פּערזאָן. דעם זעלבן אָוונט זענען אָנגעקומען ס. ס.־לייט אין שטעטל אַריין און אין אַ טייל יידישע הייזער האָבן זיי נאָך באַוויזן וואָס זיי קאָנען. יאָמערלעכע געשרייען האָבן זיך געטראָגן פון אַלע עקן. מיר זענען דע־ריבער אויפגעשטאַנען אין דער פרי מיט אַ פעסטן באַשלוס וואָס שנעלער צו אַנטלויפן פונעם גיהנום.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָבן מיר געזאָלט אַריבער דעם בוג, אָבער דער ענין האָט זיך פאַרצויגן און דאָס איבערשוואַרצן דעם בוג איז פאָרגעקומען ערשט אויף צומאָרגנס.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געלעגן פאַרשטעקט אין די לעכער כדי אויסצומיידן צונויפצוטרעפן זיך מיט דייטשן. גאַנץ פרי איז צוגעקומען אַ וועגעלע, אויף וועלכן מיר האָבן אויפגעלאָדן אונדזערע פּעקלעך. דאָס וועגעלע האָט געדירט און מיר האָבן זיך נאָכגעשלייכט דורך זייטיקע געסלעך און איבער צעבראָכענע פאַרקנס, האַלטנדיק אויפן אויג דאָס וועגעלע מיט די שמוגלערס. איינער פון אונדזער גרופּע, ל י י ב ל ב ע ר ג ר י ן, איז אין לעצטן מאָמענט פאַרשוואונדן געוואָרן און ביזן היינטיקן טאָג ווייסן מיר נישט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

מידע און צעבראָכענע זענען מיר צוגעקומען צום בוג, אין אַן אָרט וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט ריזיקע אַלטיעריקע ביימער, און דאָס איבערפירן אונדז אויף דער צווייטער זייט האָט זיך אָנגעהויבן. קודם־כל איז אַריבערגעפירט געוואָרן דאָס געפּעק און באַלד דערנאָך אונדזער גרופּע, וואָס האָט איצט געציילט 19 פּערזאָן. דער בוג, וואָס איז אין נאָרמאַלע צייטן נישט ברייטער פון פופציק מעטער, האָט צוליב די לעצטע רעגנס זיך ברייט פונאַנדערגעגאָסן. דאָס וואַסער האָט געררוישט אַזוי שטאַרק, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט הערן וואָס דער צווייטער האָט גערעדט. אַ שוים האָט באַדעקט דעם גאַנצן טייך און פאַרגעשטעלט מיט זיך עפּעס מיסטע־ריעזעס. אַריבערגעפירט האָט מען אונדז אין קליינע שיפלעך צו 5—6 פּערזאָן און די פּאַליעס האָבן אויסגעזען, ווי זיי ווילן אונדז איינשלינגען. ס׳האָט זיך געדוכטן, אַז אָט־אָט דרייט זיך דאָס שיפל איבער אין טייך אַריין מיט די מענטשן צוזאַמען. איך האָב נישט געקאָנט שווימען און איך האָב זיך געשראָקן גאָרנישט אויף קאַטאָוועס. אַחוץ דעם האָבן די שמוגלערס אָפּגעשטעלט דאָס איבערשיפן אין מיטן בושעווענדיקן טייך און געפאָדערט צו געבן זיי דאָס געלט, וואָס מען איז מושווה געוואָרן מיט זיי. אַנדערש האָבן

זיי געדראָט איבערצודרייען דאָס שיפל אין טייך אַריין. דאָס האָט פאַרשטייט זיך גלייך געווירקט, און זיי האָבן באַקומען וואָס זיי האָבן געפאָדערט. נאָך גוט, וואָס זיי האָבן נישט געפאָדערט דאָס גאַנצע געלט, וואָס יעדער האָט ביי זיך געהאַט, ווייל יעדער איז גרייט געווען אַוועקצוגעבן אַלעס, אַבי צו ראַטעווען דאָס לעבן.

אַריבערגעקומען אויפן צווייטן ברעג, האָט אונדז דאָ דערוואַרט אַ נייע צרה. פון אַלע זייטן זענען אָנגעלאָפן אוקראַינישע יינגלעך אין עלטער פון 15־16 יאָר און געפאָדערט געלט, אויב נישט גייען זיי צו וויסן געבן די סאָוויעטישע פּאַטרולן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער סביבה. וויפל געלט יעדער פון אונדז האָט פאַרמאָגט האָט ער עס אַוועקגעגעבן די שאַנ־טאַזשיסטן, אָבער דאָס האָט זיי נאָך אַלץ נישט צופרידנגעשטעלט. יעדער פון אונדז האָט זיך אַלזאָ געלאָזט לויפן סתם אין דער וועלט אַריין. ערשט דאַן האָבן זיי זיך אָפּגעטשעפּעט. צו אונדזער גליק האָבן מיר נישט באַמערקט קיין סאָוועטישע פּאַטרולן און אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. ענדלעך האָט מען פון אַ תבואה־שייער געוווּנקען צו אונדז און אָנקומענדיק אַהין, האָבן מיר געפונען דאָרט אונדזערע פעקלעך. אַ סימן, אַז דער גוי איז אַ שותף פון די שמוגלערס פון יענער זייט גרענעץ. מיר האָבן לויט דעם גויס אָנווייזונגען באַהאַלטן זיך צווישן די סנאָפּעס תבואה און שטרוי, מיט וועלכע דער לאַנגער און ברייטער שייער איז געווען פול, און דאַן האָט דער גוי אויפגעלאָדן אַ גרויסן וואָגן מיט שטרוי, אַריינגעלייגט צווישן דעם שטרוי אונדזערע פעקלעך און אויך עטלעכע פון דער גרופּע און גע־לאָזט זיך פאָרן אין אַ געוויסער ריכטונג. דערביי האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן אויף גרופּעס צו 5—6 פּערזאָן און נאָכגיין פון דער ווייטנס נאָך דעם וואָגן. אויך האָט ער אונדז געראָטן, אַז צווישן איין גרופּע. אָפּגייענדיק אַ געוויסע שטרעקע, האָבן די יוגנטלעכע, וואָס האָבן קילאָמעטער.

ביסלעכווייז זענען אַוועק צוויי גרופּעס און מיר איז אויסגעקומען צו בלייבן מיט דער לעצטער גרופּע. מיר זענען אַרויס פונם שפּייכלער און מיט שנעלע טריט זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון דער צווייטער גרופּע. אָפּגייענדיק אַ געוויסע שטרעקע האָבן די יונגענטלעכע, וואָס האָבן געהערט צו מיין גרופּע אָנגעהויבן מיטאַמאָל צו לויפן מיטן גאַנצן כוח. אין אָנפאַנג בין איך אויך געלאָפן מיט זיי, אָבער ביסלעכווייז האָבן מיינע כוחות זיך אויסגעלאָזט און איך האָב אָנגעהויבן לויפן לאַנגזאַמער. דערווייל האָט זיך דער מרחק צווישן זיי און מיר פאַרגרעסערט אָן אויפהער.

פלוצלינג ווען דער מרחק צווישן אונדז איז שוין געווען בערך אַ קילאָמעטער, האָב איך באַמערקט ווי עטלעכע רייטער זענען אָנגעקומען דער גרופּע אַנטקעגן און זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. איך האָב זיך

**טאַבעלע 9 קרייז פולאַוו**

| נר. | אָרט | צאָל יידן: פאַרן קריג | 1940 | 1941 | 1942 | איבערזידלונג: 1939 XII—X | איבערזידלונג: 1941 | 1939 XII—X |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | באַראַנוו Baranów | (* 1020 | | | (* 1948–V | | | |
| 2 | דעמבלין־אירענע Dęblin-Irena | 3300 | | 3750 – III (3185 אַרטיקע + 565 צוגע· קומענע) (** | 3943 – I<br>1200 – 13.V<br>5800–15.VIII<br>([2] (4000) | | | |
| 3 | יוזעפֿוו ביי ווייסל Józefów n/Wisłą | (* 1424 | | 1269 – III<br>(**(131+1138) | | XII–50 פאַמי· ליעס קיין אָפּאָלע (6a | | |
| 4 | קורוו Kurów | 2751 | | 1254 – III<br>(**(40+1214)<br>ביז XI –1700 | (* 2785 – IV | | | |
| 5 | קוזמיר Kazimierz n/Wisłą | (* 1800 | | ([11] 1649 –IV<br>1815 – VI | III – קרוב<br>([12] 1400 | | III– 500 פּלי· טים און איינ· געזידלטע קיין יוזעפֿוו ([7] | |
| 6 | קאָנסקאָוואָלע Końskowola | (* 1100 | | 1400 – X | 2350–15.VIII<br>([2] (2000) | | | XII – פון פולאַוו ([8] |
| 7 | ליסאָביקי Łysobyki | 500 | | 490 – III<br>(**(100+390)<br>600 – IX | | | | |
| 8 | מאַרקושוו Markuszów | (* 1250 | ([18] 1320–VII | 1643 – III<br>(**(133+1510) | | | | |
| 9 | מיכוו Michów | 1807<br>(* 2100 | IV – קרוב<br>([19] 2000 | 2250 – III<br>(**(450+1800) | 2387 – III | | | |
| 10 | נאַלענטשוו Nałęczów | (* 153 | ([23] 230–III | | | | (* – 25.III | XII – 146 פון פולאַוו קוראָוו, מאַרקושוו (פּליטים און נשׂרפֿים) ([9] |
| 11 | אָפּאָלע Opole | 4000<br>(* 4325 | 5300 - X<br>([24] (1200) | (** 8000 – III<br>(3500+4500) | 6000– VI ,V<br>5712– 15.VIII<br>([2] (4096) | | | XII – 50 פאַמיליעס פון יוזעפֿוו (6a<br>29.XII –קרוב 2500 פון פולאַוו (6a |
| 12 | פולאַוו Puławy | (* 3600 | | | | XII – קיין אָפּאָלע א. אַ. שטעטלעך (6a | | |
| 13 | ריקי Ryki | 2895 | ([30] 3500 – III | 2935 – III<br>(**(161+2774)<br>2960–XII ,XI | | | | XI, XII–92 פון פולאַו קורוו, גאַרוואָלין ([10] |
| 14 | וואָנוואָלניצע Wąwolnica | ([34] 895<br>(* 1070 | | 1750 – III<br>(**(683+1067)<br>VII ,V<br>([34] 1310 – | 1250 – II | | IV – קיין קוראָוו, אָפּאָלע ([35] | |

די אַדמיניסטראַטיווע טאַבעלע פון דעם פולאַווער קרייז בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

**Kreishauptmannschaft Pulawy**

| איינזידלונג | | | „אויסזידלונג" און פאַרניכטונג | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1940 | 1941 | 1942 | 1942 | 1943 | 1944 |
| | | | 8.V – 1500 קיין (סאָביבור)<br>(קרוב 500 זיך צעלאָפן)[1] | | |
| | | 15.V–2042 פון סלאָוואַקיע<br>(פּרעסאָוו)[3] | 6.V–2500 קיין סאָביבור[4]<br>15.X–קיין טרעבלינקע<br>געבליבן 2 לאַגערן[3] | V – 1 לאַגער<br>קיין פּאָניאַ-<br>טאָוו[5] | 22 און 23.VII<br>–דער צווייטער לאַגער<br>קיין טשענס-<br>טאָכאָוו<br>(„האסאג")[6] |
| | III–פון קוזמיר די פּליטים<br>און איינגעזידלטע[7] | | 7.V–קיין (סאָביבור)[*] | | |
| | 14—16.IV<br>40–פאַמיליעס פון לובלין<br>און וואָנוואָלניצע[8]<br>IV – פון קוזמיר[8] | | 8.IV – [9]<br>פונעם VII –אַ לאַגער<br>13.XI – דער אַרבעטס-<br>לאַגער[10] | | |
| | | | III – קיין אָפּאָלע[3]<br>30.III – דורך נאַלענטשוּוו<br>קיין (בעלזשעץ)[13]<br>געבליבן אַן אַרבעטס-לאַגער<br>X–דער אַרבעטס-לאַגער[14] | | |
| | | V–1025 פון סלאָוואַקיע[8]<br>2.VI–2500 פון סלאָוואַקיע[9] | 8 V–קיין (סאָביבור)[15]<br>X – [16] | | |
| | | | V – [17]<br>7.X – [*] | | |
| | | | 9.V–קיין (סאָביבור)[*]<br>געבליבן אַ לאַגער<br>X – דער לאַגער[14] | | |
| II – 400 פון די געביטן,<br>איינגעגלידערטע אין רייך[20]<br>XII – פון מלאַווע[20] | 13 און 14.III–פון לובלין[21] | | 10.V–קיין (סאָביבור)[23] | | |
| | | | | | |
| | 15.II–1000 פון ווין[25]<br>26.II–1000 פון ווין[26] | סוף III – פון קוזמיר<br>און וואָנוואָלניצע[7]<br>V–פון סלאָוואַקיע[27]<br>V–פון אַרומיקע דערפער[28] | 31.III–די איינגעזידלטע<br>פון קוזמיר און וואָנוואָלניצע<br>קיין (בעלזשעץ)[7]<br>V – קיין סאָביבור[29]<br>X אָדער אָנהויב XI – [16] | | |
| | | | | | |
| | | 15.V – איבער 2000 פון<br>טשעכאָסלאָוואַקיע[31] | 7.V–קיין סאָביבור[32]<br>V–אין דעמבלינער לאַגער[33]<br>15.X–אַן „אַקציע"[31]<br>28.X– „ „[31]<br>30.X–דער יודענראַט, אָרד-<br>נונגס-דינסט און אַנדערע<br>אין אַן אַרבעטס-לאַגער[31] | | |
| | | | III – קיין אָפּאָלע, פון<br>דאָרטן קיין (בעלזשעץ)[36]<br>V – [17] | | |

די דאַטעס און ציפערן פון דער פאַרטיליקונג פון די קהילות דורך די נאַציס און פולאַווער קרייז.

גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ סאָוויעטישער פּאַטרול און האָב אינסטינקטיוו זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, כדי זיי זאָלן מיך נישט באַמערקן, באַלד האָב איך אָבער דערזען, אַז אַ קליין שגצל לויפט אין דער ריכטונג פון דעם פּאַטרול. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס לויפט ער אַהין זאָגן זיי, אַז דאָ באַהאַלט זיך נאָך אַן אַריבערגעקומענער. איך האָב זיך אָנגעהויבן רוקן אויף אַלע פיר צוריק און ס׳איז מיר געלונגען אַריינצוקריכן צווישן שטעכיקע דערנער און גראָזן און כ׳האָב דאָרט זיך פאַרשטעקט. אין אַ קור־צער צייט שפּעטער זענען אָנגעקומען צוויי רייטער און פאַר זיי איז געלאָפן דאָס שגצל. ער האָט געוויזן דעם פּלאַץ, וואו איך בין געלעגן און זיי האָבן אָנגעהויבן מיך צו זוכן. נישט זעענדיק מיך, זענען זיי צוגעקומען צו די גראָזן און אָנגעהויבן נישטערן אין אַלע זייטן. די פערד זענען אַריין צווישן די דערנער נישט מיט גרויסן חשק, עס האָט זיי געשטאָכן אין די פיס. סוף־כל־סוף זענען די רייטער אַוועק און אויך דאָס שגצל איז נאָך זיי פאַרשוואונדן. הייסט עס, אַז דערווייל בין איך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אָבער וואָס טוט מען ווייטער?

איך בין געלעגן צווישן די שטעכיקע דערנער און געטראַכט: וואָס טוט מען איצט? קודם־כל בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז מ׳דאַרף צואוואַרטן, ביז ס׳וועט פינצטער ווערן און דאַן וועט מען זען. ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט. די זון איז אונטערגעגאַנגען. דער הימל איז געוואָרן וואָס אַמאָל טונקעלער. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און קיין שטערנס האָבן זיך נישט באַוויזן, ווייל עס איז געווען כמאַרנע.

איך שטעק פאַרזיכטיק אַרויס דעם קאָפּ צו זען, וואו איך געפין זיך. פון פאַרשידענע ערטער זע איך קליינע פייער־פונקטן. הייסט עס, אַז דאָס זענען פויערישע כאַטעס. צי זאָל איך זיך ווענדן אין דער ריכטונג פון די ליכטער אָדער נישט? איך באַשליס צו גיין אַהין, ווייל ווי איך האָב געהערט, זענען די אוקראַינער געפערלעכע אַנטיסעמיטן און זיי זענען פעאיק איבער־צוגעבן מיך אין די הענט פון די סאָוויעטישע פּאַטרולן. וואָס טוט מען פאָרט? איך בין הונגעריק און דורשטיק, און די דעצעמבער־קעלט קריכט ממש אין די ביינער. אַ שוידער נעמט מיך אַדורך און איך זוך אַן אויסוועג צו דער געשאַפענער לאַגע. ענדלעך בין איך געפאַלן אויף אַן המצאה, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס לעזונג. איך האָב צוגעלייגט מיין אויער צו דער ערד און אָנגעהויבן זיך צוצוהערן צו דעם אָפּהילך פון פערדישע פּאָדקאָוועס און צום אָפּקלאַנג פון די שווערע רעדער פון די לאַסט־אויטאָס. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז רעכטס פון מיר געפינט זיך אַ שאָסיי, וואָס פירט דאָך געוויס צו אַ וועלכן ס׳איז ישוב. דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און איך האָב דערפילט, אַז איך בין נישט אינגאַנצן הילפלאָז. איך האָב זיך געלאָזט גיין אין דער דאָזיקער ריכטונג. איך האָב געדאַרפט זיין

זייער פּאָרזיכטיק, ווייל דער בוג האָט זיך געהאַט צעגאָסן און אַרום זענען געווען קאַנאַלן און גריבער פול מיט וואַסער.

ענדלעך בין איך אַ פּאַרמאַטערטער אַרויף אויף אַ שאָסיי. איצט איז די פּראַגע: וואוהין גייט מען — רעכטס אָדער לינקס? באַלד האָב איך צו דעם אויך געפונען אַ לעזונג. איך בין געגאַנגען אין איין ריכטונג ביז איך האָב געפונען אַ וועג־ווייזער, וואָס האָט געוויזן 9 פון איין זייט און 15 פון דער צווייטער זייט. איך האָב פאַרשטייט זיך אויסגעוויילט די ריכטונג וואוהין איך האָב געהאַט צו גיין נאָר 9 קילאָמעטער. איך האָב אַוועק־געוואָרפן אין אַ בלאָטיק פעלד מיין טעקע, וועלכע האָט אַנטהאַלטן פאַרשי־דענע זאַכן, וואָס איך האָב מיטגענומען. איך האָב געטראַכט, אַז אויב וועל־כער ס'איז פּאַטרול וועט מיך פאַרהאַלטן און זוכן אין מיין טעקע, דאַן דראָט מיר צוריקגעשיקט צו ווערן. איך האָב אַריינגעשטעקט די הענט אין די הויזן־טאַשן און אונטערגעפייפט זיך אַ פּאָפּולער לידל. דערביי האָב איך זיך אַביסל געוואַקלט אויף די פיס, ווי אַ גאַנדז, אָדער קאַטשקע. איך האָב געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך בין אַן אָרטיקער איינוואוינער, וועלכער שפּאַצירט זיך אַביסל זייענדיק בגילופין. איך האָב פאַקטיש אָנגע־טראָפן צוויי סאָוועטישע זעלנער, ווייזט אויס, פון דער גרענעץ־וואַך. זיי האָבן מיך אָפּגעשטעלט, באַלויכטן מיין געזיכט מיט אַן עלעקטריש טאַשן־לעמפּל און גענומען אויספרעגן פון וואַנען איך בין. איך האָב זיי געוויזן מיטן פינגער אין דער ריכטונג פון די פייערלעך. מיין פיזאָנאָמיע האָט זיי ווייזט אויס אויסגעזאָגט, אַז איך בין ווייט צו זיין אַ בורזשוי. איך האָב גע־נומען פייפן די מעלאָדיע פון אינטערנאַציאָנאַל.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך אָנגעהויבן שושקען און דערנאָך האָט איינער פון זיי מיר געגעבן אַ זעץ אין פּלייצע און אַ זאָג געטון: גיי צום טייוול! וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום, דו הינטישער זון? שלאָפן גיי, דו מנובל! אויב מיר וועלן דיך נאָכאַמאָל דאָ טרעפן, איז דיין לעבן גאָרנישט ווערט...

איך האָב זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן, אַז מ'הייסט גיין גייט מען. איך האָב זיך געמאַכט גיין צום דאָרף און ווען זיי זענען אַוועק, בין איך מיט שנעלע טריט אַוועק אין דער אַקעגנאיבערנדיקער ריכטונג. זיי האָב איך מער נישט אָנגעטראָפן. אָבער אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער איז מיר אַקעגן געקומען אַ צווייטער פּאַטרול. איך האָב געמאַכט אַ דרייסטע מינע און זיי באַגריסט: גוטן אָוונט, חברים — קום מיט אונדז — האָט איינער זיך אָנגערופן — וועלן מיר זען, אַ וואָסער חבר דו ביזט אונדזערס. מיר איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן, אַ ציטער איז מיר אַדורך איבערן רוקן און מיט שטרויכלנדיקע טריט בין איך מיט זיי געגאַנגען ביז מיר זענען

אָנגעקומען אין אַ פּלאַץ, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען הונדערטער עלנדע יידן מיט נעבעכדיקע געזיכטער פּונקט ווי איך.

## מיין אָנקום אין דאָמאַטשעווא

עס איז געווען אין אַ פינצטערער נאַכט. דער ווינט האָט געבלאָזן מיט אַ שטאַרקן כוח און אַ שטאַרקער שלאַקס־רעגן האָט געשמיסן אין פּנים. אונדזערע שומרים האָבן ווי אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן אונדז און האָבן זיך אַפּנים געוואַרעמט אין עפּעס אַ בעקעריי.

מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין שטעטל דאָמאַטשעווא, וואָס איז געווען באַוואוינט כמעט אויסשליסלעך דורך יידן. צו מיין גרויסער פרייד האָב איך זיך דאָ געטראָפן מיט מיין זון, וועלכער האָט מיך אָפּגעוואַרט. אַן אָרטיקער ייד האָט מיך פאַרבעטן אויף נאַכטלעגער און אָפּגעגעבן צו מיין דיספּאָזיציע אַ בעט מיט בעטגעוואַנט. אַ צעבראָכענער און מידער האָב איך זיך אַריינגעלייגט אין בעט און געוואונטשן דעם ייד דאָס אייביקע לעבן. איך האָב דערפילט דעם טעם פון גן עדן און בין אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. איך האָב זיך אויפגעוועקט גאַנץ פרי. שנעל זיך אָנגעטון און אַוועקגעשטעלט זיך ביים פענצטער, כדי צו הערן וואָס עס טוט זיך. פלוצלינג האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס האָט פאַרגליווערט מיין בלוט אין די אָדערן. ווי ווייט דאָס אויג האָט דערגרייכט האָבן זיך געצויגן רייען פון יידן, מענער און פרויען און אויך קינדער, וואָס זענען ווייזט אויס, פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די סאָוויעטישע פּאַטרולן און געפירט געוואָרן צוריק צו דער גרענעץ, כדי אומצוקערן זיי פון וואַנען זיי זענען געקומען. דער אויסדרוק פון זייערע געזיכטער איז געווען יאוש און פאַרצווייפלונג. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געוואוסט אַז זייער גורל — לעבן אָדער אומקום — ווערט איצט דעצידירט. צווישן די געפירטע, וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן דורך סאָוועטישע זעלנער מיט אויפגעשטעלטע באַגנעטן, האָב איך אויך באַמערקט די גרופּע וואָס איז געלאָפן פאָראויס און איך האָב זיי נישט געקאָנט דעריאָגן.

די איראָניע פונם גורל! דאָס פעלן פון כוח זיי צו דעריאָגן האָט מיך געראַטעוועט און איך האָב געמיינט, אַז איך בין אומגליקלעך. דערזע־ענדיק זיי, בין איך אינסטינקטיוו אָפּגעשפּרונגען און באַהאַלטן זיך אונטער דעם פאָרהאַנג, מורא האָבנדיק אַז עפּעס אַ נישטפאַרזיכטיקע באַוועגונג זאָל מיך נישט אויסגעבן. טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז, וויסנדיק וואָס ס׳דערוואַרט די אומגליקלעכע.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אין שטעטל געפינט זיך אַ פּולאַווער איינוווינער ישעיה קרעלנבוים, אַ קאָמוניסט, וועלכער איז גע־

זעסן 4 יאָר אין דער פּוילישער תפיסה און איז דאָ עולה לגדולה געוואָרן ביי דער סאָוויעטישער מאַכט. אין פּולאַוו פּלעג איך אָנהאַלטן מיט אים פריינטלעכע באַציאונגען און אָפט שפּילן מיט אים אין שאַך. איך האָב אויסגענוצט די קאָנטשאַפט. ער האָט מיר צוגעשטעלט אַ וועגעלע און פאַרנאַכט האָט ער פערזענלעך מיך און מיין זון באַגלייט צום וואָקזאַל, כדי צו געבן הילף אין פאַל פון אַ באַגעגעניש מיט אַ פּאַטרול. ער האָט אונדז באַזאָרגט מיט באַן־בילעטן און צוגעוואָרט ביז מיר זענען אַריין אין באַן און זי האָט אָנגעהויבן רירן.

אין די וואַגאָנען האָט געהערשט חושך מצרים. איך בין דערפון נישט געווען אומצופרידן. איך בין געזעסן אין אַ ווינקל און געמאַכט זיך דרימלען, כדי מיין פאַרזאָרגט פנים זאָל מיך נישט אויסגעבן. ענדלעך האָט זיך באַוויזן דער גוט־באַלויכטענער בריסקער באַן־הויף און אונדז איז לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה, ווייל דאָ האָט מען מער נישט געפרעגט אויף קיין דאָקומענטן.

איך האָב ווי ס'איז זיך איינגעאָרדנט אין אַ ביליקער אַכסניה און אָנגעהויבן זוכן אַרבעט. איך בין געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט אין גאָר־סאָוויעט (שטאָט־פאַרוואַלטונג), וואוהין איך בין געקומען טאָג־טעגלעך זוכן אַרבעט. איך האָב געקויפט אַ לערן־בוך און אָנגעהויבן אויפפרישן מיינע ידיעות אין רוסיש. דאָס קליינע ביסל געלט, וואָס איז מיר געלונגען מיט־צוברענגען מיט זיך, האָט אָנגעהויבן צערונען ווערן און איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו זיין זייער שפּאָרזאַם.

מיין זוכן אַרבעט האָט נישט געברענגט קיין רעזולטאַט, און נאָך צוויי וואָכן האָב איך באַשלאָסן איבערצופּאָרן קיין קאָוועל. אויך דאָ האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַרבעטסלאָז עטלעכע וואָכן, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין אויך דאָ געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט אין גאָרסאָוויעט און אויך געזוכט אַרבעט דורך אַנדערע וועגן. מיין געלט־זאַפּאַס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן מער איינגעשרומפּן און איך האָב אָנגעהויבן לעבן מיט ברויט און טיי אַליין. דער פּרייז פון ברויט איז געשטיגן 5־פאַכיק. אויף דעם רעגירונגס־פּרייז האָט מען געקאָנט באַקומען ברויט נאָר אין דער ריי ביי די בעקערייען, אָבער צו דעם צוועק האָט מען געמוזט שטיין אין דער ריי 6—8 שעה אין דער צייט, ווען אינדרויסן איז געווען אַ קנאַקעדיקער פראָסט און ס'האָט פּשוט געדראָט דערפרוירן צו ווערן.

אויך דער קלימאַט האָט אַפּנים דערקלערט מלחמה די אומגליקלעכע פּליטים. דער פראָסט איז דערגאַנגען ביז 30 גראַד און קיין האָלץ אָדער קוילן זענען אויך נישט געווען גענוג. איז טאַקע געווען קאַלט אויך אויף דער נשמה. דער שמוץ, אין וועלכן די היימלאָזע האָבן געלעבט קעגן זייער

ווילן, האָט אַרויסגערופן עפּידעמישע קראַנקייטן און קודם־כל דעם פלעק־טיפוס, וועלכער האָט פאַרשניטן אַ סך יונגע לעבנס. די מענטשן, אויסגע־מאַטערטע און צעבראָכענע פון וואַנדערן און הונגערן זענען געפאַלן ווי די פליגן.

ענדלעך איז געקומען אויף מיר אַ ישועה דערמיט, וואָס איך האָב פלוצלינג באַקומען אַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ פליייש קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך מיין באַקאַנטן אַ ב ר ה ם נ י ס ב ו י ם. איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען און ווירק־לעך איז מיר געלונגען אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט אויפצו־שטעלן אַ ריזן־אינסטיטוציע מיט בערך 1000 מיטגלידער.

מער ווי צוואַנציק אָפּטיילונגען זענען געעפנט געוואָרן אין שטאָט און אין „אַרטעל" האָט געטומלט און געררוישט ווי אין אַ בינשטאָק. ס'איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן כמעט 16 שעה אין מעת־לעת. איך פלעג אָנהויבן אַרבעטן האַלב 5 אין דער פרי און ענדיקן אַרום 9 אין אָוונט. איך האָב אָפט געמוזט פאָרן אין דער קרייז־שטאָט לוצק, וואו ס'האָט זיך געפונען דער קאָנטראָל־אַמט איבער די קאָאָפּעראַטיוון. צום אַרטעל האָבן געהערט יידן, פאָליאַקן און אוקראַינער.

צום פּערסאָנאַל, וועלכער איז נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער פאַכמענישער הויך, האָבן געהערט 14 יידן און איין רוס. אין אַ געוויסן טאָג בין איך אַרויסגערופן געוואָרן צום פּראָקוראָר און דאָרט בין איך געוואָרנט געוואָרן, אַז איך אַלס הויפּטבוכהאַלטער בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מאַכט פאַר אַלע אָפּווייכונגען פונם געזעץ. צווישן פּערסאָנאַל איז געווען אַ היפּשער פּראָצענט אַזעלכע, וואָס האָבן „געשלעפּט", וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפאַר איז געפאַלן אויף מיר און איך האָב געדאַרפט זאָרגן נישט אַריינצופאַלן אין תפיסה פאַר פרעמדע חטאים. פלוצלינג איז געקומען אַ קאָנטראָלער פון דער רע־גירונגס־באַנק און גענומען נישטערן אין די ביכער און דאָקומענטן און פעסטגעשטעלט אַן עבירה אַקעגן דער פינאַנס־דיסציפּלין דערמיט, וואָס דער קאַסיר האָט אין אַ געוויסן טאָג נישט אַריינגעטראָגן דעם פדיון אין דער מלוכה־באַנק, ווי ס'פאָדערט דאָס געזעץ. גיי ווייס אַלע זייערע גע־זעצן!...

איך בין אָפּגעקומען מיט אַ בלויזער וואָרנונג און האָב פרייער אָפּ־געאָטעמט. איך בין פשוט נישט אימשטאַנד געווען צו האָבן אַ געהעריקן קאָנטראָל איבער אַלץ. צוליב דער צו גרויסער לאַסט. עס זענען אַוועק עטלעכע וואָכן און ווידער האָט זיך באַוויזן אַ קאָנטראָלער פון דער מלוכה באַנק, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַן ענלעכע עבירה איז ווידער באַגאַנגען געוואָרן מצד דעם קאַסירער. דאָס מאָל איז דער ענין געוואָרן

ערנסטער. איך האָב אָנגעהויבן זאָרגן פאַר די פאָלגן, און ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט מיין זאָרג געהאַט אַ גרונט.

## די איינלאַדונג צום פּראָקוראָר

אין עטלעכע טעג שפּעטער בין איך און דער פּרעזעס פון דער פאַר־וואַלטונג איינגעלאַדן געוואָרן צום פּראָקוראָר. דער אויספאָרשונגס־ריכטער, אַ ייד מיטן נאָמען באַרכמאַן, האָט פאַר אונדז פאָרגעלייענט אַ באַשולדיקונגס־אַקט, לויט וועלכן מיר זענען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן ס׳דראָט אַ שטראָף פון 5 יאָר תפיסה.

איך האָב זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן דעם, אַז איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די עבירות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן דורך אַנדערע און אַז איך בין באַ־לאַסטעט איבערן קאָפּ מיט אַרבעט אין אַרטעל, אַזוי אַז איך בין פּשוט נישט אימשטאַנד צו האָבן אויף אַלץ אַן אויג. דערויף האָט ער געענטפערט, אַז ווען ער זאָל אָננעמען מיין פאַרענטפערונג וועלן אויך אַנדערע זיך דערלויבן עובר צו זיין אויף די סאָוועטישע געזעצן און דאַן וועט די סאָוועטישע מדינה גיין צו גרונט. ס׳איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס גייט מען אינסצע־ניזירן קעגן מיר אַן אָפּשרעקונגס־משפט למען ישמעו ויראו, אָבער די דירעקטע קרבנות דאַרפן עס זיין איך און דער פּרעזעס. אַלע ביטעס פון אונדזער זייט האָבן נישט געהאָלפן. מיר האָבן געמוזט אונטערשרייבן זיך, אַז מיר וועלן נישט פאַרלאָזן די שטאָט אָן זיין דערלויבעניש. ערשט דאַן האָט ער אונדז דערלויבט אַוועקצוגיין.

## דער פּראָצעס

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר ד. ה. איך און דער פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג, זיך געפונען אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. מיט אונדז זענען געזעסן 2 נ.ק.וו.ד.־לייט מיט רעוואָלווערן אין די הענט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט און פאַר די אויגן האָט געשוועבט אַ נעפּל. פּלוצלינג — מיר נישט דיר נישט — ווער איך אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און ס׳דראָט מיר 5 יאָר תפיסה, און פאַרוואָס ? פאַר פרעמדע עבירות.

פון מיינע חלומות האָט מיך אויפגעוועקט אַ שאַרפער קלונג פונם געריכטס־גלאָק. דער דינער האָט אויסגערופן דעם לאַקאָנישן : „דאָס געריכט גייט" און דער ריכטער איז צוגעטראָטן צום משפט. נאָכן פאַרלייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט דער ריכטער געפרעגט, אויב איך בין שולדיק און דערנאָך די זעלבע פראַגע איבערגעחזרט דעם פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג. מיר האָבן פאַרשטייט זיך געענטפערט : ניין. דאַן האָט דער

אַדוואָקאַט גענומען דאָס וואָרט און געפּילפּולט מיט די אויספירונגען פון פּראָקוראָר. דער פּראָקוראָר האָט אָנגעוויזן, אַז מיט אונדזערע מעשים האָבן מיר באַדראָט די גאַנצקייט פון דער סאָוויעטישער מדינה און דאַרפן דעריבער באַשטראָפט ווערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון געזעץ. איך האָב גענומען דאָס וואָרט און גענומען זיך פאַרטיידיקן דערמיט, וואָס איך בין נאָך אַ „גרינער" אין די סאָוויעטישע געזעצן און אַז ביז איצט בין איך, ווי אַ בוכהאַלטער, נישט פאַראַנטוואָרטלעך געוועזן פאַר דעם קאַסירערס מעשים. איך האָב אונטערגעשטראָכן אַז אַנשטאָט משפּטים איז כדאי, אַז די סאָוויעטישע מאַכט זאָל איינאָרדענען קורסן, כדי מיר זאָלן לערנען, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. נאָך דעם ווי דער פּרעזעס פון פאַרוואַלטונג האָט אויך געבעטן, אַז מען זאָל אים באַפרייען, האָט דער ריכטער פאַרלאָזט דעם זאַל, כדי צוצוגרייטן דעם פּסק־דין.

די שפּאַנונג אין זאַל איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט, אָבער איך בין געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז איך האָב כמעט נישט געהערט וואָס אַרום מיר טוט זיך. ענדלעך האָט זיך באַוויזן דער ריכטער. ער לייענט איבער דעם גזר־דין, לויט וועלכן איך און דער פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג ווערן פאַרמשפּט אויף אַ יאָר צוואַנגס־אַרבעט על תנאי, דאָס הייסט — אין פאַל ווען ס'וועט דורך אונדז באַגאַנגען ווערן נאָכאַמאָל וועלכע ס'איז עבירה אין פאַרלויף פון די נאָענטסטע צוויי יאָר.

מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט: אויסגעמיטן דערווייל די שרעקלעכע תפיסה, אָבער וואָס וועט זיין ווייטער? דערווייל האָט די פאַרוואַלטונג צוגעגרייט פאַר אונדז אַן אויפנאַמע מיט וויין און ביר און ס'איז געווען ששון ושמחה. איך האָב אָנגעהויבן זיך באַמיען, אַז מען זאָל מיך באַפרייען פון מיין אַמט אַלס הויפּטבוכהאַלטער, אָבער ליידער איז עס מיר נישט געלונגען. איך האָב פאָרגעזעצט מיין אַרבעט אין כסדר געזוכט וועגן, ווי אַזוי אָפּצולאָזן די אַרבעט, אָבער אָן דערפאָלג. ביז פּלוצלינג בין איך פּטור געוואָרן דעם אַמט אויף אַן אַנדער אופן און געשען איז אָט וואָס.

## די פּלוצלינגדיקע אַרעסטן

די וואָכן האָבן זיך געצויגן. פון טאָג צו טאָג איז דאָס יקרות געשטיגן און געוויסע פּראָדוקטן זענען אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אין פאַרשידענע ערטער, וואו מען האָט פאַרקויפט לעבנסמיטל האָבן זיך געבילדעט ריזיקע רייען און די שוועריקייטן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער. פּלוצלינג האָבן זיך באַוויזן פאַראָרדנונגען פון דער מאַכט, אַז אַלע איינוווינער ווערן פאַרפליכטעט אַרויסצונעמען אין פאַרלויף פון אַ חודש סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. אַ געוויסע טייל פון די היימלאָזע האָט זיך נישט

געקאָנט דעצידירן צו טאָן דאָס, ווייל דאָס האָט געהייסן אינגאַנצן רעזיג־נירן צו זען זיך מיט די פרויען און קרובים, וואָס זענען פאַרבליבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. פונדעסטוועגן האָב איך באַשלאָסן יאָ אַריינ־טראָגן אַ ביטע וועגן אַ רוסישן פּאַספּאָרט, וויסנדיק אַז אין קעגנפאַל דראָען מיך רעפּרעסיעס מצד דער סאָוויעטן־מאַכט, אַ־ן ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָב איך געהאַט רעכט. פון דער צווייטער זייט האָב איך זיך נישט אַזוי שטאַרק געאיילט דעם פּאַספּאָרט צו באַקומען, האָפנדיק אפשר וועט קומען אַ ישועה אַן אומדערוואַרטעטע אין איינקלאַנג מיטן העברעאישן שפּריכוואָרט „וואָס דער שכל וועט נישט לעזן וועט לעזן די צייט". און דאָ איז געשען נאָך עפּעס: מיין זון פּנחס האָט מיר גאָר־נישט דערציילט און איז געגאַנגען אין אַ געוויסער סאָוויעטישער ביוראָ, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו רעגיסטרירן די יעניקע היימלאָזע, וואָס ווילן צוריק פאָרן קיין דייטשלאַנד, כדי צו מאַכן אַן אויסטויש אויף אוק־ראַאינער, וואָס האָבן געוואָלט קומען קיין סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט רעגיסטרירט זיך, מיך און מיין טאָכטער און ווי געזאָגט פאַרהוילן פון מיר דעם ענין פון דער רעגיסטראַציע. דערווייל האָט די סאָוועטישע מאַכט געשוויגן, אָבער ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן איז עס געווען אַ שטילקייט פאַר אַ שטורם.

דעם 29־טן יוני 1940 האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די ערטער, וואו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן די היימלאָזע, ספּעציעלע אָפּטיילונגען, וואָס זענען באַשטאַנען פון קאָמסאָמאָלן (יוגנטלעכע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) און נ.ק.וו.ד.־לייט. די יעניקע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין סאָוועטישן פּאַספּאָרט זענען פאַרהאַלטן געוואָרן. אויך אין מיין וואוינונג האָט מען אָנגעקלאַפּט דריי אַזייגער אין מיטן דער נאַכט און געפרעגט אויף אונדזערע סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. מיין זון און נאָך אַ יונגער היימלאָזער האָבן נאָך איידער מיר האָבן געעפנט די טיר, אַראָפּ־געלאָזט זיך דורך דעם פענצטער אין אַ פינצטערן הויף־ווינקל. איך האָב געטענהט, אַז איך דאַרף דעם פּאַספּאָרט באַקומען אין דער פרי, אַז אַזאַ הבטחה האָב איך באַקומען אין פּאַספּאָרטן־ביורא. עפּעס האָב איך צופעליק אָנגעטראָפן אויף מענטשן, אויף וועלכע מיינע ווערטער האָבן געהאַט אַ געוויסע השפּעה און זיי זענען אַוועק.

נאָך דעם באַזוך האָבן מיר מער נישט געקאָנט שלאָפן. עפּעס האָט געפּיקט אין האַרצן אַן אומרואיקייט. איך בין אינגאַנצן געווען דערשלאָגן פון דעם פּלוצלינגן באַזוך, וואָס האָט נישט פאָרויסגעזאָגט קיין גוטס. האַלב פינף זענען מיר אויפגעשטאַנען און אַוועק אין אַרטעל, טראַכטנדיק אַז דאָרט וועט אונדז געלינגען דורך קאָנטשאַפט אַרויסצובאַקומען פּאַס־פּאָרטן און פּטור ווערן פון אומאָנגענעמלעכקייטן. אויפן וועג זענען מיר,

(איך און מיין זון), דריי מאָל אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך קאָנטראָל־אָפּ־טיילונגען אויף פאַרשידענע גאַסן. ווידער איז אונדז געלונגען אויפצוקלערן, אַז אין אייניקע שעה אַרום וועלן מיר האָב סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן.

מיר זענען אָנגעקומען גאַנץ פרי אין אַרטעל. איך האָב זיך אַוועקגע־זעצט אַרבעט , און מיין זון איז פאַרבליבן אויפן הויף. זיצנדיק אַזוי ביים טיש און אַריינטראַכטנדיק וועגן די איבערגעלעבטע שעהן און וועגן דעם וואָס אונדז דערוואַרט נאָך, באַמערק איך פּלוצלינג, אַז אין הויף פאָרט אַריין אַ לאַסט־אויטאָ מיט סאָוויעטישע מיליטער־לייט און צווישן זיי מיין זון. איך האָב זיך גלייך אָריענטירט, אַז מיין זון איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַפּנים אויף דער גאַס און בעת אַ חקירה האָט ער אויסגעגעבן, וואו איך געפין זיך. אין ערשטן מאָמענט האָב איך געטראַכט צו באַהאַלטן זיך, אָבער גלייך האָב איך זיך געכאַפּט, אַז מיין זון און טאָכטער וועלן פאַרהאַלטן ווערן און איך וועל אַפילו נישט וויסן, וואו זיי זענען אַהינגעקומען. איך האָב אַלזאָ באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אויפן פּלאַץ. באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ העכערער סאָוועטישער באַ־אַמטער אין באַגלייטונג פון צוויי באַוואָפנטע נ.ק.וו.ד.־לייט.

ער האָט אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער אָנגעשטעלט אים אַקעגן מיר און זיך דערנענטערט. צוגעקומען, האָט ער מיר דערקלערט אין נאָמען פון דער סאָוויעטישער מאַכט, אַז איך בין אַרעסטירט. ווען איך האָב געפּרואווט אויפקלערן, אַז איך בין אין אָרדנונג, ווייל איך האָב אָנגעגעבן אַ ביטע צו באַקומען אַ פּאַספּאָרט, האָט ער מיר דערקלערט אַז איך געפין זיך אין דער רשימה צוריקצופאָרן אין דער דייטשער אָקופּאַציע־זאָנע. אויף מיין טענה, אַז איך האָב זיך נישט רעגיסטרירט, האָט ער מיר אויפגעוויזן, אַז מיין זון האָט מיך רעגיסטרירט און אַזוי ווי ער וווינט צוזאַמען מיט מיר אין איין וווינונג, איז דאָס אַ באַווייז, אַז די רעגיסטראַציע איז פאָרגעקומען מיט מיין וויסן. באַלד דערנאָך האָט ער אין אַ שטרענגן טאָן אַ זאָג געטון : קריך אַרויף אויפן אויטאָ און לאָמיר פאָרן. אויף מיין פראַגע „וואוהין ?", האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז דאָס פאָרן מיר אין מיין וואוינונג, כדי צו נעמען פון דאָרט מיינע פּעקלעך.

אין קורצן זענען מיר אָנגעקומען צום באַנהויף און דאָרט אַוועק־געשטעלט געוואָרן אונטער אַ וואַך.

דער טראַנספּאָרט האָט זיך פאַרגרעסערט פון מינוט צו מינוט. מיר זענען אַריינגעשטיגן אין ספּעציעל אָנגעקומענע בהמות־וואַגאָנען נישט קוקנדיק אויף אונדזערע שאַרפע פּראָטעסטן. קיין קלאָזעטן זענען אין די וואַגאָנען נישט געווען און די ענגשאַפט אין זיי איז געווען אין לשער. נאָכן אָנשטאָפּן די וואַגאָנען, אַז ס'איז כמעט נישט געבליבן קיין פּלאַץ וואו צו שטיין, זענען די טירן פאַרשלאָגן געוואָרן פון דרויסן נאָך דעם ווי

ידער האָט באַקומען אַ האַלב ברויט און נאָך דעם ווי זיי האָבן דערלויבט
יי פאַרהאַלטענע אַריינצונעמען עמערס מיט וואַסער. דאָס באַזעצן די
וואַגאָנען האָט זיך געצויגן עטלעכע שעה און דערנאָך האָט דער עשאַלאָן
ערירט פון אָרט.

מיר זענען געפאָרן מער ווי צוויי וואָכן. יעדן אין דער פרי פלעגט די
באַן זיך אָפּשטעלן און דאַן האָבן די היטערס אויפגעעפנט די טירן און
אַרויסגעלאָזט די אַרעסטירטע צו דערליידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן.
הונדערטער מענטשן, מענער און פרויען אויסגעמישט, האָבן זיך אַוועק־
געזעצט אין פעלד, ווייל זיי האָבן נעבעך קיין ברירה נישט געהאַט. די
מענטשן זענען פשוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות און האָבן פאַרלוירן די
בושה.

אין די וואַגאָנען האָבן אַרומגעשפּאַצירט אויף די ווענט פעטע לייז,
וועלכע האָבן אונדז געפרעסן אָן אויפהער. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן
באָדן זיך האָט גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד. נאָר איין איינציק מאָל
האָט מען אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באָדן זיך אין וועג. דאָס איז
געווען אין ס ו ו י ע ר ד ל אָ ו ו ס ק אין דער שטאָטישער באָד, אָבער
דאָס פּיקאַנטע דאָרט איז געווען, וואָס די מענער זענען נאַקעטערהייט באַ־
דינט געוואָרן אויסשליסלעך דורך פרויען, וועלכע זענען ווייזט אויס שוין
געוואוינט געווען צו אַזעלכע סצענעס, און פאַרקערט — די נאַקעטע פרויען
זענען באַדינט געוואָרן אויסשליסלעך דורך מענער.

## סיביר

ווער ס'האָט נישט געזען דאָס לאַנד מיט אייגענע אויגן, קאָן זיך נישט
פאָרשטעלן וואָס עס מיינט סיביר. דער קלימאַט אין די חדשים יוני,
יולי, אויגוסט איז אַ פּראַכטפולער. די זון שיינט אין איר גאַנצער פּראַכט.
די לופט איז ריין און פריש. די וועלדער זענען פול מיט יאַגדעס און
מאַלינעס. אין די טייגעס (געדיכטע אור־אַלטע וועלדער) געפינען זיך
אין די ביימער מאַסן בינשטאָקן, וואָס גיבן האָניג בשפע. די גרינסן, ווי
קאַרטאָפל, קרויט, פּאָמידאָרן און מערן זענען דרייפאַך גרעסער ווי אין
אַנדערע לענדער און זענען מלא טעם. דאָס קרויט עסט זיך, למשל, רויער־
הייט אַ בלאָט נאָך אַ בלאָט און עס דערמאָנט דעם ריח און טעם פון עפל.
אין דרויסן בלאָזט אַ מחיהדיק ווינטל און ביינאַכט זעט זיך אָפּט אויפן
הימל דאָס שיינען פון דעם צפון־ליכט. די בילדער, וואָס דו זעסט דאָ
רופן אַרויס התפעלות. ס'דאַכט זיך דיר, אַז דו געפינסט זיך אין עפּעס אַ
פאַרכישופט לאַנד. צוקוקנדיק זיך צו אָט דער לאַנדשאַפט דערמאָנסטו
זיך, אַז ערגעץ ווייט געפינט זיך אַ ברייטע וועלט, וואו מענטשן געניסן

פולע זשמעניעס מיט פרייהייט און ס'ווילט זיך פאַרגעסן, אַז דו ביסט פאַרשיקט געוואָרן אַהער קעגן דיין ווילן, ווייט פון פאַמיליע און פריינט.

פון אויגוסט הויבן אָן בלאָזן קאַלטע ווינטן און דער הוראַגאַן ווערט אַן אָפטער גאַסט און באַלד דערפילסטו, אַז דו געפינסט זיך אין אַ נישט נאָר־מאַלער סביבה און אַז דו ביסט נישט מער ווי אַ נישטיק באַשעפעניש און ווער ווייסט, צי דו וועסט נאָך אַמאָל אָנקוקן די ברייטע וועלט. און אָט קומען די ערשטע סעפּטעמבער־טעג. די טעג ווערן קלענער. אין דער לופט דרייען זיך שטיקער שניי, וועלכע באַדעקן די ערד,ביימער און הייזקעס מיט אַ ווייסן טעפּיך, וועלכער בלענדט די אויגן און די וועלט באַקומט אַן אַנדערע צורה. אַ שוידער נעמט דיר אַרום דורך און דורך. הייסט עס אַז ער, דער גרויזאַמער ווינטער, איז אומבאַמערקט געקומען.

אַוועק נאָך צוויי וואָכן און אויך די פרעסט הויבן אָן פאַרשפרייטן זייער שליטה איבערן לאַנד. פריער די 30 גראַד און באַלד קומען 40 גראַדיקע און דערנאָך 50 און 55 גראַדיקע און צומאָל אויך 60 גראַדיקע. אין דער לופט פליט עפּעס אַ געדיכטע מאַסע, וועלכע פאַרכאַפּט דעם אָטעם און אויב דו ווילסט אָפּהיטן דיין נאָז אָדער אויערן, אַז זיי זאָלן נישט אָפּפרירן, מוזטו אַ טראַכט געבן איינצוהילן דאָס גאַנצע פּנים, קאָפּ און אויערן אין דיקע וואָלענע טיכער אָדער שמאַטעס. אַנדערש באַקומט דיין געזיכט אַ צורה פון שניי — אַ סימן אַז דער אומברחמנותדיקער פראָסט האָט עס בייגעקומען.

די נעכט ציען זיך 18 שעה פון 3 נאָכמיטאָג ביז 9 פרי, בשעת זומער דויערן זיי נישט מער ווי 2 שעה: פון 11 אַזייגער אָוונט ביז 1. אין די שטיבער, אין די הרובעס קנאַקט דאָס פייער פון די גרויסע האָלץ־קלעצער, וואָס ברענען אַ גאַנצן טאָג. עס טומלט און קנאַקט און די פייער־צונגען שלינגען איין מיט גרויס אַפּעטיט די דיקע האָלצשייטערס. דאָס פייער אין קוימען הערט נישט אויף פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט. אַנדערש וואָלסטו נישט אימשטאַנד געווען דאָ זיך צו דערהאַלטן אין דעם קאַלטן אומברחמנותדיקן קלימאַט.

אָט אַהער זענען מיר פלוצלינג פאַרוואָרפן געוואָרן. צי וועלן מיר נאָך זוכה זיין פונדאַנען אַרויסצוקריגן זיך ?

## אַרבעט און לעבנס־באַדינגונגען

אָנגעקומען אַהער זענען מיר דעם 15טן יולי 1940, אין דעם פאַר־וואָרפענעם אָרט אָסינאָ אויפן טייך צולים. דאָ האָבן טאַרטאַקן געקלאַפּט און געטומלט בייטאָג און ביינאַכט. די געדיכטע טייגעס זענען לאַנגזאַם געוואָרן שיטערער, ווייל צענטליקער טויזנטער אָרימע פאַרשיקטע פון

אַלע עקן פון דער ברייטער רוסישער מדינה האָבן דאָ שווער און ביטער געאַרבעט ביים א׳נטערזועגן די אוראַלטע בייטער, נישט איינער פון די עלנטע האָט דאָס אויסגעהויכט זיין נשמה. אויך מיר זענען דאָ אַהערגע־ברענגט געוואָרן צו פּירן אַן עקשנותדיקע מלחמה מיטן דזשונגל. באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַהער צענדליקער עשאַלאָנען מיט פאַרשיקטע פוילישע בירגער, די מערהייט איז גלייך איבערגעשיקט געוואָרן ווייטער און טיפער אין די טייגעס אַריין. נאָר יחידי־סגולה האָט אָפּגעגליקט צו פאַרבלייבן דאָ, וואו די באַדינגונגען זענען פאַרהעלטנישמעסיק געווען לייכטער.

מיר איז דורך אַ צופאַל געלונגען איינצוראָדן דעם הויפּט־בוכהאַלטער, אַז ער וועט פון מיין מיטהילף שעפּן נחת. מיר וואָלט ער אפשר נישט אַזוי געגלויבט, אָבער מיינע דאָקומענטן, אַז איך האָב געענדיקט בוכ־האַלטעריע מיט אַן ערשט־קלאַסיקער אויסצייכנונג האָבן, ווייזט אויס, גע־האָט אויף אים אַ געוויסע השפּעה. געבליבן זענען דאָ בערך 2000 פאַר־שיקטע. די גרעסטע מערהייט אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, ווי דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אויך פאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס זענען פאַרשיקט גע־וואָרן אַהע ראַלס בורזשויען.

געשטאַנען זענען דאָ פון פריער אַלטע, פאַרפוילטע באַראַקן, וועלכע זענען גלייך איבערפולט געוואָרן און אַ געוויסע טייל מענטשן איז אויסגע־קומען זיך וואַלגערן ביי די איינגאַנגען. אויך מיר מיט מיין פאַמיליע האָט „אָפּגעגליקט״ צו באַקומען אַ ווינקל ביי דער סאָמער טיר, דורך וועלכער ס׳האָט געבלאָזן בייטאָג און ביינאַכט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז כמעט אוממעגלעך געווען צו שלאָפן און דערפון האָט אויך געליטן מיין אַרבעט אין ביוראָ. איך האָב אָנגעהויבן אויסצושטיין פּרעטענזיעס פון מיין נאַטשאַלניק, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט אין מיר און אַז ער טראַכט וועגן איבערשיקן מיך אין וואַלד אַריין צום זעגןביימער. סוף־כל־סוף האָב איך אים אַריינגעפירט אין באַראַק און אים געוויזן מיינע „אַפּאַרטמענטן״ און מיר איז געלונגען איבערצוצייגן אים, אַז נאָכן באַקומען אַן אָרט אוועקצולייגן דעם קאָפּ, וועל איך אים צופרידנשטעלן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיר דער נאַטשאַלניק פאַרגעלייגט אַ קליין, אַלט איינגעבויגן הייזל, אָבער ווען איך, מיין זון און מיין טאָכטער זענען געקומען אויפן פּלאַץ איז אונדז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַלע ווענט זענען געווען פאַרפלעקט מיט סימנים פון וואַנצן און ביים אַריינגאַנג זענען געלעגן עטלעכע טויטע גרויסע שטשורעס. מיין טאָכטער האָט נישט געוואָלט הערן פון אַריינקלייבן זיך דאָ, כאָטש איך האָב בלית ברירה מסכים געווען. מיין נאַטשאַלניק האָט זיך שטאַרק צעבייזערט, ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז מיין טאָכטער וויל נישט הערן פון אַזאַ

וואוינונג און מיר דערקלערט, אַז ער וועט פאַר מיר גאָרנישט מער טאָן. מיר האָבן אַלזאָ ווייטער זיך אַרומגעוואַלגערט לאַנגע וואָכן, ביז ס׳זענען ענדלעך אויפגעבויט געוואָרן נייע באַראַקן און דאַן האָבן מיר באַקומען אַ בשותפותדיקן צימער פאַר 7 פּערזאָן. נישט געווען וואו אויסצודרייען זיך נאָכדעם ווי ס׳זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן 7 טאַפּשטשאַנעס צום שלאָפן, אָבער מיר האָבן זיך באַמיט צו דערהאַלטן דאָס צימער היגיעניש און ריין. ביסלעכווייז האָבן אויך דאָ אַהער זיך אַריינגעקליבן וואַנצן און אויך שטשורעס האָבן דאָ נישט געפעלט.

אין אָנפאַנג האָב איך געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ קיך פאַר די פאַרשיקטע, אָבער באַלד בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס עלטערער בוכהאַלטער, וועמען ס׳זענען אונטערגעוואָרפן געוואָרן אַלע קיכן און בופעטן פון דער געגנט, בערך 30 אין צאָל. ס׳איז מיר אויסגעקומען זייער שווער צו אַרבעטן. די אָנפירונג האָט אָנגעהויבן אַרויפלייגן אויף מיר וואָס אַ מאָל מער אַרבעט און דעריבער איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן נישט ווייניקער פון 12 שעה אין טאָג און אויך זונטיק.

די ערשטע צייט איז בנוגע עסן נאָך געווען צו דערליידן, ווען עס איז אָבער אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־נאַציסטישע מלחמה איז דער מצב אין דער הינזיכט געוואָרן קלאָגעדיק. אָנשטאָט 500 גראַם ברויט האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען נאָר 300 גראַם און שפּעטער נאָר 200 גראַם ברויט אַ טאָג. די זופּ אין קיך האָט אַנטהאַלטן נאָר וואַרעם וואַסער און עטלעכע שטיקלעך קרויט. דער הונגער האָט אונדז אָנגעהויבן פּייניקן און מיר זענען פּשוט געפאַלן פון די כוחות. מיר האָבן אָנגעהויבן צו מישן דאָס פּסולת פון מאָן (מאַקוך וואָס ווערט באַנוצט פאַר די בהמות) צו מעל, וואָס מיר האָבן געקויפט צו טייערע פּרייזן און דאָס האָט אַרויסגערופן מאָגן־קראַנקהייטן. אויך בוראַקעס און קאַרטאָפל פלעגן מיר עסן רויערהייט, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט זיי אָפּצוקאָכן.

אַזוי זענען אַדורכגעגאַנגען עטלעכע חדשים אין הונגער און נויט, ביז אין אַ געוויסן טאָג איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בשורה, אַז דער פּוילישער גענעראַל שיקאָרסקי האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוועטן־מאַכט, לויט וועלכן אַלע פאַרשיקטע פּוילישע בירגער ווערן באַפרייט און האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאָזן סיביר. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די ידיעה איז אַן אמתע און אונדזער פרייד האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. הייסט עס, אַז ס׳זענען נאָך דאָ האָפנונגען ווען ס׳איז אַהיים צו פאָרן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו פאַרלאָזן סיביר און איבערקלייבן זיך אין די מער דרומדיקע געביטן פון רוסלאַנד, וואו ס׳איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען וואַרם.

אונדזערע צוגרייטונגען צום אָפּפאָרן האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט ביי דער אָנפירונג פונם לאַגער און זיי האָבן זיך באַמיט משפיע צו זיין אויף אונדז, אַז מיר זאָלן דאָ פאַרבלייבן אויף נייע בעי־סערע באַדינגונגען. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אַ משוגענער האָט געקאָנט מסכים זיין דאָ צו פאַרבלייבן אין אַ לאַנד, וואו 9 חדשים אין יאָר זעט מען נישט קיין ברעקל זון, נאָר אַ הימל, וואָס איז שטענדיק באַדעקט מיט בלייענע מרה־שחורהדיקע וואָלקנס.

מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע, וואָס האָט געציילט העכער 30 פּערזאָן. מיר האָבן געמאַכט אַלע הכנות אויף איבערצופּעקלען זיך קיין טורקעסטאַן, וואו ס׳האָט איצט געשיינט אַ מילדע, וואַרעמע זון. די סאָוויעטישע הערשער האָבן אונדז נאָכאַמאָל צוגעזאָגט הרים וגבעות, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין צו פאַרבליין דאָ.

און פּלוצלינג איז געשען אָט וואָס: אין לעצטן טאָג פון מיין אַרבעטן אין ביוראָ האָב איך באַמערקט צווישן מיינע דאָקומענטן עפּעס אַ פרעמדן דאָקומענט לויט וועלכן אַ געוויסער סוחר איז שולדיק געבליבן געלט און ער איז אומבאַמערקטערהייט נעלם געוואָרן. דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז איך האָב מיט אַ בייזוויליקער כוונה פאַרהאַלטן ביי מיר דעם דאָזיקן דאָ־קומענט, כדי דער שולדיקער זאָל אומבאַשטראָפטערהייט קאָנען אַנטלויפן. דאָס האָט מען ווייזט אויס מיר אונטערגערוקט, כדי צו אַראַנזשירן, אַז איך זאָל פאַרבליין אין סיביר אַלס אַרעסטאַנט, אויב איך האָב נישט געוואָלט פאַרבלייבן גוטוויליק. איך האָב זיך גלייך אָריענטירט אין וואָס דאָ האַנדלט זיך. אובאַמערקטערהייט האָב איך דעם דאָקומענט אַריינגערוקט צווישן די פּאַפּירן פונם הויפּט־בוכהאַלטער און אַוועק. איך האָב זיך פאַר־שטעקט ביי באַקאַנטע ביזן אָונט, ווען דער צוג האָט געזאָלט פאַרלאָזן אָסינאָ און דער טריק איז מיר געלונגען. איך האָב זיך אַריינגעקליבן אין בשותפותדיקן וואַגאָן און זיך פאַרשטעקט צווישן זעק ביז דער צוג איז אָפּגעגאַנגען. איך האָב וואָס אַן אמת מורא געהאַט, אַז מען זאָל מיך נישט אַראָפּנעמען אין מיטן וועג, אָבער מיין שרעק איז געווען אַן אומזיסטע.

צוויי וואָכן זענען מיר אַזוי געפאָרן צוריק פון סיביר. אויף די באַן־סטאַנציעס פלעגן מיר זיך אָפּשטעלן כדי אַדורכצולאָזן אַנדערע צוגן, מער חשובערע פאַר אונדזערן, און אַזוי האָבן מיר זיך דערקליבן קיין אוזבע־קיסטאַן אין שטעטל לענינסק לעבן אַנדיזשאַן.

אויך דאָ איז איבער דער פּראָווינץ פון מיטל־אַזיע אויסגעפאַלן אַ שניי, אָבער אַ מילדערער פון סיבירער שניי, ווייל די זון האָט געשיינט און דער שניי פלעגט וואָס אַמאָל צעגיין און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בלאָטע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון זוכן אַ דירה. וועגן קיין לייטישער דירה האָב איך אפילו נישט געקאָנט טראַכטן, ווייל מיינע געלט־

מיטלען זענען געווען באַגרענעצט. סוף־כל־סוף האָב איך געדונגען ביי אַן אוזבעק אַ קליין צימערל אָן פענצטער. אין אַ ווינקל איז אויף דער ערד געווען אַ פּרימיטיוו קיכל, פון וועלכן דער רויך האָט געזאָלט אַרויס־גיין דורך אַ לאָך אין דאַך. צופעליק איז אַרויסגעפאַלן אַ שניי באַגלייט מיט אַ צוואַנציק גראַדיקן פראָסט, וועלכער האָט פאַרשטייט זיך אַריינ־געקליבן זיך אין צימערל דורך דעם לאָך אין דאַך. די הענט און פיס זענען ביי אונדז פאַרשטייפט געוואָרן פאַר קעלט. קיין פּאָדלאָגע איז אין צימערל נישט געווען נאָר געוויטנלעכע ערד און די מייז האָבן פראַנק און פריי אַרומגעשפּאַצירט און געזוכט שפּייז. מיר האָבן זיך פאַרשאָלטן די יאָרן. איז דאָך שוין דאָרט אין סיביר די דירה געווען גאָלד אַקעגן דער. צוליב דער קעלט האָבן מיר דאָך נישט געקאָנט אָפּן האַלטן די טיר און געזעסן אין דער פינצטער.

איך האָב אָנגעהויבן גיין זוכן אַרבעט, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין מזל. דאָס געלט אין טאַש איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ווייניקער. ברויט האָט געקאָסט 50 רובל אַ קילאָ. האָבן מיר קיין ברויט נישט געגעסן, נאָר געקויפט מערן און פּאָמידאָרן און טאַקע גוט צוגעהונגערט. מיין זון האָט באַקומען אַרבעט אַלס טרעגער אין אַ וואַטע־פאַבריק און דאָרט איז אים דערמעגלעכט געוואָרן צו עסן אין דער דאָרטיקער קיך און טיילמאָל איז אים אויך געלונגען צו קויפן אַ פּאָרציע עסן פאַר מיין טאָכטער.

פלוצלינג איז דערשינען אַ פאַראָרדנונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַז אַלע פריש־אָנגעקומענע אין שטעטל מוזן עס פאַרלאָזן אין פאַרלויף פון 3 טעג. און אַזוי ווי די היימלאָזע האָבן זיך נישט געאיילט אויסצופירן דעם באַפעל, איז די מאַכט צוגעטרעטן אַרויסצופירן די „אומגעוואונטשענע" עלעמענטן. אין אַן אָוונט זענען פלוצלינג צוגעקומען צו מיין דירהלע פאָר־שטייער פון דער מאַכט מיט אַרבעטער, וועלכע האָבן אויפגעלאָדן אויף אַ לאַסט־אויטאָ אונדזער ביסל נעבעכדיקעווירטשאַפט און אויך אונדז און אַרויסגעפירט צום באַנהויף. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעלאָדן און געהייסן וואַרטן אויף דער באַן, וואָס דאַרף אָט באַלד אָנקומען. אַזוי האָבן מיר געוואַרט אַ טאָג מיט צוויי נעכט אין דרויסן, נישט קוקנדיק אויף די שטאַרקע רעגנס, וואָס האָבן געגאָסן. ענדלעך זענען אָנגעקומען די לאַנג דערוואַרטעטע וואַגאָנעס און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און אַ שטופעניש, אַז ס'איז געווען אַ נס, וואָס מען איז נישט צעקוועטשט געוואָרן. צום סוף האָט די באַן געריירט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאָרעניש, וואָס האָט זיך געצויגן צוויי וואָכן אָן שום ציל, נאָר סתם אַזוי געפאָרן אין דער וועלט אַריין. קיין עסן און טרינקען האָבן מיר נישט באַקומען. פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ באַן

סטאַנציע און אַוועקגעשטעלט זיך אין דער ריי צו באַקומען געקאָכט וואַ־סער אויף צו דערוואַרעמען זיך אַביסל (דאָס דאָזיקע מין האָט נישט אויסגעפעלט. קיין עסן איז כמעט נישט געווען צו באַקומען. נאָר טיילמאָל איז מיר געלונגען צו קויפן אַ פּאַרפוילטע זויערע אוגערקע.

נאָך אַ וואָך פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין ד ז ש אַ מ ב ו ל, די הויפּטשטאָט פון ראַיאָן אין ק אַ ז אַ כ ס ט אַ ן. די באַן האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן אַ טאָג און אַ נאַכט און דערנאָך האָט זי גענומען צוריקפאָרן אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זענען געקומען. נאָך עטלעכע טעג זענען מיר אָנגעקומען קיין קירגיזסטאַן אין שטעטל קאַראַ־סו, בערך קילאָמעטער פון דער שטאָט אָש. דאָ האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און געשטאַנען. מיט וועמען צו רעדן איז נישט געווען און די ענדע איז געווען, אַז מיר זענען דאָרט אויסגעשטיגן צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע פאַמיליעס. אַן אַלטער אוזבעק האָט זיך מרחם געווען איבער אונדז און אויסגעפּועלט, אַז מיר זאָלן קאָנען איבערנעכטיקן אין דער אָרטיקער אָנפאַנגס־שולע. אין פאַרגלייך מיט מיין פריערדיקן מצב איז מיין לאַגע דאָ אַביסל בעסער געוואָרן, ווייל איך האָב געקאָנט שלאָפן אויף אַ לאַנגן טיש, האַלטנדיק די פיס אויסגעצויגן און נישט איינגעבויגן ווי ביז איצט. אָבער בנוגע עסן איז קיין פאַרבעסערונג נישט איינגעטרעטן. וואו צו וואַשן זיך איז ווידער נישט געווען און על־פּי־רוב פלעגן מיר זיך וואַשן אינדרויסן מיט שניי.

די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען געווען שלעכטע ביז גאָר. אַרום און אַרום שמוץ. כינים האָבן אונדז געפרעסן אָן אויפהער און אויך אָנגע־שטעקט מיט פלעק־טיפוס.

מיין טאָכטער איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און באַלד איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ פלעק־טיפוס. אונדזער לאַגע איז געווען אָן אַן אויסוועג. וואו צו וואוינען איז נישטאָ, וואָס צו עסן איז נישטאָ. אַרבעט איז אויך נישטאָ. וואָס טוט מען? אַז כאָטש גיי און וואַרף זיך אונטער די באַן־רעדער.

איך האָב ענערגיש אָנגעהויבן זוכן אַרבעט, אָבער אָן דערפאָלג. דאָס געלט וואָס איך האָב געבראַכט פון סיביר איז ביסלעכווייז צערונען און מיר האָבן געהונגערט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. ענדלעך האָט אַ באַקאַנטער אוזבעק זיך משתדל געווען פאַ ראונדז און מיר האָבן באַקומען ברויט־קאַרטן אויף 400 גראַם טעגלעך. אין אונדזער מצב איז עס פּשוט געווען אַ ישועה, אָבער צו קאָנען 400 גר. ברויט גענוגן?

נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָב איך באַשלאָסן אַריינצוגיין צופוס אין

שטאָט אָש, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער סעקרעטאַר פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דעם אמת זאָגנדיק האָט ער מיך אויפ־גענומען בסבר פנים יפות, אויסגעהערט מיינע טענות און צוגעזאָגט צו העלפן מיר צו באַקומען אַרבעט. ער האָט מיר געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו אין אַ סאָווכאָז (אַ גרויסע מלוכהשע פערמע) וועמענס דירעקטאָר האָט ערשט נעכטן אים איבערגעגעבן, אַז עס פעלן אינטעלעקטועלע כוחות.

דער סאָווכאָז מיטן נאָמען „קאַטאַ־טאָלדיק" האָט זיך גע־פונען 20 קילאָמעטער ווייט פון שטאָט. אַ שעה שפּעטער בין איך געזעסן אין אַ לאַסט אויטאָ פונם סאָווכאָז און געפאָרן אַהין, ס׳איז פינצטער גע־וואָרן, און אַן אויסגעווייקטער פונם רעגן בין איך אָנגעקומען אויפן שאָסיי, וואָס עס האָט געפירט צום סאָווכאָז.

**
*

דאָ רייס איך איבער.

די ווייטערדיקע געשיכטע פון נע־ונד איז שיין אַן אַנדער קאַפּיטל. ביז דאַנען ציען זיך אָבער די וואָגל־פּעדעם פון אונדזער היים־שטאָט פולאַוו...

אַ האַלבע וועלט אַרומגעוואָגלט — פון דער פּוילישער ווייסל ביז דעם „הייליקן" באַרג סאַלאַמאַנקאַ אין קירגיזיע...

סנק דובשוני (האָניגסהענדלער) — קיבוץ ברקאי, ישראל

# די גורלדיקע טעג

געווידמעט מיינע עלטערן שמואל־הענעך און רחל מיט די דריי שוועסטער, וועלכע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן.

קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ אומגליק; קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט קאָן גאָר אַזעלכעס געשען. אמת, מען האָט געלייענט אין די צייטונגען, מען האָט געהערט וועגן דיליידן פון די יידן אין היטלער־דייטשלאַנד; מען האָט שוין אַפילו געזען די פּליטים, וועלכע זענען פון דאָרטן אַוועק; מיר האָבן שוין געהאַט די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם שטעטעלע זבאָנשין, ביי דער גרענעץ — אַרויסגעטריבענע דורך די דייטשן און וועמען די פּוילישע רעגירונג האָט נישט אַריינגעלאָזן, הגם זיי זענען געוועזן פּוילישע בירגער. טאַקע צוליבן דאָזיקן „חטא" זענען זיי פון דייטשלאַנד אַרויסגעטריבן געוואָרן.

יאָ, מיר האָבן וועגן דעם אַלעם געוואוסט, אָבער מיר האָבן זיך נישט געריכט, אַז דאָס אומגליק וועט צו אונדז דערגיין, אַז דאָס וועט אויך אונדז טרעפן.

דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען ווייטער. יעדער האָט אויף זיין אופן געשאַפן זיין עקזיסטענץ — ווער עס האָט שווער געהאָרעוועט אויף זיין אויסקומעניש, און ווער עס האָט געהאַט פּרנסה גרינג און בריווח. יעדער האָט געלעבט אויף זיין שטייגער, געהאַט זיינע שטרעבונגען און האָפענונגען.

די לעצטע יאָרן איז די לופט אין האַלב־דיקטאַטאָרישן פּוילן געווען גאָר שווער פאַר אונדז יידן. די פּוילישע הערשערס האָבן גענומען זיך אָפּלערנען פון דעם מערב־שכן — דייטשלאַנד. מען האָט געשלאָגן יידן; מען האָט צעראַבירט אָרעמע יידישע געוועלבלעך אויף די מערק — „עקסצעסן" האָבן זיי עס גערופן. וואו נישט וואו זענען אַפילו פאָרגעקומען פּאָגראָמען. אויך ביי אונדז אין פּולאַוו האָבן נישט געפעלט קיין ענדעקעס, וועלכע האָבן געזוכט יעדע מעגלעכקייט כדי צו שלאָגן יידן.

נישט איינמאָל פלעגט מיין טאַטע, שמואל־הענעך, קומען אַהיים פון דאָרף מיד, הונגעריק און דערצייילן ווי די פּויערים קוקן אויף די יידן מיט קרומע אויגן און פלעגן מיט גרויס שמחה אָנזאָגן, אַז נישט לאַנג וועט דויערן און יידן וועלן שוין מער נישט „אָפּנאַרן די פּאַליאַקן"...

שווערע צייטן זענען עס געווען. נאָך שווערער איז עס געווען פאַר מיין משפחה, וואו די פרנסה איז געווען באַזונדערס שווער. מיינע עלטערן האָבן ביידע געאַרבעט און אויך די קינדער, און אין סך־הכל דערגרייכט די עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. ביז... ביז אויך דאָס דאָזיקע שווערע לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן.

דער ראַדיאָ חזרט איבער עטלעכע מאָל אין טאָג: מיר זענען שטאַרק, פעסט און גרייט... די לופט איז שוין געווען פול מיט פולווער. היטלער האָט געפאָדערט איינצושליסן צוריק אין דייטשלאַנד דעם „קאָרידאָר" — דעם פוילישן צוטריט צו דאַנציק, פאַרשטייט זיך, אַז דאַנציק איז דייטשיש... פוילן האָט זיך געכאַפּט צו שפּעט...

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער פון 1939. איך בין נאָך געשלאָפן ווען מיין טאַטע איז געקומען פון דאָרף פולאַווסקאַ־גוראַ, וואו מיר האָבן געהאַט אַ סאַד, און האָט מיך אויפגעוועקט. ער האָט אויסגעזען זייער דערשראָקן; זיינע אויגן האָבן ווי עפּעס געזוכט און ער האָט מיר דערציילט, אַז די דייטשן זענען אַריבער די פוילישע גרענעץ.

— עס האָט זיך אָנגעהויבן — האָב איך געזאָגט.

מיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין יענער צייט אויף דער צווייטער זייט ווייסל. איך מיט מיינע ברידער האָבן געאַרבעט אין פולאַווו.

— עס וועט לאַנג נישט דויערן — האָט מיך מיין טאַטע געטרייסט.

— די ענגלענדער און די פראַנצויזן וועלן נישט פאַרלאָזן פוילן — האָט ער גערעדט ווי אַ פּאָליטיקער.

די ערשטע טעג האָט מען גאָרנישט געוואוסט. די אַוויאַציע פון די דייטשן האָט נישט געלאָזט פאַרגעסן, אַז ערגעץ דאָרט ווייט איז מלחמה.

די באָמבעס זענען געקומען אויך קיין פולאַווו. די ערשטע באָמבעס האָבן טאַקע געבראַכט קרבנות. עס זענען געפאַלן אומשולדיקע מענטשן, קינדער. די בהלה ווערט גרויס. מענטשן הויבן אָן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אויך אונדזער משפּחה האָט זיך געגרייט. עס איז געווען שווער צו באַקומען אַ פורל.

דעם 6טן סעפּטעמבער האָבן די דייטשע לופט־פּיראַטן ווידער אַ מאָל באַזוכט פולאַווו. דאָס מאָל האָבן זיי געמאַכט דעם ריכטיקן חורבן. צענדליקער הרוגים און פאַרוואונדעטע. די פּאַניק ווערט נאָך גרעסער. מיינע נאָענטסטע — מיין מוטער מיט די שוועסטערס און מיין ברודער, האָבן פאַרלאָזט פולאַווו אין דער ריכטונג פון קאָריוו. איך בין געבליבן מיטן טאַטן, כדי צו באַהאַלטן די זאַכן פון שטוב.

אויף צו מאָרגנס האָבן די דייטשן באַוואָרפן פולאַווו מיט צינד־באָמבעס. די שטאָט איז געשטאַנען אין פלאַמען. געהרגעטע פערד האָבן זיך צונויפ־

געמישט מיט די אומגעקומענע מענטשלעכע קערפּערס. דאָס בילד איז געווען שרעקלעך. עטלעכע יידן זענען מיר געלעגן באַהאַלטן אין אַ קעלער אויף פּילסודסקי־גאַס, ביים „לאָמען הענטל". יעדע מינוט זענען געפאַלן באָמבעס. נישט קוקנדיק אויף דעם זענען די גאַסן געווען פול מיט מענטשן, וועלכע זענען געלאָפן פון ראָדעם, זוואָלין — אויף מיזרח. וואוהין מען לויפט האָט קיינער נישט געוואוסט, ווייל אומעטום האָט געטראָפן די מערדערישע האַנט פון די נאַצישע אָנפאַלערס.

פאַרנאַכט בין איך געלאָפן צו אונדז אין שטוב; געזען אַז אַלעס איז ביי אונדז אין „אָרדענונג", האָב איך באַפרייט די קאָזע, וועלכע איז געווען ביי אונדז; געוואָרפן אַ בליק אַרום און אַרום און ווידער געווען אויף פּילסודסקי־גאַס, קעגנאיבער דער האָטעל „בריסטאָל".

עס איז שוין געווען נאַכט, אָבער ליכטיק איז געווען ווי אין מיטן טאָג פון די שריפה־פלאַמען, ווען מיר האָבן פאַרלאָזט פולאַוו אין דער ריכטונג פון קאָנסקעוואָליע.

עס איז געווען שווער צו גיין. די וועגן זענען געווען פול מיט פּליטים און זעלנער, וועלכע זענען אויך געלאָפן אין פּאַניק, נישט ווייסנדיק וואוהין, נישט האָבנדיק קיין שום פאַרבינדונג מיט די מיליטערישע איינהייטן און זייערע קאָמאַנדירן.

קאָנסקעוואָליע — אַ קליין שטעטעלע פול מיט יידיש לעבן, איז יענע נאַכט נישט געשלאָפן. טויזנטער אַנגעלאָפענע מענטשן האָבן זיך געדרייט אויף די גאַסן. מיר זענען לאַנג אין קאָנסקעוואָליע נישט געבליבן, מיר האָבן זיך אַ ביסל אָפּגערוהט און זיך ווייטער פאַרנומען אין דער ריכטונג פון קאָריוו. די וועגן זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט מענטשן; פורלעך מיט קינדער און פעקלעך. עס איז שפּעט געווען שווער דורכצורייסן דעם וועג. פאַרשמוציקטע זענען מיר אָנגעקומען קיין קאָריוו.

דער פרימאָרגן איז שוין אויפגעגאַנגען. פון מיזרח־זייט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע זון־שטראַלן. עס האָט זיך דערפילט אַ געוויסע פאַרלייכטערונג מיטן פרימאָרגן. באַלד אָבער ווערט די ליכטיקייט פאַרשוואונדן, באַלד דערזעט מען די גרויע ווירקלעכקייט . . .

מיר האָבן געפונען אונדזער משפּחה, וועלכע האָט געוואַרט אויפן אָפּגערעדטן אָרט. דאָס שטעטלע קאָריוו מיט אירע הילצערנע הייזלעך האָט איצט אויסגעזען אַ וויסטעניש. אין שטעטל איז קיינמאָל פריער נישט געווען אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן. עס איז געווען אַזוי געדיכט, אַז עס איז ממש נישט געווען וואו צו וואַרפן אַ שפּילקע. די לאַגע איז אונדז גאָר נישט געווען געפעלן און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן קאָריוו און זיך נעמען ווייטער אין וועג אַריין. מיר האָבן זיך פאַרנומען אויף אַ זייטיקן וועג, דערגרייכן צו אַ דאָרף.

עס איז געווען פרייטיק, אַ טאָג וואָס בעת דעם נאָרמאַלן לעבן האָבן יידן אין זייערע שטעטלעך זיך געגרייט צו שבת. מען גרייט זיך צו פאַר־געסן די וואָכעדיקע טעג, מען טוט אויף זיך אָן די שבתדיקע בגדים. איצט אָבער טראַכט קיינער נישט וועגן דעם. מיר זענען געפאָרן און געפאָרן — אָט איז שוין באַלד שבת, צייט צו צינדן די שבת־ליכט, אָבער מיר זענען נאָך אין וועג. אָנגעקומען שפּעט אין דאָרף און די פּויערים קוקן אונדז אָן פאַרוואונדערט, זיי פאַרשטייען נישט וואָס זוכן דאָ די יידן? זיי זענען געוואוינט צו יידן הענדלער, סוחרים, היימישע יידן — אָבער פרעמדע יידן, עפּעס מאָדנע יידן...

נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז אונדז געלונגען צו דינגען אַ שטוב. מיין מאַמע האָט שטיל אָנגעצונדן די ליכט. קיינער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. מיר זענען אַלע געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע און געוואַרט, אויף וואָס? קיינער האָט ניט געוואוסט. מיין שוועסטער האָט אין צווייטן צימער געקאָכט קאַרטאָפל... אָן קידוש, אָן וויין, אָן קיין שום שבת־מאכלים. שטיל, שוויי־גנדיק האָבן מיר געגעסן די קאַרטאָפל מיט די שאָלעכץ, זיצנדיק אַזוי אויף דער פּאָדלאָגע. די ערשטע נאַכט איז אַדורך.

עס איז געווען אַ גרויס דאָרף. עס איז דאָ געווען שטיל. די פּויערים האָבן געאַרבעט אויפן פעלד ביים גראָבן קאַרטאָפל. מען האָט דאָ נישט געוואוסט פון דער מלחמה. טאָג־טעגלעך זענען כסדר אָנגעקומען מאַסן מענטשן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען.

עס איז ראש־השנה, אין די נאָרמאַלע צייטן — איינער פון די וויכטיק־סטע יום־טובים. יידן — רייכע און אָרעמע, אַלע זענען געגאַנגען אין שול, אויסבעטן אַ גוט יאָר. ווער עס בעט אויף ברויט, ווער אויף בעסערע געשעפטן. אַלעמענס פאַרלאַנגען זענען געווענדט צום רבונו של עולם. איצט זענען דאָ אין דאָרף יידן פון אַלע קרייזן און שיכטן, נעכטן נאָך אומבאַקאַנטע. יידן פון מזרח־וואַנט און עמך, נישט די ייחוסדיקע „שטעט" פון די איינגעפונדעוועטע היימען. אַלע זענען היימלאָזע, דאַכלאָזע... דאָ האָט מען אין דאָרף אויך געבעטן. צי האָבן שוין די יידן דעמאָלט געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי? וואָס עס דערוואַרט דאָס גאַנצע פאָלק? יעדנפאַלס געוויינט האָט מען, אויפריכטיק געוויינט.

טעג זענען געלאָפן און עס איז דערגאַנגען אַ בשורה — די רויטע אַרמיי איז אַריבער די פּוילישע גרענעץ.

פאַרשידענע מיינונגען האָבן זיך געהערט. דאָס דאָרף איז געווען צע־טיילט אויף צוויי טיילן. די רייכע האָבן זיך געשראָקן; די אָרעמע האָבן געוואַרט אויף אַ ישועה. איך פערזענלעך בין געווען צופרידן און געוואָלט, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער קומען צו אונדז. און ווער פון די יידן האָט עס דעמאָלט נישט געוואָלט, אַז די „רויטע אַרמיי" זאָל קומען? איינס האָט

מען געוואוסט, אַז דאָרטן וואו די דאָזיקע אַרמיי וועט קומען וועלן די דייטשע עראָפּלאַנען נישט וואַרפן קיין באָמבעס.

קיין צייטונגען זענען נישט געווען; מען האָט גאָרנישט געוואוסט; פאַרשידענע אומבאַשטימטע ידיעות זענען אַרומגעגאַנגען. קיין דייטשן האָבן מיר אויך נישט געזען. מיר זענען געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט.

אַ געוויסן טאָג האָבן מיר דערהערט פון דער ווייטנס שיסערייען. דאָס שלאָגט מען זיך אַרום דער ווייסל — האָבן די פויערים געזאָגט.

מיינע עלטערן האָבן זיך גוט געפילט; מיר האָבן געלעבט אַ „נאָרמאַל״ לעבן. איך מיט מיין ברודער איטשע און מיין שוואָגער פוליע האָבן געאַרבעט ביי די פויערים אין פעלד און מיר האָבן פאַרדינט קאַרטאָפל, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן.

לאַנג האָט אונדזער „נאָרמאַל״ לעבן נישט אָנגעהאַלטן. ווען מיר זענען אין אַ געוויסן טאָג געווען אויף דער אַרבעט אין פעלד זענען אָנגעקומען טאַנקען מיט די מערדערס. זיי האָבן גאָרנישט געטאָן. זיי האָבן גראָד גערעדט גוטע רייד, ווי גוטע אויסלייזערס. גאַנץ פוילן — האָבן זיי אונדז דערציילט — איז שוין פאַרנומען; די רויטע אַרמיי וועט פאַרנעמען פוילן ביז צו דער ווייסל.

אויף מאָרגן האָבן די עלטערן פאַרלאָזט דאָס דאָרף און זיך גענומען צו דער ריכטונג פון פולאַוו. איך מיט מיין ברודער און שוואָגער זענען נאָך פאַרבליבן. מיר האָבן נאָך צוגעאַרבעט עטלעכע טעג און אויך זיך פאַרנומען אַהיים.

דאָס בילד אויף די וועגן איז איצט געווען אַנדערש. די וועגן זענען איצט געווען פאַרנומען מיט דייטשישע זעלנער, וועלכע זענען ווי שדים געפלויגן אויף די מאָטאָרציקלען. איצט זענען שוין די מענטשן געגאַנגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

ביז קאָנסקעוואָליע האָבן די דייטשן קיינעם נישט פאַרהאַלטן. זיי האָבן זיך אויפגעפירט, אַזוי צו זאָגן, „לייטיש״.

אין קאָנסקעוואָליע האָב איך געטראָפן מיין שוועסטער בלומע, וועלכע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין פולאַוו כאַפּן די דייטשן יידן צו דער אַרבעט, זיי שלאָגן, זיי שניידן בערד. זי האָט אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן דאָ בלייבן ביז זי וועט אַ צווייט מאָל קומען און אונדז ברענגען בעסערע נייעס.

דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט חברים און מיר האָבן צוזאַמען אַרומגערעדט די לאַגע. אַלע האָבן מיר געוואַרט אויף דער רויטער אַרמיי. די דייטשן אַליין האָבן געזאָגט, אַז זיי בלייבן דאָ נישט, אַז אַהער וועלן קומען „אייערע קאַמעראַדן, די באָלשעוויקעס״...

קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס עס וועט זיין. איך האָב נישט

געוואָלט בלייבן אין קאָנסקעוואָליע, עס האָט מיך געצויגן קיין פולאַוו און איך האָב באַשלאָסן צו גיין אַהיים. געגאַנגען בין איך נישט מיטן נאָרמאַלן וועג, נאָר מיט אַ זייטיקן וועג, וואָס האָט געפירט קיין רוט, און מיטן וואַלד קיין פולאַוו. געווען איז עס אַ דאָרף פון וואַנען עס זענען פאַר די צייטן פון דער פוילישער הערשאַפט געזעסן אין תפיסה באַשולדיקטע אין קאָמוניזם. איך האָב דאָס דאָרף גוט געקענט. זומער פלעגן מיר אין די שבתים גיין אַהין, וואו מיר פלעגן זיך טרעפן מיט פאַרשידענע חברים; זיך געבאָדן אין קליינעם טייכל; זיך געשפּילט אין וואַלד. גייענדיק איצט דורכן דאָרף האָב איך געזוכט באַקאַנטע — אָבער אומזיסט. איך האָב געזען פאַר מיינע אויגן יענע טעג ווען מיר האָבן דאָ, בחורים און מיידלעך, פריידיק פאַרבראַכט, דיסקוטירט. אָט דאָ זענען מיר גאָר נישט לאַנג געזעסן און דאָ האָבן מיר זיך געבאָדן; אין דעם הויז האָבן מיר געקויפט מילך און פּוטער. איצט איז דאָ אַלץ פּלוצים געוואָרן פרעמד... ערשט מיט געציילטע וואָכן איז אַלץ געווען אין אָרדענונג!

וואו זענען די אַלע חברים, מיט וועמען מיר זענען אין משך פון יאָרן געשטאַנען אין פאַרבינדונג? צי האָבן זיי איצט מורא צו רעדן מיט אַ יידן? איך בין געגאַנגען דורך דעם דאָרף ווי אַ גנב, וואָס האָט מורא מען זאָל אים נישט באַמערקן. אָט איז שוין דאָס לעצטע הויז פאַרן וואַלד, אַליין. וואָס וועט מיר דאָרט דערוואַרטן? יעדער בוים האָט מיר דאַמאָלס אויסגעזען ווי אַ געשפּענסט, וואָס וויל זיך וואַרפן אויף מיר. איך בין געגאַנגען שנעל, גאָר נישט געקוקט אויף קיין זאַך, נישט פילנדיק קיין מידקייט. פון דער ווייטנס האָב איך דערזען די ערשטע הייזער פון די דזשאַלקעס.

פּ ו ל אַ ו ו — ערשט נישט לאַנג האָב איך דיך פאַרלאָזט ווען דו ביסט געשטאַנען אין פלאַמען. וואָס מאַכסטו איצט? פאַרוואָס האָב איך איצט אַזוי מורא פאַר דיר? איך האָב מורא פאַר מיין שטעטל, וואו איך האָב געליטן און געלעבט מיט די האָפענונגען פאַר אַ בעסער לעבן.

— אָט איז די גימנאַזיע, דאָס פּער פון פולאַוו. נישט איין מאָל האָבן פאַשיסטישע קוליגאַנעס געפּרואווט זיך דאָ פאַרווילן אויפן חשבון פון די יידן. דאָס איז זיי אָבער קיינמאָל נישט געלונגען. פולאַוו איז געווען באַקאַנט פאַר אַ שטעטל וואו דער פאַשיזם האָט נישט געהאַט קיין שליטה. איך גיי ווייטער — אָט איז די אויטאָבוסן־סטאַנציע. עס איז דאָ ליידיק אַרום און אַרום. וואו נישט וואו זעט מען דורכשלייכן זיך אַ מענטש.

יאָ, דייטשן זעט מען דאָ אַ סך. זיי פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים. אַלץ געהערט איצט צו זיי. זיי קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף יעדן איינעם. זיי האָבן דאָך געזיגט.

איך געפין זיך אויף פּילסודסקי גאַס. קעגנאיבער דעם „בריסטאָל"־האָטעל וואוינט מיין שוועסטער. דאָ געפינען זיך אויך מיינע עלטערן, ווייל

אונדזער הייזקע איז צעשטערט געוואָרן פון אַ באָמבע. איך עפן שטיל די טיר. מיין מאַמע, נישט זאָגנדיק מיר קיין גוט מאָרגן, גיט מיך גאָר גלייך אַ פרעג: — וואָס טוסטו דאָ? אַנטלויף פון דאַנען — זאָגט זי צו מיר — אויב דו ווילסט נישט געכאַפּט ווערן פון די דייטשן. איך פּרואוו רעדן צו איר, עפּעס זאָגן איר, אָבער זי דערלאָזט מיך נישט קומען צום וואָרט: — ניין, דו מוזט צוריקגיין קיין קאָנסקעוואָליע. דאָרטן איז שטילער.

עס האָט נישט געהאָלפן מיין איבערצייגן, אַז איך וויל זיין צוזאַמען מיט דער משפחה. נאָך צוויי שעה זיין אין פּולאַוו צוזאַמען מיט די אייגענע האָב איך פאַרלאָזט פּולאַוו און בין אַוועק. דאָס מאָל בין איך שוין געגאַנגען מיטן שאָסיי. איך האָב זיך געמאַטערט נישט־וויסנדיק פון די מעגלעכע גע־פאַרן. איך האָב געהאַט איין ציל — וואָס שנעלער צו קומען קיין קאָנסקע־וואָליע.

אין קאָנסקעוואָליע בין איך לאַנג נישט געווען, נאָר 4 טעג, ווייל אויך דאָרטן האָבן די דייטשן שוין אָנגעהויבן באַווייזן וואָס זיי קאָנען. איך בין ווידער אַוועק קיין פּולאַוו.

אין פּולאַוו זע איך, אַז די נאַציס פאַרנעמען זיך פון דאָרט, זיי נעמען מיט זיך אַפילו צו די טעלעפאָן־דראָטן. הייסט דאָך דאָס, אַז זיי פאַרלאָזן טאַקע פּולאַוו אויף אַן אמת. פּשוט מיט אומגלויבלעכע אויגן האָב איך אויף דעם געקוקט. מיט אומגעדולד האָב איך שוין געוואַרט, אַז די רויטע אַרמיי זאָל אַריינקומען — איך האָב אין דעם געזען דעם איינציקן אויסוועג, וואָס וועט אונדז ראַטעווען פון טויט. איך האָב מיינע עלטערן געטרייסט, אַז אָט־אָט און עס וועט ווערן בעסער.

מיין טאַטע האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן.

עס איז אָנגעקומען דער גרויסער און הייליקער יום־טוב, יום־כיפור. אין די קליינע הייזקעס האָבן יידישע פרויען אָנגעצונדן ליכט. מען איז אָבער געזעסן אין די הייזער. מען האָט נישט געזען קיין יידן ווי אַמאָל מיט די ווייסע קיטלען גיין אין שול. יעדער האָט זיך דורכגעגנבעט מיט זייטיקע וועגן אין בית־המדרש.

דאָס לעבן איז זיך דערווייל געפלאָסן „נאָרמאַל". די זיגערס האָבן זיך אויפגעפירט „גאַנץ גוט" צו דער באַפעלקערונג. עס זענען שוין געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז דאָס וואָס מען האָט גערעדט און געשריבן וועגן היטלערן און זיין אַרמיי, אַז זיי הרגענען און פאַרניכטן, איז ווייזט אויס אַ ליגן. איך האָב זיך צו פיל נישט געדרייט אין גאַס, ווייל איך האָב יאָ געוואוסט דעם אמת, איך האָב געוואוסט אויף וואָס די זיגערס זענען פעאיק — זייער איינגעהאַלטנקייט האָט זיכער געהאַט אַ סיבה. אפשר

טאַקע וואָס זיי האָבן אויך געמיינט, אַז זיי זענען צייטווייליק, אַז די רוסן דאַרפן דאָ אַריינקומען.

אונדזער האָפענונג איז אָבער שנעל פאַרשוואונדן. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די דייטשן בלייבן יאָ אין פּולאַוו.

עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די רויטע אַרמיי שטייט ערגעץ ביי לובלין. האָב איך באַשלאָסן וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן פּולאַוו. איך וויל נישט לעבן אונטער דער מערדערישער הערשאַפט. עס האָט זיך טאַקע מיט איין מאָל געענדערט צום שלעכטן. די פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָט איצט געדינט דעם נייעם „גאָט", איז אַרומגעלאָפן און געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט. מען האָט מיך אויך געכאַפּט צו דער אַרבעט. לעבן מאַגיסטראַט האָט מיר דאָס „לאָמע הענטל" (וועלכער איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען אַ פּאָליציי־שפּיאָן, און האָט איצט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן) געגעבן אַ קליינעם בעזעם און מיך געפירט לעבן קאָשציאָל צו קערן דאָרט די גאַס. ער איז געשטאַנען לעבן מיר און נאָכגעקוקט ווי איך אַרבעט. דערביי האָט ער כסדר געשריגן: „איר זשידעס וואַרט אויף די באָלשעוויקעס, אָבער מיר וועלן אייך נאָך פריער פאַרניכטן!". ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיטן שרייען, ער האָט נאָך מכבד געווען מיט שטאַרקע קלעפּ.

ביינאַכט האָב איך מיט מיין ברודער איטשע באַשלאָסן, אַז מיר פאַר־לאָזן פּולאַוו. מיר האָבן אויך געפּרואווט איבערצייגן אונדזערע עלטערן, אַז די גאַנצע משפּחה זאָל גיין. מיר האָבן אָבער באַקומען דעם ענטפער: — קינדער, איר זענט נאָך יונג, מיר זענען שוין אַלט; איר האָט נאָך אַ האָפענונג, אָבער וואו וועלן מיר לויפן? מיר מוזן בלייבן דאָ — דאָס איז אַלץ פון גאָט.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געטראַכט: — צי וועט עס געלינגען? וואָס דערוואַרט מיך דאָרטן? צי דאַרף איך אין אַזאַ צייט פאַרלאָזן די עלטערן?

איך האָב אויף די פראַגעס נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער.

מיטן טאַטן האָב איך מיך נישט געזעגנט, ווייל מען האָט אים אין דער פרי גענומען צו דער אַרבעט.

די מאַמע איז געשטאַנען מיט פאַרוויינטע אויגן און האָט נישט געקאָנט זאָגן קיין וואָרט. זי האָט געזוכט עפּעס אַ פּאַסיק וואָרט און נישט געקאָנט געפינען. עטלעכע מינוט איז זי אַזוי געשטאַנען. אפשר האָט זי אין די געציילטע מינוטן געזען... ווי איך בין נאָך אַ קליין קינד, אַן אָפּגעשוואַכט קינד... און אָט גיי איך שוין אין שול, אָן ביכער, ווייל עס איז נישטאָ קיין געלט זיי צו קויפן... נישט געקאָנט ענדיקן די שול און איך לערן זיך שוין אַ פאַך... איך בין שוין אַ פאַרדינער, העלף טראָגן דעם יאָך

פון דער פרנסה פאַר דער מישפחה... עס גייט שוין בעסער, און אָט קומט די מלחמה... און איך דאַרף אַוועקגיין...

לסוף האָט זיך דערהערט פון דער מאַמען אַ שווערער זיפץ; מיט איר פאַרטוך האָט זי אויסגעווישט אירע פאַרוויינטע אויגן. זי רופט זיך אָפּ צו מיר: — קינד מיינס, פאַרשטיי מיך, דו ביסט נאָך יונג, דו דאַרפסט ראַטעווען דיין לעבן. מיר זענען שוין אַלט, מיר מוזן בלייבן...

עס האָט מיר פאַרשניטן דאָס האַרץ. איך קאָן נישט אויסהאַלטן און רוף זיך אָפּ: — מאַמע! עס וועט גאָרנישט העלפן, איך בלייב אין דער היים, אָדער די גאַנצע מישפּחה גייט.

אויף דעם האָט מיין מאַמע, ווי באַפעלעריש, אַ זאָג געטאָן: — ניין, מיין קינד, דו מוזט אונדז פאַרלאָזן, ראַטעווע זיך!

איך האָב גאָרנישט געקאָנט זאָגן. צי האָב איך דאַמאָלס געוואוסט, אַז דאָס זענען שוין די לעצטע ווערטער וואָס איך הער פון מיין מאַמען? און צי האָט זי געפילט, אַז זי זעט מיך שוין צום לעצטן מאָל?

— מאַמע, וויין נישט, איך וועל אין קורצן קומען צוריק. דו וועסט זען, מאַמע, אין 2 אָדער 3 וואָכן אַרום בין איך צוריק מיט דער מישפּחה.

איך האָב זיך אַליין דעמאָלט געפּרואווט נאַרן און טרייסטן.

— גיי מיין קינד און קום גליקלעך — האָט זי געזאָגט, און די טרערן האָבן זיך געגאָסן ווי וואַסער.

אין יענער מינוט האָט זיך קיינער נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך פאַר־לאָז די משפּחה אויף שטענדיק. ווער האָט דען זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס וועט קומען אַזאַ אומגליק אויף אונדזער פאָלק.

איך האָב נאָכאַמאָל זיך אומגעדרייט כדי צו זען מיין מאַמען. זי איז געגאַנגען נאָך מיר. איך בין געבליבן שטיין און זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר.

— מאַמע, פאַרוואָס גייסטו מיר נאָך?

— איך קאָן נישט, מיין קינד, זיצן אין שטוב, און וויל דיך באַגלייטן אַ ביסל.

מיר זענען געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן שטיל, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. עס איז געווען שרעקלעך, דאָס שווייגן איז געווען מוראדיק פיינלעך. עס האָט שטיל אָנגעהויבן צו פאַלן אַ רעגן. די רעגן־טראָפּנס האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די טרערן, וואָס זענען גערונען פון די אויגן.

— נו, מאַמע, גיי אַהיים.

זי איז נאָכאַמאָל געפאַלן אויף מיר, געקושט מיך:

— קינד מיינס, זאָלסט מיר שרייבן, פאַרגעס נישט אָן אונדז — האָט זי אַרויסגעזאָגט.

זי איז געבליבן שטיין. איך האָב נאָכאַמאָל געקוקט אויף איר און

גענומען גיין שנעל, ווי עס וואָלט מיך ווער געיאָגט און געטריבן. די מאַמע איז געשטאַנען און געמאַכט צו מיר מיט די הענט.

איך שטאַרק זיך מיט אַלע כוחות, כדי נישט צו גיין צוריק אַהיים. איך בין שוין ביי די קאַשאַרן, באַלד וועל איך שוין נישט זען פולאַוו. באַלד וועט שוין פאַרשווינדן פון מיינע אויגן דאָס שטעטל, וואו איך האָב געלעבט, פאַרבראַכט, געליטן און געהאָפט. דאָרטן לאָז איך איבער דאָס טייערסטע, מיין מישפּחה; דאָרטן פאַרבליבן מיינע קינדער־יאָרן; איך לאָז איבער חברים, מיין באַוועגונג — אַלץ, אַלץ. צי וועל איך נאָך אַמאָל דיך זען, פולאַוו? צי וועל איך נאָך אַמאָל געפינען וועמען פון מיינע נאָענטסטע?

איך ווער אַ מענטש פאַר זיך; איך דאַרף זאָרגן נאָר פאַר זיך. קיינער וועט אויך נישט האָבן קיין זאָרג פאַר מיר. איך האָב גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און גיי — וואוהין? צו וועמען? וואָס דערוואַרט מיך? איך ווייס דאָס נישט. איין זאַך, מיין איך, ווייס איך, אַז אויב עס וועט מיר געלינגען צו קומען אויף „יענער זייט" וועט מיר זיין גוט. אָבער מ י ר און נאָר מ י ר, די מישפּחה איז געבליבן ביי די מערדערס. וואָס דערוואַרט זיי?

**
*

ל ו ב ל י ן. דאָ בין איך געשלאָפן ביי מיין קוזין, וועלכער האָט געוואָלט ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל פאָרן צוריק קיין פולאַוו. איך האָב אים אָבער דערציילט וועגן אַלץ און ער האָט זיך געפּרוואוט איבערצייגן. איך בין אַוועק ווייטער — „אַהין".

דער וועג קיין כ ע ל ע ם איז נישט געווען קיין גרינגער. אויף יעדן שריט און טריט האָט געדראָט אַ סכנה. אָבער איך בין שוין אין כעלעם.

יידן דערציילן, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין דאָ געווען, אָבער זי האָט זיך צוריקגעצויגן אויף יענער זייט פון טייך ביג. עס איז נישט ווייט, זאָגט צו מיר אַ ייד, און דערביי דערציילט ער מיר, אַז עס איז דאָ געווען אַ פּאָגראָם ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרלאָזט כעלעם.

שווער איז דער וועג ביזן בוג. אָבער מען מוז זיך שטאַרקן, מען מוז ליידן און דערגרייכן. מיר גייען זאַלבעצווייט, איך און א י ט ש ע ט ע נ ע נ ־ ב ו י ם, אויך אַ פולאַווער. עס איז פרייטיק. עס פאַלט אַ שטילער רעגן ווען מיר קומען צו צום בוג.

ד אָ ר אָ ה ו ס ט — אַ גרויס דאָרף וואָס ליגט ביים בוג. עס איז שטיל אַרום. מען זעט נישט קיינעם. וועמען קאָן מען פרעגן? וואָס טוט מען ווייטער? אַרומדרייען זיך אין דאָרף איז אַ סכנה. דער רעגן פאַרשטאַרקט זיך פון מינוט צו מינוט. מיר זענען שוין נאַס ביז צו די ביינער.

דעם ערשטן פויער וואָס מיר האָבן געטראָפן האָבן מיר באַלד געפרעגט, צי עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אַריבערצוגיין דעם בוג. ער האָט פון אָנהייב נישט געוואָלט רעדן מיט אונדז, אָבער ער האָט סוף־כל־סוף מסכים געווען צו ווייזן אונדז אַן אָרט וואו דער בוג איז נישט טיף. קיין בריק איז נישט געווען, עס זענען אויך נישט געווען קיין לאָדקעס. מיר האָבן אים באַצאָלט און ער האָט אונדז צוגעפירט צו אַ פּלאַץ און געוויזן מיט דער האַנט, זאָגנדיק: גייט גלייך, דאָס וואַסער איז דאָ נישט פול, עס קאָן דערגרייכן ביז די קני.

פון דער ווייטנס זע איך ווי עס דרייט זיך אַרום אַ נאַצישער זעלנער מיט אַ ביקס אין דער האַנט, גרייט יעדע מינוט צו עפענען פייער אויף יעדן איינעם וואָס וועט זיך נאָר באַווייזן. ער זעט אויס ווי אַ מערדער, וואָס וואַרט אויף אַ קרבן.

אויף דער צווייטער זייט, אויפן ברעג, זע איך אויך אַ סאָלדאַט. ער שטייט רואיק ווי אַ דענקמאָל. ער איז אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן שינעל, אויך ער האַלט אַ ביקס אין דער האַנט. עפּעס האָב איך פאַר אים נישט קיין מורא. איך פיל זיך נאָענט צו אים און וויל שוין זיין לעבן אים וואָס גיכער, וואָס שנעלער, ווייל ער וועט מיך אויפנעמען גוט. דאָרטן, אויף יענער זייט, לעבט מען: און דאָ? דאָ איז דער גיהנום. דער רויט־אַרמייער שטייט און קוקט, ווי ער וואָלט אונדז גערופן — נו, חברה, קומט שנעלער צו מיר...

שנעל האָבן מיר פאַרקאַטשעט די הויזן ביז איבער די קני און מיר זענען אַריין אין וואַסער. דאָס וואַסער איז קאַלט; עס האָט געשניטן ווי מיט מעסערס. פאָרויס איז געגאַנגען איטשע טענענבוים, וועלכער איז העכער פון מיר. דער פייער איז פאַרשוואונדן. אין דער מינוט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: — ווער ווייס, אפשר איז ער געלאָפן צו דעם נאַצישן סאָלדאַט, אַז ער זאָל אונדז שיסן אין וואַסער? אָבער זאָל זיין וואָס עס וועט זיין — נישטאָ קיין וועג אויף צוריק!

עס ווערט אַלץ טיפער און טיפער; דאָס וואַסער דערגרייכט שוין איבער די קני; נאָך איין טראָט און איך פיל, אַז מער קאָן איך שוין נישט. די הויזן וואָס זענען געווען פאַרקאַטשעט זענען שוין אַראָפּגעפאַלן; די בענדלעך פון די גאַטקעס פּלאָנטערן זיך אין מיינע פיס; איך פיל ווי איך פאַל; דאָס וואַסער דערגרייכט שוין ביז צום פּאַס; אָט־אָט און איך ווער דערטרונקען; טענענבוים, וואָס איז העכער פון מיר, גייט פאָרויס. ער פילט זיך גוט און זיכער.

איך זע ווי דער סאָוועטישער זעלנער שטייט און קוקט ווי מיר גייען אין וואַסער. מיר האָבן פאַר אים נישט קיין מורא. ער פאַרשטייט זיכער, אַז אָט די צוויי יידישע ייִנגלעך אַנטלויפן פון היטלעריזם. און אפשר קלערט ער, אַז מיר זענען שפּיאָנען? ניין! שפּיאָנען גייען נישט בייטאָג איבער

דער גרענעץ. איך בין זיכער, אַז „ער" וועט אונדז גאָרנישט טאָן. איך האָב נאָר מורא פאַרן נאַצישן סאָלדאַט, וועלכער דרייט זיך נישט ווייט פון אונדז.

מיט די לעצטע כוחות זענען מיר דערקראָכן צום צווייטן ברעג. עס איז געווען שווער אַרויסצוגיין אויפן ברעג. דער סאָוויעטישער זעלנער האָט אונדז געהאָלפן. מיר האָבן ניט געקאָנט רעדן מיט אים. פון גרויס פרייד האָבן מיר געלאַכט. דער זעלנער האָט אויך געלאַכט צוזאַמען מיט אונדז. ער האָט אונדז געוויזן מיט די הענט אַז מיר זאָלן זיך זעצן. אַליין איז ער צוריקגעגאַנגען אויף זיין פּלאַץ, וואו ער איז פריער געשטאַנען.

מיר זיצן אויסגענעצטע ביז צו דער זיבעטער ריפּ. דער רעגן האָט אויפגעהערט. עס האָט זיך באַוויזן די זון, זי האָט אַ ביסל אָפּגעטריקנט אונדזערע דורכגענעצטע מלבושים. איך קוק זיך צו אויף „יענער זייט", פון וואַנען מיר זענען אַנטלאָפן. וואָס טוען איצט די מישפחות ?... מיר זענען געראַטעוועטע, אָבער זיי ?...

מיר האָבן ניט באַמערקט ווי עס איז צוגעקומען אַ טאַקסי. 3 סאָלדאַטן זענען אַרויס פון איר. דער זעלנער וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך האָט זיי עפּעס געזאָגט, אָנווייזנדיק מיט די פינגער אויף אונדז. נאָך עטלעכע מינוט האָט מען אונדז געהייסן זיך אַריינזעצן אין דער טאַקסי. וואו פאָרן מיר ? אויך דאָס איז אונדז שוין געווען אַלץ איינס. זיי וועלן מיך נישט הרגענען, אויך וועלן זיי דאָך אונדז נישט שיקן אויף צוריק.

מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דאָרף. דאָרטן האָט מען אונדז אויפגענומען גוט. מיר זענען איבערגעשלאָפן ביי אַ פּויער אין שטוב, וועלכער האָט אונדז געגעבן עסן. אויף צו מאָרגנס, שבת, זענען מיר געפאָרן קיין קאָוועל.

דאָ איז דאָס לעבן געווען אינגאַנצן אַנדערש ווי „דאָרטן". יידן דרייען זיך פריי, לאַכן, טאַנצן, זינגען — מיט איין וואָרט, מען לעבט. אין קאָוועל האָבן מיר שוין געטראָפן אַ סך פּולאַווער, ווי : שייע קרעלענבוים מיט זיין פרוי פערל האָניגסהענדלער, שפּרינצע מיט הערשלען און נאָך פיל אַנדערע. מיר אַלע האָבן געוואוינט אין אַ שולע, אין אַ קאָמונע. יעדן טאָג זענען אָנגעקומען נייע פּולאַווער, וועלכע האָבן דערציילט ווי שלעכט עס איז אונטער די דייטשן. יעדער איינער האָט געטראַכט וועגן זיינע נאָענטע, וועלכע זענען דאָרטן געבליבן.

די פּולאַווער האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערפאָרן אין פאַרשידענע ערטער. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. שייע קרעלענבוים האָט מיר געהאָלפן און אין גיכן בין איך שוין געזעסן אין צוג און געפאָרן קיין מיזרח.

**
*

אַ סך בלוט איז אָפּגערונען. מיליאָנען מענטשן, אומשולדיקע, זענען געפאַלן. מיליאָנען פרויען, קינדער, אַלטע און יונגע זענען אויף אַ באַרבאַ־רישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן. עס איז פאַרטיליקט געוואָרן אונדזער פאָלק אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריומס דורך די מערדערס פון 20טן יאָרהונדערט. אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן מיר וועגן דעם נישט געוואוסט. מען האָט וועגן דעם נישט אונדז, און קיינעם נישט, נישט דערציילט. די דייטשן זענען דאָך געווען „פאַרבינדעטע״.

איך געדענק ווי די סאָוויעטן האָבן כסדר געהאַלטן אין איין פאַרטיידיקן היטלערן. דאָס איז געווען ביז דעם יאָר 1941. די נאַציס האָבן געהאַלטן אין איין פאַרנעמען שטיקער פון אייראָפּע און די קאָמוניסטן האָבן כסדר געהאַלטן אין איין אויפקלערן, אַז דאָס ווערט צעשטערט די קאַפּיטאַליסטישע וועלט.

איך דערמאָן זיך, עס איז געווען אין וויטעבסק, וואו איך האָב גע־וואוינט און געאַרבעט. איך בין געגאַנגען הערן אַ רעפעראַט. דאַמאָלס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די דייטשן זאַמלען געווער און זעלנער אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ.

דער רעדנער איז געווען אַ יידישער קאָמוניסט. גערעדט האָט ער וועגן די נייע חברים, וועלכע שלאָגן דעם מערבדיקן קאַפּיטאַליזם. ער האָט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן לאַגערן, וועגן גאַז־קאַמערן. איך האָב געשטעלט אַ פראַגע: — פאַרוואָס קאָנצענטרירן די דייטשן מיליטער אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ?

עס איז געוואָרן שטיל אין זאַל. מענטשן האָבן געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ געשפּענסט. דער רעדנער גופא האָט אויף מיר אויפגעמאַכט אַ פּאָר אויגן, ווי ער וואָלט וועלן פרעגן: —— ביסט אַראָפּ פון זינען מיט אַזאַ פראַגע? ער האָט אָבער מיין פראַגע נישט געלאָזט אָן אַ תשובה. ער האָט געגעבן אַ דיפּלאָמאַטישן ענטפער: — דאָס דייטשישע מיליטער איז מיד נאָכן פאַרנעמען אַזוי פיל לענדער, קומען זיי זיך אָפּרוען ביי אונדזערע גרענעצן.

עס איז מיר, אמת, געווען שווער צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן תירוץ. אָבער איך בין אין יענער צייט געווען גרייט צו גלויבן אַלץ וואָס עס זאָגן די סאָוויעטישע מענטשן, בפרט פאַרטיי־חברים. עס קאָן זיין, האָב איך געטראַכט, אַז עס איז טאַקע אַזוי. ווער ווייס?

דאָס לעבן איז געגאַנגען ווייטער. איך האָב געשפּילט אין אַ דראַמאַטישן קרייז; איך האָב גוט געלעבט; געלייענט; געגאַנגען מיט חברים טאַנצן און נישט פאַרגעסן די עלטערן. געשיקט זיי פּעקלעך, געטאָן וואָס איך האָב געקאָנט טאָן. ביז דעם 22טן יוני 1941.

עס איז געווען אין אַ זונטיק־טאָג. איך בין געזעסן מיט עטלעכע פּליטים אין דעם אַרטעל, וואו איך האָב געאַרבעט ביי מיין פאַך. פּלוצים קומט אַריין אַ חבר און גיט איבער, אַז 12 אַזייגער בייטאָג וועט רעדן מאָלאָטאָוו. אויב מאָלאָטאָוו וועט רעדן, הייסט עס, אַז עס איז נישט קיין פּשוטער ענין.

פּונקט 12 האָבן מיר איבערגעריסן די אַרבעט. יעדער איינער האָט זיך אָנגעשטרענגט בעסער צו הערן. די ווערטער זענען געפאַלן אויף אונדז ווי דונערס. ביז איצט האָבן מיר אין שייכות מיט די דייטשן קיין מאָל נישט געהערט דאָס וואָרט מערדערס, פאַשיסטן, נאַציס. אָבער איצט זאָגט עס מאָלאָטאָוו אַליין, דער זעלביקער, וועלכער האָט אונטערגעשריבן דעם פריינשאַפט־פאַקט ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו...

קיינער האָט נישט גערעדט קיין וואָרט. יעדער איינער איז געווען פאַר־זונקען אין די געדאַנקען. עס האָט יעדער געהאַט וועגן וואָס צו טראַכטן.

איך גופא האָב זיך געפרייט. איך האָב שוין געזען ווי אין עטלעכע וואָכן אַרום — וואָס עפּעס וואָכן? — אין עטלעכע טעג אַרום! — בין איך שוין אין פּולאַוו, צוזאַמען מיט דער משפחה, ווייל די רויטע אַרמיי איז אומבאַ־זיגבאַר, זי וועט איינס און צוויי צעשמעטערן די דייטשע אַרמיי. אָבער עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן שטאַרק געזיפצט.

באַלד האָבן מיר אָנגעהויבן פילן די נאַציש באָמבעס. יעדן טאָג האָב איך געלייענט אין צייטונג די פראָנט־נייעסן; געהערט דורך ראַדיאָ, אַז אונדזער העלדישע רויטע אַרמיי האָט „אין אָרדענונג" פאַרלאָזט די אָדער יענע שטאָט. די נאַציס זענען צוגעקומען נאָענט צו וויטעבסק. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן אויף מיזרח. אָט איז שוין אויך געפאַלן פּ אָ ל אָ צ ק, אַ שטאָט נישט ווייט פון וויטעבסק. איך גיי אין דער מיליטער־ביוראָ און בעט מען זאָל מיך שיקן אין דער אַרמיי, איך וויל העלפן שלאָגן די נאַצישע מערדערס דאָרטן איז אָבער אַ פּאַניק. מען הערט אַפילו נישט וואָס איך רעד — עס איז נישט איצט די צייט וועגן דעם צו רעדן — זאָגט מיר איינער.

פאַבריקן הויבן אָן צו פאַרלאָזן די שטאָט. מיר באַקומען אויסגעצאָלט דאָס געלט פאַר דער אַרבעט און מיר זענען פריי. פ ר י י פון וואָס?

איך מיט אַ חבר (פון וואַרשע) באַשליסן צו אַנטלויפן. איך וויל שוין נישט נאָך אַ מאָל אַריינפאַלן צו די דייטשן. די פּאַניק אין שטאָט איז גרויס. מען האָט שוין גאָרנישט געקאָנט קויפן. לאַנגע רייען ביי די געשעפטן. איך האָב אָבער נישט געהאַט אויף וואָס צו וואַרטן. דאָרטן, אין פּוילן, האָב איך ערב דעם לויפן געהאַט אַן אָפּהאַלט — די משפחה, די עלטערן, געהאַט געוויסע פליכטן. אָבער איצט? אין וויטעבסק? איצט בין איך אַ פרייער פויגל...

איך זיץ שוין אויף דער באַן אין דער ריכטונג פון סמאָלענסק. עס איז אַ שיינער זומער־טאָג. מיר פאָרן פאַרביי פאַרזייטע פעלדער. אין וואַגאָן איז ענג, מען קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. דאָס איז געווען די לעצטע באַן, וואָס האָט פאַרלאָזן וויטעבסק. עס איז אַ געפּלעכט פון אַ מענטשן־מאַסע, אַלטע לייט, פרויען, קינדער. די שטימונג אַ געדריקטע. הויבט ווער אָן צו זינגען, פאַרמאַכט מען אים גלייך דאָס מויל: — עס איז איצט נישט קיין צייט פאַר זינגען — זאָגט אַן אַלטער ייד.

אַט וויינט אַ קינד. די מוטער נעמט אַרויס איר ברוסט (דאָ שעמט מען זיך נישט) און גיט אים זויגן. עס איז שטיל אין וואַגאָן. עס הערט זיך נאָר דאָס קלאַפּן פון די רעדער, ווי זיי וואָלטן מיט זייער ריטם אונדז גע־טרייסט: זאָרגט נישט, זאָרגט נישט, מיר פאָרן ווייטער, ווייטער, ווייטער פון די באָמבעס...

פּלוצים אַ געפּייפעריי, אַ געשריי. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון עראָפּלאַנען באַשיסט מען דעם צוג. עס איז שווער צו באַשרייבן די אויס־געבראָכענע פּאַניק. איך אַליין וויל מיך גאָרנישט דערמאָנען יענע סצענעס... דאָס לויפן זיך „ראַטעווען", דאָס טרעטן איבער קינדער, די געשרייען, די געיאָמערן, פאַרוואונדעטע, טויטע, בערג קרבנות...

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין סמאָלענסק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן זענען גיכער געקומען. עס איז שוין דאָ דער פראָנט. לויף איך ווייטער קיין מיזרח, ווייטער פון גיהנום.

***

הויבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל. ווילט זיך נישט דערציילן וואו און ווען מען איז געווען, אַבי מען איז געווען... נישט וויכטיק ביי וואָסערע אַרבעטן מען האָט געאַרבעט, אַבי געאַרבעט... מיך האָט מען נישט גענומען אויפן פראָנט, פּונקט ווי די אַנדערע טויזנטער פּליטים (די „זאַפּאַדניקעס" — די וואָס זענען געקומען פון פּוילן זענען געווען פּסול צו גיין אין דער רויטער אַרמיי). מיר האָבן דעריבער געאַרבעט פאַרן פראָנט. אין קוילן־גרובן; געהאַקטביימער אין די וועלדער, געאַרבעט אין קאָלכאָזן. געפּאַשעט 30 פערד אין די נעכט אין אַ קאָלכאָז ביי דער וואָלגע; געאַרבעט אויף וועגן אין קאַזאַכסטאַן; געאַרבעט אין אַ וואַטע־פאַבריק אין אוזבעקיסטאַן.

דאָ און דאָרטן געטראָפן אַ סך פּולאַווער. שווער איז מיר איצט צו געדענקען די נעמען, אָבער אומעטום זענען זיי פאַרוואָגלט געוואָרן. מען האָט מיך לסוף „מאָביליזירט" — נישט אין דער אַרמיי, נאָר צו אַרבעט, אויפן „טרוד־פראָנט"... ווייטער געפאָרן לאַנגע וואָכן מיט דער באַן, נישט אויף דרום־מיזרח, נאָר צום קאַלטן צפון־מיזרח.

איך געפין זיך אין אַ וואַלד מיט נאָך הונדערטער ווי איך. אַ וויסטע־

ניש, נישטאָ וואו צו וואוינען. שטעלן מיר דערווייל אויף „סוכות״ פון צווייגן. אין די ביידלעך וועלן מיר וואוינען ביז מיר וועלן אויסבויען די ערד־שטיבלעך, די זעמליאַנקעס. די אַרבעט איז אַ שווערע, די פאַרדינסטן שוואַכע. אָבער עס פאַלן נישט קיין באָמבעס און מיר הערן נישט קיין שיסעריי. מיר געפינען זיך אויף אוראַל.

איצט ווייסן מיר שוין וואָס די נאַציס האָבן געטאָן מיט די יידן אומעטום, אין אַלע אָקופּירטע געביטן, וואו זיי געפינען זיך. אין די צייטונגען לייענען מיר וועגן די נאַצישע אַכזריותן, וואָס מען האָט פריער פאַרשוויגן. מיר זענען משוגע, וואָס איז געוואָרן מיט אונדזערע נאָענטסטע ? אונדזער לעבן, אונדזער עסן גייט אונדז נישט איין.

אויף די פראָנטן איז איצט אַן ענדערונג. איצט איז די אָפענסיווע פון דער זייט פון די אַליאירטע. די רויטע אַרמיי נעמט אָפּ צוריק די אָקופּירטע געגנטן. מען יאָגט די נאַצישע „גיבורים״. אָבער וואָס קומט אונדז אַרויס ? אומעטום וואו די אַרמיי קומט, זענען שוין קיין יידן נישטאָ.

דערגייט צו אונדז די נייעס, אַז עס האָט זיך געשאַפן די פוילישע קאָסציושקאָ־אַרמיי, אָדער ווי מען האָט זי גערופן : די אַרמיי פון וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ. באַפרייט מען נישט פון דער אַרבעט. מיטן גאַנצן ווען ווילט זיך איצט זיין דאָרטן וואו מען שלאָגט דעם נאַצישן שונא.

איך באַשליס צו אַנטלויפן פון מיין אַרבעטס־פּלאַץ. עס געלינגט מיר טאַקע און איך ווער מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי. מיר טרעפן זיך אין טשקאַלאָוו, פון דאַנען גייט די אַרמיי קיין פוילן. מיין ציל איז — אַהיים . . .

ביז לובלין איז נאָך ווייט. מיר פאָרן פאַרביי שטעט און דערפער. חורבות און חורבות. וואָס די נאַציס האָבן נישט חרוב געמאַכט פריער, ווערט איצט דערגאַנצט דורך דער מלחמה, וואָס איז שאַרף, וואָס זייט חורבן און פאַרוויסטונג.

מיר זענען שוין אין ק אָ וו ע ל. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק בין איך דאָ געווען ווי אַן אַנטלאָפענער, אַ פּליט, אַ „בעזשענעץ״, היינט בין איך דאָ ווי אַ העלד, איך האָב די שטאָט געהאָלפן דעראָבערן. אָבער דעמאָלט זענען דאָ געווען יידן, געווען אונדזערע פולאַווער, היינט ? — ק יי נ ע ר נ י ט . . .

מיר פאָרן ווייטער. אָט איז דער בוג . . . עס דערמאָנט זיך מיר דאָס בילד ווי איך מיט איטשע טענענבוימען קריכן אין וואַסער נאַסע, מידע, פול מיט שרעק געמישט מיט האָפענונג . . . איצט פאָרן מיר מיט דער באַן. איך האָב נישט קיין מורא. עס איז שוין מער נישטאָ קיין דייטשישער גרענעץ־היטער, וועלכער איז גרייט יעדע סעקונדע צו עפענען פייער . . . אָבער וואָס ווייטער ?

לובלין. איך בין ווידער אין מיין לובלין. פון דאַנען האָב איך מיך געלאָזט גיין אויף „יענער זייט״. עס שמעקט דאָ שוין מיט פולאַווער לופט. איך בין אין גאַנצן 40 קילאָמעטער פון מיין היים־שטעטל. איך טרעף שוין פולאַווער. איך הער שוין די פיין־געשיכטעס פון פאַרשידענע פולאַווער וועגן מיינע נאָענטע. ווער האָט זיך עס גאָר געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזוינס וועט געשען — אַז מען וועט קיינעם נישט טרעפן פון די אייגענע. מען ווייסט אַפילו נישט וואו עס זיינען זייערע קברים.

איך וואָלט וועלן זיין דאָרט, אויפן אָרט געוואָר ווערן. אָבער איך בין אַ זעלנער און איך מוז גיין דאָרטן וואוהין מען שיקט מיך. אונדזער דיוויזיע שטייט אויף מיידאַנעק...

דאָס וואָרט מיידאַנעק וואַרפט אָן אַ שרעק. יעדעס ווינקל דאָרט, יעדער באַראַק, יעדעס „פעלד״ — אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר הערן דאָס געשריי פון די טויזנטער: — נעמט נקמה!

נאָך עטלעכע טעג זיין אין מיידאַנעק, נאָך דעם ווי מען האָט זיך צוגע־וואוינט צו דער פאַרסמטער לופט, גיי איך באַזוכן, קוקן, זוכן עפּעס. וואָס? ווייס איך אַליין נישט. עס יאָגט מיך, ווי עמעצער וואָלט מיך גערופן. איך באַזוך די גאַז־קאַמערן, וואו די מערדער האָבן מיט „ציקלאָן״ דערשטיקט די קרבנות. איך באַקוק די קרעמאַטאָריומס, וואו מען האָט פאַרברענט די פאַרפייניקטע גופים פון די קדושים.

עס גייען מיר נאָך די געשפענסטער פון די בערג שיך, די מאַגאַזינען מיט אָנגעפּאַקטע טויזנטער פּאָר קינדער־שיכלעך...

ליגן אָנגעוואָרפן פאָטאָגראַפיעס; איך בייג זיך איבער די בערג, עס רינען טרערן אָן אַ שיעור. אפשר וועל איך געפינען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ נאָענטן, פון אַן אייגענעם?...

איך קאָן דאָ מער נישט זיין. מיר בעטן זיך — שיקט אונדז אויפן פראָנט. ענדלעך קומט אַ פריידיקע ידיעה: מיר פאַרלאָזן מיידאַנעק...

און אָט פאָרן מיר. וויל דער גורל, אַז אונדזער צוג זאָל פאַרבייפאָרן די באַקאַנטע מיר לאַנדשאַפטן: אָט זענען מיר ביי דער סטאַנציע פּאָזשאָג, מיר פאָרן אין דער ריכטונג פון — פולאַוו...

דער צוג איז אין פולאַוו. איך לויף שנעל אַרויס. איך זע באַקאַנטע קריסטן. ווי פריילעך איז דאָ געווען אַמאָל? אַזוי פיל יידן? און איצט? איצט זיצן דאָ מענטשן וואָס זענען מיר פרעמד. איך האָב גאָר מורא פאַר זיי.

איינער פון די אָנוועזנדיקע האָט מיך דערקענט. דאָס איז ביעלאַווסקי, אונדזער שכן. ער גייט צו צו מיר, קוקט מיך אָן און פרעגט: — דו ביסט

נישט דער זון פון שמואל־הענעכן ? יאָ . . . ער דערציילט מיר וואָס די דייטשן האָט געטאָן מיט די יידן. „איך האָב געוואָלט העלפן דיינע עלטערן, אָבער דאָס איז געווען נישט מעגלעך״. — עס קאָן זיין, האָב איך געענטפערט.

עס האָט זיך דערהערט דער פייף פון לאָקאָמאָטיוו און איך האָב געמוזט לויפן שנעל אין וואַגאָן אַריין.

— ס אַ נ ע ! קום צו פאָרן צו אונדז — האָט ביעלאַווסקי נאָכגעשריגן. זיינע ווערטער זענען פאַרשוואונדן מיט דעם ווינט.

אָט פאָרן מיר פאַרביי די „דזשאַלקעס״ ; איך זע פון דער ווייטנס די גימנאַזיע ; דאָס שפּיטאָל . ...

ד ז ש אַ ל ק ע ס — דער וואַלד איז מיר באַקאַנט. דאָ האָבן מיר שפּאַצירט ; דאָ זענען פאָרגעקומען אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען. אַך, ווי איך האָב ליב געהאַט דעם וואַלד. איצט ? איצט האָס איך אים. ער איז מיר פרעמד. עס דאַכט זיך מיר, אַז פון יעדן בוים שרייט אַ קול, יאָמערט עמעץ אַרויס . . .

איך האָב געכאַפּט אַ לעצטן בליק אויף פולאַוו, געזען האָב איך שוין נישט די שטאָט, נישט די הייזער, נישט די וועלדער. אַ שטיק הימל פון פולאַוו איז מיר נאָכגעפאָרן, אַ פאַרטונקלטער, אַ פאַרכמאַרעטער הימל, וואָס וועט מיך אייביק באַגלייטן, וואָס האָט מיך געפירט קיין ארץ.



די משפחה האָניקסהענדלער, וועלכע איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַצי־שע מערדער.

מ. זעלדין

# דער יידישער אָנטייל אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן אין פּולאַווער געגנט

פּולאַווער קרייז איז געווען פון די ערשטע, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אונטערערדישער, אַ פּאַרטיזאַנער קאַמף קעגן די נאַצישע אָקופּאַנטן און יידן־אויסראָטער. די ע ר ש ט ע, וואָס האָבן אויסגעבילדעט די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין דעם ראַיאָן זענען געווען י י ד ן. אין אַ באַריכט, וואָס מיר לייענען אין דעם טאָגבוך פון הערמאַן פראַנק, דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָקופּירטן פּוילן, ווערט געזאָגט דאָס ווייטערדיקע:

דער שעף פון דעם לובלינער דיסטריקט ע ר נ ס ט צ ע ר נ ע ר, אויף דער געהיימער זיצונג אין שלאָס פון בעלוועדער אין וואַרשע, פון 25טן יאַנואַר 1943, האָט צווישן אַנדערע איבערגעגעבן:

„...די עוואַקואַציע פון די יידן האָבן די מערהייט דייטשן אויפגענומען ווי אַ נויטיקע פאַראָרדענונג. ליידער האָבן די צום סוף אַרויסגעגעבענע כאַאָטישע פאַראָרדענונגען געבראַכט דערצו, וואָס זייער פיל יידן זענען אַוועק אין די וועלדער און זיך פאַראייניקט צו די באַנדעס. אַזוי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, למשל, אַז אין פולאַוו באַשטייט איין באַנדע פון 3 רוסן און 24 יידן...”*)

קלאָר, אַז אין רעזולטאַט פון דעם ג י ר ו ש פון די פּולאַווער יידן, וואָס איז געווען פון די ערשטע צודויסטרייבונגען אין יענעם געגנט וואָס די נאַצישע הערשער האָבן געהאַלטן, אַז ער איז דורכגעפירט געוואָרן „ניט ווי געהעריק”, האָט עס געבראַכט צו אויפקומען פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין יענעם ראַיאָן. אַגב איז דער ל ו ב ל י נ ע ר ראַיאָן געווען אין דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג דער אַקטיוויסטער. אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע טיילן פון פּוילן (מיר רעדן דאָ ניט וועגן די אַזוי־גערופענע „קרעסן”

*) ...Die Judenevakuirung sei bei den meisten Deutschen als eine notwendige Massnahme hingenomen worden. Leider hatten zum Schlus ueberstuerzte Massnahmen dazu gefuert, dass zahlreiche Juden in die Waelder gegangen seien und sich den Banditen angeschlossen haetten. So habe man Z. B. in Pulawy festegestellt, dass eine Bande aus 3 Russen and 24 Juden bestanden habe...

(Stanislaw Piotrowski — Dziennik Hansa Franka, Warszawa 1956, pp. 343, 484).

— ווייסרוסלאַנד, פּאָלעשיע, וואָלין, גאַליציע — וואו עס איז געווען אַ גאָר ברייטע יידישע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, איז טאַקע אין דער געגנט פון לובלין געווען אַ גאָר אָנזעעוודיקער אָנטייל פון יידן אין דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

אין פּוילן איז דערשינען אַ בוך, אַ כראָניק, פון די פּאַרטיזאַנער קאַמפן פון דער „גוואַרדיאַ־לודאָוואַ" און „אַרמיאַ לודאָוואַ" אין לובלינער געגנט פאַר די יאָרן 1942—1944. דער פּוילישער נאָמען פון בוך איז:

Kalendarium Walk Gwardii Ludowej i Armii Ludowej na Lubelszczyznie 1942—1944.

דאָס בוך איז דערשינען אין לובלין אין יאָר 1963. פאַר דעם זענען אין זעלביקן פאַרלאַג דערשינען נאָך צוויי ביכער (אין 1960 און 1961) געווידמעט דער זעלביקער טעמע — דער ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס אין לובלינער געגנט. דער איצטיקער „קאַלענדאַריום" איז אַ כראָניק פון די באַזונדערע קאַמפן אין דעם געגנט לויט דעם סדר פון די דאַטעס ווי זיי זענען פאָרגעקומען. די כראָניק פון דאָזיקן בוך נעמט אַרום נאָר יענע אָפּטיילונגען, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער דירעקטער אָדער אומדירעקטער אָנפירונג פון דער פּ. פּ. ר. (די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1942 אויפן אָרט פון דער פונאַנדערגעלאָזענער דורכן קאָמינטערן פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). דערפאַר טאַקע איז אין „קאַלענדאַריום" די ערשטע דאַטע פון די פּאַרטיזאַנער־אַקציעס ערשט פון מאַי 1942. פון דער נאָטיץ פון פראַנקס טאָגבוך ווייסן מיר אָבער, אַז שוין פון די ערשטע טעג האָט זיך אין דאָזיקן געגנט געפירט אַ פּאַרטיזאַנער־אַקציע און אַז יידן האָבן אין איר אַ גאָר גרויסן אָנטייל.

ניט געקוקט וואָס דער „קאַלענדאַריום" איז, ווי מיר זעען, איינזייטיק און נעמט אַרום נאָר איין אָפּשניט פון דעם פּוילישן אונטערגרונד, איז כדאי אַרויסצונעמען פון אים די ידיעות. עס ווערן דערציילט וועגן דעם אָנטייל פון יידן אין די פּאַרטיזאַנער־פאָרמאַציעס.

מיר געפינען דאָרטן קורצע כאַראַקטעריסטיקעס וועגן די ווייטערדיקע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס זענען געווען געבונדן מיט יידן, דאָס זענען:

1) אויפן נאָמען פון עמיליאַ־פּלאַטער; 2) אויפן נאָמען פון קאַזיעטולסקי; 3) אָפּטיילונג פון יחיאל גרינשפּאַן; 4) אויפן נאָמען פון בערעק יאָסעלעוויטש; 5) ספּעציעלע" אָפּטיילונג. מיר וועלן ווייטער ברענגען די כאַראַקטעריסטיקעס פון די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער־איינהייטן און פון זייערע אָנפירער, ווי דאָס ווערט געגעבן אין „„קאַלענדאַריום".

1) אָפּטיילונג אויפן נאָמען ע. פּלאַטער — איז געשאַפן געוואָרן ביי דער מיטהילף פון מיטגלידער פון דער פּפּר און „גל״ („גוואַרדיאַ לודאָוואַ״) אין ראַיאָן פון גאַרבאָוו. אין באַשטאַנד פון דער אָפּטיילונג זענען אַריין די זעלנער פון דער פּוילישער אַרמײ פון יידישער נאַציאָנאַליטעט וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. אַלס דער אָנפירער פון דער אָפּ־טיילונג איז באַשטימט געוואָרן שמואל יעגער, פּסעוודאָנים „עמיל״. דער טעטיקייט־געביט פון דער אָפּטיילונג איז געווען דער פּולאַווער פּאָוויאַט ווי אויך דער מערבדיקער טייל פון לובאַרטאָווער פּאָוויאַט. אין געוויסע פאַלן האָט מען די דאָזיקע פאָרמאַציע געטיילט אויף צוויי זעלבשטענדיקע אָפּטיילונגען. דער אָנפירער פון דער ערשטער אָפּטיילונג איז געווען „עמיל״ און דער אָנפירער פון דער צווייטער אָפּטיילונג איז געווען מיעטשיסלאַוו גרובער, פּסעוודאָנים „מיעטעק״. נאָך אַ גרעסערער צאָל דורכגעפירטע אַקציעס ווי אויך דורכפאַלן, וואָס די אָפּטיילונגען האָבן געהאַט אין האַרבסט 1943, וואו זיי האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן, האָבן זיי אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די רעשט פון די אָפּטיילונגען זענען סוף 1943 אָנהייב 1944 איבערגענומען געוואָרן דורך דער אָפּטיילונג פון יאַן וואַיטאָוויטש אין די פּאַרטשעווער וועלדער, ווו זיי זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין דער אָפּטיילונג פון „כיל״ — יחיאל גרינשפּאַן״. (זייט 132).

2. אָפּטיילונג אויפן נאָמען קאַזיעטולסקי — דאָס איז געווען די אָפּטיילונג, וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן פון דער פאָרמאַציע אויפן נאָמען „עמיליאַ פּלאַטער״. אָנגעפירט געוואָרן איז די אָפּטיילונג פון מיעטשיסלאַוו גרובער און איז געווען טעטיק ביז האַרבסט 1943 אין פּולאַווער פּאָוויאַט (זייט 144).

3) אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן. ער איז אַן אָפּשטאַמיקער פון שטעטל סאָסנאָוויץ, וולאָדעווער פּאָוויאַט. ער האָט זיך אין יאָר 1942 פאַרבונדן מיט דער „גל״ וואוהין ער האָט געבראַכט אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער. ער ווערט דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, וואוהין עס ווערן איינגעשלאָסן יידן, וואָס קאָנען צוליב געוויסע סיבות ניט געהערן צו די אַלגעמיינע אָפּטיילונגען. דער טעטיקייט־געביט פון דער אָפּ־טיילונג זענען געווען די פּאָוויאַטן פון וולאָדעווע און לובאַרטאָוו. (זייט 144).

4. אָפּטיילונג אויפן נאָמען בערעק יאָסעלעוויטש — דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער פאָרמאַציע א״נ טאַדעאוש קאָשציושקאָ. די אָפּ־טיילונג איז געגרינדעט געוואָרן אין פרילינג 1943. דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג איז געווען פּאָרסט, דער ערשטער נאָמען איז ניט באַקאַנט. דער טעטיקייט־באַריכט פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז געווען אין דעם ראַיאָן פון פּושטשאַ סאָלסקאַ, לובלינער געגנט (זייט 129).

5) „ספּעציעלע" אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון גוסטאַוו אַלעף־באַלעוויאַק, פּסעוודאָנים „באַלעק". די אָפּטיילונג איז געשאַפן געוואָרן אין פרילינג 1944 דורך דער „אַ. ל.". די ציל פון דער אָפּטיילונג איז געווען אָנצוקנופּן פאַרבינדונגען מיט די אַנדערע פּאַרטיזאַנישע־גרופּן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די נאַציס. דער טעטיקייט־געביט פון דער אָפּטיילונג זענען געווען די פּאָוויאַטן פון פולאַוו און לובאַרטאָוו. אין פולאַווער פּאָוויאַט האָט טאַקע די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג דערגרייכט אַ פאַרשטענדיקונג מיט די פּאַרטיזאַנער פון די „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע" (פּויערים־באַטאַליאָנען). נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע זענען די פּאַרטיזאַנער פון דער דאָזיקער אָפּטוולונג איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער בירגער־מיליץ, די ערשטע אָרדענונג־היטער פון דעם באַפרייטן פּוילן (זייט 134).

---

מיר ברענגען ווייטער די פאַרצייכנטע קאַמפּס־אַקציעס פון די דערמאָנטע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען, אין סדר ווי זיי זענען פאָרגעקומען, לויט די באַזונדערע אָפּטיילונגען און אין דער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, ווי זיי זענען געבראַכט אין דעם „קאַלענדאַריום".

## כראָניק פון די יידישע פּאַרטיזאַנער־אַקציעס אין פולאַווער קרייז 1943:

14טער אַפּריל:

אין גאַרבאָוו (פולאַווער פּאָוויאַט) האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליאַ פּלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער, פּסעוודאָנים עמיל, פאַרניכטעט די מילך־צענטראַלע, וואָס פלעגט צושטעלן קאָנטיגענטן פאַר די דייטש.

10טער מאַי:

אין מאַרקושעוו (פולאַווער פּאָוויאַט) האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליע פּלאַטער, אָנגעפירט פון ש. יעגער, דעמאָלירט דעם לאָקאַל פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג, פאַרניכטעט די גאַנצע דאָקומענטאַציע און איינריכטונג.

11טער מאַי:

אין גאַרבאָוו האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגונג אויפן נאָמען פון עמיליע פּלאַטער אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער דעמאָלירט דעם לאָקאַל פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג. אין זעלביקן טאָג האָט אַן אָנפאַל־גרופּע פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג פאַרניכטעט די קאָנטיגענט־פּאַפּירן פון די צושטעלונגען פאַר די דייטשן אין דעם דאָרף וואולקאַ.

4טן יוני:

אין דער אָרטשאַפט לעשצע (פולאַווער פאָוויאַט) האָבן די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אויפן נאָמען פון קאָזיעלטוסקי, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון מיעטשיסלאַוו גרובער (פסעוודאָנים מיעטעק), און די אָפּטיילונגען אויפן נאָמען פון עמיליאַ פלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער, אַטאַקירט דעם דייטשן גאַרניזאָן, וועלכער איז געשטאַנען אין דערמאָנטן גוט. דער קאַמף האָט געדויערט 2 שעה. די פאַרטיזאַנער איז געלונגען צו אַנטוואָפענען נאָר איין וועכטער. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דעם גוט, מיטנעמענדיק מיט זיך איין פאַרוואונדעטן.

אין יוני:

אין מאַרקושעוו, האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון מיליאַ פלאַטער, אָנגעפירט פון ש. יעגער, פסעוודאָנים עמיל, חרוב געמאַכט דעם לאָקאַל פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג.

יוני:

אין ראַיאָן פון נאַלענטשאָוו האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען קאָזיעטולסקי, אונטער דער אָנפירונג פון מ. גרובער, פסעוודאָנים מיעטעק, און דער פאַרטיזאַנער־אָפּטייל אויפן נאָמען פון עמיליאַ פלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער, פסעוודאָנים עמיל, מיט דערפאָלג באַשאָסן די דורכפאָרנדיקע דייטשן אויפן שאָסיי.

יולי:

די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליאַ פלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער פסעוודאָנים עמיל, און אַן אָפּטיילונג פון „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע" האָבן אַטאַקירט די דייטשע אָפּטיילונג אין גאַרבאָוו. די אַטאַקירטע דייטשן זענען אַנטלאָפן. איינער פון זיי איז געוואָרן דערהרגעט און איינער פאַרוואונדעט. אויף דער זייט פון די פאַרטיזאַנער איז פאַרוואונדעט געוואָרן דער גוואַרדיסט „זשעלאַזני". עס זענען דעראָבערט געוואָרן פאַר דער פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג די דורך די דייטשן איבערגעלאָזענע ראָווערן און פאַרשידענע מאַטעריאַלן.

נאָוועמבער:

אין מאַרקושעוו האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליאַ פלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער, פסעוודאָנים עמיל, געפירט אַ קאַמף מיט דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע און אין רעזולטאַט באַהערשט דאָס אָרט, וואו זיי האָבן קאָנפיסקירט זייער פיל פּראָדוקטן; טייל דערפון האָבן זיי צעטיילט צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

## 1944:

פעברואַר:

אין וואָלאַ פּזשיביסלאַווסקאַ (פולאַווער פּאָוויאַט) האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליאַ פּלאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון ש. יעגער, פּסעוודאָנים עמיל, אַריין אין אַ קאַמף מיט דער זשאַנדאַרמעריע פון גאַרבאָוו. אין דאָזיקן קאַמף זענען דערהרגעט געוואָרן 3 זשאַנדאַרן און 3 זענען געוואָרן פאַרוואונדעט. פון די פּאַרטיזאַנער איז געפאַלן „עמיל״ (דער אָנפירער ש. יעגער, און עס איז געוואָרן פאַרוואונדעט „סעווער״.

**
*

אין די פריערדיקע קאַמף־מעלדונגען האָבן מיר אין אַ פּאָר ערטער דערמאָנט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון קאַזיעטולסקי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון מיעטשיסלאַוו גרובער און האָט אַ ריי אַקציעס דורכגעפירט צוזאַמען מיט דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון עמיליאַ פּלאַטער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון שמואל יעגער. ווייטער ברענגען מיר די קאַמף־כראָניקעס, וואָס עס האָט דורכגעפירט די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אַליין. אויך די דאָזיקע יידישע קאַמף־אָפּטיילונג איז געווען טעטיק אין פולאַווער געגנט.

## 1943:

2טער אַפּריל:

אין שעדליסק (ביי לובאַרטאָוו) האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען קאָזיעטולסקי, אונטער דער אָנפירונג פון מיעטשיסלאַוו גרובער גע־פירט אַ קאַמף מיט דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע. אין רעזולטאַט פון דאָזיקן קאַמף איז 1 זשאַנדאַר דערהרגעט געוואָרן און 1 פאַרוואונדעט. אויף דער זייט פון די פּאַרטיזאַנער איז געווען 1 פאַרוואונדעטער. עס איז דער־אָבערט געוואָרן געווער.

12טער אַפּריל:

אין פּזשיטשאָווע גוראַ, האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון קאָזיעטולסקי, אונטער אָנפירונג פון מ. גרובער, געפירט אַ קאַמף מיט דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע.

19טער אַפּריל:

אין גאַדאָוו (ביי אָפּאָלע) האָט דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל אויפן נאָמען קאָזיעטולסקי, אונטער דער אָנפירונג פון מ. גרובער, פּסעוודאָנים מיעטעק צעשטערט די מעלקעריי, וואָס האָט צוגעשטעלט די מילך־קאָנטיגענטן פאַר די דייטשן.

נאָך דעם וויביידע יידישע פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען האָבן געהאַט גאָר שווערע פאַרלוסטן און שמואל יעגער איז אומגעקומען, איז די רעשט יידישע פאַרטיזאַנען פון ביידע אָפּטיילונגען, ביים אָנהייב 1944 אַריבערגעפירט געוואָרן פון אַ פוילישער פאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג פון יאַן וואַיטאָוויטש, פּסעוודאָנים מאַציעק, אין די פאַרטשעווער וועלדער און זיי זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון דעם יידישן פאַרטיזאַנער־פירער י ח י א ל ג ר י נ ש פ אַ ן, פּסעוודאָנים „כיל״. פאַר דער גאַנצקייט פון דעם בילד וועלן מיר פון דעם זעלביקן מקור ברענגען די קאַמף־כראָניק, וואָס האָט אַ שייכות צו דער אָפּטיילונג, אָנגעפירט פון יחיאל גרינשפּאַן.

## 1943:

אין ראַיאָן פון וולאָדעווע האָט אַ פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג, ווייזט אויס, פון יחיאל גרינשפּאַן, פאַרברענט עטלעכע הונדערט ליטער בענזין און שמירערכץ.

30טער אויגוסט:

אויפן וועג ווישניץ־ליניעוו און ווישניץ־וולאָדעווע האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן צעשטערט בריקן.

אויגוסט:

אין ראַיאָן אַנטאָפּאָל (וולאָדעווער פּאָוויאַט) האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּ־טיילונג, ווייזט אויס, אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן, צעשטערט אַ בריק.

19טער אָקטאָבער:

אויפן שטח פאַרטשעוו־גרודעק, פון דער באַן־ליניע לובלין־לוקאָוו, האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון ח. גרינשפּאַן, פּסעוו־דאָנים „כיל״, אַרונטערגעלאָזן פון די ליניעס אַ צוג מיט דייטשישן מיליטער. זייער פיל דייטשן זענען אומגעקומען.

## 1944:

יאַנואַר:

אין סאָסנאָוויצע (פאַרטשעווער פּאָוויאַט) האָט די פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן, צעשטערט די פאַרוואַלטונג פון דער גמינע, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטראָגן די גאַנצע דאָקומענטאַ־ציע און פאַרברענט. די דאָקומענטן האָבן געהאַט אַ שייכות צו ווירטשאַפט־לעכע ענינים און די קאָנטינגענטן, וואָס די באַפעלקערונג האָט געדאַרפט צושטעלן פאַר די דייטשן. פון דאַנען איז די פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג אַוועק אין דאָרף גורקי וואו עס איז ליקווידירט געוואָרן אַ דייטשישער קאָנפידענט (שפּיאָן).

אויסער די דערמאָנטע יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וואָס זענען געווען טעטיק אויפן דאָזיקן געביט דאַרף מען נאָך דערמאָנען וועגן דעם, אַז דאָרטן האָט עקזיסטירט אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון בערעק יאָסעלעוויטש. עס ווערט טאַקע ניט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ יידישע אָפּטיילונג, אָבער נעמענדיק אין אַכט די באַציאונג צו יידן אין יענער צייט איז שווער צו גלויבן, אַז פּאָלאַקן זאָלן זיך „פּאַרגינען" אָנצורופן זייערע אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט מיט אַזאַ "יידישן" נאָמען. וועגן דער דאָזיקער „בערעק יאָסעלעוויטש" אָפּטיילונג ברענגט דער זעלביקער „קאַלענדאַריום" די ווייטערדיקע באַריכטן: (*

## :1943

24טער אַפּריל:

אין דער סאָלסקער פּושטשע זענען די פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען אויפן נאָמען פון: קאַטאָוּוסקי, מיצקעוויטש און בערעק יאָסעלעוויטש געוואָרן אַרומגערינגלט דורך די דייטשן. אין רעזולטאַט פון די קאַמפן זענען געפאַלן 7 דערהרגעטע דייטשן און איין פאַרוואונדעטער. עס איז דעראָבערט געוואָרן געווער און אַמוניציע.

15טער יוני:

אויף דער באַן־ליניע צווישן סושץ און מאַזילאָם (לובלינער קרייז) האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון בערעק יאָסעלעוויטש, אונטער דער אָנפירונג פון פּאָרסט איבערגעשניטן די טעלעפאָן־סלופּעס אויף דער לענג פון דער באַן־ליניע. די אָפּגעשניטענע סלופּעס זענען געלייגט געוואָרן אויף די באַן־ליניעס. אויפן פּלאַץ פון דעם דיווערסיע־אַקט איז געקומען אַן אַלאַרמירטער געפּאַנצערטער צוג, וואָס האָט באַשאָסן דעם וואַלד.

---

*) אונדזער השערה ווערט באַשטעטיקט דורך איינעם פון די באַטייליקטע אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן אין לובלינער געגנט. אין דער אַרבעט פון וואַיציעך סולעווסקי: „Na Partyzanskich Sciezkach" (אויף פּאַרטיזאַנישע שטעגן), וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1963, לייענען מיר אויף זייט 52, צווישן אַנדערע:

„עס איז אָבער די היסטאָריסטן ניט געלונגען צו פּאַרטיליקן אַלע יידן לובלינער קאַנט. אַ טייל פון זיי איז אַנטלאָפן פון די געטאָס און אַריינגעטראָטן אין די אָפּטיילונגען פון דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ". פון די דאָזיקע אַנטלאָפענע זענען נאָכדעם אויפגעקומען די יידישע אָפּטיילונגען פון דער „ג. ל." אויף די נעמען: „קאַזיעטולסקי, סטאַשיץ, עמיליאַ פּלאַטער און בערעק יאָסעלעוויטש, די לעצטע איז געשאַפן געוואָרן פריער פון אַלץ פון יידן, געוועזענע פּוילישע זעלנער אין דער מלחמה־קאַמפּאַניע פון 1939, וועלכע זענען אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער אַנטלאָפן פון דעם לאַגער אין לובלין אויף ליפּאָווע גאַס..."

דאָרטן ווערט אויך דערציילט וועגן פּאַרטיזאַנער־פּלוטאָן, אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן און פון סערזשאַנט „אַדאָלף".

**
*

אין פולאַווער געגנט איז נאָך געווען טעטיק אַ „ספעציעלע" פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם יידישן פאַרטיזאַנער־פירער גוסטאַוו אַ ל ע ף — באַלקאַוויאַק, פסעוודאָנים „באַלעק". וועגן דער אַקציע פון דער דאָזיקער פאַרטיזאַנער־גרופּע ווערן איבערגעגעבן די ווייטערדיקע באַריכטן:

## 1944:

12טער יולי:

אין דעם גוט לאַזיסק (קרייז אָפּאָלע־לובלינער) האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון ג. אַלעף־באַלקאַוויאַק, פסעוודאָנים באַלעק און די איבערפּאַל־גרופּע פון דעם פולאַווער פּאָוויאַט, אונטער דער אָנפירונג פון י. נאָוואַק, אַטאַקירט דעם דייטשישן גאַרניזאָן וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען. בעת דעם דאָזיקן קאַמף איז געפאַלן דער פאַרטרעטער פון דעם אָנפירער פון דער אָפּטיילונג וול. גאָנסיאַראָווסקי.

23טער יולי:

אין דאָרף כאַלעוויאַנקאַ (פולאַווער פּאָוויאַט) האָט די פאַרטיזאַנער־אָפּ־טיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון ג. אַלעף־באַלקאַוויאַק, פסעוודאָנים באַלעק, דורכגעפירט אַ קאַמף מיט די דייטשן. אין קאַמף זענען דערהרגעט געוואָרן 15 דייטשן און 1 דייטש איז געוואָרן פאַרוואונדעט. פון די פאַרטיזאַנער איז געפאַלן איינער.

---

די דאָזיקע כראָניק פון פאַרטיזאַנער־קאַמף אין פולאַווער קרייז, סיי פון די ספעציעלע י י ד י ש ע אָפּטיילונגען, סיי די אָפּטיילונגען, וואָס זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך יידן, איז גאָר כאַראַקטעריסטיש. מיר גיבן זיך אָפּ רעכענונג, אַז ניט אַלע יידן זענען געווען אָפּשטאַמיקע פון פולאַוו; אויב עס איז מעגלעך, אַז די מיטגלידער פון די דערמאָנטע פאַרטיזאַנער־גרופּן זענען אפשר ניט אַלע געווען יידן. מיר ווילן די דאָזיקע כראָניק אָנבינדן צו דער פעסטשטעלונג פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק, וואָס מיר האָבן אין אָנהייב געבראַכט, אַז די ע ר ש ט ע פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אין דער גענעראַל גובערניע איז געווען אין פולאַווער קרייז און אַז די גרעסטע מערהייט פון דער דאָזיקער פאַרטיזאַנער גרופּע זענען געווען יידן.

---

מ. צאַנין

# אויף די חורבות פון פולאַוו

ווען איך בין אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַנציע פולאַוו בין איך גע־ווען דער איינציקער פּאַסאַזשיר, וואָס איז אויסגעשטיגן פון צוג, דער איינציקער מענטש וואָס איז בכלל געווען אויף דער סטאַנציע אויסער דער באַן־־דינערשאַפט. און ווען די באַן איז אַוועק, איז דאָ געוואָרן אַזוי האָפּ־נונגסלאָז פוסט, ווי די סטאַציע וואָלט געפירט צו מדבריות. כ׳האָב אַפילו נישט געפונען קיין וואָגן צו פאָרן אין שטאָט אַריין און דעם לאַנגן וועג דורכגעמאַכט צופוס.

עס איז מיר איינגעפאַלן, אַז דאָ אין פולאַוו וועל איך זיך איבערצייגן, אַז ס׳איז אמת די געשיכטע, וואָס מען פאַרשפרייט אויף דער וועלט, אַז צוזאַמען מיט די יידן האָט מען אויך אויסגעשאָכטן פּאָליאַקן און אַנדערע סלאַווישע פעלקער... זיכער האָט מען דאָ אין פולאַוו פאַרניכטעט די יידן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן, וואָרום ווען נישט, פאַרוואָס איז דער וועג אַזוי פוסט? פאַרוואָס טרעף איך נישט דאָ, אויף דעם לאַנגן וועג, קיין מענטשן, קיין לעבעדיק נפש.

אַמאָל איז פולאַוו אַ רוישיקע יידישע שטאָט געווען, מיט אַרבעטזאַמע יידן, מיט פאַרהאַרטעוועטע שפּיליטערן, וואָס עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז אָן דעם אימפּעט זייערן וועלן די פויערן נישט האָבן קיין זאַלץ און קיין נאַפט, און קיין דאַנציק וועלן נישט גיין די האָלץ־טראַטוועס און די בער־לינקעס מיט תבואה, זיי וועלן חס וחלילה בלייבן שטיין אויף דער ווייסל.

צו דער באַן פלעגן פאָרן בריטשקעס אויפנעמען פּאַסאַזשירן. וואָס הייסט עפּעס מען וועט לאָזן אַ וועלט צעהפקרט? לאָזן פּאַסאַזשירן גיין צו־פוס אַ פיר־פינף קילאָמעטער? און אַז אַ פרעמדער ייד איז געקומען אין שטאָט אַריין, פלעגן אים יידן אַנטקעגנקומען, אַ „טאַפּ טון״, וואָס דאַרף אַ ייד אין פולאַוו? אפשר מסחרן! טאָ דאַרף מען מעקלער און סוחרים, און מען דאַרף טרעגערס צו טראָגן די סחורה, און וועגן צו פירן די סחורה און טאָמער סתם אַ גאַסט, וויל פאָרן קיין קוזמיר — איז אדרבה — שטייען גרייט וועגענער און אויטאָס: זעצט זיך, ר׳ ייד, און פאָרט געזונטערהייט!

ווען איך קום אָבער אין דער פאַרשטאָט פון פולאַוו, דאָרט וואו פאַר דער מלחמה האָבן געוואוינט פּאָליאַקן — געפין איך אַ נאָרמאַל שטיל לעבן, די מויערלעך זענען באַוואָקסן ביי די אַריינגענג מיט ווילדן ווייַן, אויף די צעעפנטע פענצטער שטייען בלומען־טעפּ און עס הילכן אַרויס ראַדיאָ־

טענער מיט זיסער מוזיק. ביי די קאַזאַרמעס שטייען מיידלעך און פלירטע־
ווען מיט זעלנער — אַזוי ווי עס איז געווען אַמאָלט, ווען דאָ האָט געזידט
אַ יידיש לעבן.

אָבער ווען איך קום אַריין אין שטאָט, דאָרט וואו עס האָבן זיך געפו־
נען די יידישע געסלעך, די יידישע הייזער און קראָמען, געפין איך גרויסע
פלעצער באַוואַקסן מיט גראָז און פון צווישן גראָז קוקן־אַרויס די ציגל־
פונדאַמענטן פון געוועזענע הייזער, דאַכט זיך מיר, אַז דער רויטער ציגל־
שטויב איז פאַרגליווערט בלוט. לענג־אויס די גראָז־פלעצער ליגן נאָך
סימנים פון טראָטואַרן, גאַסן און הייזער, מיט אומנויטיקע הידראַטן, וואָס
שטעקן אַרויס פון אונטער דער ערד, עלעקטרישע סלופעס אָן דראָטן. און
אומעטום צווישן דעם גראָז וואַקסן אַרויס ווילדע נאַרציזן, מיט געלע טויטע
אויגעלעך, קוקן אַראָפּ פון אַלע פלעצער, פון אַלע גאַסן וואו עס האָבן אַמאָל
געלעבט יידן. צי איז דאָס די בלום פון יידישן אומקום?

און וואו זענען די יידן פון פולאַוו? וואו איז דער טומל פון די געזונטע
פולאַווער טרעגער און באַלעגאָלעס?

אונטן ביי דער ווייסל, דאָרט וואו אַמאָל פלעגט זיך טומלען אַ יידיש
לעבן, איז שטיל ווי ביי אַ דאָרפישן טייך. עטלעכע פויערים זיצן ביים ברעג
און וואַרטן געדולדיק אַ פיש זאָל זיך פאַרטשעפּן אין דעם ענגל, וואָס
זיי האָבן פאַרוואָרפן אויפן וואַסער. דער פּאָרט איז צעשטערט און אומנוי־
טיק. עס גייען נישט קיין דאַמפערס, עס שווימען נישט קיין טראַטוועס און
בערלינקעס.

אין דעם וואונדערלעכן קעניגלעכן פּאַרק ביי דער אַקאַדעמיע פון
לאַנדווירטשאַפט האָב איך געטראָפן שטילע פּאָרלעך אין די פאַרשאָטנטע
אַלעען; האָב איך געזוכט יידישע אויגן, די שטילע אויגן פון יידישע טעכ־
טער און זין, און איך האָב זיי נישט געפונען.

בין איך אַוועק צום יידישן בית־עולם אין פולאַוו. אפשר וועל איך דאָ
געפינען עמעצן, וואָס זאָל מיר זאָגן, צי לעבט נאָך אַ ייד אין פולאַוו? צי
איז נאָך אַ זכר געבליבן פון יידישן געביין, פון יידישער מי און פראַצע
— האָב איך קיין בית־עולם ניט געפונען. אפילו קיין בערגל פון קיין קבר
נישט געפונען.

חרוב ונחרב איז דאָס יידישע פולאַוו — אַ קהילה, וואָס האָט געבויט
און געשאַפן במשך פון לאַנגע דורות.

מיד פון זוכן און נישט געפונען קיין זכר פון׳ יידן, בין איך אַוועק אין
דער פאָרשטאָט אין אַ רעסטאָראַן, און באַלד ביים אַריינקומען האָב איך
זיך אָנגעטראָפן אויף אַ זכר פון יידן. אויפן באַלקן האָב איך דערזען אַ
מעשענעם ענגלייכטער, אַזעלכן וואָס פלעגט הענגען אין בתי־מדרשים, אַ
גרויסן דעמבענעם קרעדענס, שווערע טישן פון יידישע עסצימערן. איך וואָלט

געשוואוירן, אַז אַפילו די ווייסע סערוועטענע טישטעכער זענען פון ידישע היימען. די גאָפל און די לעפל זילבערנע און מיט געבלימלטע מאָנאָגראַ־מען — אַלץ, אַלץ איז דאָ געווען ידיש, בלויז דער באַלעבאָס איז געווען אַ פּאָליאַק.

דער באַלעבאָס זעט אַ פרעמד פנים, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט: אַן „אויסלענדיש פנים", זעצט ער זיך צי צו מיין טיש און דערלאַנגט מיר אַ צייטונג. זאָג איך אים אַ ליגן, אַז איך רעד בלויז עטלעכע ווערטער פּויליש, אָבער לייענען קאָן איך נישט. ס'איז פאַר מיר אַ פרעמדע שפּראַך. און עס חזרט זיך איבער די זעלבע קאָמעדיע מיטן „ענגלענדער", ווי אין יונעוועצ. וויל ער וויסן וואָס עס טוט אין דעם האַלב־טויטן פּולאַוו אַן ענגלענדער. זאָג איך אים: איך בין נייגעריק צו זען דעם חורבן וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט אין פּוילן, וואָס זיי האָבן צעשטערט. ווערט ער באַ־רעדעוודיק און דערציילט מיר דעם חורבן:

— ביי אונדז אין שטאָט האָבן די דייטשן צעשאָסן אפשר צען פּאָליאַקן. מיר זענען אַלע געווען שרעקלעך צעשראָקן.

— צען מענטשן צעשאָסן? — וואונדער איך זיך.

— יאָ, יאָ, אַרייסגעפירט און צעשאָסן הינטער דער שטאָט.

— ס'איז טאַקע אַ גרויס אומגליק — גיב איך צו — און ווען איז די שטאָט צעשטערט געוואָרן?

— אַביסל בעת די דייטשן זענען דאָ אַריין, שפּעטער ווען מען האָט די יידן אומגעבראַכט, און צום סוף — ווען די רוסן זענען אַריין.

— וואָס? ביי אייך אין פּולאַוו זענען געווען יידן? — פרעג איך אים מיט גוזמאדיקער נאַאיוויטעט.

— אָ, די זענען געווען אומעטום אין פּוילן, אין אַלע שטעט, אין פּולאַוו זענען זיי שוין געווען צופיל. זיי האָבן די גאַנצע שטאָט פאַרנומען.

— איז וואו זענען אַהינגעקומען די ידן? — פרעג איך ווייטער.

— אָ, זיי האָט מען גלייך פאַרטיק געמאַכט. מען האָט זיי געטריבן קיין קאַזשימיעזש און מער ווי אַ העלפט האָט מען איבן וועג דערליידיקט.

— ווען איז דאָס געווען? — בין איך נייגעריק.

טראַכט ער אַ ווײַלע און ענטפערט אין האַלבער פאַרלעגנהייט:

— כ'געדענקט נישט גענוי... באַלד... מאַריש... — שרייט ער אַריין אין דער קיך — מאַריש, ווען האָט מען אויסגעעגנדיקט די יידן?

און איך הער אַן ענטפער:

— צי דאַרף איך נאָך דאָס געדענקען?

דער גוי האָט „נעבעך" אַליין געמוזט מאַטערן זיין מוח און פעסטגע־שטעלט:

— אין די גרויסע פרעסט אין 1940 אָדער 1941. מען האָט זיי אַלעמען

צונויפגענומען אויפן מאַרק און זיי געטריבן קיין קאַזשימיעזש. מען האָט דערציילט, אַז קיין סך זענען דאָרט נישט דערגאַנגען דער גאַנצער שאָסיי איז געווען פול מיט טויטע. די פויערים וואָס זענען געקומען קיין פולאַוו, האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט אַדורכפאָרן מיט די וועגן, אַזוי פיל טויטע זענען געלעגן אויפן שאָסיי.

— וויפל יידן זענען דאָ געווען פאַר דער מלחמה? — פרעג איך.

— אָ, דאָס איז שווער צו וויסן, אפשר זעקס און אפשר טאַקע אַכט טויזנט, אָבער זיכער מער, ווייל זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט אויסזאָגן זייער צאָל. זייער כיטרע מענטשן זענען זיי געווען... און נישט אָרנטלעכע מענטשן. זיי האָבן נאָר געוואָלט אָפּנאַרן.

— אַזוי? נישט אָרנטלעכע מענטשן געווען? — איך באַקוק דעם מאָ־נאָגראַם אויפן הענטל פון מעסער און ווייז אים אָן מיטן מעסער אויפן יידישן מעשענעם הענגלייכער: דו ווייסט, מיר געפעלט זייער דער לאָמפּ, אַ שיינער לאָמפּ. צי קאָן מען קויפן אַזעלכע אין פולאַוו?

דער גוי קוקט מיט צעטראָגענע אויגן אויף מיין אויסגעשטרעקטע האַנט און זוכט אַן ענטפער:

דאָס איז... אַ „נאָך־דייטשער לאָמפּ"... כ'ווייס, אפשר האָט נאָך עמעצער אַזאַ לאָמפּ אין פולאַוו?

וואָס הייסט דאָס „נאָך־דייטשער"? — פרעג איך.

די דייטשן האָבן פאַרקויפט אויפן מאַרק ביליקע זאַכן.

— האַ — כאַפּ איך זיך, אַז איך האָב פאַרשטאַנען — די דייטשן פלעגן ברענגען קיין פוילן וואַגאָנען לאָמפּן און זיי פאַרקויפן? איך פאַר־שטיי שוין.

— ניין, ניין. דאָס האָבן זיי פאַרקויפט די זאַכן נאָך די יידן — קלערט ער מיר אויף — זיי האָבן אַלץ פאַרקויפט...

— פאַרשטיי איך שוין: זענען די אַלע זאַכן דאָ ביי אייך די „נאָך־דייטשע" — ווייז איך אים אויפן קרעדענס און אויף די טישן.

— זיי פלעגן ביי מיר שיכורן, האָב זיי געצאָלט מיט זאַכן, די גער־מאַנעס.

— האָט די גאַנצע באַפעלקערונג געקויפט „נאָך־דייטשע" זאַכן?

ווערט דער גוי פריינטלעך־פאַרטרוילעך און דערציילט:

— די פאָליאַקן האָבן דאָ געהאַט אַן אונטערערדישע באַוועגונג. דער „בלוטיקער טאָג", ווען מען האָט צעשאָסן די צען פוילישע, איז טאַקע גע־ווען, כדי צו באַשטראָפן די אונטערערדישע באַוועגונג, ווייל מ י ר פלעגן פירן סאַבאָטאַזש־אַרבעט. ווען מ'האָט די יידן אַרויסגעפירט האָט מען אונדז געזאָגט מען זאָל צעשלעפּן די יידישע זאַכן, כדי די דייטשן זאָלן נישט האָבן

וואָס אַרויסצופירן. האָבן די יינגלעך זיך אַ לאָז געטאָן איבער די יידישע הייזער און איידער וואָס־ווען זענען אַ סך הייזער געווען ליידיק...

איך האָב אים באַדאַנקט פאַר די ווערטפולע אינפאָרמאַציעס און זיך געזעגנט מיטן יידישן ענגלייכטער, מיטן יידישן מעבל און בין אַוועק.

עס איז געווען אַ ליכטיקער זומערדיקער טאָג. איך בין געגאַנגען מיטן וועג, וואו יידישע יוגנט פלעגט אַמאָל שפּאַצירן אין ראָמאַנטישע אָוונטן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אין דער לופט הענגען נאָך שטיקלעך און איבערבלייבעכטס פון זייערע שאַרפע דיסקוסיעס איבער דער וועלט־באַנייאונג און וועלט־באַפרייאונג. איז מיר שווער געווען צו טרעטן איצט איבער דער דאָזיקער באַנייטער און באַפרייטער ערד, וואָס איז אַזוי דורכגעזאַפּט מיט מאָרד, מיט רויב, מיט שיפלות און מענטשלעכער געפאַלנקייט.

(פון בוך „איבער שטיין און שטאָק", זז' 49־52).



גרופּע פולאַווער שארית הפליטה אין יאָר 1946 אויף אַ יזכור־פאַרזאַמלונג אין מינכען.

# גירוש פולאַוו

גבית־עדות פון גאָלדע פּאַיעק, געבוירן אין 1917, דעם 1טן יוני אין פולאַוו (איצט — פּאַרהייראַט נאָמען קופּפער), גענומען פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, אָפּטייל לובלין דעם 17טן יוני 1946.

פאַר דער מלחמה האָב איך געוואוינט אין פולאַוו ביז דעם 28סטן דעצ׳ 1939. דעם טאָג האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג פון די פולאַווער יידן קיין אָפּאָלע, איך בין אָבער געפאָרן קיין בעלזשיץ, ווייל שוין אין סעפּטעמבער בעת דער באָמבאַרדירונג פון אונדזער שטאָט האָב איך פאַרלוירן מיינע עלטערן, מיין ברודער און אַליין בין איך געווען פאַרוואונדעט, און אין בעלזשיץ האָב איך געהאַט קרובים. עס האָט אויף מיין באַשלוס געווירקט אויך דער פאַרשפּרייטער קלאַנג, אַז די דעפּאָרטירטע פולאַווער יידן באַזעצט מען אין באַראַקן (קאַזאַרמען) אין פּאָניאַטאָווקע, לעבן אָפּאָלע און דאָרט הערשן גרויזאַמע באַדינגונגען. די אויסזידלונגען איז געווען שרעקלעך מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר האָבן 48 שעה צייט צוצוגרייטן זיך צו פאַרלאָזן די שטאָט, אָבער די דייטשן האָבן נישט געהאַלטן דאָס וואָרט. נאָך עטלעכע שעה, ביינאַכט זענען געקומען די עס.עס. גרופּן „טרופּיע גלוואָווקי״״ (טויטן־קעפּ) פון קוזמיר מיט הינט. קודם־כל האָט מען צוגענומען די מענער, כדי די פרויען זאָלן בלייבן הילפלאָז. מען האָט זיי (די מענער) צוגעשטעלט צום וואַנט, און געהייסן שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק ביי די פרויען, וואָס האָבן דאָס ערשטע מאָל געזען אַזאַ האַנדלונג פון די דייטשן. די מענער האָט מען באַגלייט מיט קלעפּ געטריבן אין דער ריכטונג פון אָפּאָלע. די זשאַנדאַרמען זענען געפאָרן אויף פערד. אָדער ראַווערן און געטריבן די מענער. ווער עס איז געפאַלן אויפן וועג, האָט מען דערשלאָגן ביז טויט. עס האָבן יענעם ווינטער געהערשט מוראדיקע פרעסט און אַ סך מענטשן, איבערהויפּט קינדער, זענען פאַרפרוירען געוואָרן. די פרויען האָט מען „אויפגעלאָדעוועט״ אויף פורן און געטריבן מיטן באַפעל, אַז ביז 12 צומאָרגנס דאַרפן זיי זיך געפינען אין אָפּאָלע.

דער פּראָטאָקאָל אונטערגעשריבן פון
אירענאַ שאַיעוויטש,
היסטאָרישע קאָמיסיע אין לובלין,
דעם 17טן יוני 1946.

**איבערזעצט: צ. בורשטיין**

# פּ ר אָ ט אָ ק אָ ל

**עטל שאַבאַסאָן־בריפמאַן,** געבוירן אין פּולאַוו דעם 15טן יולי 1904 ; געענדיקט אַ פאָלקסשול : פון פאַך אַ מאָדיסטקע (היט־מאַכערין) ; פאַר דער מלחמה געוואוינט אין פּולאַוו, איצט אין לובלין. *)



איך בין געבוירן אין פּולאַוו, וואו איך האָב געוואוינט ביז דעם 29סטן דעצעמבער 1939 ; ווען מען האָט מיך צוזאַמען מיט אַלע פּולאַווער יידן אונטערן האָגל פון קלעפּ פאַרטריבן קיין אָ פּ אָ ל ע. עס איז געהאַט געמאָלדן געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט, אַז במשך פון 48 שעה מוזן מיר זיך צוגרייטן צום גירוש. דער פּרעזעס פון יודנראַט באַגלייט פון מאַמעס מיט קינדער האָבן זיך געווענדט צו דער לאָקאַלער אָקופּאַציע־מאַכט און געבעטן רחמים און בייגעלייגט געלט, אַז מען זאָל צוליב די ביטערע פרעסט אָפּלייגן דעם גירוש ביז פרילינג, זיי האָבן אָבער גאָרנישט געפּועלט. ביינאַכט האָבן די דייטשע זשאַנדאַרמען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, אַרויסגעשלעפּט פון די וואוינונגען די מענער, דערלאַנגנדיק דערביי מוראדיקע קלעפּ, און געהייסן זיי האַלב־נאַקעטע זיך אַוועקשטעלן מיט די פּנימער צו דער וואַנט וואו אונטער דעם האָגל פון זידלערייען און קלעפּ, זענען זיי געבליבן שטיין ביז אין דער פרי. אונדז פרויען האָט מען באַפוילן איינצופּאַקן די זאַכן און אין דער פרי פאַרלאָזן די שטאָט. ווער ס׳האָט געקאָנט, האָט געדונגען אַ פערד און וואָגן. מיר איז געלונגען אויף אַ פור צו פאַרפאָרן קיין אָפּאָלע. און פון דאָרט קיין לובלין.

די דייטשן האָבן אונדז ניט געלאָזט צו רו. פון צייט צו צייט זענען פאָרגעקומען „אַקציעס" וואָס האָבן געבראַכט אַ גרויס צאָל קרבנות. מיר האָבן געלעבט אין געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע מאָל אַנדערע גאַסן. מען האָט אונדז געטריבן צו אַרבעט. אָפטמאָל פאַרהונגערטע און קראַנקע פלעגט זיך אונדז איינגעבן צו באַהאַלטן, ווייל עס איז געווען אַ סכנה אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, וואו די דייטשן האָבן געכאַפּט מענטשן פּונקט ווי היצלעס פלעגן כאַפּן איינזאַמע הינט.

---

*) ביים אויספילן די גבית־עדות געווען אין לובלין. היינט וואוינט ע. שאַבאַסאָן־בריפמאַן אין ניו־יאָרק. — רעד.

אין לובלין בין איך געווען מיט מיין מאַן און 2 טעכטער. מען האָט אונדז געשלעפּט פון איין דירה אין אַ צווייטער. איך האָב אַזוי אַרום פאַרלוירן אַלץ וואָס מיר האָבן מיט זיך געהאַט. איינמאָל האָט מען באַ־פוילן, אַז אַלע יידן וואָס האָבן געוואוינט אין מיין געגנט (טאַרגאָווע גאַס) זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין שול (סינאַגאָגע). מען האָט אונדז אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער און דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ. מען האָט געשאָסן אין המון. אין שול האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע טויזנט יידן. עס איז מיר געלונגען פון דאָרט זיך אַרויסצוקריגן און אַדאַנק דעם האָב איך זיך געראַטעוועט; ווייל אַלע יידן אין שול האָט מען ביינאַכט דערשאָסן. נאָך דעם האָט אַ געוויסע צאָל יידן זיך געמוזט מעלדן אין דער קהילה און ווען עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט עטלעכע טויזנט מענטשן, האָט מען זיי פאַרשיקט אין די לאַגערן (טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ), אָדער גלייך אין וואַלד אַריין צום דערשיסן. איך בין אַליין געווען אַן עדות, ווען פון דעם הויז פון יודנראַט (אויף גראָדזקע גאַס 13) האָט מען אַרויסגעפירט אַ וואָגן אָנגע־לאָדן מיט קינדער פון 5 ביז 12 יאָר, די קינדער האָט מען געפירט אומ־צוברענגען, ווייל קיינער האָט זיי מער נישט געזען צווישן די לעבעדיקע.

אויף לעווערטאָווער גאַס נומ׳ 15 איז געווען אַ פּראָוויזאָריש שפּיטאָל, וואו עס האָבן זיך באַהאַלטן יידן. איין נאַכט זענען אַריין דאָרט די דייטשן, אַלעמען אַרויסגעפירט און דערשאָסן אַרום 20 מענטשן.

דעם 1טן מאַי, 1942, נאָך אַ גרויליקער „אַקציע" ווען עס זענען אומגעקומען די מ;ערהייט יידן אין לובלין, האָבן די דייטשן אַוועקגעשלעפּט קיין מיידאַן־טאַטאַרסקי. מיין משפּחה איז געווען צווישן זיי. אין מיידאַן־טאַטאַרסקי איז געווען אַ געטאָ. דאָרט האָבן געקאָנט לעבן נאָר די יידן וואָס האָט פאַרמאָגט אַ "J" (יודענאויסווייז, ד"ה די וואָס זענען געווען פאַכלייט. מיינע טעכטער האָט מען צוגעטיילט צו אַרבעט אין פּיאָנער־פאַרק און אויפן פעלד. זיי זענען שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיט 18,000 יידן. מיין מאַן איז געווען אַ שניידער און האָט געאַרבעט אין אַ קליידער־וואַר־שטאַט „סאָבטשוק", אויסער דעם געטאָ. די ערשטע צייטן איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. אָבער פון צייט צו צייט האָט מען געכאַפּט מענטשן און זיי אַוועקגעפירט, ווי מען האָט דעמאָלט געזאָגט, צום טויט אין קרעמאַטאָריום.

דעם 24סטן אָקטאָבער 1942 האָבן די דייטשן פאַרטריבן עטלעכע טויזנט יידן פון מיידאַן טאַטאַרסקי קיין פּיוסק, 28 ק"מ פון לובלין. מען האָט געטריבן די מענטשן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ווער עס איז געבליבן הינטער־שטעליק, צוליב מידקייט און שוואַכע כוחות, האָט מען דערשאָסן. עס זענען אויפן וועג געפאַלן אַ סאַך קרבנות. אין פּיוסק זענען געווען אַרום 10,000 יידן.

אויפן צווייטן טאָג, דעם 25סטן אָקטאָבער, האָט מען אַלע יידן פון פיוסק געפירט אין אַ דערבייאיק שטעטל טראַווניק. מען האָט אונדז פאַרהאַלטן אויפן פעלד. עס איז אָנגעקומען אַ קאָמיסיע בראש מיטן עס־עס מאַן באַרטעטשקאָ, (אַ פאָלקסדייטש), אַ הויכער מאַן פון אַ יאָר 40, מיט זיין אַסיסטענט קאַטערמאַן און זיי האָבן דורכגעפירט אַ סעלעקציע. אַ טייל יידן האָבן זיי געטריבן קיין טראַווניק, די צווייטע טייל, די איבערגעבליבענע, ס׳רוב באַלעמעלאָכעס אין לאַגער מיידאַנעק. איך און מיין מאַן זענען געווען צווישן די לעצטע.

אין מיידאַנעק האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסטאָן, צוגענומען אונדזע־רע קליידער און געהייסן אונדז זיך וואַשן אין דער אָנוועזנהייט פון די דייטשן. שפּעטער האָט מען אונדז געגעבן מענערשע געשטרייפטע קרימי־נעלע מונדירן און אונדז אַריינגעפירט אין באַראַקן.

מיר זענען געשלאָפן אויף שעניקעס אויף דער ערד. 4 פאַרטאָג האָט מען אונדז געוועקט צום אַפּעל. מיר האָבן אפילו זיך נישט געקאָנט וואַשן, ווייל פאַר עטלעכע צענדליק מענטשן איז געווען בלויז איין עמער וואַסער. אַ סאַך האָבן געגנבעט שוואַרצע קאַווע און געוואַשן דאָס פנים אָדער מיט שניי. דער אַפּעל האָט געדויערט עטלעכע שעה, אָן אונ־טערשייד פון וועטער. ווען עמעצער האָט זיך אַ ביסל אַרויסגערוקט פון דער שורה, האָט מען אים מוראדיק געשלאָגן. ווען עמעצער איז געפאַלן אויף דער ערד פון מידקייט, האָט מען זיך נישט געטאָרט איינבייגן, כדי אים צו העלפן. עס פלעגן פאַלן קלעפּ פאַר גאָרנישט. ס׳פלעגט טרעפן, אַז מענטשן זענען פאַרפרוירן געוואָרן בעתן אַפּעל. שפּעטער פלעגט מען קריגן שוואַרצע קאַווע אָן צוקער. 12 אַ זייגער פלעגט מען אונדז געבן זופּ, אַ ביסל וואַסער פאַרמישט מיט מעל. ביי נאַכט נאָכן אַפּעל איז אונדזער אָוונטברויט באַשטאַנען פון 100 גראַם. ברויט, קאַווע און זופּ. עס האָבן זיך איבער אונדז אויך איזדיעקעוועט יידישע פּאָליציאַנטן (קאַפּאָס) איך געדענק נישט זייערע נעמען. זיי אַליין זענען אויך שפּעטער אומגעקומען דורך די דייטשן. מען האָט אונדז געשלעפּט צו אַרבעט אויף פאַרשידענע וועגן און פעלדער. דעמאָלט האָב איך פאַרלוירן מיין מאַן.

אין מיידאַנעק האָב איך פאַרבראַכט 7 חדשים. איך האָב געאַרבעט אין די שווערסטע באַדינגונגען ביים גראָבן קאַנאַליזאַציע־גריבער. אַ סאַך מאָל האָט מען מיך מערדערלעך צעשלאָגן. שפּעטער האָט מען מיך איבער־געפירט צוזאַמען מיט 4 טויזנט פרויען אין קאַשאַרן אויפן לופט־פעלד „פלאַגע־לאַשקעוויטש״.

דער אויפזעער ביי דער אַרבעט אַרום סאָרטירן די בגדים פון די אומגעקומענע יידן איז געווען הער באַמבערג, אַ הויכער, טונקעלער יונגער־מאַן פון אַרום 27 יאָר. ער איז זיך אומברחמנותדיק מיט אונדז באַגאַנגען,

ער האָט למשל אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער פרויען וואָס זענען געזעסן אין קלאָזעטן, ער האָט געטריבן ביי דער אַרבעט און געצוואונגען אונדז אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג ביים לאַדעווען די פּעק מיט קליידער אין וואַגאָנען וואָס האָבן די זאַכן אַוועקגעפירט קיין דייטשלאַנד.

איך געדענק נאָך אַ יונגן דייטש מיטן נאָמען מאַיער, וואָס האָט אונדז געפּייניקט. זיין פרוי לאָטטאַ פון עס־עס, וואָס האָט געאַרבעט אין דעם ביוראָ האָט אויך געהאָלפן איר מאַן פייניקן יידן. איין טאָג איז דורכגע־פירט געוואָרן אַ סעלעקציע. פאַרנאַכט האָט מען אַלעמען געהייסן זיך אויסטאָן. עס איז געווען אַ גרויסער פראָסט און מיר האָבן געמוזט נאַ־קעטערהייט וואַרטן ביז די קאָמיסיע וועט קומען אַדורכצופירן די סעלעקציע. איך געדענק בלויז דעם נאָמען פון איין עס־עס פרוי אין דער קאָמיסיע. אַ פרוי פון אַ יאָר 24, מיטן נאָמען בראַנשטיין. מען האָט געשיקט „רעכטס״ און „לינקס״. אויף איין זייט האָט מען אויסגעקליבן די שוואַכערע פרויען מיט די געשוואָלענע פיס, ווי אויך די עלטערע, צוזאַמען 570 פּערזאָן. מען האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף לאַסט־אויטאָס, און מער האָבן מיר זיי שוין נישט געזען.

דער שעף פון דעזינפעקציע אין מיין באַראַק איז געווען אַ פאָלקס־דויטש גאָלאַק. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סאַך אַכזריותדיקייט. ער האָט אַמאָל געפונען ביי מיר אַ שטיקל ברויט און דערפאַר מיך געקאָפּעט מיט די פיס אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב עטלעכע טעג זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. איך האָב אויך געליטן פון דעם קיך־אָנפירער, ווינקלער, וועלכער האָט מיך צעשלאָגן אָן שום סיבה, סיידן דערפאַר וואָס די קאַרטאָפל אין קעלער זענען פאַרפוילט געוואָרן. איך האָב געאַרבעט אין אַ קעלער מיט קאַרטאָפל און געטראָגן די קאַרטאָפל פון קעלער אין קיך אַריין.

איך קאָן נישט פאַרגעסן, ווען איך בין איין מאָל אַרויס פון קעלער און דערזען אויף אַ פלאַץ דורכגייענדיק צום קיך טויזנטער מענטשן ליגנדיק טויטע אויפן פלאַץ. דאָס זענען געווען וואַרשעווער יידן וואָס מען האָט שוין טויטע אַרויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנען. צווישן זיי זענען געווען אויך האַלב־טויטע. איין פרוי צווישן זיי האָט געבעטן אונדז, די דורכגייער, מיר זאָלן איר געבן אַ טראָפּן וואַסער. מיר האָבן זיך נישט געטאָרט אומקוקן, אָבער אפילו דער דייטש וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט איר געהייסן געבן וואַסער. זי איז גלייך געשטאָרבן.

איך האָב געאַרבעט ביים סאָרטירן די קליידער פון די דערהרגעטע אייראָפּעאישע יידן, וואָס מען האָט געהאַט פאַרשלעפּט פון גאַנץ מערב־איי־ראָפּע. די אַרבעט איז געווען געטאָן אין אומבאַשרייבלעכע באַדינגונגען. די דייטשן זענען געווען אַזוי אַכזריותדיק און האָבן געפּייניקט פאַר יעדער קליי־ניקייט. בעת די אַפּעלן האָט מען אַ סאַך יידן דערשאָסן.

איך בין געווען אין דעם לאַגער 9 חדשים ביז יולי 1943. דעמאָלט האָט מען מיך צוזאַמען מיט נאָך 50 פרויען און 1,000 מענער פון מיידאַנעק געפירט אין אַ לאַגער אין בליזשין לעבן סקאַרזשיסקאָ. מען האָט אונדז געפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אָן עסן. אָן וואַסער, אין אַ היץ 3 טעג און 3 נעכט. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אין שניידער, שוסטער און סטאָלער־וואַרשטאַטן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע און די דיס־ציפּלין זייער אַ שטרענגע. מיר האָבן געאַרבעט 12 שעה אַ טאָג, דערביי געקראָגן קלעפּ. מיר שלעכטסקייט האָט זיך אויסגעצייכנט דער שעף פון באַראַק בוסקאָ. צו געבן 25 שמיץ, אפילו 100 שמיץ איז געווען ביי אים די פשוטסטע זאַך, אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. מיר האָבן געהונגערט און פון אונדז זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געשטאָרבן.

נאָך אַ יאָר, אין יולי 1944, האָט מען אַלעמען אַרויסגעשיקט פון לאַגער, אַרום 3,000 פרויען און 2,500 מענער, קיין אָשוויענטשים. דאָרט האָב איך אין הונגער און פּיין איבערגעלעבט מוראדיקע 7 חדשים.

דעם 18טן יאַנואַר 1945 האָט מען אונדז געשיקט קיין ראַוועוונסברוק. עס איז געווען אַ פראָסט און אונדז האָט מען געפירט אין אָפענע וואַגאָנען, אָן שפּייז. אויפן וועג זענען געשטאָרבן אַ סך פרויען. אין לאַגער איז געווען אַ מוראדיקע ענגשאַפט. מען האָט אונדז עטלעכע טויזנט אַריינגע־שטופּט אין אַ שאָפּע וואו מיר האָבן געמוזט שטיין אויף די פיס 2 טעג, ווייל עס איז נישט געווען קיין אָרט זיך אַוועקצולייגן. אַ חוץ דעם וואָס אַלץ אַרום אונדז איז געווען נאַס, האָבן מיר נאָך געקראָגן קלעפּ פון די עס־עס־פרויען. די באַדינגונגען זענען געווען מוראדיקע. אין ראַוועוונסברוק בין איך געווען בלויז 4 וואָכן.

פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט קיין רעצאַוו, וואו עס זענען געווען אַרום 3,000 פרויען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. פון דאָרט האָט מען מיך געטריבן קיין מאַלפּאָל, וואו מיר זענען באַפרייט געוואָרן אין מאַי דורך דער רויטער אַרמיי. דעם 30סטן אַפּריל, ווען מיר זענען געשטאַנען ביים טויער אויסגעשטעלט גרייט אַרויסצוגיין אין וואַלד וואו מען האָט אונדז געדאַרפט פירן צום דערשיסן, איז אָנגעקומען אַ טעלעפאָנישע ידיעה, אַז די רוסישע אַרמיי געפינט זיך 3 קל״מ פון אונדזער לאַגער. די דייטשן האָבן גענומען אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק אונדז. דאָס איז געווען 6—7 פרי און 12 אַ זייגער זענען מיר 5000 פרויען געווען פריי. דאָס איז געווען דעם 1טן מאַי, 1945.

גבית־עדות אויפגענומען פון

**אירענאַ שאַיעוויטש**

איבערגעזעצט אויף יידיש פון **צ. בורשטין**

# ג ב י ת ־ ע ד ו ת

פון ט ײ ך  ג אָ ל ד ע, געבוירן דעם 1טן יולי 1917 אין פולאַוו. פאַר־ענדיקט אַ פאָלקסשול. פאַר דער מלחמה געאַרבעט אין געוועלב ביי די עלטערן, איצט (ביים צונויפשטעלן די גבית־עדות) ביים מאַן (קאָשער לעאָן). געוואוינט פאַר דער מלחמה אין פולאַוו, לובלינער גאַס 40, היינט אין לובלין, בראָוואַרנע 2/3.

אויפגענומען פון **אירענאַ שאַיעוויטש**

ווען די דייטשן זענען אַריין, אין מיטן סעפטעמבער 1939, בין איך געלעגן אין שפּיטאָל אין לובלין, וואוהין מען האָט אים געבראַכט פון פולאַוו, ווייל איך בין בעת דער באָמבאַרדירונג דאָרטן פאַרוואונדעט געוואָרן. איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין פולאַוו ערשט סוף נאָוועמבער און דאָרטן האָב איך שוין געטראָפן אַ געטאָ. איך האָב זיך נאָך געפילט זייער שוואַך און איך בין ניט אַרויס אין דרויסן. איך ווייס, אַז עס איז געווען אַ „יודענראַט", בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען דער פירער פון דער פאָוושעכנער (מלוכהשער) שולע א ד ל ע ר. אויסער אים געדענק איך די נעמען פון די מיטגלידער פון „יודענראַט" — ע ד ע ל ש ט ײ ן און ר ו ב י נ ש ט ײ ן.

סוף דעצעמבער (1939) איז פאָרגעקומען דער גירוש פון די פולאַווער יידן קיין אָ פּ אָ ל ע. אין דער פרי זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַפישן, אַז אין משך פון 48 שעה דאַרף מען זיך צוגרייטן צו פאַרלאָזן פולאַוו. מיר האָבן געהאַט אַ באַגרענעצטע צאָל גאַסן, דורך וועלכע מיר האָבן געמעגט גיין. דער „יודענראַט" האָט זיך באַמיט צו איבערקויפן די דייטשישע מאַכט אַז מען זאָל איבעררוקן דעם טערמין פון גירוש, צוליב די שטאַרקע פרעסט. מען האָט די פאַרשטייער פון „יודענראַט" געהייסן גיין אַהיים. ביינאַכט איז קיין פולאַוו אָנגעקומען דייטשישע זשאַנדאַרמעריע פון ק ו ז מ י ר מיט הינט. אין געטאָ האָט מען געהערט שרעקלעכע געשרייען. די דייטשן זענען אַריינגעפאַלן אין די הייזער, האָבן געשלאָגן, אָנגערייצט די הינט און אַרויסגעטריבן די יידן פון די הייזער. די מענער האָט מען געכאַפּט, מען האָט זיי אויסגעשטעלט אויף דער הויפּטגאַס (לובלינער) מיט די פּנימער צו דער וואַנט און די הענט אין דער הויך און מען האָט זיי אָן רחמנות געשלאָגן. די פרויען האָבן זיך פאַרלוירן, געווען ממש ראַטלאָז. מען האָט זיי געהייסן איינפּאַקן די זאַכן און זיי אָנגעזאָגט, אַז ביז האַלבן טאָג מוזן זיי פאַרלאָזן פולאַוו און אַוועקגיין אין דער ריכטונג פון אָפּאָלע. איך האָב געוואוינט מיט מיין משפּחה: צוויי שוועסטער און צוויי שוועגערינס מיט קינדער. די שוועגערינס מיט די קינדער זענען אַוועקגעפאָרן מיט אַ פור און איך האָב געוואַרט

אויף די שוועסטער און אויף די קינדער פון איינער פון זיי און אויפן שוואָגער. איין עס־עס־מאַן האָט מיך דווקא געוואָלט אָפּטראַנספּאָרטירן. איך האָב אָבער אַליין נישט געוואָלט פאָרן. ער האָט מיך אַרומגעיאָגט איבערן גאַנצן פּלאַץ, איך האָב זיך אָבער נישט געלאָזט כאַפּן. איך האָב פאַר יעדן פּרייז געוואָלט בלייבן מיט דער גאַנצער משפחה.

ווער עס האָט געהאַט און געקאָנט האָט זיך געפּאַקט אויף פורן, אַנדערע פרויען זענען געגאַנגען צופוס שלעפּנדיק זייערע פּעקלעך. די עס־עס־לייט זענען געשטאַנען אויפן ראָג און האָבן פאָטאָגראַפירט. איך בין געווען איינע פון די לעצטע, וואָס האָט פאַרלאָזט די שטאָט און דעריבער האָב איך זיך געזעגנט. מיין שוואָגער, וועלכער איז מיט אַ טאָג פריער געגאַנגען זוכן אַ פורל, איז געקומען אין שטאָט ווען מען האָט שוין געהאַט אויסגעכאַפּט די מענער און האָט זיך דעריבער באַהאַלטן. די דייטשן האָבן אים אָבער געפונען און האָבן אים צוזאַמען מיט די אַנדערע אָפּגעשיקט קיין אָפּאָלע. אַנדערע האָבן געוואָלט אַנטלויפן קיין קוזמיר און דאָרטן זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער די דייטשן האָבן דאָרטן געמאַכט אַן אָבלאַווע און צווישן די קוזמירער יידן איז געוואָרן אַ פּאַניק און זיי האָבן מורא געהאַט אויסצובאַהאַלטן די אַנטלאָפענע יידן און דעריבער האָבן די אַנטלאָפענע שבת פאַרטאָג, ביי אַ שרעקלעכן פראָסט, זיך אַרויסגעגנבעט פון קוזמיר און דורך די פעלדער אַוועק קיין בעלזשיץ.

אין בעלזשיץ האָט נאָך געהערשט רו. אַזוי האָט עס געדויערט ביז סוף 1940. מען האָט ביי די יידן צוגענומען די געוועלבער, פאַרווערט אַרויסצופאָרן. פון צייט צו צייט פלעגט אַריינפאַלן די זשאַנדאַרמעריע און דורכפירן אַן „אַקציע". קיין מענטשלעכע קרבנות זענען דאַן אָבער דערביי נישט געווען. די מענער האָט מען צוגענומען אין די אַרבעטס־לאַגערן קיין יוזעפאָוו און בעלזשעץ, פון אָנהייב איז מען פון דאָרטן צוריקגעקומען. אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע שטעט איז דאָס יאָר אין בעלזשיץ אַריבער רואיק. כדי צו פאַרדינען אויף אויסהאַלטונג פלעג איך גיין מיט סחורה קיין לובלין, זייענדיק באַדראָט מיט אָבלאַוועס. קיין געטאָ איז נישט געווען, עס האָבן זיך אָבער שטופנווייז אָנגעהויבן באַגרענעצונגען. עס איז פאַרווערט געוואָרן צו גיין אויף די הויפּט־גאַסן. נאָך 7 אָוונט איז בכלל די יידן געווען פאַרווערט זיך צו באַווייזן אויף די גאַסן. צוליב דעם זענען טאַקע געווען קרבנות. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט אָפּגעהיט די אָרדענונג. אין דעם „יודענראַט" פון בעלזשיץ זענען געזעסן: אַרבוז, גאָלדשטיין, ווייסבראָד, לייוואַנד, באָכוויץ, דאָמראָוועַר און אַנדערע, וועלכע איך געדענק נישט.

מען דאַרף דערביי באַמערקן, אַז אין יאָר 1940 זענען קיין בעלזשיץ אָנגעקומען יידן פון דייטשלאַנד, וועלכע האָבן זיך איסגעהאַלטן דערפון

וואָס זיי פלעגן פאַרקויפן זייערע זאַכן, זיי פלעגן געניסן פון דער אַלגעמיי־נער קיך פון קאָמיטעט און אַ טייל זענען געווען אויף אויסהאַלטונג ביי די אָרטיקע רייכערע יידן. אַ סך פון די דייטשישע יידן זענען געווען אין דער יידישער פּאָליציי און צווישן די באַאַמטע פון „יודענראַט״. איינער פון זיי, הײמאַן, איז געווען אַן אונטערטראָגער. ער פלעגט אָנווייזן די פאַרבאַ־העלטענישן פון די יידן צו די דייטשן, וועלכע פלעגט זוכן די יידן פאַר די לאַגערן. צוליב אים איז אומגעקומען אַ פּרוי מיט איר איידעם. דער מאַן האָט זיך באַהאַלטן און די דייטשן האָבן אים ווייטער געזוכט. די זשאַנ־דאַרמעריע האָט אָנגעהויבן צו קומען אָפטער, פלעגט פאַרלאַנגען אויסקויף־געלט, געווען פאַלן וואָס זי פלעגט כאַפּן מאַנסלייט און זיי דערשיסן הינטער דער שטאָט. געווען איז עס אין פעברואַר. מען האָט געכאַפּט אויף דער גאַס עלף מאַנסלייט און איין פרוי און מען האָט זיי דערשאָסן הינטער דער שטאָט. דאָס איז געווען די ערשטע גרעסערע „אַקציע״ אין בעלזשיץ.

נאָך דעם פלעגט יעדן אָוונט קומען צופאָרן דער עס־עס־מאַן ע נ ג ע ל פון לובלין, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער גאַנצער לובּ־לינער וואָיעוואָדשאַפט, און זיך אויסזוכן קרבנות. די גאַנצע שטאָט האָט פאַר אים געציטערט. ער פלעגט אַריינגיין אין די הייזער, פלעגט קאָנטראָ־לירן די טעפּלעך און אויב ער פלעגט געפינען פלייש אָדער ווייס געבעקס, פלעגט ער עס אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן און די באַלעבאַטים אַרעסטירן און שפּעטער דערהרגענען, בעיקר ווען ער פלעגט זיין שיכור.

אַזוי ווי עס איז געוואָרן באַוואוסט, אַז מען האָט אין אַנדערע שטעט אָנגעהויבן אַרויסשיקן די יידן אין די טויט־לאַגערן, האָבן די יידן אין בעל־זשיץ אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן צוואַנג־אַרבעט־גרופּן. די יידן האָבן געאַר־בעט אין שטאָט אויף די וועגן, אין די גערטנער, אַנדערע זענען געווען ביי פּויערים. שפּעטער זענען איינגעפירט געוואָרן קאַרטן, וואָס האָבן פאַרהיט קעגן אַרויסשיקונג (געווען איז עס אין סוף 1941).

אַזוי ווי די קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציעס האָבן נישט אויפגעהערט האָבן זיך די מענטשן גענומען גרייטן אין וועג. מען האָט זיך געפּאַקט און געלעבט אין שרעק. אין יאָר 1941 איז אָבער ניט געווען קיין דעפּאָרטאַציע.

אין יאָר 1942 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע „אַקציע״, געווען איז עס אום שבועות. עס איז געקומען צו פאָרן די זשאַנדאַרמעריע צוזאַמען מיט אוקראַי־נער, וועלכע האָבן אַרומגעשטעלט די שטאָט. מען האָט געכאַפּט די מענער, דער עיקר די יינגערע, צווישן אַנדערע מיין ברודער, 35 יאָר אַלט. מען האָט זיי צונויפגעקליבן אויפן מאַרק און שפּעטער האָט מען זיי אָפּגעשיקט צופוס קיין לובלין. עס האָבן זיי באַגלייט אוקראַינער צוזאַמען מיט יידישע פּאָליציאַנטן. אַ סך פון זיי זענען אַנטלאָפן פון וועג, הגם די אוקראַינער האָבן געשאָסן. אויף צו מאָרגנס האָבן מיר באַקומען די ידיעה דורך די יידישע

פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון לובלין, אַז מ׳האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט קיין מ ײ ד אַ נ ע ק. די פּאָליציאַנטן האָבן געזאָגט, אַז מען מוז זיך באַמיען זיי אויסקויפן פון דאָרט, אַנדערש וועלן זיי נישט קומען צוריק, ווייל דאָרט איז געווען אַ טויט־לאַגער.

נאָך דעם האָבן אָנגעהויבן אָנקומען כסדר ידיעות, אַז די צאָל אין לאַ־גער ווערט קלענער. אום יום־כיפּור האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פון די פינף הונדערט בעלזשיצער מענער זענען געבליבן נישט מער ווי 25, צווישן זיי מיין ברודער. עס זענען געווען קלאַנגען , אַז מען האָט זיי דערהרגעט מיט שטעקנס, אַז זיי זענען געשטאָרבן פון הונגער, אַז מען האָט זייערע קערפּערס פאַרברענט. מען האָט אָבער נישט געגלויבט די דאָזיקע קלאַנגען.

אין דעם זעלביקן יום־כיפּור זענען דעפּאָרטירט געוואָרן די יידן פון כ אָ ד ע ל. אַ גרויסער טייל איז אַנטלאָפן קיין בעלזשיץ, זיי האָבן געוואָלט זיך דאָ אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט, ווייל אין זעלביקן טאָג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אין בעלזשיץ אַ גרויסע „אַקציע״. 5 פאַרטאָג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, יעדער פון אונדז איז אויפגעשטאַנען און זיך אָנגעטאָן. די שיסעריי איז אָבער געווען מחוץ דער שטאָט. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, צווישן יידן און פּאָליאַקן, אַז עס וועט זיך אָנהייבן אַ כאַפּעניש פון פּאָליאַקן. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז מען וועט אַרויספירן די יידן פון שטאָט. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק, מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך באַהאַלטן אין באַהעלטענישן און ביי שכנים פּאָליאַקן. איך מיט מיין שוועסטער זענען אַוועק צום שוואָגער, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ פּוילישער געגנט. דאָרט האָבן מיר זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם ביים פויער. מיר זענען דאָרטן געזעסן עטלעכע שעה און מיר האָבן געהערט כסדרדיקע שיסערייען, געשרייען, געוואַלדן, געוויינען. אין דער זעל־ביקער צייט האָבן ראַדיאָ־הילכער געמאָלדן, אַז פאַר אויסבאַהאַלטן יידן דראָט טויט־שטראָף און פאַר רויבן יידיש פאַרמעגן דראָט תפיסה. מיר האָ־בן אויך געהערט אַז אַ גרויסע צאָל אויטאָס מיט יוגנט איז אָפּגעפאָרן אין דער זייט פון לובלין. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן זיך דערוואַרטן דעם סוף פון דער „אַקציע״. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַנדערש. די טאָכטער פון דעם באַלעבאָס האָט אונדז אַרויסגעגעבן. עס זענען געקומען די אוקראַינער, זיי האָבן געשאָסן. זיי האָבן צוגענומען די שוועסטער מיטן קינד, דעם שוואָגער מיט דער צווייטער שוועסטער. דערביי זענען געווען יידישע פּאָליציאַנטן. איך מיט דער צווייטער שוועסטער זענען פאַרבליבן אין דער באַהעלטעניש. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן אַוועקגיין צוזאַמען מיט די יעניקע וואָס מען האָט צוגענומען.

מען האָט אַלעמען צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ פאַר דער שול. דאָ האָט מען אַלעמען געהייסן אָפּגעבן דאָס צירונג. דאָ האָט מען אָנגעהויבן סאָר־

טירן די מענטשן — באַזונדער די אַלטע לייט און קינדער, מוטערס מיט קינדער און באַזונדער די יונגע מענער און פרויען, פעאיקע צו אַרבעט. עס זענען פאַרפאָרן אויטאָס. מען האָט אויף די אויטאָס צוגענומען די יונגע, צווישן זיי מיך, מיט מיינע שוועסטער און שוואָגער. די קראַנקע האָט מען דערשאָסן אין שול. די אַלטע און די מוטערס מיט די קינדער האָט מען אָפּגעשיקט אַהיים. אונדז האָט מען אָפּגעפירט אין דער ריכטונג פון לובלין.

ווען די אויטאָס האָבן געשטירט זענען פיל מענטשן אַרויסגעשפרונגען, צווישן זיי מיין שוועסטער, וועלכע האָט געהאַלטן אַ קינד אויף דער האַנט. אייניקע איז געלונגען צו אַנטלויפן. אַ טייל איז דערביי דערשאָסן געוואָרן. אונדז האָט מען אָפּגעפירט קיין מ י י ד אַ נ ע ק.

צום ערשטן האָט מען אַריינגעלאָזן די מאַנסלייט, דערביי האָט מען זיי מוראָדיק געשלאָגן. אונדז האָט מען אַוועקגעפירט אויף דעם „פעלד נומער 5", וואו עס זענען שוין געווען 190 פוילישע פרויען, וועלכע מען האָט געבראַכט אַהין מיט אַ טאָג פריער. מיר זענען דאָ געווען די ערשטע פרוי־ען, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן מאַסנווייז אַריינפּאַקן אין די קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן. עס זענען דאָ געווען באַראַקן אָבער אָן וועלכע עס איז איינאָר־דענונגען. מיר זענען געשלאָפן אויף דער הוילער ערד. ס׳האָט דאָ געהערשט אַ שרעקלעכער שמוץ; עסן האָט מען געגעבן זייער שלעכטע און נישט רעגולער. עס פלעגט טרעפן, אַז דעם מיטאָג פלעגט מען ברענגען צען אַזיי־גער ביינאַכט. פון צווישן אונז האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אַ יידיש־דייטשע פרוי, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן ווי די לאַגער־עלטסטע. צו איר איז צוגעטיילט געוואָרן אַלס בלאָק־געהילפינס אויך יידישע פרויען פון דייטש־לאַנד. דער נאָמען פון דער לאַגער־עלטסטער איז געווען פ ר י ד ע ל אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זי האָט געקאָנט הערשן אָבער זי האָט אויך ניט איין מאָל געהאָלפן, צום ביישפיל, אויסבאַהאַלטן אין דער צייט פון סעלעקציעס.

נאָכן אויסקלייבן די לאַגער־עלטסטע האָט מען אונדז געפירט אין באָד אין גרופּעס צו 50 פרויען. אין באָד האָבן אויסער די עס־עס־מענער גע־אַרבעט טשעכישע יידן. דאָרטן האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסטאָן נאַ־קעט. די פרויען האָבן ניט געוואָלט עס טאָן אין דער אָנוועזנהייט פון מע־נער און עס איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. די עס־עס־לייט האָבן געשלאָגן מיט בייטשן די נאַקעטע פרויען. מען האָט אָפּגעשוירן די האָר, דער עיקר די יעניקע, וועלכע האָבן געהאַט שיינע האָר. מיר האָבן געמוזט מסכים זיין אַריינצוגיין אין באָד. מען האָט אונדז צוגענומען די אייגענע מלבושים און מען האָט אונדז געגעבן מענער־קליידונג, די לאַגער־מלבושים אין פּאַסן. עס איז נאָך נישט געווען קיין לאַגער־קליידונג פאַר פרויען. גייענדיק צוריק פון דער באָד האָבן מיר אויפן וועג געזען שוידערלעכע בילדער פון אויס־געדאַרטע אָדער גאָר געשוואָלענע מענער, וועלכע זענען געשטאַנען אין

טיפע ראָוון איבער די קני אין וואַסער, און געאַרבעט. ווער עס האָט געפירט וועגעלעך מיסט, ווער וועגעלעך מיט שטיינער. די „אַרבעט" איז באַגלייט געוואָרן מיט קלעפּ און די קרבנות האָבן דערביי „געזונגען". ווען מיר פלעגן שוין שפּעטער גיין אין באָד נאָך וואַסער און זיך וואַשן פלעגן מיר שוין אָפט זען ווי עס פאָרן אויטאָבוסן מיט אָנגעלאָדענע קערפּערס פון דער־שטיקטע אין די גאַז־קאַמערן. זיי זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון די קרעמאַטאָריומס.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן — 4 אַזייגער האָט מען אונדז אויפגע־וועקט צום וואַשן זיך. פאַר 12 פרויען האָט מען געגעבן אַ האַלבן עמער וואַסער. ווינטער האָט מען זיך געדאַרפט „וואַשן" מיט שניי. נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַן „אַפּעל" פון עטלעכע שעה, ביי וועלכן אַ סך מענטשן זענען פּשוט געפאַלן פון די פיס. נאָך דעם אַפּעל האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פונאַנדערשיקן צו דער אַרבעט. פון אָנהייב איז עס פאָרגעקומען אויף אַ כאַאָטישן אופן. אייניקע האָבן געטראָגן באַלקנס, אַנדערע האָבן אויסגע־רייניקט די באַראַקן פאַר די ניי־געקומענע. טייל האָבן געמאַכט שעניקעס (שטרוי־זעק) און דאָס גלייכן. 12 אַזייגער האָט געזאָלט זיין מיטאָג. עס איז געשאַפן געוואָ־ן אַן „עס־קאָלאָנע", וועלכע האָט פונאַנדערגעטראָגן דאָס עסן פון באַראַק, כדי די מענער זאָלן צו אונדז ניט אַריינקומען. דער מיטאָג פלעגט אָבער צו אונדז דערגיין ערשט אין אָוונט. פלעגט טאַקע אויסקומען, אַז מיר פלעגן אַרבעטן אַ האַלבן טאָג. שפּעטער איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ געוויסע אָרדענונג.

איך האָב נאָכדעם באַקומען אַרבעט ביים אויסלושטשען אַרבעס און שיילן קאַרטאָפל און רייניקן די באַראַקן אויפן „פערטן פעלד". די אַרבעט איז געווען אַ לייכטע אָבער די סביבה איז געווען אַ שרעקלעכע. אויפן דאָ־זיקן „פעלד" האָבן זיך בעיקר געפונען מענער, וועלכע זענען שוידערלעך באַהאַנדלט געוואָרן. זיי זענען געהיט געוואָרן דורך עס־עס־לייט מיט הינט, וועלכע פלעגן גאָר אָפט פּשוט צעררייסן די אַרעסטירטע. מען האָט די מענער געשלאָגן פאַר יעדער קלייניקייט, אפילו נאָר פאַר דעם וואָס זיי האָבן גע־קוקט אין אונדזער זייט, וואָס דאָס איז געווען פאַרווערט. עס איז געווען אָפן נאָר איין אַרבעטס־פונקט, וואו מען האָט זיך געקאָנט זען מיט מענער און דאָרטן בין איך טאַקע געבליבן, ווייל דאָרטן האָט געאַרבעט מיין שוואָ־גער. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע — מיר האָבן געדאַרפט רייניקן די קאָמענדאַנטור. אַן עס־עסמאַנקע האָט אויף אונדז אַכטונג געגעבן און כסדר געיאָגט. די דאָזיקע קאָמאַנדאָ האָט געהייסן „שויער־קאָמאַנדאָ". איך בין לאַנג אַהין נישט געגאַנגען, ווייל מיין שוואָגער איז צוליב מיר צעשלאָגן געוואָרן אויף אַ שוידערלעכן אופן, ווען ער האָט געוואָלט אונדז איבערשיקן אַ שטיקל ברויט.

נאָך דעם האָט מען געשיקט די פרויען צו דער אַרבעט ביי דער קאַ־נאַליזאַציע און ביים אַרויספירן די אומריינִיקייטן. איך האָב אָבער געאַר־בעט אין דעם „שטרוי־באַראַק״, וואו מיר האָבן אויסגעפלאָכטן שטרוי־טרע־טערס און שטרויענע שיך. מיר האָבן געאַרבעט אין הויזן.

אויפן „פינפטן פעלד״ האָבן מיר געאַרבעט ניין וואָכן. אין דער לעצ־טער וואָך זענען געקומען פיל פרויען פון מ ײ ד אַ ן ־ ט אַ ט אַ ר ס ק י, פון יידישן געטאָ, וואָס איז ליקווידירט געוואָרן. שפּעטער זענען צוגעקומען נאָך פון װ אַ ר ש ע און אַנדערע קלענערע שטעט. עס האָבן זיך צונויפגע־קליבן העכער פיר טויזנט פרויען. ס׳האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַן אויסקליי־בונג פון די אַלטע פרויען און גאָר יונגע. ווייל עס האָבן אָנגעהויבן אויס־פעלן די קאָנטיגענטן פאַר די גאַז־קאַמערן. איצט אַז עס פלעגט אָנקומען אַ טראַנספּאָרט האָט מען די קינדער גלייך געשיקט אין גאַז־קאַמער.

עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל אָפּצושיקן די פרויען אין דער פאַבריק פ ל אַ ג ע ־ ל אַ ש ק י ע װ י ט ש, וואָס האָט פאַר די דיי־טשן געהייסן „באַקליידונגס־ווערק״. די פרויען זענען „אויסגעבאָרגט״ גע־וואָרן צו דער אַרבעט פון מיידאַנעק. דער רעזשים און די באַשפייזונג איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון מיידאַנעק. דער רעזשים איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שאַרפער.

דער טאָג ווען מיר זענען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פלאַגע איז גע־ווען זייער אַן אומרואיקער. מען האָט אונדז איבערגעטאָן אין ציווילע קליי־דער בעת וואָס עס איז נישט אַדורך אָן קלעפּ. אַגב די עס־עסמאַנקעס זענען געווען ערגער ווי די עס־עס־מענער.

קיין פלאַגע זענען מיר אָנגעקומען אין נאָוועמבער און דאָרטן האָבן מיר ערשט דערקענט דאָס „נאָרמאַלע״ לאַגער־לעבן. פון אָנהייב האָט זיך געדוכט, אַז די באַדינגונגען וועלן זיין בעסערע ווי פריער. אין די באַראַקן זענען געווען פּריטשעס, שטרוי־זעק, ליילעכער. מען האָט געקאָנט טוישן וועש, וואָס מען האָט צוגענומען פון די טראַנספּאָרטן, וואָס מען האָט גע־בראַכט אויפן פלאַץ פון פ ל אַ ג ע.

שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. געאַרבעט האָט מען צו 12 שעה אין צוויי שיכטן. געאַרבעט האָט מען פון האַלבער נאַכט ביז אינמיטן טאָג. שפּעטער זענען נאָך געווען די „אַפּעלן״. געווען זענען עטלעכע „קאָמאַנדאָס״: „טראַנספּאָרט קאָמאַנדאָ״, „סאָרטיער 1״ און „סאָרטיער 2״, „בונדעס אונד ווערם״, „גאַז־קאָמאַנדאָ״, „שוה־קאָמאַנדאָ״, „צענטראַל־קאָמאַנדאָ״ און „לאַגער־פּערסאָנאַל״.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין סאָרטירן די געבראַכטע טראַנספּאָרטן זאַכן פון גאַנץ אייראָפּע. נאָכן אויסזאָרטירן די זאַכן זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. די שווערסטע אַרבעט האָט געהאַט די „טראַנס־

פּאָרט־קאָמאַנדאָ״, וועלכע איז געווען באַשעפטיקט ביים אויסלאַדעווען און אָנלאַדעווען די זאַכן און זיי אַריבערטראָגן פון איין אָרט צום צווייטן.

חוץ די נאָרמאַלע אַפּעלן זענען אויך געווען די אַזוי־גערופענע „אַר־בעטס־אַפּעלן״. עס פלעגט דויערן שעהן לאַנג דאָס ציילן און קאָנטראָלירן. אין דער צייט ווען איין גרופּע איז אַוועק פון דער אַרבעט איז אַ צווייטע גרופּע געקומען. די פרויען פלעגן אַנטלויפן פון אַן ערגערער קאָמאַנדאָ צו אַ בעסערער. קיינמאָל איז דעריבער די צאָל אַרבעטער אין די קאָמאַנדאָס נישט געווען ריכטיק. דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט דעם שעף און דער עס־עסמאַנקע בראַונשטיין, אַ הויכע, אַ זייער גוט־געבויטע בלאָנ־דינקע זיך צו איזדיעקעווען איבער אונדז.

דאָרטן זענען מיר געווען צוויי חדשים. דאַן איז פאָרגעקומען אַ סע־לעקציע. מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט. מען האָט דערביי געהייסן, אַז די שוואַכע זאָלן זיך מעלדן, וועמען מען וועט צוטיילן צו לייכ־טערע אַרבעט. די דאָזיקע האָט מען גענומען אָן אַ זייט. מען האָט אויך אויסגעקליבן יענע פרויען, וועלכע האָבן געהאַט געשוואָלענע הענט אָדער פיס. די אַלע זענען אויף צומאָרגנס אָפּגעפירט געוואָרן מיט אויטאָס קיין מיידאַנעק, אין קרעמאַטאָריום.

מיר האָבן געאַרבעט אויף דעם זעלביקן „פעלד״ ווי די מענער. מיר זענען נאָר געווען אָפּגעטיילט מיט שטעכעדיקן דראָט. מיר פלעגן זען ווי מען פלעגט די מענער שלאָגן און זיי קאַטעווען אויף אַן אכזריותדיקן אופן. בעיקר איז מען דערגאַנגען די יאָרן די האָלענדער. מיר האָבן שרעקלעך געליטן צוקוקנדיק זיך צו זייערע פּיינען.

אונדז, צוגלייך ווי די מענער, איז בעיקר דערגאַנגען די יאָרן אַ פאָלקס־דייטש גאַלאַק אַן אָפּשטאַמיקער פון פויזן. אין אַ געוויסער נאַכט האָט ער אַליין אויפגעהאָנגען 15 מענער.

אין לאַגער איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס, וואָס האָט אָנגענומען אַ גאָר שטאַרקן כאַראַקטער. אויך די פרויען האָבן שטאַרק געליטן צוליב דערשעפּונג. פון דריי טויזנט זענען געבליבן נישט מער ווי דריי הונדערט.

שפּעטער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נייע קרבנות, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון טראַנספּאָרטן פון מעזריטש, וואַרשע און ביאַ־ליסטאָק. דאָס אויסזען פון די טראַנספּאָרטן איז געווען אַ שוידערלע־כער. שטענדיק זענען אין טראַנספּאָרטן שוין געווען פיל טויטע. זומער 1943 איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון מעזריטש. די מענטשן, וועלכע האָבן געטראַכט אַז דאָס זענען זיי געבראַכט געוואָרן קיין טרעבלינקע זענען מאַסנווייז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך איבערשניידן זיך די אָדערן.

די באַן־ליניע איז געווען פאַרפלייצט מיט דעם בלוט, וואָס איז גערונען פון די וואַגאָנעס.

אין פעברואַר איז נאָך צו אונדז געקומען אַ טראַנספּאָרט פון טרעבּ־לינקע גופא, 104 פרויען זענען דאָס געווען. זיי זענען שוין דאָרט געווען צוגעגרייט צום אומקום — אויסגעטאָן און אָפּגעשוירן די האָר. פּלוצים איז געקומען אַ דרינגנדיקע באַשטעלונג פון דער „באַקליידונגסווערקע" און מען האָט זיי געהייסן זיך צוריק אָנטאָן און מען האָט זיי געבראַכט צו אונדז. זיי זענען געווען פון ביאַליסטאָק און גראָדנע. זיי האָבן דערציילט, אַז ווען זיי זענען געקומען אין טרעבלינקע האָט געשפּילט מוזיק און ראַדיאָ. אַרום זענען געווען וועלדער און די באַראַקעס זענען געווען געפאַרבט אויף גרין. מען האָט זיי אַריינגעפירט דורך אַ טויער אויף אַ גרויס פעלד. זיי האָבן געזען מענער — יידן, גוט אויסזעענדיקע מיט אָרעמבענדער אויף וועלכע עס איז געווען אַן אויפשריפט „קאַפּאָ". זיי האָבן געפירט טאַטשקעס מיט ביינער און אַש. פון דער ווייטנס האָט זיך צו זיי דערטראָגן זיפצן און געשרייען. פאַר דעם באַראַק, וואו עס איז געווען, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, די גאַז־קאַמער, זענען געווען אַ סך שיך. מען האָט דאָרטן דאַן אייגנטלעך אויסגעזעענדיקט אַ פריערדיקן טראַנספּאָרט. זיי זענען אין טרעבלינקע געווען בסך־הכל 5 שעה. פינף פון זיי זענען געבליבן לעבן ביז היינט, זיי וואוינען, דאַכט זיך, אין ביאַליסטאָק.

עטלעכע טעג פון דעם לאַגער פּלאַגע־לאַשקיעוויטש זענען מיר גאָר באַזונדער געבליבן איינגעקריצט אין זיכרון, נישט ווייל דאָן איז פאַרלאָפן עפּעס אויסערגעוויינלעכעס, נאָר ווייל דעמאָלט בין איך פערזענלעך באַרירט געוואָרן פון די געשעעענישן. ביי מיינער אַ חברטע האָט מען געפונען אַ ביסל געלט. מען האָט גערופן אַן אַלגעמיינעם אַפּעל. געווען איז עס ווינטער־צייט. מיר זענען אויפן אַפּעל געשטאַנען אַ האַלבע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג. מען האָט ביי אונדז צוגענומען די סוועטערס, די הענטשקעס און אַלע וואַ־רעמע מלבושים. מיר זענען געווען געצוואונגען צו שטיין אָן באַוועגונג, אויף אַכטונג. נאָך דעם האָט מען די פאַרברעכערין אויפגעהאָנגען אויף דער תליה, וואָס איז ספּעציעל דערצו אויפגעבויט געוואָרן צווישן די באַ־ראַקעס. מיר האָבן געמוזט פאַרביידעפילירן איר הענגענדיקן גוף אויף דער תליה. די יעניקע, וואָס האָבן אָפּ.געדרייט דעם קאָפּ, ניט וועלנדיק עס זען, האָט מען אָן רחמנות געשלאָגן. דריי טעג נאָאַנאַנד האָבן מיר ניט באַקומען קיין עסן און ביי דער אַרבעט האָט מען אונדז שרעקלעך געשלאָגן. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אויפגעהאָנגען אַ יידישע פרוי פון טשעכאָ־סלאָוואַקיי — איר פאַרברעכן איז געווען „סאַבאָטאַזש" — מען האָט ביי איר געפונען עטלעכע רויע קאַרטאָפל. מען האָט זי פאַר דער עקזעקוציע פאַ־

שפּאַרט אין אַ באַזונדער קאַמער. זי איז משוגע געוואָרן. נישט געקוקט אויף דעם איז די עקזעקוציע אויסגעפירט געוואָרן.

עס איז געווען איין עס־עס־מאַן, וועמען מיר האָבן גערופן ה ע נ ק ע ר, עס איז טאַקע געווען דער תליון, שטענדיק איז ער געווען שיכור. בעת דער אַרבעט פלעגט ער זיך אַזוי איזדיעקעווען, אַז שטענדיק פלעגן צו אונדז דער־גיין די געשרייען און די קרעכצן פון זיינע קרבנות. געווען איז ער אַ דאַ־רער, אַ הויכער ברונעט מיט קאַסאַקע אויגן. זיין אַרבעטס־קאָמאַנדאָ האָט ער שטענדיק געהאַלטן עטלעכע שעה לענגער.

עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זיכרון אַ גרויסע „סעלעקציע", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין מיטן נאַכט. מען האָט אונדז אין מיטן נאַכט אַרויסגעשלעפּט אויף אַ גענעראַלן „אַפּעל". מען האָט אין מיטן פון אַ ווילדן שלאָגן און געשרייען אויסגעקליבן פינף הונדערט פרויען — דאָס מאָל האָט מען נישט נאָכגעקוקט ווי זיי זעען אויס (שוואַכע אָדער געזונטע). דאַן האָט מען אויך צוגענומען מיין שוועסטער, אָבער עס איז איר געלונגען צו אַנטלויפן.

פון די עס־עס־מענער געדענק איך ווי נ ק ל ע ר ן — אָבערשאַרפירער, שעף פון דער קיך. ער פלעגט זיך שרעקלעך איבער אונדז איזדיעקעווען. געווען איז ער פון מיטעלן וואוקס, אַ ברונעטער, געהאַט ביר־אויגן, אין די מיטעלע יאָרן. ווייטער פּ אַ ר ז י ל אָבערשאַרפירער, שעף פון דער „וואַשקיכע", אַ דאַרער פון מיטעלן וואוקס, אַ שוידערלעכער סאַדיסט. ב אַ מ ב ע ר ג , אונטערשאַרפירער, אַ יונגער, אומגעפער 20 יאָר אַלט, זייער אַ פיינאויסזעענדיקער ברונעט. דער שרעקלעכסטער פון זיי איז גע־ווען דער הויפּטשאַרפירער ה אַ ק ע נ ה אָ ל ץ. ער איז געווען אַ ברונעט פון מיטעלן וואוקס. געהאַט האָט ער שטאַרק אַרויסגערוקטע ביינער פון די קינבאַקן. איך האָב פון אים אין משך פון 1 וואָך באַקומען 25 שמיץ. געווען איז ער אַ מאַיאָר, געוועזענער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע. שטענדיק פלעגט ער אַרומפאָרן אויף אַ ווייסן פערד. ער האָט אַליין אַלץ געטאָן — געקאַטעוועט, געהאָנגען, דערשאָסן אָן וועלכע נישט איז סיבות. איין מאָל האָט ער אַליין אויפגעהאָנגען צוויי מענער — סתם אַזוי. מיר זענען געווען געצוואונגען פאַרבייַדעפילירן לעבן דער תליה, וואָס די געהאָנגענע קר־בנות האָבן פריער אַליין אויסגעבויט. ער איז געווען אַלט אַרום 60 יאָר, אַ הויכער, שוין גרוילעך, האָט געטראָגן ברילן. ווייטער וועל איך דערמאָנען דעם הויפּטשאַרפירער ק ו ס ט ע ר מ אַ ן , אַ נידעריקער, דיקער עלטערער מאַן — דאָס איז געווען אַן אמתער טייוול.

נישט נאָר וואָס מיר פלעגן באַהאַנדלט ווערן אוממענטשלעך, נאָר מיר זענען אויך געווען געצוואונגען זיך צוצוקוקן צו די בעסטיאַלישסטע אכזריות׳.

אין יולי 1943 בין איך, צוזאַמען מיט מיין שוועסטער, אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם לאַגער בליזשין, הינטער סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענאַ. געווען זענען מיר פון אָנהייב נאָר פופציק פרויען. מען האָט אונדז נאָך פאַראייניקט 150 פרויען און 700 מענער פון מיידאַנעק, וועלכע זענען נישט לאַנג צוריק געקומען מיט אַ ביאַליסטאָקער טראַנספּאָרט.

מיר זענען געפאָרן אין משא־וואַגאָנעס, וועלכע מען האָט פאַרפלאָמבירט. דער וועג האָט געדויערט צוויי און אַ האַלב מעת־לעת. געווען זענען מיר אָן עסן און אָן טרינקען. די באַדערפענישן האָבן מיר דערליידיקט אין די וואַגאָנעס גופא. אין אונדזער וואַגאָן זענען געווען 166 מאַן. צווישן אונדז זענען געווען זייער פיל קראַנקע, וועלכע האָבן שרעקלעך געליטן. די שטאַרק דורשטיקע האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען — האָבן די אוקראַאינער אָנגעהויבן צו שיסן צו אונדז.

געפירט האָבן אונדז פון מיידאַנעק עס־עס־מענער אונטער דער אָנפירונג פון אָבערשאַרפירער פאַרזיל מיט נאָך איינעם, וועמענס נאָמען איך קען נישט. צו זייער הילף האָבן זיי געהאַט די אוקראַאינער.

אין בליזשין איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער. פון אָנהייב האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ וועט זיין בעסער, ווי עס איז געווען אויפן „פלוגפלאַץ". מיר האָבן געקאָנט אָנהאַלטן אַ פרייען קאָנטאַקט מיט די מענער. שפּעטער אָבער איז דער ריגאָר געוואָרן שאַרפער פון טאָג צו טאָג. קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען דער עס־עס־מאַן נעלל, מיט אַ פליכעוואַטן קאָפּ. שפּעטער איז אויף זיין אָרט געקומען אַ יונגער, הויכער ברונעט הערלער. די פרויען זענען געווען צופרידן, ווייל זיין באַציאונג איז געווען טאַקע אַ מענטשלעכע. איז ער געוואָרן קראַנק אויף טיפוס און עס האָט אים פאַרטראָטן אַ צווייטער — דאָס מאָל שוין אַ סאַדיסט. אַ דיקער עס־עס־מאַן מיט רויטע באַקן, אַן אמתער תליון. אַ מאָל האָט ער אַ זעץ געטאָן אַ מאַן אין בויך, אַז די געדערים האָבן ממש געפּלאַצט. אַ צווייטן מאָל האָט ער באַשטראָפט אַ 14יאָריקן יינגל מיט 36 שמיץ. ער האָט פון אים ממש אַרויסגעריסן שטיקער פלייש. דער דאָזיקער עס־עס־מאַן האָט געהאַט אַ באַהעלפער, דעם אונטערשטורעמפירער בוסקאַ, מיט זיינע אכזריות האָט ער איבערגעשטיגן זיין שעף.

אויסער זיי האָבן זיך איבער אונדז איזדיעקעוועט די קאַפּאָס (יידן).

די יעניקע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער קיך האָבן זיך באַפריינדעט מיט די עס־עס־לייט און פלעגן צוזאַמען באַגנבענען די מאַגאַזינען און צונעמען די שפּייז־צוטיילונגען פאַר די לאַגערניקעס. מיר האָבן דעריבער שרעקלעך געהונגערט. אַ העלפט פון די מענטשן איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער, פריער פאַר אַלע די ביאַליסטאָקער.

אין לאַגער זענען געווען האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, אין וועלכע מיר

האָבן געאַרבעט אין צוויי שיכטן, צו 12 שעה אַ שיכט. געוואוינט האָבן מיר אין באַראַקעס — מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. מיר זענען גע־שלאָפן צו 11 מאַן אויף אַ פּריטשע. עס איז געווען שרעקלעך שמוציק; מיר זענען געווען פאַרלייזיקט. עס האָט געהערשט אַ טיפוס־עפּידעמיע. 99 פּראָצענט פון די לאַגערניקעס זענען געווען קראַנק.

דאָ האָט איך זיך געפונען אַ יאָר צייט. אין 1944 איז דורכגעפירט גע־וואָרן אַן אַקציע אויף קינדער, וואָס אַ טייל עלטערן האָבן נאָך באַוויזן צו האָבן מיט זיך אין לאַגער. בעת דער אַקציע האָט מען צוגענומען אַלע קינ־דער. מען האָט זיי אַרויסגעפירט אין שכנותדיקן וועלדל און זיי דערשאָסן.

איין מאָל האָט מען בעת אַן אַפּעל דערשאָסן אַ יונג יינגל, ווייל מען האָט ביי אים געפונען אַ שפּולקע פאָדעם.

אַ געוויס מאָל האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן אין מיטן נאַכט פּשוט נאַקעטע בעת אַ פראָסט. מיר זענען געשטאַנען עטלעכע שעה אויפן שניי. דאַן האָט מען דערשאָסן עטלעכע מענער, וועלכע האָבן געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו זייערע פרויען.

אין בליזשינער לאַגער האָט מען געבראַכט די יידן, וועלכע מ׳האָט צו־נויפגעקליבן נאָך די „אַקציעס" אין ר אָ ד ע ם, פּ י ע ט ר י ק אָ ו און ט אָ־מ אַ ש אָ ו ־ מ אַ ז אָ ו י ע צ ק י.

אין יולי 1944, ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מען אונדז אַרויסגעפירט קיין אָ ש ו ו י ע נ ט ש י ם. אין אָשוויענטשים האָבן מיר גע־האַט עפּעס אַ גרויס גליק, ווייל מען האָט אונדז אַלעמען אַריינגעלאָזן אין לאַגער אָן אַ „סעלעקציע". מען האָט אפילו נישט אַלעמען אָפּגעגאָלט די קעפּ.

אין אָשוויענטשים האָבן מיר נישט געאַרבעט. פון אָנהייב האָבן מיר שווידערלעך געהונגערט. עס זענען כסדר אָנגעקומען טראַנספּאָרטן און צו־זאַמען מיט אַ געוויסן טראַנספּאָרט איז געקומען מיין שוועסטער, וועלכע איך האָב נישט געזען צוויי יאָר. נאָך 5 וואָכן האָט מען זי אַרויסגעפירט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד. איך האָב זיך באַמיט, צוזאַמען מיט דער צווייטער שוועסטער, וואָס איז כסדר געווען מיט מיר צוזאַמען, אַרויס־צופאָרן מיטן דאָזיקן טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד. מען האָט אונדז אָבער אַרויסגעוואָרפן פון די רייען.

שפּעטער בין איך אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אַ צווייט „פעלד", אין דעם „טראַנספּאָרט"־בלאָק. דאָרטן האָט מען אונדז שרעקלעך געקאַטעוועט און געשלאָגן. מיר זענען געווען אַזוי פיל, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אויף די פּריטשעס. עס איז נישט געווען פאַר אַלעמען קיין קאָצן צו־צודעקן זיך. בכלל איז אונדז געווען פאַרווערט אַרויסגיין. מיר האָבן דורכ־געמאַכט עטלעכע „סעלעקציעס". מען האָט אויסגעקליבן די עלטערע, אָדער

די גאָר יונגע, די שוואַכע. מיין שוועסטער איז געווען זייער יונג און מיט ניסים איז מיר געלונגען זי אויסצובאַהאַלטן.

אין סוף נאָוועמבער 1944 האָט מען אונדז אַרויסגעפירט קיין קראַ־טצאַו, סודעטן־לאַנד. דאָרטן האָבן מיר שוין געהאַט פאַרהעלטנישמעסיק בעסערע וואוינונג־באַדינגונגען און מען האָט אונדז שוין נישט געשלאָגן אַזוי ווי אין די פריערדיקע לאַגערן. געהערט האָבן מיר צו דעם צענטראַלן לאַגער גראָס־ראָזען. געאַרבעט האָבן מיר אין אַ פאַבריק פון מיליטערישע מכשירים. עס איז געווען שווער. דאָרטן האָב איך אויסגעהאַלטן ביז דער באַפרייאונג.

(— טייך גאָלדע

פּראָטאָקאָלירט, אי־ענאַ שאַיעוויטש

שטעמפל: יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט וואַרשע (פויליש)

פון פויליש איבערזעצט מ. וו. ב.



אַקטיוויסטן־גרופּע פון „גורדוניה" אין פולאַוו

# די פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפֿט אין פּאַריז

אַרום 1920 האָבן עלנטע אימיגראַנטן אָנגעהויבן אָנקומען קיין פּאַריז. אַרבעטסלאָזע, אָן אַ שפּראַך, אָן באַקאַנטשאַפֿטן האָבן זיי זיך געפֿילט פֿאַר־צווייפֿלט.

גרויסע דאגות האָט זיי פֿאַרשאַפֿט די פֿראַגע פֿון פּאַפּירן, פֿון באַקומען רעכט צו וואוינען און צו אַרבעטן אין לאַנד. עס האָט לאַנג געדויערט ביז זיי זענען לעגאַליזירט געוואָרן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען, ווען זיי האָבן שוין געקראָגן אַרבעט, זענען זיי געוואָרן ביז די לעצטע כוחות אויסגענוצט דורך די באַלעבאַטים.

געוואוינט האָט מען אין שמוציקע און פֿינצטערע האָטעלן פֿון בעלוויל אָדער מאַנמאַרט, און דער כסדרדיקער מורא פֿאַר פּאָליצייאישע אָבלאַוועס, וואָס זענען דאַן אָפֿט פֿאָרגעקומען, און וואָס האָבן געדראָט מיט אַרויסשי־קונגען פֿון לאַנד, ווען מען האָט אײַנעם געכאַפּט אָן פּאַפּירן.

ווען מיר עטלעכע פּוילאַווער, האָבן זיך געטראָפֿן אַ זונטיק, איז די אָנ־געווייטיקטע פֿראַגע געווען: וואו נעמט מען געלט אויף פּאַפּירן און אויף אַ דירהלע. ווער רעדט נאָך, אַז עס איז געוואָרן אַ פֿאַמיליע, אַז עס איז צוגעקומען אַ קינד. איז אין האָטעל געוואָרן ביטער.

מען האָט זיך דאַן גענומען ווענדן צו די מער פֿאַרמעגלעכע לאַנדסלײַט נאָך הילף. ווער עס האָט געהאַט מעגלעכקייטן האָט געבאָרגט און אַפֿילו ניט געטראַכט וועגן אָפּנעמען דעם חוב, כאָטש די באָרגערס האָבן קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן אָפּזעצן. מען קאָן זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן וואָס פֿאַראַ הילף מען האָט באַקומען פֿון די לאַנדסלײַט.

מיט דער צייט איז די אימיגראַציע פֿון פּולאַוו געוואָרן שטאַרקער און עס איז געוואָרן פֿיל שווערער אַלעמען צו העלפֿן, ווייל שוין ניט יעדער האָט באַקומען פֿון די לאַנדסלײַט.

מיט דער צייט איז די אימיגראַציע פֿון פּולאַוו געוואָרן שטאַרקער און עס איז געוואָרן פֿיל שווערער אַלעמען צו העלפֿן, ווייל שוין ניט יעדער האָט געוואָלט נעמען אין אַכט די ביטערע לאַגע און פֿאַרשטיין די נויט פֿון צווייטן.

אַזאַ איז, אַגב, געווען די לאַגע צווישן לאַנדסלײַט פֿון אַנדערע שטעט.

אַ געוויסן טאָג האָבן אייניקע לאַנדסלײַט זיך צוזאַמענגעטראָפֿן און אָנ־געהויבן טראַכטן ווי אַזוי אײַנאָרדענען אָפֿטע צוזאַמענקונפֿטן, פֿאַרשידענע געדאַנקען זענען אַרויסגעשוואומען, און צווישן זיי דער פּלאַן צו גרינדן אַ געזעלשאַפֿט, וואו מען זאָל זיך קאָנען צוטוליען איינער צום אַנדערן און זיך אַרויסהעלפֿן קעגנזייטיק.

אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן די פּולאַווער לאַנדסמאַנשאַפט. דאָס איז געשען אין 1928. די ערשטע פאַראַנטוואָרטלעכע זענען געווען:

שיקמאַן יאַנקל; שערמאַן אַברהם; פריימאַן ישראל; קערשענקראַפט ברוך; ווייסבראָט שמואל; זעגעלבוים ישראל; פרידמאַן ישראל; ראַמעט לייבל; ברוטמאַן יעקב און פרידמאַן סאָנע.

צו דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז געקומען אַ גרעסערע גרופּע פון לאַנדסלייט. מען האָט זיך געפרייט איינער מיטן אַנדערן און זיך צוגעבונדן. באַלד איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו מאַכן אַ באַל, ווי אַ סך סאָסיעטעס האָבן דאָס געטון.

דאָס איז געווען אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע, אָבער אַ פּאָר חברים האָבן פאַרקאָשערט די אַרבל און דער באַל האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

דערווייל איז אָנגעקומען פון פּוילן אַ נייע כוואַליע פון אימיגראַנטן און נייע מיטגלידער האָבן פאַרשטאַרקט די געזעלשאַפט.

נאָכן קומען פון די נאַציס צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, איז פּאַריז געוואָרן אַן אָרט, וואו עס האָבן זיך געראַטעוועט פליטים. די סאָסיעטעס האָבן זיך אַרומגעזען, אַז דער יידישער גורל מוז זיי פאַרבינדן צווישן זיך און מיט אַנדערע יידן. אַזוי אַרום האָט די געזעלשאַפט זיך פאַראינטערעסירט מיטן אַלגעמיינעם גורל און אירע סאָציאַלע טעטיקייטן האָבן זיך אויס־געברייטערט.

ווען אין פּאַריז איז אויפגעבויט געוואָרן אַן אומזיסטע קיך פאַר די פליטים פון דייטשלאַנד זענען מיר געווען צווישן די מיטבויער. מיר האָבן אויך געהאָלפן די יידן פון דייטשלאַנד וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין זבאָנשין־לאַגער אין פּוילן אין 1938.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט די סאָסיעטע געציילט ביי אַ 150 פאַמיליעס. אָבער, אַז די דייטשן האָבן באַזעצט דאָס שיינע פּאַריז איז געוואָרן פינצטער. מיר זענען געוואָרן אָפּגעריסן איינער פון צווייטן. די סאָסיעטע האָט אויפגעהערט פונקציאָנירן.

דאָן האָבן אייניקע חברים זיך געהאַלטן צוזאַמען, געגאַנגען באַזוכן קראַנקע, אָבער. וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער און אַלץ איז צעשטערט געוואָרן, יעדער האָט געמוזט טראַכטן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון דער נאַ־צישער פעסט, וואָס האָט געשאָסן און דעפּאָרטירט יידן. יעדנס גורל איז געווען אַ ביטערער, משפחות זענען געוואָרן צעריסן, פיל זענען אומגע־קומען אויף דעפּאָרטאַציע.

טייל פּולאַווער זענען געווען אין קריגס־געפאַנגענשאַפט אין דייטש־לאַנד, אַנדערע אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין פראַנקרייך, צווישן זיי איז באַרימט געוואָרן דער יונגער שמואל טישעלמאַן, וועלכן די דייטשן

האָבן דערשאָסן אין אויגוסט 1941 נאָך אַן אומלעגאַלער מאַניפעסטאַציע אויף די גרויסע בולווארן, עס זענען אויך געפאַלן מעלמאַן און קוואַטער.

ווען עס איז אָנגעקומען די באַפרייאונג און דער סוף פון דער מלחמה האָבן מיר ערשט דערזען די גרויסע בראָך. דאָס האַרץ האָט געפלאַצט פון ווייטיק פון דעם חורבן, וואָס די באַרבאַרן האָבן אָפּגעטון, ניט נאָר צווישן אונדזערע לאַנדסלייט פאַרשטייט זיך.

אין 1945 האָבן אייניקע אָפּגעראַטעוועטע לאַנדסלייט זיך פאַרשטענדיקט מיטן „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך", וועלכער האָט זיך באַמיט צוריק אויפצושטעלן די הרוב־געוואָרענע סאָסיעטעס. דאָרטן האָט מען זיך דערוואוסט דעם אַדרעס פון פולאַוווער לאַנדסמאַן טוביה גאָלד־רייך און ער צוזאַמען מיט שמואל ווייסבראָט האָבן פאַרעפנטלעכט אַ רוף אין דער יידישער צייטונג „נייע פרעסע" צו אַלע פולאַווער און פון דער אומגעגנט, אַז זיי זאָלן זיך קומען מעלדן אויף 322 רי סען־מאַרטען, וואו עס האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון אַלע סאָסיעטעס.

דאָרטן האָבן מיר באַקומען אַ קליין ווינקל מיט אַ ביוראָ. גאָלדרייך און ווייסבראָט זענען די ערשטע און וואַרטן, אַז עס זאָל זיך ווער אַריינשטעלן. ווי גרויס איז געווען זייער פרייד, ווען זיי האָבן דערזען עטלעכע לאַנדס־לייט, וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אויפן רוף. צום באַדויערן זענען עס נאָר עטלעכע, אָבער זיי האָבן געגעבן מוט און אַזוי האָט די סאָסיעטע זיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס. מיט דער צייט ווערט די לאַנדסלייט־משפחה גרעסער.

נאָכן סוף פון דער מלחמה קומען צוריק אייניקע חברים פון קריגס־געפאַנגענשאַפט און דעפּאָרטאַציע. מיר ווערן אויך געוואויר וועגן די העלדנטאַטן פון אונדזערע לאַנדסלייט און דאָס דערוואַרעמט אונדז אין גרויסן אומגליק.

אין 1946 רופן מיר אַ גרויסע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וואו מען ווילט אָפיציעל אַ קאָמיטעט. שמואל ווייסבראָט ווערט פרעזידענט, טוביה גאָלדרייך — סעקרעטאַר, פריימאַן — קאַסירער. די סאָסיעטע הויבט אָן פונקציאָנירן און צו ענטפערן אויף די באַדערפענישן.

באַלד פאַרשטייען מיר, אַז מיר זענען ניט אַליין אין אומגליק, און, אַז אַליין וועלן מיר ווייניק קאָנען אויפטוען.

צוזאַמען מיט אַנדערע בויען מיר צוריק אויף דעם „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך", צוזאַמען מיט די געוועזענע ווידער־שטענדלער ווערן געגרינדערט צענטראַלע אָנשטאַלטן, ווי אַ פאָלקס־קליניק, אַ ליי־קאַסע, קינדער־הייזער פאַר די יתומים פון דער מלחמה, זומער־קאָ־לאָניעס א. אַ. וו.

מיר ברענגען אונדזער קליינעם באַשטייער פאַר דער אַנטוויקלונג פון די סאָציאַלע אינסטיטוציעס און העלפן דערביי אונדזערע לאַנדסלייט.

ביי אונדז זענען פאַראַן ווייניק קרעפטן. די טאָכטער פון חבר ראַמעט פאַרנעמט זיך מיטן סעקרעטאַריאַט און ברענגט אונדז פיל נוצן.

באַלד ווייזט זיך אַרויס, אַז די אַנטוויקלונג פון דער סאָסיעסע פאָדערט נייע כוחות. אַזוי ווי וויסבראַט איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן, ווערט אויסגעוויילט אַ נייער פּרעזידענט, דאָס איז שמואל שערמאַן, וועלכער איז צוריקגעקומען פון קריגס־געפאַנגענשאַפט. צום גרויסן באַדויערן ווערט ער שטאַרק קראַנק און ער פאַרלאָזט אונדז אויף אייביק. זיין פּלאַץ פאַרנעמט דאַן גאָלדרייך און אַברהם שיידנפיש ווערט קאַסירער.

אונטער זייער אָנפירונג ווערט די סאָסיעטע באַקאַנט אין יידישן ישוב און די מיטגלידער ווערן שטאַרק צוגעבונדן צו דער געזעלשאַפט אַ דאַנק די פאַרשידענע אויפטוען לטובת זיי סיי פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ווי פון „פאַרבאַנד".

מיר האָבן, אַגב, דאָס פאַרגעניגן שפּעטער, צו זען, אַז אונדזער לאַנדס־מאַן טוביה גאָלדרייך, איז געוואָרן פּרעזידענט פון „פאַרבאַנד", און נאָך זיין אַוועקפאָרן קיין ישראל, האָט אים שיידנפיש פאַרטראָטן. מיט דעם זענען מיר שטאָלץ, אַ דאַנק זיי איז היינט אונדזער געזעלשאַפט שטאַרק אָנגעזען אין פּאַריז צווישן די יידישע סאָסיעטעס.

אונדזער טעטיקייט איז היינט אַ שטאַרק פאַרצווייגטע. אויפן סאָציאַלן געביט געניסן אונדזערע מיטגלידער פון דער פאָלקס־קליניק און פון דער כירורגיש־מעדיציניִשער רעאָסעקוראַציע, פון דער ליי־קאַסע, פון די זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, מיר שטיצן די נויטבאַדערפטיקע אַלטע לייט און מיר נעמען אָנטייל אין די אַקציעס לטובת דירעקטע סאָציאַלער הילף פאַר ישראל. אַזוי האָבן מיר בייגעטראָגן אַ סך פאַר די קרבנות פון דער פאַר־פלייצונג אין ישראל, פאַרן מגן דוד אָדום און פאַר דער קינדער־קליניק אויפן נאָמען פון ראובן בריינין אין תל־אָביב.

אויפן געביט פון קולטור־טעטיקייט האָבן מיר געגרינדעט אַ געמיינ־זאַמען קאָמיטעט מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן פון לובלין, קראַשניק, און כעלם, און צוזאַמען מיט זיי איינגעאָרדנט קולטורעלע אונטערנעמונגען צום אָנדענק פון שלום אַש און פון אפרים קאַגאַנאָווסקי, מיטן אָנטייל פון ד"ר בער־נאַרד, זשעלאַזאָ, יוסף מילנער, כיל אַראַן, אַלפרעד גראַנט.

עס קומען פאַר רעגולער רעפעראַטן אין אונדזער געזעלשאַפט אויף פאַרשידענע טעמעס, מיר פאַרשפּרייטן יידישע ביכער, מיר שטיצן דאָס יידישע טעאַטער, דעם פאָלקס־כאָר, די „נייע פּרעסע", און פאַרשידענע קולטורעלע אונטערנעמונגען.

יאָר־יערלעך דערמאָנען מיר זייער אָנדענק סיי אויף די אייגענע אַזכרות, סיי ווען עס רופן אונדז די געוועזענע פראָנט־קעמפער, די געוועזענע דע־פּאָרטירטע. מיר נעמען אָנטייל אין יערלעכן אויפמאַרש וואָס דער „פאַרבאַנד” אָרדנט איין אויפן בית־עולם באַניע פאַר אַלע סאָסיעטעס, כדי צו דערמאָנען דעם אָנדענק פון די קרבנות פון נאַציזם און כדי צו שווערן, אַז מיר וועלן אַלץ טוען, כדי מער זאָל זיך אַזאַ אומגליק ניט קאָנען איבערחזרן.

מיר האָבן געלערנט פון דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט, אַז מיר דאַרפן זיין אייניק צווישן זיך, אייניק מיט אַלע יידן, אייניק מיט די יעניקע ניט־יידן וועלכע ווילן ווי מיר, אַז עס זאָל הערשן שלום אויף דער וועלט, אַז אַנטיסעמעטיזם און ראַסיזם זאָלן פאַרשווינדן.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ סטימולירט אונדז כסדר ווייל מיר ווילן פאַרהיטן אונדזער צוקונפט, אַזאַ איז אונדזער געזעלשאַפטלעכער אַחריות פאַר אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען ניט מער ווי 50 פאַ־מיליעס.

דער היינטיקער קאָמיטעט באַשטייט פון פאָלגנדיקע חברים:

פרעזידענט — אַברהם שיידנפיש; וויצע־פרעזידענט — שמואל ווייס־בראָט; וויצע־פרעזידענט — דוד ספּאָדעק; גענעראַל־סעקרעטאַר — וויק־טאָר שערמאַן; קאַסיר — שמשון לעדער; קאָמיטעט־מיטגלידער: משה לוסטמאַן, ישראל פרידמאַן, ישראל פריימאַן, יעקב ברוסטמאַן, וויקטאָר לעדער, מאַקס שערמאַן; גאָלדבערג; לייבל ראַמעט; יעקב פּרוכטסמאַן.

פאַרזאַמלונג פון די פולאַווער שארית־הפליטה אין פּאַריז ביים דענקמאָל נאָך די
[illegible]

**יהושע מילראַד**

# די פּולאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל

# און אירע אויפגאַבעס



מיטן אָנקומען פון די ערשטע פּולאַווער קיין ארץ־ישראל (ס'איז נאָך נישט געווי פעסטגעשטעלט געוואָרן ווען און ווער דאָס איז געווען) האָבן זיי זיך נישט באַלד אָר־גאַניזירט אין קיין לאַנדסמאַנשאַפט. נישט דערפאַר וואָס קיין ארץ־ישראל פלעגן אַמאָל פאָרן ווייניק מענטשן — אחד מעיר ושניים ממשפחה, איינער פון אַ שטאָט און צוויי פון אַ פאַמיליע, אַ פאַרצווייגטע משפחה — נאָר בעיקר צוליב דעם, ווייל די אַלגעמיי־נע טעמים וועלכע זײַנען גורם דערצו, אַז לאַנדסלייט זאָלן דאַרפן און ווילן זיך האַלטן צוזאַמען אין וועלכן נישט איז אַנדער לאַנד אין דער וועלט — די גרעסטע מערהייט פון די טעמים האָט נישט קיין האַפט אין ישראל. ווער ס'האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל איז דאָך געווען אַ פּיאָנער, אַ חלוץ העובר לפני המחנה, אַפילו ווען ער איז נישט געווען קיין חבר אין אַ קיבוץ. יעדער איינער איז דאָך געפאָרן העלפן שאַפן עפּעס נייעס, נאָך נישט עקזיסטירענדעס (אויף וואָס פאַר אַ געביט דאָס זאָל נישט זיין) פאַר דעם גאַנצן זיך דאָ צונויפקלייבענדיקן יידישן פאָלק, לבנות ולהבנות בה — קודם כל לבנות, פאַר אַלעם בויען, עפּעס שאַפן אין דעם לאַנד, פאַר דעם גאַנצן פאָלק — דאָס איז געווען די לאָזונג וועלכע האָט אַלעמען באַהערשט. דעריבער האָט דאָך נישט געהאַט קיין זין און קיין באַרעכטי־קונג, און עס איז נישט געווען קיין אָרט זיך צו האַלטן דאָ באַזונדער, נאָר צווישן „אייגענע", בלויז מיט לאַנדסלייט.

דאָך אָבער ווען דער יידישער יישוב אין א"י האָט אָנגעהויבן וואַקסן און ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין די דרייסיקער יאָרן די גרויסע עליה־שטראָמען פון פאַרשידענאַרטיקע פאָלקס־שיכטן, האָט זיך דאָך געטראָפן, אַז נישט איינער פון די נייע עולים האָט זיך פונדעסטוועגן געגויטיקט און אַפילו געזוכט אַ באַקאַנטן, אַ היימישן, וואָס זאָל אים אינפאָרמירן, עצהנען

און ווען מע'גלעך אויך העלפן שטעלן די ערשטע טריט אין נייעם לאַנד. אמת, אַז צו דעם צוועק עקזיסטירן אַלגעמיינע יידישע אינסטיטוציעס. אָבער דאָך, ווער עס האָט דאָ געהאַט אַ קרוב, אַ משפחה, האָט זיך פאָרט געוואָנדן קודם־כל צו זיי, און ווער ס'האָט נישט געהאַט אַ נאָענטן, אָדער פאַר־וואַנדטן — האָט זיך אינטערעסירט וועגן אַ ווייטערן קרוב, צי בכלל אַ באַקאַנטן לאַנדסמאַן, אָדער סתם אַ פולאַווער (שליסלעך זענען דאָך די היימי־שע לאַנדסלייט אויך ... אידן). אַזוי האָבן די ניי־אָנגעקומענע פולאַווער אָנגעהויבן ממש זוכן אַ פּריוואַטן אַדרעס פון אַ באַקאַנטן שטאָטישן, אַ געוועזענעם חבר, אָדער פריינד, צי פון אַן אַלגעמיינער היים־שטאָטישער פאַרשטייערשאַפט, אַ לאַנדסמאַנשאַפט. אַזוי איז אַנטשטאַנען די באַדערפע־ניש, די נויטיקייט, פון אַ היימישער, נאָענטער סביבה. און פולאַווער האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענטרעפן אין אַ נאָענטערן און ווייטערן משפחה־קרייז, מיט חברים, און צווישן באַקאַנטע.

מיט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געשען אַ נישט פאַרויסגעזעענע, קאַלסאַלע ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער הינזיכט. אין יענער צייט האָט דער יידישער יישוב אין לאַנד אויפגעהויבן די געפילס־צאַפּלדיקע, מיט סאָלידאַריטעט אָטעמדיקע און מיט איבערגעגעבנקייט ברויזנדיקע לאָזונג: אם אשכחך גולה תשכח ימיני! אַ טראַגיש־גרויליקע פּאַראַפראַזע פון דער געשיכטע לאַנגער, קעגנגעזעצטער לאָזונג פון אַלע יידן אין דער גאָרער וועלט: אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני!

פון גבית־עדות ביי עדי־ראיה האָט מען זיך אויך דערוואוסט גענוי דעם אויף אייביק פאַר אונדז שוואַרצן טאָג, די דערשיטערנדיקע גרויל־דאַטע פון ליקווידירן דאָסיידישע געטאָ אין פולאַוו: י״ד בטבת תש״ך, 28טער דעצעמבער 1939, און יעדער פולאַווער איז געוואָרן דורכגעדרונגען מיט אַ ברענענדיקן געפיל, אַז ער דאַרף דערפילן זיין פליכט פון אָפּהיטן און באַצייכענען אָט די קאָלעקטיווע יאָרצייט; אַז אין דעם טאָג דאַרפן זיך אַלע איבערגעבליבענע פולאַווער איף דער גאַנצער וועלט, און הויפּטזעכ־לעך אין ארץ־ישראל, צוזאַמענקומען, כדי מזכיר צו זיין די הייליקע נשמות, און אויך נישט פאַרגעסן די אַכזריותדיקע מעשים, וואָס זענען קעגן זיי אָפּ־געטון געוואָרן. לזכור ודבר לא לשכוח! — געדענקען איז גאָרנישט, נישט פאַרגעסן! ... און אַזוי האָבן די פולאַווער אין ישראל זיך אָנגעהויבן צו־זאַמענקומען יעדעס יאָר, י״ד בטבת, אויף אַ יזכור־אָוונט. די ערשטע באַראַטונג פון די איניציאַטאָרן פון דער אונטערנעמונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1949 (נאָך דעם פרייהייטס־קאַמף אין ישראל) און עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט די שוין־פאַרשטאָרבענע — מרדכי נאָדעלהאָלץ, שלמה ראַטנאָווסקי און שולמית מילראַד (סלאַווע טאַובער) זיכרונם לברכה, ויבדלו

לחיים — משה רובינשטיין, חיה ראָטענבערג, קלמן לאָטערמאַן און מרים פעפערמאַן־ברש. אין פאַרלויף פון די יאָרן האָבן זיך געציילט צווישן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, אויסער די שוין פריער אויסגערעכנטע איניציאַ־טאָרן־גרופּע, אויך: די פאַרשטאָרבענע — חיים גאַראָדעצקי, אַברהם שני־טערמאַן און מאָריס שבתי זכרונם לברכה ויבדלו לחיים — משה ראָטער, יקיר ניימאַרק, משה פעלדבערג און אַנדערע.

אָבער אַז מען האָט שוין אָנגעהויבן זיך צוזאַמען צו טרעפן אַפילו נאָר איין מאָל אין יאָר, האָט מען געהאַט אַ באַדערפעניש זיך אַדורכצורעדן אויך וועגן פאַרשידענע אַנדערע ענינים, וועלכע מען האָט נישט געקאָנט באַ־האַנדלען אויף קיין אזכרה־אָוונט, אָדער טרויער־אַקאַדעמיע, און אויף אַזאַ אופן האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען דער געדאַנק וועגן דער נויטיקייט אַוועקצושטעלן דאָס געמיינשאַפטס־לעבן פון די לאַנדסלייט אויף אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע, געזעלשאַפטלעכע יסודות.

דאָס אָנקומען פון פיל פולאַווער אין לאַנד אַריין, נאָך זייערע מאַר־טירער־איבערלעבונגען אין די מלחמה־יאָרן אין די פאַרשידענע לאַגערן, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אונדז דריגנדע פראַגן און הילפס־פּראָבע־מען, וועלכע האָבן געפאָדערט אַן אָרגאַניזירטע און שנעלע לייזונג. די אַקטיווע טוער האָבן געפּרואווט אויף זייער שטייגער באַהערשן די ברויזנדע פּראָבלעמען, אָבער אָן געוואונטשענע רעזולטאַטן. מען האָט זיך דאַן אַרומגעזען, אַז אָן נייע כוחות, וואָס זאָלן פאַרשטאַרקן און אָפּפרישן דעם ביז איצטיקן אַקטיוו, וועט עס ווייטער נישט גיין און די אַרבעט וועט נישט פאָרגעזעצט ווערן. און, ענדלעך, מיט אַ צוויי יאָר צוריק, איז צושטאַנד געקומען אַ ספּעציעלער צוזאַמענטרעף, לויט דער איניציאַטיוו פון אייניקע חברים צוזאַמען מיט טוביה גאָלדרייך, וועלכער האָט געהאַט לעצטנס עולה געווען אין לאַנד אַריין. דאָרט איז באַהאַנדלט געוואָרן אויסשליסלעך דער געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזיאַציאָנעלער אַספּעקט פון אונדזער אַרבעט. מען האָט באַשלאָסן אַוועקצושטעלן די טעטיקייט אויף מאָדערנע, צוועקמעסיקע יסודות און שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס זאָל פאַרדינען איר נאָמען. הויפּטזעכלעך דורך אָנהאַלטן קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער אויף פאַרשי־דענע אופנים; איינאָרדענען יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, וואו עס זאָל באַריכטעט ווערן וועגן דער אָפּגעטוענער אַרבעט, אָנגעצייכנט ווערן די ריכטליניעס פון דער צוקונפטיקער טעטיקייט און אויסוויילן אַ נייעם ועד (פאַרוואַלטונג).

די ערשטע נייע פאַרוואַלטונג איז טאַקע באַלד אויסגעוויילט געוואָרן אויף אָט דער פאַרזאַמלונג און זי האָט זיך קאָנסטיטואירט לויטן פאָלגנדן

צוזאַמענשטעל: טוביה גאָלדרייך — פאָרזיצער, יהושע מילראַד — וויצע־פאָרזיצער, חיה ראָטענבערג־סנה און אַברהם אורן (נאָדעלהאָלץ) —— סעקרעטאַרן, מרים פעפערמאַן ־ברש און קלמן לאַטערמאַן — קאַסירער, משה רובינשטיין, משה ראָטער, משה פעלדבערג און נתנאל דבשני (האַניגסהענדלער) — לייטונגס־מיטגלידער. באַזירן די מיטגלידער אויף אַ פעסטגעשטעלטן אָפּצאָל און געפינען דעם פּאַסיקן וועג ווי אַזוי דאָס איינצומאָנען. העלפן אויף פאַרשידענע אופנים די נויטבאַדערפטיקע. די יערלעכע טרויער־אַקאַדעמיעס זאָלן איינגעאָרדנט ווערן אויף אַ הויך קולטורעל־קינסטלערישן ניוואָ, וואָס זאָל זיין פּאַסיק און ווירדיק צו די אומשטענדן אויף אַ יזכור־אַטמאָספערע, און זאָל אויך צוציען די דאָ אונטערגעוואָקסענע יוגנט, פאַר



פרעזידיום פון דער הזכרה־פאַרזאַמלונג נאָך די פולאַווער קדושים איינגעאָרדנט פון „ארגון יוצאי פולבי בישראל” דעם דריטן יאַנואַר 1950.
עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: משה פעלדבערג, שבתי מאַרפוש, ישכר קליינבוים, חיה סנה־ראָטענבערג, שלמה שוהם־ראַטנאָווסקי, מרדכי נאַדעלהאָלץ, משה רובינשטיין, בן צבי צויגנבערג.

ווען דער יידישער חורבן פון די יאָרן 1945—1939 איז נישט מער ווי געשיכטע, נאָר אַ היסטאָריע. פּרואוון צוזאַמענברענגען די לאַנדסלייט יעדעס יאָר אויך אין פריידן, אין דעם זעלבסטשטענדיקייטס יום־טוב פון מדינת־ישראל, אין ה׳ באייר. און אַזוי ווי די אויסלענדישע טוריסטן וועלכע באַזוכן ישראל, באַמיען זיך, אַז זייער אויפהאַלט דאָ אין לאַנד זאָל אויסקומען אין דעם דערמאָנטן חג־העצמאות — טאָ זאָלן וויסן אַלע פולאַווער לאַנדסלייט אין אויסלאַנד, אַז ווײלנדיק אין ישראל אין יום־העצמאות וועלן זיי נישט נאָר זיך באַטייליקן אין דעם גרויסן ענטוזיאַסטישן נייעם יידישן פאָלקס־ און פרייהייטס יום־טוב, נאָר זיי וועלן אויך האָבן די זעלטענע געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דער גאַנצער פולאַווער „קאָלאָניע” און אירע אָפּצווייגונגען אין תל־אָביב און אומגעגנט. זאַמלען אַלץ וואָס איז פאַר־

בונדן און דערמאָנט אונדזער געוועזענע געבורטס־און היים־שטאָט. אונ־טערנעמען אַן איניציאַטיוו צו שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די פאַרשטייער־שאַפטן פון די פולאַווער אין אַלע לענדער וואו זיי געפינען זיך. פּרואוון צוזאַמענשטעלן אַ וועלט־רשימה פון אַלע לעבן־געבליבענע פולאַווער וואו זיי זאָלן נישט זיין. מיר גייען אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז ישראל איז דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר דעם צענטער (צענטראַלע) פון אַלע פולאַווער לאַנדס־מאַנשאַפטן, נישט נאָר דערפאַר וואָס דאָ געפינען זיך מער לאַנדסלייט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, נאָר הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס ישראל איז אַ זעאונגס־מערקווירדיקער און צוזיאונגס־פּונקט אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב פאַר טוריסטן בכלל און פאַר יידישע טוריסטן בפרט. און ווייל צווישן זיי געפינען זיך אונדזערע פולאַווער לאַנדסלייט פון פאַרשידענע לענדער, גיט דאָס אונדז פּשוט די פּאַקטישע מעגלעכקייט צו קומען מיט זיי אין אוממיטלבאַרע פּערזענלעכע באַציאונגען און אין צווישן לענדישן קאָנטאַקט. און פון די בלעטער פון אונדזער שותפותדיקן בוך ווענדן מיר זיך טאַקע צו אַלע פולאַווער לאַנדס־קאָמיטעטן און אויך צו לאַנדסלייט־יחידים זיך צו פאַרבינדן מיט אונדז.

לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען, האַנט ביי האַנט, און געמיינזאַם אויפ־שטעלן דעם אַזוי פיל באַדייטנדיקן, סימבאָלישן און לעבעדיקן צווייטן — נאָך דעם יזכור־בוך — דענקמאָל — אַ פאַרבאַנד פון אַלע פולאַווער בכל מקום שהם.



די פאַרוואַלטונג פון דער פולאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, 1962.

פון רעכטס אויף לינקס זיצן: יהושע מילראַד, טוביה גאָלדרייך און חיה סנה. שטייען: משה ראַטער, קלמן לאָטערמאַן, מרים ברש, משה פעלדבערג, משה רובינשטיין און אברהם אורן.

# די געשיכטע פון אונדזער יזכור־בוך

די גרינדונג פון דעם קאָמיטעט צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון דער יידישער קהילה אין פולאַוו און פון די פולאַווער יידן־קדושים, איז פאָרגעקומען דורך דער איניציאַטיוו פון עטלעכע געראַטעוועטע פאַמיליעס, וועלכע זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק נאָך דער בלוטיקער מלחמה.

די יידן פון אונדזער שטאָט זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער, אין דעצעמבער, 1939, בלויז דריי חדשים נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה. אונדזערע פאַרטריבענע לאַנדסלייט זיינען ניט מער צוריקגעקומען אין זייערע היימען.

נאָך דער מלחמה, אין 1948, בין איך און נאָך אַ פּאָר פולאַווער גע־ראַטעוועטע פאַמיליעס געקומען קיין ניו־יאָרק. אין ניו־יאָרק האָבן מיר אויסגעפונען אַז עס עקסיסטירן דאָ צוויי פולאַווער סאָסייעטיס. מיר האָבן זיך געווענדעט צוביידע סאָסייעטיס מיט אַ ביטע זיי זאָלן איינאָרדענען אַ יאָרצייט נאָך די פולאַווער יידן. אָבער ליידער צום באַדויערן איז דאָס קיינמאָל מצד זיי ניט צושטאַנדגעקומען.

אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָב איך צוזאַמענגערופן די נייע־אַריבער־געקומענע יידן פון פולאַוו צו מיר אין הויז און מיר האָבן באַשלאָסן איינ־צואָרדענען אַ יאָרצייט־פאַרזאַמלונג נאָך די אומגעקומענע פולאַווער יידן. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אין דער „פאָרווערטס" געביידע און גענומען צו־גרייטן אַ יזכור־מיטינג. ווידער אַמאָל האָבן מיר זיך געווענדעט צוביידע סאָסייעטיס, אַז זיי זאָלן קומען און זיך באַטייליקן אין דער הזכרה נאָך די פולאַווער יידן, אָבער נאָר אַ פּאָר געצײלטע יחידים פון די סאָסייעטיס זיינען געקומען. דער גרעסטער רוב זיינען געווען די שארית־הפליטהניקעס. אויף דער יאָרצייט־פאַרזאַמלונג האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַראייביקן די פולאַווער קדושים דורך אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך אין זייער הייליקן אָנדענק.

אויף דער הזכרה האָבן מיר אויסגעוויילט אַ יזכור־בוך קאָמיטעט פון די פאָלגענדע פּערזאָנען: עטל בריפמאַן, טשאַרנע לאַם־בורשטיין, פרוי ר. מאַניקאָוו, מרדכי־דוד אייזענמאַן, שלמה ראָזענבערג, שיע טענענבוים, אַברהם מעסינגער, ברוך האָכמאַן, שמעון שוואַרצבערג, אַברומטשע טאַרטשיק, און ישראל סיידען.

(מרדכי דוד אייזענמאַן, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאַבע צו זיין דער סעקרעטאַר פון דעם קאָמיטעט, איז געשטאָרבן דעם

29סטן יוני, 1963. מיר זיינען אַזוי אַרום באַרויבט געוואָרן פון זיין אַקטיווער מיטאַרבעט אין אַ צייט ווען מיר האָבן זיך צומשטאַרקסטן געניטיקט אין די הילף פון יעדן לאַנדסמאַן. ער האָט ליידער ניט דערלעבט צו זען אונדזער יזכור־בוך, כבוד זיין אָנדענק!.

די ערשטע זיצונג האָבן מיר געהאַט ביי שלמה ראָזענבערג אין זיין היים. מיר האָבן זיך דעמאָלט געווענדעט צו אונדזער חשובן און האַרציקן חבר שמואל ווייס ער זאָל זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט, און ער איז גלייך געקומען אויף דער זיצונג. מיר האָבן דעמאָלט געבעטן חבר ווייס אַז ער זאָל איבערנעמען די אָנפירערשאַפט און די פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט צו שאַפן דעם יזכור־בוך.

דאָס איז אַ געשיכטע פון צען יאָר צוריק און די גאַנצע צען יאָר פירט אָן חבר ווייס מיט דער שווערער אַרבעט און אַ דאַנק זיין גלענצנדיקער אָנפירונג דערשיינט טאַקע דאָס בוך דאָס יאָר.

מיר האָבן זיך געווענדעט צו די לאַנדסלייט אין ישראל, וועלכע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף דעם פּלאַן פון דעם יזכור־בוך. זייער בייטראָג אין מאַטעריאַל און פינאַנסן איז גאָר ניט אָפּצושאַצן. מיר האָבן זיך אויך געווענדעט צו די לאַנדסלייט אין פראַנקרייך, וועלכע האָבן אונדז צוגעזאָגט זייער הילף. אַזוי אַרום איז אונדזער הייליקע אונטערנעמונג, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אונטער זייער שווערע באַדינגונגען ניט האָבנדיק קיין לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין אין אַמעריקע און אויך ניט קיין רייכע מנדבים, דורך אונדזער שווערע מי ענלעך דורכגעפירט געוואָרן.

אונדזער יזכור־בוך וועלכן מיר האָבן געפּלאַנט צו האָבן אַרום דריי הונדערט זייטן, איז ביסלעכווייז געוואַקסן ביז צו פינף הונדערט זייטן. פון אַן אונטערנעמונג בלויז פון די לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אונדזער יזכור־בוך פאַראייניקט די לאַנדסלייט אין אַ סך טיילן פון דער וועלט.

מיר באַטראַכטן עס פאַר אַ גרויס געווינס, וואָס מיר האָבן געקראָגן אַלס רעדאַקטאָר פון אונדזער יזכור־בוך דעם באַקאַנטן יידישן היסטאָריקער מרדכי וו. בערנשטיין, וועלכער האָט אַריינגעטאָן אַ סך ענערגיע און האַרץ אין דער אַרבעט פון אונדזער פּנקס.

די רעשט זאָלן די לייענער פון אונדזער בוך אורטיילן פאַר זיך אַליין, און אָפּצושאַצן ווי אַזוי אַ קליינע יידישע קהילה אין פּוילן איז פאַראייביקט געוואָרן דורך דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון אַ קליינע צאָל לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט.

מיר דריקן אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט צו שלמה ראָזענבערג, וועלכער האָט אונדז געהאָלפן ביים אָנהייב פון אונדזער אַרבעט; צו אונדזער רע־דאַקטאָר מרדכי בערנשטיין, וועלכער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין מי צו זאַמלען און באַאַרבעטן דעם אָריגינעלן היסטאָרישן מאַטעריאַל פון אונדזער שטעטל; צו חבר שמואל ווייס, וועלכער האָט אין די שווערסטע מאָמענטן עקשנותדיק אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אַרום דעם יזכור־בוך אין די אַלע געטרייע לאַנדסלייט, מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט, וועמענס נעמען זיינען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן און וועלכע האָבן יעדער אויף זיין אויפן, בייגעטראָגן צו דער אונטערנעמונג צו שטעלן אַ ווירדיקע מצבה אונדזער פאַרשניטענער שטעטל.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם יידישן קינסטלער, יחזקאל שלאָס, וועלכער כאָטש נישט קיין לאַנדסמאַן האָט בייגעטראָגן די קינסטלערישע צייכענונג צו דעם שער־בלאַט פון אונדזער פנקס.

אין נאָמען פון דעם קאָמיטעט

**ישראל סיידען**



**דער קאָמיטעט פאַרן יזכור־בוך פולאַוו**

פון רעכטס צו לינקס ערשטע שורה זיצנדיק: עטל בריפמאַן, מרדכי וו. בערנשטיין, שמואל ווייס, ר. מאַניקאָוו, שלמה ראָזנבערג.

צווייטע שורה, שטייענדיק: טשאַרנע לאַם־בורשטין, אַברהם מעסינגער, אַברהם טאַרטשיק, ישראל־איסר שיידענפיש, גימפל גרינבערג, שמעון שוואַרצבערג.

עס פעלן אויף דער פאָטאָגראַפיע: שיע טענענבוים, ברוך האָכמאַן, גיטל לעווין (לאָס־אַנדזשעלעס) און דוד פרידמאַן.

## אונדזערע קדושים




די זכרון־מצבה נאָך די מאַרטירער פון דער פולאַווער קהילה, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין דעם „מרתף השואה" (חורבן־קעלער) אויפן הר־ציון אין ירושלים. די מצבה איז געשטעלט געוואָרן פון די פולאַווער לאַנדסלייט אין ישראל און די תפוצות.

אויף דער זכרון־מצבה, וואָס די פולאַווער שארית־הפליטה, פון ישראל און די תפוצות האָבן געשטעלט אין דעם קעלער פון חורבן (מרתף השואה) אויפן הר־ציון אין ירושלים איז אָנגעגעבן דער קאָלעקטיווער יזכור נאָך אונדזערע פאַרשני־טענע פולאַווער ייִדן.

צווישן די הונדערטער ענלעכע מצבות פאַרנעמט דאָרטן איר אָרט אויך דער שטיין וואָס וועט לדורות דערמאָנען אונדזער פאַרטיליקטע קהילה פולאַוו.

אויפן מצבה־שטיין איז אָבער נישטאָ קיין גענוג פּלאַץ כדי אויסצוזרעכענען אַלעמען, די טויזנטער קדושים און טהורים וועמענס אָנדענק עס זאָל אויף אייביק דערמאָנט און געהייליקט ווערן.

ברענגען מיר דאָ ווייטער די רשימה פון אונדזער נאָענטע, פון אונדזערע טייערסטע — אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברי־דער, שוועסטער, פרויען, קינדער, פריינט, שכנים און באַקאַנטע פון אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט פולאַוו, וואָס זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דעם נאַצי־חורבן.

דורך פאַרשיידענע אופנים, אין באַזונדערע ערטער און מיט די כל־המינים מיתות־משונות זיינען זיי אומגעקומען.

שוין אין די ערשטע טעג פון דעם ברוטאַלן דייטשישן אָנפאַל אויף פוילן, אין סעפּטעמבער 1939, זיינען געפאַלן די ערשטע קרבנות בעת די באַרבאַרישע באָמבאַרדירונג פון אונדזער שטאָט.

די מערהייט פון זיי זיינען אומגעקומען דירעקט פון די דייטשישע רוצחים און זייערע אָרטיקע מיטהעלפער.

זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן בעתן גירוש פון פולאַוו; זיי זיינען געפאַלן אויף די וועגן פון נע־ונד; זיי זיינען אומ־געבראַכט געוואָרן אין די ערטער, וואוהין זיי זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן — אין פאַרשיידענע געטאָס אין פוילן, וואָלין, אוק־ראַינע, ווייסרוסלאַנד.

זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין די נאַצישע טויט־לאַגערן — מיידאַנעק, בעלזשעץ, אושוויץ, וואוהין זיי זיינען געבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די יידן, פון די שטעטלעך, וואו זיי האָבן זיך צייטווייליק געראַטעוועט נאָכן פולאַווער גירוש.

זיי זיינען געווען צווישן דער פליטים־מחנה און נע־ונד־ניקעס, וואָס האָבן געזוכט רעטונג אויף די מזרח־געביטן פון פוילן — אָבער אויך דאָרטן האָט זיי דעריאָגט די היטלערישע רוצחישע האַנט.

טייל זיינען אויך אומגעקומען אויף די פראָנטן פון קאַמף מיטן נאַצישן שונא — אין די פאַרשיידענע אַרמייען און אין די פּאַרטיזאַנער־גרופּן.

אויך די וואָס זיינען אַוועק באַצייטנס פון זייער היים און זיך דערשלאָגן צו רואיקע ערטער — קיין פראַנקרייך און בעלגיע — האָבן געטיילט דעם זעלביקן גורל פון זייערע נאָענטע אין אונדזער היימשטאָט. זיי זיינען געפירט געוואָרן אויפן פיין־וועג פון דעפּאָרטאַציע, אין די טויט־פאַבריקן און צוריק ניט געקומען.

***

מיר האָבן געפּרואווט צונויפשטעלן אַ פולע רשימה פון אַלע קדושים. מיר האָבן ניט געוויזאַלעוועט קיין מי, אַז דאָס צעטל פון אונדזערע פאַרפייניקטע זאָל זיין אַ פולער. מיר ווייסן אָבער, אַז עס פעלן זיכער משפחות און נעמען וואָס זיינען אומגעקומען. מיר האָבן די רשימה אויפגעשטעלט נאָך דעם זיכרון פון דער שארית־הפליטה. ליידער זיינען דאָך געווען משפחות, וואָס פון זיי איז נישט געבליבן דער **אחד ממשפחה,** וואָס זאָל זיי דערמאָנען.

די נעמען־רשימה ברענגען מיר אין דעם סדר פון אַלף־בית. עס זיינען ניט אָנגעגעבן װען, װי אַזױ זיי זיינען אומגע־בראַכט געװאָרן, װייל אין דער גרעסטער מערהייט איז דאָס ניט געװען מעגלעך צו פעסטצושטעלן. האָבן מיר ניט געװאָלט מאַכן קיין אויסנאַמען פאַר אַ טייל.

װעט עמעצער געפינען דורכגעלאָזענע נעמען זאָל ער זיי צושרייבן צו די ליידיקע זייטלעך װאָס מיר האָבן צוגע־גרייט ביים סוף פון דער רשימה.

**
*

װעט אייביק לעבן אין אונדזער זיכרון, אין זיכרון פון פאָלק די דאָזיקע נעמען־רשימה; זי װעט אריינגעװעבט װערן אין דער גרויסער רשימה פון די זעקס מיליאָן קדושים וטהורים פון אונדזער פאָלק.

אייביק װעלן מיר זיי געדענקען.

קיינמאָל װעלן מיר זיי ניט פאַרגעסן, שטענדיק דערמאָנען. זייערע נעמען װעלן אונדז אין דער גאַנצער װעלט ניט לאָזן רוען; װעלן װעקן אין מאָגן, אַז מער זאָל אַזוינס זיך ניט איבערחזרן.

דערמאָנען מיר זיי מיט קדושה און טהרה און זאָגן צו הייליק צו האַלטן זייער אָנזאָג, זייער צװאה:

**נישט פאַרגעסן! נישט פאַרגעבן!**

## א

**אַדלער** — העינריק, פרוי און טאָכטער

**אַדעלסבערג** — מרדכי, שרה-לאה, ברכה, טויבע־רבקה

**אַדעלשטיין** - אהרן, הנה

**אַזראָך** — עלקע, משה

**אויפגאַנג** — יודל, רחל, הייה, עלקע, רבקה, טויבע

**איידעלמאַן** - - יודל, רהל, הווה, ירהמיאל

**איידעלשטיין** — צבי־הירש, יעקב, שרה, חנה, בצלאל און קינדער

**איידעלשטיין** — חנה-שיינדל

**אייזנשטיין** — בונים און פאַמיליע

**אייזנשטיין** — שלומה, פרוי, טאָכטער, זון שלום

**אייזענמאַן** -- משה-שמשון, פריידע־לאה, רבקה-מאַטל

**אַלטמאַן** — אליעזר און משפחה

**אַלטמאַן** — משה, שרה, הערש-לייב, בראָכטשע

**אַלטמאַן** — מרדכי, דבורה (פרוי), שרה (טאָכטער)

**אַלעפראַנט** — לייב, עלקע (פרוי) און טעכטער: שרה און בעלאַ

**אַנטמאַן** — שרה מיטן מאַן און קינדער

**אַנקער** -- משה, דבורה (פרוי) און צוויי קינדער

**אַנקער** — עזבדיה, פרוי און טאָכטער

**אָסינסקי** -- לייבל, חווה (פרוי), קינדער: חנהלע, משהלע, היים, יצחק, רהל, זיסל

**אַקסעלראָד** — יוסף, שיינדל (פרוי) און טעכטער מיט זין

**אַראָן** — משה און פאַמיליע

**אַרבעטסמאַן** -- משה, גיטל, שרה, רבקה, פריידע, אשר

## ב

**באַך** — הענרי, זשאַנעט, אַנדרי

**באָרנשטיין** — דוב-בעריש, חיטשע (פרוי), יונה (זון)

**באָרנשטײן** — הערשל, הנה, טעמע
**באָרענשטײן** — זלמן־יצחק, יעקב־משה, איטקע (פרוי)
**באָרנשטײן** — הערשל מיט משפּחה
**באָרנשטײן** — לאָניע מיט איר משפּחה
**באָרענשטײן** -- לײב־יש, זײן פרוי, טאָכטער סודיע מיט דער משפּחה, זון הערש און טעכטערל טײבעלע
**באָרנשטײן** — ירחמיאל, פּערל, שײנדל
**באָרנשטײן** — מאיר, פרוי און קינדער
**באָרנשטײן** — מיכל־בער, הנה (פרוי), חײם־הערש, פּעשע־לאה
**באָרנשטײן** — משה, פרוי, טעכטער, זין
**באָרנשטײן** -- יעקב־שלמה, רחל (פרוי), קינדער: דוד, סימע, בן־ציון
**בוימאײל** -- אליעזר, פײגע־רחל (פרוי), שמואל, לאה, פּנחס
**בוימאײל** — משה־יעקל, הנה־לאה און 5 קינדער
**בוימאײל** — פישל (גורא פּולאַװסקאַ), פרוי חנטשע און קינדער
**בוימאײל** -- פישל, פרוי רחל און קינד
**בוכבינדער** — שלום, מאַשע (פרוי), מלכה, יחיאל און 4 אײניקלעך
**בוכבינדער** -- מלכה־סילקע מיט פיר קינדער
**בוכבינדער** — אפרים, פרוי און דרײ קינדער
**בוכבינדער** -- פײגע מיט פיר קינדער
**בוכבינדער** — מאיר, פרוי און דרײ זין
**בוכבינדער** -- מענדל, שרה, יצחק
**בוכבינדער** — יחיאל, רײשע, גוטע, קרײנדל, לעאַ
**בורװאַסער** — פסח־מענדל, שרה (פרוי) און פיר קינדער
**ביגעלעזער** — אַרטשע און פאַמיליע
**ביגעלעזער** — יחיאל־דוד און פרוי
**ביגעלעזער** — יוסף, פרוי, קינד
**ביגעלעזער** — מאיר

**ביגעלעזער** — משה, פרוי

**ביגעלעזער** — שאַיע, פרוי קינדער

**בייגעלמאַן** — יהודה, אסתר (פרוי) און קינדער

**בייגעלמאַן** — אַבע, פרוי, קינד

**בייגעלמאַן** — חנה־שבע, מאַן און קינדער

**בייטשמאַן** — אַברהם, (קאַמאַשנמאַכער) און פרוי און קינדער

**בייטשמאַן** — אַברהם (דראָשקאַזש), פרוי און קינדער

**ביילענדער** — משפחה

**בלומענקראַנץ** — בן־ציון, הינדע (פרוי) און קינדער

**בלומענקראַנץ** — ישראל־פנחס, פערל־דינה (פרוי)

**בלומענקראַנץ** — ברוך־שמואל, יעקב־יצחק, אַברהם, מרדכי, נחום

**בלופאַרב** — חיים

**בלופאַרב** — שמואל־איטשע, פרוי און קינדער

**בלער** — טשאַרלז, זשאַקלין, גיזעלע

**בעקער** — דוד און זין: יצחק, משה

**בערמאַן** — מענדוס

**בערגמאַן** — ליבע, משה

**בערגרין** — לייבל מוטער און שוועסטערס

**ברענמאַן** — שפרה, משה, בלומע

**ברענמאַן** — ירמיה (מיט פרוי און 2 קינדער)

**ברענמאַן** — רחל (מיטן מאַן און צוויי קינדער)

**ברענמאַן** — לאה (מיטן מאַן און דריי קינדער)

**בראָד** — יחזקאל

**בראָנשטיין** — יאַסעק

**בראָנשטיין** — שמעון און פאַמיליע

**בראָנשטיין** — לייבל, פרוי און קינדער

**בריינטוך** — איטשעלע

**בריפמאַן** — חיים און טעכטער

**בריפמאַן** — מרדכי, מינטשע און צוויי קינדער

**בריק** — מאיר, פרוי, קינד ער

**בריק** — שמואל־יצחק און פאַמיליע

**ברענער** — יאַנקל־פישל, געלע, בלומע

**ברענער** — גאָלדע

**ברעסלער** — שרה, אַברהם, דבורה, ירחמיאל, לייב, שלומה יצחק, שרה, בערעק

ג

**גאָלד** — נוח, פרוי און קינדער

**גאָלד** — חנה, חוה, טאָבטשע

**גאָלד** — איטשע, פרוי און קינדער

**גאָלדבלאַט** — מנשה, יצחק

**גאָלדבערג** — יאָסל, פייגע (פרוי) און קינדער: פסח, טאָבטשע, דודל

**גאָלדבערג** — יהודה, ראָכטשע, פערל, שלום, דינה

**גאָלדבערג** — זעלדע און קינדער

**גאָלדוואַסער** — יואל, רעגינע

**גאָלדמאַן** — הענריק (חיים), ישראל, העניעק (גרשון), לאה, האַלינע, מיעטעק, אַלעקסאַנדער

**גאָלדמאַן** — נחמיה, רויזעלע, נעכעלע, יודל, חנטשע

**גאָלדנאַדל** — בערל, עטל (פרוי), חיים (און פרוי), אפרים, יאָסעלע

**גאָלדפינגער** — חיים, פייגע און צוויי קינדער

**גאָלדפינגער** — חנה, יאָסל, לאה (מיטן מאַן)

**גאָלדפינגער** — איתמר מיט פרוי און קינדער

**גאָלדפעלד** — ראובן, פעסע־רויזע (פרוי), שרה (טאָכטער), משה (זון)

**גאָלדפעלד** — מלכה־רבקה און די טעכטער שרה־דבורה, טויבע

גאָלדרייך -- יצחק-וועלוול, רייטשע (פרוי) און צוויי קינדער
גאָלדרייך — אהרן
גאָלדרינג — אסתר -- ד"ר, יוסף
גאָלדשטיין -- הירש, זיין פרוי און צוויי קינדער
גאָלדשלעגער --- דינה, איר מאַן און דריי קינדער
גאָלדשלעגער — פייגעלע
גוטהאַרץ -- בנימין, זיין פרוי צוועטל און פיר זין
גינצבורג -- יהיאל און פאַמיליע
גינצבורג -- יצחק און פאַמיליע
גינצבורג -- מאיר און פאַמיליע
גלאַזמאַן -- רייזל, איר מאַן און קינדער
גלאַזמאַן -- משה און זיין פאַמיליע
געווערצמאַן — אַהרון, חמה, חיה, מינטשע
געווערצמאַן — אליה, היה-זלאַטע
גליקלעך — בעלאַ
געלבפיש — עטעלע
גראַדשטיין -- חיים-בנימין
גראַדשטיין -- לייבל, פרוי און זון
גראָסבערג -- בערל, פערל (פרוי), צוויי זין
גרינבוים — איטשע, הייה (פרוי) און קינדער
גרינבערג -- קלמן-משה, חנה (פרוי), טעכטער: שרה, הענעלע
זין: רפאל, אַברהם, ברוך
גרינבערג -- שיינדל, דאָרע (טעכטער)
גרינבערג — שלום-שכנא און קינדער
גרינבערג — יידל
גרינבלאַט — משפחה מיט פינף קינדער
גרינגלאַס -- יצחק, טויבע, יודל, פערל

## ד

דאַווידסאָן — שלמה ד"ר און משפחה

**דאָרפמאַן** — מענדל (װלאָסטאָװיין) און משפחה
**דרעקסלער** — בן־ציון
**דרעקסלער** — מינדל מיט די קינדער

## ה

**האָבערמאַן** — אהרן־װאָלף, תרצה (פרוי), עטעלע (טאָכטער)
**האָבערמאַן** — הערשל, שפרינצע (פרוי) און טעכטערל
**האָבערמאַן** — אייזיק, הינדל (פרוי) און קינדער: הערשל, בערל, חיה
**האָבערמאַן** — פריידע־רבקה, חיה
**האַזענשפרונג** — לױי־יצחק, דבורה (פרוי)
**האָכמאַן** — מעכל, חנה (פרוי) און טעכטער: נחמה, שרה, חיה, איטקע
**האָכמאַן** — צבי, רבקה לאה, עלקע, חנה, אברהם, רחל, איסר, פנחס
**האָכמאַן** — אברהם, פריידל, יונה, יצחק, שרה
**האָכמאַן** — יאָסעק מיט זיין פרוי און צװיי קינדער
**האָכמאַן** — רפאל מיט זיין פרוי און דריי קינדער
**האַלבערשטאַט** — יחיאל, פרימע (פרוי)
**האַלבערשטאַט** — שמואל, מענדל, מאָטעק
**האָלצמאַן** — שבתי, חוה (פרוי)
**האָלצמאַן** — הערש־לייב, מיט זיין פאַמיליע
**האָלצמאַן** — שבע־לאה, מיט איר פאַמיליע
**האָלצמאַן** — טשאַרנע, מיט איר פאַמיליע
**האָלצמאַן** — משה
**האָלצניצער** — יאַנקל, מינדל (פרוי) און קינדער
**האַנדלסמאַן** — משה
**האָניקסהענדלער** — שמואל הענאָך, רחל, פעסע, בלומע, שרה, אידל־לייב, פייגע, שמואילק

האַניקסהענדלער — שמואל, מירל (פרוי), טאַשע (טאָכטער)
האַניקסהענדלער — יצחק
האַניקספעלד — בנימין ד"ר, עלזא (פרוי)
האַניקשטיין — יצחק
האָראָוויטש — מענדל
האָרוויץ — נחום און פאַמיליע
האָרוויץ — פייגע און פאַמיליע
האָרוויץ — הערשל
האָרוויין — יצחק
הובערמאַן — ישראל, שרה, פסח און נאָך א קינד
הובערמאַן — משה־תנחום, טשאַרנע (פרוי) מיט פיר קינדער
הובערמאַן — רבקה, ברוך, צימקעלע, חיים
הובערמאַן — ליפע
העכט — שמחה, שיינע־פייגע (פרוי)
העקסלער — משה חיים, טויבע־גאָלדע (פרוי), מענדל, ליובע
הערינג — פריידע, נינקע (טעכטערל)
הערש — משה און זיין משפחה
הערשאַפט — פסח, זיין פרוי און צוויי קינדער
הערשאַמאַן — זעליג, חיה (פרוי)
הערשמאַן — לאה, איר מאַן און קינדער
הערשמאַן — האָדעס און קינדער
הערשמאַן — ישראל, מיט זיין פרוי און קינדער
הערשמאַן — פנחס מיט זיין פרוי און קינדער
הערשמאַן — יאַנקעלע און משפחה
הערשקראַפט — פסח, זלאַטע, ברוך, יאַנקל

## וו

וואַלדבוים — אסתר מיט דער משפחה
וואַלדבוים — אשר, שרה־רבקה, שאַשע, ניכל, שמואל

**וואַלדבוים** — יאָסל
**וואַלדבוים** — חיים־מאיר
**וואַלדבוים** — משה־אהרן, זיסל, און טאָכטער
**וואַלפיש** — חיים, פייגע (פרוי)
**וואַלפיש** — יצחק, זיין פרוי און קינדער
**וואַלפיש** — שלמה, שרה (פרוי) און צוויי קינדער
**וואַלפיש** — משה, מלכהלע (פרוי) און דריי קינדער
**וואַלפיש** — רבקה מיט איר מאַן און דריי קינדער
**וואַלפיש** — ה.
**וואָלפמאַן** — יעקב־דוד, חוה (פרוי)
**וואָלפמאַן** — אליהו מיט פרוי און פינף קינדער
**וואָלפראַם** — בערל, אברהם, גאָלדע (פרוי), שפרה, שמואל, משה
**וואָלפראַם** — הייה, איטע
**וואָלפראַם** — ישראל, שרה, יאָסל
**וואַסערמאַן** — בלומע, אירע צוויי זין מיט זייערע פרויען און קינדער
**וואַסערמאַן** — גאָלדע, מענדל, באַשע, שבע, שרה, שמואל, רחל, אברהם, לייבל
**וואַסערמאַן** — מאיר, צבי, אברהם, גיטל, יוכבד, שבעון, נתנאל, פערל, לאה
**וואַסערמאַן** — שמעון, מנשה, יעקב
**וואַרטענבראָט** — משה
**ווייַדער** — מאיר, דינה (פרוי) און פאַמיליע
**וויינבערג** — הערשל, מלכה (פרוי), פּיניע, יאָסל
**וויינבערג** — משה און צוויי קינדער
**וויינבערג** — ישראלקע, לאה (פרוי)
**וויינבערג** — נוח, בלומע, בראַניע, חנה, אליהו, שמואל, זעליג
**וויינבערג** —דוב־עריש, גיטל (פרוי)

ווײַנבערג — מעכל, מלכה
ווײַנבערג — יואל, דבורה (פרוי) בן־ציון (זון), רבקה (טאָכטער)
ווײַנבערג — אסתר
ווײַנבערג — נחמיה
ווײַנשטאָק — לייבל און משפחה
ווײַנשטאָק — מרדכי
ווײַנשטאָק — משה מיט משפחה
ווײַסבראָט — איטקעלע, הנה־לאה, נחמיה
ווײַסבראָט — מענדל, מאַכלע (פרוי), שפרה (שנור)
ווײַסבלום — בנימין
ווײַסשטיין — שייקע, דרייזל
ווילדרייך — נחום הרב, האָדל־לאה
ווינער — חיים,ביילע־פערל, יחזקאל, לייזער, רויזע, בריינדל
ווינער — יהזקאל, רחל (פרוי), שלומה (זון)
ווּלאָסטאָוויצער — ישראל, טשארנע (פרוי), שיינדעלע
ווּלאָסטאָוויצער — פריידל מיט משפחה
ווּעבערמאַן — ישראל־יצחק און פרוי מיט קינדער
ווּעלטמאַן — רבקה, רחל, שמואל
ווּעלט — אפרים און רענע מיט זעקס קינדער

## ז

זאַליק — איטשע, נחמה (פרוי) און זון
זייפמאַן — מנשה
זיידענבוים — לייב, חיה, ביילע, געלע, אברהם, שרה, משה, הנה
זיידמאַן — מענדל פרוי, 6 קינדער און 7 אייניקלעך
זילבערבוים — שלומה און משפחה
זילבערנאַדעל — איטשע, פייגע און קינדער
זילבערנאַדעל — ביילע און קינדער

**זילבערשפּאָרן** —חיים־דוד
**זימאַן** — הינדע, יעקב, פריידל
**זיסמאַן** — יאַנקל, רייזל (פרוי), זון און טאָכטער
**זיסמאַן** — שלמה, אסתר (פרוי)
**זיסקינד** — אברהם, שרה־הדסה (פרוי) און זעקס קינדער
**זעגעלבוים** — ישראל

## ט

**טאָוב** — אפרים, הרב
**טאוּבער** — ישראל־אברהם, הנה־טויבע (פרוי)
**טאַובער** — שלמה, גוטע (פרוי) און זייער זון
**טאַובער** — יאַנקל
**טאַובער** — חיים, שיינדל (פרוי), מינדל
**טאַובער** — יחזקאל, מיט פרוי און זון
**טאַובנער** — יחזקאל, מיט פרוי און זון
**טאַובנער** — מנוחה און איר משפחה
**טאָכטערמאַן** —הייהלע
**טאָכטערמאַן** — בנימין, מיט זיין משפחה
**טאָכטערמאַן** — יעקב, מיט זיין משפחה
**טאָכטערמאַן** — לייבל, מיט זיין משפחה
**טאָכטערמאַן** — חיים, מיט זיין משפחה
**טאָכטערמאַן** — איטשע, מיט זיין משפחה
**טאָכטערמאַן** — דוד־מאיר, חנה־לאה, שאול, רחל פייגע, מאַטל, שרה און זייערע משפחות
**טאָכטערמאַן** — אברהמלע און זיין יונגע פרוי
**טאַנצמאַן** — מרדכי, הייה (פרוי)
**טאַנצמאַן** — יעקב, לאה (פרוי), חנה
**טאַנצמאַן** — יעקב, בונם־הערש, הייה־דבורה, אברהם, חנה, דינה מרים, לווי, חיים־ליב

**טאַרטשיק** — יהושע, מאַליע (פרוי), מרים (טאָכטער, יחיאל (זון)

**טאַרטשיק** — חנה

**טאַרטשיק** — אַברהם און פרוי

**טאַרטשיק** — יצחק, פרוי, טאָכטער רייזל, זון שמואל און נאָך צוויי טעכטער

**טאַרטשיק** — יעקב, פרוי און צוויי קינדער

**טאַרטשיק** — ישראל, פרוי און קינדער

**טאַרטשיק** — פיניע, פרוי און טאָכטער

**טאַרטשיק** — שלמה, פרוי און טאָכטער

**טאַרטשיק** — משה, פרוי, 2 טעכטער און זון

**טוגענדרייך** — חיים, טויבע, שיינדל, שמעון-ברוך

**טוגענטמאַן** —רחל, אַברהם, פעסע

**טייטעלבוים** — יואל און משפחה

**טייטעלבוים** — פייוול און משפחה

**טייך** — ישראל-אביגדור, מיט זיין פרוי

**טייך** — איתמר, נחמיה, רחל, שרה

**טייך** — מוניע, מיט פרוי און קינדער

**טייך** — שמואל, מיט פרוי און קינדער

**טענענבוים** — בעניעק, שרה-רבקה (פרוי), יאָסעלע (זון)

**טענענבוים** — הינדעלע (טאָכטער פון משה „פיזיק") און איר טעכטערל מלכהלע

**טענענבוים** — תנחום און משפחה

**טשעכאַנאָווסקי** — לייבל, פרוי און דריי קינדער

י

**יאַנאָווסקי** — לאהלע, מאַרעק (זון)

# ל

**לאַזשניק** -- יעקב, עלקע־פּערל (פרוי) און זעקס קינדער

**לאָטערמאַן** — אַברהם־דוד, חיה־רבקה, טוביה,ביילע, דינהלע און משפחה

**לאָטערמאַן** — יוסף־אליה, זיסל (פרוי) און טעכטער: הנה, מרים

**לאָטערמאַן** — מרדכי, דבורה (פרוי) און קינד

**לאָטערמאַן** — חיים, פרומטשע (פרוי)

**לאָטערשפּיל** — מינדל, בנימין און צוויי קינדער

**לאָטערשפּיל** — וועלוול און פרוי, איטשע, שלמה יאָסל

**לאָטערשפּיל** -- חיה מיט איר מאַן און טאָכטער

**לאַם** — מאיר און פרוי

**לאַנדסמאַן** — שיע, מאַטלע, הנה, אליה

**לאַקס** --- שרה, לייבל, טאָבטשע

**לאַקס** -- יצחק, גוטשע (פרוי) און זון

**לאָרים** — משפחה

**ליבפעלד** -- אברהם, יהודית (פרוי), טעכטער: חיה, אסתר און זון: נחום

**ליבפעלד** — לייזער

**ליבפעלד** -- רפאל, יענטע (פרוי) דניאל (זון) רויזע (טאָכטער)

**ליבפעלד** — רבקה

**ליכטסאָן** --- שבתזאָן — דענטיסטין

**ליכטסזאָן** — שאול

**ליכטענשטיין־פריד** --- רייזע און איר מאַן

**ליסטיק** — מאיר, יאַנקל, משה

**לעבענדיקער** --- אליעזר

**לעדערמאַן** — צפורה, נחמיה

**לעדער** — צירל און קינדער

לעדערמאַן — הייהלע, מיט איר מאַן און קינדער
לעדערמאַן — הנה מיט איר מאַן
לעדערמאַן — גאָלדע, מיט איר מאַן און דריי קינדער
לעוויט — משפחה
לעווין — יאַנקל
לערמאַן — משה, פרוי און קינדער
לערנער — פנחס, פסח, פריידל (פרוי), בעלע

## מ

מאַנדלבוים — מרדכי, רבקה (פרוי) און טעכטער: חייה איטקעלע
מאַנדלבוים — ישראל־אברהם, פעסע (פרוי) און קינד
מאַנדלבוים — אסתר מיט איר מאַן העשל און קינד
מאַנדלבוים — יוסף און משפחה
מאַנדלבוים — יצחק און משפחה
מאַנדלבוים — בעריש און משפחה
מאַנדלבוים — מרדכי, פייגע־גיטל (פרוי), טעכטער: הינדע, פעסע און זין: שלמה, דוד, כאַצקל
מאַנדלבוים — שרה אברהם־יצחק, פריידל, מאיר־שלום, חווה
מאַנדלבוים — שמואל הערש
מאַנדלבוים — עטל און קינדער
מאַנטלמאַכער — נטע און משפחה
מאָניקאָוו — פאַוועל
מאָרגנשטערן — יצחקל און משפחה
מאָרעל — משפחה
מייזילס — שרה
מילראָד — אברהם, הייה (פרוי), טעכטער: שרה, פריידל, הנה, זין: מאיר, יונתן, זלמן
מינקום — מאַרקוס, רחל (פרוי)

מעלהענדלער — הערש, רחל (פרוי) און אַכט קינדער
מעלמאַן — חיים, חיה־שרה און זייער משפחה
מעלמאַן - שמואל און משפחה
מעלמאַן — אבא און משפחה
מעלמאַן — יאַנקל, פרוי און קינדער
מעלמאַן — זעליג, פערל (פרוי) און קינדער
מעלמאַן — הינדע
מעלמאַן יאַנקל, חיים־דוד
מעלמאַן — פייזל, חיים־יעקב
מעסינגער - ישראל, אַדוואָקאַט, פרוי, צוויי זין, טאָכטער און משפחה
מעסינגער — יונה און משפחה

## נ

נאָדעלהאָלץ — שמעון און פרוי
נאָדעלהאָלץ — שמואל
נאָדעלמאַן — חיים־פסח, מאַלכע, נתן
נאַכטיגאַל — יחזקאל
נאַכטיגאַל - איתמר מיט פרוי און משפחה
נאַכטיגאַל — חיים מיט פרוי און משפחה
נאַכטיגאַל — יעקב
נאַכטיגאַל — משה, פרוי און קינד
נאַכטיגאַל — שמואל, פרוי און קינד
נאַסיבאָרסקי — משה און משפחה
נאַסיבאָרסקי - חיים און משפחה
נאַסיבאָרסקי — יאַנקל און משפחה
נאָרמאַן — הנה, עזריאל, רחל, נחום
נאָרמאַן — לאה און משפחה
נאָרמאַן — חיה און משפחה

נאָרמאַן — מנשה און משפחה
נאָרמאַן -ביילע און משפחה
נאָרמאַן - שלמה און משפחה
ניי — מנחם-מענדל רב, אהרון
ניי — פנחס און פרוי, יוסף
ניימאַרק — מאיר, רחל (פרוי) און טאָכטער
ניימאַרק — טויבע
ניימאַרק - משה, רחל, דוד, שבע, מלכהלע
ניימאַרק - - יוסף-מענדל, אברהמטשע
ניסענבוים — יאַנקל, נעשע, יצחק, נחמה
ניסענבוים — הנה

## ס

סאָכאַטשעווסקי — יודל
סאָכאַטשעווסקי — מ.
סאַנאָק - אברהם

## ע

עדעליסט - אברהם
עדעלמאַן — משה, גרשון, יחיאל
עדעלמאַן - פריידל, העלע, ביילע
עדעלמאַן — הנך, שרה (פרוי), ירוחים, אידל, ירחמיאל
עדעלמאַן — יעקל
עדלשטיין - אהרן-מאיר
עדלשטיין — נח, עטל (פרוי)
עדלשטיין — שמעון, ציפורה
עפשטיין - ירחמיאל, אברהם-הערש, מאנוס
ערשטער — אַברהם, רבקה, הנה, מירעלע, בעניעק, פרידע

## פ.

**פּאָטעשמאַן** — יאַנקל, גאָלדע און צוויי קינדער
**פּאָמעראַנץ** — הערשל, חיה, הוהלע, חיים
**פּאָנטש** — הערש־ראובן
**פּערלמאַן** — אַהרון, פרוי און זון
**פּערלמאַן** — יחזקאל, רחל, מענדל, לייבל, שרה,ביילע
**פּערלמאַן** — דוד, משה, ברוך
**פּערלמאַן** — שיינדל, מרים, הערשל
**פּערעלמאַן** — רייזל, משה (זון), נאַדזיע (טאָכטער)
פּריץ — דינה, אַלעק

## פ

**פֿאַלענבאָגען—ראַפּאַפּאָרט** — רוחמה
**פֿאַלענבאָגען—שפּיעוואַק** — מרים
**פֿאַלענבאָגען—גייסט** — רחל
**פֿאַלענבאָגען** — זעליג, לאה, חוה, לווי, רחל
**פֿאַלענבויגן** — ישראל, דבורה־רחל, אברהם, ביילע, שמואל־מענדל
**פֿונט** — הערש־ראובן, פריידע, איטל
**פֿייגעלסאָן** — אסתר, חנה, פריידל, בלומע
**פֿייגענבוים** — ישראל (סראָלקע), חיה
**פֿיינקוכען** — אברהם־הערש, לאה (פרוי), מאַניע, לעאָן
**פֿייערשטיין** — יצחק
**פֿייערשטיין** — עקיבא, חיה־ביילע (פרוי), טעכטער: שרה־דבורה, אסתר, זון: ישעיהו
**פֿינקעלשטיין** — אביגדור
**פֿינקעלשטיין** — אהרון, בלומע־יוכבד (פרוי) און צוויי קינדער

**פינקעלשטיין** - בעריש, סולקע (פרוי) און טעכטער: אסתר, לאה, שרה, חייהלע

**פינקעלשטיין** — הייה, העניע, שלום

**פינקעלשטיין** — יעקל

**פינקעלשטיין** — יצחק, שיינדל (פרוי)

**פינקעלשטיין** — מרדכי, וויקטאָר

**פינקעלשטיין** — שמואל, פערל (פרוי) און א קינד

**פיראַנקאַ** — משה־פנחס מיט משפחה

**פישמאַן** — ירמיה

**פישמאַן** — משה, מינטשע (פרוי)

**פליישמאַן־ראַטנאָוויטש** — העסיע

**פליספעדער** — לאה און זין: איטשע, הערש, שמעון

**פלעק** — וועלוול, דינה, אייזיק־מרדכי, יצחק, שרה, בראַנדל, איטע־לאה

**פעדער** - גדליה

**פעדער** - טויבע און טעכטער

**פעלדבערג** — דוד מיט משפחה

**פעלדבערג** - יהושע, שרהקע (פרוי), זין: מנחם, שלום, טאָכטער: שרה

**פעלדבערג** — יהזקאל, שיינדל (פרוי) און זייערע משפחות

**פעלדבערג** — יעקל

**פעלדבערג** — מנחם, גיטל (פרוי) און קינדער: שמעון, שרה

**פעלדבערג** — משה

**פעלדשטיין** - יחזקאל

**פעפערמאַן** - יצחק־מאיר, איטע־פייגע (פרוי), חווה (טאָכטער), יעקב (זון)

**פערד** — מאיר, ריקלע,ביילע, געניע

**פערד** — יעקב, רבקה, גרשון

**פערד** — אננא, קריסיע

**פראָנענבערג** — לייביש, סימקע
**פראַנעבבערג** — מענדל און די קינדער: נייטל, משה, ישראל, אַברהמטשע, שרהלע
**פרוכטמאַן** — רבקה־פעסע געבוירן שולמאַן
**פרוכטמאַן—לעווין** — הינדע
**פרוכטמאַן—גוטמאַן** — גנענדל מיט צוויי קינדער
**פרוכטמאַן** — שיינדל, מאַן און דריי קינדער
**פרוכטמאַן—זאַיאָנץ**, מאַן און קינדער
**פרוכטמאַן—לעווין** — מלכה און מאַן
**פרוכטמאַן** — לאה
**פריד** — יוסף, פאַליע, פישל, חנניה
**פריד** — יחזקאל, פייגע, צלובה, שמעון, שמואל, טעמטשע, פריידקע
**פרידהאָפער** — ג. ד״ר, פרידהאָפער, י. (פרוי) ד״ר
**פרידמאַן** — משה, הדסה, פערל, יעקב, גוטשע, טביה.
**פרידמאַן** — סאַנע, חווה
**פרידמאַן** — אַברהם
**פרידמאַן** — איתמר
**פרידמאַן** — יצחק, חייה־סימע, נחמיה, אברהם
**פרידמאַן** — רויזע, דבורה־רחל, אברהם
**פריינוואַלט** — הינדע
**פריימאַן** — שמואל און משפחה
**פרים** — מענדס, ריווע

## צ

**צווייגענבערג** — גאָלדע
**צווייגענבערג** — הערש
**צוקער** — יהודה־לייב, חנה, פנחס, בלומע
**צוקערמאַן** — הערש, באַשע (פרוי), טעכטער: גאָלדע, חייה, דבורה

**צוקערמאַן** — װעלװל

**צוקערמאַן** — יצחק, פעסעלע (פרוי), דבורה (טאָכטער), גבריאל (זון)

**צוקערמאַן** — שלמה,טאַבקע (פרוי), לאה (טאָכטער) און יינגעלע

**צוקערמאַן** — שמואל, עלקע (פרוי), ברוך (זון) לאה (טאָכטער)

**צוקערמאַן** — שפרינצע מיטן מאַן און קינדער

**צוקערפיין** — לייבל, הייה (פרוי) און קינדער

**ציבעל** — אברהם, בריינדל (פרוי)

**ציון** — **הערש־לייב,** (קאַמאַשנמאַכער) הייה, שפרה, שרה, מענדל, פייגעלע

**ציון** — משה־אהרן, שרה־רייזל, גאָלדעלע,ביילע־רחל, צביה, ישראל־יצחק

**ציון** — לייבוש און משפחה

**ציון** — הערש־לייב (תבואה־סוחר), שרהלע, רבקה, הייה, יאַנקל און משפחה

**ציון** — אליה, פעסעלע (פרוי), פערעלע, אסתר, נעמי

**צעפּילאָווער** - - נחום און משפחה

## ק

**קאַהאַן** —אהרן

**קאַליקשטיין** — משה

**קאַמער** - מאָטל און פרוי

**קאַפּלאַן** — לייביש־פּסח, שמואל, הערשל, פייגע, שבע, הייה, יוכבד

**קאַץ** — שאול, אסתר

**קאָרמאַן** — הנה־איטע, פעדער משה

**קאָרמאַן** — נעטל, פריידע לאה (פרוי), איטשע ריזשע

**קאָרנבערג** -- יאָסל, פייגע (פרוי), טעכטער: רייזל, חנה, פעסע

**קאָרנבערג** — מאָטל, גערטרוד, פרוי און דריי קינדער

**קאָרנגאָלד** — משה־ליפע, איטע (פרוי), פייגע, חנה

**קאָרנגאָלד** -- הייה

**קאָרנגאָלד** -- יחזקאל און קינדער

**קאָרנגאָלד—לודיוויינסקי** -- שיינדל

**קויפמאַן** --- רפאל און משפחה

**קוואַטער** -- משה און משפחה

**קופערבערג** — פייגע

**קופערבלום** -- זעליג, פרוי און קינדער

**קופערבלום** — מענדל און פרוי

**קופערבלום** — שלומה, כיעטע (פרוי) און קינדער

**קורצבאַרד** — הערשל און משפחה

**קורצבאַרד** -- יצחק

**קייזער** — חנה, מלכה

**קייזער** — דוד און פרוי

**קייזער** — רפאל מיט פרוי און קינד

**קייזער** --- שרה מיטן מאַן און צוויי קינדער

**קייזער** — הייה־גאָלדע

**קייט** -- מאָטל, יונה־הערש, ליבע (טאָכטער), ישעיהו (זון)

**קלאָפּערמאַן** — מאַשע און קינדער

**קליינבוים** —אברהם, פעפע (פרוי), רבקה (טאָכטער)

**קליינבוים** — לאַזער, פערל (פרוי), זכריה (זון), תושיה (טאָכטער)

**קליינבוים** — משה, שרה, רות

**קליימאַן** — היים, גוטקע (פרוי), הערשל (זון) חייה (טאָכטער)

**קליינוועקסלער** — יהודה, חייה, חנה

**קלײנער** — יוסף, ישראל, פײגע
**קעניגסבערג** — צאָן־טעכניקערין
**קערשנבוים** -- דוד און משפחה
**קערשענבוים** — יעקב, אסתר־מלכה (פרוי), בנימין (זון) און יונה
**קערשענבוים** — מרים
**קערשענבלאַט** — משה, צירל, חנהלע, יוסף, חייהלע, זלמן
**קערשענבלאַט** — דוד, הנה, (פרוי) און קינדער: פישל, שמואל, רהלע, יוסף, צלובה, פיניע
**קערשנבלאַט** -- ביילע, פאַליע, אַנדזיע
**קערשענבלאַט** -- הערש־לײב, חיה־גיטל, טױבע, ביילע, ישראל
**קערשנבלאַט** — שמואל, פרוי און קינדער
**קערשענבלאַט** — הערש־לײבל, פרוי, שמואל און משפחה
**קראָנענבערג** — איציק, רבקה, חיים, יעקב
**קראַסבערג** - - גיטל, מאַן און צוויי קינדער
**קרימער** -- אבע, פרוי פינף קינדער און 6 אייניקלעך
**קרימער** — פנחס
**קרעלענבוים** — הערשל, פײגע (פרוי), ליבע (טאָכטער)
**קרעלענבוים** — שייע, פערל (פרוי)

## ר

**ראָזמאַרין** — און זיין פרוי מירל
**ראָזמאַרין** - - און משפחה
**ראָזען** -- משה, אַהרן, העלע, לאָזער
**ראָזענפאַרב** -- לײב, ראָזע, בעניעק
**ראָזענפעלד** - - מאַטעלע, בעניעק
**ראָזענבוים** — יאַנקל, מירל, איין קינד
**ראָזענבוים** - - שמההלע און משפחה
**ראָזענבוים** — מאַטל, חייה־רבקה (פרוי), מירל, אסתר, מענדל
**ראָזענבלאַט** — ישראל, פײגעלע (פרוי) און קינד

**ראָזענבלום** — הלל
**ראָזענבערג** — אהרן, רבקה (פרוי) און זון
**ראָזענבערג** — הערשל
**ראָזענבערג** — יאָסעלע, פייגעלע
**ראָזענבערג** — פישל
**ראָזענוואַלד** -- אברהם
**ראָזענזאָן** — שלמה,ביילע (פרוי), חוה, מרים, יחזקאל
**ראָזענטאַל** -- חנה, גרשון, לייב־אריה, שמואל, שלומה, זלאַטע, פייגע, חיים
**ראָטמאַן** -- ישראל
**ראָטמאַן** — אַביש, פרוי און קינדער
**ראָטנאָווסקי** -- יעקב, צלובה (פרוי), לאה
**ראָטענבערג** -- יעקב, חנה (פרוי), תושיה (טאָכטער)
**ראָטער** — ביינוש
**ראָטער** — הערש־לייב
**ראָטער** — יאַנקוש, ריווטשע
**ראָטער** — אַברהם, פערל און פינף קינדער
**ראָטער** — ישראל, רויזע און צוויי קינדער
**ראָטער** -- יעקל
**ראָטער** — שמואל, חוה (פרוי), זלאַטע (טאָכטער)
**ראָטער** — מירל און קינדער
**ראָטער—שמייזנער** -- ריווטשע, יעקעלע (זון)
**ראָכמאַן** — אַברהם־חיים, פרוי און צוויי קינדער
**ראָכמאַן** — שלומה און קינדער
**ראָסעט** -- ברוך און משפחה
**ראָסעט** — יונה, נחמיה, פעסע
**ראָסעט** -- לייבל, ברוך (זון)
**ראַפּאַפּאָרט** — דוד, זיין פרוי רחל און זייערע דריי טעכטער
**ראַק—בערמאַן** — מינצע און קינדער

ראַק — נתן־דוויד און פרוי
ראַק — סאַלאַמאַן און קינדער
ראַק — רינע, זשאַנעט, אַננאַ, ענזיל
רובינפייער — אהרון, רפאל
רובינשטיין — איטשע
רובינשטיין — הירש, ברײנדל, יעקב־שלומה, מנוחה, פעסע
רובינשטיין — מענדעלע
רובינשטיין — נפתלי, הנה־פייגע (פרוי), שרה־גיטל (טאָכ־טער) בנימין־יהיאל (זון)
רובינשטיין — רחלאון טעכטער: מינדל, שרה
רובינשטיין — שמערל, הייה־דבורה (פרוי)
רובינשטיין — מאיר און משפחה
רובינשטיין — לייבל און משפחה
רובינשטיין — יוכבד און משפחה
רובינשטיין — הינדע און משפחה
רובינשטיין — דבקה און משפחה
רויזבלאַט — ישראל, אסתר־פייגע, נחמיה
רויזענזאָן — שמואל־יצחק, שרה־רבקה (פרוי), און דריי טעכטער
רובלעמער — הערשל
ריבא — בעלע
ריטערבאַנד—מאַניקאָוו — האלינע
רייזינמאַן — זישע
רייטמאַן — משפחה
רייזמאַן — איתמר און משפחה
רייזמאַן — ישראל און משפחה
רינדער — מאיר, שרה (פרוי) און זון
רינדער — הערש־מעכל און משפחה
רינדער — מענדל און משפחה

**רינדער** — משהלע
**רעגערמאַן** — בן־ציון, חווה (פרוי) און קינד
**רעגערמאַן** — מרדכי־צבי, שיינדל, בן־ציון, מירל
**רעכטמאַן** — חווה, שמואל, לאה
**רעבעלם** — הענעך, רעגינע

## ש

**שאַך** — אברהם, פערעלע (פרוי)
**שאַך** — דרייזל, מיט איר מאַן און קינדער
**שאַך** — יחזקאל
**שבתזאָהן** — איטשע־לייב, לאה (פרוי), יוסף, מלך, ישכר, שאול־מאיר און משפחות
**שבתזאָהן** — יונה
**שבתזאָהן** — משה מיט פרוי און קינד
**שבתזאָהן** — יודל מיט פרוי
**שבתזאָהן** — שמואל מיט פרוי
**שבתזאָהן** — איטשע
**שבתזאָהן** — יוסף, מרים־גנעלע, יודל, שמואל, פערל, מירל
**שבתזאָהן** — מלך, משה (זון), איידע, רבקה
**שוואַרצבערג** — אהרון
**שוואַרצבערג** — ביילע, לאה, שרה, חייה
**שוואַרצבערג** — יוסף, חייה (פרוי), זין: שמחה, משה, ברוך, בערל, שמואל, טאָכטער: דינה
**שוואַרצבערג** — שלמה, פייגע (פרוי) חווה (טאָכטער)
**שוואַרצענבערג** — חייהלע, אַברהמטשע
**שולמאַן** — טוביה פרוי און צוויי טעכטער
**שולמאַן** — אַברהם און פרוי
**שולעוויטש** — אהרון, לייטשע (פרוי), פערל (טאָכטער), יצחק (זון)

**שומאַכער** -- אברהם־אליהו מיט פרוי און פיר קינדער
**שטאַמלער** — פסח, שרה (פרוי)
**שטאַמלער** — שלמה, פאַליע (פרוי), זין: מאַרעק, סעוועק (שייעלע), טאָכטער: לושיע
**שטיינבוך** — דוויד און משפחה
**שטיינבערג** — איטע, הנן, ישראל
**שטיינבערג** — עזריאל, פייגע (פרוי)
**שטיינבערג** — מאיר־ראובן מיט פרוי און קינדער
**שטיינוואָרצל** — יצחק און משפחה
**שיידענפיש** — יוסף, מרגלית (פרוי), טעכטער
**שיידענפיש** — שלום־ברוך, פרוי, קינדער
**שיידענפיש** — הענעך און משפחה
**שיידענפיש** — אברהם, פרוי און משפחה
**שיידענפיש** — שרה־ליבע
**שיידענפיש** — שמואל־נחום
**שיידענפיש** — איטשע־בער און משפחה
**שיידענפיש** — יונה־הערש, ביילטשע (פרוי), טעכטער: חנה, גיטל, חייה, זון: זכריה
**שיינבערג** — שלומה, ציפורה
**שייקעוויטש** — ליפע
**שיינבערג** — יהודית
**שילדקרויט** — לאהטשע, ישראל (זון)
**שילדראָט** — משה, איטע (פרוי) און צוויי קינדער
**שיקמאַן** — לאַזער, חייה (פרוי)
**שיקמאַן** — איטשע, זיין פרוי און פיר קינדער
**שיקמאַן** — שמואל מיט פרוי און קינדער
**שיקמאַן** — דוד מיט פרוי און קינדער
**שיקמאַן** -- בערל
**שיקמאַן** — יאנקל מיט זיין פרוי און זון

שיקמאַן — צירל מיט איר מאַן און קינדער
שלאָפּמאַן — שמואל, עטל, לייבל, דבורה און נאָך קינדער
שלאַפּמאַן — חנה און קינדער
שלאַפּמאַן — יצחק און משפּחה
שמייזנער — יאָסל, פּעסל (פרוי), משהלע (זון)
שנורמאַכער — משה־וואָליע, באַשע (פרוי) און טאָכטער
שניטערמאַן — הערשל, האָכמאַן
שניטערמאַן — משפּחה
שניטערמאַן — יעקב־לייב און משפּחה
שניטערמאַן — משה לאָזער און משפּחה
שניידלעדער — לייבל, מלכהלע
שעדלעצקי — דוויד־יונה
שערמאַן — בראַנדל, אהרון
שעכטמאַן — איטשע, פרוי און דריי קינדער
שערמאַן — פּסח און משפּחה
שעכטמאַן — מאיר, פרוי און זון
שעכטמאַן — דבורה און טאָכטער
שערעשעווסקי — אידעלע, און משפּחה
שפּיגלמאַן — נחום, און משפּחה



חיים בראַקאַזש (בוענאָס־איירעס)

# שלמה שיינבערג



אַ טעלעגראַפישע ידיעה פון רוסלאַנד ברענגט די טרויעריקע נייעס, אַז עס איז דאָרט געשטאָרבן דער יידישער שרייבער שלמה שיינבערג.

שלמה שיינבערג שטאַמט פון פוילן און האָט זיך איצט געפונען אין רוסלאַנד ווי אַ פּליט. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט דאָס גליק צו געהערן צו די, וועלכע עס איז גע־לונגען אַנטרונען צו ווערן פון די נאַצישע נעגל און זיך ראַטעווען קיין רוסלאַנד, לייי־דער אָבער האָט אים אויך דאָרט נישט אויסגעמיטן דער פּריצייטיקער טויט.

אייגנטלעך, איז שלמה שיינבערג מער באַקאַנט געווען אַלס איבערזעצער ווי אַלס שרייבער. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט מיט לידער, מיט אַ ציקל לידער א. נ. „לירישע געזאַנגען": ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ ריי דערציילונגען און אַ דראַמע, אַ געוויסע צייט געהערט צו דער גרופּע יונגע שרייבער, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום י. מ. וויסנבערגן, מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן, דערונ־טער אויך אין דעם זשורנאַל „פאַר גרויס און קליין", וואָס איז אַמאָל דער־שינען אין בוענאָס־איירעס, שפּעטער אָבער האָט ער זיך געווידמעט דער איבערזעצונג־אַרבעט און פאַרלעגערישער טעטיקייט כמעט מער ווי דער אייגענער ליטעראַרישער פּראָדוקציע, און אויף אָט די צוויי געביטן האָט ער טאַקע באַוויזן צו דערגרייכן באַדייטנדיקע לייסטונגען.

איבערגעזעצט האָט שלמה שיינבערג בלויז פון רוסיש, ער האָט גע־פילט אַ באַזונדערע נייגונג און ליבע צו דער רוסישער ליטעראַטור, אין דער רוסישער שפּראַך האָט ער באַקומען זיין בילדונג, אָדער ריכטיקער: זיין זעלבסטבילדונג, און הגם געבוירן און דערצויגן אין פוילן (אין שטעטל פולאַוו ביי דער ווייסל), איז אים דאָך געווען נענטער רוסיש ווי פויליש. און אַ יידיש האָט שלמה שיינבערג פאַרמאָגט אַ זאַפטיקן און אַ קערנדיקן. צו זיין איבערזעצונגס־אַרבעט האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ סך ערנסט, אַחריות און פיעטעט, ער האָט זיך געפילט באַרופן צו איר. אין זיין פאַר־לעגערישער טעטיקייט האָט ער פאַרמאָגט איניציאַטיוו און איינפאַל, אויס־

דזיער און אַ מין שטילע, נישט ליאַרמענדיקע, נישט טומלערישע ענערגיע, וואָס האָט געזוכט זיך אויסצולאָדן. דערפאַר האָט אים אויך ס׳רוב געצויגן צו איבערזעצן גרויסע ווערק — גרויס נישט בלויז קוואַליטאַטיוו, נאָר טאַקע ממש גרויס קוואַנטיטאַטיוו. אַזוי האָט ער איבערגעזעצט „מלחמה און שלום" און „אַננאַ קאַרענינאַ" פון טאָלסטאָי, „דער שטילער דאָן" פון שאָלאָכאָוו און ענלעכע. אין אַ בריוו צום שרייבער פון די שורות האָט ש. שיינבערג זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגן דער דאָזיקער זאַך אַזוי: „בלויז די פּערספּעקטיוו פון אַ גרויסער אַרבעט דאַרף באַגייסטערן און געבן כוחות. איך ווייס דאָס פון מיר. אַזוי האָב איך געפילט צוטרעטנדיק איבערזעצן „מלחמה און שלום".

נישט געקוקט אויף די גאָרנישט לייכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט זיך אָפט געפונען און אויף דער גאָרנישט לייכטער עובדה פון פאַרלעגערישער טעטיקייט ביי אַ קנאַפּקייט פון מאַטעריעלע מיטלען, איז שלמה שיינבערג קיינמאָל נישט מיד געוואָרן כסדר צו מאַכן נייע פּלענער פון איבערזעצונגס־און פאַרלאַג־אַרבעט. עס איז געווען זיין ליידנ־שאַפט. אויסערלעך רואיק און געלאַסן, האָט ער געטאָן זיין אַרבעט מיט אַ שטילן אינערלעכן ברען און ענטוזיאַזם.

אין משך פון אַ ריי יאָרן איז שלמה שיינבערג געווען דער ליטעראַרישער אָנפירער אין די וואַרשעווער פאַרלאַגן יאַטשקאָווסקי און בזשאַזאַ. אין יאָר 1927 איז דורך זיין איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן דער קאָאָפּ. פאַרלאַג „כוחות", מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט און וועלכער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע „אַרויסצוגעבן ערשט־קלאַסיקע ווערק און גוטע מייסטערהאַפטע איבערזעצונגען; אַריינפירן אין דער איבערזעצונגס־ליטעראַטור, מוסטערן פון אויפריכטיקער, פאַראַנטוואָרטלעכער און פּרוכטבאַרער אַרבעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור" (פון ש. שיינבערגס אַן איינלאַדונגס־בריוו צום שרייבער פון די שורות מיטצואַרבעטן אין דעם דערמאָנטן פאַרלאַג).

דערפאַר האָט שוין מער מזל און מער פאַרנעם געהאַט דער פאַרלאַג, וואָס שלמה שיינבערג האָט שפּעטער (בערך אין 1934) געגרינדעט א. נ. „יידישע אוניווערסאַל ביבליאָטעק". דער אייפּטו פון דאָזיקן פאַרלאַג איז געווען אַרויסצוגעבן גוטע ביכער, אָריגינעל יידישע און איבערגעזעצטע פאַר אַ זייער ביליקן פּרייז, כדי זיי זאָלן קאָנען פאַרשפּרייט ווערן צווישן די אָרימסטע שיכטן פון די יידיש־לייענער. און באמת, אין משך פון עטלעכע יאָר האָט די „יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק" באַוויזן אַ סך אויפצוטאָן. זי האָט אַרויסגעגעבן אַן אָנגעזעענע צאָל ווערק פון יידישע מחברים און גוטע איבערזעצונגען פון באַדייטנדיקע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור. דערצו האָט שוין שיינבערג באַוויזן צו אָרגאַניזירן די זאַך אַזוי, אַז די דאָזי־קע ביכער זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. די טעטיקייט פון דאָזיקן פאַרלאַג איז טאַקע אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס

אָנערקענונג דורך די יידישע קולטור־קרייזן און צוויי פרעמיעס, וואָס דער יידישער פען־קלוב אין וואַרשע האָט באַשטימט פאַר די בעסטע איבערזע־צונגען, זענען צוגעטיילט געוואָרן פאַר ביכער, וואָס זענען דערשינען אין דער „יידישער אוניווערסאַל־ביבליאָטעק".

שלמה שיינבערג איז בטבע געווען אַ נוח לבריות, אַ גוטער, ליבער חבר און אָן אמתער קשה לכעוס ונוח לרצות. דער מחבר פון די „לירישע געזאַנגען" האָט געהאַט אַ גוט, נאָך יונג און אַ ביסל פויעריש־גוטמוטיק פנים, תמיד אָפּגעברוינט, ווי נאָר־וואָס פון אונטער דער זון אַוועק, און אַ ליבן, גוטווינטשנדיקן שמייכל. עס איז אים פרעמד געווען די באַקאַנטע „קנאת סופרים" אין שלעכטן זין פון וואָרט, אַדרבא: ער פלעגט אָפט ברידערלעך זיך פרייען מיטן דערפאָלג פון אַ חבר און תמיד אַרויסגעוויזן אַ פריינטלעכע, קאָלעגיאַלע באַציאונג צו זיינע „קאָנקורענטן" — צו דער גרופּע איבערזעצער, וואָס ער האָט צוגעצויגן אַלס מיטאַרבעטער, אָפט אינספּירירנדיק און צוגעבנדיק מוט און חשק צו דער אַרבעט.

שלמה שיינבערג האָט אויך געפּלאַנט אַ רייזע קיין אַרגענטינע, נישט אויף צו באַזעצן זיך, נאָר מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן די ביכער פון זיין פאַרלאַג. אין אַ בריוו צום שרייבער פון די שורות פרעגט ער: ...„וואָס פאַר אַ לאַנד און וואָס פאַר אַ מענטשן זענען דאָס די, צווישן וועלכע איר לעבט. צי וואָלט עפּעס אויפגעטאָן אַזאַ ייד ווי איך, ווען איך קום מיט אַ טראַנספּאָרט פון מיינע ביכער. ווי איר זעט, האָב איך שוין אַרויסגעגעבן אַ היפּש ביסל בלויז גוטע ביכער. זיי זענען אויפגענומען געוואָרן אַלע מיט באַגייסטערונג דורך דער ליטעראַרישער קריטיק".

דאָס איז געשריבן געוואָרן אין דעצעמבער 1937; שלמה שיינבערג איז דעמאָלט פונקט ווי תמיד פול געווען מיט פּלענער און פּראָיעקטן. און היינט, קוים אַ האַלבן יאָרצענדליק שפּעטער — ווי אַ ווייטער, לאַנג פאַר־שוואונדענער אַמאָל זעט עס שוין אויס, — קומט אויס צו שרייבן וועגן זיין טויט!

„היה איש ואיננו עוד" — קומען אויפן זינען די וואונדערבאַרע ווערטער פון ח. נ. ביאַליק: „געווען אַ מענטש און ער איז נישטאָ מער" — פּשוטע ווערטער, טיף אין זייער פּשוטקייט; און ווי וואונדערבאַר פּשוט און וואונ־דערבאַר טיף זיי דריקן אויס דעם צער און טראַגיק פון טויט, פון אַ פריצייטיקן טויט!

געווען אַ ליבער, האַרציקער מענטש שלמה שיינבערג — און ער איז נישטאָ מער!

## סאַמועל מעלמאַן

די עלטערן פון סאַמועל מעלמאַן, קאַרטאָן־אַרבעטער פון פוילן, זענען געווען אין פּאַריז זינט 3 יאָר, בעת ער איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן אַפּריל 1925. אין 1942 איז סאַמועל אַלט געווען 17 יאָר, ווען ער איז, אין ליאָן, אַריינגעטרעטן אין דער רעזיסטאַנס באַוועגונג.

אין 1944, האָט ער אונטערן נאָמען פון זשאַן דויע, אָנטייל גענומען אין די רומפּולע קאַמפן פון די מאַקיזאַרן פון ווערקאָר. מיר וועלן דאָ נישט דערציילן די געשיכטע פון ווערקאָר, ווייל די דאָזיקע טראַגעדיע איז צו גוט באַקאַנט.

דעם 5טן אויגוסט 1944 ווערט ער אַרעסטירט, ער איז געוואָרן מער־דערלעך געפּייניקט און געהאַט אויסגעהאַקט די אויגן דורך די נאַצישע הענקער, איידער ער איז דערשאָסן געוואָרן דעם 11טן אויגוסט מיט נאָך 37 פּאַטריאָטן. איינער פון זיינע חברים פון דער תפיסה דעבען, אין גרענאָ־בעל, האָט דערציילט, וואָס פאַר אַ קוראַזש דער דאָזיקער יונגער העלד האָט פאַרמאָגט און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך ווי אַ רעליקוויע דעם פּאַסיק, אויף וועלכן, ניט געגענדיק מער שרייבן, ר׳האָט יעדן טאָג געמאַכט אַ צייכן.

דריי חדשים שפּעטער האָט מען אַנטדעקט, אין מאָדר, (ווערקאָר) אַ באַרג פון מענטשלעכע קערפּערס, וואו זיין געביין, כמעט אומדערקענבאַר, איז געוואָרן אידענטיפיצירט צווישן די געממיתטע הרוגים פון די מאַרטירער־קעמפער.

## סאַמועל טישעלמאַן



סאַמועל טישעלמאַן איז געווען איינער פון די סאַמע ערשטע ווידערשטאַנד־קעמפער און ער האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן אין דער ראָל פון אַ פאַרגייער.

ער איז געבוירן געוואָרן אין פּולאַוו (פוילן), קורץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין פאָטער איז געווען אַן אַר־בעטער, אַ היטל־מאַכער. סאַמועל איז קוים אַלט געווען דריי יאָר, ווען זיין פאָ־טער, אַנטלויפנדיק פון די שרעקלעכע לעבנס־באַדינגונגען בעתן פּילסודסקי־רעזשים, האָט אימיגרירט אין פראַנקרייך. ער האָט דאָ באַזוכט די קאָמונאַלע שול,

ווי אַלע אַנדערע קינדער פון זיין עלטער, און סאַמועל האָט געלערנט מיט גרויס התמדה; אין די פרייע טעג האָט ער באַזוכט די צוגאָב־שול. זיינע עלטערן זענען געווען גרייט צו מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַז זייער זון זאָל קענען פאָרזעצן די שטודיע, אָבער ער האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, האַלטנדיק, אַז ס'איז נאָרמאַל, דאָס ער זאָל גיין אַרבעטן און אויסלערנען זיך אַ פאַך. דאָס האָט אים, פונדעסטוועגן, נישט געשטערט אַ סך צו לייענען און צו זיין אַקטיוו אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס צוזאַמען מיט זיין בעסטן חבר — עלי וואַלאַך.

בעת אין 1940 ווערט פראַנקרייך — וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט — פאַרכאַפּט דורך די נאַציס, רייסט סאַמועל נישט איבער זיין טעטיקייט; זי נעמט בלויז אָן אַ נייע פאָרם — די פאָרם פון דער א. ס.

די אָ. ס. דאָס איז איז די „ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע", וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי גרינדעט זינט 1940 אויף צו באַקעמפן דעם אָקופּאַנט, אויף צו סאַבאָטירן זיינע אייזנבאַן־ליניעס און זיין קריגס־אינדוסטריע. פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז עס געבוירן געוואָרן שפּעטער די גלאָררייכע אַרמיי פון פריי־שיסער און פּאַרטיזאַנער.

די ערשטע שריט זענען געווען שווערע. עס האָט געפעלט געווער. זונטיק, אונטערן אויסרייד פון אַ שפּאַציר אויף ביסיקלעטן, פלעגן די יוגנטלעכע פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור, און אַזוי אַרום האָבן אין אַ זומער־טאָג 1941 פיר יוגנטלעכע באַמערקט אַ גרובן, וואו מען האָט אַרייסגענומען דינאַמיט. זיי האָבן גלייך אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל. זיי פאַרוואָרפן אַ זאַק איבערן קאָפּ פונעם היטער און פאַרכאַפּן זייערע ערשטע 25 קילאָ אויפרייס־מאַטעריאַל. עטלעכע שעה שפּעטער האָבן פיר בחורים, כּמעט כּאָרנדיק כריילעך אויף זייערע ביסיקלעטן, אַריינגעפירט קיין פּאַריז דעם ווערטפולן מאַטעריאַל, פון וועלכן עס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די ערשטע באָמבעס. זייערע נעמען זענען געווען: פּיער זשאָרזש — וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אונטערן רומפולן נאָמען פון קאָלאָנעל פאַביען, — שאַרל וואַלמאַרק, עלי וואַלאַך און סאַמועל טישעלמאַן.

אומדערפאַרן און מוטיק, איז דער ווידערשטאַנד געווען נישט גענוג פאַרזיכטיק. אַזוי האָט אַ צוג פון יונג און אַלט, אָנהייב אויגוסט 1941, מאַניפעסטירט אויף די גרויסע בולוואַרן פון רעפּובליק ביז פּאָרט סען־מאַרטען. אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען סאַמועל און אויסגערופן שטאָלץ: „נידער מיטן אָקופּאַנט, זאָל לעבן אַ פריי און אומאָפּהענגיק פראַנקרייך! אַוועק די הענט פון ראַטנפאַרבאַנד!"

אַ לאַסט־וואָגן מיט דייטשן, וואָס איז פאַרבייגעפאָרן, עפנט אַ פייער אויף די מאַניפעסטירנדיקע, באַשיסנדיק זיי פון מאַשין־געווער. סאַמועל פאַלט אַ פאַרוואונדעטער און די געשטאַפּאָ טראָגט אים אויף אַ טראָג־בעטל אַוועק

מיט זיך. אַ יונגער אַרבעטער, אַנרי גאַטראַ, טיילט זיין גורל. דורך געלע אָפּישן, איינגערעמטע אין שוואַרץ, האָבן די נאַציס, אין זייער אָנפּשרעקנ־דיקן נוסח, מיטגעטיילט דעם פּאַריזער פאָלק, אַז דער ייד טישעלמאַן און אַנרי גאַטראַ זענען געוואָרן דערשאָסן דעם 19טן אויגוסט.

דאָס בלוט פונעם פּאַריזער מעטאַל־אַרבעטער און פונעם יידישן איינ־געוואַנדערטן יוגנטלעכן האָבן זיך אויסגעמישט, ווי אויף צו באַשטעטיקן, אַז דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך איז געווען, פאַר אַלע זיינע איינוואוינער, אַ הייליקער און אומצעטיילבאַרער.

אָבער דער קרבן פון סאַמועל טישעלמאַן, דער ערשטער פון די יידישע קאָמבאַטאַנטן, וואָס האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר דער ליבע פון זיין ניי פאָטערלאַנד, האָט געגעבן דעם סיגנאַל פון אָפענעם באַוואָפנטן קאַמף. פיר טעג נאָך זיין עקזעקוציע האָט זיין חבר פּיער זשאָרזש, אין עלטער פון 22 יאָר, אַוועקגעלייגט ביי דער מעטראָ באַרבערס, אין מיטן פון המון פאַרנ־דיקע, אַן אָפיציר פון דייטשן ים־פלאָט. עס איז וואַרשיינלעך, אַז סאַמועל וואָלט יענעם טאָג באַגלייט זיין חבר, אָבער דאָס, וואָס איז זיכער, דאָס איז, ווען פאַביען נאָכן האָבן אַוועקגעלייגט דעם דייטש, איז אַוועק אויפן אָפּ־גערעדעטן ראַנדעוואו: הינטער דער סאַקרע־קער־קירכע, זיינע ערשטע ווער־טער צו זיינע חברים זענען געווען: „כ'האָב נקמה גענומען פאַר טיטי".

טיט — דאָס איז דער אינטימער און פריינטלעכער צונאָמען, וואָס זיינע חברים האָבן געגעבן אָט דעם בחור, וועלכער האָט געוואוסט צו שטאַרבן ווי אַ העלד און וועמענס לעצטער בריוו אַנטהאַלט אין זיך אויך דעם היימישן און פריינטלעכן טאָן:

זייער טייערע עלטערן און זייערע טייערע שוועסטער,
דאָס וועלן זיכער זיין די לעצטע ווערטער, וועלכע כ'וועל שרייבן: מיינע לעצטע געדאַנקען זענען געוואַנדן צו אייך. אויב איך האָב אייך אין מיין לעבן טיילמאָל אָנגעטון אַ ביסל צרות, בעט איך אייך מיך מוחל צו זיין; איבעריקנס, בין איך זיכער, אַז איר האָט מיר שוין מוחל געווען. איך וויל אייך דער עיקר בעטן איין זאַך, וואָס איר וועט מיר געוויס נישט אָפּזאָגן, וואָרים דאָס זענען מיינע לעצטע וואונטשן: האָדעוועט און דערציט גוט פלער, און זעט, אַז זי זאָל באמת זיין אַ גוט מיידל, ווירדיק די אויסגעצייכנטע עלטערן, וואָס איר זענט שטענדיק געווען. פאַרגעסט נישט, אַז פלער האָט בלויז אייך אויף דער וועלט, שענקט איר די גאַנצע צערטלעכקייט, וואָס איר האָט געהאַט פאַר מיר און היט זיך גוט, כדי נישט צו זיין קראַנק...

# יוסף י. לעווין



מען וואָלט זיך געקענט באַנוצן מיט הויכע ווער־טער ביים שרייבן דעם נעקראָלאָג וועגן אונ־דזערס אַ לאַנדסמאַן וואָס האָט געהייסן יוסף י. לעווין; אָבער די טראַ־געדיע איז גענוג גרויס־און־גרוילהאַפט זי נוי־טיקט זיך נישט אין הוי־כע ווערטער. רויער, ברו־טאַלער ווייטיק האָט אַ טיפערע שפּראַך ווי לי־טעראַרישע מליצה. די גרויזאַמע פאַקטן פון אַ יונגען יידיש לעבן, זיין קאַמף און געראַנגעל זיך צו ראַטעווען פון היט־לערס קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן; זיין אָנשטרענגונג פון זיך אויפצובויען אַ שיינעם מענטש, אַ הייסן ייד, אַ געשעצטן אַמעריקאַנער בירגער, וואָס זאָל זיין אַ צירונג פאַר זיין טייערער מאַמען, פאַר זיינע ליבע שוועסטערן, פאַר זיין פאָלק און לאַנד אַמעריקע — דאָס אַלץ רעדט פאַר זיך אַליין גענוג הויך און קלאָר.

דאָס איז אַ נעקראָלאָג — געשריבן מיט וואַרם, מענטשלעך בלוט און טרערן. אָט זענען פראַגמענטן פונם אָפיציעלן נעקראָלאָג:

„דזשאָזעף י. לואין ע״ה, איז געשטאָרבן אומערוואַרטעט אין עלטער פון 30 יאָר, פרייטאָג, נאָוו. 2, אין לאָס אַנדזשעלעס. באַערדיקט געוואָרן זונטאָג, נאָוו. 4, אויף הילסאַיד מעמאָריעל סעמעטערי״.

דזשאָזעף י. לואין איז געקומען קיין אַמעריקע פון פוילן אין יאָר 1949. ער האָט גראַדוא׳רט פון קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט אין סאַנטאַ באַרבאַראַ. ער איז דאָרט געוואָרן פּרעזידענט פון דער נאַציאָנאַלער סאָשעל פראַ־טוירניטי „סיגמאַ טאַו גאַרטיד״, ווי אויך פּרעזידענט פון דער קאָלידזשעיט קאָונסיל פאַר די יונאַיטעד נעישאָנס.

ער איז באַערט געוואָרן מיט אַ סקאָלערשיפּ פון די יונאַיטעד נעישאַנס. וואָס האָט אים געבראַכט קיין ניו יאָרק, זיין קורס אַלס לאָיער האָט ער דורכגעמאַכט אין אַ „לאָ־סקול" אין קליוולאַנד און גלענצענד אויסגעהאַלטן זיין עקזאַמען אין קאַליפאָרניע.

דזשאָזעף י. לואין האָט גלייך אָנגעפאַנגען אַן ערפאָלגרייכע לאָא פּראַק־טיק מיט אַן אָפיס אין 8665 ווילשאַיער בולעווארד אין לאָס אַנדזשעלעס."

דאַרפן מיר צוגעבן: יוסף איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל פולאַוו. דער זון פון גיטעלע און יעקב־פישל לעווין. יינגערהייט גייט ער אַדורך צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע דאָס גיהנום פון די נאַצישע לאַגערן אין דעמבלין, טשענסטאָכאָוו און בוכענוואַלד. נאָך אַלס אַ קליין יינגל זעט דער קומענדי־קער אַדוואָקאַט ווי מען ברענט און מען שעכט יידיש לעבן, יידישע משפחות. דאָס יידישע פאָלק. ער חלומט: ער וועט אַמאָל זיין אַן אַדוואָקאַט. ער וועט מאָנען ביי גאָט — גערעכטיקייט. ער זעט צו מיט זיינע אייגענע אויגן ווי אַזוי מען פירט זיין פאָטער צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידן צו דער נאַצישער עקדה. און בשעת די נאַצישע וואַגנער־מוזיק שאַלט און פאַר־טויבט אַ מיליאָן יידישע קינדערס קרעכצן פאַרן אומקום, הערט ער קוים די לעצטע ווערטער פון זיין טאַטן:

„יוסף, מיין זון, דערבאַרם דיך און באַהאַלט דיך אויס. אַ נאַצי האָט מיר געזאָגט אַז היינט ביינאַכט וועט מען אומברענגען די יידישע קינדער. ראַטעווע דיך, טייערע קינד! — זאָל כאָטש בלייבן אַן איינציק געדעכעניש נאָך מיר. ווייל די מאַמע מיט דיינע ביידע שוועסטערן זיינען שוין פאַר־ברענט!"

דעם טאַטנס תפילה צו זיין זון זענען יוספן אַריין אין די ביינער ווי אַ שטרענגער באַפעל: „ראַטעווע דיך, קינד מיינס!" און ער האָט זיך געראַ־טעוועט צוזאַמען מיט דער מאַמען און מיט ביידע אירע שוועסטערן. ער, יוסף, וועט בלייבן לעבן צו להכעיס די פאַרברעכערישע דייטשן. ער וועט שטודירן. ער האָפט צו ווערן אַמאָל אַן אַדוואָקאַט. ער וועט קעמפן פאַר גערעכטיקייט לטובת די אָרעמע און ליידנדיקע מענטשן. ער וועט פרעגן ביי מענטשן און ביי גאָט: פ אַ ר וו אָ ס ? ער וועט מאָנען גערעכטי־קייט ביים רבונו של עולם.

די לאַנדסלייט פון אונדזער ליבן שטעטל פּזריניקן זיך אין טיפסטן מיטלייד מיט צער פון יוספס צעבראָכענע מאַמע, די איידעלע און מוטיקע גיטעלע לעווין; מיט זיינע ביידע שוועסטערן; מיט זיין יינגע אלמנה מאַרשאַ. מיר פאַראייביקן יוסף לעווינס נאָמען און געדעכעניש צוזאַמען מיט אַנ־דערע מיליאָנען יידישע קדושים!

# מרדכי גולדשטיין



מרדכי, בן מחלה ויצחק גולדשטיין, נולד ב־1906, בעיר פולבי. את השנים הראשונות של חייו בילה בעיר הולדתו, שם רכש את ההשכלה היסודית ועבר ללימוד מקצוע בעיר הבירה, ורשה.

ב־1921 עזב את פולין ועלה לארץ ישראל יחד עם אביו, אשר היה ציוני ועסקן בעיירתו.

בארץ הצטרף מרדכי ז"ל לתנועת הנוער השמאלית והיה פעיל מאד באגודת עובדי מתכת.

ב־1926 עזב את הארץ ונסע לאירופה, עבד והשתלם בלוקסנבורג בלגיה וצרפת.

ב־1931 חזר לפולניה והתגייס לצבא הפולני. הוא שירת ביחידת הפרשים על שם המרשל פילסודסקי. הצטיין כקלעי, זכה לאותות הצטיינות ונשלח עם עוד שני פרשים להופיע לפני המרשל, בחג המולד, שהוא היה גם חג הגדוד הנ"ל.

אחרי שחרורו מהצבא הסתדר בעבודה והמשיך לפעול בארגון המקצועי השמאלי.

עם התעוררות האַנטישמיות בפולין ועם עלייתו של היטלר לשלטון בגרמניה, התקרב מרדכי ז"ל לרעיון הציוני והחליט לעלות בפעם השנייה לארץ ישראל.

הוריו שלחו לו „דרישה" ובשנת 1937, בחודש ינואַר הגיע עם משפחתו לחופי הארץ, כאן חכתה לו אַכזבה מרה, שלטונות המנדט לא אישרו לו את תעודת העלייה ונאלץ היה באֳניה שבה הגיע לחזור בחזרה לאירופה. חצי שנה חי ביוגוסלביה ובסוף 1937, אחרי השתדלויות של בני משפחתו עלה בפעם שלישית.

בבואו ארצה חכתה לו בשורת איוב, אביו, אשר בא במיוחד מתל־אביב לקבל את פניו, נדרס בדרכו לנמל.

מות אָביו השפיע מאוד על מרדכי, זמן רב עבר עד שהתאושש.

כמעט מיום בואו ארצה (בפעם השנייה—השלישית) הצטרף לשורות ההגנה והיה אחד הפעילים בשורה. במשך 11 שנות חייו בארץ הקדיש את כל החופשות ואת החגים לאימונים צבאיים. הגיע לדרגת מפקד איזור.

בתקופה שבין 19 נובמבר 1947 עד יום מותו לא ידע מנוחה, ימים ולילות הקדיש להגנה. נפל במילוי תפקידו בעמדה, בה' בשבט תש"ח, (17 ביאַנואַר 1948). יהי זכרו ברוך.

## שמחה טנצמן



געבוירן אין פולאַוו אין יאָר 1929, אין יאָר 1934 געקומען מיט די עלטערן משה און שרה (געבוירן שנורמאַער) טאַנצמאַן, קיין ישראל (דאַמאָלסט פּאַלעס־טינע) געזעצט אַ פּאָלקס־שולע און אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן. ער האָט פאַרגעזעצט די לערע אויף אָוונט־קורסן. ער איז צוגעטרעטן צו די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דער הסתדרות. אָנטייל גענומען אין ספּאָרט אין „הפּועל" און איז אַריין אין דער „הגנה" אין יאָר 1944. נאָענט צו די מלחמה מיט די אַראַבער איז ער אַריין אין פּלמ"ח.

פאַרענדיג דעם 14.12.1947 קיין בן־שמן מיט שפּייז פאַר די קינדער פון דאָרף האָבן זיי די ענגלענדער מיטן אַראַבישן לעגיאָן בעפאַלן מיט אַ שיסעריי און פאַרטיידיגענדיק קעגן די אָנפאַלער איז שמחה און נאָך 12 פון זיינע חברים געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט. ערע זייער אָנדענק.

## אהרן ארנבי (הזנשפרונג)



בכור לאליעזר ורחל הזנשפרונג, בני העיר פולבי. נולד בתל־אביב ביום 1.1.1935.

ילדותו עוברת עליו בתקופת מאורעות הדמים בארץ והמאבק לעצמאות ישראל. לבר־מצווה מגיע הוא בעצם ימי הקרבות של מלחמת־השחרור היה ער לפעולות ההג־נה באזור תל־אביב ולא אחת עזר על יד הלוחמים.

מוכשר במיוחד היה בציור, והצטיין בשחייה כספורט. אהב את טבע הארץ, ומעטים השבילים שלא דרכה בם כף רגלו. זה הדבר אשר קשרו לאותה נקודת גבול מבודדת אך יפת נוף והוד פראי בה נפל.

היה חייל נאמן לצ.ה.ל. נפל בקרב במילוי תפקיד חיוני בהגנת ירו־שלים, ביום 10.9.1954 והוא אך בן 20 אביבים. גבעתיים.

# משה קוואַטער



געבוירן אין יאָר 1903, אין פולאַװ, ביי אַן אַרבעטער־פאַמיליע. דער פאָטער אַ שוס־טער, פאַרנעמט זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, איז איינער פון די בויער, פון די גרויסע יידישע אינסטיטוציעס אין דער דאָזיקער שטאָט פולאַװ. ער באַמיט זיך, אַז זיינע קינדער זאָלן זיך לערנען און פאַר־אינטערעסירט זיי מיט געזעלשאַפטלעכע פראַגן. פון די 5 קינדער ווערן דריי אַק־טיווע טוער. צוערשט, ווי דער פאָטער, אַלס ציוניסטן; איין זון ווערט אויסגעוויילט אַלס לאַוניק אין מאַגיסטראַט אין פולאַװ, אַלס איינהייטס־קאַנדידאַט פון די ציוניסטן און קאָמוניסטן. משה קוואַטער איז דער יינגסטער פון דער פאַמיליע. ער האָט פון קינדוויז אָן פעאיקייטן. זיין פאָטער האָט געטרוימט, אַז משה זאָל קאָנען שטודירן. אָבער די מאַטעריעלע לאַגע פון דער אַרבעטער־פאַמיליע האָט געצוואונגען משהן איבערצורייסן די לערע. ער נעמט זיך לערנען קאַמאַשן־שטעפּעריי. אין אַ קורצער צייט שפּעטער ברעכט אויס אַ שטרייק אין דער פאַבריק און משה ווערט צוליב זיין אַקטיוון אָנטייל אין שטרייק אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַבריק. אין 1920 טרעט ער אַריין אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג. ער נעמט אַרבעטן אין דער באַקאַנטער דרו־קעריי פון שרייבער שלמה שיינבערג. ער אַרבעט דאָרט ביז 1928, ווען ער ווערט אַרעסטירט, מיט נאָך עטלעכע חברים פאַר פּאָליטישער און פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט. צליבן מאַנגל פון באַווייזן ווערט ער נאָך אַ האַלב יאָר זיצן אין טורמע — באַפרייט. אין יאָר 1931 קומט משה קוואַטער קיין בעלגיע. ער איז באַשעפטיקט אַלס שוואַרצער אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַכן. טראָץ זיינע שווערע לעבנס־באַדינגונגען, זעצט ער פאָר זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער ווידמעט זיך באַזונדערס דער קולטור־אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן אין בריסל.

פאַרפאָלגט דורך דער בעלגישער פּאָליציי, פאָרט ער קיין פראַנקרייך, וואו ער לערנט זיך אויס פרעסן דאַמען־מאַנטלען. ער ווערט גלייך טעטיק אין דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. נישט האָבנדיק קיין אַרבעטס־רעכט (געווען איז עס אין די שווערע צייטן פון לאַוואַלס געזעצן), קומט אים אָפט אויס צו ליידן הונגער. דאָס שוואַכט אָבער נישט אָפּ זיין מוט און ער זעצט

פאַר מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט זיין פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט. אין 1935 איז ער מיטגליד פון דער פאַך־קאָמיסיע פון דאַמען־קאָנפעקציע, און אַקטיווער טוער אין אַ ריי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

אין 1939 אַנגאַזשירט ער זיך אַלס פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. נעמט אָנטייל אין די שלאַכטן אויפן פראָנט. פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, פון וואַנעט ער אַנטלויפט און קומט צוריק קיין פאַריז אין 1940. אין אויגוסט 1941 ווערט ער אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַנדערע יידן פון 11טן פאַריזער באַצירק (אַראָנדיסמאַן) אַלס נאַצישע נקמה פאַר די צוויי דייטשע אָפיצירן, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די ווידערשטענדלער. ער ווערט אָפּגעשיקט אין לאַגער פון דראַנסי, וואו אַלע יידן זענען געוואָרן געפייניקט דורך אַ הונגער־טויט פון די נאַצים. ער זעצט פאָר זיין טעטיקייט צווישן די אינטערנירטע, זיין האַלטונג איז באַוואונדערונגסווערט. נאָך צען חדשים אינטערנירונג אין דראַנסי ווערט משה קוואַטער דעפּאָרטירט אין טויטן־לאַגער אושוויץ. דעם 14טן אויגוסט 1942 ווערט ער אומגעבראַכט דורך די היטלערישע רוצחים.

## יצחק זילבערנאַדל



יצחק זילבערנאַדל איז געווען דער איינציקער זון פון אונדזער פולאַווער בני עיר: מרים, די טאָכטער פון ישראל־בער דעם בעקער און הערש, מצבה־קריצערס זון.

דעם 15טן יוני 1948 איז ער אין דער מלחמה בעתן אויפבוי פון דער מדינה געפאַלן אין קאַמף. ער איז אַלט געווען בסך־הכל 20 יאָר.

די מוטער

**מרים זילבערנאַדל (איצט שטיין)**

# סאָסיעטע „פריינט פון פולאַווי" און אומגעגנט

## די נעמען פון די דעפּאָרטירטע, וועלכע זענען אויסגעקריצט אויפן מאָנומענט פון די פולאַווער אין פראַנקרייך, 115 דיוויזיע אויפן בית עולם באַניע.

זשאַק שענקמאַן
(פרעזידענט)
טערעז שענקמאַן
מאַריעל שענקמאַן
זשאַק ערשערקראַפט
ישראל שערמאַן
יאַדזשיאַ שערמאַן
דעניס שערמאַן
מאַרסעל מאַנדעלבוים
בערט מאַנדעלבוים
מאָריס מאַנדעלבוים
חנה פרידמאַן
עווּאַ פרידמאַן
סימאָן פייערשטיין
טאַניאַ פייערשטיין
ראָז פייערשטיין
מאַרסעל פייערשטיין
פּאָל נידעלמאַן
סאַלאָ נודעלמאַן
שאַרל נודעלמאַן
קלאָד נודעלמאַן
אַנעט אַשערמאַן
קלער גאָלדפינגער
העלען גאָלדפינגער
קאַמיל גאָלדפינגער
יאָסעק פערעץ
מאָרי פערעץ
סוזאַן פערעץ
פעליקס פערלשטיין
זשעניע פערלשטיין
איזאַק פערלשטיין
ריימאָנד פערלשטיין
אדאָלף קאָרענבערג
האַרי בייגעלע
פנחס בייגעלע
זשאַק לוסטמאַן
שרה לוסטמאַן
העלען לוסטמאַן
לואיז לוסטמאַן
אסתר שילקראָט
לעאָן כמילעווסקי
מאַריאַ כמילעווסקי
לוסיען כמילעווסקי

ראָזאַ קאַפּטאַל
לעאָן קאַפּטאַל
קלמן אַשטיינלאָף
דוד רידלעוויטש
געניאַ רידלעוויטש
זשאַק האָפּערמאַן
לעאָן האָפּערמאַן
הינדע פייערשטיין
בערנאַרד לעווין
סעסיל אייזען
בערנאַרדאָ באָרנשטיין
חוה באָרנשטיין
זשאַן ברענשטיין
אַלבערט באָרענשטיין
סוזאַן ספּאָדעק
הינדע פרעיוואַלד
לעאָן פייטעלבוים
שלמה באָרענשטיין
שלאָם לעדער
קורט לעדער
יעקב לעדער
זשיל פלאַכטאַ
עוואַ פלאַכטאַ
דאַוויד פאַסטשטיין
איזאַק קאָרענבערג
מאָרי קאָרענבערג
בערנאַרד קאָרענבערג
מאָריס ריגער
שראַיע שערמאַן
אסתר שערמאַן
שאַרל שערמאַן
סימאָן שערמאַן
שלמה וועלט
חיים וועלט
אפרים וועלט
אַלבערט טיישדלער
שמואל קאַטצנא
רעגינאַ קאַטשנאַ
אַלבערט קאַטשנאַ
שאַרל גרינבוים
טערעז גרינבוים
פּאָלעט מאַנדלבוים
זשיאַקלין מאַנדעלבוים

בעלאַ מאַנדעלבוים
סעסיל מאַנדעלבוים
מאָריס ציקער
לעאָן צוקער
מאָריס טשאַפּניקעוויטש
לעאָ טשאַפּניקעוויטש
מאַרסעל טשאַפּניקעוויטש
אני טשאַפּניקעוויטש
בערנאַרד אייזענשטיין
זשאָזעף שאַבאַסאַן
ביל לעדערמאַן
עוואַ לעדערמאַן
הערמאַן ראָזענבלום
ראָז ראָזענבלום
מישלין ראָזענבלום
שאַרל ראָזענבלום
לעאָן שטיינבוך
פּאָל שטיינבוך
סימאָן שטיינבוך
סאַלאָמאָן פעדער
חיים פעדער
זשאָזעף יאַקובאָוויטש
רבקה יאַקובאָוויטש
מאָריס יאַקובאָוויטש
שמואל יאַקובאָוויטש
מאַריאַ גאָלדפאַרב
אייזענמאַן
אַרי בייגעלע
בערנאַרד שיקמאַן
פייוועל פרידמאַן
מענדעל שטיינבוך
עלע מאָשקאָוויטש
וויינבוך דאָראַ
וויינבוך מאָרי
זשאָזעף ראָזענבערג
פאַני ראָזענבערג
מעשלעך שוואַרצקאָפּ
מייער און עקאַ קאַטץ
פּאָל קאַטץ
חיה שוואַרצענבערג
אַברהם שוואַרצענבערג
הינדע שענער
(געב. פייערשטיין)

צום אייביקן הייליקן אָנדענק פון

מיין ליבן פאָטער — אומפאַרגעסלעכן מאַן



מרדכי־יוסף פּאַפּיראָשניק



יעקב־פישל לעווין

און מיינע ליבע שוועסטער:



פּאָלע אשכנזי

לאה און איר מאַן



יאָסל מאָרעל

פון מיין עלטסטער שוועסטער גליקע האָב איך לײדער ניט קיין בילד.

גיטעלע לעווין

אויף דעם פריצייטיקן טויט פון אונדזער אומפאַרגעסלעכער און יונג־
פאַרשטאָרבענער פרוי און חברה, מוטער און פריינדין

## שולמית מילראַד ז״ל

(סלאַווא טאַובער)

וועלכע איז אויסגעגאַנגען דעם 12טן אָקטאָבער, 1961, ב׳ במר־חשון,
תשכ״ב — וויינען מיר אויס אונדזערע בליקן.

יהושע און די קינדער

תל־אביב, קיבוץ שריד, ישראל.

---

## די לאַנדסמאַנשאַפט פון פולאַווי און אומגעגנט אין פאַריז

בויגט איר פּאָן, איינגעהילט אין גרויסן טרויער, פאַרן הייליקן
אָנדענק פון אונדזערע נאָענסטע און טייערסטע, אונדזערע
טאַטעס און מאַמעס, אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע
זענען אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן פאַרפייניקט און דער־
מאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע באַרבאַרן.

מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן !



יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ אין פולאַוו
די גרעסטע מערהייט פון זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטש־היטלערישע
רוצחים.

# על אלה אני בוכיה

אייביק וועל איך טראָגן אין מיין זכרון דעם הייליקן אָנדענק
פון מיינע פאַרשניטענע דורך די נאַצישע רוצחים עלטערן

**אברהם און חיה מילראַד**

ברידער און שוועסטער

**יאיר, יונתן, זלמן, שרה, פריידעלע, חנהלע**



**אַברהם מילראַד**



**שרה מילראַד**



**חנה מילראַד** (פון דער היים **לאַטערשפיל**) מיט די קינדער (לויטן עלטער) **יאיר, יונתן און זלמן; פריידעלע און חנהלע**

**יהושע מילראַד**



צום אייביקן אָנדענק די אומגע־
קומענע דורך די נאַצים:

**משה־פּנחס שערמאַן**

און

**חנה שערמאַן (געבוירן שיידענפּיש)**

און זייערע קינדער:

**בריינדעלע, זשינעט, יאָסל, לייביש**

**יונה און אסתר פּינטעל (געבוירן ברייטהאָלץ)**

און זייערע קינדער:

**נחמה, רבקה, שיע און שמואל־משה**

**אַברהם שיידענפּיש**
(פּאַריז)

---



טראַגישע קרבנות פון נאַצי־
שער אַכזריות

**איטקע און מאָטל**

**קלאַפּערמאַן** (פּאַריז)

**פרוי און קינד פון שמחה**

**קלאַפּערמאַן**

מיינענדיק, אַז איר מאַן איז אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מיטן קינד, ביי זיך אין שטוב, דורך גאַז.



אַ שטומער עדות פון די נאַצישע רציחות. אין פולאַוו איז ער געווען באַקאַנט ווי דער **שטומער וואַסערטרעגער** צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה פולאַווער איז ער אומגעקומען על קידוש השם.

---



**אַברהם שניטערמאַן**

פירער פון די פועלי־ציון אין פולאַוו. איבערגע־לעבט די מלחמה גע־שטאָרבן אין ישראל. זיין ביאָגראַפיע אויף זייט 251 אין אונדזער יזכור־בוך.



דער פולאַווער מורה־הוראה

**ר׳ הירש־לייב**

## ראָזענצווייג

ער האָט געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אויפן אייגע־נעם בעט.

עס זענען אָבער אומגעבראַכט געוואָרן זיין פרוי און די קינדער,

די זין: **נח, יאָסל**; די טעכטער: **נחמה, פערל** און **מאַניע**

מיט זייערע משפחות

אייביק וועל איך געדענקען זייער אָנדענק

דער פאַריתומטער זון און ברודער

**מענדל ראָזענצווייג**



די מוטער פריידע־לאה

צום אייביקן אָנדענק פון די ברוטאַל
אומגעבראַכטע דורך די נאַציס מיינע
ליבע עלטערן:
נעטל און פריידע־לאה קאָרמאַן

ברודער: איטשעלע קאָרמאַן

שוועסטער: חנה־איטע קאָרמאַן־פעדער
רויזע קאָרמאַן

די אײנציקע געבליבענע
**חווה טאַרטשיק־קאָרמאַן**

---

קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן מיינע ליבסטע
מאַמע חנה טאַרטשיק

צוויי שוועסטער: פייגע רחל בלומאייל, איר מאַן און 3 קינדער.

שרה־רבקה ראָזענבוים, מיט איר מאַן און 2 קינדער.

מיינע ברידער: משה טאַרטשיק, זיין פרוי און 2 קינדער
יעקל, מיט זיין פרוי און קינד.

דער איינציקער פאַרבליבענער זון און ברודער
**אַברהם טאַרטשיק**

בחרדת קודש ובדמעות שלוש, מצבת זכרון אַנחנו מציבים לז״נ הורינו הק־דושים והטהורים ר׳ **משה שמשון ופריידה לאה** ולז״נ אחותינו הנעימה **רבקה** שנפלו חללים בידי הנאַצים הארורים ימ״ש וזכרם לנצח.
ינקום ד׳ נקמת דמם ;

**יעקב לייביש אייזענמאַן**
(באַגאַטאַ—קאָלאָמביאַ)



---



מיין מוטער

אייביק טראָג איך דעם צער נאָך מיינע עלטערן

משה און צירעלע קערשענבלאַט

מיינע ברידער און שוועסטער :

זלמן קערשענבלאַט אין פרוי ;
חיהלע קערשענבלאַט און מאַן
שרהלע מייזלס מיט איר מאַן
הנהלע, קערשענבלאַט, 17 יאָר
יאָסעלע קערשענבלאַט, 15 יאָר

אַלע אומגעבראַכט פון די נאַציס ימח שמם

די איינציקע פאַרבליבענע פון דער משפחה
**סערקאַלע ווילנער**

אייביק וועל
איך טרויערן
נאָך מיין
פאַרשניטע־
נער משפחה
זיידע—
באָבע
טאַטע —
מאַמע
שוועסטער
חיה און
ישראלקע
פייגענבוים
און 2
קינדער.
ברידער:
רפאל,
אַברהם ברוך
שוועסטער:
שרה און
הענעלע.
מיינע
פעטערס:
יאָסל און
משה
וויינבערג



זיידע און באָבע: הערשל און מלכה וויינבערג



פאָטער און מוטער: קלמן־משה און חנה גרינבערג

דער איינציקער געבליבענער פון מיין גאַנצער טייערער משפחה
גימפּל גרינבערג



אַן אייביקער זכרון נאָך מיין פאַרשניטענער משפּחה, עלטערן, ברידער, שוועסטער, שוועגערינס, שוואָגער און זייערע קינדער.

שלום ענגלענדער און פרוי מרים
משה ענגלענדער און פרוי ברײנדל
שלמה ענגלענדער און פרוי פרימעט
בעריש ווײנבערג און פרוי חנה־גיטל
מיט זייערע קינדער

דער וואָס טרויערט נאָך זיי דער איינציק געראַטעוועטער
דוד ענגלענדער
(קאַנאַדע)

אין אָנדענק פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן
**הודל׳ע צוקער לאַם** און **מאיר לאַם**
שוועסטער און שוואָגער **יענטעל׳ע** און **אַהרנקע**
מיט זייערע קינדער
איך דערמאָן אויך מיין מומע **רייצעל׳ע** און איר מאַן
**הרב יחיאל־משה שוואַרצבערג** און זייערע קינדער
**משאַרנע לאַם־כורשטין**

---

אין טרויער און צער דערמאָן איך מיינע ליבע עלטערן
**איטשע** און **מנוחה רובינשטיין**
מיין שוועסטער
**רעבעל׳ע רובינשטיין**
מיט איר מאַן און צוויי קינדער וואָס זיינען אומגעקומען
דורך די נאַציש׳ע רוצחים
**דבורה רובינשטיין—שיידענפיש**

---

אייביק וועל איך טראָגן אין מיין זיכרון די אומגעבראַכטע
דורך די נאַצי מערדער מיינע טייערע עלטערן
**אברהם** און **רייזל שיידענפיש**
ברידער
**יונה** און **הרעזל שיידענפיש**, און משפחה
**איטשע־מאיר** און **שפרה שיידענפיש**, און טאָכטער
שוועסטער
**גיטל** און **לייביש שערמאַן**, און משפחה
**ישראל איסר שיידענפיש**, מיט דער משפחה

אין אָנדענק פון אונדזער פאָטער, ברודער און אונדזערע
דריי שוועסטער



מאָטל קאָרנבערג און פרוי
מיט דריי קינדער



יאָסל קאָרנבערג



רייזל



חנה



פעסע

אַלע אומגעקומען אין די נאַצי־שחיטות

**בלומע, אייב און פלאָרע**



מיט טיפן צער און ווײ־
טאָק דערמאָן איך מײן
ליבן און טײערן אומפאַר־
געסלעכן ברודער

## ישראל מעסינגער

אײנער פון די װעלכע
זײנען געװען אַ שײנדל
פון אונדזער משפחה און
מיט װעמען אונדזער הײסגעליבטע שטעטל פולאַװ האָט זיך
געגרױסט, פאַרנעמענדיק זײער פיל פאַראַנטװאָרטלעכע גע־
זעלשאַפטלעכע אַמטן, צו װעמען עס האָבן געהאַט צוטרױ אַלע
פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה.

צוזאַמען מיט אים האָבן די נאַציסטישע בעסטיעס אומגעבראַכט
זײן משפחה — צװײ זין און אײן טאָכטער.

**זײן אָנדענק װעט אײביק בײ מיר לעבן**

**אברהם מעסינגער**

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן

## מענדל און מאַכלע ווייסברויט





וועלכע זיינען אומגעקומען מיט דער גאַנצער משפחה — צענדליקער נפשות בעת דער פאַרטיליקונג פון דער עדה יידן אין אונדזער שטעטל פולאַוו דורך די נאַצישע מערדערס.

**שמואל ווייסברויט (ווייס)**

**מיט צער און טרויער דערמאָנען מיר די אומגעבראַכטע דורך**
**די נאַציסטישע רוצחים אונדזערע עלטערן**

**מעכל** און **חנה האָכמאַן**
(אומגעקומען 1942 אין אָזשאַראָוו)

שוועסטער און שוואָגער
**נחמה און יצחק זאַלין**
(אומגעקומען אַפּריל 1942 אין לובלין)

זייערע קינדער
**יעקב** (דערשאָסן אין מערץ 1942 סקאַרזשיסק)
**אברהם** (אומגעקומען אָקטאָבער 1942 אָזשאַראָוו)

שוועסטער און שוואָגער
**שרה** און **יצחק זאַלצבערג**
(אין וואַרשע יולי 1942)

זייערע קינדער
**בראַניע** (אָקטאָבער 1942 אין אָזשאַראָוו)
**טאַשע (אסתר)** (אין געטאָ 1941)

שוועסטער און שוואָגער
**חיה** און **יצחק קירשנבוים**
(אָקטאָבער 1942)

זייערע קינדער
**יאיר און אַברהם**

שוועסטער
**איטקע טאַרטשיץ**
קינד **יעקב** (אָזשאַראָוו אָקטאָבער 1942)

אין אייביקן טרויער

**ברוך האָכמאַן** (ניו יאָרק)
**בן־ציון האָכמאַן** (אויסטראַליע)
און זייערע פאַמיליעס

מיט אַ ציטער אין האַרצן וויל איך פאַראייביקן די נעמען פון

מיינע טייערע ברידער

## לוי־יצחק און משה זאַנדמער

אין זייערע זין

וואָס זיינען אומגעקומען ווי הייליקע קרבנות פון נאַציזם אין בעלגיע

**חנהלע זאַנדמער—שאַבאַסאָן**

---

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין געליבטן מאַן

## חיים בריפמאַן

און די קינדער

## פערל און ביילע

אומגעבראַכטע פון די נאַצישע מערדער

**עטל שאַבאַסאָן—בריפמאַן**

מיט יראת הכבוד און ליבע דערמאָנען מיר אונדזערע טייערסטע
די משפחה **שבתזאָן (שבתסאָן)**
וואָס איז אומגעקומען פון די רוצחישע היטלערישע מערדער
אונדזערע עלטערן
**יונה און גאָלדע**



שוועסטער און ברידער
**חנה, בן־ציון, אהרן, מענדל, יהודית, רבקה פייגע**
און אויך **משה זאַנדמער**



מיכל און חנהלע זאַנדמער־שאַבאַסאָן
עטל שאַבאַסאָן—בריפמאַן

# מצבה לזכרון נצח

פון דער גרויסער טאַכטערמאַן משפחה וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע דייטשן און דורך די פולאַווער פוילישע שותּפים מערדער. אויך צום אָנדענק די געשענדעטע קב־רים פון די טאַכטערמאַנס אויף דעם פולאַווער בית־עולם.

מיר געדענקען די אומגעבראַכטע:

ישראל טאַכטערמאַן מיט זיין ווייב; משה זיין זון; בנימין מיט זיין משפחה; יעקב און זיין משפחה; לייבל און זיין משפחה; שאולס משפחה; יהודית מיט איר משפחה; חנה־לאה טאַכטערמאַן; רחל איר טאָכ־טער מיט איר משפחה; דויד־מאיר טאַכטערמאַן; חיים טאַכטערמאַן און זיין משפחה; איטשע טאַכטערמאַן מיט זיין משפחה; פייגע און איר משפחה; מאַטל און איר משפחה; שרה און איר טאָכטער און איר משפחה; בנימין איר זון און זיין משפחה; ישראל איר אייניקל און זיין יונגע פרוי; אברהמעלע טאַכטערמאַן און זיין יונגע פרוי.

מיר געדענקען די געשענדעטע קברים פון:

נתן טאַכטערמאַן און זיין משפחה; דניאל און זיין מש־פחה; שאול און זיין משפחה; שמואל אהרן און זיין משפחה; איטשע־מאיר טאַכטערמאַן ווייב און קינדער; רחל טאַכטערמאַן; שמואל־אהרן ישראלס זון מאַן פון חנה לאה; שרהלע טאַכטערמאַן איר זון און מאַן; רב־קה'לע טאַכטערמאַן; יעקב־לייב טאַכטערמאַן; יעקב־לייב און פייגע טאַכטערמאַן; משה־יעקב טאַכטערמאַן און זיין משפחה; מאיר טאַכטערמאַן פאָטער און מו־טער פון ישראל.

די מצבה שטעלן אויף די אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון דער פאַרלענדטער טאַכטערמאַן משפחה.

צבי און חנה טאַכטערמאַן־שובער; ראַז טאַכטערמאַן־שובער־שיינין; שמואל טאַכטערמאַן־שובער; יעקב טאַכ־טערמאַן־שובער; פון טאָראָנטאָ קאַנאַדע.



אײן שטענדיקן טרויער נאָך
מײנע טײַערע שוועסטערס
חוה שוואַרצבערג
און שוואָגער, שוועסטער
ראָכטשע און איר מאַן
יחזקאל ווינער.

אומגעבראַכט אין מײדאַנעק
בײ לובלין.

דער ברודער

שמעון שוואַרצבערג

פון רעכטס צו לינקס:
רחל שוואַרצבערג־ווינער, חווה
שוואַרצבערג, הערש שוואַרצבערג
(דער אײנציקער, וואָס איז גע־
בליבן לעבן)



צום אײביקן אָנדענק פון מײנע אומגעבראַכטע עלטערן שלמה און
בײלע ראָסענסאָן, מײנע שוועסטער חווה און מרים, ברודער יחזקאל
און פעטער משה.

מענדל ראָסענסאָן



מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אָנדענקען פון אונ־זער פאָטער, שווער און זיידע

הענאָך שיידענפיש

וועלכער איז אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע מער־דערס אויף קידוש השם.

זאָלן די שורות זיין אַ סימבאָלישע מצבה און אַ נר תמיד אויף זיין אומבאַקאַנטן קבר.

זון:
יוסף שיידען

שנור:
פערל שיידען

אייניקלעך:
לייבל, שרה, אברהם
און זיינע קינדער (ניו־יאָרק)

טאָכטער:
ראָזע לערנער

איידעם:
שמואל לערנער

אייניקלעך:
מלכה, שרה, משה־חיים,
פריידל חנה (טאָראָנטאָ).



איך טרויער נאָך מיין גאַנצער אומגעבראַכטער משפחה
מיינע עלטערן יודל און שרה גאָלדבערג
שוועסטער: ראַכטשע, פערל, צינע און ברודער שלום,

**חיים גאָלדבערג**
(ווינדזאָר—קאַנאַדע)

---

אייביק וועל איך געדענקען
מיינע עלטערן

איטשע לייב און חנה שבתזאָהן

שוועסטער און שוואָגער
חנה און מיכל-בער באַרנשטיין
בריינדל און אברהם-יעקב ציבעל

ברודער — יוסף (פּאַריז)

אומגעבראַכטע דורך די נאַציס

**אברהם ד. שבתזאָהן**

אין אייביקן אָנדענק
מיינע ליבע עלטערן

משה און חווה
וואַרשענברויט

וואָס זענען אומגעקומען דורך די
נאַצי־מערדער

**גאָלדע פּאַרבאַ**
(טאָראַנטאָ)



אין הייליקן אָנדענק פון מיין מאַמעס ברודער **לייבל שניידלעדער (לייבל נאַפּטשאַרזש־רובין),** און זיין ווייב **מלכה'לע.** זיי האָבן געהאַט אַ שפּייז־געוועלבל אויף די אַלייע דזשיעדזשינסקי'ס (אויפן וועג צו די דזשיאַלקעס.) **לייבל שניידלעדער** האָט אויך געהאַנדלט מיט נאַפּט. ער איז געווען אַ פּאַריסאָווער חסיד אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטעטל. מען האָט אים און זיין ווייב אַרויסגעפירט פון קאָנסקעוואָליע קיין מאַידאַנעק, וואו זיי זיינען אומגעקומען אין 1943. —

איך, **רוזשקע ווערבערמאַן,** בין אַלט געווען בלויז צוויי יאָר ווען מיין פאָטער אַברהם־יצחק, איז געשטאָרבן. די **שניידלעדערס** האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. האָבן זיי מיך גענומען און האָבן מיך דערצויגן ווי זייער אייגן קינד. איך בין ביי זיי געווען ביזן יאָר 1939. זיי האָבן מיר אַרויסגעוויזן גרויס ליבשאַפט.

**איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן**

**רוזשקע ווערבערמאַן**

איך טרויער נאָכן טראַגישן טויט פון מיינע עלטערן

פאָטער **חיים ישראל וולאָסטאָוויצער** און מוטער **טשאַרנע**

צוויי שוועסטער **פריידל און שיינדל** מיט זייערע קינדער

זייער זון און ברודער

**הערשל וולאָסטאָוויצער** און פאַמיליע

פּאַריז, פראַנקרייך

---

איך פאַראייביק דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיינע אומגעקומענע עלטערן

**יונה הירש** און **באַלטשע שידענפיש**

ווי אויך מיינע שוועסטער און ברודער און שוואָגער מיט זייערע קינדער, וואָס איך וויס ניט וואו זייערע ביינער זיינען אַהינגעקומען. זאָל דער יזכור־בוך זיין אַ דערמאָנונג, אַז מער זאָל אַזעלכעס ניט געשען.

פאַמיליע **שיידענפיש**

(פּאַריז)



מיט צער דערמאָן איך מיין אומגעבראַכטע משפחה. הרב־נית חנה־ביילע ראָזענצווייג, מיינע שוועסטער: נחמה ראָזענצווייג־באַהאַגע; מאַניע ראָזנצווייג־גינזבורג מיט איר קינד; פערל ראָזענצווייג אַדעלמאַן מיט 2 קינדער; מיינע ברידער: נח ראָזענצווייג מיט זיין פרוי און קינד; יוסף ראָזנצווייג, צוזאַמען עלף נפשות הי"ד.

מענדל ראָזענצווייג

(דאָס בילד — מיין שוועסטער פערל, איר מאַן און 2 קינדער).

---

צום אייביקן אָנדענק פון

אונדזערע עלטערן

אברהם און רויזע

פרידמאַן

שוועסטער

דבורה פרידמאַן

שוועגערין

פריידל פרידמאַן,

געבוירענע פעדער



די לעבנגעבליבענע זין משה און שמואל פרידמאַן


איטשעלע פרידמאַן מיט זיין משפחה

צום אייביקן אָנדענק נאָך
מיין פאַרשניטענע משפחה,
פאָטער: איטשעלע
מוטער: חיה־סימע פרידמאַן

ברידער: יעקב, נחמיה
אַברהם פרידמאַן.

שוואָגער: ישראל ראָזנבלאַט
מיט צוויי קינדער יעקב און
מנשה.

שוואָגער ישראל ראָזנבלאַט און מיין שוועסטער פייגע מיט איין קינד.

זייער זון ברודער און פעטער

דוד פרידמאַן



צום אָנדענק פון מיינע טייערסטע,
וועלכע זענען אומגעקומען פון די
נאַצישע מערדער.

מיין טייערע מוטער
שיינדל פערלמאַן

מיין טייערע שוועסטער
מירל מיט איר מאַן
שמואל האָניגסהענדלער
און זייער קינד טאַבעלע

מיין טייערער זיידע זלמן־יצחק באָרנשטיין

מיין טייערער פעטער יעקב־משה באָרנשטיין און משפחה

מיין טייערע מוטער טשאַרנע וולאַסטאָוויצער מיט פאַמיליע

מיין טייערע מומע פייגע גאָלדבערג און משפחה

אין טיפן טרויער געבליבענע

מלכה—פערעלמאַן—פרידמאַן

אין אָנדענק פון מיין משפחה, וועלכע איז דערמאָרדעט געוואָרן
דורך די נאַציס ביי דער אויסזידלונג פון פראַנקרייך

מיין מוטער

מרים



מיין פאָטער

ישראל



מיין יונג ברודערל

בערנאַרד



אין טיפן טרויער דער איינציק־געבליבענער פון אַ
פאַרצווייגטער פולאַווער משפחה אין פאַריז

מאָריס קאָרענבערג



אייביק, וועל איך געדיינקען מיינע טייערסטע, וועלכע זיינען דורך די היטלערישע רוצחים פאַרשניטן געוואָרן מיינע עלטערן

**אליה־יחזקאל (וואָלפּס) און פּעסל ציון**

ברודער — **לייבוש**, שוועסטערס — **פּערל, אסתר, נעמי**

**הערשל־לייב ציון** און זיין פרוי **שרהלע**,

זייער טאָכטער **רבקה**

**לייבל לאַקס** און זיין פרוי **שרה**

זייערע קינדער

**יחזקאל וואַלפּס** פאַמיליע און קינדער

**אברהם־דוד לאַטערמאַן** און פרוי,

זייערע קינדער

**טוביה, דינה, בנימין**

זייער זון, ברודער און נאָענטער
יוסף ציון

אויף די ווייטערדיקע זייטלעך שרייבט אַריין די נעמען פון אייערע קרובים, נאָענטע, שכנים, באַקאַנטע, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים און וועלכע זענען דורכגעלאָזן געוואָרן אין דער קדושים־רשימה.

✶

פאַרצייכנט אויף די זייטלעך די נעמען און די געוויע יאָרצייטן פון אייערע נאָענטע קדושים, אויב איר ווייסט וועגן, וואו און ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען.

אויף די װײַטערדיקע זײַטלעך שרײַבט אַרײַן די נעמען פון אײַערע קרובים, נאָענטע, שכנים, באַקאַנטע, װעלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים און װעלכע זענען דורכגעלאָזן געװאָרן אין דער קדושים־רשימה.

✶

פאַרצײכנט אויף די זײַטלעך די נעמען און די געװיע יאָרצײַטן פון אײַערע נאָענטע קדושים, אויב איר װײסט װען, װאו און װי אַזוי זײ זענען אומגעקומען.

# אינהאַלט:

**גבית עדות:**